יוסף ערליך

# דאָס שטעטל

געזאַמלטע שריפטן

באַנד 5



פאַרלאַג המנורה

תל־אביב תשמ״ב

# צווישן נאַטור און כאַראַקטער
(הקדמה צו „וואַלבראַם")

א

יוסף ערליך איז אַ מין אוניקום אין אונדזער ליטעראַרישער סביבה — די דערציילונגען זיינע, סיי יענע, וואָס זענען צום טייל שוין אַרויס אין בוך־פאָרעם, אָנגעהויבן פון זיין בוך „דמויות" (געשטאַלטן), די גרעסערע נאָוועלע „טוב הארץ" (גוטס פון דער ערד) און פאַרענדיקט, לעת־עתה, מיט זיין ראָמאַן „ההרריים" (די באַרג־מענטשן), און סיי די, וואָס זענען נאָך צעשפּרייט אין צייטשריפטן, ווי אַ שטייגער „אפקים דולקים" (ברענענדיקע האָריזאָנטן), זענען אַלע געשריבן געוואָרן יידיש, זענען אָבער אַלע דערשינען העברעיִש און דאָס בלויז העברעיִש. איך שטרייך אונטער דאָס וואָרט: בלויז. יאָרן פון פריינדשאַפט און מיטאַרבעט, וואָס האָבן מיר דערלויבט זיך אָפּצושטעלן אויף זיין מענטאַליטעט און נאָכצוגיין דעם גאַנג פון זיין אַנטוויקל, האָבן מיר קלאָר געמאַכט די עצם־סתירה צווישן דער געטריישאַפט צו דער שפּראַך, אין וועלכער ער שרייבט, און צווישן דער אויסגעהאַלטנקייט אין דער שפּראַך, אין וועלכער ער דערשיינט, ווי אַ סתירה, וואָס ער קאָן נישט און וויל נישט פאַרמיידן.

ער קאָן נישט — ער געהער צו די נאַטורן, וואָס בלייבן פאַרוואַקסן מיטן ענגערן שורש פון זייער קינדערשן און יינגלשן אָנהייב; ער וויל נישט — ער געהער צו די כאַראַקטערן, וואָס קלאַמערן זיך אָן אין דער ברייטערער גזע פון זייער צייטיקערן און מענערשן המשך; און צווישן שורש און גזע שפּילט זיך אָפּ דער איבערבראָך פון דור, דער רעוואָלוציאָנערער איבערפלאַנץ פון דאָרט אַהער.

ב

די געשפּאַנטקייט צווישן נאַטור און כאַראַקטער ברענגט אים דערצו, אַז זיין געשריבן וואָרט רעדט אין דער שפּראַך פון זיין אַלטער היים, די באַזונדערע שפּראַך פון זיין נייער היים, די כוללדיקע שפּראַך פון אַלע שבטים. פון דעסטוועגן וועל איך נישט פאַרשווייגן, אַז עס איז מיר תמיד קשה געווען, ווי אַזוי איז אים נישט אויפגעקומען אַ פאַרלאַנג צו זען זיין וואָרט געדרוקט ווי עס איז גע־

שרײַבן געוואָרן; און די קשיה האָט זיך נאָך פֿאַרשאַרפֿט מחמת אַ טשיקאַווע פֿאַסירונג — די נאָוועלע זײַנע „אפקים דולקים״, וועלכע באַשרײַבט די צײַט פֿון די מעפּילים און זייער געראַנגל מיט דער מאַנדאַטאָרישער מאַכט, און איז געווען אָפּגעדרוקט אין „מולד״, איז זייער געפֿעלן אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ חשובער יידישער צײַטשריפֿט און נישט אַנענדיק, אַז דער מקור איז יידיש, האָט ער אָוועקגעזעצט אַ מתרגם און טאַקע זיין תרגום פֿאַרעפֿנטלעכט. איך בין געווען זיכער, אַז דער פּיקאַנטער פֿאַל וועט פֿאַרן מחבר אָוועקשטעלן די סתירה זײַנע אין איר גאַנצער פּאַראַדאָקסער צוגעשפּיצטקייט, אָבער איך האָב מיך גרייַלעך טועה געווען: ער האָט שטיל אין זיך אַרײַנגעשמייכלט, און איז פֿון זײַן וועג נישט אָפּגעטרעטן, און ווייטער ווילעריש געשפּילט יענע סצענע צווישן יוסף און זיינע ברידער: כי המליץ בינותם, טייטש: ווייל אַ פּירשפּרעכער, אַ טאָל־מעטש, איז געווען צווישן זיי.

ג

אָבער לא לעולם חוסן, טייטש: דען דאָס שטאַרקייט געוועדט נישט אייביק, איז אַן אַלטער פּסוק אין משלי. נישט אייביק קאָן דאָך אָנהאַלטן אַזאַ געשפּאַנט־קייט; סוף סוף מוז דאָך יוסף דערלאַנגען אַ זאָג: שלחו כל איש מעלי, טייטש: שיקט אַ יעדן אָוועק פֿון מיר, און דער מליץ, דער טאָלמעטש, מוז אויך אַרויס, און דער מישנה־למלך צערעדט זיך מיט זײַנע בראַטשיקעס אַזוי ווי ער האָט גערעדט מיט זיי ביז דותן. אויך זײַן ווײַט־ווײַטן נאָמענס־ברודער, אונדזער דערציילער, האָבן מיר איצט געפּאַקט ביי אַן אָפּנויג פֿון זײַן דרך, און עס איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ באַזונדערער טעם דערביי. ער האָט תמיד בכתב אויסגעמיטן די וועלט פֿון דער אַלטער היים און אירע טעמעס און האָט זיי בלויז באַרירט, אויף וויפֿל דאָס האָט באַנוּיטיקט די פֿאַרשטענדעניש פֿון די באַשרײַבענע נפשות אין דער נייער היים. מיר שטרייכן אונטער: בכתב, ווייל בעל־פּה געדענק איך נישט כמעט קיין איינציקן פֿון אונדזערע אומצייליקע שמועסן, ער זאָל נישט דערמאָנען, מאָלן, כאַראַקטעריזירן זײַן היימשטאָט וואָלבראָם, וואָס איז נישט בלויז אים אײַנגעבאַקן אין האַרצן, נאָר שטאַרצט אַרויס פֿון זײַן גאַנצן האַביטוס ביז צו דער אַרטיקולאַציע פֿון זײַן חיתוך־הדיבור. נישט אומזיסט האָט אוריאל ווײַנרײַך שעהן־לאַנג רעקאָרדירט זײַנע שמועסן ווי אַ וואַזשנעם צושטייער צו דעם אַטלאַס פֿון פּוילישן יידיש. און אָט האָבן זיך דער בכתב און דער בעל־פּה צוזאַמענגעטראָפֿן און עס איז פּירגעקומען דער דערמאַנטער אָפּנויג — אונדזער דערציילער האָט גענומען שרײַבן איבער וואָלבראָם און לעת־עתה האָט ער אָנגעצייכנט אַ מין כלל־פּאָרטרעט פֿון זײַן היימשטאָט. דער פּאָרטרעט פֿאַרמאָגט אַלע דערציילערישע מעלות זײַנע — אין קורצע און שאַרפֿע קאָנטורן וואַקסט פֿאַר אונדז אויס די שטאָט און איר אַטמאָספֿער, אירע טיפּן, איר וואָכנ־גאַנג און איר שבת־נוסח, אירע פּרנסות און פּירעכצער, און דער לייענער קאָן

זיך נישט גענוג אָפּווענדערן, ווי לאָזט זיך עס אין אַזאַ קליין רעמל אַריינפּרעסן אַ גאַנצע עדה יידן און זייער כאַראַקטער און גורל.

און דאָס אויספּאַליקע איז נישט בלויז דער תוכן, נאָר אויך די צורה — אין די פאַלדן פון אַ כמעט שטרענג געהאַלטענעם ליטעראַרישן כלל־יידיש, פאַרבאַהאַלט זיך שקאָצעריש און חנוודיק, דאָס באַזונדערע, צוליב גאָט־ווייס־וואָסערע טעמים צום דיאַלעקט דעגרעדירטן פּוילישן יידיש. דאָס וואָלבראָמער יידיש צאַפּלט דאָ אַרויס פון אַן איינציק וואָרט, אַן אידיאָמאַטישן באַטאַן, אַ סינטאַקסישער באַזונדערקייט. און כאָטש אַלץ האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דער ווייסנבערגישער טאָטאַלער שפּראַך־מרידה און אַפילו נישט מיט פּרילוצקיס האַרעוואַניע אַ קאָפּ צו פאַרריכטן די דאַליע פון פּוילישן יידיש, איז עס ממילא אַ שטילער פּראָטעסט קעגן דער שפּראַכלעכער ניוועלאַציע, צו וועלכער עס האָבן געבראַכט אַן איבערגעאיילטע טעאָריע און אַ נאָך איבערגעאיילטערע פּראַקטיק. ווי אַזוי מען קאָן אַזאַ שטילן פּראָטעסט איידל און קינסטלעריש קרעיִרן, האָט אונדז לעצטנס געוויזן יחיאל האָפער אין זיינע וואַרשעווער הייף.

ד

די נאַטור האָט אַ בויג געטאָן דעם כאַראַקטער, דער כאַראַקטער האָט נאָכגעגעבן, אָבער זיך נישט אונטערגעגעבן. דער וואָלבראָם־פּאָרטרעט, וואָס איז צו מערסט געגאַנגען אין יזכור־בוך פון זיינע לאַנדסלייט, גייט איצט אין זיינע אייגענע טאָוולען, און ער טוט עס צווייִשפּראַכיק — זאָלן עס לייענען נישט בלויז די לאַנדסלייט און אַלע איבעריקע יידיש־לייענער, נאָר אויך די נפשות פון מחברס דערציילונגען — די יעקעס און די צאַברעס פון „טוב הארץ”, די מעפּילים פון כלערליי תפוצות אייראָפּע פון „אפקים דולקים”, די קורדן און אַנדערע מזרח־עולים פון „ההרריים”.

אחד מקרא ואחד תרגום איז צווישן העברעיִש און יידיש אַן אַלטע מעשה. דער חידוש איז אין כלל, וואָס איז דאָ מקויים געוואָרן: דף כנגד דף. אויך דער חידוש ווערט פאַוואַליע מסורה — פאַר אייערנעכטן האָט עס געמאַכט ח. י. בילעצקי מיט זיינע לידער איבערגעזעצט דורך מרדכי אמיתי, אייערנעכטן האָט עס געמאַכט אפרים אויערבאַך מיט זיין „ווייסער שטאָט”, איבערגעזעצט דורך אליהו מייטוס; נעכטן האָט עס געמאַכט איציק מאַנגער מיט אַן אָפּקלויב פון זיינע לידער און באַלאַדן, פּונקט ווי עס איז אַרויס אַן אָפּקלויב באַלאַדן פון מאַני לייב,ביידע איבערגעזעצט דורך שמשון מעלצער; היינט מאַכט עס יוסף ערליך מיט זיין כמעט רוקאָמאַווסקישער וואָלבראָם־מיניאַטור, איבערגעזעצט דורך שמאי מאַנדל. מסורה שליסט אין זיך בדרך הטבע איין — המשך.

ירושלים, כסלו תשכ״ג

דב סדן

די שטיינער, מיט וועלכע עס זענען געווען ברוקירט די שמאָל־צעקרומטע געסלעך, האָבן געגלאַנצט ווי פאַרגליטשטע קאָצנקעפּ, ווי זיי וואָלטן קוקן אויף די הייזער. די שותפות פאַרהויקערטע און אין ענגקייט צונויפגעפּרעסטע הייזער, די ווענט אין זייערע שיפע דעכער, ווי איינער זאָל וועלן אַרויפקריכן אויפן אַנדערן — זיך צו באַהאַלטן, האָבן געצוימט די גאַס, זי ענג געמאַכט. די פאַר־הויקערטע הייזלעך זענען געשטאַנען אויף דעם ווי אָפּראַזירטן בערגל, אַזוי צע־שטעלט, אַז זיי האָבן געשאַפן די עטלעכע געסלעך — ס׳שטעטל.

די אומגעבונג האָט דאָס שטעטל איינגעקרייזט אין זיך. דער געדיכטער נאָדל־וואַלד, דער פאַרשליימטער „טאַך״, די באַגנעס, האָבן דאָס שטעטל געצוימט.

די נאַכט איבערן שטעטל איז געווען געדיכט, פינצטער און פייכט. אין דער סביבה איז געווען שטיל. נישט נאָר די מענטשן זענען געשלאָפן, נאָר די גאַנצע געגנט האָט געדרימלט. פאַרטאָג, ווען די נאַכט האָט קוים אָנגעהויבן שיטער ווערן און די פינצטערקייט האָט זיך לאַנגזאַם איבערגעגאָסן אין גרוי, האָט די דורך דער נאַכט אָנגעקילטע געגנט זיך גענומען וואַרעמען. די נאַכט־פייכטקייט איז פאַרשוווּנדן, ס׳שטעטל און די סביבה האָבן זיך צוריק באַוויזן.

אין די קליין־געקעסטלטע פענצטער זענען די שייבלעך נאָס געוואָרן פון דעם טוי. הוילע קלעפּ פון אויסגעפּאָרענע אַקסן און אויסגעריבענע רעדער האָבן פונאַנדערגעריסן די מאָרגן־שטילקייט. באַלד דערויף האָבן די קרעמפּיקע ברייט־ביי׳ניקע בעל־עגלות זיך געלאָזט איבער די געסלעך וועקן די פּאַסאַזשירן.

די בעל־עגלות האָבן געוועקט לויטן שטאַנד. אין די גרויסע פענצטער, אין מאַרק, האָט די ביציסקע (בייטש) לייכט אָנגעקלאַפּט אין דער שויב און עס האָט זיך דערהערט אַ בכבודיקער רוף: ר׳ איסר אָדער ר׳ יעקב. אין די געסלעך האָט די ביציסקע געקלאַפּט שטורמיש־שנעל אין די קליינע פענצטער־שייבלעך און די בעל־עגלות האָבן געשריגן: יענקל אָדער מאָשקע, הייב זיך.

ווי נאָר די לייטער־וועגענער מיט די צונויפגעזאַמלטע פּאַסאַזשירן זענען אָפּגעפאָרן צו דער באַן, וואָס איז געלעגן צוויי וויאָרסט פונעם שטעטל, האָט זיך דערהערט דאָס שיבן פון פאַרזשאַווערטע ריגלען און ס׳קאַרצן פון אויפ־געפּראַלטע טויערן. איבער די געסלעך האָבן איצט, ווי נאָך אַ רייע, געשפּרייזט

געבוקטע יידן, יעדער פון זיי האָט געהאַט איבערן רוקן פאַרבונדן אַ זעקל. זייערע לענדן זענען געווען אַרומגעגאַרטלט מיט שטריק, אונטער וועלכע עס זענען געווען פאַררוקט די פּאָלעס פון דער „איביצע”, זיי זאָלן נישט שטערן אין גיין. זייערע נאַגעוויצעס זענען געווען פאַרשאַרצט. זיי האָבן געטראָגן „יוכ־טענע” שטיוול, די פיס זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ „צילקע”. יעדער האָט מיט זיך געטראָגן אַ שטעקן. די יידן האָבן דורך אַלע פיר עקן פון שטעטל געאיילט אין די דערבייאיקע דערפער אַריין. זיי זענען געגאַנגען זוכן חיונה — קויפן אַ „קאָרץ” תבואה אָדער אַ קיניגל.

איצט ערשט, זענען די אין די דערפער באַשטעלטע פויערן פאַרבייגעגאַנגען דעם מאַרק — זיי זענען געפאָרן אין די געסלעך אַריין לאָדענען די סחורות פון די ירידים־פאָרער.

ווינטער צי זומער, רעגן אָדער פראָסט, ווי נאָר דער טאָג האָט זיך געשטעלט, האָבן די בעל־הביתטעס און די קעכינס זיך געאיילט אין די יאַטקעס אַריין. קצבים, ברייטביייניק אויסגעגעסענע יידן, וואָס האָבן געהאַט אונטער־געצופּטע בערד און האָבן געטראָגן די היטלעך פאַררוקט איבער די אויגן, האָבן זיך געפּאָרעט ביי די איבער די יאַטקע־ווענט צעהאָנגענע פריש־געטרייבערטע זייטן פלייש. די ערשט פון אויוון אַרויסגענומענע רויטלעך־ברוינע ברויטן האָבן, אויסגעסדרטע אין די פּאַכן ביי די בעקערס, געקנאַקט פון פרישקייט. פרויען, מיט טיכלעך איבער די אַקסלען פאַרוואָרפענע, זענען מיט טעפּ אין די הענט געגאַנגען צו דער מעלק.

איילע־מאַכל, אַן איבערגעבויגענער אויפן לינקן פוס — ווי ער זאָל אָט אָט אומפאַלן, דער קאַשקעט פאַררוקט אויף אַ זייט, האָט געשפּרייזט איבער די געסלעך, מיט איבער די אַקסלען איבערגעלייגטע „נאָסעס” (קאָראָמיסלעס) — געטראָגן אין די הייזער אַריין פריש געפּלומפּט וואַסער. ער איז געגאַנגען און גערעדט צו זיך: איך וויל מער, איך בין דער בעסטער וואַסער־טרעגער אין שטאָט.

אינצווישן, האָט דער דאַר־געלער מאָנעס — דער קברן, זיך אַדורכגעשלייכט איבערן מאַרק. ווילד אויסגעגלאָצטע, דערשראָקענע אויגן, האָבן אים נאָכגעקוקט און זיך געפרעגט — וועמ?

אין מאַרק זענען געשטאַנען עטלעכע פורלעך מיט קוילן, וואָס די גויים האָבן געבראַנגט פון די דאָמבראָווער קאָפּאַלניעס צו פאַרקויפן. יידן, מיט צעפלאָשעטע איבעצע־פּאָלעס, מיט לאַנגע בערד און דינע פינגער, האָבן געטאַפּט די קוילן, צי זיי זענען נישט צו ווייך, און זיך געדונגען מיט די גויים וועגן פרייז.

מאָרדוך, דער גאַסן־קערער, אַ ברייט־ביינִיקער גוי, האָט צונויפגענומען דאָס מיסט אין מאַרק.

אין די כל המינים צונויפגעקוועטשטע געוועלבער אין מאַרק זענען געשטאַנען די סוחרים מיט זייערע היפּש־דיקלעכע ווייבער און אויסגעקוקט אַ קונה. די קליינע שילדלעך מיט די דינע בוכשטאַבן איבער די טירן, האָט מען קוים אַנגעזען. די סוחרים האָבן נישט געוואָלט זיך באַווייזן, זיי האָבן געוווּסט, אַז דער שטייער וועט זיי קאָסטן טייערער, כאָטש זייערע פּאַליצעס זענען געווען האַלב־ליידיקע.

די געוועלבער אין די געסלעך האָבן געהאַלטן די בעל־מלאכהס. יעדער פון די יידן איז געווען פאַרהאָרעוועט, פון מאַרגן־גרוי ביז פינצטער. מערסטנטייל פון זיי האָבן געאַרבעט אַליין. ביי אַ סך פון זיי האָבן מיטגעאַרבעט זייערע זין. ביי מאַנכע האָט געאַרבעט אַ געזעל און אַ מאָל אויך צוויי. זייערע פאַכן זענען געווען טיפּיש יידישע: שוסטערס, שטעפּערס, שניידערס, היטל־מאַכערס, טאַפּעצירערס, בעקערס, זייגער־מאַכערס, בלעכערס און גאַרבערס.

נאָר איינער פון זיי אַלע: אַ הויכער, ברייט־ביינিקער ייד, מיט אַ ברייט קנאָכיק פּנים און לאַנגע אויסגעאַרבעטע הענט, איז געווען אַ קאָוואָל. ביי די באַן־שינעס אין עק גאַס, וואָס האָט געפירט אין שטעטל אַריין, איז געשטאַנען ר׳ יחיאלס נידעריק הויז. דאָרט האָט ער געקאָוועט פערד און געשמידט וועגענער. די יינגלעך, וואָס האָבן באַוויזן זיך אַרויסרייסן פון רבין, זענען אַוועקגעלאָפן פון חדר. זיי זענען געשטאַנען מיט אויף הינטן פאַררוקטע היטלעך און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, פאַרגאַפט געקוקט ווי די פייער־פונקען פליִען פון'ם צעגליטן אייזן, וואָס יחיאל שמידט.

פויערן פון די דערפער האָבן געוואָרט אַפילו אַ יאָר, אַבי יחיאל זאָל זיי אויסשמידן אַ וואָגן: פון יחיאלס אַ ראָד איז די רייף נישט אַראָפּגעשפּרונגען; פון יחיאלס אַן אָרציק און אַנקסל האָט דאָס אייזן נישט נאָכגעגעבן, ווען די פערד האָבן געשלעפּט דעם וואָגן געלאָדנט. יעדער פויער, וועלכן יחיאל האָט אויסגעשמידט אַ וואָגן, האָט זיך געמוזט מיט אים אַמפּערן, ער זאָל מיט אים גיין אין שענק אַריין באַגיסן דעם וואָגן. דער הויכער, ברייט־ביינিקער גברן מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד, האָט זיך אויסגעהיטן צוליב כשרות. יחיאלן האָט מען כמעט נישט געזען אין גאַס. ער איז געשטאַנען ביי זיין קאָוואַלדע און געשמידט. אָבער אַז עס איז אַנטשטאַנען אַ מחלוקת ביים קהל, האָט יחיאל אָנגעטאָן ווינטער זיין טכוירענעם פּעלץ, זומער זיין טוכענע איבעצע, דער שוואַרצער קאָליר בייביידע מלבושים איז געווען שוין גרוי, און אַזוי איז ער אַרויס אין גאַס אונטערהערן. צווישן מנחה און מעריב האָט ער זיך געמאַכט אַ וועג צווישן די דאַוונער. זיין ברייט אויסגעאַרבעטע האַנט האָט אַ זעץ געטאָן אין בעלעמער. אַלע יידן האָבן דערשטוינט זיך אומגעקוקט. נישט נאָר שיינע יידן האָבן צו זאָגן אין קהל, אויך די בעל־מלאכהס ווילן מען זאָל זיך צו זיי צוהערן — האָט יחיאל געשריגן. זיין לייבן־קול האָט געהילכט איבערן בית־המדרש. דער ווידער־קול האָט אָפּגעשאַלט פון די נידעריקע ווענט, אונטער וועלכע די יסודות האָבן שוין אָנגעהויבן זינקען אין דער ערד.

די עטלעכע יידישע שוסטערס אין שטעטל האָבן געאַרבעט נאָר פֿאַר די יידן. יעדער פון זיי האָט זיך די מי געגעבן זיין אָפּיענטיק זאָל זיין וואָס האַרטער, דער שפּיץ פון זיינס אַ שוך זאָל זיין נאָך מער געפּאָרעמט. אָבער אין שטעטל און אין דער געגנט אַרום זענען געווען הונדערטער שוסטער־גויים. זיי האָבן געאַרבעט לויט איין קאָפּיטע, און נאָר פון יוכטן.

אין די נעכט, זומער, ווען די לופט איז געווען לויטער, און ווינטער, ווען די לופט איז געווען געפרוירן און דער שניי איז געלעגן ביז אונטער די פענצטער, האָט אָפּגעהילכט דער האַמער־קלאַנג, וואָס האָט געקלאַפּט די הילצערנע פלעקלעך, און נאָר דער גאַ־גאַ — דאָס געשריי פון די גענדז, וואָס די יידן האָבן געשטאָפּט אין זייערע פּאַשאַרניעס, האָט געשטערט דעם קלאַנג פון דער אַרבעט.

שפּייסצינאַכץ (מוצאי שבת), עס האָט קוים ערשט געגרויט, עס האָט זיך נאָך נישט באַוויזן אַ שטערן אויפן הימל, די פרומע יידן האָבן נאָך נישט געהאַט הבדלה געמאַכט, האָבן אין שטאָט אַריינגעאיילט די שוסטערס. יעדער פון זיי איז געגאַנגען מיט איבער די אַקסלען פּאַרוואָרפענע הוידעס צונויפגעבונדענע שיך. זיי האָבן אָפּגעטראָגן די אויסגעאַרבעטע סחורה צו די סוחרים; און צו מאָרגנס, גאַנץ פרי, זענען די סוחרים, — וואָס האָבן שוין געהאַט געגאָלטע בערד, געטראָגן די קאַשקעטלעך פּאַררוקט איבער די אויגן און די איבעצעס זענען ביי זיי געווען אונטערגעשניטן ביז דער קני, — געשטאַנען ביי די טירן און די טויערן פון זייערע הייזער און געוועלבער און אויסגעקוקט די אָנגעפּאָרענע סוחרים, געוואָלט מיט זיי האַנדלען. אַ גאַנצן טאָג זענען די יידן געווען פאַר־שמייעט — זיך געאיילט, אַרויס פון הויז און אַריין אין אַ געסל. יעדער האָט געוואָלט כאַפּן נאָך איינעם פון די אָנגעפּאָרענע סוחרים. און אין אָוונט האָבן די צוויי פּאָסאַזשירן־צעגער, אַוועקגעפירט צוויי צוגעטשעפּעטע וואַגאָנעס מיט שיך, נאָך סאָסנאָווצע און קיין קראָקע.

דער סטאָק — די וואַסער־קוואַלן, האָבן זיך געשלענגלט — זיך אַריינ־געשניטן אין שטעטל אַריין ווי אַ קלין. פון איין זייט וואַסער זענען געלעגן די סאָדזעס, אין וועלכע די פישערס האָבן געהאַלטן די קאַרפּן אויף שבת. פון דער אַנדערער זייט וואַסער זענען געשטאַנען די גאַרבאַרניעס, אין וועלכען מען האָט געגאַרבט דעם יוכט פאַר די שוסטערס. די גאַרבער האָבן געהאַט לאַנג אויסגעצויגענע הענט פון שאָבן די פעל. די הענט זענען שטענדיק געווען ווי אויסגעאיילט. זייערע פינגער־נעגל זענען געווען רויט פון דער דאָמב־קאָרע, אין וועלכער זיי האָבן געווייקט די פעל. אַפילו שבת, ווען זיי האָבן געטראָגן די שבתדיקע בגדים, האָט זיך פון זיי געפילט די פעל־פוילקייט, פונקט ווי אין דער סביבה ווו עס האָבן זיך געפונען די גאַרבאַרניעס.

נאָר הענעך גאַרבער, אַ דאַרער ייד, אויף אויסגעבויגענע פיס, מיט אַ לאַנג בייניק פנים און קורץ שיטער, ווי אויסגעצופּט, בערדל, האָט איבערגעפירט זיין

גאַרבערײַ אין דער צווייטער עק שטאָט — צו די באַגנעס. ער האָט אויסגעבויט א צוויי־שטאָקיקע געביידע, האָט פון ווין געבראַכט מאַשינען, וואָס האָבן געשפּאָלטן און געפּרעסט די פעל. דאָס איז געווען די ערשטע יידישע פאַבריק אין שטעטל.

דאָס יונגוואַרג איז לרוב אַרומגעגאַנגען פּוסט און פּאַס. נישט האָבנדיק קיין באַשעפטיקונג, האָבן זיי שפּאַצירט מיט די שטעגן פון די באגנעס — צו הענעכן. זיי זענען געווען נייגעריק צו זען די וווּנדער־טעכניק, כאָטש זיי האָבן נישט פאַרטראָגן דעם ריח פון דעם אָפּפליסנדיקן וואַסער, אין וועלכן מען האָט געגאַרבט די פעל. זיי האָבן אויך שפּאַצירט אַרום די גומי־ און עמייל־פאַבריקן, וועלכע די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט פון דער אַנדערער זייט באַן־שינעס. די רויטע ציגל־ווענט, אונטער וועלכע עס האָט זיך געוואַלצט דער רויש פון לויפנדיקע טראַנסמיסיע־רעדער, איז געווען דער טרוים פון דער יידישער יוגנט. זיי האָבן געוואָלט, ווי די גויים פון די אַרומיקע דערפער, פאַרקויפן זייער כוח און שווייס, זיי זאָלן יעדע צוויי וואָכן קריגן דערפאַר באַצאָלט. זיי האָבן נישט געוואָלט וואַרטן, מוזן אויסקוקן דער טאַטע זאָל עפּענען דאָס שופלעדל און זיי דערלאַנגען אַ פּאָר גראָשן. אָבער די מאַכט האָט דערצו נישט צוגעלאָזט.

אַזוי איז דער איינציקער אויסוועג געווען דער איינער טאָג אין דער וואָך — דער יריד. דאַנערשטיק גאַנץ פרי האָבן די סוחרים געעפנט זייערע געוועלבער און פונאַנדערגעסדרט זייערע סחורות, די מאַרק־שטייער האָבן פונאַנדערגעשטעלט אויף דער רעכטער זייט מאַרק זייערע טישן, שטענדערס און ביידלעך. זיי האָבן צונויפגעטראָגן זייערע סחורות: שטיוול, שיך, אַנציגער, באַנדעס, קאַפּעליושן, היטלעך, העמדער און גאַטקעס. פון דער צווייטער זייט מאַרק — לינקס, האָבן יידן פונאַנדערגעשטעלט פּולקאָשקעס מיט פאַרשידענע רעשטלעך סחורות. די מאַסאַזשעס וואָס האָבן פאַרקויפט חזיר־פלייש, זענען געשטאַנען ווייטער אַרויף. הויך, ברייט־ביייניק אויסגעגעסענע גויים, ביי וועלכע דאָס בלוט האָט געשפּראָצט פון זייערע פּנימער, האָבן כסדר געשלייפט זייערע בלאַנקענדיקע מעסערס. אַ פרומער ייד, וואָס איז זיי פאַרבייגעגאַנגען, האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

צווישן די יידן, וואָס האָבן פאַרקויפט די רעשטלעך, און די גויים, וואָס האָבן פאַרקויפט חזיר, איז געשטאַנען דער לאָמער יענקל. די גויים האָבן אים גערופן יאַקוב. ער איז געשטאַנען און געדרייט אַ קאַרבע פון אַ קאַטערינקע, וואָס האָט געשפּילט איין און דעם זעלבן מאַרש. יענקל האָט געדרייט די קאַרבע און געשריגן מיט אַ הייזעריקן קול: קטאָ ריזיקויע טען שטשענשטשע בודויע. (ווער עס שטעלט איין, בויט זיין מזל). אַ געלער פּאַפּוגיי, וואָס איז געשטאַנען אויף זיין אַקסל, האָט אים צוגעהאָלפן. ער האָט כסדר געשריגן: טאַק, טאַק. (יאָ, יאָ). די פויערן זענען געשטאַנען און האָבן באַוווּנדערט דעם פויגל. יעדער פון זיי האָט געטראַכט, צי עס איז כדאי אַרויסציען אַ לאָס (גורל) פון יענקלס

קאַטערינקע, דאָס געווינס פון לאָס האָט געקענט זיין אַ בלעכן רינגל אָדער אַ שפּילקע.

אין מיטן מאַרק, צווישן די פּאַרקויפער פוןביידע זייטן, האָבן זיך אַוועק־געזעצט אויף זייערע פּליישיק אָפּגעדעקטע פיס די באָבעס, זייערע קעפּ זענען געווען אַרומגעבונדן מיט קאָלירטע טיכלעך. זיי האָבן אָנגעבאָטן און פאַרקויפט זייערע סחורות: פּוטער, אייער, אַ הון, אַ קאַטשקע, אָדער אַ גאַנדז. די עופות, ווי זיי זאָלן פילן זייער לעצטן טאָג, האָבן געקלאַפּט מיט די פליגל און געקרייעט.

אונטער זיי זענען פאַרפאָרן די פויערן מיט זייערע וועגענער און זיך אַוועקגעשטעלט איינער נעבן אַנדערן גלייך ווי אַ מויערער לייגט אַ ציגל נעבן אַ ציגל. די יידן, די היטלען פאַררוקט אויף הינטן, די אַרבל פון דער איבעצע פאַרשאַרצט, די פּאָלעס אונטערגעבויגן, די שפּענצער־קנעפּ נישט פאַרקנעפּלט, האָבן געשמייעט — זענען געלאָפן און געשפּרונגען פון איין וואָגן צום אַנדערן, געטאַפּט די זעק, באַקוקט די תבואה — זיך געדונגען און געקויפט. דער רעש און געפּילדער איז געווען גרויס, ווי דער זשום פון אַן אַנטלאָפענעם שוואָרם בינען, וואָס באַפאַלט אַ בליענדיקן בוים. אינעם רויש און געפּילדער האָסטו געקענט זען ווי אַ ייד, ציט איין אין פויסט די מאַרינאַרקע אויפן פויערס פּלייצע, וואָס וויל לייזן, וואָס ער האָט געמאָסטן — עס זאָל אים פּאַסן. האָסט אויך געקענט זען ווי אַ פאַרטע (פויערטע) הייבט זיך אונטער דאָס קלייד און מעסט אַן גאַטקעס אָדער אַ האַלקע, צי זיי זענען נישט צו קליין אויף איר.

פון דעם שמייען און לויפן האָבן די יידן אין שטעטל בדוחק אַרויסגעשלעפּט חיונה. טרוקן ברויט מיט אַ לעפל קלייען־באָרשט אָדער אַ טעלער יושקע איז ביי מערסטנטייל יידן געווען דאָס טאָג־טעגלעכע עסן. אַפילו אויף שבת האָבן זיי זיך נאָר פאַרגונען די געדערים פון אַ בהמה אָדער אַ שטיקל קאָפּ־פלייש.

אָבער די יידן אין די געסלעך האָבן געשיקט די קינדער אין חדר אַריין. ביי איטשע מלמד, אַ הויכן ברייט־ביינעקן ייד, מיט אַ לאַנג שפּיציקער באָרד, האָבן קינדער געלערנט עברי. ביי יויזיפן און ברוך־לאָזערן, צוויי נידעריק־קרעפּקע און דיקע יידן, וועלכע האָבן געהאַט לאַנגע, גרויע בערד און פאַרגעלטע נעז און וואָנצעס פון שנופּן טאַבאַק, האָבן יינגלעך געלערנט חומש און רש״י. ביי מרדכי־וואָלפן, אַ נידעריק ברייטביינעקער ייד, וואָס האָט געהאַט אַ הויכן למדנישן שטערן, אַ גרויע ברייטע באָרד און גרויסע, מיט חכמה גליענדיקע אויגן, האָבן בחורים געלערנט אַ בלאַט גמרא. אין בית־המדרש, ביי די טונקעלע פון עלטקייט טישן, אויף וועלכע פאַרשידענע הענט האָבן, אין משך פון דער צייט, מיט טאַשן־מעסערלעך אויסגעקריצט אַ מגן־דוד, אַ מנורה, אָדער אַ חנוכה־דריידל — זענען געזעסן עטלעכע בחורים און געלערנט פאַר זיך.

די יידן אין מאַרק האָבן זייערע קינדער שוין געשיקט, פאַר מיטיק, אין דער שטאָטישער פאָלקס־שול, נאָך מיטיק — אין חדר אַריין. די שול האָט געלייטעט דעם דאָקטאָרס שוועסטער, פאַני מאַריאַ. זי איז געווען אַן אַלטע פריילין, מיט אַ קאָפּ גרויע האָר, וואָס זענען געווען פונאַנדערגעטיילט מיט אַ

שרונט אין דער מיט. זומער און ווינטער האָט זי געטראָגן אַ שוואַרץ קלייד, לאַנג ביז צו די קנעכל.

מיט דער צייט האָט דער צענטראַלער האַנטווערקער־פאַרבאַנד אין וואַרשע, וואָס איז געשטיצט געוואָרן דורכן „דזשאָינט״, געעפנט אין שטעטל אַ באַנק פאַר די בעל־מלאכהס און קליין־הענדלער. דער פּרעזעס פון דער באַנק איז געוואָרן משה מייטליס — דער איינציקער דאַמען־שניידער אין שטעטל און אין דער סביבה, נאָר די פרויען פון מאַרק האָבן זיך ביי אים גענייט. ער פלעגט יעדן אָוונט קומען אין דער באַנק אַריין, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ געדונגענעם צימער אין אַ יידיש הויז, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טומאה (קלויסטער). פון זיבט משה מייטליס האָט אונטערגעשריבן — באַשטעטיקט די הלוואות פאַר די יידן — האָט ער אָנגעהויבן גיין מיט אַ שטייפן קאַרק, שטופנדיק פאָרויס זיין בויך. דער גאַנג זיינער געערגערט האָט עטלעכע יידן אין שטעטל — די קהילה־דאָזאָרעס. זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז דער שניידערוק קען נאָך ווערן זייער קאָנקורענט. זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז די דעה־זאָגערס איז דער באַנק דאַרפן זיין נאָר זיי, בפרט אַז יעדער פון זיי האָט געוווסט, אַז אין דער פאַנצער־קאַסע וואָס מען האָט געשיקט פון וואַרשע און וואָס שטייט אין ווינקל הינטערן שרייב־טיש — ווו עס זיצט דער פּרעזעס — ליגט געלט.

ספּעציעל האָט זיך געערגערט נפתלי דער דאָזער. ער איז געווען אַ וווקסיקער, ברייט־בייניקער ייד, וואָס האָט געהאַט גראָבע פינגער מיט קליינע נעגל און האָט געהאַט צוויי רויטע דיקע ברעמען, אונטער וועלכע עס זענען טיף געזעסן צוויי זיך שנעל־באַוועגנדיקע אויגן. ער האָט עס געבונטעוועט דעם עולם. ווו אַ רעדל פון צוויי־דריי יידן, איז ער צו זיי צוגעגאַנגען און זיי אויפגעקלערט: עס קען אַזוי נישט זיין, קיינער האָט אים נישט געוואָלט; ער האָט זיך אַליין געמאַכט; די באַנק וועט באַנקראָטירן; ער קען נישט שרייבן.

די יידן, מיט זייערע האַלב־פאַרלאָשענע אויגן און אויסגעצויגענע פּנימער, האָבן דערשטוינט אים אָנגעקוקט און געשוויגן. זיי איז נישט געווען קיין חילוק, ווער עס באַרגט זיי די עטלעכע זלאָטעס צום מסחר; אַ טייל זענען דווקא געווען צופרידן, וואָס אַ שניידער, אַן אייגענער, קאָן פירן אַ באַנק. משה מייטליס, דער פּרעזעס, האָט געשוויגן. ער אַליין איז מיט זיך נישט זיכער געווען; ער האָט געטראַכט: אפשר קענען, חלילה, מקויים ווערן נפתליס רייד. ער האָט די יידן וואָס האָבן פאַר אים איבערגעחזרט נפתליס רייד, אַ זאָג געטאָן: קודם־כל זאָל ער חתונה האָבן, אַ בחור טאָר זיך נישט מישן אין קהלשע ענינים; דערצו נאָך אַן אַלטער בחור.

דער בר־סמכא אין שטעטל איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער רב. דער רב, מיטלוווקסיק און דאַר, סאַמע הויט און ביינער, מיט אַ לאַנגער און דינער נאָז, ברייט־למדנישן שטערן, איז געווען אַ למדן מופלג. נישט איין ייד האָט אים אָפּגעוואַרט, ווען ער איז געגאַנגען צום דאַווענען און אים געזאָגט: גוט מאָרגן,

רב. דער רב האָט זומער געדאַוונט אין שול, ווינטער האָט ער געדאַוונט אין בית־המדרש מיט די יודעי־ספר.

די יידן אין שטעטל זענען געווען צונויפגעלעבט, אָבער יעדער פון זיי האָט זיך באַזונדער געלעבט זיין לעבן. איינער איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג צו פאָרן מיט דער באַן, אַ צווייטער איז געגאַנגען צו פוס אין דאָרף אַריין. ווער עס האָט געעפנט זיין געוועלב — געוואַרט אויף קונים, און ווער עס האָט זיך געשטעלט פרעסן אָדער צושניידן. אָבער פרייטיק, מיטיק־צייט, האָבן אַלע יידן געאיילט אין באָד אַריין. משה יוסף — דער בעדער, הויך, מגושמדיק, מיט אַ ברייט פליישיק פנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט בלויע גוטמוטיקע קינדער־אויגן, האָט זיך געשטעלט הייצן דעם מקוה־אויוון שוין מיטוואָך ביינאַכט. ער האָט די לאַנגע שטשאַפּעס האָלץ געררוקט אין אויוון אַריין ביז פרייטיק פאַר מיטיק. די צוויי ריזיקע קיזל־שטיינער האָבן געגליט ווי אַ העליש פייער. מיטיק־צייט האָט משה יוסף גענומען אויפגעבן — באַגאָסן די צעגליטע שטיינער מיט קאַנען קאָכעדיק וואַסער. אַ שווער־געדיכטע און צעבריטע היץ האָט אויסגעפילט די באָד, און יידן האָבן געשוויצט. זיי האָבן זיך געקלאַפּט די לייבער מיט ריטן און זיך געקילט די צעגליטע קערפּערס מיט שעפלעך קאַלט וואַסער, וואָס זיי האָבן אויף זיך געגאָסן. זיי האָבן געשוויצט — זיך געקוויקט, געלעגן צעלייגט איבער די בענק, ביז דער רב איז אַרויף שוויצן. דער אויסגעדאַרטער רב האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער העכסטער — דער זעקסטער באַנק. דער מגושמדיקער בעדער איז געשטאַנען און האָט געפּאָכעט איבערן רב מיט אַן אויסגעווייקט בעזעמל, און די צעשפּילטע וואַנדלעך האָבן געבריט ווי פייער־ריטן. דער רב איז געלעגן און האָט געקרעכצט פון ווייטיק און תענוג.

יידן האָבן אין שוויץ אַריין געאיילט. זיי האָבן ליב געהאַט אויסבריען זייערע פאַרמאַטערטע גופים. אין שוויץ האָט יעדער ייד זיך גוט געפילט, — אַלע זענען געווען נאַקעט און זענען געזעסן איינער נעבן אַנדערן; דער סוחר נעבן דעם דאָרפס־גייער, דער בעל־מלאכה נעבן דעם מלמד. אַלע יידן האָבן טאַקע אויסגעקוקט דעם פרייטיק. אַלע האָבן זיי זיך געוואָלט אויספּאַרען — פון זיך אַראָפּוואַרפן די וואָכעדיקייט — דעם עול. משה יוסף איז געווען אַ געניטער בעדער — האָט גוט צוגעגרייט די שוויץ. די יידן אין שטעטל האָבן זיך גערימט: נאָר מיר האָבן אַ משה יוסף. אָבער ביי יעדער געלעגנהייט, ווי נאָר אַ ייד איז געוואָרן אומצופרידן מיט קהל, האָט ער איבערגעחזרט דאָס שטאָטישע גלייכווערטל: וואָס קען גוט זיין, אַז דער דאָזער און בעדער איז אַ בחור און די הייבן (די הייבאַם) איז אַ מויד.

יעדער ייד האָט געלעבט זיין שטייגער, אָבער די עדה איז געווען צונויפגעלעבט. יעדער האָט געהאַט דאגות פרנסה און דאגות משפחה, אָבער טאָמער איז ביי וועמען אין שטעטל געשען אַן אומגליק, האָט אַלט און יונג מיטגעליטן. זייער אָפט האָט מען געקאָנט זען צוויי יידענעס, אָנגעטאָן אין די שבתדיק סאַטינענע קליידער, דעם שוואַרץ־שפּיצענעם שאַל פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען,

גיין איבער די הייזער צונויפנעמען עטלעכע גילדן פאַר אַ נויט־באַדערפטיקע משפחה. נישט איינער האָט זיך אָוועקגענומען דעם ביסן פון מויל און געגעבן זיין טרימע בישיאיס כיין (תרומה בתשואות חן).

האָט זיך געמאַכט אַ שמחה אין שטעטל, האָט די גאַנצע עדה זיך מיטגעפרייט. אַלע יידן זענען געגאַנגען קוקן, זען און באַוווּנדערן. איז ווער, חלילה, געשטאָרבן, האָט דאָס גאַנצע שטעטל מיטגעטרויערט. דער צער און פחד האָט זיך ווי פונאַנדערגעהאָנגען איבער די יידישע טירן און פענצטער.

אָבער אַנדערש איז געווען די באַציִונג צום ראָט־הויז — דעם שטעטל־גביר. דאָס לאַנגע שטאָקיקע הויז איז געשטאַנען אויף אַ טיפן קעלער און האָט געהאַט שטיינערנע ווענט, אַ מעטער די ברייט. עס האָט פאַרנומען דריי גאַסן — אַ שטיק מאַרק, אַ חלק הויפּט־גאַס און אַ געסל. דאָס הויז זענען די יידן ווי אַרומגעגאַנגען. זיי האָבן זיך נישט געוואַגט דערנענטערן. אָבער יעדער פאַרבייגייער האָט פון דער זייט געכאַפּט אַ קוק, געוואָלט זען, וואָס טוט זיך הינטער די דיקע ווענט. דאָס לאַנג־שטאָקיקע הויז מיטן שיפן דאַך איז באַשטאַנען פון עטלעכע צענדליק צימערן. ר' אברהם מרדכי, זיינע קינדער און אייניקלעך, וואָס זענען נישט אַוועק אין דער פרעמד, האָבן געוווינט אין ראָט־הויז. הינדעלע — די נגידיתטע — זיין ווייב, איז געווען אַ מיטלוווקסיקע, פליישיקע פרוי. איר פנים איז געווען צעקנייטשט, האָט אָבער נאָך געהאַט אַלע סימנים פון איר יוגנט־שיינקייט. זי האָט געטראָגן אַ ברייט־טאַפטענע קרינאָלינע מיט אַ טוזשורעק און אַ פעדערן־הויב אויפן קאָפּ. זי איז אַרומגעגאַנגען איבער די שטובן און אויפגעפּאַסט ווי אַזוי אירע צוויי קעכינס קאָכן, וואָס עס טוט דער פאַרנאַל (פורמאַן) און ווי אַזוי דער סטריזש (סטרוזש) רייניקט דעם הויף. איר קרינאָלינע איז געווען פאַרדעקט מיט אַ ברייטע שעלקע־שאַרץ, אויף וועלכער ס'זענען געהאָנגען סיי די שליסלען פון די קעלערס, וווּ ס'זענען געשטאַנען די פעסלעך און גאָנשערס וויין, סיי די שליסלען פון דער שפּיזשאַרניע, וווּ זי האָט געהאַלטן די איינגעמאַכטסן. איז ווער אין שטעטל קראַנק געוואָרן, איז מען באַלד געלאָפן אין ראָט־הויז, נאָך אַ ביסל איינגעמאַכטס.

אברהם מרדכי, אַ נידעריקער דאַרער ייד מיט אַ לאַנגער שיטערער באָרד, אַ לאַנג בייניק פנים, גרויסן שטערן און טיף מאַטע, ווי געגליווערטע, אויגן, איז טאָג־טאָג געזעסן איבער אַן אָפן ספר. ער האָט געלייענט מיט די אויגן. ער האָט נישט אַ ריר געטאָן מיט די ליפּן און זיך נישט אַ באַוועג געטאָן פון אָרט. נאָר זיינע דאַרע פינגער האָבן געצופּט אַ האָר נאָך אַ האָר פון זיין שוין שיטערער באָרד. נאָר דאָנערשטיק — דעם יריד־טאָג, איז ער געזעסן איבער אַ בוך מיט דער פעדער אין האַנט און פאַרשריבן פּינקטלעך די געלטער וואָס די פויערן האָבן אים געבערענגט. ער האָט געקויפט גיטער ביי פּריצים, וואָס האָבן זיך געניייטיקט אין געלט, זיי זאָלן קענען פאָרן קיין פּאַריז פאַר־ברענגען. די ערד האָט ער פאַרצעלירט — זי פאַרקויפט די פויערן אויף אויסצאָל. אים געהאָלפן פירן די געשעפטן האָבן שלמה און הענדל, זיינע צוויי עלטסטע זין.

אברהם מרדכי האָט געלעבט אין רחבות. אין ראַט־הויז האָט מען זיך געפירט, ווי ביי די נגידים אין די גרויסע שטעט. ביי אים אין הויף איז געווען דאָס גרערער שטיבל. מוצאי־שבת האָבן גרערער חסידים ביי אים אין שטוב געפּראַוועט די מלווה־מלכה. מען האָט געגעסן חלה מיט פיש און קאַרטאָפל מיט באָרשטש. די חסידישע ניגונים האָבן געהילכט איבער דער גאַס, ביז אין האַלבער נאַכט אַריין. פּורים האָט מען דאָרט געעפנט אַלע טירן לענג־אויס דעם הויז און פונאנדערגעשטעלט געדעקטע טישן. אברהם מרדכי איז געזעסן אויבן־אָן. דער טיש איז געווען באַשטעלט מיט אָפּלקעס געלט. געטיילט שלח־מנות האָט דער עלטסטער זון. יעדער האָט באַקומען לויט זיין סגאַל (לויט זיין מעמד). אברהם מרדכי איז געזעסן און הנאה געהאַט, ספּעציעל האָט ער זיך געפרייט מיט די פּורים־שפּילער, וואָס האָבן פאַר אים פאָרגעפירט „מכירת יוסף". די פאַרשטעלטע האָט ער אַליין דערלאַנגט מער געלט ווי יעדן אַנדערן. אַז עס האָט זיך געענדיקט דאָס שלח־מנות־טיילן, האָט ער זיך געוואַשן, זיך געזעצט צום טיש, מיט זיינע בני־בית און מיט די שטעלטשע אָרעמע־לייט. פּסח האָט ער געפּראַוועט אין קרייז פון זיין משפּחה. צום סדר זענען זיך צונויפגעפאָרן פון דער פרעמד אַלע זיינע קינדער און אייניקלעך, און אַפילו וויטע קרובים. די ליכט־העלקייט אין די שטובן האָט געבלענדט, די ווייסע טישטעכער האָבן געשי־מערט. די טישן זענען געווען סערווירט מיט פאָרצעלאַן און זילבער־באַשטעק. פאַר פּסח האָט אברהם מרדכי געשיקט רופן דעם ראש־הקהל און אים געגעבן קימחא־דפּיסחא. חול־המועד סוכות האָט ער אים געגעבן געלט, ער זאָל קויפן קאַרטאָפל און קוילן פאַר די נויט־באַדערפטיקע.

אין ראַט־הויז האָט מען געלעבט אָן זאָרג; אַפילו וויטע קרובים זענען געווען אויסגעזאָרגט. נאָר גאולה — די עלטסטע טאָכטער, איז געווען אַ יוצא מן הכלל. זי איז אָפט געזעסן ביים פענצטער מיט פאַרלייגטע הענט איבערן בויך און געדרייט מיט אירע גראָבע פינגער ווי אַ מילעכל. אירע קליינע צוגעזעצנקטע אויגן האָבן שפּיזיק געקוקט און קיינעם נישט אַדורכגעלאָזט. זי האָט אָפּגעשטעלט מענטשן און זיי אויסגעפרעגט. זי האָט געוווסט אַלע רכילות פון שטעטל און האָט קיינעם נישט געשפּאָרט. יעדער האָט איר אונטערגעטראָגן דעם גוט־מאָרגן, אָבער איילק. זי האָט געקענט עטלעכע שפּראַכן, וואָס איז אין יענער צייט און אין דער דאָרטיקער סביבה געווען אַן אויסטערליש געשעעניש. יידן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַוועקשיקן אַ בריוו, זענען צו איר געגאַנגען, זי זאָל זיי אים אָנשרייבן. זי אַליין איז געווען פאַרביטערט — יונג געבליבן אַן אַלמנה, און אירע קינדער האָבן געלעבט אין דער פרעמד. זי איז געווען דיק און האָט געהאַט אַן אָפּגעברענט פּנים און פינגער. ווען זי איז געווען נאָך אַן עופעלע איז דאָס שטעטל אָפּגעברענט געוואָרן.

דעם טאָג זענען די יידן ווי עס איז איבערגעקומען. פאַריאָגט און פאַרהאָ־רעוועט, געבוקט פונעם עול און גורל — האָבן זיי נישט געטראַכט, ווי ווערט זיין דער מאָרגן. אָבער אין אָוונט זענען זיי געוואָרן ווי אומרויִק. איצט האָבן

זיי דערפילט די ענגקייט פונעם שטח. דאָס שטעטל איז, ווי געזאָגט, געווען אַרומגעקרייזט מיט אַ טאָך, (טייך), די באַגנעס און די וועלדער, ווי מיט אַ צוים. פאַרגרעסערט נאָך די ענגקייט, פון די יידן, האָט די טומאה. דער שאָטן פונעם צלם (צלב) אויפן טומאה־טורעם האָט באַדעקט דעם גאַנצן מאַרק. קריסטן, וואָס זענען געגאַנגען אין דער טומאה אַריין, האָבן שטענדיק באַגריסט אַן אָנגעטראָפענעם באַקאַנטן ייד. אָבער די שקצים, וואָס האָבן געטראָגן די קאַשקעטן נאַ באַקער און זייערע שטיוול־כאַלעוועס זענען געווען שטיף און זייערע רעקלעך אויפן פאַסאָן פון אַ בעקעשע, האָבן אין דער פינצטער אַ צילעווע געטאָן אַ שטיין אין אַ יידיש פענצטער אַריין, און אַ פאַרשפּעטיקטן פויער, וואָס איז געגאַנגען צו אַ ייד אין געוועלב אַריין, האָבן זיי אַ זאָג געטאָן: קויף נישט ביי אַ יידן! יידן האָבן געזען און געהערט און זיך אומרויִק אַרומגעקוקט. אָבער זיי זענען געגאַנגען צו מנחה־מעריב, ווי יעדן טאָג.

די בעקערס, אין זייערע קעלער־שטובן, זענען געשטאַנען מיט צעכראַש־טשעטע לייבער, באַרוועס אין פוס־גרוב ביים אויוון און געקאָכט די מאָן־בייגל; פאַרקויפער האָבן צעפירט די בייגל צו די פּאַסאַזשירן אויף די צעגער. אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד אין אַ צייגן כאַלאַטל, די נאַגעוויצעס פאַרבונדן מיט שטריקלעך, איז געזעסן אויף אַ וואָגן אָנגעלאָדנט מיט שינדלען. אונטער דער לאַסט האָבן די רעדער פון וואָגן זיך געשיבעט — געלאָפן איבער די אַקסן — געקלאַפּט און געריסן די שטעטלדיקע נאַכט־שטילקייט. די שינדלען האָט דער ייד איינגעקויפט ביי די פויערן אין די דערפער. די גויים האָבן אַ גאַנצן ווינטער געשניצט די שינדלען. דער ייד האָט די שינדלען געפירט קיין דאָמבראָווע פאַר די גורניקעס.

די נאַכט־פינצטערקייט איז געווען געדיכט. עס האָט אין איר געלויערט אַ פּחד. די יידן אין שטעטל האָבן זיך מי געגעבן, זיי זאָלן ביינאַכט זיין אין דער היים. פּונקט אַזוי, ווי ווען די גויים פון די דערפער זענען געקומען אין שטעטל אַריין זיך שטעלן צום פּריזיוו, און זיי האָבן געהאַקט שויבן און געריסן שילדן פון די יידישע געוועלבער. די יידישע פּריזיוניקעס זענען געזעסן אין בית־המדרש און זיך געמאַרזעט (געפייניקט).

די יוגנט האָט געאיילט אין פאַראיין אַריין. ווער צום „בונד" און ווער אין אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. די לאָקאַלן זענען געווען ליידיקע שטיבער, ווו עס זענען נאָר געווען בענק מיט הילצערנע טישן. דער קאַלך האָט זיך געשיילט פון די ווענט. די ווענט זענען געווען באַהאַנגען מיט בילדער פון די פאַרטיי־פירער. יעדער פון זיי באַזונדער האָט געהאַט די נויטווענדיקייט זיך טרעפן מיט אַ חבר, אַ מיידל, אָדער אַ באַקאַנטן. יעדער פון זיי האָט זיך געדאַרפט אויסרעדן, אָבער כמעט יעדער האָט אַ לענגערע צייט זיך געדרייט אונטער די פענצטער — אַריינגעקוקט, ווער עס געפינט זיך אין לאָקאַל. און קוים געוואַגט

איבערטרעטן די שוועל. דרייסט זענען זיי געווען אין דער „קולטורא״ — דער שטעטלשער ליי־ביבליאָטעק. דער ראָמאַן און די נאָוועלע האָט ביי דער יוגנט שוין פאַרטראָטן דעם מנחה־מעריב. אין דער ביבליאָטעק האָבן זיי דיסקוטירט ביז שפּעט: נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע צי עמיגראַציע; אַמעריקע אָדער ארץ־ישראל, — אָבער מעבר לים איז קיינער פון זיי נישט אַוועק.

שפּעט אין דער נאַכט, מידע פונעם טאָג אַרבעט, האָבן די בחורים זיך געטראָפן און זיך געדרייט אַהין און צוריק איבערן ליידיקן מאַרק. זיי האָבן געטעמט די נאַכט־פייכטקייט און די פינצטערניש האָט זיי פאַרשטעלט. זיי האָבן שפּאַצירט און סודותפול זיך איבערגעגעבן: מיט דער צייט וועט דאָס שוסטעריי אונטערגיין! מען וועט טראָגן נאָר געגריווועטע שיך. אין זאַגלעמביע אַרבעטן שוין די נאָדל־אַרבעטער איבער־שעהן. וואָס דען, זיי וועלן זיך לאָזן אויסנוצן, ווי מיר? — האָבן צוזאַמען אויסגערופן עטלעכע הויל־פאַרשטיקטע קולות, מען זאָל זיי נישט הערן.

ביים אַוועקגיין האָבן זיי איבערגעטוישט — זיך איבערגעגעבן די בראָשורן פון מאַרקס׳ מאַניפעסט וכדומה. די בראָשורן האָט קאָפּל פריזירער, דער אַרבעטער־עסקן — אַ דאַרער ייד, וואָס האָט געהאַט אַ בלאַס פּנים און אַ פליך אויפן קאָפּ, געברענגט געהיים פון בענדין.

אָבער די שוחטים — ר׳ פייוול שוחט, אַ געשטאַלט ווי אַ בעלעכל — וועלכער האָט געהאַט אַ קורץ שיטער בערדל און זיין אײדעם — מאיר שוחט, וועלכער האָט געהאַט אַ לאַנגע רויטע באָרד, וואָס האָט מיט איר קאָליר ווי געגליט אין דער פינצטער — זענען נאַכט־נאַכט געגאַנגען אין שאַכט (שעכט)־הויז אַריין. זייערע טריט זענען געווען שווערע, די פּלייצעס געבוקט. זיי זענען געגאַנגען און אין בוזעם פאַרשטעקט, געטראָגן דעם לאַנגן חלף. יידן האָבן זיי באַגלייט מיט די אויגן, ווער מיט פּחד — זיי גייען שעכטן, ווער מיט פרייד — ס׳שטעטל וועט זיין פאַרזאָרגט מיט כשר פליש.

אין מאַרק, נעבן דער טומאה — אַרויפצוגיין אויף אַ פּאָר טרעפּ, איז געזעסן איבער אַ ספר די בריית־בייניקע געשטאַלט — רבי יאָקל דיין. זיין באָרד איז געווען שפּיציק, לאַנג און ווייס. ער איז געזעסן אַן איבערגעבויגענער איבערן ספר, ביים שיין פון אַ קאַגאַניקל און געוואַרט, אפשר וועלן יידן אים דאַרפן, — אים קומען פרעגן אַ שאלה.

אַז אַ קינד איז צו אים אַריין מיט אַ פּופּיק אָדער מיט אַ פליגל — צי מען קען אים נוצן, איז זיין ערשטע פראַגע געווען: קינד, וועמענס ביסטע? ער האָט געפּסקנט לויטן סגאל און ווי תמיד ממשיך געווען זיין עבודת־הבורא.

אין אַ טריבן פרימאָרגן, דער הימל איז געווען טונקל און שווער, דער רעגן איז געהאָנגען אין דער לופט, האָבן די דייטשן צונויפגעזאַמלט די עדה וואָלבראָ־

מער יידן אין מאַרק. די שטאָט־גויים און די פון דערפער אָנגעקומענע פויערן זענען געשטאַנען אָנגעלענט אין די הייזער און צופרידענע זיי באַטראַכט.

די דייטשן האָבן די אַלטע און קראַנקע יידן אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט, אויף דעם ליידיקן פעלד צווישן וואַלד און דעם בית־הקברות און זיי אויסגעשאָסן. די געבליבענע עדה יידן האָבן זיי פאַרטריבן צו דער באַן. דער צוג האָט זיי אַוועקגעפירט אויף זייער לעצטן וועג.

יתגדל ויתקדש.

# א

די שטאָקיקע און צוויי שטאָקיקע הייזער אין וואָלבראָם זענען געשטאַנען אַ וואַנט ביי אַ וואַנט, ווי זיי זאָלן זיך אונטערהאַלטן, נישט אַרויספאַלן פון דעם גאַרטל אַרום דעם מאַרק־פּלאַץ. דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען פּירעקיק און איז געווען ברוקירט מיט קיילעכיקע שטיינער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קאַצנקעפּ. אָפּגערוקט אין דער זייט פון מאַרק איז געשטאַנען די טומאה, ווי זי זאָל אַריינקוקן אין מאַרק אַריין. אין מיטן מאַרק איז געווען די פּלומפּ מיט אַ גרויס ראָד, וואָס האָט געקאַרצט, ווען יידן האָבן געפּאָמפּעט וואַסער.

עס איז נישט געווען קיין הויז אין מאַרק, אין וועלכן עס איז נישט געווען אַן אָפּענע טיר מיט אַ קראָם. איבער יעדער טיר איז געהאָנגען אַן אויסגעקרומטע שילד מיט אָפּגעשאָסענע פאַרבן פון דער זון און ווינט. אויף יעדער טיר איז געהאָנגען אַן אָפּבלאַקירט ציצן רעשטל, אַ היטל מיט אַן אויסגעקרומטן דאַשיק, אַן אויסגעטריקנטער שטיוול, אַ פאַרזשאַווערט זיפּל, אָדער אַ צעפּלאַטערט העמד, וואָס האָט זיך געהוידעט ווי אויף אַ שטריקל. דאָס האָט אָנגעזאָגט די געקומענע פון די דערפער גויים וואָס יעדער יידישער קרעמער פאַרקויפט, ווייל די גויים האָבן נישט געקענט לייענען די שילדן. די קרעמער זענען געשטאַנען פאַר די טירן און אויסגעקוקט דעם קונה. אויך דער פאַרוואָלקנטער, אָדער אויסגעלייטערטער הימל איז געלעגן איבער דעם מאַרק, ווי אַ קאַפּל אויף אַ יידנס קאָפּ.

צוויי הויפּט־גאַסן, די קראָקעווער פון איין זייט און די פּילצער פון דער צווייטער זייט, האָבן געפירט אין מאַרק אַריין. אין די ביידע גאַסן זענען אויך געווען קראָמען און האָבן זיך געצויגן לענגאויס דעם שטעטל. פונעם מאַרק און די צוויי גאַסן האָבן זיך געשלענגלט באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ קרומע און שמאָלע געסלעך מיט הייזלעך פון ביידע זייטן, ווי זיי זאָלן זיין אַריינגעוואָקסן אין דער ערד. זייערע דעכער זענען געווען געדעקט מיט פּאַפּע, אָדער מיט שטרוי. יעדעס געסל האָט געהאַט אַ ביייגעסל. דער סוף פון דער פּילצער גאַס איז געווען שטייליק. דאָרט האָט זיך געפונען דער טייך, די דאַמבע און די מיל אויף איר. פון דאָרט איז מען געפאָרן קיין פּילץ. דאָס אָפּגעפּלאָסענע דורך דער דאַמבע וואַסער, האָט געדרייט דאָס גרויסע הילצערנע מילראָד. נאָכן טייך אַרויף האָט זיך געצויגן דער געדיכטער סאָסנע־וואַלד.

פון דער צווייטער זייט שטעטל, ווו עס האָט זיך געענדיקט די קראָקעווער גאַס, האָבן זיך געצויגן די באַנרעלסן, וואָס האָבן פאַרבונדן דאָס שטעטל מיטן לאַנד. נאָך די רעלסן האָט זיך געפונען דער שיטערער וואַלד, וואָס איז באַשטאַנען פון הויכע דינע סאָסנע־ביימער. ביים וואַלד, אין דער זייט, איז געלעגן דאָס בית הקברות.

פון די אנדערע צוויי זייטן מאַרק זענען אויך געווען צוויי געסלעך. איין געסל האָט געפירט צו די „באַגנעס״. אין האַרבסט, ווען די רעגנס האָבן אַדורכ־געווייקט די פעלדער, האָבן זיי זיך געהוידעט, ווען מען האָט אויף זיי געטראָטן. זומער, ווען די זון האָט זיי אויסגעטריקנט און אויפגעדעקט די פאַרבליבענע אין זיי פון דורות ביימער־וואָרצלען, האָבן די שטעטישע גויים געשניטן די קאָטרעס, מיט וועלכע מען האָט געברענט אין די אויוונס. דאָס צווייטע געסל האָט געפירט צו די ״וועגנגרעס״. דאָס איז געווען אַ נישט ברוקירטער שטח, וואָס אַ בינט צעוואָרפענע געסלעך האָבן אים אַדורכגעשניטן. דאָרט איז איין געסל אַריינגעלאָפן אין אַנדערן. אויך די ווי אַריינגעוואָקסענע אין דער ערד הילצערנע הייזער מיט די איבער זיך שטרויענע מיט מאָך באַוואַקסענע דעכער, האָבן ווי געהיטן דעם אַריינגאַנג אין שטעטל.

דאָס שטעטל האָט דורות־לאַנג, יאָר־איין יאָר־אויס נישט געביטן זיין אויסזען. פרילינג האָט אַן אָנגעטראָגן מילד ווינטל פון די פעלדער, סעדער און וועלדער, איינגעהילט דאָס שטעטל אין אַ שלייער פון ריחות. זומער האָט די אויסגעטריקנטע, דורכזיכטיקע לופט איבערן שטעטל געזאָפט אין זיך די ריחות פון דעם פריש־געשניטענעם אין די פעלדער היי און די אויסגעשטאַנענע זאַנגען. האַרבסט האָבן געכלופּעט שיטערע און גערדיכטע רעגנס, וואָס האָבן געצוואָגן די צונויפגעדריקטע הייזער און אַ געדיכטע בלאָטע האָט פאַרדעקט די קאַצנקעפּ־שטיינער. דער פייכטער ערד־ריח פון די אויסגעגראָבענע אין די פעלדער קאַרטאָפל, האָט אויסגעפילט די געסלעך. ווינטער האָט אַן אייזשיכט איבערגעדעקט די קליינע פענצטער־שייבלעך און באַדעקט די שטרוידעכער. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי אַ געקאַרבטער באַרג שניי. פאַרטאָג האָבן די אויסגעשלאָפענע יידן זיך אויסגעטראָטן אַ שטעג.

אין שטעטל האָבן געלעבט פאַרשידענע ס׳גאַל יידן. יידן למדנים מיטן רב אין שפּיץ, וועלכער האָט געטראָגן נאָר אַ כאַלאַטל, וואָס האָט פאַרדעקט זיינע אַרבע כנפות. יידן אויסגעדאַרטע, מיט גרויסע שטערנס, צעוואָקסענע בערד, וועלכע האָבן טאָג און נאַכט זיך געריבן דעם שטערן, געביילט פויסטן איבער אָפענע גמראס און ספרים, געוואָלט וואָס טיפער אַריינדרינגען אינעם סוד פון גלויבן און קיום. געווען יידן סוחרים, וועלכע זענען געפאָרן אין די גרויסע שטעט איינקויפן זייערע סחורות צום האַנדל. זיי האָבן געטראָגן געהאַקטע איביצעס. אויך זייערע פרויען זענען געווען פון שטאָם מיט חן און טראַכט פון דור דורות. געווען יידן צעוואָקסענע, ברייט־פּלייציקע מיט פליישיקע נעז. זיי האָבן געטראָגן אַ שפּענצער און טיפע יוכטענע שטיוול, די הויזן אַרומ־

געגומען מיט אַ רימען. פון מאָל צו מאָל פלעגן זיי אַ קיי טאָן די אייגענע באָרד אָבער נאָר מיט די ליפּן. די אַ יידן האָבן געמוזט זיך איינבייגן און זיך ווי אַדורכשטופּן אין זייער הויז־אַריינגאַנג.

די יידן האָבן געהאַנדלט, געאַרבעט און געגאַנגען איבער די דערפער. זיי האָבן ביי די פּויערים אָפּגעקויפט זייער האָב. אָבער די פּרנסה ביי די יידן איז געווען בצימצום. זייער וווין־שטח איז געווען צווישן שמאָלע, נידעריקע ווענט, דל״ת אויף דל״ת. אויך זייערע מאכלים זענען כמעט טאָג־טעגלעך געווען די זעלבע. ווען דו ביסט פאַרבייגעגאַנגען ביי אַ הויז, האָסטו דורך אַן אָפן פענצטער געזען, ווי אַ צעוואַקסענער ייד אין אַ צעקנעפּלטן שפּענצער און מיט באָרוועסע פיס, זיצט איבער אַ בלעכענער שיסל יושקע, אַ טעלער קאַרטאָפלעס מיט אַ רעפּט ברויט אין האַנט.

## ב

איסר, אַ דערוואַקסענער יונגער־מאַן מיט שטאַרקע און אויסגעאַרבעטע הענט, איז געווען ערשט אין די צוואַנציקער יאָרן. ער האָט געהאַט אַ געדיכטע, שוואַרצע טשופּרינע, אַ גרויסן טיפן שטערן, ווי אַ דעכל איבער זיינע טיף־איינגעזעצטע, שוואַרצע אומעטיקע אויגן. ער האָט ווי אַרויסגעשטאַרט פון זיין אַן אַ קאָלנער שפּענצער, וואָס איז געווען אַריינגעלאָזט אין זיינע צייגענע הויזן.

איסר איז באַלד נאָך זיין בר־מצוה געוואָרן אַ יתום. גרוינעם, זיין טאַטע, אַ ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ שראַם אויף דער לינקער באַק, איז פון פאַך געווען אַ שינדלמאַכער. ער איז דעמאָלט געשטאָרבן פון אַ פאַרקילונג. לאה, זיין מאַמע, אַ הויכע, שלאַנקע פרוי מיט אַן אָוואַל פּנים, איינגעפאַלענע באַקן און גרויסע שוואַרצע, מיט יידישן טרויער איבערגעפולטע, אויגן האָט געקעמט שייטלעך און געגאַנגען אָפּשניידן נעגל ביי פאַרמעגלעכע פרויען. זי האָט נישט געקענט אַליין דערנערן איסרן, די צוויי יינגערע פון אים מיידלעך און דאָס נאָך יינגערע פון זיי ברידערל. זי האָט געמוזט אָנקומען צו לייט. די נויט האָט פאַמעלעך זיך איינגענעסט אין דעם גרויסן חדר מיטן פּיעקיעליק־אויוון אין דעם אַלקערל — די דירה וואָס האָט זיך געפונען אונטער דעם שטרויענעם דאַך.

דער אויוון זייערער איז איצט געווען כסדר אויסגעלאָשן. נאָר ווען לאה האָט צוגעשטעלט קאָכן דאָס ביסל וואַרעמס האָט אונטערן טעפּל אַ טליע געטאָן אַ פייערל, ווי דער פלאַם זאָל נישט קענען זיך דערכאַפּן. אויך דאָס בעטגעוואַנט אויף די אייזערנע בעטן איז כסדר געוואָרן נידעריקער, אָנגעלעגן. אין שטוב האָבן געווייעט, ווי שפּאַצירט, ווינטן.

די שכנים האָבן געוווסט לאהס נויט. ברוך רימער, אַ מיטלוואוקסיקער ברייט־פּלייציקער ייד מיט אַ געלע, צעקעמטע באָרד, אַ שכן אין געסל, איז אין אַ

זומער־אָוונט אַריין צו לאהן. אָן זיך אַרומצוקוקן, ווי ער זאָל מורא האָבן דערזען די נויט אין שטוב, האָט ער אַוועקגעלייגט אויפן אויסגעלאָשענעם אויוון אַ פּעקל עסנוואַרג און זיך אַ ווענד געטאָן צו לאהן, וואָס איז געשטאַנען אוי זיך געבראָכן די פינגער פון איבעראַשונג און בושה: „זאָל איסר מאָרגן קומען צו מיר אויף דער לער״.

ביידע, די מוטער און איסר, זענען געווען גערירט. איסר האָט געקוקט אויף דער מוטער מיט פרייד. די מוטער האָט געקוקט אויף איסרן מיט צער.

„אַ גוטן״ — האָט ברוך שטיל אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס פון שטוב, ווי דער שאָטן זאָל אים נאָכגיין.

פון דעם טאָג אָן האָט איסר געלערנט ס׳פאַך ביי ברוכן. היינט צו טאָג איז איסר אַ געזעל, וואָס קען די מלאכה. ער איז דער פרנסה־געבער אין שטוב. די פאַרדינסטן זיינע זענען באַשיידענע, קוים אויסצוקומען, אָבער די מאַמע מיט די געשוויסטער לעבן פון זיין אַרבעט און נישט פון פרעמד גוטס. די שכנים אין געסל שעצן איסרן. נישט איין שכנה, אַ מאַמע פון טעכטער, זאָגט אים די ערשטע „אַ גוטן מאָרגן״ און אַ פייכט, גלאַנציק הייטל פאַרציט זיך איבער אירע אויגן.

איסר אָבער געדענקט גוט זיין יוגנט: דעם טאָג ווען ער האָט אויפגעהערט גיין אין חדר און איז אַוועק אַרבעטן. דעם טאָג ווען יוזיפ מלמד, האָט געשיקט אַ תלמיד צו זיין מוטער. יוזיפ מלמד איז געווען אַ נידעריקער ברייטפּלייציקער געבוקטער ייד מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, וואָס האָט אים ווי געצויגן אַראָפּ. זיין וואָנסע איז געווען פאַרגעלט פונעם שנופּ טאַבאַק. די ברילן זיינע זענען ביי אים געזעסן אויף דער שפּיץ נאָז.

דער תלמיד האָט געזאָגט צו איסרס מוטער: „דער רבי האָט געהייסן זאָגן: — „אַ שאָד וואָס איסר לערנט נישט ווייטער״. דאָס ייִנגל האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, ווי ער זאָל וואַרטן אויף אַ תשובה. ער האָט אויך אַ קוק געטאָן אויף איסרן, געוואָלט ער זאָל אים עפּעס זאָגן. זיי זענען דאָך געווען חברים. איסר איז אָבער געשטאַנען אַ פאַרשעמטער מיט אַ צעפלאַמט פּנים און אַוועקגעקוקט. דאָס דאַרע ייִנגל מיטן הויכן האַלדז האָט דערשטוינט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער זאָל האָבן פאַרבלאָנדזשעט. מיט אַ מאָל, ווי דערמאָנענדיק זיך, האָט דאָס ייִנגל אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט״ און איז איילִיק אַרויס פון שטוב. אַ ווײַלע שפּעטער איז איסר אים נאָכגעלאָפן. די מוטער האָט פאַרבראָכן די הענט און כליפּע געטאָן, ווי זי זאָל זיך שטיקן.

איסר פאַרגעסט אויך נישט די חדשים, ווען ער איז געווען דער געהילף ביי ברוכן אין שטוב. גיטל, ברוכס ווייב, אַ הויכע, לייביקע פּרוי מיט אַ קליינעם קאָפּ אויף אַ נידעריקן האַלדז, האָט זיך מיט אים געשאַפן. ער האָט אויסגעגאָסן ס׳פּאָמישאַף, געברענגט אַ וויאַדרע וואַסער, אויסגעקערט די שטוב, אָפּגעטראָגן אַ פּעקל, געגאַנגען איינקויפן און ווען די מייסטערין איז געווען פאַרנומען, האָט ער איר געפּיאַסטעוועט ס׳קינד. איסר, אַ באַליידיקטער וואָס ער מוז

טאָן די אַרבעטן פון אַ מיידל, האָט יעדעס מאָל נאָך אַ צייט האַלטן ס׳קינד, אים אַ קניפּ געטאָן אין הינטערשטן. דאָס קינד פלעגט זיך יאָמערלעך צעווייגען און די מוטער האָט אים צוגענומען פון איסרן.

## ג

איסר שווייגט. ער איז באַעוולט פון לעבן. ער מיידט אויס מענטשן, האָט מיט זיי נישט קיין קאָנטאַקט. אים גייט נאָך דער אָפּהילך פון זיין באַרויבטער יוגנט. אויך איצט טראָגט ער אויס די פּאַרוויסטע משפחה־פּיין פון יאָרן. די מוטער די אלמנה, איר מבזהדיקע אַרבעט און די בויט פון זיינע געשוויסטער.

זיין שווייגן און זיין געמיט פּאַרטוט ער אין דער אַרבעט. ער זיצט מיט פּאַרלייגטע פּיס, ווי ער זאָל מיט זיי אַרומנעמען דעם הילצערנעם אייזל, אין ווענענס פּיסק עס איז איינגעקלעמט דער כאָמאָנט און ער נייט אים מיט אייפער.

ברוך דער מייסטער, וואָס טוט זיין אַרבעט, איז נישט געוווינט צו אַזאַ אימהדיקער שטילקייט. ער וואָלט געוואָלט, אַז איסר זאָל זינגען ביי דער אַרבעט ווי געוויינלעך אַ געזעל זינגט, ווען ער שטעכט אַריין די אָל אין לעדער און ציט אַדורך די דראַטווע דורכן לעכל. יעדעס מאָל, ווען די שטילקייט ווערט ברוכן דערווידער, גיט ער אַ קוק מיט פּאַרדראָס אויף איסרן פון הינטערן שטערן, אָבער ווי נאָר ער דערזעט די רעגלמעסיקע שטעך, וואָס איסר מאַכט ווי אַ מאַשין, גיט זיך ברוכס געלע באָרד אַ טרייסל פון אַנטציקונג און די האָר און זיין באָרד זעען אויס, ווי זיי זאָלן זיך פונאַנדערשיטן. ער טוט ווייטער זיין אַרבעט.

איסרס איינציקע פּאַרגיטיקונג איז די ביבליאָטעק. דאָ, אין דעם פּאַרוואָר־פּענעם געסל, אין די דריי חדרים, פון וועלכע מען האָט אַרויסגענומען די מיטלסטע ווענט און געמאַכט אַ זאַל און פּאַרשטעלט די ווענט מיט פּאָליצעס ביכער, דאָ האָט ער געפונען זיין רו. די גרינע לאָמפּנשיין וואַרפט אַ שאָטן אויף די געבוקטע געשטאַלטן, וואָס נישטערן צווישן די ביכער און זוכן די בויטיקע פּאַר זיי ווערק.

אויך איסר זוכט ווי אַלע אַנדערע זיין פּאַרלאַנגט בוך, אָבער זיינע באַוועג־גונגען זענען צוריקגעהאַלטענע, ווי ער זאָל נישט וועלן שטערן קיינעם און נישט וועלן מען זאָל אים באַמערקן. ער שעמט זיך פּאַר זיך אַליין. יעדעס מאָל, ווען ער האָט געפונען דאָס געזוכטע בוך, האָבן זיינע פּאַרמרוזשעטע אויגן זיך אַן עפן געטאָן, ווי זיי וואָלטן גרעסער געוואָרן. דאָס האָט ער אויס־געדריקט זיין אינערלעכע פּיעטעט פּאַר דעם געדרוקטן אות.

אַנומלט, ווען ער האָט זיך אויסגעזוכט מנחם באָריישאָס „דער גייער" און האָט דאָס בוך דערלאַנגט דער ביבליאָטעקאַרין זי זאָל עס אים פּאַרשרייבן,

האָט אויך זי אַ קוק געטאָן אויף אים פון אונטערן שטערן אַפיר. איר אויסגע־צויגן איצט פּנים, האָט אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג.

איסר האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט באַמערקט איר פאַרוווּנדערונג.

עסטאַ די ביבליאָטעקאַרין, אַ שלאַנק מיידל מיט אַ שוואַרצן געדיכטן קאָפּ האָר, וואָס האָט ווי געשימערט, מיט אַ קייליכיק פּנים און לאַנגע מאַניקורירטע נעגל, האָט אים פאַרשריבן דאָס בוך. דאָך האָט זי זיך נישט באַהערשט און אים אַ פרעג געטאָן: „פאַרוואָס נעמט איר דווקא דאָס בוך?" זי איז געווען זיכער, אַז ער וועט עס נישט פאַרשטיין.

איסר האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן, נאָר זיין פּנים האָט אַ פלאַם געטאָן פון בושה. ער האָט זיך דערפילט דערנידעריקט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עסטאַ, משה מאירס טאָכטער, דעם איינציקן אין שטעטל גאַלאַנטעריע־סוחר אין מאַרק, וואָס האָט אַ קליין שויפענצטער, באַציט זיך צו אים ווי צו אַ צוריקגעשטאַנענעם. נאָר ווען זי האָט פאַר אים אַוועקגעלייגט דאָס בוך, האָט ער איר שנעל אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל אַרויסוואַרפן די ווערטער פון מויל: „אויך אַ רימעריונג פאַרשטייט באַריישאַן" — און איז אייליק, אַן אַ גוטן אָוונט אַרויס פון לאָקאַל.

זי איז געבליבן געפּלעפט, נאָר באַלד האָט זי גענומען ווייטער פאַרשרייבן די דערלאַנגטע איר ביכער.

איסר האָט אין די ביכער אַנטדעקט נייע וועלטן און מענטשן. די ביכער האָבן אים מוסיף געווען און פאַרברייטערט זיין וויסן און ער האָט אין זיי דערקענט ס׳לעבן פון מענטשן, זיין משפּחה־לעבן און זיך אַליין. דאָס געדרוקטע אות האָט אויסגעברייטערט זיינע באַגריפן און באַנעם. ער האָט זיך געגריבלט אין די געדרוקטע שורות, געוואָלט דערגיין וואָס מער די פאַרבאָרגענישן פון מענטש און זיין עקזיסטענץ. ער האָט געלייענט אויפמערקזאַם יעדע שורה און ביי יעדער אָנגעטראָפענער געשעעניש זיך אַ פרעג געטאָן: „פאַרוואָס אַזוי?" אָפט האָט ער זיך אויך געענטפערט „ניין" אָדער „יאָ", אויסגעדריקט זיין מיינונג.

דאָס חקרנען זיך האָט אויפגעטרייסלט זיין געמיט. ער האָט געוואָלט וואָס טיפער אַריינדרינגען אין דעם פאַרבאָרגענעם פון מענטש און זיין סביבה, געוואָלט וואָס מער וויסן.

שוין אַ לענגערע צייט ווי איסר גייט אַרום אַ צעטומלטער. ער זעט נישט וואָס עס קומט פאַר אַרום אים. ער גייט אַרום אַ פאַרטראַכטער, פילט נישט די ענגשאַפט אין שטוב און פילט נישט דעם טעם אין עסן. אויך ביי דער אַרבעט פאַרטראַכט ער זיך אָפט. נישט איינמאָל מוז ער איבערמאַכן זיין געטוענע אַרבעט, ווייל די שטעך זיינע זענען שיטערע און נישט רעגלמעסיקע. ער זעט נישט די מענטשן אַרום זיך. ער קוקט ווי ער זאָל אַריבערקוקן. ער גייט און האָט דאָס געפיל ווי ער זאָל דאַרפן איבערקומען אַ ווייטן מרחק. אים דאַכט זיך, אַז אַרום אים איז ליידיק, ער פילט זיך עלנט און ער שווייגט.

אין דער נאַכט וועקט אים אָפּט אויף אַ פּחד און ער בלייבט ליגן אַ פאַרקוקטער אין דער פינצטערניש, ווי ער זאָל אַריינקוקן אין אַ תהום.

ער איז צעטומלט. אָט גייט ער אין גאַס און באַלד גייט ער צוריק אין שטוב. ער געפינט זיך נישט קיין אָרט. אים שטערן די אַרומיקע און דער אַרום. זיין געמיט ברויזט און איז אויך געדריקט. ער ווייסט נישט וואָס ער וויל און וואָס אים פעלט. ער שווייגט, נאָר ער דאַרף זיך אַראָפּרעדן און האָט נישט פאַר וועמען. נישט איינמאָל בלייבט ער שטיין און באַטראַכט זיין מאַמע, ווי ער זאָל וועלן צו איר צוגיין, איר עפּעס זאָגן, נאָר באַלד גייט ער אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

אין איינעם פון די טעג. עס האָט גערעגנט. שוין אַ גאַנצער מעת־לעת ווי עס איז געפאַלן אַ דינער רעגן. די נעץ איז אַריינגעדרונגען אין די ביינער פון די מענטשן. די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער האָבן זיך געוואַלגערט אַרום די ביימער. אַן אָנגעיאָגטער ווינט האָט זיי פונאַנדערגעטראָגן. דעם טאָג איז איסר אַרומגעגאַנגען אַן אומרויִקער, ווי עס זאָל אים דראָען אַ געפאַר. זיין קאָפּ איז אים ווי געלעגן אין די אַקסלען, ווי ער זאָל מורא האָבן אַ קוק טאָן און דאָך אַרויסגעקוקט, ווי ער זאָל עפּעס זוכן.

ער איז געגאַנגען פרי שלאָפן, אָבער ער האָט נאָר געדרימלט און כסדר זיך איבערגעוועקט. יעדעס מאָל, ווען ער איז ליגן געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן און געהאָרכט, ווי די מאַמע מיט די געשוויסטער אָטעמען, האָט ער זיך דערפילט עלנט. שפּעט אין דער נאַכט אַריין, ווען ער האָט זיך ס׳לעצטע מאָל איבערגעוועקט און די מאַמע האָט אַ שנאָרך געטאָן, ווי זי זאָל האָבן אַ קרעכץ געטאָן, איז ער אַ באָרוועסער אַראָפּ פון בעט.

די אָנגעדראָלטע מיט שטילקייט און פייכטקייט לופט אין שטוב האָט אים געקלונגען אין די אויערן. א ווײלע איז ער געשטאַנען, ווי ער זאָל טראַכטן וואָס ער דאַרף טאָן.

זיינע באָרוועסע סטאָפּעס האָבן אַ לאָפּע געטאָן דעם פּאָל, ווו ער האָט געשטעלט טריט. ער האָט פון שאַנק אַראָפּגענומען עטלעכע בלעטלעך פּאַפּיר און די בליי, וואָס זענען געלעגן גרייט שוין אַ צייט לאַנג. מיט אויגן אויפגע־ריסענע פון פּחד האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער און געהאָרכט, צי אַלע שלאָפן. ער האָט מורא געהאַט, צי ווער פון די שלאָפנדיקע וועט אים נישט נאָכקוקן. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן, זיך אַוועקגעזעצט און גענומען שרייבן אויף אַ שפּיץ פון טיש. אַ געבויקטער איבער זיך, מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, ווי ער זאָל זוכן די אותיות און ווערטער, האָט ער געשריבן פּאַמעלעך, נישט זיכער. קליינע, צונויפגעדריקטע אותיות און קרומע אויסגעלייגטע שורות האָבן באַדעקט איין בלעטל פּאַפּיר נאָכן אַנדערן.

מיטן קאַיאָר, וואָס האָט זיך אויסגעלייטערט, איז ער זיצן געבליבן אַ פאַרמאַטערטער. די בליי איז אים ווי אַרויסגעפאַלן פון האַנט. באַלד האָט ער

זיך ווידער איבערגעבויגן איבערן טיש און מיט אויפגעריסענע אויגן און שנעלן אָטעם געלייענט וואָס ער האָט געשריבן.

ער האָט געשילדערט מרדכין, דעם שטאָט־משוגענעם. מרדכי איז געווען אַ קליינער, דאַרער פּאַרשוין ביי וועמען די פּיאות זענען שוין געווען גרוי. ער האָט געהאַט אַ פּליישיקע נאָז און טיף איינגעזעצטע שוואַרצע, אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס האָבן פון מאָל צו מאָל א בליץ געטאָן. דאָס איז געשען, ווען ער איז שטיין געבליבן אין מיטן מאַרק, אָדער אין אַ געסל און זיך צוגעקוקט און געהאָרכט, ווי צוויי יידן רעדן זיך איבער וועגן אַ מקח. ער האָט געהאָרכט און געשוויגן, נאָר ווען ער האָט תופס געווען ווער פון זיי ביידע איז דער וואָס פּאָדערט, האָט ער אַ זאָג געטאָן דעם צווייטן: „גיב אים נאָך. ער דאַרף אויך פּרנסה". די יידן האָבן בדרך כלל אים פאַרשוויגן נאָר נישט איינמאָל האָט ווער פון די צוויי זיך אָנגעריסן אויף אים און אַ זאָג געטאָן אים מיט כעס: „משוגענער, גיי דיר דיין וועג!" אָדער „מרדכי, טראָג זיך אָפּ!" מרדכי האָט נאָר אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען, אַ קרעכץ געטאָן, ווי ער זאָל אויף זיך טראָגן אַ משׂא און איז אַוועק.

קינד און קייט אין שטעטל האָבן געקענט מרדכין. ווער ער איז און פון וואַנען ער איז געקומען האָט קיינער נישט געוווּסט. ער איז אין אַ זונטיק שטיין געבליבן אין מאַרק, ווי ער זאָל האָבן אַרויסגעוואַקסן פון די אויסברוקירטע קאַצנקעפּ. געווען יידן וואָס האָבן דערציילט וועגן אים פאַרשיידענע מעשהס, פּיקאַנטע, טרויעריקע און זיך געוויצלט אויף זיין חשבון. אָבער דאָס זענען אַלץ געווען לעגענדעס.

זינט ער איז געקומען אין שטעטל אַריין האָט מרדכי נישט געטאָן די האַנט אין קאַלטן וואַסער. ווען ווער פון די יידן האָט אים פאָרגעלייגט די גרינגסטע אַרבעט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. זיין פּאַראָל איז געווען: „איך דאַרף נישט קיין געלט". ער האָט טאַקע גאָרנישט געדאַרפט. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרצן מעלאַניק, וועלכן ער האָט געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ, אים געפּוצט און געגלעט. ווען זיינע בגדים זענען געוואָרן אָפּגעטראָגן, אויסגעריבן איז ער אַריין צו אַ בעל־הביתטע און זי אַ בעט געטאָן: „מרים, גיב מיר אַ פּאָר הויזן" אָדער „רבקה, גיב מיר אַ מאַרינאַרקע". ער האָט יעדן גערופן ביים נאָמען. ווען ווער פון די בחורים האָט אים אַ פרעג געטאָן ערנסט צי אין שפּאַס: „מרדכי, ווי אַזוי זאָגסטו צו אַלעמען דו", האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אויף אים מיט איין אויג פון דער זייט און האָט געענטפערט ערנסט: „דאָס וואָס ער אָדער זי האָט געלט איז נאָך נישט אַ סימן, אַז איך בין נישט אַ מענטש" — און ער איז זיך געגאַנגען זיין וועג.

יעדן פרימאָרגן איז ער אַריין צו אַן אַנדער פאַרמעגלעכער משפחה און געבעטן ברויט. ווען ווער פון די פרויען, וואָס ער האָט געבעטן, האָט געוואָלט אים געבן אויך אַן איי, אָדער עפּעס צו באַשמירן דאָס ברויט, האָט ער זיך אַ בייזער געטאָן: „מוחל טובות!" דאָס ברויט האָט ער פאַרטרונקען מיט

קאַלט וואַסער סיי זומער און סיי ווינטער. געשלאָפן איז ער אין בית המדרש אויף אַ באַנק. יעדן פרייטיק פרי איז ער געגאַנגען אין שוויץ אַריין.

אין אַ זוניקן מאָנטיק־פרי, האָט אַ פּאָליציסט אַפּגעזוכט מרדכין. שוין פון ווייטן האָט ער אים אַ רוף געטאָן און אים מבשר געווען: „מרדכי, איך אַרעסטיר דיך! קום!״

מרדכי האָט אָנגעקוקט דעם הויכן, בלאָנדן פּאָליציסט מיט דער לאַנגער שפּיציק פאַרדרייטער וואָנסע און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט געגאַנגען מיט אים. אינעם קאָזעהויף (אַרעסט־הויז), האָט דער פּאָליציסט אים אַ ווייז געטאָן אַ פּאַס מיט פעדערן און אים אַ באַפעל געטאָן: „ביז פאַרנאַכט מוזן די פעדערן זיין אויסגעשלייסט״ — און איז אַוועק.

פאַרנאַכט, ווען דער פּאָליציסט איז געקומען אים באַפרייען, איז מרדכי געזעסן אויף אַ שטיין. ער האָט אַפילו נישט גענומען קיין פעדער אין האַנט. דער פּאָליציסט איז געוואָרן מלא רציחה און מיט פאַרקריצטע ציין אים אַ פרעג געטאָן אויפן קול: „פאַרוואָס האָסטו נישט געשלייסט די פעדערן?״ זיין פּנים האָט געפלאַמט.

מרדכי האָט אים נישט באַלד געענטפערט, ווי ער זאָל נישט האָבן געהערט וואָס דער פּאָליציסט האָט אים געפרעגט. ער האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל רעדן צו זיך: „ווער עס האָט געפרעסן די גענדז, דער זאָל שלייסן די פעדערן״ און פּאַמעלעך מיט אַ קליינעם שריט גענומען גיין צום אַרויסגאַנג־טויער, ווי ער זאָל שפּאַצירן. דער פּאָליציסט איז געבליבן געפּלעפּט פון איבעראַשונג.

דאָס אַלץ האָט איסר געשילדערט אויפן הינטערגרונט פון די שטאָט־געסלעך און דעם מאַרק, דעם קאָזעהויף און די קאָזע. ער האָט געשילדערט מרדכין אַלס דעם בונטאַר פון דער גאָזעלשאַפט. פון זיינע שילדערונגען האָט זיך אַרויסגעלייענט זיין נאָענטקייט צו מרדכין. ער האָט אין מרדכין געזען דעם שותּף צו זיין אייגענעם גורל און אים באַוווּנדערט פאַר זיין מוט ביים קעגנשטעלן זיך זיין גורל.

ווען איסר האָט געענדיקט לייענען, איז ער זיצן געבליבן, ווי עס בלייבט ליגן אַ פולער, אַראָפּגעלאָזטער אויף דער ערד זאַק. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. אַמאָל זענען די אויגן זיינע געווען גרויס, אויפגעריסן פון פאַרוווּנדערונג, אַמאָל האָט ער זיי געמרוזשעט פון שרעק וואָס ער האָט געטאָן, געשריבן. זיין געמיט איז געווען אויפגעטרייסלט. ער האָט נישט געקענט זיך באַהערשן. ער האָט אין געדאַנק זיך געפרעגט און נישט געקענט זיך ענטפערן פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן. אַן אויסגעשראָקענער האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער, צי אַלע שלאָפן, זעען נישט. ער האָט שנעל צונויפגענומען די פאַרשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר און זיי אַריינגעשטופּט אונטערן שעניק (שטרוייזאַק) פון זיין בעט. דאָס ברודערל, זיין ביישלעפער האָט זיך אויפגעוועקט, אָבער איז באַלד ווייטער איינגעשלאָפן.

# ד

שלאַקס־רעגנס, ווי עס זאָלן זיך גיסן צעבערס וואַסער, האָבן געצוואָגן די הייזער און ברוקשטיינער. פון מאָל צו מאָל האָט אַ בייזער ווינט אַ יאָג געטאָן, ווי ער זאָל אַדורכשניידן די אָנגעזאָפּטע מיט נעץ לופט, וואָס האָט אַדורכגענומען די מענטשן. די שטרויענע דעכער זענען געווען ספּענטשניעיעט (אָנגעדראָלן) ווי זיי זאָלן האָבן אויפגעיוירן. דער מאָך אויף זיי האָט געגלאַנצט. די נאַקעטע ביימער האָבן אָן אויפהער זיך געוויגט, ווי זיי זאָלן שמייסן דעם חלל. דאָס שטעטל האָט זיך ווי צונויפגעקאָרטשעט, ווי די הייזער און די געסלעך זאָלן האָבן קלענער געוואָרן.

אויך ביי איסרן אין שטוב איז די לופט געווען אַ פייכטע ווי אָט, אָט גיט פון איר אַ טריף אַ טראָפּ, כאָטש אין אויוון ביי זיי האָט געטליִעט אַ פייער. די פייכטקייט פונעם דורכגעווייקטן שטרוידאַך האָט אויך אָנגעצויגן אין די ווענט. אויך דאָס בעטגעוואַנט אין די בעטן איז געווען אָנגעצויגן, ווי עס זאָל זיין נאַס. אין דער גרויסער, נידעריקער שטוב מיט דער הילצערנער סטעלע האָט נישט נאָר געהויזט דער האַרבסט, נאָר אויך די ליידיקייט נאָכן טאָטן און מאַן.

לאה די מוטער, האָט אויסגעזען ווי זי זאָל זיין איינגעקאָרטשעט, אירע פינגער זענען געווען שטאַר פון קעלט, כאָטש זי האָט געהאַט אויף זיך דעם ברוינעם בייענעם קאַפּטאַן אָן אַרבל. די שטוב אירע איז געווען ווי ליידיק, כאָטש אין איר האָט זיך גאָרנישט געענדערט. זיט יאָרן זענען אין איר געשטאַנען: די צוויי טיריקע שאַנק, די צוויי אייזערנע בעטן, דער הילצערנער טיש, די בענקלעך און דער עמער מיט וואַסער. זי האָט נישט נאָר געקענט יעדן פוס פון בעט, טיש, בענקל און פון דער שאַנק נאָר אויך געוווּסט אויף וועלכן אָרט עס געפינט זיך אַ זשאַווערפלעק אויפן בעט, אָדער אַ שפּעלטל אין דער שאַנק. זי האָט געשטאַרט פון קעלט, נאָר געזאָרגט פאַר די קינדער. זי האָט געשיילט קאַרטאָפל און צוגעשטעלט אַ יושקע. זי האָט איבערגעקליבן באָבעלעך, אָדער געקנאָטן קליסקעס. זי האָט זיך געפּאָרעט, געמוזט באַווייזן ווען די קינדער וועלן קומען אין שטוב, זאָלן זיי האָבן גרייט אַ ביסל וואַרעמס צו עסן.

די צוויי מיידלעך אירע, די פּערצניעריקע הינדעלע, אַ שלאַנקע מיט אַ קיילעכיק, גלאַטיק פּנים, קליין נעזל און שוואַרץ־געלאָקטע האָר און די צוועלף־יעריקע באַשע, אַ דיקלעך מיידעלע מיט רויטע קיילעכיקע בעקלעך און רויטע האָר, האָבן געקלעפּט טיטן ביי מאַנעסן דעם טיטנמאַכער. לייבל, דאָס ניינ־יעריקע ייִנגל איז געגאַנגען אין חדר. די מוטער האָט געאַרבעט צו ביסלעך, געגרייט עסן און איז געווען אַדורכגעפּרוּוירן. זעלטן ווען איז לאה אַרויס פון

שטוב, נאָר ווען זי איז געגאַנגען איינקויפן אָדער ווען אַ פאַרמעגלעכע פרוי האָט זי גערופן אָפּשניידן די נעגל פון די פיס, אָדער איבערקעמען איר שייטל. פרויען פון איר ס׳גאַל האָבן די שייטלעך זייערע געבראַנגט איר אין שטוב. איר ווערקשטעל האָט זיך געהאַט אין אַלקערל. לייבל, דאָס הויכע דאַרע ייִנגל מיט שמאָלע האַנטפלאַכן און לאַנגע פינגער, הויכן שטערן און שוואַרצע טיף־איינגעזעצטע אויגן, האָט טאַקע זייער אָפט זיך אַריינגעשלייכט אַהין. ער איז געשטאַנען און באַטראַכט די הילצערנע קעפּ, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טישל מיט אָנגעטוענע אויף זיך שייטלען און געוואַרט ווער פון זיי וועט אפשר אַ רעד טאָן. די מוטער האָט דאָס געוווּסט. זי האָט יעדעס מאָל ווען זי האָט דערזען, אַז ער געפינט זיך אין אַלקערל, אויף אים אָנגעשריגן „לייבל, גענוג!“ ער איז שנעל אַרויסגעלאָפן, ווי די מוטער זאָל אים האָבן געכאַפּט ביי אַ גניבה.

דער פּרנסה־געבער אין שטוב איז געווען איסר. יעדן דאָנערשטיק אין אָוונט נאָכן מאַרקטאָג, האָט ברוך אים אויסגעצאָלט פאַר דער וואָך אַרבעט. ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב, האָט ער דער מאַמען אָוועקגעגעבן דאָס געלט. יעדן דאָנערשטיק אין אָוונט, ווי דאָס זאָל זיין דאָס ערשטע מאָל, האָט לאה די מוטער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און מיט אַ גראָבן פינגער אויס־געווישט זיך די אויגן. די ליפּן אירע האָבן געציטערט. אויך איסר, ווי נאָר ער האָט איר אַ זאָג געטאָן „מאַמע“ און איר דערלאַנגט דאָס געלט, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זי געלאָזט שטיין. ער האָט נישט געוואָלט זען אירע נאַסע אויגן און די ציטערדיקע ליפּן. ווען ער האָט זיך געגנויטיקט אין אַ פּאָר גראָשן האָט ער איר אָנגעזאָגט: „מאַמע, האָב גענומען געלט אין שאַנק“. די מאַמע האָט יעדעס מאָל פאַרביסן די ליפּן, אירע ווימפּערן האָבן אַ ציטער געטאָן און איר קאָפּ איז געבליבן הענגען איבער איר ברוסט, ווי דער נאַקן זאָל זיך איר האָבן איבערגעבראָכן.

שכנים, ברייט־בייניקע יידן מיט לאַנגע בערד, וואָס האָבן ווינטער געטראָגן אַרומגעגאַרטלט באַנדעס און טיפע יוכטענע שטיוול און זומער צעקנעפּלטע וועסטן און האָבן אויך געוווינט אין דעם שמאָלן האַלברונדן, ווי אויסגעדענט געסל, האָבן געקענט איסרן. יעדער באַזונדער האָט מיט הנאה אים געענטפערט „אַ גוט יאָר דיר“ אויף זיין „גוט מאָרגן“, כאָטש ער איז נאָר געווען אין זייערע אויגן אַ ייִנגל.

אַנומלט, אין אַ פרימאָרגן, ווען זלאַטע די מילך־יידענע, לאהס שכנה פון אַנטקעגן, איז אַריין אין שטוב, האָט איציק איר מאַן זי אַ פרעג געטאָן: „וואָס אַזוי שפּעט?“

זלאַטע, אַ קאָרפּולענטע פרוי מיט אַ פליישיק פּנים, דיקע אויסגעאַרבעטע הענט, מיט אַ שערץ איבער די לענדן, האָט אים געענטפערט: „זיך פאַרהאַלטן ביי לאהן“ — און שטיל ווי זי זאָל רעדן אונטער דער נאָז צוגעגעבן — „איר אָוועקגעגעבן די רעשטלעך מילך“.

איציק בעל־עגלה, אַ מיטלוווקסיקער, קנאַכיקער ייד, ווי אַ בוימפּניאַק, האָט געהאַט אַ פול פּנים און אַ קאַנטיקע גאָמבע און איז געשטאַנען אַן אַנגעלענטער מיט אַן אַקסל אין דער וואַנט, אפשר אַ פאַרטראַכטער און אפשר האָט ער זיך אָפּגערוט. ווי די ווערטער זאָלן זיין קאַנטיקע, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אַ שטוב מיט יתומים".

— נאָר אַ זון האָט זי, אויף אַלע יידן געזאָגט — האָט זלאַטע אים געענטפערט. זי האָט אָפּגעזיפצט און ממשיך געווען — דאָס איז איר לוין פאַר איר פאַרפינצטערט לעבן.

— איסר! איסר! — האָט איציק ווי אַ רעווע געטאָן און מיט אַלע פינגער זיך געקראַצט דעם קאָפּ — ווו איז חנה, אונדזער מיזינקע? — האָט ער ווי נייגעריק אַ פרעג געטאָן.

— זי וועט באַלד קומען — האָט זלאַטע אַ מידע אים געענטפערט און גענומען זיך פּאָרען. ביידע האָבן זיי פאַרשטאַנען וואָס דער אַנדערער האָט געמיינט.

פאַרבייגייענדיק האָבן די שכנים פון געסל באַטראַכט איסרן, אים געגלעט מיט די אויגן. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך, געקוקט אַראָפּ, ווי ער זאָל איז גאָרנישט זיין פאַראינטערעסירט, נאָר זיין פּנים איז געווען אָנגעשטרענגט און די קינבאַקן זיינע זענען געווען בולט. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. אים האָט געמאַטערט דער געדאַנק „אפשר נישט", נאָר ער אַליין האָט נישט געקענט זיך געבן אַ תשובה פאַרוואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן. ער האָט זיך געאַמפּערט מיט זיך און זיין געמיט האָט געברויזט. זיין איך איז געווען האַלבירט. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. ער האָט זיך נאָר אויסגעלעבט אין קרייז פון זיין משפחה און דער אַרבעט, אָבער זיינע געדאַנקען האָבן זיך געקלאַמערט אין אַלץ און אין אַלעם וואָס אים איז אויסגעקומען צו זען.

נישט איין מאָל איז איסר זיצן געבליבן אַ פאַרטראַכטער מיט דער אָל אין האַנט, ווי ער זאָל עפּעס קאָנטראָלירן. ברוכס געלע צעקעמטע באָרד האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. ער האָט געוואָלט אַ פרעג טאָן איסרן „וואָס זיצסטו?" נאָר ער האָט נישט געוואַגט עפענען דאָס מויל, כאָטש ער איז געווען דער בעל־הבית. ער האָט נאָר אַ זאָג געטאָן: „די פייגל זענען אַוועקגעפלויגן".

איסר האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי ער זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ברוך געמיינט אים. ער האָט שנעל איינגעשטאָכן די אָל אין דעם בויכגאַרטל און אַדורכגעצויגן די דראָטווע, גענייט ווייטער.

איסר האָט געמיטן מענטשן. נישט איין מאָל איז ער אַראָפּ פון דער פּאָטשיבע, נישט געוואָלט זיך אָנשטויסן אויף אַ באַקאַנטן, כדי נישט מוזן זיך מיט אים אַדורכרעדן. זיינע געדאַנקען זענען געווען פאַרנומען. זיין מוח איז געווען באַשעפטיקט. ער האָט געשוויגן, אָבער ער האָט גערעדט מיט זיך אַליין. ער האָט כסדר געפירט שמועסן מיט פאַרשידענע מענטשן, טיפן מיט וועלכע

ער האָט זיך בכלל נישט געטראָפן און נישט איין מאָל, ווען ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז דאָס רעדט ער מיט זיך אַליין, האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן: „וואָס טוט זיך מיט מיר?!״ ווו נעם איך צונויף די מענטשן?״ און פאַרגעזעצט זיין באַשעפטיקונג אין שטוב, אין גאַס, צי ביי דער אַרבעט.

דאָך האָט ער נישט אַדורכגעלאָזט וועלכע עס איז מעגלעכקייט. יעדע פרייע מינוט, האָט ער זיך געשלייכט איבער די געסלעך. ער איז געשטאַנען אין דער זייט און געקוקט, ווי אַ גאַרבער אין אַ דורכגעפעטסטן לעדער־פאַרטעך שאָבט אַ פעל, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגן פון קאַלכגרוב, אָדער ווי אַ גאַרבער מיט הענט באַדעקטע מיט אָדערן און געלע נעגל, פעלזט אַ פעל, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגן פונעם דאַמבגרוב. ער איז שטיין געבליבן הינטער אַ פענצטער, ווען צו אים איז דערגאַנגען דער ריטם פון האַמערקלאַנג און אַ שוסטער האָט געהאַקט הילצערנע פלעקלעך אין אַ צעווייקטער זויל. זיין אויער האָט אויפגע־כאַפּט דעם ניגון פון דער ניימאַשין, וואָס האָט מיט געאייל געשטעפּט די הויזן און מאַרינאַרקעס, וואָס די טאַנדייטער האָבן געגרייט פאַר די מאַרקהענדלער.

שוין באַגינען גייט איסר צו דער אַרבעט. ער אַרבעט שווער, אַ סך מאָל ווען די אַרבעט איילט, בלייבט ער אַרבעטן ביז אין דער נאַכט אַריין. פאַראַן אויך נעכט, ווען ער שלאָפט נאָר עטלעכע שעה. זיינע אויגן זענען אים ווי קלענער געוואָרן און זענען רויט. אים פעלט דער שלאָף. אויך דאָס פּנים זיינס איז אָפּגעצערט און בלייך. ער אָטעמט שנעל. ער לעבט אין צוויי וועלטן: די ווירקלעכקייט: זיין היים, די אַרבעט און סביבה. ער לעבט אויך אין אַ וועלט פון וויזיע, וועלכע ער פרווט רעאַליזירן.

פון אָנשטרענגונג פילט ער דעם בלוטשטראָם אין די אָדערן. זיינע שלייפן האַמערן אים און נישט איין מאָל ווערט אים ענג אין קעל, ווי עס זאָל אים האָבן פאַרפעלט אָטעם. דעמאָלט זעט ער נישט וואָס עס טוט זיך אַרום אים. דעמאָלט לעבט ער מיט די געשעענישן און די מענטשן וואָס ער האָט זיי אויסגעזוכט און צונויפגעפירט אין דער פאַנטאַזיע. דעמאָלט לעבט ער נישט מיט דער ווירקלעכקייט. דעמאָלט איז ער נערוועז און וואַרט, קוקט אויס מיט אומגעדולד די נאַכט. אין די נעכט דערוואַרט ער זיך קוים ביז די מאַמע צעבעט די בעטן און די געשוויסטער גייען שלאָפן. ער וואַרט ביז די מאַמע גייט אַריין אין אַלקערל, טוט דאָרט אויס ס׳שייטל, קומט צוריק מיט דעם קאָפּ אַרומגעבונדן מיטן קאָפּטיכל און לייגט זיך אויך אין בעט אַריין, אָבער איידער זי שלאָפט איין גיט זי אים אַ זאָג: „איסר, זיץ נישט לאַנג, דאַרפסט זיך אויסרוען״.

— יאָ, יאָ מאַמע — פּטרט ער זי אָפּ מיט אומגעדולד. ווי נאָר ער דער־הערט איר טיפן אָטעם, זעצט ער זיך צו ביים עק פון טיש, נעמט אַרויס און לייגט פונאַנדער די בלעטלעך פּאַפּיר און שרייבט. פאַראַן שורות, וואָס ער שרייבט שנעל, ווי זיי זאָלן פון אים פליסן און נישט איין מאָל בלייבט ער זיצן דערשטוינט דערפון, וואָס דאָס ליגנדיקע פאַר אים בלעטל פּאַפּיר ווערט

שנעל באַדעקט מיט אותיות. עס זענען אָבער געווען אויך ווערטער, וועלכע ער האָט געשריבן ווי מיט כוח, ווי ער זאָל זיי קריצן אין שטיין און צום סוף פלעגט ער זיי אויסשטרייכן און איבערשטעלן. נישט איין מאָל ווען ער איז זיצן געבליבן פאַרטראַכט, ווי אַזוי ער זאָל ממשיך זיין, האָט ער געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פון פחד, ווי ער זאָל קוקן ווייט, כאָטש אים אַנטקעגן איז געווען אַ טויבע וואַנט. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דעם וואָס ער טוט. ער איז געווען באַהערשט פון אַן אומרו, געווען נישט זיכער. „צוליב וואָס? פאַר וועמען?" נאָר באַלד האָט דאָס בלוט אַ ברויז געטאָן אין זיינע אָדערן, ער האָט דערפילט דעם דופק אין קערפער און ווייטער געשריבן.

ער האָט געשריבן מיט מורא און נאָר פאַר זיך אַליין. זיין מורא איז געווען, צי האָט זיין שרייבן עפּעס אַ ווערט און באַדייט. דעם סוד, אַז ער שרייבט האָט ער געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. נישט איין מאָל, ווען די מוטער האָט אַ באַוועג געטאָן מיט אַ האַנט אָדער פוס, האָט ער אַן אויסגעשראָקענער אַ קוק געטאָן אויף איר מיט איין אויג פון דער זייט, צי זי איז וואַך, זעט. די מוטער האָט זיך געוועקט, די ליכט האָט איר געשטערט דעם שלאָף. אָבער זי האָט נישט געעפנט די אויגן. זי האָט אים נישט געוואָלט שטערן. כאָטש איר איז נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז איר איסר וויל ווערן אַ שרייבער. ער האָט געשריבן ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, ביז ער האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ, נישט געקענט צונויפשטעלן די ווערטער. דער מוח זיינער איז געווען מיד.

נישט נאָר אין אויסזען האָט איסר זיך געביטן. אויך די געשעענישן האָט ער איצט אַנדערש אויפגענומען און אַנדערש אויף זיי רעאַגירט. ער האָט פון שטענדיק געוווסט, אַז מענטשן זענען איינגעטיילט אין קלאַסן, אָבער איצט האָט ער זיך געגעבן די מי, ער האָט געקוקט און געוואָלט וויסן, ווי יידן לעבן. ער איז נישט איין מאָל אַריין אין אַ קראָם פון עסנוואַרג מיט אַן אויסרייד „גיט מיר אַ פודעלע שוועבעלעך" און זיך צוגעקוקט, ווי אַ יידענע מיט אַ פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען טיכל, קויפט אַ קוואַטערל בוימל און אַ פערטל פונט מאַרמעלאַדע. ער האָט אויך געזען, ווי פרויען מיט פאַרקעמטע שייטלען קויפן פעקלעך צוקער, געטריקנטע פלוימען, כל מיני האַדלעך, פעפער און נעגעלעך.

ער איז נישט איין מאָל אין אַ פאַרטאָג, אויפן וועג צו דער אַרבעט, אַריין צו טוביה בעקער, אַ דאַרן אויסגעמעלטן ייד מיט אַ שפּיציק אויסגעצויגענער באָרד, געקויפט ביי אים אַ פּלעצל און געזען, ווי אַ מיידעלע מיט אַ פאַר־שלאָפן נאָך פּנימל און אין נאָך נישט פאַרשנורטע שיכלעך, דערלאַנגט טוביהן דאָס אָנגעציילטע געלט פאַר אַ ראַזאָווע ברויט. ער האָט אויך געזען די שלאַנקע טאָכטער פונעם שניטקרעמער אין מאַרק, ווי זי קויפט אַ האַלב טוץ געקאָכטע בייגל מיט מאָן.

ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען, איז ער שטיין געבליבן פאַר אַהרנס יאַטקע און אַ באַטראַכט געטאָן, וואָס אין איר קומט פאָר. אהרן קצב, אַ קרעפקער ייד מיט אויסגעאַרבעטע קורצע הענט, איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ פאַר־בלוטיקטן זאַק, די באַגעוויצעס אַריינגעלאָזט אין די טיפע כאַלעוועס און כמעט שטענדיק געוועטשט דאָס ברייטע מעסער אויף דער לאַנגער שטאָל. אַ צווייט מאָל האָט ער געזען, ווי ער טרייבערט אַ זייטל פלייש און שניידט פּריטשן. ער האָט אויך געזען ווי יאַכעט, די הויכע דאַרע פרוי, פּיניע שוסטערס ווייב, באַטראַכט דאָס קאָפּפלייש, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. טאַפּט אָן צי די וואַמפּ, וואָס איז געהאַנגען, איז נישט טרוקן און באַקוקט דעם מיקער, וואָס איז געלעגן אין אַ שיסל, צי ער איז ריין. צום סוף האָט זי געהייסן אַהרנען ער זאָל פאַר איר אָפּשניידן אַ שטיקל מיקער, וואָס זאָל איר סטייען צום פאַרטיילן פאַר איר הויזגעזינט.

איסר האָט אויך דערפילט די ענגשאַפט אין זיינע דל״ת אמות און דעם מאַנגל פון צייט. די אַרבעט זיינע האָט נישט נאָר פאַרשלונגען זיינע טאָג־שעהן, נאָר טיילמאָל אויך זיין אָוונט. זיין טאָג־טעגלעכער גאַנג איז געווען פון שטוב צו דער אַרבעט און צוריק אַהיים. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך, ווי דאָס פערד מיט פאַרשטעלטע אויגן, געשפּאַנט צו אַ ברונעמראָד. ער איז געווען מיד פון דער אַרבעט און זיין וואָך אין די נעכט. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין אייגן ווינקל אין שטוב.

ער מיט זיין משפחה האָבן אויך נישט געלעבט אין רחבות. ער האָט געזען ווי די מאַמע זיצט איבער אַ קינדס בגד און לייגט אַ לאַטע אָדער צערע. ער האָט אויך געוווּסט, אַז די מאַמע ניצעוועט איבער הינדעלעס אַ קליידל פאַר באַשען און אַז פון זיינע אָפּגעטראָגענע הויזן גיט זי איבערניין אַ בגד פאַר לייבלען. אויך אין עסן איז די מאַמע געווען אויסגערעכנט. פלייש האָט מען ביי זיי געגעסן נאָר צוויי מאָל אַ וואָך — שבת און דינסטיק. דינסטיק זענען די צוויי שוועסטערלעך געקומען פריער אַהיים פון מאַנעסן דעם טיטנמאַכער. זיי זענען ווי אָנגעלאָפן אין שטוב אַריין. זיי האָבן קוים זיך דערוואַרט ביז איסר איז געקומען און מען האָט זיך געזעצט צום טיש עסן.

נישט איין מאָל אין אָן אָוונט האָט אים פאַרנומען ביים הארץ, ווען די מאַמע האָט אין אַלקערל ביים צעקעמען אַ שייטל, אַ זיפץ געטאָן און אַ זאָג געטאָן זיך, ווי זי זאָל פליסטערן: „פינצטער אָפּ די יאָרן אַליין". זי איז געווען זיכער, אַז קיינער האָט נישט געהערט איר יאָמער.

דאָך איז איסר נישט אָפּגעשטאַנען און אָפּט אין די אָוונטן זיך געשלייכט איבער די געסלעך און געגאַפט ווי פון אַ טאַנדייטערס אויפגעפּראַלטער טיר זעצט אַ פאַרע־טומאַן פון די געפּרעסטע דאַרט אויף נאַס מלבושים, אָדער ווי אַ ייד אַ טאַנדייטער, מיט דער מאָס איבערגעהאַנגען איבערן האַלדז ווי לייצן, אין אַ צעקנעפּלטן וועסטל, שטייט אַ באַרוועסער פאַר דער טיר און בלאָזט אַריין אינעם אָפּענעם פּרעסאייזן, כדי צעפלאַקערן די האָלצקוילן.

ער איז אויך שטיין געבליבן פון ווייטן, ווי ער זאָל ווען דערפילן די מאכלים, זייערע ריחות, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען ביי אַן אָפן פענצטער פון אַ ייד אַ דאָרפסגייער. אָט אַזאַ ייד, וואָס איז עטלעכע טעג נישט געווען אין שטוב, נאָר זיך געשלייכט איבער די דערפער, געזוכט קויפן אַ קעלבל, עטלעכע הינער צי אַ קאָרץ תבואה, האָט געגעסן זיצנדיק אַ באָרוועסער, אין אַ צעקנעפלט העמד און די באָרד זיינע האָט ווי געגלעט זיין פאַרשוויצטן ברוסטקאַסטן. מיט אַ קאָפּל אויפן קאָפּ פלעגט אַזאַ ייד זיצן איבער אַ שיסל קאַרטאָפל, אַ טעפל קלייען־באָרשטש און אַ טעלער קאַרפּיאַלעס. פון די הייסע מאכלים האָט געהאַקט אַ פּאַרע, ווי אַ רויך פון אַ קוימען. דער ייד האָט בנעימותדיק זיך צוגעטראָגן צום מויל איין לעפל געקעכטס נאָכן אַנדערן, געגעסן מיט אַפּעטיט.

איסר האָט נאָכגעקוקט די יידן, געוואָלט אַריינדרינגען וואָס מער אין זייער מהות און שטייגער, דערגיין ווער זיי זענען און זיי דערקענען. ער האָט געוואָלט קענען דעם יידס פרייד און זיינע ליידן. ער האָט מיט די יידן געהאַט אַ מגע, כאָטש ער האָט זיך מיט זיי פּערזענלעך נישט געטראָפן. ער איז געווען איינער פון זיי, אויסגעוואַקסן צווישן זיי און איינגעוואַקסן אין זיי.

## ה

דאָס שטעטל וואָלבראָם איז געלעגן אונטערן שניי. דער שניי אויף די שטעגן און אין די געסלעך איז געווען אויסגעטרעטן, נאָר אַרום די הייזער איז דער שניי געלעגן וואַלן, וואַלן ווי אָנגעשיטע בערג, ביז אונטער די פענצטער. די באַלייגטע מיט שניי דעכער האָבן אַרויסגעשטאַרט ווי שוואָמען פון די וואַלד־גרעזער אַרויס.

„עמך", אין טיפע שטיוול און אין אַרומגעגאַרטלטע באַנדעס, מיט אַריבער־געצויגענע איבער די אויערן קיטשמעס, זענען געגאַנגען איילִיק און געבלאָזן פון זיך. זייער אויסגעאָטעמטע פּאַרע איז נישט ביי איינעם פון זיי געבליבן פאַר־פרוירן אויף זיין באָרד. אויך דער לעבנסשטייגער אין שטעטל איז איצט געווען אַ פאַמעלעכער ווי ער זאָל זיין איינגעפרוירן. די יידן האָבן געוואַרט אויפן זומער, געווען זיכער, אַז ער וועט קומען.

אויך איסר האָט אין דעם שווערן ווינטער געפירט זיין לעבנסשטייגער לויט אַ סדר. ער האָט געאַרבעט און געשריבן. ס'זענען אים כסדר צוגעקומען נאָך און נאָך פאַרשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר, נאָך אַ נייע דערציילונג. ער האָט ווייטער געמיטן מענטשן. ער האָט מיט זיי גערעדט נאָר דאָס נויטיקע, דאָס טאָג־טעגלעכע. ער איז געווען אַריינגעטאָן אין זיך. אין משך פון טאָג האָט ער באַטראַכט און געזען, אין די נעכט פאַרשריבן. ער האָט געשפּונען זיינע

פֿאַנטאַזיעס, זיך אויסגעלעבט מיט זיינע העלדן, וואָס זענען געווען די פּראָטאָ־טיפּן פֿון די יידן אין שטעטל.

ער איז געגאַנגען איבער די געסלעך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער זאָל אַראָפּקוקן צו די מענטשן. אַ צווייט מאָל איז ער געגאַנגען מיט אַן אויס־געשטרעקטן קאָפּ, ווי ער זאָל אַריבערקוקן איבער די מענטשן. די אַלע מיט וועמען ער איז געקומען אין באַרירונג און זיינע שכנים אין געסל האָבן אים טאַקע באַטראַכט פֿון דער זייט און אים אויך נאָכגעקוקט. אַנומלט, אין אָוונט, ווען ער איז אַריין אין זיין ווינגעסל, האָט ער זיך אָנגעטראָפֿן אויף צוויי ברייטפּלייציקע יידן, דוד און משה. זיי זענען אַרויס פֿאַר דער טיר אויף אַ ווילע אין זייערע באַרכענטענע שפּענצערס און זיך דורכגערעדט וועגן זייערס אַן עניך. זיי האָבן גערעדט און פֿון מאָל צו מאָל האָט יעדער פֿון זיי אַ צעפּיר געטאָן די הענט, ווי זיי זאָלן זיך אַליין שלאָגן. זיי האָבן אַזוי נאָך זיך דער־וואַרעמט. אַ פֿאַרטראַכטער איז איסר פֿאַרבייגעגאַנגען, נישט זאָגנדיק זיי קיין גוט אָוונט. ביידע יידן זענען שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן.

— געוואָרן אַ יאָ טעביע דאָם! — האָט דוד אַ זאָג געטאָן משהן.

משה האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מיט אים מסכים און אַ זאָג געטאָן דודן: „עס שטעלט זיך אַ קרירה. מען דאַרף אַריין אין שטוב. אַ גוטן!"

— אַ גוטן! — האָט דוד אים געענטפֿערט און יעדער פֿון זיי איז אַריין צו זיך אין שטוב.

אויך ביי דער אַרבעט האָט איסר איצט על פּי רוב געשוויגן. ער האָט ברוכן זיין מייסטער געענטפֿערט נאָר ווען יענער האָט זיך צו אים געוואָנדן. אין משך פֿון טאָג האָט ברוך נישט איין מאָל אויפֿגעהויבן זיין פֿליישיקן קאָפּ אוז זיין געלע באָרד האָט אַ שימער געטאָן, ווי די האָר זאָלן זיך האָבן אָנגעצונדן. ברוך האָט זיך געכעסט. ער האָט געוואָלט רעדן מיט איסרן, נאָר באַלד האָט ער ווידער געטאָן זיין אַרבעט, מוותר געווען.

נאָר אין איינעם אַ טאָג איז איסר געקומען צו דער אַרבעט און אַ זאָג געטאָן אויפֿן קול צו ברוכן „גוט מאָרגן!" און זיך אָוועקגעזעצט אויף זיין היל־צערנעם אייזל. געאַרבעט. אַן אָנגעברוגזטער פֿון אַ גאַנצער וואָך האָט ברוך שוין דאָס מאָל נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט איסרן אַ פֿרעג געטאָן ווי אין שפּאָס:

— ווייזט אויס, אַז ביי דיר איז אַ רענדל אַ וואָרט.

אָבער אויך איצט האָט איסר נאָר אַ שמייכל געטאָן, אים גוטמוטיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַריינגעשטאָכן די אָל אינעם שטיק לעדער, וואָס איז שוין געווען איינגעקלעמט אינעם אייזלס פּיסק פֿון נעכטן נאָך. איסר האָט פֿאַרשטאַנען וואָס ברוך וויל, נאָר אים האָבן מער נישט אינטערעסירט די שמועסן מיט אים.

איסר האָט געלעבט דעם שטייגער, ווי די יידן אין שטעטל. ער האָט אין זיך געאָטעמט, ווי ער זאָל אין זיך אַריינזאַפּן, זיך געזעטיקט מיט דעם אַרום. ער אַליין האָט ווי געשטאַרט, געווען איינגעוואַקסן אין דער שטעטלדיקער ווירקלעכקייט. ער איז געווען איינגעוואַקסן אינעם יש אין שטעטל. ער האָט נישט געוואָלט אַוועק פון שטעטל. ער האָט אין זיך נאָר געטראָגן דעם דראַנג און פאַרלאַנג צו באַווייזן די יידן אין שטעטל און די יידן אין פוילן, ווי אַזוי יידן אין וואָלבראָם לעבן. ער האָט געשטרעבט מען זאָל אים ערגעץ ווו אָפּדרוקן.

טעג, וואָכן און ער געפינט זיך נישט קיין אָרט. ער רעדט נישט, שוויגט. זיינע ליפּן זענען צונויפגעפּרעסט, ווי ער זאָל היטן די פּאַרע אין מויל. די אָדערן אויף זיינע שלייפן זענען אָנגעשוואָלן פון אויפרעגונג און אָנשטרענגונג. ער קעמפט מיט זיך. יאָ אַוועקשיקן אַ דערציילונג אין אַ צייטונג, אָדער נאָך וואַרטן. ער האָט געפיבערט. זיין אויסגעאָטעמטע פון די נאָזלעכער פּאַרע איז געווען הייס. ער האָט נישט נאָר געוואָלט איבערצייגן די אַלע יידן, נאָר אויך זיך אַליין, אַז ער איז נישט נאָר אַ רימעריונג.

אין איינער פון די נעכט. אַלע אין שטוב זענען שוין געשלאָפן, נאָר ער איז זיצן געבליבן אין דער פינצטער מיט די עלנבויגנס אויפן טיש און געקוקט אין דער פינצטער אַריין. געזען האָט ער גאָרנישט. ער האָט נאָר ווידער אַמאָל און נאָך אַ מאָל זיך איבערגעלייגט „שיקן, צי וואַרטן". מיט אַ מאָל איז ער זיצן געבליבן ווי געליימט. באַלד האָט ער אַ פאַרבייל געטאָן די פויסטן און ער האָט אַ געשריי געטאָן „יאָ!" — ווי עס זאָל ווער פון אים אַרויסשרייען. אַ דערשראָקענער האָט ער אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און זיך איינגעהאָרכט. געוואָלט זיך איבערצייגן, צי די מאַמע האָט זיך איבערגעוועקט. ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט. ער האָט נישט באַגריפן, אַז די גאַנצע צייט האָט ער גערעדט צו זיך אָן ווערטער. ערשט איצט האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל פליסטערן: „דאָס לערניינגל". דאָס איז געווען אַ דערציילונג, אין וועלכער ער האָט באַשריבן, ווי אַזוי ער האָט אָנגעהויבן לערנען ס׳פאַך.

ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט און פּאַמעלעך זיך אויפגעשטעלט, ווי ער זאָל אויף זיך האָבן אַ משׂא און מיט קליינע טריט, ווי ער זאָל זיך היטן אין עפּעס נישט אָנצושטויסן, איז ער געגאַנגען זיך לייגן.

ער איז אָבער נישט געשלאָפן. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, געקוקט אין פינצטערן חלל אַריין און געזען זיך אין די טעג, ווען ער איז געקומען צו ברוכן לערנען ס׳פאַך. ער האָט נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל געלייענט אין געדאַנק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן און צי ער האָט עפּעס נישט פאַרגעסן. נאָר מיט אַ מאָל האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן ווידער אָן ווערטער: „איך שיק אַוועק די דערציילונג אין דער „זאַגלעמביער צייטונג". ער האָט נישט באַגריפן, וואָס ער גייט טאָן. ער האָט געצווייפלט און געוואָלט זיך איבערצייגן, אַז אויך ער קען שרייבן ווי די שרייבער אין די צייטונגען.

נאָך דעם אַלעם איז ער ליגן געבליבן מיט אַן אָפּן מויל, איינגעהערט אין זיין האַרצטיאַך. ער האָט נישט געוואָלט זוכן אַ ציטונג אין וואַרשע, די הויפּט־שטאָט, וואָס איז געווען ווייט פון אים. ער האָט אויסגעקליבן די „זאַגלעמביער ציטונג" אין דער נאָענטער און נישט אַזוי גרויסער שטאָט.

ו

עס זענען אַריבער נישט נאָר טעג נאָר אויך וואָכן און ער האָט נישט דערהאַלטן קיין תשובה פון דער רעדאַקציע. ער האָט די תשובה אויסגעקוקט מיט אומגעדולד. גייענדיק איבער די געסלעך, האָט ער איצט ווידער געקוקט אַראָפּ, אָבער איצט איז עס געווען פון בושה. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע קוקן אויף אים. אויך אים אַליין האָבן געמאַטערט פאַרשידענע מחשבות. צי האָט ער ריכטיק געהאַנדלט, צי זיין שרייבן איז פאַרשטענדלעך און צי דאַרף ער בכלל שרייבן. דאָס אַריינטראַכטן האָט אים דערפירט ביז קאַשמאַר און נישט איין מאָל, ווען ער איז דערגאַנגען ביז יאוש, האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: „אַ רימעריונג און וויל זיין אַ שרייבער". ער האָט אַליין זיך אויסגעלאַכט. ער האָט זיך געהאַסט, נוקם געווען אין זיך.

ער איז געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, ווי זיי זאָלן אים אַראָפּהענגען. דער קאָפּ זיינער איז אים געלעגן אין די אַקסלען. ער איז געווען רעזיגנירט און נישט געהאַט קיין חשק צו שרייבן. ער האָט איצט נאָר געלייענט, נאָר נישט איין מאָל האָט ער געמוזט צוריקמישן עטלעכע געלייענטע בלעטלעך, זיי געלייענט נאָך אַ מאָל, ווייל ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער האָט געלייענט. ער איז געווען פאַרטאָן אין זיינע מחשבות און נישט געקענט זיך קאָנצענ־טרירן. זיין געמיט האָט געברויזט, ער איז געווען פול פאַרדראָס און צאָרן.

כאָטש די נעכט זענען געווען לאַנגע ווי אין ווינטער, איז ער כסדר געגאַנגען פרי שלאָפן. ער האָט געוואָלט פאַרשלאָפן זיין דורכפאַל, נאָר ער האָט זיך כסדר איבערגעוועקט און יעדעס מאָל זיך איינגעקוקט אין דער פינצטער, ווי ער זאָל זי וועלן אַדורכקוקן, נאָר ווען ער האָט דערפילט, אַז זיינע ביינער ווערן ווי אָפּגעלעגן, איז ער אַראָפּ פון בעט און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש מיטן קאָפּ אין די הענט. דער אָנגעצויגענער מיט פייכטקייט פאַל האָט געקילט זיינע סטאָפּעס. איבער אים איז געווען דער פינצטערע חלל.

עטלעכע וואָכן שפּעטער, אין אַ דאָנערשטיק. דער מאַרקטאָג איז געווען אַ גראָמאַדנער. ברוך האָט געהייסן אים צוטראָגן דאָס מוילצײמל צו האַרש־קיבאָן דעם בעל־עגלה. איסר איז אַוועק צו אים אַ צופרידענער. האַרש־קיבאָ איז געשטאַנען אין ראָג פון מאַרק און געוואַרט אויף פאַרדינסט. ער האָט דעם הויכן, ווי געבוקטן ייד, מיט דעם לענגלעכן ווי אויסגעצויגענעם פּנים

מיט דער קיטשמע איבער די אויגן, אַ זאָג געטאָן: „האַרש־קיבא, נאַ!", אים דערלאַנגט דאָס מוילצײמל און איז גלייך אַוועק.

אָבער איסר איז נישט אַוועק צוריק צו דער אַרבעט. אים האָט אָנגערעגט דער ווירוואַר אין מאַרק, די מענטשן־קנוילן, די יידן און די אָנגעפּאַרענע פון די דערפער פּויערים. אים האָט אַ רייץ געטאָן דאָס אויסרופן און דאָס איבערשרייען זיך פון די פאַרקויפער און די קויפער. ער האָט זיך געשלייכט פון איין אָרט צום אַנדערן. אָט איז ער שטיין געבליבן ביי די פונאַנדער־געשטעלטע קאָזלעס מיט די איבערגעהאָנגענע איבער זיי שטיוול און געגאָפּט, ווי די פויערים, מיט אַרומגעוויקלטע מיט צילקעס פיס, מעסטן שטיוול. ווייטער אַרויף הינטער די קאָזלעס, זענען געשטאַנען די ביידלעך באַצויגענע מיט יוטע־וועגט און אין זיי די צעהאָנגענע אַנצעגער און פּאַלטנס. אין איינעם פון די ביידלעך האָט אַ פויער אין די גאַטקעס געמאָסטן הויזן, אַ צווייטער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ באַנדע. זיין פויערטע האָט אים געזאָגט מבינות. אין דער צווייטער ריי זענען געשטאַנען די סטראַגאַנעס. ביי זיי האָט אַ פויער געזוכט אַ היטל, וואָס זאָל אים פּאַסן. אַ הויכער פויער אין אַ בעקעשע, האָט געמאָסטן אַ קיטשמע. ער האָט כסדר אָנגעטאָן און אויסגעטאָן די קיטשמע און יעדעס מאָל זי אָנגעקוקט אַ פאַרוואונדערטער. ער האָט זיך נישט געגלויבט, אַז ער האָלט אין האַנט אַ היטל פון געוועבטער סחורה און נישט פון אַ שעפּסנפעל. ביי די טישלעך, ווו מען האָט פאַרקויפט גאַלאַנטעריע האָבן דיקע פויערטעס מיט צעלאָזטע ברוסטן אָנגעקליבן זיך פאַרשיידענע מינים סטענגעס, זיך אויסגעזוכט נאָדלען, געפּרוווט מיט די ציין די כל מיני אַרט פאָדעם, ווי שטאַרק זיי זענען, און זיך געהאַנדלט, געשטאַנען אויפן פּרייז. הינטער זיי זענען איבער דער גאַנצער לענג פון מאַרק געשטאַנען די שווערע טישן פון די מאַסאַזשעס. די דיקע אויסגעגעסענע מיט פאַרדרייטע וואָנצעס, רויטע חזיר־שלעגערס פּנימער, האָבן אויסגעזען ווי אָט, אָט שפּריצט פון זיי בלוט. זיי האָבן מיט ברייטע, שאַרפע מעסערס געשניטן און געוווּיגן שטיקער סאַדלע און די כל מיני קאָל־באַסעס. דאָ זענען די פויערים געשטאַנען רויִק און זיך נישט געדונגען. אין אַ ריי, אין דער ברייט פונעם רעשט מאַרק, זענען אויף אונטערגעשפּרייט שטרוי געשטאַנען אויסגעסדרט די כל מיני ערדענע טעפּ. יידן מיט פאַרפרוירענע בערד און אין באַנדעס אַרומגעבונדענע מיט שטריק, האָבן מיט שטייפע פון קעלט פינגער אָפּגעקלונגען יעדן טאָפּ. נאָך זיי זענען געזעסן אויף די קניִען פויערטעס אין ברייטע, פונאַנדערגעשפּרייטע ספּודניצעס, ווי יעדע פון זיי זאָל קוואָקען אויף אונטערגעלייגטע אונטער איר אייער. זיי האָבן געברענגט אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן זייערע אייער און פּוטער. דאָס אָנגעלייזטע געלט האָבן זיי געשטופּט אין בוזעם אַריין. די רעשט פון מאַרק איז געווען פאַר־שטעלט מיט פורן. אויסגעשפּאַנטע פערד האָבן אַרויסגעגעסן פון וואָגן. פאַר־שמייעטע יידן האָבן זיך געדונגען מיט די פויערים איבער אַ קאַרץ תבואה, אָדער אַ זעקל קאַרטאָפל. ביים סאַמע עק פון מאַרק, נאָענט צו דער פּאָטשיִנע,

איז געשטאַנען „יעקוב״, אַ פּאַרשוין אין אַ פראַק מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ און אויסגערופן, געלויבט זיינע מציאות: „קויפט! קויפט! בעל־הביתטעס ביליק און גוט!״ ער האָט פאַרגעשלאָגן: זאָקן, קאָפּטיכלעך, שפּילקעס, קעלניש וואַסער און כל מיני שמעקזייפן. נאָענט צו אים איז געשטאַנען דער הויכער, ברייט־פּלייציקער פּאַרשוין, וואָס האָט געהאַט נאָר איין אויג און געדרייט די קאָרבע פון זיין קאַטאַרינקע. ער האָט געשפּילט אַ מעלאָדיע פון צוויי טאַקטן, וואָס האָט כסדר זיך איבערגעחזרט. ווען ער האָט פון עמעצן באַקומען אַ מטבע, האָט ער אַ צמאָקע געטאָן צו דעם גרויען מיטן געלן שנאָבל פּאָפּוגיי, וואָס איז געשטאַנען אויף דער קאַטאַרינקע און אים אונטערגעטראָגן דאָס קעסטעלע. ער האָט מיט זיין שנאָבל אַרויסגעצויגן פון קעסטעלע אַ קאָנווערטל, אין וועלכן דער גליקלעכער געווינער האָט געפונען: אַ בלעכן רינגל, אַ מעדאַליאָן, אָדער אַ בלעכן ציגאַרנשפּיצל און אַ צעטל מיט זיין מזל.

דער אָנגעלעגענער שניי איז געווען אויסגעטרעטן און צעפּאַרן און האָט אויסגעזען, ווי גרויע פונאַנדערגעשיטע גרייפּלעך. איבער מאַרק און דעם מענ־טשנקנויל האָט זיך געטראָגן אַ ווירוואַר פון קולות, ווי עס זאָל רוישן אַ פּליסיק וואַסער אין אַ טייך. איסר האָט זיך געשטופּט צווישן די טישן און מענטשן און זיך געכליניעט מיט דער מענטשן־פּאַרביקייט און דעם געפּילדער, ווי ער וואָלט געהערט דאָס געזאַנג פון אַ כאָר.

מיט אַ מאָל האָט ער אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ אָן איבערגעשראָקענער. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געלאָזט די אַרבעט און אַז ברוך איז געבליבן אַליין. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן מיט אַ שנעלן שריט אויף צוריק.

די נאַכט האָט ער זיך נישט געלייגט שלאָפן. ער איז אַ גאַנצן אָוונט אַרומ־געגאַנגען מיט אַ געפיל, אַז עפּעס דאַרף געשען. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער מוז זיך פון עפּעס וואָס באַפרייען. דאָס האָט אים באַאומרויִקט. ער האָט קוים זיך דערוואַרט, אַז אַלע זאָלן גיין שלאָפן. ווען ער האָט דערהערט, אַז די מאַמע האָט אַ שנאָרך געטאָן, האָט ער שנעל, ווי ער זאָל נישט האָבן קיין צייט, אַראָפּגענומען פון דער שאַנק עטלעכע בייגעלעך פּאַפּיר, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אויף זיין סטאַבילן אָרט, אָן איבערגעבויגענער איבערן טיש, ווי ער זאָל אים צודעקן מיט זיין אויבערשטן קערפּערטייל און האָט געשריבן.

ער האָט געשריבן שנעל, מיט תאווה און גרויסע אותיות. ער האָט באַשריבן דעם מאַרקטאָג. ער האָט געשריבן נישט ווייל ער האָט געוואָלט, נאָר ווייל ער האָט געמוזט. ער האָט זיך געמוזט באַפרייען פון דער משא, פון דעם בילד און איבערלעבעניש וואָס ער האָט אין זיך געטראָגן.

ער האָט געשריבן און געמעקט. ער האָט געשטראָכן און ווייטער געשריבן. אַ מאָל האָט ער געשריבן מיט גרויסע אָבער צונויפגעדרייטע אותיות, אַ מאָל קליינע און צעצויגענע. די שורות זענען אים אַרויסגעקומען קרומע, אַ מאָל זיך געצויגן אַרויף, אַ מאָל אַראָפּ. דאָס איז געשען, ווייל אויך איצט איז ער

מיט די געדאַנקען געווען אין מאַרק. ער האָט געקוקט און געזען וואָס דאָרט קומט פאָר. ער האָט געשריבן און זיך געדונגען מיט די קונים, זיי פאַרקויפט און גענומען ביי זיי געלט. דערביי האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז ער אַליין איז דער סוחר און פאַרדינט חיונה אויף דער קומענדיקער וואָך.

מיטן קאַיאָר איז ער זיצן געבליבן אַ פאַרמאַטערטער, ווי ער זאָל האָבן צעהאַקט אַ פורל האָלץ. פון אָנשטרענגונג האָט ער געפילט אַ רויש אין קאָפּ, ווי דאָס בלוט זאָל פון אים אַפּרינען, אָבער פאַר אים אויפן טיש איז געלעגן נאָך אַ נאָוועלע — „דער מאַרקטאָג". ער איז געזעסן אַ דערשעפּטער נאָר אויפן געמיט איז אים געווען גרינג. ער האָט זיך באַפרייט פון דעם בילד, עס באַשריבן, געטאָן זיינס. ער איז געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, ווי ער זאָל רוען נאָך אַ שווערער אַרבעט.

דאָס מאָל איז ער נישט געגאַנגען שלאָפן ווי יעדעס מאָל. ער איז געזעסן און געלייענט דאָס געשריבענע איין מאָל און נאָך אַ מאָל. ער האָט געמעקט ווערטער און איבערגעשטעלט שורות. ער האָט געשטראָכן און צוגעשריבן, ביז ער האָט אַלץ איבערגעשריבן אויף ריין.

ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער אַפילו נישט געטראַכט וואָס ער דאַרף טאָן מיט דעם „מאַרקטאָג" נאָר מיטן אימפּולס פון זיינע געדאַנקען, אַז ער מוז געדרוקט ווערן און ווערן אַ שרייבער, האָט ער אויף אַ קאָנווערט אָנגע־שריבן דעם אַדרעס „קעלצער שטימע". ער האָט אין אים אַריינגעלייגט די נאָוועלע און פאַרקלעפּט.

דער ווינטערטאָג האָט שוין גענומען גרויען, ווען ער האָט שנעל אַ צופריי־דענער, זיך אַרומגעוואַשן. ער האָט זיך אָנגעטאָן, עפּעס וואָס איבערגעביסן, פאַרטרונקען מיט אַ טעפּל ציקאָריע, וואָס ער אַליין האָט זיך אָנגעוואָרעמט. דעם קאָנווערט האָט ער זיך אַריינגערוקט אין בוזעמטאַש, האָט אַ קוק געטאָן, צי אַלע שלאָפן נאָך און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

ווען ער האָט הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר, האָט די מאַמע געעפנט די אויגן, אים אַ זוך געטאָן איבערן צימער: „אוי!" — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן און זיך איבערגעדעקט מיטן בעטגעוואַנט. זי האָט אין משך פון דער נאַכט עטלעכע מאָל זיך איבערגעוועקט. דאָס ליכט האָט איר יעדעס מאָל אַ בלענד געטאָן. אַ פאַרשלאָפענע, האָט זיך מער געפילט ווי געזען, אַז איסר זיצט ווידער ביים טיש און שרייבט.

אָבער איסר איז נישט אַוועק צו דער אַרבעט. אַ צייט לאַנג האָט ער זיך געשלייכט איבער די געסלעך, באַטראַכט די הייזער פון דער נאָענט, די מענטשן פון ווייטן, ווי ער וואָלט אַלץ געזען ס'ערשטע מאָל, כאָטש אין שטעטל איז אין משך פון דער נאַכט גאָרנישט געשען. דער אָנגעלעגענער שניי אויף די דעכער און דער אויסגעטרעטענער שניי אין די געסלעך האָט אויך איצט אויס־געזען ווי נעכטן און אייערנעכטן. ער האָט קוים זיך דערוואַרט ביז מען האָט געעפנט די פּאָסט. ער האָט נישט געהאַט קיין זייגער, נאָר לויט דער רירעוו־

דיקייט פון די מענטשן אין די געסלעך האָט ער געוווסט ווי שפּעט עס איז שוין. ווייבער און מיידלעך זענען געשטאַנען מיט טעפּ נאָך מילך. ייִנגלעך האָבן געטראָגן אַהיים לאַבנס ברויט, אַ ייִד האָט געעפנט זיין שניטקראָם, אַ קצב איז געשטאַנען אין דער יאַטקע און מיט אַ האַק געפּלעט אויף צוויי אַן אויבערשטע האַלבע קו.

ווען דער דאָרער, געבוקטער, מיט די דיקע ברילן אויף די אויגן און לאַנגע פינגער, פּאָסט־באַאַמטער האָט געעפנט דאָס פענצטערל, האָט איסר שוין געוואַרט. ער האָט אים דערלאַנגט דעם קאָנווערט מיט דעם „מאַרקטאָג" מיט פּאַפּיר און אַ מאַרקע אויף אַן ענטפער.

ווען ער איז אַרויס פון דער פּאָסט האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער זאָל האָבן אַריינגעשפּרונגען אין אַ טייך, זיך אָפּגעטובלט און געבליבן נאַס.

ז

דער הימל איבער שטעטל איז געווען טונקל, ווי ער זאָל זיין פון בליי און איז געלעגן נידעריק, ווי אויף די דעכער. די געמיטער פון די מענטשן זענען געווען געדריקט.

אויך איסר איז אַרומגעגאַנגען מוטלאָז. ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַן ענטפער, אָבער דער בריוו איז צו אים נישט געקומען. די מחשבה „פאַר וואָס?" האָט אים געמאַטערט, נישט אָפּגעלאָזט. געווען מאָמענטן, ווען אים איז פּשוט שווער געווען פון פאַרדראָס צו אָטעמען. ער האָט עס איבער־געקרענקט.

ער האָט איבערגעקלערט פאַרשידנס: אפשר איז דער בריוו געווען צו שווער? אפשר איז ער פאַרלוירן געגאַנגען אין וועג? אפשר האָט מאַרצעל, דער פּאָסט־באַאַמטער, אים נישט אַוועקגעשיקט? פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, ווי נאָר ער איז איבערגעטרעטן די שוועל, האָט ער מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען פון אונטערן שטערן, צי זי טראָגט אים נישט צו דעם בריוו.

ערשט עטלעכע וואָכן שפּעטער. איסר איז געווען אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט. ער האָט געגייט אַ בויכגאַרטל און זיך געגעבן די מי, אַז אַלע שטעך זאָלן זיין פון דער זעלבער גרויס. אַ הייזעריק קול האָט אַ רוף געטאָן: „איסר צוועָרניק!"

איסר האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך פון עפּעס אָפּטרייסלען.

ער האָט אייליק אַריינגעשטאָכן די אָל אינעם אייזל. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן און איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר אַ דערשטוינטער.

פישל ברייווטרעגער, אַ דאַרער ייִד מיט אַן אונטערגעשוירן גרוי בערדל און אַ קורצן פֿאַלטן, לייכטע שטיוול מיט נידעריקע כאַלעוועס און אַ יידיש טוכן היטל מיט אושניקעס איבער די אויערן, האָט איסרן דערלאַנגט אַ בריוו. פֿישל האָט געקענט יעדן אין שטעטל און געוווּסט אַלץ וועגן אַלע און אויך דאָס, אַז איסר איז איצט ביי דער אַרבעט.

איסר איז געבליבן אַ צעטומלטער. די האַנט זיינע איז געבליבן אויסגע־שטרעקט, ווי זי וואָלט אים געליימט געוואָרן. אַ ווײַלע האָט ער באַטראַכט דעם בריוו, ווי ער זאָל נישט וויסן, וואָס ער דאַרף טאָן מיט אים. ברוך האָט אים באַטראַכט פֿון הינטערוויילעכץ און געוואַרט איסר זאָל זיך אויסדרייען צו אים.

איסר האָט זיך נישט אויסגעדרייט. ער איז אַרויס פֿאַר דער טיר. ער האָט נערוועז פֿונאַנדערגעריסן דעם קאָנווערט און מיט די אויגן שנעל געלייענט די געדרוקטע מיט אַ שרייבמאַשין אותיות. טראַפֿנס שווייס האָבן באַדעקט זיין שטערן, כאָטש עס איז געווען ווינטער. ער האָט דעם בריוו געלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל כאָטש דער בריוו איז באַשטאַנען נאָר פֿון איין שורה. „חשובער פֿריינד, איר דאַרפֿט איבער זיך אַרבעטן". וואָס ער האָט דעם בריוו אונטערגעשריבן האָט ער נישט געקענט איבערלייענען. נאָר די ווערטער איבער דער אונטערשריפֿט „מיט כבוד", האָט ער געלייענט שטיל נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. ער האָט געלייענט און זיין האַרץ האָט געטיאַקעט. אים האָט דענערווירט און געערגערט די לאַקאָנישע תשובה. ער איז אָבער געווען צופֿרידן, וואָס ער האָט דערהאַלטן א תשובה, דעם ערשטן אויף אַ שרייבמאַשין געשריבענעם בריוו פֿון אַ רעדאַקציע.

ער האָט דעם בריוו פֿאַמעלעך צונויפֿגעלייגט, ווי די הענט זיינע זאָלן אים זיין געליימט און אים אַריינגעלייגט אין דעם צעריסענעם קאָנווערט. דעם בריוו האָט ער אַריינגעשטופּט אין דער הויזנטאַש און איז צוריק אַריין צו דער אַרבעט. אַ צייט לאַנג איז איסר געזעסן אויפֿן אייזל מיט פֿאַרלייגטע פֿיס איינעם איבערן אַנדערן, ביז ער האָט ווידער אַריינגעשטאָכן די אָל אין לעדער.

ברוך האָט געשוויגן, כסדר אים באַטראַכט פֿון דער זייט מיט איין אויג. ברוך איז אים חושד געווען, געווען זיכער, אַז איסר וויל פֿאַרלאָזן וואַלבראַם, אַז דער בריוו צו אים איז וועגן אַן אַרבעט און ער וועט בלייבן אָן אַ געזעל. ביידע האָבן געשוויגן. ביידע האָבן רעגלמעסיק געשטאָכן די אָלן יעדער אין זיין שטיק לעדער, נאָר דער שאָרך פֿון די דורכגעצויגענע דראַטוועס האָט געריסן די שטילקייט.

אַ צייט איז איסר אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער. ער איז געווען איבער־צייגט, אַז דאָס איז אַ בריוו אים אָפּצופּטרן. ער איז אויך זיכער געווען, אַז מען האָט אים געענטפֿערט נאָר דערפֿאַר, ווייל ער האָט בייגעלייגט אַ פּאָסט־מאַרקע.

אָבער מיט יעדן נייעם טאָג איז איסרס פֿאַרדראָס מינער געוואָרן און אים איז לייכטער געוואָרן אויפֿן געמיט, ביז ער האָט זיך אינגאַנצן באַהערשט. קמעט

טאָג נאָך טאָג האָט ער אַראָפּגענומען פון שאַנק דעם בריוו און יעדעס מאָל פּונסניי אים אַדורכגעלייענט ווי אַ פרומער ייד לייענט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אַ קאַפּיטל תהילים. דער בריוו איז דאָך פאַר אים געווען דער קאָנטאַקט מיט דער רעדאַקציע, דער מקור פון נייעס און וויסן פאַר אַ סך יידן אין לאַנד און פאַר אים איז עס געווען זיין האָפענונג.

דער בריוו האָט אים איצט נישט נאָר געשטאַרקט נאָר אים אויך אינס־פּירירט, געפירט, געוויזן דעם וועג מיט וועלכן ער דאַרף גיין. דער בריוו איז אויך געווען דער השתפכות הנפש, אַז ער איז אַ שרייבער. ער האָט געוווסט, אַז זיינע מעגלעכקייטן זענען באַשרענקטע. ער האָט געדענקט, אַז זיין גאַנצע בילדונג באַשטיין פונעם ביסל חומש רש״י מיטן ביסל גמרא, וואָס ער האָט געלערנט ביי יוזיפ מלמד.

דערפאַר, ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב פון דער אַרבעט, האָט ער זיך אַרומגעוואַשן און אָפּגעגעסן און געזעצט לייענען. אים האָט נישט געשטערט, וואָס לייבעלע מאַכט אַ רעש און אַ געפּילדער און די צוויי שוועסטער העלפן אים צו. כאָטש די צוויי מיידלעך האָבן שוין געאַרבעט און פאַרדינט, האָבן זיי זיך געקלאַמערט אין זייערע אַוועקגערויבטע קינדער־יאָרן, נישט געוואָלט זיך פון זיי שיידן.

ער האָט געלייענט מיט אינטערעס, ווי געשלונגען יעדעס וואָרט. ער האָט צוזאַמען מיט די העלדן פון בוך איבערגעלעבט זייערע איבערלעבענישן. נאָר אין אָוונט, האָט די מידקייט אים גובר געווען און ער האָט ביים לייענען איינ־געדרימלט. ווען ער האָט זיך איבערגעוועקט האָט ער אָן איבערראַשטער אַ טראַכט געטאָן, ווו ער האַלט און געלייענט ווייטער. די ביכער זענען נישט נאָר געווען זיין שול, די שרייבער זיינע לערער, נאָר אויך זיין אוניווערזיטעט. ביי זיי האָט ער זיך געלערנט שרייבן, בויען אַ פּאַבולע, פאַרבינדן די העלדן, שרייבן אַ זאַץ, שלייפן זיין סטיל.

ווי נאָר עס איז שטיל געוואָרן אין שטוב און אַלע זענען איינגעשלאָפן, האָט ער זיך געזעצט שרייבן. דאָס שרייבן האָט אים וואָך געמאַכט. ער איז נישט מיד געוואָרן און אויך נישט איינגעדרימלט אַפילו, ווען ער האָט געשריבן ביז די קליינע נאַכט־שעהן. דאָס שרייבן האָט געהיילט זיין פאַרלעצטן איך. דאָס שרייבן איז געווען דער אינהאַלט פון זיין קיום. ער האָט אויף אַלץ געקענט פאַרציכטן, נאָר נישט אויפן שרייבן. אים האָט נישט געאַרט וואָס ער עסט, ווי ער גייט אָנגעטאָן, ווי די שכנים באַציִען זיך צו אים, אַבי ער האָט די מעגלעכקייט צו שרייבן.

דאָס שרייבן האָט אים אָפּגעזונדערט פון די מענטשן. ער האָט עס נישט געפילט. ער האָט אויסגעטראָגן זיין ווייטיק און זיין ווילן. ער האָט זיך אויס־געלעבט מיט די געשעענישן פון זיינע העלדן, מיט זיי געלעבט, ווי זיי וואָלטן עקזיסטירט. זיינע העלדן זענען געווען די יידן פון זיין סביבה. ער האָט זיי אַרויסגעברענגט, געוויזן זייערע פריידן און ליידן, זייער ווי איינגעגליווערטן

און איינגעוואָרצלטן שטייגער־לעבן. ער אַליין האָט דאָך אויך גערעדט דעם זעלבן יידיש ווי זיי: קאַנטיקע ווערטער מיט אַ האַרטן „אלף" און אַ טויטע „הא" וואָס האָט ווייך געמאַכט דאָס וואָרט און נישט אַרויסגערעדט דעם לעצטן אות און אַזוי נאָך געבונדן די ווערטער אין אַ פּליסיקער שפּראַך.

זיין שרייבן, דאָס וועלן אָפּשפּיגלען און וויזן זיינע יידן, ווי אַזוי ער זעט זיי און באַנעמט זיי, האָט פאַרשלונגען די צייט זיינע און אויך געפאַרעמט זיין איך.

ער איז געווען גאַנץ מיט זיך, געגלויבט אין זיינע מעגלעכקייטן. ער האָט זיך אָבער געצוימט, נישט געוואָלט זיך איבערשעצן. ער האָט זיך צוגעהערט צו מענטשן, געקוקט, געוואָלט זען ווי מענטשן פירן זיך און רעאַגירן. אַפילו ווען ער איז נישט מסכים געווען מיט זיי, האָט ער צוערשט אַ טראַכט געטאָן, זיך איבערגעלייגט פאַרוואָס טוט אַ ייד אַזוי? וואָס האָט אים באַוויגן דערצו? אפשר פאַרשטייט ער אַליין נישט געהעריק דאָס לעבן און זיינע מניעים.

ער האָט געלעבט אָפּגעזונדערט פון אַלע אָבער זיין שווייגן האָט אים געמאַטערט. ער האָט געהאַט דאָס באַדערפעניש זיך אַראָפּצורעדן, זיך טיילן מיט זיינע איינדרוקן, געפילן און אויפפאַסונגען. מיט די יידן, זיינע שכנים, האָט ער עס נישט געקאָנט טאָן. אים זענען נויטיק געווען מענטשן פון זיין שטייגער, מענטשן וואָס שרייבן.

נאָר ווער זענען זיי געווען און ווו זענען זיי געווען, אין שטעטל האָבן זיך געפונען עטלעכע יונגעלייט צו וועלכע די יידן האָבן זיך באַצויגן מיט ביטול. ווען איינער פון זיי איז פאַרבייגעגאַנגען פלעגן זיי אַ הויב טאָן מיטן אַקסל און זאָגן: „ער איז אַ שראַהבע". זיי זענען אין די אָוונטן און אויך אין מיטן טאָג, ווען ווער פון זיי האָט נישט געאַרבעט, געקומען צו חמדודלען (חיים דודל) אין דער שענק.

די קראָקעווער גאַס איז געווען די הויפּטגאַס אין שטעטל. זי איז געווען ברוקירט מיט האַלב־קיילעכיקע שטיינער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קאַצנקעפּ. אויך אין דער גאַס זענען די הייזער געווען איינשטאָקיקע, נאָר געמויערטע. כמעטביים סוף פון דער גאַס איז געשטאַנען דאָס הילצערנע געשאָלעוועטע הויז, וואָס האָט געהאַט אַ דריי־גאָרנדיקן שיפּן שינדל־דאַך. אונטערן דאַך זענען געווען פאַרשידענע חדרימלעך, אין וועלכע די אָנגעפאַרענע אין שטעטל האָבן איבער־גענעכטיקט. אין דעם הויז איז געווען די איינציקע אין שטעטל אכסניה. אויבן, אין די פאַציאַטקעס, האָבן די צוגערייזטע גענעכטיקט, אונטן אין דער שענק האָבן זיי געגעסן. דאָנערשטיק, אינעם מאַרקטאָג, האָבן אויך די מאַרהענדלער געכאַפּט דאָ אַ קיי, אַ פּערטל געבראָטן גענדזנס און פאַרטרונקען מיט אַ גלעזל אָקעוויט.

די נאַכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע. דער אָנגעלעגענער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. איסר איז געגאַנגען פּאַמעלעך. ער האָט געשטעלט

די פּיס פון אויבן אַראָפּ, ווי די פינגער זיינע זאָלן זיין אָנגעפּרווירן. ער איז געגאַנגען אַן חשק, נאָר מיט אַ פעסטן באַשלוס.

ווען איסר האָט איבערגעטראָטן די שוועל ביי חיים־דודלען און פאַרמאַכט הינטער זיך די שויבנטיר, איז ער שטיין געבליבן אַ ווײַלע. די לאָמפּנשיין פון אונטער דעם גרינעם פאַפּירענעם אַבאַזשור, האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. דער שאַרפער אַלקאָהאָל־ריח האָט אים אַ האַק געטאָן אין דער נאָז. די שענק איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגער קראָם מיט אַ חדר אין דער זייט. פון איין זייט טיר איז געשטאַנען אַ ריי הילצערנע טישלעך מיט בענקלעך ביי דער זייט. פון דער צווייטער זייט טיר, אויף רעכטס, איז געשטאַנען די פּאָליצע מיט פלעשער משקה. פון פאָרנט, פאַר דער פּאָליצע, איז געשטאַנען דער שענק־טיש און אויף אים די שיסלען מיט די פאַרשידענע מאַכלים. אין דער זייט איז געשטאַנען ס׳פעסל ביר מיט דער האַנטפּאָמפּע, וואָס איז געווען פאַרענדיקט מיט אַ קראַן.

אויסער זונדלען, א מיטלוווקסיקן ייד מיט אַ לענגלעך פּנים, קליין, שוואַרץ וואָנסעלע, דיקע ברעמען און קורצער נאָז, האָבן אין דער שענק זיך געפונען נאָך עטלעכע אירים. איסר האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל שמעקן דעם אַלקאָהאָל־ריח און ער האָט אַ זאָג געטאָן: „אַ גוטן אָוונט!"

„אַ גוט יאָר!" — האָט זונדל אים געענטפערט און דערשטוינט אים אָנגע־קוקט. זונדל איז געשטאַנען פון דער אַנדערער זייט שענקטיש. איסר איז ס׳ערשטע מאָל אַריין אין שענק. אויך די געסט האָבן מיט נייגער אָנגעקוקט איסרן, אָבער באַלד ווייטער גענומען עסן.

איסר האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי איינעם פון די טישלעך. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זונדל אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, אַ קוק געטאָן אויף איסרן. זונדלס פּנים איז געווען בלייך, גוטמוטיק און איידל.

„אַ גלעזל ביר מיט אַ שטיקל הערינג" — האָט איסר באַשטעלט. ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס זונדל איז אויסן געווען. ביי יעדן טישל איז געזעסן נאָר איין גאַסט. סך הכל זענען אין דער שענק געווען פיר מענטשן, אַריינגערעכנט איסרן. ביי איינעם פון די טישלעך איז געזעסן אַ קרעפּקער ייד מיט אַן אַרויפ־געדרוקטער קיטשמע אויפן קאָפּ. פאַר אים איז געשטאַנען אַן אויסגעליידיקט גלעזל בראָנפן און ער האָט מיט די הענט געריסן שטיקער פונעם פּערטל גענדזנס, ווי ער זאָל זיך אַמפּערן. ביים צווייטן טישל איז געזעסן אַ הויכער ייד, די קורטקע איז געווען ביי אים צעקנעפּלט. אויפן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ קאַשקעט. ער האָט געטרונקען אַ גרויס גלאָז ביר און פאַרביסן מיט פּריטשן ווורשט. ביי יעדן שלונג, וואָס ער האָט געגעבן, האָט זיין גאָרגלעפּל זיך אַ באַוועג געטאָן. ביים דריטן טישל אין ווינקל איז געזעסן מיט אויסגעצויגענע פיס, ביי אַן אָפּגעטרונקען גלאָז ביר אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער ייד. ער איז געזעסן אַן איבערגעבויגענער אויף הינטערווייליעכץ, ווי אָנגעלענט אין דער וואַנט און געוואָרפן זיך אין מויל אַריין אַרבעס, ווי ער זאָל צילעווען. איסר האָט געזופּט

אַ שלוק נאָך אַ שלוק. ער האָט נישט פאַרטראָגן דעם ביטערן טעם פון ביר. נאָך יעדן שלוק ביר האָט ער אָפּגעביסן אַ ברעקל פון שטיקל הערינג, אין וועלכן עס האָט געשטעקט אַ הילצערנער שטעכער.

אַלע אין שענק האָבן זיך געקענט. איינער האָט געוווּסט ווער דער צווייטער איז, אָבער זיי זענען זיך בכלל געווען פרעמד און אויך דאָ. אפשר איז זיי געווען נישט באַקוועם, וואָס זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן דווקא דאָ אין שענק.

חיים־דודל האָט שוין יאָרן נישט געלעבט, נאָר די אכסניה האָט נאָך אַלץ געהייסן אויף זיין נאָמען. זונדל איז געווען זיין איידעם. זונדלס ווייב כאַלע (חיה) איז געווען אַ קאָרפּולענטע פרוי מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר. זונדל האָט געשטאַמט פון אַ שטעטל נעבן קעלץ. ער איז געווען אַ בעל־הביתשער זון. אַ צייט האָט ער געלערנט אין אַ קאָנסערוואַטאָריע זינגען. ער האָט געהאַט אַ האַרציקע, נאָר דינע שטימע. ער האָט געשריבן און געשיקט אין דער רעדאַקציע, אָבער קיין איין צייטונג האָט אים נישט אָפּגעדרוקט. ער האָט פאַרגעלייענט און רעציטירט, ווען אים איז געפעלן אַן אַרטיקל אָדער אַ ליד. ער האָט אויך געהאַט אַ פּאַטעפאָן מיט קלאַסישע און חזנישע פּלאַטן. ווען אים איז גוט געווען אויפן געמיט, האָט ער אויך געזונגען.

ביי אים אין שענק האָט מען אויך דיסקוטירט איבער פּאָליטיק, עקאָנאָמישע פּראָבלעמען און וועגן ליטעראַטור. יעדער איינער פון אַלע דאָ צונויפגעקומענע איז געווען איבערצייגט, אַז ער איז דער פּעיִקסטער. יעדער וואָלט געהאַט זיין גרונט דערצו. ביי אים זענען זיך צונויפגעקומען די קינסטלער און פּענמענטשן פון שטעטל. יעיקל שטעפער, אַ הויכער פאַרשוין מיט אַ בלאַס פּנים, וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיט רויטע אָדערלעך, האָט מיט אַ צייט צוריק, שוין געוווּנג לאַנג, אָפּגעדרוקט אַ ליד ביי וויסענבערג אין „אונדזער האָפנונג".

מאָטל צוקער־בעקער, אַ נידעריקער בחור, וואָס האָט נאָך איצט געשריבן גרויסע צעצויגענע אותיות, האָט געלייענט קאַנטן און שפּינאָזאַ.

מענדל טאַנדייטער, אַ שלאַנקער פאַרשוין מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר איז געווען איבערצייגט, אַז גאַנץ אייראָפּע וועט מיט דער צייט ווערן איין מדינה און איר שפּראַך וועט זיין עספּעראַנטאָ און דערפאַר דאַרפן יידן לערנען די שפּראַך.

וואָלף דער לערער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שילער, איז געווען אַ געלער ייד מיט איינגעפאַלענע באַקן און געגרינצלטער הויט. די פּרנסה־געבערין איז געווען זיין פּלוניתטע, אַ קליינע דאַרע פרוי. זי האָט געהאַט אַ קרעמל מיט גאַלאַנטעריע. ער איז אַ גאַנצן טאָג נישט אַרויס פון שטוב. ער איז אַרויס נאָר אין די אָוונטן. ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פלעגן זיך די מענטשן זאָגן „ער שרייבט אַ בוך".

לוזער קיקער האָט געטראָגן פּענסנע און אַריבערגעקוקט איבער זיי. ער האָט געהאַט אַ בייכל. ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער בעל־מלאכה־

באַנק. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם קריטיקער אין דער חברה. אַ מאָל, אַ מאָל, ווען עס איז געשען עפּעס אויסטערלישעס, האָט ער אָפּגעדרוקט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער „זאַגלעמביער צייטונג".

אויך אברהמטשע איז אַהין געקומען. אַ הויכער, גוט־געבויטער מאַן מיט אַ שוואַרצער טשופּרינע און גרויע קאַלטע אויגן, דער רעזשיסער. ער האָט אָנגעפירט מיטן אַמאַטאָרן־דראַמקרייז אין שטעטל.

דאָך איז זונדל געווען ביי זיי דער ראש המדברים. קאָן זיין, ווייל ער האָט געוווסט, ווי זיך אומגיין מיט מענטשן אָדער ווייל זיי זענען זיך צונויפּ־געקומען ביי אים אין דער אכסניה.

איסר איז געזעסן און געקוקט פאַר זיך, ווי ער זאָל אויף וועמען וואַרטן. פון איין זופּ ביר ביז דעם אַנדערן, האָט ביי אים געדויערט. פון מאָל צו מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן מיט איין אויג אין דער זייט. געכאַפּט אַ בליק, וואָס זונדל טוט. ער האָט געקוקט, צי עס איז דאָ אַ שעת הכושר זיך מיט אים אַדורכ־שמועסן.

זונדל, וואָס האָט אין צווישן אויסגעטרונקען אַ גלעזל, איז געווען אויפּ־געלייגט. ער האָט פון מאָל צו מאָל אַ האָפּסל געטאָן אויף אַ פוס, ווי אַ טאַנץ געטאָן און יעדעס מאָל אָנגעקלאַפּט מיט די פינגער אינעם שענקטיש, צוגעקלאַפּט זיך צום טאַקט. אויך ער האָט זיך פאַררוקט הינטער דער פאַרגלעזטער גאַבלאָטקע, אין וועלכער עס זענען געשטאַנען אויף אַ טעלער אַ קאַרפּנקאָפּ און געהאַלטן אין מויל אַ שטיקל מער, אַ שיסל מיט געהאַקטע לעבער מיט ציבל און אַ געוועדלזטע ברוסט. ער איז געשטאַנען און נייגעריק באַטראַכט איסרן. ער האָט ביז איצט נישט פאַרשטאַנען נאָך וואָס איסר איז געקומען. לויט איסרס טרינקען איז זונדל געווען זיכער, אַז ער איז נישט געקומען טרינקען ביר, דערצו נאָך ווינטער.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זונדל זיך אָפּגערוקט פון דער גאַבלאָטקע און איז אַפּירגעגאַנגען פון שענקטיש און איז שטיין געבליבן נאָענט צו איסרן. ער האָט באַטראַכט איסרן פון דער נאָענט, ווי ער זאָל וועלן אים דערקענען און זיך איבערצייגן. אים איז איינגעפאַלן דער געדאַנק — אפשר שרייבט ער אויך? נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ טראַכט געטאָן: „איסר לאהס, דער רימער" און איז צוריק אַרונטערגעגאַנגען הינטערן שענקטיש.

איסר האָט געזען אַז זונדל קוקט אויף אים, פאַרשט אים, נאָר ער האָט נישט געוואַגט זיך צו אים ווענדן, אים פרעגן. נאָר ווען זונדל איז שוין געשטאַנען פון יענער זייט שענקטיש, האָט ער אים אָנגעקוקט דירעקט, ווי ער זאָל אים פרעגן: „ווייסט, אַז איך שרייב אויך?" אַ ווײַלע האָבן ביידע זיך באַטראַכט ווי איינער זאָל אָנמעסטן דעם אַנדערן און ביידע האָבן אין איינעם אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

איסר האָט אַ קוק געטאָן אויפן געבליבענעם אין גלאָז ביסל ביר, וואָס איז געווען שוין אויסגעוועפּט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אויפגעשטעלט, ווי

עפּעס זאָל אים האָבן אונטערגעהויבן. ער איז צוגעגאַנגען צו זונדלען און אים אַ פרעג געטאָן: „וויפל?!"

„אַ זלאָטע".

איסר האָט אַרויפגעלייגט די מטבע אויפן טיש. ער האָט זיך פאַרקנעפּלט די קורטקע און איז אַרויס אויף דער גאַס.

ערשט איצט האָט זונדל אַ קוק געטאָן צו דער טיר, ווי ער זאָל וועלן אים צוריקרופן.

אין דרויסן, אויף דער גאַס, האָט איסר אָפּגעאָטעמט. עס האָט זיך גע־שטעלט אַ נאַכטפראָסט. די קעלט האָט אים אַדורכגענומען. ער האָט געשטעלט אַ טריט. דער שניי אונטער זיין פוס האָט אַ סקריפּע געטאָן. מיט פאַרמאַכטע ציין, ווי ער זאָל דורך זיי אַדורכשטופּן די ווערטער, האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: „אַ שאָד די זלאָטע. אַוועקגענומען זי די קינדער פון מויל" און זיך אומגעקוקט צי קיינער האָט אים נישט געהערט.

די גאַס איז געווען ליידיק. אַפילו אַ הונט איז נישט דורכגעלאָפן.

## ח

איסר האָט אָפּגערוקט פון זיך דאָס טעלערל מיטן צימעס פון קאַרפיאָל. ער האָט זיך אָפּגעבויגן פון טיש, אָפּירגערוקט פון אונטער זיך דאָס בענקל און איז שטיין געבליבן. ער האָט צעפּירט די הענט, זיך אויסגערענגט, ווי ער זאָל זיין מיד, אָבער ער האָט דאָס געטאָן פון זאַטקייט. זיין צוואַקסענע גע־שטאַלט איז דערביי ווי נאָך גרעסער געוואָרן.

„איסר, אַזאַ שבתדיק צימעס לאָזטו איבער? עס צעגייט דאָך אין מויל!" — האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צו אים מיט פאַרדראָס און אים אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע, מידע און פול געבעט אויגן.

„מאַמע, איך בין זאַט". אַ ווײַלע שפּעטער איז ער אַוועק צו דער שאַנק און זיך דאָרט אַ פּאָרע געטאָן.

דער מוטערס גרויסע שוואַרצע טרויעריקע אויגן, האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון נחת. אירע קינדער זענען זאַט.

אין צווישנצייט איז דער קלאַנג פון די לעפל, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין די טעלער, פון וועלכע די קינדער האָבן געגעסן, כסדר שטילער געוואָרן. די קינדער האָבן געענדיקט עסן. אַ ווײַלע איז געווען שטיל ביים טיש. איין שוועסטערל האָט אָנגעקוקט די אַנדערע. די דורכגעוואָרעמטע אין שטוב שטיל־קייט האָט ווי געוואַביעט (צוגעצויגן) די שאָטנס פון די ווינקלען אַרויס.

„קום זיך שפּילן" — האָט באַשע פאַרגעשלאָגן דער עלטערער שוועסטער. הינדעלע האָט אַ קוק געטאָן אויף באַשען און זיך אונטערגעהויבן, ווי זי

זאָל וועלן צו איר צוגיין, נאָר ווען זי האָט פון דער זייט אַ בליק געטאָן אויף דער מוטער, האָט זי געענטפערט באַשען: „צוערשט וועל איך העלפן דער מאַמען" און גענומען צונויפשטעלן די טעלער אויפן טיש.

„ביסט אַ זיס קינד" האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן. אירע אויגן האָבן געשמייכלט.

באַשע איז אַפּירגעלאָפן פון טיש. לייבעלע איז איר נאָכגעלאָפן. באַשע האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער און גענומען אויסטאָן די לאַלקע, וואָס איז דאָרט געלעגן. דאָס איז געווען אַ לאַלקע אָן אַ פּנים. די מוטער האָט זי אויפ־גענייט פון שטיקלעך לייוונט. לייבעלע איז געשטאַנען און זיך צוגעקוקט. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער אַוועק אין ווינקל. ער האָט אַפּירגענומען פון אונטערן בעט די עטלעכע קלעצלעך, וואָס ער האָט געבראַכט פון חדר און געבויט אַ הויז אויפן פּאָל.

די מוטער איז געבליבן זיצן ביים טיש אַליין. זי האָט געקוקט מיט וואָס די קינדער פאַרנעמען זיך. זי איז געווען צופרידן וואָס עס איז שבת, אַלע קינדער זענען אין שטוב און זי קאָן זיצן ביים טיש, דאַרף זיך נישט אײַלן. די ליכטשיין אין צימער איז געווען גרינלעך, ווי אָפּבלאַקירט. פון מאָל צו מאָל האָט אַ שאָטן אַ שפּאַציר געטאָן אויף אַ וואַנט, ווי ער זאָל זי אָנקוקן.

„מאַמע, גיי שלאָפן, וואַרט נישט אויף מיר", האָט איסר איר אַ זאָג געטאָן.

די מאַמע האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל אַזוי אַ נאָך אים קאָנען פאַרהאַלטן. איר איז אַ שאָד געווען, וואָס ער גייט אַוועק, נאָר באַלד האָט זי אים אַ זאָג געטאָן „זײַ געזונט!" זי איז דאָך געווען צופרידן וואָס נאָך אַ גאַנצער וואָך האָרעווען גייט ער זיך טרעפן מיט מענטשן.

איסר האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. ער האָט פאַרקנעפּלט די קורטקע, און זיך געלאָזט גיין. ער איז געגאַנגען פון איין געסל אין אַנדערן. די געסלעך זענען געווען ליידיק און פינצטער, נאָר פון די נידעריקע פענצטער אַרויס, וואָס האָבן געגרייכט די גאַס, האָבן אויסגעצויגענע, צאַנקענדיקע פלעמלעך פון די שבת־ליכט, געשפּרייט אַן אַנעמישע שיין, וואָס איז נישט בכוח געווען פונאַנדערררייסן די פינצטערניש. די נידעריקע ברייטע, ווי צעפּראַלטע הייזער, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי זיי זאָלן זיין מעוברתדיק האָבן זיך ווי געטוליעט איינס צום אַנדערן. נאָר פון מאָל צו מאָל האָט אַ בלאַנק געטאָן אין דער פינצטער אַ העלער פלעק, אַ ווייסע געקאַלכטע וואַנט. דער אויסגעטרעטענער אין די געסלעך שניי איז געווען גרוי און נאַס און זיך געקלעפּט ווי אַ פּאַפּ צו די שיך. דאָס איז געווען דער ערשטער, נאָך די לאַנגע ווינטער־חדשים, אָדווילזש. איסר האָט געטאָפּטשעט אין דעם אויפגעטויכטן שניי, ווי ער זאָל אַרויסציען דעם פוס נאָך יעדן געשטעלטן שריט.

ער איז געגאַנגען פון איין געסל אין אַנדערן, איינגעקוקט אין דער פינצ־טערניש און איינגעהאָרכט אין דער שטילקייט ווי דאָס שטעטל זאָל זיין ליידיק,

אָן אַ לעבעדיקן נפש, אָבער ווען ער איז אַריין אין סטאָק*־געסל איז צו אים דערגאַנגען אַן אָפּהילך פון אַ געזאַנג. איסר איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ מיטן וואַסער־אָפּפלוס פון די סטאָקלעך און לענגאויס די פיש־סאַזשלקעס**. דאָס געזאַנג איז כסדר געוואָרן דייטלעכער און הילכיקער. ווען ער איז אַריין אין גאַרבער־געסל האָט ער שוין געוווּסט ווו און ווער עס זינגט. אינעם ראָג הויז, וואָס איז מיט איין וואַנט געשטאַנען אין גאַרבער־געסל און מיט דער צווייטער אין באָד־געסל, האָט געוווינט געצל שוסטער און ביי אים האָט מען געזונגען זמירות.

איסר האָט זיך אַריינגערוקט אין אַ ווינקל הינטערן פענצטער און זיך צוגעדריקט צו דער נאַסער וואַנט, מען זאָל אים ניט זען. דאָס פענצטער פון דער שטוב וואָס איז ביז דער העלפט געווען איינגעזונקען אין דער ערד, איז געווען גלייך מיטן געסל. איבער די פּירקאַנטיקע פענצטער־שייבלעך האָבן געריזלט וואַסער־טראָפּנס פונעם אייז, וואָס האָט געלאָזט. איסר איז געשטאַנען און געגאַפט. דער ווערקשטעל, אַ נידעריק פירקאַנטיק טישל מיט די אַרבעטס־כלים אויף אים, איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ גרויער פּלאַכטע. דער פּאָל איז געווען אויסגעוואַשן און באַשיט מיט טראָטשינעס. דער טיש אין מיטן שטוב איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך. אויפן טיש זענען געלעגן צוויי ברויט, איינס שוין צעשניטן אויף מוציא׳ס, אַ טעלער מיט צעשניטענע הערינג און אַ זאַלצמעסטל.

אויבן אָן איז געזעסן געצל, אַ הויכער, שטאַרקער, געלער ייד מיט ברייטע אויסגעאַרבעטע האַנטפלאַכן. אים אַנטקעגן איז געזעסן חנה זיין ווייב, אַ קאָר־פּולענטע פרוי מיט אַ ברייטן בוזעם. איר קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל, פון אונטער וועלכן עס איז אַפּירגעהאַנגען אַ בלאָנדער לאָק, וואָס האָט אָנגעהויבן גרויען. פוןביידע זייטן טיש זענען געזעסן זייערע פינף בנים, איינער שלאַנקער פון אַנדערן. אַלע זענען זיי געווען ענלעך, ווער צום טאַטן און ווער צו דער מוטער. אַלע האָבן געזונגען זמירות „כל מקדש שביעי״. עס האָט געזונגען אַ כאָר. דער פאָטער האָט געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש צום טאַקט. דער נאַפּטלאָמפּ אויף דער וואַנט האָט געצאַנקט, ווי ער זאָל באַגלייטן דאָס געזאַנג.

איסר האָט זיך געדריקט צו דער וואַנט, ווי ער זאָל וועלן אין איר אַריינ־קריכן, אַז עס זאָל אים ווער ניט זען. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך שטיל אַ זאָג געטאָן, ווי אַ פליסטער געטאָן „דאָ איז די שכינה״ און זיך אָפּגעריסן פון דער וואַנט. ער איז אַוועק. ער איז געגאַנגען מיט קליינע טריט, ווי ער זאָל וועמען נאָכגיין.

---

* וואַסער־קוואַלן, וואַס שפּרודלען.

** הילצערנע קאַסטנס מיט לעבעדיקע פיש, דורך וועלכע עס פליסט וואַסער.

שעהן איז איסר געלעגן אויף זיין געלעגער און נישט געקענט איינשלאָפן. ער האָט געפילט די וואַרעמקייט פון לייבעלעס קערפּער. לייבעלע איז געווען זיין ביישלעפער. ער האָט געהערט זיין קינדישן אָטעם־הויך. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און דער שלאָף האָט אים נישט גענומען. ער איז געלעגן און געפילט אונטער זיך די שטרוי אינעם שעניק און די אייגענע ביינער. ער האָט נישט געקענט איינליגן און כסדר זיך איבערגעלייגט פון איין זייט אויף דער אַנדערער און נישט געקענט איינשלאָפן. ער איז געווען אומרויִק, ווי עס זאָל עפּעס דאַרפן געשען. ווען ער האָט שוין יאָ אַנגעהויבן דרימלען, האָט ער ווי אין חלום געזען געצלען, דעם איבערגעדעקטן מיטן ליילעך טיש און דעם לאָמפּנפלאָם, ווי ער צאַנקט.

אויף צומאָרגנס, דעם גאַנצן שבת, האָט ער זיך קיין אָרט נישט געפונען. ער איז געגאַנגען פון שטוב און געקומען צוריק, ווי ער זאָל וועמען זוכן, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן. אין שטוב האָט ער זיך אַרומגעדרייט ווי א פרעמדער, אָן אַ ציל. ער האָט געשפּאַנט איבערן צימער און געקוקט אין די ווינקלען, ווי ער זאָל זיך זוכן אַן אָרט, ווי אַ הון וואָס דאַרף זיך לייגן. פון אָנשטרענגונג האָבן אים די גלידער ווייי געטאָן. ער האָט געפילט די הענט און די פיס. אַפילו ביים עסן האָט ער נישט געפילט וואָס ער עסט. דעם שבת האָבן אַלע מאכלים געהאַט ביי אים דעם זעלבן טעם.

אין אָוונט איז ער געווען פאַרמאַטערט, ווי נאָך אַ שווערן אַרבעט־טאָג. ער האָט געוואַרט מיט אומגעדולד, אַן אויפגערעגטער, אַז אַלע זאָלן גיין שלאָפן, עס זאָל ווערן שטיל אין שטוב און ער זאָל קענען זיין מיט זיך, ער זאָל קענען צונויפנעמען די געדאַנקען, זיך קלאָר מאַכן, וואָס ער וויל. אָבער ער האָט זיך נישט דערוואַרט. נישט זאָגנדיק קיין וואָרט דער מאַמען, האָט ער אַראָפּגענומען פון שאַנק פּאַפּיר מיט אַ פעדער און איז אַריין אין אַלקערל. דער ריח פון די געקעמטע קאָלטונעס האָט אים אַ האַק געטאָן אין נאָז, ווי ער זאָל האָבן אַריין אין אַ שפּייכלער מיט פעל. נאָר אויך דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן. ער האָט אָנגעצונדן די ליכט און זיך אַוועקגעזעצט ביי דער מוטערס אַרבעטס־טישל.

ער האָט פונאַנדערגעלייגט די בייגעלעך פּאַפּיר אויפן טיש, ווי ער זאָל זיי אויססדרן. דאָס טישל איז אַמאָל געווען פּאָליטורירט און האָט געדענקט בעסערע צייטן, ווי ביי לאהן די שייטלמאַכערין אין שטוב. ער האָט געוואָלט שרייבן, נאָר האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי אָנצוהויבן. אָט האָט ער גענומען די פעדער אין האַנט גרייט צו שרייבן, און אָט האָט ער זי צוריק אַוועקגעלייגט. אַ מאָל האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש, ווי ער זאָל זיך וועלן אויף אים אַרויפלייגן. אַ צייט שפּעטער האָט ער זיך פון אים צוריק אָפּגעריסן און איז זיצן געבליבן מיט אויסגעצויגענע פיס, אַ פאַרקוקטער אינעם חלל. פּלוצים האָט זיך אים אָנגעהויבן דאַכטן, אַז דער הילצערנער קאָפּ מיט דעם אָנגעטאָענעם אויף אים שייטל, קוקט אויף אים. ער האָט אים מיט כעס אַראָפּגעשטעלט

אויפן פּאָל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אײַנגעקוקט אין פֿענצטער אַנטקעגן אים. איצט האָט זיך אים געדאַכט, אַז פֿון דער פֿינצטערניש קוקן אויף אים אויגן.

ער איז געזעסן אַן אַנגעשטרענגטער און נישט געוווּסט נאָך וואָס ער האָט זיך אָוועקגעזעצט בײַם טיש. פּונקט ווי פּלוצים האָט ער דערפֿילט, אַז דאָס בענקל, אויף וועלכן ער זיצט איז אים נישט באַקוועם. ער האָט זיך אַרײַנ־געדרוקט טיפֿער אין בענקל, זיך אײַנגעזעצט אין אים. נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך צוריק אַרויסגערוקט, ווי ער זאָל זיך וועלן אויפֿשטעלן און אַוועק־גיין פֿון טיש.

אין דער רגע האָט ער אַ נעם געטאָן די פֿעדער אין האַנט. ער האָט אַרויפֿגעלייגט די עלנבויגנס אויפֿן טיש, זיך איבערגעבויגן איבער זיי און געשריבן. די אותיות זײַנען האָבן זיך אויסגעשטעלט אין שורות, געשאַפֿן ווערטער און זאַצן. ער האָט געטראַכט שנעלער ווי געשריבן. פֿון שנעלקייט האָט ער פֿאַרוועקסלט אַ „קוף" פֿאַר אַ גימל און געשריבן „דער", וווּ ער האָט געדאַרפֿט שרײַבן „דאָס". ער האָט געשריבן, געשילדערט „די שבת־סעודה" ווי ער האָט זי געזען נעכטן בײַנאַכט בײַ געצל שוסטער אין שטוב, געשילדערט זי אויפֿן הינטערגרונט פֿון דער שלוה אין די שטאָט־געסלעך און דעם זמירות־אָפּהילך, וואָס האָט אים אַהין דערפֿירט. ער האָט געשריבן שנעל, ווי אין פֿיבער. די מידקייט פֿונעם גאַנצן טאָג איז פֿון אים אָפּגענומען געוואָרן. ער האָט געשריבן מיט אימפּעט, זיך באַפֿרײַט פֿון זײַנע אָנגעקליבענע אײַנדרוקן און דעם בילד וואָס ער האָט דאָרט געזען. ער האָט געשריבן די נאָוועלע, אין איר דערציילט פֿאַר די וועלכע וועלן זי לייענען, וואָס און ווי אַזוי ער האָט געזען דעם פֿרײַטיק־פֿאַרנאַכט בײַ געצל שוסטער אין שטוב.

ער האָט געשריבן, ביז ער איז זיצן געבליבן מיט דער פֿעדער אין האַנט, ווי זי זאָל האָבן אים געליימט געוואָרן. עס האָט גענומען צײַט ביז אים איז קלאָר געוואָרן די זאַך און ער האָט אַ זאָג געטאָן: „געענדיקט!" דאָס האָט ער געוואָלט זיך אַליין איבערצייגן, אַז ער האָט טאַקע געענדיקט. ער האָט זיך אָפּגעריסן פֿון טיש און אויסגעגליכן זיך די פּלייצע, ווי ער זאָל זיך האָבן באַפֿרײַט פֿון אַ משׂא. אַ צײַט לאַנג איז ער געזעסן, נישט טראַכטנדיק אַפֿילו. ער האָט גערוט. ער האָט נאָר געפֿילט אַ רויש אין קאָפּ און אַ מידקייט. ער איז געזעסן און זיך נישט אַ ריר געטאָן. ער איז געווען מיד און ליידיק. ער האָט אַפֿילו נישט געהאַט קיין כּוח איבערלייענען וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט די שטילקייט. זי האָט אים געקלונגען אין די אויערן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. ער האָט אַ קוק געטאָן אין פֿענצטער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אויפֿן ווײַטן האָריזאָנט הייבט אָן גרויען דער טאָג.

ער האָט אַרויפֿגעשטעלט די פֿויסטן אויפֿן טיש, זיך אָנגעלענט אויף זיי און זיך אויפֿגעשטעלט אַ געבויקטער. ער איז געווען מיד. ער האָט פּאַמעלעך

צונויפגענומען פון טיש די פאַרשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר און זיי אַריינ־
געשטופּט זיך אין בוזעם־טאַש. ער האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און אין דער
פינצטער אַוועק אויף די שפּיץ פינגער שלאָפן.

## ט

איין טאָג האָט געביטן דעם אַנדערן. דער אָנגעלעגענער שניי איז פון טאָג
צו טאָג נידעריקער געוואָרן, זיך געזעצט און שיטערער געוואָרן. די ווענט
פון די הייזער זענען שוין געווען אָפּגעדעקט, דער שניי אויף די דעכער —
געלבלעך. די אַראָפּהענגענדיקע פון די דעכער און פענצטער צאַפּלעס אייז,
האָבן אין מיטן טאָג געטייעט. די שטעטישע געסלעך זענען ווי ברייטער
געוואָרן. פון מאָל צו מאָל האָט אַ ווינט זיך פאַרבייגעטראָגן איבער די געסלעך
און צעוויגט אַן אָנגעטראָפּענעם נאַקעטן בוים, אָפּגעטרייסלט פון אים דעם
שניי פון די צווייגן, ווי דער בוים זאָל געזעגענען דעם ווינטער.

שוין עטלעכע וואָכן ווי איסר לעבט אין דערוואַרטונג פון זינט ער האָט
אַוועקגעשיקט אויך דאָס מאָל אין דער „קעלצער שטימע" „די שבת־סעודה".
ער לעבט מיטן געדאַנק, ווי וועט עס זיין איצט. ער גייט ווידער מיטן קאָפּ
אַראָפּ, האָט מורא צו קוקן די מענטשן אין די אויגן אַריין ווי ער זאָל האָבן
באַגאַנגען אַ מעשה נורא. ער איז געווען זיכער, אַז די אַוועקגעשיקטע נאָוועלע
איז גוט אָנגעשריבן, אַז ער האָט אין איר אַרויסגעבראַנגט דאָס יידישע דחקות,
גלויבן, משפחה־גליק און די דערהויבנקייט אין געצלס פּרייטיק־צונאַכטס, ווייל
ביז ער האָט זיך אָנטשלאָסן און אַוועקגעשיקט די נאָוועלע איז ער געזעסן
נעכט און געמעקט און געשריבן. יעדעס מאָל, ווען ער האָט פון ס'ניי אַדורכ־
געלייענט די נאָוועלע, איז זי אים בעסער געפעלן, ווי פריער.

דאָך האָט פון מאָל צו מאָל זיך ביי אים פאַרגנבעט דער געדאַנק, וואָס
האָט אים אַ נאָג געטאָן אונטערן האַרצן און ער האָט זיך אַ פרעג געטאָן:
„אפשר קען איך נישט און דאַרף נישט שרייבן" נאָר באַלד האָט ער זיך
געענטפערט: „די נאָוועלע איז גוט". ער האָט מיט כוח און מחשבה געטריבן
פון זיך דעם צווייפל. ער האָט גערעדט צו זיך אָן ווערטער, געקעמפט מיט
זיך, געשטאַרקט דעם אייגענעם גלויבן.

אָבער נישט איין מאָל פלעגט אים באַדעקן אַ שוויס, ווי ער זאָל האָבן
באַקומען פיבער און אַ ווײַלע שפּעטער פלעגט ער באַקומען אַ געגדזנהויט.
פון אויפרעגונג האָט אים געטריקנט די קעל און ער האָט געטרונקען איין
טעפל וואַסער נאָכן אַנדערן, געשטילט זיינע נערוון. אין דער צייט האָט ער
נישט גענומען די פעדער אין האַנט. ער האָט נישט געקענט צונויפנעמען
די געדאַנקען. ער איז מיט זיינע געדאַנקען געווען ווייט אין קעלץ אין דער

רעדאַקציע, אַפילו דאַן ווען ער איז געווען ביי דער אַרבעט. ער האָט געאַרבעט און יעדן פאַרמיטאָג ביז פישל בריווטרעגער איז פאַרבייגעגאַנגען, כסדר געקוקט אין דער אָפענער טיר אַריין, צי פישל גייט. ער האָט געוואַרט אויף דעם בריוו און זיך געשראָקן פאַר אים.

דער פרייטיק נאָך מיטאָג אין שטעטל, איז געווען אַ גרויער. דער הימל פאַרוואָלקנט. שוואַרצע אין פייער־געדעמטע וואָלקנס האָבן זיך געצויגן איבערן הימל, ווי באַלאָדענע קאַראַוואַנען. דער טאָג אַליין איז געווען אַ קורצער, אַן איינגעשרומפענער. ער האָט זיך געזעגנט מיטן קומען פון שבת.

יידן מיט רויטע, אויסגעשוויצטע פּנימער, מיט אַ פּעקל וועש אונטערן אָרעם, וואָס זיי האָבן איבערגעביטן לכבוד שבת, האָבן געאיילט פון דער שוויץ אַהיים. ווייבער מיט פאַרוואָרפענע איבער די אַקסלען באַרכאַנטענע טיכער, האָבן געאיילט אַהיים פון בעקער, ווער מיט אַ בלעכל חלות און ווער מיט אַ בלעכל קיכלעך. מיידלעך, איבערגעבויגענע איבער צוויי הענטיקע דיניצעס, האָבן געטראָגן צום בעקער דעם טשאָלנט. די יידן האָבן געבענטשט דעם שבת אין שטעטל אַריין.

אויך איסר האָט געענדיקט די אַרבעט. ער האָט געזאָגט ברוכן „אַ גוטן שבת". ברוך האָט אים געענטפערט „אַ גוטן שבת".

איסר איז אַרויס אין גאַס. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך, ווי ער זאָל זיין פאַרמאַטערט, אָדער פויל און אפשר אָן ווילן. ער איז געגאַנגען מיט די געסלעך הינטן אַרום. ער איז געגאַנגען קויפן אַ צייטונג אויף שבת, ווי יעדן פרייטיק.

דאָס געוועלבל אין וועלכן חיים, אַ הויכער שוין גרויער ייד מיט אַ גאַרגל־עפּל אין דיקער הייזעריקער שטימע, האָט פאַרקויפט די יידישע צייטונגען, האָט אויסגעזען ווי אַ ליידיקער שאַפע. דער בלוילעכער קאַלך אויף די ווענט האָט געגלאַנצט און זיך געשיילט, אַפילו אַ פּאַליצע איז אין דעם געוועלבל נישט געווען בנמצא. בלויז אַ טיש, אויף וועלכן עס זענען געלעגן די פּעק צייטונגען, איז דאָרט געווען.

יידן מיט געלע, גרויע און שוואַרצע שפּיציקע, לאַנגע און קיילעכדיקע בערד, זענען געקומען קויפן אַ צייטונג אויף שבת. יידן זענען אָן אויפהער געקומען און געגאַנגען. עס זענען אַריין צוויי יידן און אַרויס איז איינער. דער געדראַנג אין געוועלבל איז כסדר שטאַרקער געוואָרן. אויך איסר האָט זיך צוגעשטופּט צו חיימען. ער האָט געקויפט אַ „קעלצער שטימע" און איז אַרויס אין גאַס.

ער איז געגאַנגען אין מיטן גאַס נאָך פּאַמעלעכער ווי פריער. ער האָט געבלעטערט די צייטונג און געלייענט די קעפּלעך פון די אַרטיקלען. מיט אַ מאָל איז ער שטיין געבליבן, ווי עס זאָלן האָבן אים אָפּגענומען די הענט און פיס. ער האָט נישט געקענט רירן מיט אַן אבר. עס האָט אים אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן. די אותיות אין דער צייטונג האָבן אים געטאַנצט פאַר די אויגן. ער האָט געאָטעמט שווער, ווי אַן אַסטמע זאָל אים האָבן באַפאַלן.

ער האָט געציטערט פון פחד. אין דעם ווירוואַר פון זיינע געדאַנקען, האָט זיין פאַרגליווערטער איצט מוח, דאָך אַ טראַכט געטאָן „וואָס וועלן מענטשן זאָגן?" „איסר לאהס, דער רימער"? אָבער ער האָט זיך באַהערשט. ער האָט אָפּגעאָטעמט און מיט דער האַנט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, נישט אַרויסלאָזנדיק די צייטונג פון דער האַנט. ערשט איצט האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אין גאַס אַריין. עטלעכע רגעס שפּעטער האָט ער צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף זיין נאָמען איסר צווערניק. ער האָט דעם נאָמען געלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל ביז ער האָט אָפּגערוקט די צייטונג פון די אויגן און באַטראַכט זיין נאָמען, ווי ער זעט אויס פון וווייטן, ווען ער איז אָפּגעדרוקט אין אַ צייטונג.

ער האָט די צייטונג ווידער זיך צוגעדריקט צו די אויגן און ווידער אַ מאָל אַדורכגעלייענט זיין נאָמען אויפן קול. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער האָט נישט געהערט. אים האָט זיך נאָך אַלץ נישט געגלויבט, אַז דאָס איז טאַקע זיין נאָמען אָפּגעדרוקט אין דער צייטונג.

ערשט איצט האָט ער גענומען לייענען דעם נאָמען פון דער נאָוועלע. בעצם האָט ער נישט געלייענט נאָר באַטראַכט יעדן אות, ווי גרויס ער איז, ווי ער זעט אויס און זיי סילאַביזירט: „די שבת־סעודה".

איצט האָט ער פונאַנדערגענומען די הענט, אויסגעשפּרייט די צייטונג פאַר זיך, געוואָלט לייענען זיין נאָוועלע, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין כוח דערצו. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן און איז אַריין אין אַ דערבייאיקן טויער. ער האָט זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט און גענומען לייענען. ער האָט נאָך געדענקט וואָס ער האָט געשריבן. ער האָט צונויפגעלייגט די צייטונג און ער איז צוריק אַרויס אין גאַס.

ער איז געגאַנגען אַהיים. אַ מאָל האָט ער געשטעלט קליינע טריט פון מידקייט און אויפרעגונג צוליב דעם עול, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען און פון פחד פאַר דעם וואָס וועט זיין איצט. אַ מאָל האָט ער געשטעלט לאַנגע אויסגעצויגענע טריט פון פרייד און סאַטיספאַקציע.

# א

ווי פאַרטעסעט און אַריינגעקליגעט, האָבן אין צפון פון שטעטל זיך צונויפ־געטראָפן אין אַ דרייעק די איבערגעאַקערטע און פאַרזייטע פעלדער, געדיכטע פינצטערע וועלדער און דער רוישיקער טייך. דורות שוין, ווי די טייך־כוואַליעס שלאָגן אָן אַמאָל שטאַרקער אַמאָל שוואַכער אין די פעלד־ראַנדן און דאָך זיי נישט אונטערגעשווענקט, צעברעקלט די פעלד־גרודעס.

אַ קיילעכיקער באַרג, ווי די לבנה אין מיטן חודש, האָט געשטאַרט און פונאַנדערגעשיידט די פעלדער, וועלדער און דעם טייך. אויף דעם באַרגרוקן איז געלעגן וואַלבראַם, דאָס שטעטל וואָס האָט זיך אויסגעבויט אין משך פון דורות.

אַ לאַנגער, שמאָלער ליימיקער וועג האָט זיך געשלענגלט צווישן די פעלדער און וועלדער, אַמאָל אַריינגעלאָפן אין וואַלד, אַמאָל צוריק אַרויסגעלאָפן, דער־גאַנגען צום שטעטל און געפירט אין די דערבייִיקע שטעטלעך. די באַנליניע איז געווען אָפּגערוקט עטלעכע הונדערט איילן פונעם וועג, איז געלאָפן מיט אים פּאַראַלעל און אַ סך מאָל אים אויך איבערגעקרייצט, צוריק זיך פון אים אָפּגערוקט און ווידער מיט אים געלאָפן ווי אין געוועט. ביידע האָבן זיי געפירט קיין וואַלבראַם. אויך די באַנסטאַציע איז געווען אַ מהלך פונעם שטעטל, איז געלעגן אויפן באַרגפלאַך, וואָס איז געווען ווי אָפּגעשטאָכן און אויף אים האָט זיך געפונען דאָס צעקרומטע, פאַרהויקערטע שטעטל וואַלבראַם.

די עטלעכע טויזנט נפשות זענען געווען צונויפגעדריקט אין זייערע חדרים, ווי שוואָמען אונטער ביימער־וואָרצלען. די הויפּט־גאַס, אַ לאַנגע, אַ שמאָלע האָט געפירט אַריין און אַרויס פון שטעטל און דורכגעשניטן די באַרגפלאַך. דער פירקאַנטיקער מאַרקפּלאַץ, ס׳האַרץ פונעם שטעטל, האָט איבערגעשניטן די אַ גאַס. עטלעכע שמאָלע, שיפּע געסלעך האָבן געפירט פון מאַרקפּלאַץ צו די גרינע פעלדער, וועלדער און דעם טייך.

דאָס שטעטל איז געלעגן ווי צוזאַמענגעדריקט אין אַן אָנגעדראָלטער גרוי־קייט, וואָס איז געווען פונאַנדערגעשפּרייט איבער וואַלבראַם. די נידעריקע פון שטיין און האָלץ געבויטע און געמויערטע פּאַרטער־הייזלעך זענען געווען געדעקט מיט שיפּע שינדל־דעכער, וואָס זענען געווען באַוואַקסן מיט גרינעם אַלטן מאָך

און האָבן זיך געדריקט, געטוליעט איינער צום אַנדערן. די שמאָלינקע קליינע פענצטערלעך מיט די פאַרגלעזטע פירקאַנטיקע שייבעלעך, זענען ווי געלעגן אויף דער ערד. די הילצערנע אַריינגאַנגס־טירן זענען מערסטנטייל געווען אַריינגעלאָזט אין דער ערד. צו יעדן הייזל האָט מען געמוזט אַראָפּגיין מיט צוויי, דריי טרעפּ. די געסלעך זענען נישט געווען ברוקירט, נאָר די הויפּטגאַס און דער מאַרקפּלאַץ זענען געווען אויסגעלייגט מיט קרומע האַלב־קיילעכיקע קאַצנקעפּ־שטיינער.

זעלטן האָט מען אין וואָלבראָם געזען אין מיטן טאָג אַ מענטש, אָדער אַ פור אין גאַס. נאָר לאַנג־בערדיקע ציגן און פעטע, אויסגעשמירטע חזירים זענען אַרומגעקראָכן איבער די געסלעך און אויסגעריבן זייערע רוקנס אין די ווינקלען פון די הייזער. אויך דער הימל איבער וואָלבראָם איז שטענדיק געווען טונקל, גרוי, ווי אָנגעזאָפּט מיט נעץ און פייכטקייט. אַפילו דער טאָג אין וואָלבראָם איז געווען קלענער ווי אַנדערשוווּ. מיטאָגצייט האָט גענומען טונקלען און די נאַכט איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פון שטעטל.

וואָלבראָם, ס׳שטעטל, איז צענדליקער, צענדליקער יאָרן געלעגן אין די פאַלדן פונעם באַרגרוקן ווי אַ צעקנאָדערטער גרויער, דיקער דיוואַן, נאָר די דיקע שטיינערנע קלויסטער־ווענט האָבן געשטאַרט און אויף זיך געטראָגן דעם פאַרגרינטן מיט מאָך־באַוואַקסענעם שפּיציקן טורעם מיט דעם ברייטן, שווערן צלם. די מיטאָג־זונשטראַלן האָבן אים געגליט און פונאַנדערגעשפּרייט אַ שימערגלאַנץ ווי אַ שפּיגלגלי.

אויך אויף די הויכע, געטינקטע שלוּוּענט איז געלעגן אַ פלאַכער, קיילעכיקער מיט פּאַפּע געדעקטער דאַך. אין אים איז געווען אַ הימל־פענצטער פון אַ בוידעם־שטיבל, אין וועלכן עס זענען געלעגן קופּעס שמות. דאָס פענצטער האָט אַריבערגעקוקט איבערן שטעטל אַריבער. פון ווייטנס האָט מען אויך געזען די קיילעכיקע געוועלבן פון די גרויסע שולפענצטער וואָס זענען געווען געגלאָזט מיט קליינע קאָלירטע שייבעלעך אין דער פאָרם פון אַ מגן־דוד און האָבן זיך געגרינט און געגרויטלט אין דער שיין פון די זונשטראַלן.

פאַררוקט צווישן קלויסטער און דער שול האָט זיך געפונען דער הויכער, שמאָלער, שפּיציקער, בלעכענער פייערלעשער־טורעם. ער איז געשטאַנען און געוואַרט עס זאָל ערגעצוווּ אַ זעץ טאָן אַ רויך און עס זאָל ווער נעמען קלינגען מיטן גלאָק, וואָס איז געווען איינגעמויערט אין טורעם, צונויפצורופן די שטעט־טישע זיי זאָלן קומען לעשן דאָס צעפלאַקערטע פייער. ענלעכע שריפות האָבן עטלעכע מאָל שוין זייט וואָלבראָם עקזיסטירט געמאַכט אַש פון די שטעטישע הייזלעך. אין צווישן צייט, פון איין שריפה ביז דער צווייטער, האָט ס׳בלעכענע הענדל מיטן קרייענדיקן האָן איבער אים, זיך געדרייט און געוויזן די וואָל־בראָמער איינוווינער די ריכטונג פונעם ווינט.

אַזוי איז וואָלבראָם געלעגן אויפן רוקן פון באַרג. דער טייך, די פעלדער און וועלדער האָבן געצוימט זיין תחום. פונעם תחום זענען נאָר אַרויס די

פאַרפאַרקנטע צווי ערד־שטחים, וואָס זענען געווען אָפּגעזונדערט פונעם שטעטל, די צווי בתי־קברות פוןביידע עדהס. ביידע פּלעצער זענען שוין געווען באַלייגט מיט קברים: איינער מיט גרויע, פאַרקיילעכדיקע ווי די שולפּענצטער שטיינערנע מצבות, דער צווייטער מיט פאַרשידנאַרטיקע קרייצן, ווי אויפן קלויסטער־טורעם. די טויערן פון די צווי בתי־קברות האָבן זעלטן ווען זיך געעפנט, נאָר ווען אין שטעטל איז פאָרגעקומען אַ לוויה, אָדער אַ פּאַגרזשעב. וואָלבראָמער תושבים האָבן זיך געעלטערט, געהאַט איניקלעך און אוראייניקלעך. אַ סך בעלי־בתים אין שטעטל זענען געווען גרויע, מיט לאַנגע בערד, און געהאַט הינטער זיך אַכט, ניין צענדליק יאָר.

יעדער תושב האָט זיך געעלטערט אויף זיין אַרט און שטייגער. די יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות ביי האַנדל און אַרבעט, די קריסטן אין די פעלדער און שטאַלן. אַלע ענינים אין שטעטל זענען פאָרגעקומען לויטן וואָלבראָמער שטייגער — פּאַמעלעך, געלאַסן, פלעגמאַטיש, פון פאָרויס שוין באַשטימט, אַז גאָרנישט וועט אַנטקומען. זעלטן ווען, אין אַ וואָכנטאָג איז אַריינגעפאָרן אין מאַרק אַ פורל מיט אַ קאַרץ תבואה, אָדער קאַרטאָפל, וואָס אַ פּויער פון אַ דאָרף האָט געברענגט צו פאַרקויפן. ווען עס האָט אַמאָל שוין יאָ פּאַסירט אַ נס און אַ פּויער איז אין אַ וואָכנטאָג פאַרפאָרן אין מאַרק אַריין, האָט ער לאַנגע שעהן געוואַרט אויף אַ קונה, ביז ער האָט זיך אויסגעצויגן אין דער פור און פון לאַנגווייליקייט גענומען כראָפּען. דאָס אויסגעשפּאַנטע פון דער צוים פערד איז געשטאַנען מיט אַ נאַקעטן קאָפּ און געמלה־גרהט פון לערן זאַק אַרויס און אויך גענדרימלט, פונקט ווי די סוחרים הינטער די קאַסע־טישן אין זייערע ליידיקע אָן קונים קראָמען.

פונקט ווי די יידישע אַזוי זענען אויך די קריסטלעכע בעלי־מלאכהס געזעסן יעדער אין זיין כאַטע, פּאַמעלעך, געלאַסן געטאָן זייער מלאכה: די שניידער האָבן גענייט, די שוסטער האָבן געקלאַפּט פלעקלעך, די טישלער האָבן געזעגט, געגרייט שענק, שטיוול, אָדער מלבושים צום יריד. זיי האָבן געאַרבעט, זיך צוגעזונגען מיט אַ קלויסטער־ אָדער שחרית־ניגון, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די האַלב־אָפענע טירן און זיך צונויפגעגאָסן מיטן געטראַסק פון די שוועך־געלאָדענע מיט מיסט, קאַרטאָפל, צי תבואה, וועגענער. די רעדער זייערע האָבן פּאַמעלעך זיך געקאַטשעט אין די געסלעך איבער די ברוקירטע קאַצנקעפּ־שטיינער. טאָג נאָך טאָג זענען זיי געזעסן אין די הייזער, יעדער ביי זיין מלאכה. זעלטן ווען האָט אַ קאָפּ זיך באַוויזן אין אַ פענצטער אָדער טיר, נאָכגעקוקט דעם וואַסער־טרעגער, אָדער סתם אַ בעל־הבית וואָס האָט געשלעפּט צווי קיבלעס וואַסער פון דער קייטן־פּלומפּ, ביי וועלכער עס האָבן זיך געצויגן צווי קיבלעס גלייכצייטיק: איינער אַ לערער אַראָפּ, דער צווייטער אַ פולער — אַרויף. די פּלומפּ איז געשטאַנען אין מאַרק און געגעבן וואַסער פאַר אַלע תושבים אין שטעטל.

יעדעס מאָל, ווען אַ קריסט האָט גענומען קלינגען און געפירט דעם גלח

צו אַ קראַנקן, אַ גוסס ער זאָל זיך מתודה זיין, זענען די קריסטן און די יידן אַרויס פאַר די הייזער. די קריסטן האָבן זיך געצלמט און געקניט. די יידן זענען שטיין געבליבן טרויעריקע און געבעטן אַ רפואה שלימה פאַרן קראַנקן. אויך פאַרקערט. יעדעס מאָל, ווען דער שמש האָט געפירט דעם שטאָט־רב, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגע, זיידענע בעקעשע און ווייסע זאָקן צו אַ גביר, אַ סוחר נאָך אַ נדבה פאַר אַ נויטבאַדערפנדיקן, זענען אויך די קריסטן און די יידן אַרויס פאַר די הייזער: די יידן זענען נאָכגעלאָפן דעם רב, אים געבאָטן אַ גוט־מאָרגן. די קריסטן האָבן אַראָפּגענומען פאַר אים די היטלען. דערנאָך, מיטאָג־צייט, זיך נאָכגעפרעגט ביי די ווייבער, וואָס זענען צו זיי געקומען אין שטאָל אַריין צו דער מעלק נעמען מילך: וואָס איז געשען אין דער עדה יידן.

דעם גאַנצן טאָג האָט ס׳שטעטל ווי געדרימלט, אין מיטן טאָג האָט מען קיין מענטש נישט געזען אין גאַס. נאָר די חדר־יינגלעך מיט שוואַרץ־פינקלדיקע און אומרויִקע ווי קוועקזילבער אייגעלעך מיט דער גמרא אָדער חומש אונטערן אָרעם, אָדער עטלעכע שקצים מיט פלאַקס־בלאָנדע קעפּלעך און בלוי־וואַסער־דיקע אויגן, וואָס זענען נאָך נישט געווען איינגעשפּאַנט אינעם אַרבעט־יאָך, האָבן זיך פאַרגנבעט צום געמויערטן לאַנגן, שטיינערנעם שטאָט־בנין. דער בנין האָט אויסגעזען ווי אַ קאַזאַרמע און איז באַשטאַנען פון צוויי זאַלן, אַ קלענערן און אַ גרעסערן. דער לאַנגער, גרעסערער זאַל מיט די פאַרקראַטעטע אין דער הויך קליינע פענצטער, איז געווען די שטאָט־„קאָזע" (טורמע), אין וועלכער יעדער פאַרמשפּטער ייד צי קריסט האָט געמוזט אָפּזיצן זיין שטראָף: פאַר נישט אויסרייניקן אַ רינשטאָק, נישט אַרויספירן ס׳מיסט פון הויף, פאַר צעשלאָגן זיך איינער מיטן אַנדערן. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט — אַ הויכער, דיקער, קרעפּטיקער און שטרענגער מאַן מיט דער לאַנגער, שמאָלער אַראָפּ־הענגענדיקער אין דער זייט שווערד, מיט אַ דיקער רויטער נאָז, לאַנגער, שפּי־ציקער וואָנסע — די „שׂררה", האָט שטרענג אויפגעפּאַסט דערויף. אין דער צווייטער העלפט פונעם בנין, אין דעם קלענערן זאַל, איז געווען די שטאָט־„גמינע", אין וועלכער עס האָט אַמטירט דער שטאָט־שרייבער וויצעק. ער איז געווען אַ קריסט אין די מיטעלע יאָרן, געהאַט אַ קיילעכיקן קאָפּ ווי אַ טאָפּ, אָן האָר, גלאַט ווי אַ לעדער. זיין דינע שמאָלע נאָז איז געווען בלאַס. ער האָט געהאַט אַ קמץ־בערדל און טריבע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק גענישטערט אין די פאַרשידענע פאַרשריבענע מיט כתב ביכער, וואָס זענען געלעגן פאַר אים אָפן אויף אַ הילצערנעם געהיבלטן נישט געפאַרבטן נאָר אויסגעשמירטן, ברודיקן טיש. נאָר אַזוי ווי די שטאָט בעלי־בתים האָבן נישט געהאַט צו טאָן אין די אוזשענדן (אַמטן) און זענען געקומען אַהין זעלטן ווען, זענען די אונטערוואַקסנדיקע קינדער געווען זיכער, אַז וויצעק וועט זיי נישט זען און אויך טאַטע־מאַמע וועלן אַהין נישט קומען זיי זוכן. זענען זיי טאַקע געלעגן אונטער דער טויבער וואַנט אָן פענצטער און געשפּילט אין קנעפּ, וואָס זיי

האָבן אַמאָל אַראָפּגעריסן פון זייערע מלבושים, אַמאָל געברענגט פון דעם היים. דער שפּילפּלאַץ איז געווען אַ בשותּפותדיקער פאַר אַלע ייִנגלעך אין שטעטל. דאָך האָבן די ייִדישע ייִנגלעך נישט געשפּילט צוזאַמען מיט די שקצים, נאָר יעדע עדה באַזונדער. נישט ווייל זיי האָבן זיך געקריגט אָדער געשלאָגן, נאָר ווייל עס איז זיי געווען שווער זיך אַדורכצורעדן, פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן. די האָבן גערעדט ייִדיש און די האָבן נאָר פאַרשטאַנען גוייִש־פּויליש. נאָר אַזוי זענען זיי שוין יאָרן אויסגעקומען מיט זיך.

נאָר אויך קיין וואָלבראָם, דעם קלײנעם, פאַרוואָרפענעם שטעטל האָבן זיך שוין דערטראָגן די אָפּהילכן פון די וועלט־געשעענישן. אונטער די שיפּע שינדל־דעכער און צווישן די קרומע ווי פאַרהויקערטע ווענט פון די וואָלבראַמער הייזלעך, האָט שוין אָנגעהויבן ברויזן דער אָנפאַנג פון אַן אַנדערן אַרט און שטייגער.

## ב

דער מאָרגן האָט ערשט געגרויט. פון דעם גרוי פייכטן נאַכטנעפּל האָבן אָנגעהויבן זיך באַווייזן די פעלדער, וועלדער פון אַרום, אויף די בלעטער און גרעזער זענען געזעסן טראָפּנס טוי — ווייסע, לויטערע ווי קינדער־טרערן. נאָר איבערן טייך איז נאָך געלעגן אויסגעשפּרייט ווי אַ שווערער געוואַנט די פייכטע נאַכט־גרויקייט, אַ נעפּל. נאָר פּאַמעלעך, פּאַמעלעך מיטן איבערגוס פונעם שאָטן אין דער ליכט, האָט זיך אויך אויפגעהויבן דער נעפּל פון טייך, ווי אַ וואָלקן זאָל שוועבן אין דער לופט, באַווייזן דעם מרחק, די סביבה, פּאַנאָראַמע. דער באַרגפּלאַך, אויף וועמענס רוקן עס איז געלעגן דאָס שטעטל איז נאָך געווען גרוי, נאָר אויך די גרויקייט איז פּאַמעלעך, פּאַמעלעך זיך פונאַנדערגעגאַנגען ווי די זומער־וואָלקנס און באַוויזן די קאָנטורן פון די וואָלבראַמער הייזלעך.

איבער די נאָך נאַסע, ווי אָפּגעצוואָגענע פון דעם נאַכט־טוי, געסלעך, האָט זיך געטראָגן די פרישקייט פון די תבואה־פעלדער און די ריחות פון דעם יוירנדיקן אין די שטעלער מיסט. די אויסגעמאָלקענע קי האָבן געמעקעט פון צופרידנקייט, די הינער אין די שטייגן האָבן געקרייעט, ווי גערופן די מענטשן זאָלן קומען זיי העלפן. ווו נישט אין אַ געסל האָבן שוין געקלאַפּט פערד־פּאַדקאָוועס און עס האָבן זיך געקלאַלערט וואָגן־רעדער, ווו נישט ווו האָט אַ ייִד מיט אַ זעקל איבערן רוקן, אַ דאַרפסגייער — שיון געאיילט אין וועג אַריין.

אַ הונט וואָס האָט זיך אומגעקערט פון זיין נאַכט־העצעריי, איז אים אַנטקעגן געקומען. ביי איינעם פון די ביימער, אָדער אַ ראָג פון אַ הייזל האָט אַ פאַרקויטיקטער חזיר, וואָס האָט זיך אַרויסבאַקומען פונעם אָפּצוים, ווו ער איז געווען פאַרשפּאַרט די גאַנצע נאַכט, זיך אויסגעריבן זיין הויט.

ס׳שטעטל מיט זיינע מענטשן, יידן און קריסטן, האָבן אויפגענומען דעם פּרימאָרגן־טאָג, געווען גרייט צום פּרימאָרגן־עול.

ווי אַלע, אויך שרה די וועשנייערין, אַ מיטלווּוקסיקע, נאָך יונגע נאָר שוין דיקע און אויסגעהאָרעוועטע פרוי. זי האָט געהאַט קורצע הענט און קיילעכיקע, אויסגעזעצטע ווי טויבן־אייער אויגן, וואָס האָבן שטאַר געקוקט, ווי זיי זאָלן זיין פאַרצלאָזן, אַ שמאָלע, לאַנגע אויסגעבויגענע פון שלעכטקייט נאָז, אַ קליין ווי פאַרשנורט מויל, פון וועלכן עס האָט שטענדיק, ווי נאָר זי האָט עס געעפנט, זיך אַ שיט געטאָן אַ מבול מיט רייד. זי האָט געהאַט אויף זיך אַ גרויען מיט בלוי געבלומטן שלאַפראָק. די ערשטע אויבערשטע קנעפּלעך זענען געווען אויפגעקנעפּלט, עס האָבן זיך אַרויסגעזעצן אירע פליישיקע ברוסטן. זי האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּשווענקען אירע הענט און אָפּוואַשן זיך דאָס פנים, אָבער איר קאָפּ איז שוין געווען אַרומגעבונדן מיט אַ טונקל־ברוין געל־קאַרירט פאַפּעלין־טיכל, פון אונטער וועלכן עס זענען אַראָפּגעהאָנגען אירע רויטלעכע האָר, ווי ביי אַ נישט געקעמט פערד און שוין האָט זיך זיך געפאָרעט ביי איר אַרבעט.

זי איז געשטאַנען ביים טיש און אָנגעסדרט שטיקער סחורה צום שניידן. די דעמערנדיקע מאָרגן־גרויקייט פון דער גאַס איז נאָך נישט אַריינגעדרונגען צו איר אין שטוב. די צוויי נידעריקע, אין איר שטוב, פענצטער, האָבן קאַרג אַדורכגעלאָזט אַפילו די מיטאָג־זונליכט. די שטוב, די פיר געקאַלכטע ווענט מיט דער הילצערנער סטעליע און דעם פאָל, וואָלט אויסגעזען ווי אַ פאַרמאַכטער קאַסטן, ווען נישט דאָס שמאָלע טירל, דורך וועלכן מען איז אַריין און אַרויס.

די צוויי הילצערנע בעטן מיט די געזעמסן צוקאָפּנס, די שטענדיק האַלב אָפענע, פאָלירטע שאַנק, וואָס האָט זיך נישט צוגעמאַכט, דאָס קינדער־וויגל, דאָס אָפּגעשיילטע פון דער פאַרב קרעדענסל מיט די קיך־כלים און די אויס־געאיילטע „זינגער״־מאַשין, ביי וועלכער עס איז שטענדיק געשטאַנען ס׳פּרעס־אייזן, ווו אַהין עס איז כמעט קיינמאָל נישט צוגעקומען די זונשיין. פונעם טאָג, ווען מען האָט אויפגעבויט דאָס הויז און פונעם טאָג, ווען עס האָבן חתונה געהאַט יענקל דער בעדער מיט שרהן די וועשנייערין און ווו נאָך אַ יאָר איז געבוירן געוואָרן זייער טאָכטער, האָט אין שטוב געהערשט טריבע גרויקייט.

נאָר שרה, וואָס האָט נישט געלעבט אין שפע, ווי אַלע פרויען אין שטעטל, האָט נישט ווידערגעשפעניקט איר גורל. ווי בינען אין זייער בינשטאָק, אַזוי האָבן זי מיט איר מאַן געהאָרעוועט טאָג איין טאָג אויס ביי זייער אַרבעט. ער אין דער מקוה, זי — ביי איר ניימאַשין. אויך איצט, אַזוי פרי, איז זי שוין געווען פאַרטאָן אינעם אַרבעט־יאָך. אָבער באַלד פון מאָרגן פרי אָן, איז איר נישט געגאַנגען די אַרבעט. זי האָט געהאַט שטערונגען. דאָס קינד אין וויגל האָט יעדע ווילע זיך געוועקט. איר הילף, ס׳מיידל וואָס איז ביי איר געווען אין דער לערע, האָט היינט זיך אויך פאַרשפּעטיקט.

זי איז געשטאַנען ביים טיש איבער דער צונויפגעלייגטער סחורה און

געצייכנט זי מיט קרייד זי זאָל וויסן ווי צעשניידן און מיטן לינקן פוס נישט אָפּרייסנדיק זיך פון דער אַרבעט געוויגט ס׳וויגל מיטן קינד עס זאָל שלאָפן. זי האָט איר אַרבעט געטאָן געלאַסן, נאָר אין האַרצן האָט זי פון כעס געציטערט וואָס לאה איר הילף האָט פאַרשפעטיקט. ווי זי זאָל וועלן זיך פאַרלייכטערן איר כעס, האָבן אירע ליפּן געפּרעפּלט, ווי איר מאַן, אָדער אַ מענטש זאָל פאַר איר שטיין:

— דאָס מיידל קען זיך נישט אויף גוטס! גיסט איר אַ פּאַך אין האַנט, מאַכסט זי פאַר אַ מענטש און זי איז נישט דאַנקבאַר. שוין באַלד אָנבייסן און זי איז נאָך נישטאָ!...

זי וואָלט אַזוי געשטאַנען ביים טיש, געאַרבעט און געפּרעפּלט צו זיך, אויסגערעכנט דעם מיידלס זינד ביז אָן אַ סוף. נאָר אַזוי ווי זי האָט געענדיקט צושניידן האָט זי אַ וואָרטשע געטאָן מיט אַ גראָבער פון כעס שטימע: — מיט פּרעמדע הענט איז גוט פייער שאַרן! זי האָט זיך אָוועקגעזעצט ביי דער ניימאַשין און געבייט. דאָס קלאַפּן פון דער מאַשין האָט אויסגעפילט דעם טונקל־גרויען חלל אין שטוב. שרה איז געזעסן אָן איבערגעבויגענע איבער דער מאַשין, געבייט און לויטן טעמפּאָ פון דער נאָדל אויסגעלאָזט איר כעס, נישט געהערט, אַז די טיר האָט זיך געעפנט און לאה איז אַריין אין שטוב.

לאה, אַ הויך, שלאַנק, געזונט און יונג מיידל מיט גרויסע, ברענענדיקע אויגן, שוואַרצע געלאָקטע האָר, אָנגעטאָן אין אַ קורץ אויסגעוואָקסן קליידל, וואָס האָט נאָר געגרייכט ביז אירע אויסגעפּאָרעמטע שיינע קני, האָט געוואָלט פאַרזיכטיק צומאַכן די טיר זי זאָל, חלילה, נישט איבערוועקן ס׳קינד. אָבער די טיר־זאַוויאַסן האָבן אַ קאַרץ געטאָן און שרה האָט האַסטיק אויסגעדרייט איר קאָפּ צו דער טיר.

דערזעענדיק לאהן, איז זי מיט רוגזה אויפגעשפּרונגען פון בענקל, ווי זי זאָל זיך וועלן וואַרפן אויף איר, זי שלאָגן. נאָר באַלד האָט זי זיך באַהערשט. זי האָט אַ פאַרצי געטאָן איר מיילעכל, ווי זי זאָל וועלן אַ קוש טאָן. גלאָצנדיק מיט אירע ווי טויטע פאַרצעליי אויגן, האָט זי אַ סיקע געטאָן, ווי אַ שלאַנג, ווען זי לאָזט אַרויס גיפט, זיך צערעדט. זי האָט גערעדט פּאַמעלעך, מיט סאַרקאַזם, ווי זי זאָל זיך שפּילן, ווי זי זאָל אַליין הנאה האָבן פון די רייד:

— ס׳קאָצל קומט, מאַדאַם, ווילקאָמען אַ גאַסט, וואָס מאַכן זי?!

נאָר נישט קענענדיק איינהאַלטן איר כעס, האָבן פון איר קעל אַ שטראָם געטאָן הייזעריקע ווערטער, ווי זי זאָל זיך מיט זיי קרעקן:

— שוין גוט אויסגעפּאַפּן און אָנגעפּרעסן?! פּרינצעסין! גוט פאַר־ברענגט?! דיין קאָפּ איז פאַרנומען מיט שפּילערייען און נישט מיט דער אַרבעט.

לאה איז שטיין געבליבן ביי דער טיר אָן איבערראַשטע און געפּלעפטע פון דער בעל־הביתטעס איבערפאַל. ווי לאַנג פון שרהס מיילעכל איז געפלאָסן דער מבול ווערטער, איז זי געשטאַנען אַ פאַרשטומטע און איינגעהאַלטענע,

נאָר ווען אויף שרהס מויל האָט זיך באַוויזן אַ שוים און איר האָט אויסגעפּעלט אָטעם, האָט לאה אַ דערשראָקענע שטיל זיך פאַרענטפערט:

— שטענדיק קום איך דאָך אין דער צייט — און אַן עלנטע זיך געבעטן:

— מייסטערין, איך בין אין ערגעץ נישט געווען. די מאַמע איז פּלוצים אַוועקגעפאַלן...

לאה, אַ צערודערטע און אויפגערעגטע, האָט שנעל אַריינגעגאָסן אין טעפּל ס'ביסל געבליבענע לוי וואַסער פון דער טיי ביים אָנבייסן און זיך געשטעלט וואַשן די כלים. פון אויפרעגונג האָבן זיך איר געטרייסלט די הענט און זי האָט נישט געקענט אַרבעטן. פּלוצים איז איר פון האַנט אַרויסגעפאַלן אַ טעלער און צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך. פון איבעררּאַשונג און שרעק, איז זי שטיין געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי געליימט.

שרה, אַן אויפגערעגטע, נאָך נישט באַרויִקטע, האָט אַ צאַפּל געטאָן אויפן בענקל, ווי עס זאָל איר ווער האָבן אונטערגעשיט הייסע קוילן. זי האָט מיטביידע הענט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ ווי זי זאָל וועלן אַראָפּרייסן זיך ס'טיכל און היסטעריש געשריגן:

— נישט אויסצוהאַלטן! ווידער אַ שאָדן! אַ פּאָרצעליי־טעלער! צוויי טעלער — מיין גאַנץ פאַרמעגן!...

— מייסטערין, נישט קיין טעלער — נאָר אַ טעלערל — האָט לאה זיך פאַרענטפערט.

נאָר שרה, ציטערנדיק פון כעס, ווי אַ קדחת זאָל מיט איר וואַרפן, האָט זיך געטרייסלט און היסטעריש געשריגן נאָך העכער:

— אַ טעלערל! איך בין ראָטשילד, וואָס פאַרמאָגט גרויסע און קליינע טעלער?! פון אויפרעגונג האָט געפלאַמט איר פּנים.

— איך פיל זיך היינט נישט מיט אַלעם — האָט לאה אַ דערשראָקענע נישט דרייסט אַ שטאַמל געטאָן, מיינענדיק, אַז דערמיט וועט זי באַרויִקן און דער־וועקן שרהס געוויסן.

אָבער שרה האָט נישט געהערט, וואָס לאה האָט איר געזאָגט. אַ צעיושעטע האָט זי עטלעכע מאָל אַרומגעשפּאַנט איבערן חדר ביז זי איז צוגעפאַלן צו לאהן, אַרומגעכאַפּט אירע שמאָלע, אויסגעשפּיצטע איצט אַקסלען, זי געטרייסלט, ווי מיט אַ יונג צאַרט געוויקס און אַריינגעשריגן איר אין אויער:

— קער מיר אום מיין אבידה... קויף מיר אָפּ אַ טעלער!

ווי זי זאָל האָבן אַראָפּ פון זינען.

אַ בלאַסע פון שרעק האָט לאה געמיינט, אַז שרה וויל זי ממיתן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך באַהערשט און מיט אַלע אירע יונגע כוחות אָפּגעשטופּט פון זיך די מייסטערין און איר אָפּגעענטפערט:

— איך וועל נישט קויפן אַ טעלער! מיר האָבן נישט קיין געלט. דער טאַטע איז אָן אַרבעט!

ווי נאָר לאה האָט זי פון זיך אַוועקגעשטופּט, האָט שרה זיך אויך באַהערשט,

אַ ביסל זיך אָפּגעקילט דעם כעס. זי האָט מורא באַקומען, אַז לאה וועט זיך אויף איר וואַרפן און אפשר גאָר עפּעס טאָן דעם קינד, אָבער די רציחה האָט ווייטער אין איר געברענט, נישט געקענט זיך באַרויִקן. זי האָט געבורטשעט ווי אַ צערייצטער הונט, וואָס מען נעמט אים אַוועק אַ ביין:

— פּיסקעוועסט! וועל באַלד דיר ווייזן די צווייטע זייט טיר! פאַראַן געבוג אַזעלכע מציאות ווי דו!

זי האָט אויסגעקרומט ס׳פּנים און איר נאָכגעשפּעט:

— איך האָב נישט קיין געלט!... און איך האָב קורחס אוצרות מיינסטו?

זי האָט געשריגן און געטופּעט מיט די פיס און געביילט די פויסטן פון כעס.

ווער ווייסט ווי לאַנג די צוויי פרויען וואָלטן זיך געריסן איינע מיט דער צווייטער און צו וואָס עס וואָלט געווען דערגאַנגען, ווען נישט חנה, שרהס שכנה, זאָל גראָד אַריינקומען.

חנה פאַרקויפט באָבעס. אַ קליינע נידעריקע, אויסגעדאַרטע, מיט אַ געגרינצלט פון אַלטקייט פּנים. זי איז שטענדיק זומער און ווינטער געווען איינגעהילט אין אירע דריי, איינע אויף די אַנדערע, ברייטע ספּאָדניצעס און טוזשורקעס מיט בופן, וואָס זענען פון אַלטקייט שוין געווען אויסגעבלאַקט ווי זי אַליין, נאָר געהאַט אַ סך טאַשן. אַלע אין שטעטל קינדער האָבן געוווּסט, אַז חנה האָט אין אירע קליידער אַ טוץ טאַשן, פון וואַנען זי שלעפּט אַרויס וואַרעמע באָבעס. אַלע אין שטעטל, קליין און גרויס האָבן זי געקענט. איר געגרינצלט, ווי אַ פאַר־דאַרטער ציטרין, פּנים אין דעם אַלטן אַנגעלאָפּענעם קאָפּ, וואָס זי אַליין האָט אים געגאָלט און איר אויסגעפּעטסטע פון אַלטקייט הויב־קופּקע. זי איז געווען באַהאַוונט אין אַלע שטאָט־ענינים, אַלץ געזען און פאַרשטאַנען. שוין דריי צענדליק יאָר פון זינט איר מאַן דער שול־שמש איז געשטאָרבן. קיין קינדער האָט זי מיט אים נישט געהאַט. ער איז געווען אַ חלוש. זי וווינט אין דעם בוידעם־שטיבל מיט דאַך־פענצטער ביי דער ווייבער־שול. זי קאָכט דאָרט אירע באָבעס און טראָגט זיי אַרום איבער די הייזער. זי ווייסט וואָס ביי יעדן אין שטוב טוט זיך. נאָר נישט שטענדיק קומט זי פאַרקויפן באָבעס. אָפּט שלייכט זי זיך שטיל אַריין אין שטוב, שטעקט פאָרויס אַריין איר אויסגע־דאַרטן, לאַנגן קאָפּ מיט אירע אַוועקשטייענדיקע אויערן, ווי פלעטן ביי אַ פיש, באַצירטע מיט גרויסע, גאָלדענע האַלבע לבנה־אוירינגען. זי פאָדערט אַ נדבה פאַר אַ נצרך.

אויך איצט וואָלט חנה, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון מאַרק, נישט אַריינ־געגאַנגען צו יענקל בעדער, ווען זי זאָל גראָד נישט האָבן פאַרבייגעגאַנגען און געהערט די געשרייען פון שרהן, זיין ווייב. אַ ווילע איז חנה שטיין געבליבן הינטער דער טיר און צוגעהערט זיך, ווי שרה געוואַלדעוועט, נאָר הערנדיק, אַז זי שרייט אויפן מיידל און דראָט איר, אַז זי וועט זי אָפּזאָגן, האָט זי איילִיק

מיט דער האַנט זיך אָפּגעווישט אירע דינע בלויע ליפּן, אַ שטופּ געטאָן די טיר און אַריין אין שטוב.

זי האָט געמאַכט אַ סיגע, ווי זי זאָל גאָרנישט האָבן געהערט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, איידער זי איז אַריין אין שטוב. זי האָט נישט געוואָלט די קריגעריי זאָל זיך באַנייען און באַלד געגומען דערציילן בנעימותדיק ס׳נייעס פון מאַרק.

— די וועלט איז קיין וועלט נישט, די מענטשן קיין מענטשן נישט...

שרה וואָס האָט דערווייל אָפּגעקילט איר כעס, האָט אַ פלויש געטאָן מיט די ליפּן חנהן און איר געוויזן מיט דער האַנט:

—שאַ! וועסט מיר אויפוועקן ס׳קינד!

אָבער נישט קענענדיק זיך איינהאַלטן פון נייגער, האָט זי זיך אַ ווענד געטאָן צו חנהן:

— דערצייל... דערצייל... וואָס איז געשען?

חנה האָט אויסגערעגקט אירע קליינע, דאַרע פינגער און ממשיך געווען די מעשה, ווי זי זאָל לייענען די „צאינה וראינה״, דערציילט געלאַסן, געווען זיכער, אַז זי וועט אין לעבן שוין גאָרנישט פאַרשפּעטיקן:

— אַ נייער פישער איז צוגעקומען אין מאַרק. בערל משה שמואלס פון דער קאָזע (טורמע)־גאַס. בערל, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער געלער מויד רבקה, די וואָס האָט געדינט אין די גרויסע שטעט. בערל האָט געוואָלט לייזן, האָט ער פאַרקויפט אַ ביסל ביליקער. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע ווייבער האָבן געקויפט ביי אים. האָבן דאָך די רעשט פישער נישט געלייזט. איז געוואָרן אַ רעדעריי און עס איז דערגאַנגען ביז געוואַלט, אַז ער פאַרקויפט פאַרשטונ־קענע פיש, נאָר אויך דאָס האָט נישט געפּועלט — די ווייבער האָבן ווייטער געקויפט ביליק ביי בערלען ביז אייגער האָט געמאַכט אַ געוואַלט, אַז בערל גיט אַ פאַלשע וואָג. האָט מען איבערגעוואויגן. האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אמת, ווי אמת עס איז דער טאָג.

שרה, וואָס האָט די גאַנצע צייט געגייט און אויסגעהערט ס׳נייעס פון שטעטל, וואָס חנה האָט דערציילט, האָט זיך אונטערגעהויבן אויפן בענקל, הערנדיק אַז בערל האָט געגעבן אַ פאַלשע וואָג נישט דערפאַר, וואָס ער האָט באַוואָלט די ווייבער נאָר פאַר מורא, אַז אפשר באַגנבעט מען זי אויך אויף דער וואָג. אירע אויסגעזעצטע פאַרצעליי־אויגן זענען נאָך גרעסער געוואָרן און געגלאָצט, אירע פליישיקע ליפּן האָבן אַדורכגעזיגן עטלעכע ווערטער פון שרעק און נייגער:

— און מען האָט אים געשוויגן?

חנה, האָט נאָך מער צעקנייטשט איר צעגרינצלטן שטערן, אירע אַלטע לונגען האָבן געסאָפּעט און זי האָט פאַרענדיקט איר מעשה:

— ס׳איז געוואָרן אַ געוואַלט. מען האָט זיך געקריגט, ביז עס איז דער־גאַנגען צו אַ געשלעג. די פישער האָבן איבערגעדרייט בערלס באַליע און צעטרעטן זיינע פיש. אינעם געפילדער איז אָנגעלאָפן אַ פּאָליציאַנט. ער האָט

פונאַנדערגעטריבן די שלעגער און די גאַנצע מעשה פאַרשריבן אין אַ קליין ביכעלע. מענטשן זאָגן, אַז פון דערויף וועט זיין אַ משפט... חנה האָט פאַרענדיקט די מעשה מיט הארץ־ווייטיק, ווייל פון עפּעס אַ געשלעג צווישן יידן וועלן זיי מוזן שטיין פאַר אַ גויִישן שופט און נישט ווי עס שיקט זיך ביי יידן, גיין צום רב מיט אַ דין תורה און אַדורכקומען מיט אַ פשרה. אַז זי האָט געענדיקט רעדן, האָט זי שווער אָפּגעזיפצט און געשאָקלט מיט איר לאַנגן, דאַרן קאָפּ ווי אַ זייגער־אומרו, ווי זי זאָל בעטן פאַר כלל ישראל און פאַר די וואָלבראָמער יידן בפרט.

מיט אַ מאָל האָט די טיר זיך אויפגעפּראַלט, ווי אַ שטורעם־ווינט זאָל האָבן אויפגעריסן דעם שלאָס־סקיבל (אַ פּרימיטיווער האַנט־שלאָס, וואָס עפנט זיך, ווען מען דריקט אָן זיין ציגל) און אין שטוב איז אַריין שרהס מאַן, דער שטאָט־בעדער. יענקל, אַ מיטלוווקסיקער ברייט־ביינִיקער ייד מיט אַ ברייט, אויסגעגעסן רויט און גלאַט פנים, וואָס האָט אויסגעזען ווי עס זאָל שטענדיק שוויצן און אַ קורצע, ברייטע, איינגעקוועטשטע צווישן די אויגן נאָז, האָט זומער און ווינטער געטראָגן ברייטע, בייענע הויזן אַריינגעלאָזט אין שווערע, יוכטענע שטיוול און אַ שפּענצער מיט אַ לימיק, פאַרקנעפּלט פון פאָרנט מיט בלויע קנעפּ, ווי ביי די גוים.

ווי נאָר ער איז אַריבערגעטרעטן די שוועל פון שטוב, האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט דעם שפּענצער און אים אַ שליידער געטאָן אויפן בעט. אַ בייזער האָט ער כעסיק אָפּגעזיפצט מיט זיין קאַנטיקן ברוסטקאַסטן און אַרויסגעלאָזט פון מויל אַ קנויל פּאַרע, ווי אַ פאַרענדיקער טשייניק. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, דערציילן שרהן זיין ווייב מיט זיין האַרטער ריש־אויסשפּראַך, וואָס גרילצט אַזוי, ווי מען פירט איבער אַ שטיין איבער אַ שויב. זעענדיק חנהן, וואָס שלייכט זיך איבער די הייזער און ווייסט און זעט אַלץ מיט אירע קליינע, טריבע, רויטע שפּיזיקע אויגן, איז ער שטיין געבליבן ווי געפּלעפּט. יענקל דער ברייטער, שטאַרקער בעדער, וואָס קען מיט איין האַנט צעקוועטשן אַזעלכע באַשעפענישן ווי זי, האָט זיך געשראָקן פאַר אירס אַ גוט אויג, וואָס קען פאַר־שאַטן זיין געזונט אָדער פרנסה. אַ ווילע שפּעטער, אָבער נישט וועלנדיק זי זאָל באַמערקן זיין שרעק, האָט ער שנעל און מיט קוראַזש, וויל־ייִנגעריש אַ פאַררוק געטאָן זיין קאַשקעטל אויף הינטן, ווו זיין קאָפּ איז געוועזן באַוואָקסן מיט גרויסע, שוואַרצע, געלאָקטע האָר, ווי ביי אַ שעפּס. אַ שמייכל האָט אויסגע־קרומט זיין פנים און ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו חנהן, ווי ער זאָל האָבן אויף איר געוואַרט, איר דערציילט מיט חניפה, דאָס טאָג־נייעס פון שטעטל.

— שייִנע צייטן, באַבעניו... יידישע טעכטער ווילן שוין נישט געבוג טאָן זייערע מענער, אַפילו ווען דער רב פּסקנט.

און מיט הנאה און נחת צוגעגעבן:

— מענדל בעקער איז אַוועק פון ווייב מלכהן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט מקיים זיין דעם חוב וואָס אַ ווייב האָט לגבי איר מאַן. מענדל האָט זי געצוווּנגען מיט

אים גיין צום רב. אין בית־הדין האָט זי געטענהט: „איך האָב נישט קיין כוח ברענגען קינדער אויף דער וועלט און אויפשטיין ביינאַכט באַקן בייגל. זי טענהט, אַז דער דאָקטאָר הייסט זי רוען, אויב נישט וועט זי גיין פון דער וועלט.

די מעשה האָט ער איבערגעגעבן מיט אַ סך התלהבות. זיינע שטאַרקע ברוסטן האָבן זיך אים געטרייסלט פון תאוה און פרייד, ווי ביי אַ פרוי. ער האָט וויל־יונגעריש אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויג אויף די דריי פרויען, אַ סימן, אַז ער פאַרשטייט זיך אויף די זאַכן און מיט זיין באַס־קול צוגעגעבן:

— כאילו אַ ווייב האָט אריכת־ימים, נאָר ווען זי האָט אַ געזעל ביים רוקן...

נאָר מיט אַ מאָל איז זיין פּנים געוואָרן ערנסט, ווי ער זאָל זיך האָבן דערשראָקן פאַר די רייד זיינע. ער האָט ממשיך געווען, נאָר דערציילט שוין, גערעדט נידעריקער, אָן אַ קלאַנג אין קול און מיט באַדויער.

— אָבער היינט האָט זי געהאַט אַ בראָך. זי האָט געדאַרפט באַצאָלן שטייער. נישט געהאַט פון וואַנען. די שׂרה רייסט פון מענטש די הויט. היינט איז צו איר אַריין דער סעקוועסטראַטאָר. נישט רעדנדיק קיין וואָרט איז ער צוגעפאַלן צום שופלאָד מיט געלט, אָבער ס׳שופלעדל איז געווען ליידיק. ווייזט אויס, אַז מלכה פאַרשטייט אַן עסק. ער האָט אָבער זי געהייסן אַרויסטראָגן ס׳ברויט פאַר דער טיר און אַליין זיך געשטעלט פאַרקויפן פאַר אַ האַלבן פרייז, אַבי ער זאָל איינלייזן, וואָס זי איז שולדיק פאַר שטייער. זעענדיק, אַז איר האָב און גוטס גייט לאיבוד האָט זי עס נישט געקאָנט איבערטראָגן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ פלאַש נאַפט און באַסאַרגעט (באַגאָסן) ס׳גאַנצע ברויט.

פון חנהס מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קוויטש — אוי! זי האָט באַוווּנדערט מלכהס גבורה. לאה ווידער, וואָס האָט געשיילט קאַרטאָפל, האָט זיך דערמאָנט, אַז ביי זיי אין שטוב איז נישטאָ קיין ביסן ברויט. זי האָט אַ וואָרף געטאָן ס׳מעסער פון האַנט און אַ זאָג געטאָן: — איך לויף אויך קויפן אַ לאַבן ברויט! שׂרה די מייסטעריך, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן ביי דער מאַשין און גענייט, איז געוואָרן מלא רציחה אויף לאהן, וואָס זי וויל ווידער אַוועק פון דער אַרבעט און אויפגעשפּרונגען פון בענקל און זיך צעשריגן:

— די מויד האָט נישט קיין ביסל יאַנדעס. פאַר חצי חינם וויל זי אָפּקויפן יידישע פּראַצע!

און אַ לויף געטאָן צו איר, ווי זי זאָל זי וועלן שלאָגן.

חנה האָט מיט איר קליינעם קערפּער פאַרהאַלטן שׂרהן, איר געוויזן מיט דער האַנט זי זאָל זיך אומקערן צו דער אַרבעט. לאהן האָט זי דערלאַנגט ס׳מעסער זי זאָל ווייטער שיילן קאַרטאָפל און מיט אירע דינע בלויע ליפּן אַ פלויש געטאָן ש—ש—ש—א. אין שטוב איז צוריק געוואָרן רויִק, נאָר למראית עין. זי האָט אָבער נישט געוואָלט, אַז יענקל זאָל ווייטער דערציילן זיין מעשה פול ניבול פּה און רכילות אויף מענטשן. זי האָט אויך געוואָלט, אַז ער זאָל וויסן, אַז אויך ער איז נאָר אַ מענטש, ווי אַלע אַנדערע און אַז אויך אויף אים

רעדט מען אויס און אַז אויך ער דאַרף נישט זיין חוצפּהדיק, אַ ביסל באַרע־כענען יענעם. האָט זי אים געזאָגט:

— אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש. קיינער ווייסט נישט וועמענס דער מאָרגן איז.

אַ ווײַלע שפּעטער, ווי זי זאָל פּלוצים זיך האָבן דערמאָנט, האָט זי צוגעגעבן:

— אַנומלט געווען אין מקוה. די ווייבער האָבן שטאַרק געמורמלט. ס׳וואַסער איז קאַלט און איבערגעשטאַנען.

יענקל האָט געהאַלטן ביי קהל די מקוה אין פּאַכט. ער האָט אָנגעשטעלט זיינע קליינע אויערן, געוואָלט הערן, געמיינט, אַז חנה וועט אים דערציילן וועגן עס זענען די נייע בעלנים וואָס ווילן ביי אים אויסכאַפּן די פּאַכט. נאָר באַלד האָט זיך לייכט געעפנט די טיר ווי פון זיך אַליין און אין שטוב איז אַריין נישט דרייסט, געווען אין פאַרלעגנהייט, לאהס פאָטער, אליקום, אַ הויכער, ברייטביייניקער נאָר דאַרער ייד. דער האַלצשטויב אין טאַרטאַק האָט אים אויס־געגעסן די לונגען און אויף דער עלטער אים איינגעבויגן. פון זיין געלבלעך געקנייטשט פּנים, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ גרוי, פאַרשטייפּט בערדל ווי ביי אַן אויסגעריבענעם בעזעם, האָבן אַרויסגעקוקט צוויי שוואַרצע, בלאַסע מאַטע, טיף איינגעזעצטע אויגן, וואָס האָבן שוין געזען יענע זייט פון לעבן — די ענדע. זיין גאַנצער הילוך, שמאַלע אַריינגעלאָזטע אין די שטיוול הויזן, די קורצע ווי אַרויסגעוואַקסענע פון רעקל אַרבל און אויך זיינע ברייטע, אויס־געאַרבעטע, שטאַרקע הענט, זענען געווען אויסגעשמירט, פאַרפלעקט. דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז אליקום גייט ביי דער אַרבעט און צו גאַסט אין די זעלבע בגדים. אַפילו דאָס שוואַרצע, טוכענע קאַשקעטל מיטן זיידענעם פּאַסיקל פון פאָרנט, וואָס ער האָט אַמאָל געטראָגן נאָר שבת, האָט ער איצט שוין געטראָגן אין די וואָכנטעג.

חנה האָט פאַרשטאַנען, אַז אליקום איז נישט סתם געקומען צום בעדערמאַן, צו זיין ווייב שרה, נאָר אַוודאי וועגן דער טאָכטער לאה. מיינענדיק, אַז אפשר וועט ער זיך קרעמפּירן, האָט זי אייליק געזאָגט אַ „גוטן" און איז אַרויס פון שטוב.

אליקום איז געשטאַנען ביי דער טיר און זיך איבערלייגט, צי ער דאַרף גיין ווייטער, האָט זיך פאַרענטפערט פאַר יענקלען:

— געקלערט יאָ אַריינגיין, צי נישט אַריינגיין...

— אליקום, בעבע נישט! — האָט יענקל בעדער אים איבערגעריסן. ער האָט נישט ליב געהאַט פאַרבאָרגענע רייד און געפּאָדערט: — זאָג וואָס דו ווילסט!

אליקומען איז אָנגעקומען שווער ס׳רעדן, ווי ער זאָל דאַרפן טאָן אַ שווערע אַרבעט — אַדורכזעגן אַ דעמבענע בעלקע. ער האָט אַ קרעכץ געטאָן און פון פאַרלעגנהייט געקנייטשט מיט די הענט אַן עק פּאָלע פון זיין מאַרינאַרקע, אַ באַזאַרגטער טאָמער וועט ער זיך נישט באַנוצן מיט די געהעריקע ווערטער.

— ביטערע צייטן... מען קען נישט פאַרדינען אַ גראָשן... נישטאָ קיין פּרנסה...

ער האָט געשטאַמלט אַ פאַרזאָרגטער, ווי ער זאָל זיך פאַרענטפערן:

— אין שטעטל איז יאָ דאָ אַרבעט ביי דער שולע, אָבער נישט פאַר מיר. די גויישע סטאָלאַרעס האָבן אַפילו פאַרלאַנגט איך זאָל מיט זיי אַרבעטן, נאָר נאַטשאַלסטוואָ לאָזט נישט צו אַ ייד...

פון מידקייט האָט אליקום אָפּגעזיפצט, ווי ער זאָל באמת זיך האָבן פאַר־פליכטעט אַדורכצוזעגן די דעמבענע בעלקע, וואָס לא היה ולא נברא. ער האָט פון בושה אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שטיל צוגעגעבן:

— געוואָלט איך בעטן... איר זאָלט אָנהייבן עפּעס צאָלן... געבן עפּעס געלט דעם מיידל...

לאה, וועלכע האָט אין צווישן פאַרענדיקט די שטוב־אַרבעט און צונויפ־געלייגט די העמדער, וואָס שרה האָט אויפגענייט האָט צוגעגעבן אירס:

— מיר קומט שוין לאַנג אַרבעטגעלט... איך ניי שוין אויף דער מאַשין...

אַ ווײַלע האָט זיך געהערט די שטילקייט אין שטוב, וואָס האָט זיך צונויפ־געגאָסן מיט שלאָפנדיקן קינדס יונגן אָטעם און דעם טיק טאַק פונעם זייגער. נאָר באַלד האָט שרה אָנגעקוקט אליקומען מיט אירע אויגן, ווי זיי זאָלן גאָרנישט זען און אַ כאָרכל געטאָן, ווי זי זאָל זיך קרעכן:

— געלט! געלט!

יענקל האָט נישט געוואָלט צאָלן לאהן פאַר איר אַרבעט נאָר ער האָט אויך נישט געוווּסט, ווי אַזוי אָפּפּטרן אליקומען מיט גאָרנישט, די מענטשן זאָלן אויף אים נישט אויסרעדן. יענקל האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און אים אַ זאָג געטאָן:

— אליקום, קום אין גאַס אַריין. מירן שוין אַדורכקומען. מיר זענען דאָך יידן.

ער איז מיט אים אַרויסגעגאַנגען פון שטוב מיט דער זיכערקייט, אַז ער וועט אים שוין אָפּפּטרן מיט גאָרנישט.

אין שטוב איז ווידער געוואָרן שטיל. מען האָט נאָר געהערט, ווי לאה ציט אַרויס פון דער שטייפער, נאָך נישט געוואַשענער לייוונט, די פאַלשע שטעך־פעדעם. נאָר מיט אַ מאָל איז שרה אויפגעשפּרונגען, זיך אויסגעשטראַמט. אירע, ווי טויטע אויגן, האָבן נאָך מער אַרויסגעשטאַרט פון די אויגנלעכער, ווי זיי זאָלן וועלן פּלאַצן, זיך צעגיסן. זי האָט מיט אירע פאַרגלייזטע אויגן נישט נאָר געזען די אַרויסגעריסענע פון איר פּרוטות, נאָר גאַנצע קאָסעס מיט געלט. זי האָט פאַרצויגן איר מיילעכל און אַ סיקע געטאָן ווי אַ גיפטיקע שלאַנג:

— געלט! געלט! דו גאָרנישט!

זי האָט אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ דאַרע קאַץ צו דער טיר, זי אויפגעפּראַלט און מיט כוח אַרויסגעשטופּט לאהן פון שטוב, איר נאָכגעוואָרפן איר איינהיל־טוך און איר נאָכגעשריגן טרייסלענדיק זיך פון ניכפּה, ווי זי זאָל האָבן באַקומען

אַ נערוון־דערשיטערונג: — זאָלסט זיך מער נישט דערוואַגן מיין שוועל איבער־טרעטן!... און מיט רציחה צוגעקלאַפּט נאָך איר די טיר. ס׳שלאָפנדיקע אין וויגל קינד, האָט זיך איבערגעוועקט און צעוויינט.

## ג

שוין פון גאַנץ פרי איז דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט געזעסן אין זיין ביוראָ. היינט איז דאָך אַ יריד אין שטעטל. ער האָט געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב דעם טאָג אויפצופּאַסן מיט זיבן אויגן אויף די פרעמדע, וואָס קומען צום יריד, העצן די פּויערן קעגן דער מאַכט. ער איז געזעסן אין ביוראָ הינטער דער רויט־געפאַרבטער באַריערע, ביי אַ לאַנגן טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ שרייבמאַשין און עס זענען געלעגן פונאַנדערגעלייגט כל מיני אַקטן און אַקטנטאַשן.

ער האָט געראויכערט אַ סיגאַר און געבלעטערט, גענישטערט אין די אַקטן און יעדע ווײַלע אַרויסגעלאָזט אַ קנויל רויך פון מויל, ווי פון אַ זידנדיקן טשייניק און צו זיך גערעדט, אַדורכגעשטופּט דורך זיינע געלע, פאַרהאַקטע ציין איינצלנע ווערטער:

— באַשטראָפט. פּאַראַגראַף. צוויי יאָר...

אַ לייכטער ציטער, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ שמייכל, האָט אויף אַ ווײַלע אויסגעקרומט זיין פּנים און עטוואָס אויסגעצויגן זיין דיקע, רויטע פון שיכרות נאָז און מיט הנאה האָט ער באַטאַנט די ווערטער: — ער וועט שוין פאַרזאָרגן אַ צענטן נישט גנבענען... איך וועל נישט דאַרפן זיך שלעפּן איבער די דערפער היטן די פּויערימס הייזער... ער האָט זיך פאַרצויגן און אַרויסגעלאָזט אַ קנויל רויך, אויסגעדעמט זיינע אויסראַזירטע באַקן און זיך צעשריגן אויפן קול:

— בין נישט באַמינירט געוואָרן אַלס שומר איבער די דינסטמיידן וואָס וואַרפן אַריין אין מיסט זייערע ממזרים...

ער האָט אַ שפּיי געטאָן מיטשפּייענדיק שטומף דעם סיגאַר. דער בויך זיינער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, זיך אונטערגעהויבן און אַראָפּגעפאַלן. זיינע קליינע אייגעלעך האָבן שנעל זיך באַוועגן, ווי אָנגערירטע טראָפּנס קוועקזילבער.

— פון וואַנען ווייס איך ווער דער טאַטע איז, אַז מען ווייסט נישט ווער די מאַמע איז?...

זיין אויבערשטע פליישיקע ליפּ מיט דער דינער וואָנסע, האָט אַ ציטער געטאָן פון אויפרעגונג. ער האָט צונויפגעצויגן זיינע דיקע ברעמען און איצט

געריידט צו זיך ערנסט, ווי די וועלט זאָל זיך טרייסלען און ער אַליין זאָל זינקען אין אָפּגרונט:

— מיר איז נישט פאַרשטענדלעך די שיטה פון פּראָקוראָר. ווי נאָר איך שטעל אים צו מאַטעריאַל וועגן דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט אין שטעטל, שיקט ער מיר צוריק די אַקטן מיט אַן אויסרייד — מאַנגל אין באַווייזן.

ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט, ווי ער זאָל וועלן פון זיך אַראָפּוואַרפן די לאַסט, וואָס שרעקט אים אַזוי. ער האָט אַ וווּיז געטאָן מיטן פינגער, ווי ער זאָל דראָען דעם פּראָקוראָר און געריידט צו זיך ווייטער:

— ווען ער זאָל זען וואָס איך און מיינע מענטשן זעען יעדן טאָג, ווי אַזוי די יידן פאַררעטער העצן די פּויערים, ווי זיי לאָדענען אויס זייער אָנגעקליבענעם כעס אין די פאַרבאָרגענע באַהעלטענישן, וואָלט ער פאַרשטאַנען אין וואָס פאַר אַ מצב מיר געפינען זיך...

ער האָט געריידט ווייטער, נאָר איצט האָט ער געריידט הויך אויפן קול, ווי פאַר אים זאָלן שטיין פּאָליציסטן, וועמען ער איז געוווינט באַפעלן:

— צייטן, נישט איבערצוטראָגן! דאָס פעבל דאַרף מען פאַרניכטן, ווי די פאַרלאָזטע הינט!... אָנשטאָט דעם הייסט מען דיך מיט זיי זיך שפּילן, ווי מיט שוואַכע געצערטע קינדער, זיך באַנעמען צו זיין מיט רחמנות.

מיט אַ מאָל איז ער שטיל געבליבן. צו אים איז אַריין אַ נידעריקער, דאַרער ייד, לייב — איינער פון לאהס ברידער. זיינע מאָגערע, איינגעפאַלענע באַקן זענען איצט געווען בלאַסער ווי שטענדיק. זיינע טיף־איינגעזעצטע, איבעם לענגלעך אויסגעצויגענעם שוואַרץ־באַוואָקסענעם פּנים, אויגן, האָבן זיך שנעל באַוויגן. זיינע אַרבל און נאַגאַוויצעס פון זיינע באַפלעקטע מיט בלוט בגדים, זענען געווען קירצער ווי זיינע הענט און פיס. זיין היטל מיט אַן אַרויסגערי־סענעם דאַשיק, ווי ביי אַ קאַפּל, איז ביי אים געווען פאַרשיבט אויף הינטן און אָפּגעדעקט אַ פעך־שוואַרצן קאָלטן, וואָס איז געווען פאַרשמירט מיט בלוט און פעדערן און אַראָפּגעהאָנגען איבער זיין שמאָלן שטערן און קרומע נאָז.

זעענדיק לייבן, האָט ביים קאָמענדאַנט זיך אָנגעצונדן די יוכע (שנאה) אויפן ייד, וואָס דערוועגט זיך אים שטערן אין דער אַרבעט. נאָר אין מאָמענט האָבן זיינע אויגן אַ בליץ געטאָן פון פרייד. עס איז אים אונטערגעקומען אַ ייד, אַ פרישער קרבן, וועלכן ער וועט קענען מאַטערן און אפשר פון אים אַרויס־באַקומען, זיך עפּעס דערוויסן וועגן דער יידישער יוגנט אין שטעטל:

— וואָס מיינסטו! ווווּ אַהין ביסט דו אַריין? — האָט ער אויף אים אַ קוויטש געטאָן — דאָ איז נישט קיין שטאַל! דאָ געפינט זיך די מאַכט! איך וועל דיך לערנען דרך־ארץ!

די געשרייען האָבן צעטומלט לייבן. פון שרעק האָט ער אָנגעהויבן שטאַמ־לען: ער האָט געוואָלט רעדן מיטן קאָמענדאַנט מיט אַ שיין לשון, ער זאָל ביי אים נושא חן זיין.

— אין אונדזערע צייטן. אין די צייטן — האָט ער געשטאַמלט.

דער קאָמענדאַנט, וואָס לויט זיין מיינונג בונטעווען זיך אַלע יידן קעגן דער מאַכט, האָט דערהערנדיק לייבס רייד וועגן די „היינטיקע צייטן", זיך נאָך מער צעיושעט. דאָס פּנים זיינס האָט געפלאַמט און ער האָט זיך צעשריגן אויפן קול, ווי ער זאָל וועלן אים צערייסן אויף שטיקער:

— דיר געפעלן נישט די צייטן? וואָס? דו בענקסט נאָך אַנדערע צייטן? אייך, יידן, קען איך גוט!...

לייב האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער קאָמענדאַנט וויל פון אים. ער האָט נאָר געוואָלט דער שׂררה זאָל אים אויסהערן, אים אַרויסהעלפן. ער האָט זיך דערשראָקן, באַקומען מורא דער קאָמענדאַנט זאָל אים ווידער נישט איבער־רייסן און ער האָט גענומען שנעל רעדן:

— שוין יאָרן ווי איך קליב איבער און פּאַק פעדערן ביי גרוינעמען. ער איז מיר שולדיק אַרבעט־געלט פאַר אַ פּאָר חדשים און וויל נישט באַצאָלן און נישט נאָר דאָס. ער האָט מיר אָפּגעזאָגט און צוגענומען אַ צווייטן אויף מיין אָרט. היינט פרי בין איך געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער מיך נישט אַריינגעלאָזט, געוואָלט זיך שלאָגן און אויסגעטראַכט אויף מיר אַ בלבול, אַז איך האָב בכוונה אים נאָס געמאַכט די פעדערן, כאָטש ער ווייסט, אַז דער רעגן וואָס רינט אַריין דורכן אַלטן צעבראָכענעם דאַך האָט זיי פאַרנעצט...

דער קאָמענדאַנט, וואָס איז געווען זיכער, אַז די יידן ברענגען אומגליק אויף זיין פאָטערלאַנד, האָט נישט געקענט רויִק איינזיצן און אויסהערן לייבן ביזן סוף און זיך אויף אים צעשריגן, ווי נישט לייב איז געקומען זיך באַקלאָגן אויף גרוינעמען, נאָר ווי ער אַליין זאָל זיין דער באַשולדיקטער און אים אויך חושד געווען אין סאַבאָטאַזש, ווי אַלע יידן, וואָס מאַכן אים חרוב ס'לאַנד.

— אַלע דעכער ווילט איר צעברעכן, די הייזער זאָלן איינפאַלן... איך וועל אייך אָנלערנען! אין קרימינאַל וועלן פוילן אייערע ביינער — האָט ער היס־טעריש געשריגן.

אַ שוידער איז אַדורך איבער לייבס אברים. זיין דאַרער גוף איז איינ־געשרומפּן, קלענער געוואָרן. פון שרעק האָט ער נישט געקענט רירן מיט קיין גליד.

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. איינער פון די פּאָליציסטן, מיטלוווקסיק, ברייטבייניק מיט גרוילעכע האָר און אַ ברייט קיילעכיק אויס־ראַזירט פּנים און דיקע ווי אַ באַרשט וואָנסע, איז אַריין אין ביוראָ. ער האָט סאַלוטירט דעם קאָמענדאַנט און אים דערלאַנגט אַ בינטל פּאַפּירן, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַ דערבייִיק דאָרף, וואָס אונטערליגט דער וואָלבראָמער מאַכט.

דערזעענדיק דאָס בינטל פּאַפּירן האָט דער קאָמענדאַנט זיך באַרויִקט. ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַר און געקליבן זיך איבערקוקן די פּאַפּירן, אפשר וועלן זיי אים אויפדעקן די באַנדעס פאַררעטער, וואָס בונטעווען און העצן די פּויערים. אין אָנבליק פון די פריש געבראַנגטע אַקטן איז אים פאַרגאַנגען דער כעס צו לייבן. ער האָט אים אָנגעקוקט און אַ באַפעל געטאָן:

— טראָג זיך אָפּ פון דאַנען! איך וויל דיך דאָ מער נישט זען!
לייב איז נישט געבליבן אַן איבעריקע רגע. ער האָט אַ הייב געטאָן די פּיס און איז אַוועק אַן אָטעם, אַפילו די פּאָרע פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט.

## ד

די תבואה אין די פעלדער איז שוין אַראָפּגענומען. די פעלדער זענען גאָל, נאַקעט. די געבליבענע שטרוי־שטשערניס זענען אין צווישן שוואַרץ געוואָרן און געלעגן צעטרעטן פון די בהמות, וואָס האָבן זיי אַרויסגעגעסן גאַנצע טעג. די פעלדער האָבן אויסגעזען ווי אַ הימליש פּייער זאָל האָבן פאַרטיליקט זייער חיות. דיביימער־בלעטער האָבן ביסלעכווייז, געביטן זייער קאָלאָריט, געוואָרן בלאַסער. די נאַכט־ווינטן האָבן זיי געטרייסלט, געריסן און זיי פאַרטראָגן ווייט. איבער די נאַקעטע צווייגן האָט זיך פאַרצויגן אַ נעץ פון ווייסן שפּינוועבס — דער סימן, אַז דער זומער איז צו ענדע. די זונשטראַלן זענען כסדר מינער געוואָרן, ווי אויסגייענדיקע חלב־ליכט. דער חלל איז נאָך אָנגעפּיקעוועט מיט מילדער זומער־וואַרעמקייט. דאָך האָבן די מענטשן זיך שוין געגרייט צום ווינטער.

דער פּירקאַנטיקער מאַרקפּלאַץ אין וואָלבראָם האָט באַקומען אַן אויסזען, ווי אין אַן ערב יום־טוב, ווען יידן נעמען אויף געסט פון דער פרעמד. שוין פון פרימאָרגן, ווי נאָר דער טאָג האָט גענומען גרויען, האָט זיך גענומען שטעלן דער יריד. אַלע אין שטעטל, האָבן זיך געגרייט קויפן און פאַרקויפן. די אָנגעפּאָרענע פון דער געגנט פויערים, וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין טונקעלע בגדים, געלאַטעטעט העמדער מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, האָבן געשטראָמט, זענען געקומען מיט זייערע געשפּאַנטע פערד, זייערע פאַרשוויצטע צווישן־פּיס זענען געווען באַדעקט מיט ווייסן שוים. ווי נאָר די פויערים זענען אָנגעפאָרן האָבן זיי אויסגעסדרט זייערע פורן איינע נעבן די אַנדערע אין די געסלעך, אַרום דעם מאַרקפּלאַץ און אויפן מאַרקפּלאַץ גופא ביז הינטער דער שטאָט, פאַרשטעלט יעדן דורכפאָר. דער פירקאַנטיקער מאַרקפּלאַץ איז באַלד פון דער פרי געוואָרן ווי צעטיילט, יעדע בראַנזשע אויף איר אָרט, יעדע בראַנזשע מיט אירע סחורות און סוחרים. איינער האָט נישט אָנגערירט דעם אַנדערן. דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען די פּירקאַנטיקע וואַנטעך־בײדלעך פון די טאַנדייט־שניידער מיט זייערע אָנצעגער, פּאַלטנס, באַנדעס און בורקעס. נאָך זיי האָט זיך צעשטעלט די שוסטערס מיט דיקע, יוכטענע שיך און שטיוול, ווי זיי זאָלן אויף זיי רייטן. נאָענט פון זיי האָבן זיך פונאַנדערגעשטעלט די טישלעך מיט זוילן פּאַר פרויען און מענער. דעם צווייטן עק פון מאַרקפּלאַץ, ווי אַ דלת,

אָפּגערוקט פון די שנײַדער, האָבן פאַרנומען די שניט־סוחרים. אויף זייערע טישן האָט געגלימערט דער פאַרבן־געמיש פון די פאַרשידענע צייגן, סיצענע לייוונטן און די פאַרשידענע געשטרייפּטע אין פּאַסן און קראַטן און אויך געבלומטע שטאָפן. אויף דער צווייטער העלפט פון מאַרקפּלאַץ האָבן זיך אויס־געשטעלט די גאַלאַנטעריע־הענדלער מיט זייערע טישלעך, וואָס זענען געווען באַלייגט מיט טאַשמעס, בענדער, וועלכע האָבן צוגעצויגן די בלאַסע זונ־שטראַלן און געשפּרייט שימער אַרום זיך. אָפּגערוקט פון זיי עטלעכע איילן, זענען געשטאַנען די טישלעך מיט זייערע געפּאַרבטע שענקלעך, בעטן און קופּערטס. אַ ביסל ווייטער זענען געשטאַנען די געשיר־הענדלער מיט צעשטעלטע ערדענע און פּאַיאַנס־כּלים. פון דער צווייטער זייט מאַרקפּלאַץ, נאָענט צו דער קירכע, זענען געשטאַנען די קריסטלעכע קצבים — די מאַסאַזשעס, אויס־געגעסענע גויים מיט ברייטע, רויטע בלוט־שפּראָצנדיקע גוידערס און קערק. זיי האָבן געהאַט אויף זיך ווייסע, שמאָלע פאַרבלוטיקטע פאַרטעכער. זיי זענען געשטאַנען ביי זייערע אויסגעפּעטסטע טישן, וואָס זענען געווען פאַרלייגט מיט הויפנס סאַדלע און קאַלבאַס, וואָס האָבן געווימלט אין פעטס און שמאַלץ. נאָענט צו זיי זענען געשטאַנען די בעקערס מיט טישלעך באַלייגטע מיט גרויסע לאַבנס ברויט. געציירענע חלות, געשניטענע מוציאס האָניק־קוכן און צוקער־לעקעך, וואָס זענען געווען באַפּוצט מיט קאָלירטע פון צוקער, טופּן און פּאַסן.

דער מאַרקפּלאַץ איז געווען פאַרפּלייצט מיט מענטשן. דער המון האָט געיובלט, געברויזט, כאָפּטעס, כאָפּטעס, גאַנצע באַנדעס פּויערים האָבן זיך געשלייכט און געשטופּט צווישן די שטענדערס און טישן, געזוכט סחורות און זאַכן, געוואָלט קויפן מציאות. אַלע, די קריסטן ווי די יידן, האָבן געהאַנדלט, געקויפט און פאַרקויפט. די דאָרף־באַבעס מיט קעפּ אַרומגעבונדענע מיט רויטע קראַטענע טיכלעך און אין ברייטע ספּאָדניצעס מיט גראַנאַטענע שאַרצן און שטיוול ווי די מענער, איינגעהילטע אין טיכער, האָבן פאַרקויפט מילכוואַרג. נאָך יעדער עיסקה פון איינקויפן אָדער פאַרקויפן זענען די פּויערים אַריין אין אַ שענק, זיך איבערשווענקען די קעל מיט אַ גלעזל פּינף און פערציקער און פאַרביסן מיט אַ רעפטל ברויט פון זייערס אַ קיישל אַרויס. נאָר ווען אַ פּויער האָט זיך אָפּגעזוכט אַ פריינט פון אייגענעם דאָרף, אָדער אַ באַקאַנטן פון אַ צווייט דאָרף, האָבן זיי זיך פונאַנדערגעזעצט אַרום אַ טיש און פונסניי געטרונקען גרויסע כוסות פּינף און פערציקער, שטאַרק געפּעפּערט, ביז זיי האָבן אויסגעליידיקט אַ פלאַש אָדער צוויי, פאַרביסן מיט אַ האַלבן טוץ מאַרינירטע הערינג און עטלעכע קישקעס קאַלבאַס, וואָס זיי האָבן מיטגעברענגט פון יריד. בגילופֿנדיקע זענען זיי אַרויס שפּאַצירן איבערן פּראָפּ אָנגעשטאָפּטן מיט מענטשן מאַרק, געזוכט פאַרווײַלונג. געאַרעמטע האָבן זיי זיך געוויגט אויף זייערע איצט שוואַכע פיס, געזוכט אַ מויד פון די שטאָטישע גאַסן־פרויען, אָדער געגאַנגען צו אַ קאָרטן־לייגערין, וואָס נישט איינמאָל האָט זי אויסגענאַרט ביים אָנגעשיכורטן פּויער זיין געלט. נאָר ווען זיי זענען געווען צוזאַמען מיט זייערע ווייבער, האָבן

זיי אויפגעפּאַסט, זיך צוריקגעהאַלטן און נישט געריידט קיין ניבול־פּה. דער פּויער האָט אויפגעזוכט אַ קאַטאַריניאַזש מיט אַ קאַטאַרינקע, וואָס האָט געשפּילט מיליטערישע מאַרשן און מיט אַ פּאַפּוגיי וואָס האָט פאַר אַ מטבע אַרויסגעצויגן אַ גורל־קוויטל פאַר זיין פּויערטע. אַמאָל האָט ער, דער פּאַפּוגיי, אַרויסגעצויגן פאַר דעם פּויער אַ בלעכן רינגל, אַמאָל א שטיינערן ציגאַרן־שפּיצל. כמעט יעדער שיכורער פּויער האָט אַריינגעשטופּט זיך אַ פינגער אין מויל און אַן איבער־גענומענער געוואָרט אויף דעם סודותפולן גורל־קוויטל.

לאה, וועלכע האָט נישט געפונען קיין אַרבעט נאָך דעם ווי שרה די נייטאָרין האָט זי אַרויסגעוואָרפן פון שטוב, האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער היים פּוסט און פּאַסט. זי האָט באַדינט די קראַנקע מאַמע און אַרויסגעהאָלפן דעם פּאָטער מיט וואָס זי האָט נאָר געקאָנט. נאָר אַזוי ווי דער פּאָטער איז געווען אַרבעטסלאָז און די שטיצע פון די צוויי ברידער איז געווען אַ נישטיקע, איז אין שטוב אַריינגעדרונגען וואָס אַמאָל מער פייכטקייט, דער הונגער און דער דלות, און לאה האָט נישט געקאָנט רויִק איינזיצן.

אָפט האָט זי אויף זי פאַרוואָרפן ס׳איינהיל־טיכל און איז אַוועק שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, געוואָלט פאַרגעסן אירע צרות, די היים, די קראַנקע מאַמע און דעם הונגער. וואַנדערנדיק הינטערן שטעטל, האָט זי אָפט געטראָפן ביים טייך און אין וואַלד גרופּן יוגנטלעכע. די יוגנט, זעענדיק זי, האָבן גענומען זיך סודען און שושקען, ווי זיי זאָלן זיך פאַר איר היטן. לאה האָט זיי פאַרשטאַנען און זיך געזאָגט: „פאַראַן סיבות״ און ווייטער שפּאַצירט הינטערן שטעטל. זי האָט נישט איינמאָל געפּרוּווט זיך צו זיי דערנענטערן, ביז איר איז געלונגען אַדורכרעדן זיך מיט אייניקע פון זיי און זיי האָבן זי אַריינגענומען אין זייערע קרייזן.

לאה איז געווען אַ גוטהאַרציק און קלוג מיידל. זי האָט שנעל געוווּנען דעם צוטרוי ביי די חברים און חברטעס און געוואָרן אַקטיוו אין איר קרייזל.

אויף היינט איז אַ יריד־טאָג. לאה איז אַרויס אויפן מאַרק. דעם קאַטאַרי־ניאַזש, אַ מאָגערער פאַרשוין, איז געווען שווער אָפּצושאַצן צי ער איז אַ גוי אָדער אַ ייד. זיינע פעפּיטע־הויזן זענען געווען אויסגעדריוולטע, פאַרלאַטעטע. זיין רויט קראַגן־העמד איז געווען גרויס אויף אים, פון אונטער זיין טונקל וועלאָסיפּעד־היטל, איז אַרויסגעהאַנגען אַ געדיכטער, שוואַרצער לאָק, וואָס האָט זיך ווי געשפּיגלט אינעם שימער פון זיין גאָלדענעם צאָן, וואָס ער האָט געהאַט צווישן זיינע אויבערשטע, גרויסע, געזונטע ציין. ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. די פּויערים האָבן זיך געשטופּט אַרום אים, געוואָלט פּרוּוון ביי אים זייער מזל מיט אַ גורל־צעטל און זיך געקוויקט מיט די קאַטאַרינקע־ניגונים.

לאה איז געשטאַנען און באַטראַכט דעם רוישיקן יריד און אויסגעקוקט אַ געלעגנהייט זיך אַדורכרעדן מיט ווערמען פון די פּויערים, זיי פאַראינטערעסירן מיט אירע אידעען. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ געוואַלד פון דאָרט, ווו די בעקערס זענען געשטאַנען און באַלד דערנאָך אַ בראַזג פון געבראָכענע שייבן,

וואָס האָט אַ הילך געטאָן איבערן גאַנצן מאַרק. דער המון אַרום איר און אויך אַרום דעם קאַטאַרינאַזש האָט זיך אַ וויג געטאָן און זיך געלאָזט לויפן דאָרט אַהין. לאה איז זיי נאָכגעגאַנגען.

נישט באַמערקט פון קיינעם, האָט ווער אויסגעהאַקט די שויבן ביים רויטן שמואל אין דער בעקעריי. די אויסגעסדרטע אויף די פענצטער־פּאַראַפּעטן לאַבנס ברויט, האָבן זיך צעשיט איבער דער גאַס. באַלד האָט זיך אָנגעקליבן אַ המון, וואָס האָט געכאַפּט לאַבנס ברויט, וואָס זענען געווען הפקר. אויך דער קאַטאַרינאַזש האָט זיך אָנגעבויגן און גענומען אַ לאַבן ברויט.

ווען עס איז אָנגעקומען דער פּאָליציסט, אַ הויכער, דיקער, ברייט־ביינעקער, האָט ער שוין נאָר געטראָפן אויפן אָרט אַ כאַפּטע פאַרגאַפּטע פויערים, לאהן און דעם קאַטאַרינאַזש מיטן לאַבן ברויט אונטערן אָרעם. זעענדיק אַן אומבאַקאַנט פּנים און לאהן, וואָס איז אים געווען פאַרדעכטיקט שוין פון פריער צוליב איר טעטיקייט אין די יוגנט־קרייזן, האָט דער פּאָליציסט לאַנג נישט געטראַכט און געהייסןביידע גיין מיט אים. ער האָט נישט געענטפערט אויף זייערע פּראָגעס און טענות. ער האָט זיי כסדר אונטערגעטריבן, ווי זיי זאָלן שוין זיין פאַראורטיילטע אַרעסטאַנטן מיט קאַטאָרגע. לאה האָט אים געפּרוווט באַווייזן, אַז זי איז אומשולדיק, נאָר דער פּאָליציסט האָט נישט געוואָלט הערן אירע רייד און געפירט ביידע אין דער פּאָליציי.

דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז גראָד געווען פאַרטאָן מיטן פּוצן זיינע נעגל און פון לאַנגווייליקייט געגענעצט. זעענדיק די צוויי וויכטיקע „מציאות״ איז ער גלייך אַריין אין דער ראָל פון אַן אויספאָרשער, געפאָדערט אַ באַריכט ביים פּאָליציסט.

דער פּאָליציסט האָט פּאַמעלעך און דייטלעך, אַקצענטירנדיק יעדער וואָרט, איבערגעגעבן די געשעעניש וואָס איז פאָרגעקומען אין מאַרק: מען האָט אויסגעהאַקט די שויבן ביי וואַלאַכן אין דער בעקעריי און צערויבט ס׳ברויט.

דערהערנדיק דעם באַריכט האָט דער קאָמענדאַנט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום קאַטאַרינאַזש. זיינע אויגן זענען אים ווי אַרויסגעקראָכן פון די אויגנלעכער, ווי עס זאָל אים ווער שטיקן. ער האָט געשריגן:

— אַ רויב־אָנפאַל אין מיטן העלן טאָג?! הפקר אַ וועלט! נישטאָ קיין געזעץ מיינסטו?!

דער קאַטאַרינאַזש האָט געשטאַמלט:

— געזען אַ לאַבן ברויט זיך וואַלגערן אין גאַס; מענטשן נעמען און גייען אַוועק. בין הונגעריק געווען, האָב איך אויך גענומען...

אָבער דער קאָמענדאַנט האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע רייד און אַ קוויטש געטאָן מיט אַלע כוחות:

— שווייג!

און אַ פרעג געטאָן דעם פּאָליציסט:

— זיי האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט ביים פאַרהאַלטן?

דער פּאָליציסט האָט שטראָם זיך אויסגעצויגן און געענטפערט ווי ער זאָל אַ האַק טאָן מיט אַ האַק:

— ניין!

דער קאָמענדאַנט האָט איבערגעפּירט די האַנט איבער זיין ברייט פּנים און אַ פרעג געטאָן דעם קאַטאַריניאַזש:

— ווי הייסטו? ווו וווינסטו?

ער האָט אים פאַרשיט מיט אַ מבול פראַגעס, אים געוואָלט צעטומלען, אָבער יענער האָט אים געענטפערט אויף אַלע פראַגעס:

— איך הייס אַלעקסאַנדער, בין אַלט צוויי און פערציק יאָר, פאַר איבער די ירידים אין די שטעטלעך, בין זיך מפרנס פון מיין קאַטאַרינקע, שפּיל, נעם צונויף מעגטשן, פאַרקויף זיי „לאָסן" (גורל־צעטלען) און פאַרדין מיר מיין ברויט.

— „לאָסן פאַרקויפסטו?!" — האָט דער קאָמענדאַנט אים געענטפערט מיט אַ קוויטש — דו מיינסט איך ווייס נישט, וואָס עס איז געשריבן אין די צעטלען? פאַרדרייסט די פּויערים די קעפּ!

— די „לאָסן" מיט די ציגאַרן־שפּיצן, רינגלעך מיט מעדאַליאָנען קויף איך אין פאַרקלעפּטע קאָפּערטלעך און ווייס נישט וואָס אין זיי איז געשריבן.

דער קאָמענדאַנט האָט מיט דער פויסט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און זיך צעשריגן אויפן קול — ליגנער! העצסט די פּויערים! איך קען אַזעלכע ווי דו! נאָר דאָס מאָל וועט עס דיר נישט אַדורכגיין. אין קרימינאַל וועסטו פאַר־פוילט ווערן!

נאָכן אויסשרייען זיך, האָט דער קאָמענדאַנט פאַרמאַכט די אויגן, זיך באַרויִקט און איבערגעלייגט זיך וואָס ער דאַרף טאָן מיטן קאַטאַריניאַזש. ער איז געזעסן, די אויגן אַראָפּגעלאָזט ווי אַ מומיע. געטראַכט, ביז ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי ער זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט און אַ זאָג געטאָן צום פּאָליציסט:

— פאַרהאַלט אים צו אַן אויספאָרשונג!

דער פּאָליציסט האָט אויסגעשטרעקט זיין לאַנגע האַנט, אַ נעם געטאָן דעם קאַטאַריניאַזש ביים קאָלנער, אים אַריינגעשטופּט אין דער דערבייִקער צעלע. דאָס פענצטער דאָרט איז געווען פאַרקראַטעט. דאָס איז געווען דער אויספאָר־שונג־אַרעסט.

דער שליסל־גרילץ אינעם פאַרשלאָסענעם שלאָס האָט דעם קאָמענדאַנט ווידער אַ טרייסל געטאָן, אים אַרויסגענומען פון זיין פאַרגליווערטקייט. ער האָט דערזען לאהן, דעם יידישן סטאָלערס טאָכטער, די וואָס איז טעטיק אין די קאָנ־ספּיראַטיווע קרייזן אין שטעטל און ער איז נישט מצליח זיי אַרעסטירן, ווייל ער האָט נישט קיין באַווייזן. זעענדיק זי פאַר זיך, האָבן זיינע גרויע אויגן גענומען זיך שנעל באַוועגן פון אויפרעגונג און פרייד. ער האָט זיך צו איר אַ ווענד געטאָן מיט זיין הייזעריק קול, ווי ביי אַ שיכור, מיט אַ בינטל פאַרשיי־דענע פראַגעס, ווי ער זאָל זיך ביי איר בעטן:

— ווי הייסטו? ווו וווינסטו? וואָס איז דיין באַשעפטיקונג? און נאָך אַזעלכע

פּרטים. נאָר ער האָט נישט געוואָרט אויף אַן ענטפער. אַלע פּרטים וועגן איר זענען אים געווען באַוווּסט. ער האָט נאָר געשריבן אויף אַ בויגן פּאַפּיר, וואָס ער האָט געהערט. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער האַסטיק זיך אויפגעשטעלט און צו איר ווי צוגעלאָפן מיט פאַרביילטע פויסטן, ווי ער זאָל זי וועלן שלאָגן:

— דאָס איז די מכה וואָס וויל אונטערברענגען די מדינה! האָט ער געשריגן און געפּאַכעט מיטן בויגן פּאַפּיר:

— נישט דערלעבן וועט איר עס. דער כּוח איז ביי דער רעגירונג און נישט ביי אייך! איך וועל אייך אויסראָטן ווי פליי, ווי אַ פּעסט!

טרייסלענדיק זיך ווי אין קאָנווולסיע, אַ צעפּלאָמטער און צעיאַכמעטער האָט ער דעם פּאָליציסט אַריינגעשטופּט אין האַנט דעם בויגן פּאַפּיר און געשריגן:

— פיר זי צום קרייז־דאָקטאָר! זאָל ער זי אונטערזוכן און פאַרשרייבן אַלס גאַסנפרוי!

כאָטש ער איז געווען אויפגערעגט, געטרייסלט זיך פון כּעס, האָט ער זיינע מעשׂים געטאָן מיט כּוונה. ער האָט געשיקט צום קרייז־דאָקטאָר אַ ראַפּאָרט, אַז לאה לאַם, אליקומס און מרימס טאָכטער איז פאַרהאַלטן געוואָרן פאַר פּראָסטי־טוציע און דעריבער דאַרף זי ווערן פאַרשריבן אין דער ליסטע פון די גאַסן־מיידן.

אַזוי אַרום זי מבייש זיין, זי דערוויטערן פון די מענטשן.

דער פּאָליציסט האָט מער נישט געוואָרט. ער האָט לאהן אַ שטופּ געטאָן צו דער טיר און זי אָוועקגעפירט אַהין ווו מען האָט אים געהייסן זי פירן.

## ה

נאָך דער געשעעניש וואָס איז פאַרלאָפן אינעם יריד־טאָג, איז די שמירה אין שטעטל פאַרשטאַרקט געוואָרן. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט נישט גערוט. ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף די פּאָליציסטן. אויך זיי האָט ער געהיטן מיט זיבן אויגן. נאָר נישט נאָר דאָס. ער אַליין איז אַרומגעלאָפן בייטאָג און ביינאַכט איבער די געסלעך אין שטעטל, באַטראַכט יעדן געטראָפענעם מענטש, ביינאַכט אויך באַלויכטן מיט אַ לאַמטערל די פּנימער פון די פאַרבייגייער. קיינער פון די שׂררהס האָט ביז איצט אַזוי נישט אויפגעפּאַסט אויף דער אָרדענונג אין שטעטל, ווי דער קאָמענדאַנט. די פּאָליציסטן זענען אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער און הייף און פאַרביטערט ס'לעבן פון די איינוווינער. יעדער פון זיי האָט געניסטערט ווו נאָר אַן אָרט, אַ ווינקל, אין יעדער שענק און בעקעריי און יעדן אָנגעזאָגט, אַז קיינער פון זיי זאָל נישט אויפהאַלטן אַ פרעמדן.

די וואָלבראָמער איינוווינער זענען אַרומגעגאַנגען דערשראָקענע פול מורא.

זיי האָבן געפּוצט און געריייניקט די גאַסן און הייף און געהיטן, אַז נישט קיין חזירים און נישט די קאָזעס (ציגן) זאָלן אַרומלויפן איבערן שטעטל. מען איז חושד געווען יעדן פרעמדן.

אויך אויף מלכהן די בעקערין האָט די שׂררה אויפגעפּאַסט מיט זיבן אויגן. מלכה די בלאָנדע, מיטלוווּקסיקע, דיקע יידענע, וואָס האָט ווי אַרויסגעיוירן מיט איר ברייטן בוזעם און קערפּער פון איר רויטן מיט גרינע פּאַסן געשטרייפטן שלאָפראָק אַרויס וואָס איז שטענדיק געווען פאַרמעלט ווי אַ טייג אין אַ דזשיזשע. זי האָט געשיקלט מיט אירע צוויי גרויע אויגן, ווי זי זאָל האָבן אַ נדר געטאָן, אַז זי מוז זען איר וואָרצל צווישן די אויגן. אויך דער שפּיץ פון איר קורצער, דיקער נאָז איז שטענדיק געווען איינגעמעלט. אויך היינט איז געקומען צו איר אין דער בעקעריי, פּאָסטעל, איינער פון די פּאָליציסטן, אַ הויכער, דיקער פאַרשווין אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט געהאַט אַ קליינעם קאָפּ וואָס איז געווען ענלעך צו אַן איבערגעבליבענעם עפּל אויף אַ גרויסן בוים, פון וועלכן מען האָט שוין לאַנג אַראָפּגענומען די פּירות. ער איז שטיין געבליבן אין דער טיר. אַ ווײַלע האָבן זיינע אויגן געבישטערט דעם חלל, נאָר ווייל ער האָט נישט געפונען קיין שום זינד, האָט ער נאָך שטאַרקער אַ פאַרדריי געטאָן זיינע וואָנסע־שפּיצן און געזאָגט:

— איר זייט פאַרפליכטעט אָפּצוהיטן די בעקעריי זאָל זיין ריין און אין אָרדענונג. אויב נישט וועל איך זי צומאַכן.

מלכה האָט געציטערט פון שרעק, ווי אַ צעווויגט בלעטל אויף אַ בוים און נישט געקענט שטיין אויף די פיס. פּאָסטעל האָט ווידער עטלעכע מאָל זיך אַ פאַרדריי געטאָן די וואָנסע־שפּיצן פון פאַרגעניגן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין מלכהן און איר געזאָגט:

— זאָלסט נישט לאָזן איבער דער שוועל קיינעם פון די שלעפּער... זאָלסט נישט לאָזן קיינעם נעכטיקן אויפן פּיעקיעליק. האָסט פאַרשטאַנען?!

ער האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער און איז אַוועק.

מלכה איז געבליבן פאַרגאַפט. די הענט און די פיס האָבן זיך איר געטרייסלט פון שרעק. אָבער ווידער האָט זיך געעפנט די טיר און חנה, וואָס איז געשטאַנען אין גאַס און געזען דעם פּאָליציסט אַרויסגיין פון מלכהן, האָט מיט אימפּעט און דעם גאַנצן כוח פון איר איינגעשרומפּענעם קערפּער, זיך אַ לאָז געטאָן גיין מיט אירע קליינע פיסלעך און ווי אַריינגעפאַלן אין דער בעקעריי. זעענדיק חנהן האָט מלכה אָפּגעאָטעמט. זי האָט דריי מאָל אויסגעשפּיגן — אַוועקגעטריבן די בייזע רוחות און מיט אַ געבראָכן קול אַ זאָג געטאָן:

— נישטאָ קיין כוח אויסצוהאַלטן...

זי האָט איבערגעלייגט אירע קורצע, דיקע הענט איבער איר ברייטן בוזעם און געשאָקלט מיט איר צעשויבערטן קאָפּ, ווי אַ ציג, וואָס האָט זיך פאַרעקשנט.

ווי נאָר חנה האָט דערזען, אַז מלכה שאָקלט מיטן קאָפּ, האָט אויך זי גענומען שאָקלען מיט איר קליינעם קאָפּ. זי איז געווען זיכער, אַז מלכהן איז

געשען אַן אומגליק, אַז דער פּאָליציסט האָט איר געמאַכט אַ ראַפּאָרט. אַ צייט לאַנג זענען ביידע פרויען געשטאַנען זיך אַנטקעגן און געשאָקלט מיט די קעפּ, ווי איינע זאָל די אַנדערע באַדויערן. נאָר לאַנג האָט די צערעמאָניע נישט אָנגעהאַלטן. חנה איז דאָך געווען נייגעריק, געוואָלט וויסן וואָס מלכהן האָט פּאַסירט: זי האָט מיט דער האַנט זיך אָרומגעווישט אירע דאַרע ליפּעלעך, אַ שניפּ געטאָן מיטן נעזל, זיך צוגערוקט צו מלכהן און מיט איר הייזעריקן קול אַ פרעג געטאָן:

— חלילה דיר געמאַכט אַ ראַפּאָרט?

מלכה האָט אָפּגעזיפצט. פון חנהס שאלה איז איר גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. איר צעיוירענער, ווי טייג קערפּער, האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. זי האָט פונאַנדערגעלייגט אירע הענט, ווי מען זאָל זי קרייצן און אַ זאָג געטאָן מיט אַ תאווהדיק מענה־לשון און דערביי געשפּריצט מיט סלינע:

— איך בעט אים כסדר, לאָז מיך אָפּ, מאַך מיר נישט קיין ראַפּאָרט — ער זיינס... זוכט, נישטערט, קרימט מיט דער נאָז, גאָרנישט געפעלט אים. דער פּאָל איז נישט אויסגעוואַשן... דער פּיעקיעליק איז נישט ריין... און נאָך אַזעלכע טענות...

זי האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין איר צעשויבערטן און אויסגעמעלטן קאָפּ און ווייטער אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ — אַלע טענות אויף קהל, דעם שטעטל, נישט אויפגעהערט באַשולדיקן:

— ווי אַ צרה אין שטעטל — אַן אומגליק, אַלץ אויף מיין קאָפּ!... אַן אָפענע טיר אין גאַס אַריין, פאַרביטערט מען מיר ס'לעבן... איך בין הפקר...

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און צו זייער ווייבער־שמועס איז צוגעשטאַנען אַ דריטע — שרה די נייטאָרין, וואָס איז געקומען נעמען אַ לאַבן ברויט.

חנה מיט מלכהן האָבן זי באַגעגענט מיט פרייד, וואָס נאָך איינע וועט הערן, רעדן — פּלוידערן. מלכה האָט טאַקע באַלד זיך אומגעקערט צו אירע ענינים, ממשיך געווען, דערציילט מיט אייפער, זיך געקלאָגט ווי פריער:

— איך טאָר נישט לאָזן איבערנעכטיקן אַ פרעמדן אין דער בעקעריי... וואָס קען איך טאָן, אַז די שׂררה וויל נישט? נישטאָ קיין עצה און קיין מעג־לעכקייט...

חנה וואָס איז פון שטענדיק אָן געווען אַ בעלת־רחמים, האָט נישט אויס־געהאַלטן און געזאָגט:

— אָבער אַמאָל אַמאָל... ווען דער מענטש האָט נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ?

— ווידער אַ חתונה? — האָט שרה געפרעגט, נאָר ווען דער ענין איז איר קלאָר געוואָרן, האָט זי פון איר זייט אויך צוגעגעבן. זי האָט געעפנט, ווי פונאַנ־דערגעלייגט אירע פליישיקע ליפּן, ווי זי זאָל וועלן איינשלינגען די צווייי ווייבער, זיי דערציילט:

— אינעם יריד־טאָג זענען בונטאַרן באַפאַלן דעם רויטנס בעקעריי. זיי

האָבן אים אויסגעהאַקט די שויבן און צעגנבעט ס׳ברויט. אין מיטן העלן טאָג. ווען נישט די פּאָליציי ווער ווייסט צו וואָס עס זאָלט דערגאַנגען...

חנה האָט אויך איצט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן אומקו־קנדיק זיך, צי עס הערט נישט ווער, וואָס זי זאָגט:

— פאַראַן פאַרשידענע סברות וועגן דעם... ווער ווייסט דעם אמת?... מען זאָגט אַז דער „רויטער" האָט חובות און וויל זיי נישט באַצאָלן. אַ סך זאָגן — אַ הונגעריקער האָט געוואָלט כאַפּן אַ לאַבן ברויט...

מלכה איז רויט געוואָרן פון כעס. אירע אויגן האָבן געשפּיזט מיט פייער, זי האָט ווילד זיך צעשריגן, געשפּיגן מיט סלינע, ווי אַ פאַנטאַן זאָל שפּריצן. שווער געווען הערן וואָס זי שרייט:

— פאַר מיין קריוודע. עס איז אים נישט געשענקט געוואָרן. עס איז דאָ אַ גאָט אין הימל! וואָס אַלץ ער האָט אויף מיר אויסגענאַבלט... ער האָט געמיינט, אַז ער מעג אַלץ... איר ווייסט נישט וואָס פאַראַ רכילות ער האָט אויף מיר אויסגעטראַכט. ער האָט אַפילו אָנגערעדט מיין מאַן ער זאָל פון מיר אַוועק... אַ מיתה־משונה זאָל ער איינגעמען ווו נאָר ער איז...

חנה האָט זי געוואָלט באַרויִקן און זיך ביי איר געבעטן ווי אַ מאַמע בעט זיך ביי איר קינד:

— מלכה, שעלט נישט... אַ גרויסע עבירה... מען טאָר נישט...

נאָר מלכה האָט זי נישט געהערט.

— זאָל מען אויף מיר רעדן וואָס ווער עס וויל! איך וועל נישט פרעגן, צי איך מעג! איך וועל אַלץ טון אויף אייגענער אחריות! איך וועל נישט פרעגן קיין עצות!...

שרה האָט זיך גוט צוגעהערט, געוואָלט באַקומען פאַר אירע ווייבער אין גאַס נייעס מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַ צפּיחית־בדבש! זי האָט אָבער געוואָלט אָנגיין פאַר אַ באַשיידענע, אַ צדיקית, האָט זי איינגערוימט חנהן:

— אַלע ווייסן וועגן איר אַלץ...

און זי איז שטיל געבליבן.

די שטילקייט איז געווען אַן אָנגעדראָלטע. פון אויוון האָט געשלאָגן אַ צעגליטע היץ. מען האָט זי געקאָנט אָנטאַפּן מיט דער האַנט. די דריי ווייבער זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן. איינע האָט געוואַרט די אַנדערע זאָל אָנהייבן רעדן, נאָר אין צווישן האָט זיך צעשפּילט די אייביקע גריל הינטערן אויוון.

חנה האָט נישט געקענט איבערטראָגן דאָס שווייגן. זי האָט אַ פּינטל געטאָן מיט אירע טריבע אויגן און געגעבן אַ צייכן מיט אַ פינגער די צוויי ווייבער, זיי זאָלן זיך צו איר צורוקן. אי שרה, אי חנה האָבן זיך צו איר צוגעבויגן און געוואַרט מיט נייגער און אומגעדולד. ס׳חיות איז זיי אויס־געגאַנגען, געוואָלט וויסן וואָס פאַראַ סודות וועט זי זיי פאַרטרויען. חנה האָט געציטערט בלויז פון געדאַנק, וואָס זי גייט זיי דערציילן. נישט ווי זי זאָל

זיך געפינען אין דער בעקעריי, ווו מען קען אָנטאָפּן מיט דער האַנט די וואַרעמקייט, נאָר אויף דער גאַס אין אַ פראָסט.

— מ׳זאָגט, מ׳רעדט, אַז לאה, אליקום דעם סטאָלערס טאָכטער, האָט מען געכאַפּט מיט עפּעס אַ קאַטאַריניאַזש. מען זאָגט, אַז זי האָט אַ חלק אין דער מעשה, וואָס איז געשען ביים „רויטן״ אין דער בעקעריי...

אַן איבערגענומענע מיט שרעק און בושה האָט זי צוגעגעבן...

— מען דערציילט נאָך און נאָך... וואָס שייך... כ׳וויל נישט ווידער אַמאָל איבעררעדן... כ׳וויל נישט ברענגען די רייד איבער מיין מויל.

— מען זאָגט, אַז זי איז אויסגעגאַנגען צו תרבות רעה... אַ גאַסנמויד ממש...

נאָך אַ ווײַלע, האָט זי ממשיך געווען:

— יאָ... יאָ... אַ יידישע טאָכטער... אַז עס איז נישטאָ קיין מאַמע איז אויך נישטאָ ווער עס זאָל צוקוקן... אַז עס איז נישטאָ קיין מאַמע איז אויך נישטאָ קיין משפחה...

ביידע, מלכה און שרה, זענען געשטאַנען אַרום חנהן פון אירע ביידע זייטן. מלכה האָט אַ שיקל געטאָן מיט איין אויג אַהער, מיטן אַנדערן אויך אַהין, ווי זי זאָל וועלן מיט איין אויג זען חנהן און מיטן צווייטן שרהן. זי האָט זיך אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט די באַקעס, אַ וויג געטאָן איר קערפּער פאָרויס און אויף צוריק און געזאָגט:

— יאָ... יאָ... איר שיינקייט האָט זי אומגליקלעך געמאַכט... אַזעלכע פאַנגען די מענער ס׳האַרץ...

איצט האָט שרה געעפנט איר מויל מיט אַ מענה־לשון, געפּאַטשט מיט אירע דיקע ליפּן ווי מיט שיף־רודערס:

— אַזאַ מנוּוולטע... בעסער וואָלט זי געאַרבעט און זיך נישט אַרומגע־שלעפּט אין די גאַסן. הפקר פאַר אַלע בעלי תאווה... געוואָלט זי מאַכן אַ לייט... זי אַריינגענומען אין שטוב פון רחמנות צו דער מוטער... האָט זי זיך געפּוילט אין דער אַרבעט... אַ ברודיקע בריאה... דאָס איז אַן אויסוואָרף פון דער וועלט. אַזעלכע וואָלט איך געהרגעט אין מיטן גאַס, פאַר די אויגן פון אַלע...

די דריי ווייבער זענען געווען אַזוי צעהיצט און צעיאָכמערט פונעם שמועס, אַז זיי האָבן נישט געהערט, ווען די טיר האָט זיך געעפנט און לאהס ברודער איז אַריין אין דער בעקעריי. שמעון טרעגער, הויך, ברייטביייניק, האָט אין גיין זיך געוויגט ווי אַ מאַטראָז. ווען זיי האָבן אים באַמערקט, האָבן זיי זיך צערוקט און איינע האָט אָנגעקוקט די אַנדערע מיט שרעק. אַמשטאַרקסטן איבערגעשראָקן איז געווען שרה. אירע פאַרצעלייי־אויגן זענען געווען געגלי־ווערט פון מורא ער זאָל איר עפּעס נישט טאָן, זיך וועלן נוקם זיין פאַר זיין שוועסטער. זי האָט געוואָלט שנעל אַרויס פון דער בעקעריי, נאָר שמעון האָט מיט זיין ריזן־גוף פאַרשטעלט איר דעם וועג און זי אַ פרעג געטאָן מיט זיין באַס־שטימע:

— פאַרוואָס אַנטלויפסטו פון מיר?

די ווייבער האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם און געוואַרט וואָס דאָ וועט געשען. שרה האָט זיך געטרייסלט פון שרעק, נאָר זי האָט אים אָפּגעענטפערט:

— איך אַנטלויף? עס הייבט זיך נישט אָן... איך בין דיר שולדיק געלט איך זאָל פון דיר אַנטלויפן? וואָס טשעפּעסטו זיך צו מענטשן?!... איך בין דיר שולדיק, וואָס דו ביסט באַשאָנקען מיט אַזאַ שוועסטער?

הערנדיק שרהס רייד האָט חנה אַ ציטער געטאָן. זי האָט אַ האָפּסל געטאָן, אַריינגעשטופּט איר קליינעם קערפּער צווישן אים און שרהן, פונאַנדערגעשיידט ביידן. זי איז געשטאַנען צווישן זיי מיט פונאַנדערגעלייגטע הענט און געפינטלט מיט די אויגן פון שרעק.

שמעון האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. אַ ציטער איז אַדורך דורך זיין קערפּער, ווי אַ קדחת זאָל אים טרייסלען. אַ צייט לאַנג איז ער געשטאַנען און מיטן בליק געמאָסטן ס׳קרענצל ווייבער. ער האָט געוווּסט, אַז מיט איין האַנט מאַכט ער פון אַלע אַ טייג, ער צעקנעט זיי, נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין שטוב וואַרט מען אויף אים און זיין פאַרדינסט. ער האָט פאַרריבן די הענט, געוואָלט אַזוי נאָך אויסלאָדן זיין כוח און כעס און אַ פרעג געטאָן מלכהן:

— אפשר אַריינברענגען פון שפּייכלער עטלעכע זעק מעל? זיין פּנים איז געוואָרן אָנגעצויגן, שטרענג.

מלכה, וועלכע האָט תמיד געוואַרט אויף שמעונען, אים גערן געהאַט פאַר זיין גבורה און דערפאַר געגעבן אים די אַרבעט, האָט איצט קוים אים געענטפערט, אויס מורא ס׳שטעטל זאָל אויף איר נישט רעדן:

— ברענג נישט קיין מעל... דאָס וואָס איז דאָ וועט סטייען... נישטאָ קיין קונים, מען לייזט נישט...

שמעון איז געוואָרן אויפגעטרייסלט. אויך זי וויל אים נישט געבן צו פאַרדינען, ווי די רעשט יידן אין שטעטל. ער האָט אַ טופּע געטאָן מיט די פיס, פאַרביילט אַ פויסט און מיט איר זיך געקלאַפּט אין זיין ברייטן ברוסטקאַסטן. יעדער קלאַפּ האָט אָפּגעהילכט ווי פון אַ טיפן וואַלד אַרויס און ער האָט געריטשעט ווי אַ סטאַדע אָקסן:

— איך וועל דערהרגענען!... ממיתן... צעברעכן דעם שאַרבן ווער עס וועט אַהער אַריינטראָגן אַ זאַק מעל... וועל נישט לאָזן מיך באַעוולן, מיר צונעמען די פּרנסה, ס׳שטיקל ברויט פון מויל...

ער האָט געסאָפּעט און אַרויסגעלאָזט פון זיין ברייטן ברוסטקאַסטן קנוילן דיקע פּאַרע, וואָס האָט געהאַקט די ווייבער אין פּנים אַריין. אַ צעיושעטער, אָן אויפגערייצטער איז ער אַוועק צו דער טיר, איבערגעלאָזט די ווייבער פאַרגאַפּטע, צעשראָקענע טאָמער וועט ער זיך נאָך אומקערן און זיך נוקם זיין אין זיי פאַר זיין און דער שוועסטערס עוולה.

די וואָלבראָמער תושבים האָבן באַקומען אַ נייעם ענין, וואָס האָט זיי באַשעפטיקט און געפייניקט: „די גניבה ביים רויטן". קינד און קייט, פון קליין

ביז גרויס, האָבן גערעדט וועגן דער גניבה. איינער האָט דעם אַנדערן איבער־געגעבן פּרטים, חלילה נישט אַדורכגעלאָזט די מינדסטע קלייניקייט. זיי האָבן זיך דערציילט וועגן דער געשעעניש פּרטי פּרטים, אַז דער קאַטאַריניאַזש איז נישט קיין קאַטאַריניאַזש, נאָר אַן אַגענט, וואָס איז געקומען פון אַ כרך, געוואָלט אַריינגאַרן לאָהן, זי אַוועקפירן אין אַ שאַנדהויז, אַז אַ פּריץ פון אַ דערבייזיקן גוט האָט זיך מיט איר געטראָפן. זי האָט ביי אים נושא חן געווען: יעדע וואָך שיקט ער איר אַ קאַרעטע, וואָס ברענגט זי צו אים אין פּאַלע און באַלוינט זי יעדעס מאָל מיט אַ ברייטער האַנט... אַזוי און כדומה האָבן די ווייבער זיך געשושקעט אין דער יאַטקע, ביים קרעמער, ביז די אַלע שמועות זענען דער־גאַנגען צו קהל אין בית־המדרש, ווו אליקום האָט געדאַוונט. די מתפּללים האָבן געקוקט אויף אים מיט בייזע אויגן, אים אויסגעמיטן.

## ו

אין איינעם פון די שבתים פאַרטאָג. די יידן זענען זיך צונויפגעקומען, ווי יעדן שבת אינעם בית־המדרש פון די בעלי־מלאכהס אין געמויערטן בנין מיט די גרויסע, פאַרקראַטעטע פענצטער און הילצערנע ווענט, וואָס זענען אין עטלעכע ערטער געווען געשפּאָלטן און פאַרקלעפּט מיט „שמות". אינעווייניק, אין מיטן פון רוים, איז געשטאַנען אַ באַלעמער, ביי דער מזרח־וואַנט אַן „עמוד", אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט מיט גרויסע אותיות „יהוה". לאַנגע הילצערנע טישן איבערגעדעקטע מיט צוגעטונקלטע שוין טישטעכער מיט לאַנגע בענק אַרום זיי. די יידן זענען זיך צונויפגעקומען פון גאַנץ פרי. ווי נאָר זיי האָבן איבערגעטרעטן די שוועל האָבן זיי ביים „כיור" זיך אָפּגע־שווענקט די הענט. דאָס זענען געווען יידן פון אַלע סגאַל: גרויסע, קליינע, דיקע און דאַרע. אַלע זענען זיי געווען אָנגעטאָן אין לאַנגע, טוכענע קאַפּאָטעס, געטראָגן קאַשקעטלעך מיט דענקעס, זייערע לענדן זענען געווען אַרומגעגאַרטלט מיט גאַרטלען און מיט איבערגעוואָרפענע איבער זיי טליתים. אַלע זענען געווען באַוואָקסן, געהאַט בערד: לאַנגע, קליינע, געדיכטע, שיטערע, צעקעמטע און פאַרקאָלטנטע, גרוילעכע און גרויע, רויטע און שוואַרצע. אַלע זענען זיי געקומען צום ערשטן מנין צו שחרית.

נאָר עס איז נאָך געווען פרי. עס איז נאָך נישט געקומען די גאַנצע עדה. די געקומענע יידן האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט אין קלייזלעך ביים באַלעמער, ביים עמוד. די רעשט יידן האָבן זיך גרופּירט אַרום וואָלף־בערן, אַ מיטלוווק־סיקן, בייכיקן ייד מיט אַ שוואַרצער צעקעמטער באָרד און פולכיק רויט פּנים, וואָס האָט געשפּרודלט מיט גבורה. וואָלף־בער איז נישט נאָר אַרומגעפאָרן

איבער די ירידים אין דער געגנט פון וואָלבראָם נאָר אַפילו דערגרייכט מרחקים, די גרעסטע שטעט. ער האָט געקויפט און פאַרקויפט פערד און געוווּנט באַהאַוונט אין די וועלט־מנהגים און געשעענישן. דעם שבת אין דער פרי האָט ער דער־ציילט, אויפגעקלערט די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום אים, ווי דעם יידס פרנסה ווערט וואָס אַ מאָל שווערער, ווי די רעגירונגס־שליחים גייען אַרום איבער די דערפער און רעדן אָן די פויערים זיי זאָלן באָיקאָטירן די יידן, ביי זיי נישט קויפן, אַליין עפענען „ספולקעס" (קאָנסום־געשעפטן). אַלס באַוויַיז, אַז עס איז אַזוי, האָט ער זיי אויך דערציילט, אַז ווען אַ ייד מיט אַ גוי קריגן זיך אויף אַ טאַרגעוויסקע, אָדער יריד איז די פּאָליציי אויף דעם גויס זייט.

די יידן האָבן אים אויסגעהערט מיט אויסגעשפּיצטע אויערן, געשאָקלט מיט די קעפּ און געקוקט אויף אים מיט טעמפּע אויגן און געזיפצט איבער די גזירות פון דער רשעותדיקע רעגירונג, וואָס דער ייד וועט נישט קענען איבער־טראָגן.

פּלוצים, האָט אברהם דער שמיד, אַ הויכער, ברייטבייניקער ייד, מיט טיף איינגעזונקענע אויגן, בולטע קינבאַקן און לאַנגער, ברייטער שוין גרויער באָרד, זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי די ניכפּה זאָל אים נעמען. ער האָט נישט פאַרגינען וואָלף־בערן, וואָס די יידן הערן זיך אים צו. ער האָט געוואָלט איבערפירן זייער אויפמערקזאַמקייט צו זיך און געזאָגט מיט התלהבות, ווי ער זאָל שרייען פון ווייטיק:

— עס גייען צייטן!... גאָט זאָל זיך מרחם זיין!... עס קומען אָנשיקענישן אויף אחינו בני ישראל. עס פעלן אונדז אויס צרות?... און דאָ האָט איר גאָר נייע צרות... יידן אַליין זענען זיך אַלץ שולדיק... איין ייד וויל דעם אַנדערן דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער... ס'ביסן פון מויל אַרויסנעמען דעם אַנדערן.

אויך וואָלף־בער האָט זיך אָפּגעטרייסלט. ער האָט מיט די עלנבויגנס אָפּגעשטופּט פון זיך די צוהערער און זיך צעשריגן מיט זיין דיק קול, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָגן אין חלל, ווי ער זאָל מיט אַ האַמער האַקן אויף אַ ברעט:

— ווי קען גוט זיין, אַז יידן היטן נישט אָפּ ס'יידישקייט. מען האַלט נישט די דינים און מצוות, יונגען מיט מיידן צוזאַמען. ס'חצופות גראַסעוועט אָן אָפּהאַלט. הפקר די גאַנצע עדה בני ישראל!

אין דער צייט איז אַריינגעקומען יענקל בעדער מיטן טלית אונטערן אָרעם. אויך ער איז אַ גבאי אין בית־המדרש. ער איז געווען אָנגעטאָן שבתדיק ווי אַלע. איינהערנדיק זיך אין גערודער, האָט אויך ער זיך פונאַנדערגעשריגן: שטיל! שטיל זאָל זיין! געוואָלט באַוויַיזן, אַז דער גבאי איז געקומען.

נישט וואַרטנדיק, האָט ער זיך צוגערוקט צום קלייזל יידן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום וואָלף־בערן, זיין אַלטן ידיד, מיט וועלכן ער שפּילט אין דער פרייער צייט אָן „אָקע" אָדער „פּולע". ווען יענקל האָט דערהערט וועגן וואָס די יידן רעדן און ווייל ער האָט געטראָגן אין האַרצן אַ שנאה צו שמעונען, וואָס ער איז באַפאַלן זיין שרה ביי מלכהן אין דער בעקעריי, האָט ער אויסגענוצט

דעם שעת־הכושר זיך נוקם צו זיין אין אליקומען, שמעונס טאַטע. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אליקומען, וועלכער איז געזעסן ביים אויוון און געזאָגט תהלים, און זיך צעשריגן אויפן קול:

— ס׳בית־המדרש איז טומאה!... מען טאָר נישט אין אים דאַוונען... דער פּאַרשוין איז מבזה די עדה...

הערנדיק יענקלס רייד, האָט דער המון זיך א וויג געטאָן, זיך צערוישט ווי אַ שוואַרעם בינען. די צערייצטע יידן האָבן געלאַרעמט, געפּילדערט, גערעדט אויפן קול און זיך פונאַנדערגעטיילט אין צדדים: די יידן וואָס האָבן געהאַלטן מיט אליקומען האָבן געשריגן:

— וואָס איז שולדיק אליקום? מען טאָר נישט פאַרשעמען אַ ייד ברבים!

יידן וואָס זענען מסכים געווען מיט יענקלען, האָבן געוואַלדעוועט:

— זאָל ער אַרויסטרייבן די טאָכטער פון שטוב!... זאָל ער גיין פון דאַנען...

אליקום איז די גאַנצע צייט געזעסן אַ דערשיטערטער און דערשלאָגענער פון בושה און שרעק. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער אַליין איז דער שולדיקער און נישט זיין טאָכטער. ער איז נאָך אונטערגעזעסן אַ ווײַלע. באַלד האָט ער זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט, אַ קוש געטאָן דאָס תהילימל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיין אונטערגעהאַקט, איז ער שנעל אַרויס פון בית־המדרש.

זעענדיק ווי אליקום שלעפּט די פיס, גייט צו צו דער טיר, האָט קהל זיך אַ וויג געטאָן, ווי צייטיקע תבואה אין פעלד אונטער אַ שטורעם. די עדה יידן האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ווער ווייסט צו וואָס די מחלוקה וואָלט דער־פירט, אפשר אַפילו צו אַ געשלעג. נאָר מיט אַמאָל האָבן זיך דערהערט עטלעכע הילכיקע קלעפּ פון אַ פויסט, וואָס האָט געקלאַפּט אין באַלעמער און אַ ייד ביים עמוד האָט געזאָגט פון פאַרנט „הודו ליי״, געשלונגען די ווערטער, ווי ער זאָל האָבן אַ הייסן קאַרטאָפל אין מויל. די עדה יידן האָט געדאַוונט שחרית.

## ז

וואָלבראָם האָט ממשיך געווען דאָס טאָג־טעגלעכע שטייגער־לעבן. יידן האָבן זיך מתעסק געווען מיט האַנדל, געקויפט און פאַרקויפט, געאַרבעט, געגאַנגען איבער די דערפער, אויפגעקויפט די סחורות ביי די פויערים. נאָכן אַהיימקומען זענען די יידן געגאַנגען אין בית־המדרש זאָגן תהילים. פון מאָל צו מאָל אויך געהערט אַ דרשה פון אַ בעל־דרשן, וואָס האָט זיי געמוסרט: געהייסן זיי געבן געלט פאַר ישיבות און מתן בסתר. אַמאָל, אַמאָל זענען וואָלבראָמער יידן די בעלי־מלאכהס אויך געגאַנגען זען אַ פאַרשטעלונג „מכירת יוסף״, וואָס

שטעטישע בחורים האָבן פאַר זיי געשפּילט. די הכנסה איז געווען באַשטימט פאַר „הכנסת כלה", „מלביש ערומים" און פאַר נאָך אַזעלכע צוועקן. מען איז אויך געגאַנגען באַגלייטן אַ נפטר אויפן עולם האמת. די וואָלבראַמער יידן האָבן ממשיך געווען זייער שטייגער־לעבן יאָר איין יאָר אויס, נאָר אַרומ־געגאַנגען פאַרזאָרגטע צוליב די גזירות און שיקאַנעס, נישט געווען זיכער וואָס דער מאָרגן וועט זיי ברענגען. זיי האָבן געוואָלט לעבן במנוחה און דערפאַר האָבן זיי מחמיר געווען מיט יעדן דין און מינהג. אויף אַן אסיפה אין בית־המדרש, צי אין דער קהילה האָבן זיי מרעיש עולם געווען, געטענהט, אַז מען דאַרף נישט דערצערנען די גויים. מען דאַרף זיך פירן באַשיידן און צוריק־געהאַלטן. דער ייד מוז גלויבן אין זיין גאָט, היטן די מצוות, זיין גוט און פרום און דער עיקר די יונגען און די מיידן זאָלן נישט האָבן צו טאָן מיט די שקצים, זיי נישט אויפקלערן, קלוג מאַכן, זיי נישט לערנען די פאַרבאָרגענע תורהס.

טראָץ דעם, וואָס די פּאָליציי האָט געמוזט איינזעצן אין טורמע אַלעקסאַנדערן דעם קאַטאַריניאַזש ביז צום משפט, האָבן וואָלבראַמער יידן נישט פאַרגעסן די געשעעניש אין שטעטל. זיי האָבן נישט פאַרגעסן אליקומען און זיין טאָכטער, וואָס האָבן געקענט ברענגען אַן אומגליק אויף די יידן אין שטעטל. אליקומס פריינט פון אַמאָל האָבן אין גאַס אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, געזאָגט אים גוט מאָרגן נאָר זיך מיט אים נישט פאַרהאַלטן. די עדה האָט אים אויסגעמיטן און קיין אַרבעט אים נישט געגעבן. ביי אליקומען אין שטוב האָט געהויזט דער הונגער.

לאה האָט שטאַלץ געטראָגן איר פּיין און חרפּה. די נויט אין שטוב, דער מוטערס קרענק האָט געלייגט אויף איר דעם חותם. איר פּנים איז געוואָרן אַ ביסל אויסגעצויגן, אירע שוואַרצע, גליענדיקע אויגן זענען איצט געווען געערעמט אין האַלבע, שוואַרצע רעדער. אירע ליפּן־ווינקלען זענען געווען איינ־געשניטן מיט צוויי טיפע פעלדלעך, דער אויסדרוק פון איר זאָרג און ווייטיק, נאָר דער אויסזען אירער האָט איר צוגעגעבן חן און רייפקייט. זי האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער סביבה. זי איז מיט אַלע אירע חושים געווען ביי איר מאַמען און אירע נאָענטע. זי האָט זיך באַמיט, געוואָלט באַקומען אַרבעט. זי האָט נישט איבערגעקליבן, געטאָן יעדע אַרבעט, געוואַשן וועש, געשייערט פּאָלן, אַלע שווערע אַרבעטן געטאָן. זעלטן אָבער האָט זיך איר איינגעגעבן קריגן אַרבעט. די בעל־הביתטעס אין וואָלבראַם האָבן זיך נישט געטרויט, זי נישט געלאָזט איבערטרעטן זייער שוועל. ביי אליקומען אין שטוב, אין נידעריקן, נאַסן קעלער, זיין דירה פאַר די פינף נפשות און אויך זיין ווערקשטעל, האָט געהויזט עקלדיקע נויט. אויך אליקום איז געווען אַרבעטסלאָז, נאָר ער האָט נישט געקענט אַרומגיין ליידיק. טעג גאַנצע איז ער געשטאַנען ביים ווערק־שטעל, זיך געפּאָרעט ביי אַלטע שטיקער העלצער, געזעגט, געשניצט אָן שום צוועק און נוצן. מרים זיין ווייב איז אַמאָל געווען אַ שיינע פרוי. זי איז געלעגן

אין בעט און געקרעכצט פון ווייטיק, זיך געשטיקט און געלעכצט נאָך אַ ביסל לופט, געיאָמערט...

— אוי... מיינע יסורים... עס איז מיר שלעכט, איך קען נישט אָטעמען...

אליקום איז אויך איצט געשטאַנען ביים ווערקשטעל, זיך געפּאָרעט מיט עפּעס אַ פוס פון אַן אַלטן טאַבורעט. ער האָט דעם פוס געדרייט אין אַלע זייטן, אים באַטראַכט און גערעדט צו זיך:

— ווי קען איך עפענען די פענצטער. זיי האָבן דאָך נישט קיין זאַוויאַסעס. זיי זענען דאָך פאַרקלאַפּט מיט נעגל?...

נאָר ווענלדיק פאַרלייכטערן מרימען אירע ליידן האָט ער געעפנט די טיר. דער קילער, פרישער לופט־שטראָם, וואָס איז אַריינגעדרונגען אינעם דעמפּיקן, נאָסן קעלער, האָט מרימען אויפגעמונטערט, אָבער נישט אויף לאַנג. באַלד איז איר אָטעם ווידער געוואָרן שווער. אירע לונגען האָבן געאַרבעט ווי אַ בלאָזזאַק. זי האָט געשריגן, גערופן צו הילף די טאָכטער:

— לאה, לאה...

אַ ווײַלע שפּעטער געקרעכצט:

— אַ מיינע ווייען... איך קען נישט מער... גענוג...

דערהערנדיק אירע רייד האָט אליקום אַרויסגעלאָזט דעם הילצערנעם פוס פון די הענט. זיי זענען אים געבליבן הענגען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער פונאַנדערגעפירט די הענט און צו זיך געמורמלט:

— ס׳גאַנצע לעבן האָט זי שווער און ביטער געהאָרעוועט. איצט בעט זי דעם טויט...

מרים האָט געקרעכצט ביז זי האָט איינגעדרימלט.

אַ צייט שפּעטער האָט חנה אַריינגעשטעקט אין שטוב איר קליינעם, איינגעבאַבלטן קאָפּ.

— וואָס מאַכט זי? חלילה מסוכן?

אליקום האָט איר נישט געענטפערט. זי האָט אַליין זיך געענטפערט:

— גאָט וועט העלפן. מרים וועט געזונט ווערן. אויך פרנסה וועט זיין, אַבי נישט געזאָרגט.

חנהס רייד האָבן אַרויסגעריסן אליקומען פון זיין פאַרשטאַרטקייט. אַ צייט לאַנג האָט ער אַ דערשטוינטער זי באַטראַכט מיט זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן:

— אויך זי איז געקומען מיר זאָגן מוסר? נאָר פון כבוד וועגן האָט ער מיט אַן איינגעהאַלטענעם צאָרן איר געזאָגט:

— דו האָסט כאָטש נישט פאַרגעסן אין אליקום סטאָלער...

אליקומס רייד האָבן צעטומלט חנהס מחשבות. נאָר זי האָט דאָך געוואָלט אים טרייסטן, זיין כעס צונישטמאַכן, האָט זי געזאָגט ווי אין שפּאַס און אויך ערנסט:

— ווי לאַנג אַ ייד געפינט זיך צווישן יידן, גייט ער נישט אונטער...

פון מידקייט האָט אליקום אָפּגעזיפצט:

— יאָ... יאָ... יידן זענען די אויסדערוויילטע... איינער וואָלט דעם אַנדערן אויפגעגעסן אַ לעבעדיקן...

אַ צייט לאַנג האָט ער געשוויגן, ווי ער אַליין זאָל וועלן פאַרשטיין זיינע אייגענע ווערטער און צום סוף אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל באַרעכטיקן זיינע רייד...

— דעם מענטשנס רשעות איז אין־לשער...

חנה האָט זיך דערוואָרט אויפן שעת־הכושר. זי האָט אַ צעשטעלט געטאָן אירע קליינע פיסלעך, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און דרייסט געפרעגט אליקומען:

— אמת געזאָגט... עס הערט דאָך קיינער נישט... פאַרוואָס האָסטו דערלאָזט עס זאָל דערגיין צו דעם? צו אַזאַ חרפּה?...

טרערן האָבן איבערגעדעקט אליקומס אויגן: — דרייסיק יאָר שוין ווי איך דאַוון אין דעם בית־המדרש... מרים האָט מיט די אייגענע הענט אויס־געהאַפּטן מיט גאָלדענע אותיות אַ בלוי פּרוכת...

אין מיטן רעדן איז ער שטיל געוואָרן און זיך צעוויינט.

אליקום, דער גרויסער ייִד, וואָס קען אַפילו זעגן האָלץ — וויינט. זי האָט אויפגעציטערט. איר גוידער האָט זיך געטרייסלט. זי האָט נישט געוווסט וואָס זי זאָל טאָן, נאָר עס האָבן זיך געהערט טריט פון הינטער דער טיר. לייב איז אַריין אין שטוב. חנה האָט איילִיק זיך אויפגעשטעלט, געזאָגט שלום און אַוועק.

נאָך אַלעם וואָס איז געשען מיט לאהן, נאָכן צוריבן ביי אים די פּרנסה צוליב וואָס ער האָט געמוזט הונגערן, איז לייב געווען פאַרביטערט אויף לאהן, וואָס האָט כלומרשט פאַרשעמט די משפּחה. ער האָט נישט געקענט קוקן די מענטשן אין די אויגן, געהאַסט יעדן ייִד אין שטעטל. ער האָט געביילט די פויסטן און פאַרביסן געוואָרט אויף בעסערע צייטן. נאָר אַז חנה איז אַרויס פון שטוב איז ער געוואָרן מלא רציחה און זיך אַ ווענד געטאָן צום פאָטער מיט פאַרוואָרף:

— נאָך וואָס איז זי געקומען? אוודאי געקומען מיט אַ שליחות... זען וואָס עס טוט זיך אין שטוב... לאָז נישט אַריין אַהער קיין מענטש!...

ער וואָלט זיכער ווייטער גערעדט, ווען עס וואָלטן זיך נישט דערהערט דער מוטערס קרעכצן:

— איך שטיק זיך... עפנט די טיר...

זי האָט נישט געוווסט, אַז די טיר איז אָפן.

לייב האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער מוטער און געזאָגט:

— אין שטעטל זאָגט מען...

נאָר ער האָט נישט געקענט רעדן ווייטער, ווי אין האַלדז זאָל אים האָבן פאַרטרוקנט געוואָרן.

אליקום האָט פאַרשטאַנען, אַז לייב דער זון וויל אים עפּעס זאָגן, דער־ציילן, אַוודאי וועגן די שמועסן וואָס גייען אַרום אין שטעטל. ער האָט אָנגע־

שטעלט אויף אים די אויגן און מיט אַ געבראָכענער שטימע, פול פאַרביטערונג און געוויין, אים געפרעגט:

— וואָס פאַרא נייעסן האָסטו ווידער געברענגט?

לייב האָט זיך מתגבר געווען, זיך געפּאַסט און געזאָגט דייטלעך:

— אין שטעטל רעדט מען פראַנק און פריי פאַרוואָס די מאַמע קען נישט שטאַרבן...

הערנדיק לייבס רייד איז אליקומען אַרויסגעפאַלן דער הילצערנער פוס פון האַנט און ער איז אַזוי ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים אַרויפגעפאַלן אויפן ווערק־שטעל. לייב איז געבליבן שטיין אַליין אין מיטן צימער, ווי אַן איינציק געבלי־בענער בוים אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

מיט אַ מאָל איז געוואָרן איבערגעריסן די אָנגעדראָלטע שטילקייט. געשרייען און געפילדער פון די ביטערע קולות, וואָס שמעון האָט געשאָלטן די גאַנצע וועלט, די משפחה און אַלע. ער, דער צווייטער ברודער, איז אַריין אין שטוב אַן אויפגעבראַכטער...

— אַ מיתה משונה זאָל אויף זיי קומען... אַן איבערקערעניש זאָל קומען אויף דער גאַנצער וועלט... נישטאָ ווו צו פאַרדינען אַ פרוטה... אַ חרם, און פטור!...

ער האָט נישט געקענט שטילן זיין כעס. אַ צעיאָכמערטער, אַ צעיושעטער, האָט ער אויסגעלאָזט זיין צאָרן אויף לייבן.

— דו... אַ זון פון אַ שולדיקן... דו אַליין... דיין שוועסטער...

ער האָט נישט געקענט צונויפבינדן די ווערטער, געוואָלט אָבער זיך באַפרייען פון זיין כעס און הונגער.

מיט אַ מאָל איז ער שטיל געבליבן, ווי ער זאָל זיך האָבן עפּעס דער־מאָנט און זיך איבערלייגן דעם ענין. ער האָט איינגעביסן זיך דעם פינגער און געזאָגט לייבן מיט אַ צעבראָכן קול: מירן איבערפאָרן אין א צווייטער שטאָט... אין אַ שטאָט, ווו עס זענען פאַראַן פאַבריקן, דאָרט וועלן מיר באַקומען אַרבעט...

אַ צייט האָט לייבס בליק אים געשפּיזט, ווי אים אָפּגעשאַצט זיין פאַרדראָס און חשיבות. אַ רגע האָט ער געמיינט, אַז שמעון איז גערעכט, נאָר באַלד האָט ער ווי זיך געזאָגט:

— יידן אין פאַבריקן?... דו מיינסט, אַז אַהין האָבן יידן אַ דריסת רגל?... איצט האָט די מוטער ווידער אָנגעהויבן קרעכצן.ביידע ברידער, שמעון און לייב האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו איר. אויך דער פאָטער האָט אויסגעגליכן זיין רוקן, זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי ער זאָל קוקן אויפן ווייב.

די מוטער האָט אַ קרעכץ געטאָן און זיך אָנגעשטרענגט, געוואָלט איינ־אָטעמען לופט. פלוצים האָט שמעון אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון דער מוטער. אַ צייט לאַנג האָבן זיינע גליִענדיקע אויגן געבלאָנדזשעט איבערן חלל ביז זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ שטיק האָלץ. ער האָט לאַנג נישט געטראַכט.

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן מיט זיין שטאַרקער האַנט אַ שטיק האָלץ און דערמיט געפּאָכעט אין אַלע זייטן, געהאַקט אין די פאַרקלאַפּטע פענצטער, געבראָכן די שויבן, די גלאָז־שפּליטערס זענען געפאַלן אויף פאָל.

זעענדיק, וואָס דער ברודער טוט, האָט לייב אים געוואָלט אָפּהאַלטן, ער זאָל נישט צעשטערן די שטוב און אַ געשריי געטאָן: הער אויף! שמעון האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים און פאַרענדיקט זיין מלאכה. אין דער צייט איז אויך לאה אַריין אין שטוב מיט צוויי לאַבנס ברויט אין די הענט, וואָס זי האָט געקויפט פאַר איר אַרבעט־געלט. זי איז געבליבן דערשטוינט פון דעם וואָס זי האָט געזען. דער קליינער, אייזערנער אויוון האָט געדויכערט, די שויבן זענען געווען אויסגעהאַקט. זי האָט אַ מורמל געטאָן: אוי, די גרויע ווירקלעכקייט! זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס ברויט און מיט בײדע הענט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ. ביידע ברידער, וואָס זענען געשטאַנען איר אַנטקעגן, האָבן זי אָנגעקוקט ווי זי זאָל זיין אַ פרעמדע, אָבער שמעון וואָס אין אים האָט געברענט דער צאָרן אויף לאהן, וועלכע ער האָט באַשולדיקט אין זייער אומגליק, דלות און נויט, האָט נישט געקענט זיך באַהערשן און זי אַ זידל געטאָן מיט רציחה און רוגזה:

— ווו און מיט וועמען האָסטו זיך ווידער געוואַלגערט?

פון כעס און בושה האָט לאה אַ טופּע געטאָן מיט די פיס און אויסגעשריגן:

— שווייג! און זיך צעוויינט. לייב, איר צווייטער ברודער, האָט זיך צו איר צוגערוקט, ווי ער זאָל זי וועלן שיצן, אויב שמעון וועט זי וואַגן שלאָגן. אויך ער האָט זיך צעשריגן:

— זעסט נישט, זי האָט געבראַכט ברויט אין שטוב?!

אין שמעונען האָט געברענט דער צאָרן. זיין פּנים האָט געפלאַמט ווי קאַרמאַזין. ער האָט אויסגעדעמט די ליפּן, ווי דער כעס זאָל אים שטיקן און אַ מורמל געטאָן:

— דאָס ברויט, עס דו!... און געוואָלט זיך וואַרפן אויף לאהן. נאָר אין דעם מאָמענט האָט די מוטער גענומען קרעכצן און גערופן מיט איר אָפּגעשוואַכט קול:

— לאה! לאה! איר רופן איז וואָס אַמאָל געוואָרן שטילער, ווי אויסגעגאַנגען.

לאה, האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער מוטערס בעט. געקוקט איר אין די אויגן, געגלעט איר אַלטן, אויסגעדאַרטן קאָפּ און געקושט אירע הענט.

די מוטער האָט געזיפצט, געקרעכצט און געכאָרכלט — געגוססט. לאה האָט איינגעגראָבן איר קאָפּ אינעם בעטגעוואַנט און מיט צער זי גערופן:

— מאַמע! מאַמע!

צו איר געיאָמער איז צוגעקומען דאָס שטילע געוויין פון די דריי מענער.

דער טאָג איז געווען אַ רעגנדיקער. אַ בייזער ווינט האָט געווייעט איבער דער סביבה, געוויגט די ביימער אויף די וועגן. דער וואַלד האָט בייז גערוישט.

צעברויזטע, צעשטורעמטע כוואַליעס האָבן זיך געטראָגן איבערן טייך איינע נאָך די אַנדערע. דער באַרגפלאַך, אויף וועמענס רוקן עס זענען געשטאַנען ווי איינגעזונקען די קליינע, קרומע מיט מאָך־באַוואָקסענע וואַלבראָמער הייזלעך, אַלץ איז געשטאַנען אין קאַלוזשעס וואַסער. שאַרפע ווינטן האָבן געווייעט, געשטורעמט און אַדורכגענומען דאָס שטעטל. דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט, געקומען.

ווען נישט דער הויכער „פּיניע" מיט זיין גרויסן גאָרגלקנאָפּ, וואָס האָט זיך געהאָצקעט אונטער זיין גאָמבע, ווי אַן איי, וואָס קאָלערט זיך, וואָלט קיין מאַן נישט געווען אויף דער לוויה. ער איז געווען אַ בעל־הביתישער זון און זיך געלערנט אַ מלאכה. ער איז געווען קורץ געקליידעט און געטראָגן אַ קאַפּעלוש. שבת האָט ער געטראָגן אַ שניפּס אַזוי ווי די וואַיאַזשאָרן, וואָס זענען אָפּט געקומען אין שטעטל אַריין. ווען נישט ער, וואָס האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין אָרעמע לוויה מיט דער מצווה מכפּר צו זיין זיינע זינד, ווי ס׳האָבן געטענהט די יידן אין שטעטל, און ווען נישט חנה די באָבעס־פּאַרקויפערין, די עטלעכע פרומע יידענעס און אליקום מיט די צוויי זין, וואָלט זיך נישט געפונען קיין מענטש וואָס זאָל אונטערשטעלן אַן אַקסל אונטער מרימס מיטה, וואָס אַ טשעכאָטקע האָט פאַרקירצט איר לעבן.

צוויי ווייבער זענען שטיל נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטה און געמורמלט „צדקה תציל ממות". נעבן זיי איז געגאַנגען לאה, איינגעהילט אין איר טוך דעם צעשויבערטן קאָפּ. דער ווינט האָט איר געריסן ס׳טיכל פון קאָפּ. די אָנגעדראָלטע קעלט האָט געפּאַטשט איר פּנים. זי איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ און ביטער געוויינט. דער ווינט האָט געוויגט איר שלאַנקן קער־פּער, ווי ער זאָל טרייסלען אַ יונגע פלאַנץ אין פעלד. זי איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטה, באַגלייט די מוטער צו איר אייביקער רו.

## א

די געמויערטע און הילצערנע איינשטאָקיקע הייזער אין וואָלבראָם האָבן געשטאַרט, ווי זיי זאָלן האָבן אַרויסגעוואָקסן פון דער ערד. די ווענט זייערע זענען געווען בייכיקע, ווי זיי זאָלן זיין מעוברת. דער רויער און געקאַלכטער טינק אויף די געמויערטע ווענט האָט זיך געשיילט פון אַלטקייט. די הילצערנע ווענט זענען געווען פאַרצויגן מיט אַ קופּער־גרינער פּאַטינע. איבער זיי זענען געלעגן די שיפּע שינדל־דעכער. די טירן און פענצטער זייערע זענען געווען נידעריקע, ווי זיי זאָלן זיך אָנשפּאַרן אויף דער ערד. דער אַריינגעוואַקסענער אין די שינדל־שפּאַלטן גרינער מאָך, האָט געשימערט דער זון אַנטקעגן, ווי פּאַר־זייטע בייטן.

איין הויז איז געשטאַנען ביים אַנדערן. ווען ערגעץ ווו האָט אַ קנאַק געטאָן אַ וואַנט־בעלקע, האָט אַ שינדל אין אַ דערבייאיקן דאַך זיך אַ שרומפּ געטאָן, ווי געענטפערט מיט אָפּהילך. דער חלל אין די געסלעך איז געווען אַן ענגער, די לופט אין זיי ווי פאַרשפּאַרט. די געסלעך זענען געווען קרומע און געלאָפן באַרג אַרויף און אַראָפּ, זיי זענען געווען ברוקירט מיט האַלב קיילעכיקע שטיינער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קאַצנקעפּ. אין דעם מאָרגנטוי האָבן זיי געגלימערט, ווי זיי זאָלן זיין פאַרגליטשט. דער דורכזיכטיקער, בלויער הימל איז געהאָנגען איבערן שטעטל ווי אַ באַלדאַכים, נאָר אין די געסלעך איז ער ווי געלעגן איבער די דעכער.

די ריחות פון די פאַראַקערטע און פאַרזייטע פעלדער און פון די שוין אויפגייענדיקע זאַמען אין זיי, האָבן געשלייערט דאָס שטעטל. די גאַנצע וואָך אַחוץ דאָנערשטיק, דעם טאָג פון וואָכן־יריד, האָט אַ סטאַיִשע און פּאַסטאָראַלע שטילקייט געהילט דאָס שטעטל. די געסלעך זענען געווען ליידיקע, נאָר זעלטן ווען איז אַ מענטש פאַרבייגעגאַנגען מיט פאַמעלעכע שריט. די בעל־מלאכהס האָבן געהאָרעוועט אין זייערע וואַרשטאַטן. די קרעמער האָבן דורך זייערע צעפּראַלטע טירן אויסגעקוקט אַ קונה. אַמאָל איז אין א געסל אַדורכגעלאָפן אַ ציג מיט אַ שטריק צווישן די פיס, פון וועלכן זי האָט זיך אָפּגעריסן און אַן אויסגעשראָקענע געמעקעט מ־ע־ה־ה. אָפט האָט אויך אַן אויסגעשמאָדערטער חזיר זיך פאַרהאַלטן ביי אַ הויז און אויסגעריבן זיך דעם רוקן אין דער וואַנט און געלאָפן ווייטער.

אַמאָל, אַמאָל האָט אַ טראַסק פון אַ געלאַדנטן וואָגן פאַרהילכט דאָס דורכ־געפּאַרענע געסל. אַזוי האָט אַ פערד געשפּאַנט אין אַ וואָגן מיסט, וואָס דער גוי האָט געפירט אויף זיין פעלד, פונאַנדערגעטראָגן די ריחות איבערן געסל. צווישן די פיל געסלעך אין שטעטל איז אויך געווען אַ לאַנג, שמאָל און ווי אַ קני פאַרבויגן געסל. די יידן אין שטעטל האָבן עס גערופן דאָס ברונעם־געסל, ווייל אונטן, אויפן צווייטן עק געסל, איז געשטאַנען די ברין מיט די פיר הילצערנע ווענטלעך און דעכל איבער זיי און פאַרהיטן דאָס וואַסער. די שכנים פון דער סביבה האָבן מיטן זשוראַוו (אַ הילצערנער אָרעם), אויף וועלכן די יידן האָבן אָנגעטאָן זייער געבערענגטן עמער, געשעפּט וואַסער.

יידן האָבן געדיכט באַוווינט דאָס געסל. דאָ און דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ כאַטע פון אַ שכן אַ קריסט. ביים סוף פון געסל האָט זיך געפונען דאָס קורצע, ברייטע געסל מיט די צעשטעלטע אַן אַ סדר הייזער, וואָס האָט אויס־געזען ווי אַ סקווער. די יידן האָבן עס גערופן דאָס מקוה־געסל. דאָ זענען געפלאָסן די סטאַקלעך וואַסערן, ווו די פישער האָבן געהאַלטן זייערע סאַזשל־קעס מיט פיש. דאָ איז געשטאַנען די מקוה, אין דעם געסל זענען אויך געווען די גאַרבערייען. די ריחות פון די צעפּאַרעטע מקוה־ריטלעך און די געווייקטע דעמבענע קאָרע אין די גאַרבער־גריבער, האָבן זיך געטראָגן איבער דער סביבה.

אינעם ברונעם־געסל, אויפן סאַמע קני־פאַרבויג, איז געשטאַנען דער גרוי־סער גיטלס הייזל. פון דאָרט האָט זיך געזען דער מרחק פון דעם אויסגעדעמטן געסל פוןביידע זייטן. איר הילצערן הייזל איז געשטאַנען ווי אַריינגעשטופּט צווישן צוויי בייכיקע כאַטעס. נאָר די פּראָנט־וואַנט פון איר הייזל איז געווען פאַרשאַלעוועט מיט ברעטער, וואָס די זון, די ווינטן און די רעגנס האָבן זי צעקרומט און געשאַפן ברייטע שפּאַרעס צווישן זיי. דער דרייעק אונטערן שיפן שינדל־דאַך איז געווען באַצירט מיט אַ געזימס. דער אַריינגאַנג צו איר אין שטוב איז געווען דורך דעם הילצערנעם גאַניקל, צו וועלכן עס האָבן געפירט די דריי הילצערנע טרעפּ וואָס האָבן געקאַרצט, ווען אַ מענטשן־פוס האָט זיי באַטרעטן.

דאָס הייזל איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט אַן אַלקערל און אַ שמאָלע קיך, מיט אַן אויוון מיט אַ פּיעקיעליק. דאָס איז אויך געווען דער גרויסער גיטלס דירה, ווי די מענטשן אין שטעטל האָבן זי גערופן. זי איז געווען אַן אַלטע, הויכע, דאַרע פּרוי מיט לאַנגע הענט. איר לענגלעך פּנים און שמאָלע נאָז זענען געווען צעקנייטשט, אירע ליפּן פאַרטרוקנט, נאָר אירע גרויסע ציין זענען געווען ווייס. דער גוידער איז איר אַראָפּגעהאָנגען ווי ביי אַ הון. זי האָט אַ גאַנץ יאָר געטראָגן דאָס זעלבע ברוינע, אָפּבלאַקירטע שוויאָטענע קלייד, וואָס איז הינטן געווען ברייט, ווי פאַלבירט, און נישט איין מאָל זיך איר אַ שלומפּער געטאָן צווישן די פיס, מיט אַ גרינעם טוזשורעק. איר גרויער קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל. ווינטער האָט זי זיך געקאַרטשעט פון קעלט, זומער איז איר טוזשורעק געווען צעקנעפּלט.

אין דער הייזקע האָט די גרויסע גיטל אויסגעלעבט זיך איר עלטער צוזאַמען מיט איר זון, דעם מיזיניק שמילע. אַזוי האָבן אַלע אים גערופן. אירע רעשט פינף קינדער האָבן אַליין שוין געהאַט קינדער און אייניקלעך. אירע דריי זין האָבן געוווינט אין די אַרומיקע שטעטלעך. איר איינציקע טאָכטער ברכה האָט געוווינט אין דערבייזיקן דאָרף כאַבענדזע. זי האָט דאָרט געפירט אַ „ספּאָזשיוווטשע" (שפּייזקראָם) און געהאַלטן אין פּאַכט ביי די גויים זייערע סעדער.

שמילע, גיטלס מיזיניק האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ, ווי די מאַמע און די יידן אין שטעטל האָבן געזאָגט, אַז אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער נאָך באַוויזן לערנען אַ בלאַט גמרא ביי יוזיפּ מלמד, נאָר זינט דער פֿאָטער זיינער איז געשטאָרבן, האָט ער אויף זיך גענומען דעם עול פּרנסה. קיין פֿאַך האָט ער נישט געהאַט. ער האָט יעדן דאָנערשטיק געפלאָכטן די שבת־חלות ביי צירל דער בעקערין. זי איז געווען אַן אַלמנה און געהאַט צוויי דערוואַקסענע טעכטער. שמילע האָט אויך געפירט שלאָפן אין אַן אַכסניה אַן אָנגעקומענעם פּאַסאַזשיר. אין אַ ירידֿ האָט ער געמעקלט אַ קאָרץ תבואה, אַ זעקל האָבער און אויך אַוועקגעטראָגן אַ זאַק קאַרטאָפל, וואָס אַ יידענע האָט געקויפט. אָפט האָט ער אויך גענומען ביי טוביה בעקער אַ קויש קאָכעדיקע, פריש געבאַקענע מאָן־בייגל און איינגעשטיגן אין נאָכטצוג, וואָס איז געגאַנגען קיין וואַרשע. די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אָפט געפאָרן מיט דער באַן, האָבן געקענט שמילען, וואָס שלייכט זיך פון איין קופּע אין אַנדערן, ווי ער זאָל אונטערטאַנצן און זיי געוועקט, גערופן:
— „הייסע בייגל, הייסע בייגל"!

שמילע איז געווען גוטמוטיק, זיך נישט איבערגענומען מיט קיין שום געשעעניש. ער האָט אַלץ געטאָן סקלאַדנע, ווי ער זאָל זיין זיכער, אַז גאָרנישט וועט אים אַנטלויפן. ער האָט געקענט יעדן אין שטעטל, יעדער אין שטעטל האָט אים געקענט. ער איז געווען אַ גליד אין דער עדה יידן. יעדן פּאַרדינטן גראָשן האָט ער אַוועקגעגעבן זיין מאַמען. זי האָט געפירט די ווירטשאַפט און געזאָרגט שמילע זאָל עסן צו דער צייט. יעדן אין דער פרי און אויף דער נאַכט האָט זי אים דערלאַנגט אַ פּאַרציע ברויט מיט צוואָרעך און אַ טעפּל ציקאָריע, צום מיטאָג אַ טעלער יושקע, אַ צוגעפּרעגלטן קאַרטאָפל און אַ טעלער קאַרפּיעלעס.

די פענצטער פון הייזל זענען געווען נאַקעטע, אָן אַ פּאַרהאַנג. דורך די קליינע פענצטער־שייבעלעך איז די זונשיין כמעט נישט אַריינגעדרונגען. דער קרעם קאַלך אויף זיינע ווענט איז שוין געווען געל פון אַלטקייט. די דירה־איינריכטונג איז געווען אַן אָרעמע. דאָך האָט זיך אין איר געפילט די איינגעזעסנקייט. אין גרויסן חדר איז געשטאַנען אַ הילצערנער טיש מיט בענקלעך, אַ ברוין געפאַרבט קרעדענסל אויף אַן אונטערגעבראָכן פיסל. אויף דער וואַנט פון אַנטקעגן איז געשטאַנען אַ פּאָלירטע, אָפּבלאַקירטע פּראַסע מיט דריי שופלעדער. דערנעבן איז געשטאַנען אַ הילצערנע באַנק און אַן אייזערן בעט, וואָס

איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ גרינעם קאָץ. דאָס נאַקעטע, אָן אַן אַבאַזשור, עלעקטרישע לעמפּל, איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער מיטן סטעליע ווי אַ פּיאָן, וואָס מעסט דעם שטובן־חלל. אין דעם בלוי געפּאַרבטן אַלקערל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פויגל־שטייג, איז געשטאַנען אַן אייזערן בעט מיט אַ געניקלטן קאָפּ. דער ניקל איז שוין לאַנג געווען אָפּגעשיילט. דאָס בעט איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ פּלושענע דעק מיט פראַנזן, וואָס איז געווען שוין אָפּבלאַקירט און עס איז שווער געווען צו וויסן איר אַמאָליקע פּאַרב. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ געקאָוועטער קופערט. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ קאַגאַניקל. אין קיך האָט דעם אויבנאָן פאַרנומען דער פּיעקעליק־אויוון, דאָס פעסל וואַסער מיטן טעפּל ביי דער זייט. די פאָלן אין דער דירה זענען געווען פון ברעטער מיט ברייטע פון אַלטקייט שפּאַרעס.

שמילע האָט זיך געפּעדערט און פאַרזאָרגט זיין אַלטע מאַמע. ער האָט זיך נישט געשפּאָרט, געטאָן יעדע אַרבעט וואָס איז אים אונטערגעקומען און אַלץ מיט אַ לייכט געמיט, ווי ער זאָל זיין באַשאַפן דערצו. זיין פאַסיע זענען געווען די טויבן. זייער טויבנשלאַק איז געווען אויפן בוידעם איבער דער קיך אין הויף אַריין. די ערד אין הויף איז געווען אויסגעטרעטן, נאַקעט און האַרט און אַרומגעצוימט מיט אַן איבערגעבויגענעם, הילצערנעם פּאַרקאַן. דער הויף האָט אויסגעזען, ווי אַ צעשויבערטער קאָפּ, וואָס אַ קאַם באַרירט אים נישט. דורך די דריי קיילעכיקע אויסגעזעגטע לעכער מיט די פון זיי אַרויסשטאַרבדיקע דרענגלעך, זענען די טויבן אַריין און אַרויס. אַ צוים פון שטעכלדראָט אַרום דעם דאַך האָט זיי געהיטן אַ קאַץ זאָל זיך צו זיי נישט אַריינכאַפּן. טאָגטעגלעך גאַנץ פרי, איידער שמילע איז אַוועק אין גאַס, איז ער אַרויף צו זיי, געגעבן זיי עסן און טרינקען. ער האָט זיך געקענט אַוועקשטעלן און שטיין ווי לאַנג, קיינמאָל נישט מיד געוואָרן און געהערט, ווי די טויבן וואָרקען. מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ האָט ער געקוקט ווי זיי קרייזן אַרום זייער כאַטע, ווי זיי פליִען מיט פלאַטערנדיקע פליגל, ווי זיי זאָלן מיט זיי פּאַטשן און מיט פונאַנדערגעלייגטע ווידלען, ווי געעפּנטע פעכערס — ביז זיי קומען צוריק און זעצן זיך אויס אויף די דעכער אַרום. דעמאָלט האָט ער מיט אַן אויסגעצויגענעם פייף זיי פונאַנדערגעיאָגט און ער איז אַוועק אין גאַס. ער איז מיט יעדן ביי אויסגעפּיקטן טייבעלע זיך באַגאַנגען, ווי ער זאָל זיך מטפּל זיין מיט אַן עופעלע. ער האָט עס געהיטן פון דער מוטערס אויג ביז עס האָט אָנגעהויבן פליִען, ער זאָל עס איר נישט מוזן געבן צו דער שחיטה.

די שכנים זייערע האָבן פון אים געחוזקט, אים גערופן „דער טויבן־יונג" און צוגעגעבן „טרייפע בלוט". געווען אויך יידן, וואָס האָבן אונטער זיין רוקן אַ זאָג געטאָן „דעם טאַטנס זרע", ווען זיי האָבן אים געזען קלעטערן איבער די דעכער יאָגנדיק נאָך אַ טויב. גימפּל, זיין פאַרשטאָרבענער פאָטער, אַ בידעריקער, ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד וואָס האָט אַליין אויסגעזען ווי אַ פּניאַק, איז געווען אַ שינדלמאַכער. ער האָט געברענגט אויפן הויף

אַרויף קלעצער, זיי צעזעגט און צעהאַקט און געשניצט שינדלען. ווי לאַנג דער פּאָטער האָט געלעבט זענען ביים פּלויט אונטער אַ דעכל געלעגן אויסגעסדרטע שטויסן אויסגעטרוקנטע שינדלען. יידן סוחרים האָבן זיי אָפּגעקויפט ביי אים. גימפּל איז פון טבע געווען אַ שווייגער און כעסן. יעדן אָוונט האָט ער צונויפ־געלייגט די אַרבעטס־כלים, זיך אַרומגעוואַשן, ווינטער אַרויפגעצויגן אויפן שפּענצער די באַנדע, זומער דאָס צייגענע כאַלאַטל און אַוועק אין בית המדרש צו מנחה און זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים. אָפּט איז ער נאָך מנחה מעריב געבליבן הערן יענקל דיינס אַ שיעור. דער דיין, אַ נידעריקער, ברייטבייניקער ייד מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, גרויסן שטערן און אַ לאַנגע ביז די קנעכל איביצע, האָט מיט די האָרעפּאַשנע יידן געלערנט אַ פּרק עין־יעקב, אָדער זיי מפרש געווען די פּרקי־אבות. די פאַרהאָרעוועטע יידן מיט די אויסגעצויגענע בערד און אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן אים אויסגעהערט און אונטערגעזיפצט. פּלוצים אָבער האָט גימפּל געגומען אונטערהוסטן, נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם און גענומען דאַרן ביז אין אַ פּאַררעגנטן האַרבסט־טאָג האָט ער אויסגעהויכט די נשמה.

שמילע איז נישט געראָטן אין פּאָטער, נישט אין כאַראַקטער און נישט אין אויסזען. ער איז הויך און שלאַנק, האָט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר. ער איז לייכט און פלינק, אין גיין טאַנצט ער אונטער. ער איז באַרעדעוודיק און האָט האָלט אַ שפּאַס טאָן. ער איז ענלעך צו דער מאַמען. ער טראָגט לאַנגע ביז די ערד הויזן, גייט מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער און אַן איבערגעצויגענעם איבערן שטערן קאַשקעט. ער האָט געהאַט בלויע וואַסער־אויגן, וואָס האָבן ווי אַדורכ־געקוקט. נישט איין ייד, מיט וועלכן ער האָט געהאַט צו טאָן, האָט אים נאָכ־געזאָגט — „דער קאָמעדיאַנט".

ב

אין דעם זעלבן געסל, עטלעכע הייזער ווייטער פון דער גרויסער גיטל, שוין אַראָפּ אויף דער שיף פון דער צווייטער זייט געסל, איז געשטאַנען דאָס הילצערנע הויז מיט דעם שיפּן פּירקאַנטיקן ווי אַ פּיראַמידע דאַך. דאָס הויז האָט געהערט דעם שוואַרצן אהרן. ער איז געווען אַ ייד מיט אַ געדיכטער, שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ נישט צעקעמטער קאָלטן און האָט אַריבערגעשטאַרט איבער זיין ברייטער גאָמבע. ער האָט געהאַנדלט מיט פעל. ער אַליין האָט געוווינט אין פראָנט. די פענצטער זיינע זענען אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. אין די פענצטער אין הויף אַריין האָט געוווינט פון איין זייט מלכה־רחל מיט איר זון און טאָכטער. אין דער צווייטער זייט האָט זיך געפונען אהרנס סקלאַד מיט פעל.

מלכה־רחל איז געווען אַ הויכע, לייביקע פרוי מיט אַן אָוואַל פּנים און גרויע אויגן. איר פּנים האָט נאָך איצט עדות געזאָגט אויף איר אַמאָליקער שיינקייט. זי איז איצט שוין געווען אין די פופציקער יאָרן, אַן אלמנה, נאָר מיט אַ סך ענערגיע. זי האָט געטראָגן אַ שאַטינענעם שייטל מיט אַ שרינט אין מיטן, אַ לאַנג קלייד מיט אַרבל, וואָס איז געווען הינטן ברייט און איינגענומען אין דער טאַליע און הויכע שיך וואָס האָבן אויסגעזען ווי קאַמאַשן. זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ דיין. איצט האָט איר מפרנס געווען די מאַנגל. דער רוב פון די שטעטישע בעל הביתטעס האָבן איר געברענגט זייער וועש צו מאַנגלען.

נתן איר זון, אין די זעלבע יאָרן וואָס שמילע, אַ דאַרפסגייער, איז געווען הויך, שלאַנק מיט אַ לענגלעך, אינטעליגענט פּנים. ער איז געווען געראָטן אין פאָטער און נישט פאַרגרעבט. טאָג־טעגלעך, אַחוץ פרייטיק איז ער קאַיאַר, ווען די הענער האָבן אָנגעהויבן קרייען, אַרויס פון שטוב. די מאַמע זיינע און שוועסטער זענען נאָך געשלאָפן. ער איז געגאַנגען מיטן זעקל אויף דער פּלייצע אין וועלכן עס איז געלעגן זיין עסן אויף אַ גאַנצן טאָג. די מאַרגנטוי־שטילקייט האָט אים אַרומגענומען, אים אויפגעמונטערט. דער אָפּהילך פון זיינע שווערע טריט — ער האָט געטראָגן יוכטענע שטיוול — האָט געריסן די שטילקייט אין געסל.

שמואל, זיין פאָטער, איז געווען אַן איינבינדער און אַ ייד אַ חלוש. ער איז געשטאָרבן אין שלאָף. די שכנות האָבן געזאָגט, אַז ער איז איינגעשלאָפן ווי אַ הון — די יידן, אַז ער איז געשטאָרבן ווי אַ צדיק. אויך ער האָט געשטאַמט פון אַ משפחה למדנים. ער איז געווען אַן אויסנאַם אין שטעטל. ער האָט געקענט דעם תנ״ך פון אויסנווייניק. די יידן אין וואָלבראָם האָבן געלערנט אַ בלאַט גמרא. ער האָט געהאַט אַ רויטע, צעקעמטע באָרד און אַ בלייך פּנים. זיין שפּיץ נאָז איז געווען ווייס ווי ביי אַ טויטן.

רייזל, נתנס שוועסטער, איז געווען עטלעכע יאָר יינגער פון אים. זי איז ווי מיט אַ מאָל אונטערגעוואָקסן, זי האָט געלערנט איר פאַך ביי שפּרינצען די וועשנייערין. שפּרינצע האָט געניית וועש פאַר די פאַרמעגלעכע פרויען, וואָס האָבן געוווינט אין מאַרק. חול־המועד איז זי אויך געפאָרן באַזוכן אירע קרובים. רייזל האָט יעדע סוף וואָך אַהיימגעברענגט פּרוטות פאַר איר אַרבעט. דער מאַמעס מיט דעם זונס פאַרדינסטן זענען געווען בצימצומדיקע. אויך ביי זיי אין שטוב האָט די שפע זיך נישט געגאָסן. אויך ביי זיי האָט מען געגעסן אַ שטיקל פלייש נאָר איין מאָל אָדער צוויי מאָל אַ וואָך. אויך די דירה זייערע איז נישט געווען אַ צו גרויסע. אַ צימער, אין וועלכן עס זענען געשלאָפן די מאַמע און די טאָכטער און אַ קיך, אין וועלכער עס איז אויך געשלאָפן דער זון. די מאַנגל איז געשטאַנען אין פאָדערהויז — דעם אַריינגאַנג וואָס האָט געהאַט נאָר אַ דאַך־פענצטער. די מאַנגל האָט פאַרנומען כמעט די גאַנצע לענג פון אַריינגאַנג. אַהין האָבן די בעל הביתטעס אויך געברענגט זייער וועש צו מאַנגלען. מיט אַ האַנט־קאָרבע האָט מלכה־רחל געפירט אַהין און צוריק די באַלאַדנטע מיט

שטיינער אויבערשטע טייל מאַנגל איבער דעם וואַלעק מיטן וועש. אויך די דירה זייערע איז געווען איינגעאָרדנט ווי די דירהס ביי דעם סגאַל יידן אין שטעטל.

רייזל איז ביז איצט געגאַנגען צו און פון דער אַרבעט מיט די הינטער־געסלעך, זיך פאַרקירצט דעם וועג. נאָר אין אַ שיינעם, זוניקן אָוונט איז זי אַרויס פון דער אַרבעט און שטיין געבליבן, זיך אַרומגעקוקט, ווי זי זאָל וועמען זוכן. דער נישט ברוקירטער שטח פאַרן געסל, וווּ זי איז געשטאַנען, איז געווען ליידיק. זי האָט דערפילט די באַדערפעניש צו זען די מענטשן, מיט וועלכע זי לעבט אין שטעטל און גענומען גיין אין מאַרק אַריין. זי איז געגאַנגען און געאָטעמט די ריחות פון דעם פריש־געשניטענעם היי אויף די אַרומיקע פעלדער און זיך געגאַפּיעט, ווי זי זאָל אַלץ און אַלע זען דאָס ערשטע מאָל. זי האָט באַטראַכט די הייזער, די קראָמען, מעכל מעלער, דעם ייד וואָס איז געווען פאַרמעלט און זיך געצויגן אַ האָר פון דער באָרד. דבורה משה לאהס, וואָס איז געזעסן אויף דער שוועל פון איר צוקערוואַרג־קרעמל מיט פאַרלייגטע הענט, געוואַרט אויף אַ קונה, גאַבעלען דעם הויכן, ברייטביייניקן זקן מיט דער קיטשמע אויפן קאָפּ סיי זומער און סיי ווינטער, וועלכער איז זיך מתעסק געווען מיט אַ פּאָס פאַרזייערטע אוגערקעס. זי איז פאַרבייגעגאַנגען צירל דער בעקערינס בעקעריי, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דער זאַטער ריח פונעם פריש־געבאַקענעם ברויט. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי פאַרבייגעגאַנגען מאָטע בלאַכערס קעלער, פון וואַנען עס האָט זיך אַרויסגעפילט דער זשאַווער.

מיט אַ מאָל, האָט שמילע זי דערזען. זי איז געווען הויך און שלאַנק. אירע פעך־שוואַרצע האָר זענען געווען גלאַטיק, ווי אויסגעצויגן, מיט אַ שרינט אין דער מיט און אַ לאַנגן צאָפּ פון הינטן. אירע האָר האָבן ווי גערעמט איר אָוואַל מאַט פּנים. זי האָט געהאַט אַ קליין מויל און דיקע ברעמען. אַ שטענדיקער שמייכל האָט באַצירט איר פּנים. זי האָט געטראָגן אַ גראַנאַטענעם ראָק און אַ גרינע סעלעדין־בלוזקע. אויף איר איז געלעגן אויסגעגאָסן דער חן פון אַ יידישער טאָכטער.

שמילע האָט פאַרקריצט אַן אויג. זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרומט פון איבערראַשונג. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַ פערד, ווען מען שפּאַנט עס ס'ערשטע מאָל איין און אַ הויך געטאָן: האַ! — ווי ער זאָל האָבן אויסגעטרונקען אַ גלעזל פינפאונייינציקער. מיט דער שפּיץ צונג האָט ער זיך אָפּגעווישט זיינע פאַרטריקנטע ליפּן און איר נאָכגעגאַנגען פון וויטן ביז זי איז אַריין אין הויז, וווּ זיי האָבן געוווינט.

שמילע דער קאָמעדיאַנט, ווי די יידן אין שטעטל האָבן אים גערופן, איז געווען אַ סטאַבילער לייענער אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק. ער האָט געלייענט אַלץ, געוואָלט וויסן ווי אַזוי מענטשן אין דער וועלט לעבן און ווי אַזוי זענען צווישן זיי די באַציונגען. אים האָט אויך אינטערעסירט וואָס טראַכטן נישט קיין יידן. נישט אַלץ וואָס ער האָט געלייענט איז אים געווען פאַרשטענדלעך. נישט איינמאָל איז ער זיצן געבליבן אין דער פינצטער, זיין מאַמע איז שוין

געשלאָפן, און נאָכגעטראַכט וואָס ער האָט געלייענט, געוואָלט עס באַנעמען. מער פון אַלץ האָט ער געלייענט רייזע־באַשרייבונגען, געוואָלט זיך באַקענען מיט דער וועלט, ווייל ער איז געווען זיכער, אז נישט נאָר וועט ער נישט אַוועק אין דער גרויסער וועלט, נאָר אַז ער וועט אויך נישט פאַרלאָזן זיין שטעטל.

אין זיינע קרייזן איז ער אויך אָנגעגאַנגען פאַר דעם טענצער. אָפט אין אַן אָוונט, נאָכן אַרומשמייען אַ גאַנצן טאָג, האָט ער זיך געטראָפן מיט נאָך עטלעכע בחורים און מיידלעך ביי אַלטער פריזיער אין דער ראַזורע און מיט זיי געטאַנצט הינטער אַ פאַרשלאָסענער טיר. אַלטער, מיט זיין שוואַרצער, געלאָקטער טשופּרינע האָט זיי באַגלייט מיט דער מאַנדאָלינע, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געהאָנגען אויף דער וואַנט. פאַראינטריגירטע פאַרבייגייער האָבן געפרוווט אַריינקוקן דורך דער פאַרהאָנגענער שויבנטיר. געפירט די טענץ האָט שמילע. זיי האָבן געטאַנצט אַלע טענץ: פון אַ וואַלס, אַ טאַנגאָ, ביז אַ פּאָלאָנעז און אַ קאַדריל. עס איז נישט געווען קיין חתונה אין שמילעס ספערן, אַז מען זאָל אים נישט פאַרבעטן. ער האָט דיריגירט, געזאָגט די כלי־זמרים וואָס זיי זאָלן שפּילן. די געסט האָבן געגאַפט און נישט פאַרשטאַנען, ווען שמילע האָט אַ שריי געטאָן: ראַפּיד (שנעל) אָדער: סלאָו! (פּאַמעלעך). דערביי האָט ער כסדר אויסגעשטראָמט זיין ברוסט־קאַסטן און געקוקט פון אונטערן שטערן אַפיר. אַלע אין שטעטל האָבן געוווסט — אַ חתונה מיט שמילען איז אַ פריילעכע.

נישט איינמאָל, אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, ווען די חלות ביי צירל בעקערין זענען שוין געווען אויסגעפלאָכטן, יוחנא האָט געוואַרט די חלות זאָלן יוירן און צירל האָט געכאַפּט אַ דרימל, האָט שמילע אַ פּאַרמעלטער, מיט הענט פאַרקלעפּטע מיט טייג, דערוויל אַראַנזשירט אַ טאַנץ מיט יוחנאַן דעם געזעלן און צירלס צוויי טעכטער, זלאַטע און פייגע. פון אָנפאַנג האָבן די צוויי שוועסטער זיך קרעמפּירט, נאָר אַז זיי האָבן דערפילט איבער זיך די אָרעמס פון די צוויי יונגען, האָב זיי געטאַנצט מיט אימפּעט און צעהיצטן אָטעם און געהאָרכט, צי די מאַמע זייערע גייט נישט. זיי האָבן געטאַנצט אין פאַרלעך, נאָר ביידע קאָרפּולענטע שוועסטער, די יאָדערדיקע זלאַטע מיט איר אַרויסשטאַרנדיקן בוזעם און שיינע מיט איר ברייטן בוזעם און שוואַרצן קאָקס פון הינטן, האָבן קוים זיך דערוואַרט שמילע זאָל שוין אַ קלאַטש טאָן מיט די הענט. דאָס איז געווען דער סימן, אַז די טענצער דאַרפן בייטן זייערע טענצערינס. יעדע פון זיי האָט געוואָלט טאַנצן מיט שמילען. ער איז געווען גרינג, פלינק און עלאַסטיש, ווי געשוועבט אין טאַנץ.

פונעם טאָג וואָס שמילע האָט איינגעזען, אַז רייזל איז אויסגעוואַקסן, איז אַ פרוי, האָט זיין געמיט זיך געביטן. ער האָט געשוויגן, געביסן די ליפּן, אַ סך מאָל אויך נישט געהערט, ווען זיין אַלטע מאַמע האָט צו אים גערעדט. ער האָט נישט איינמאָל אויפגעגעסן דעם טעלער יושקע מיט דער רעפּט ברויט און געזאָגט:

„מאַמע, די קאַרפּיעלעס וועל איך עסן שפּעטער".

„האָסט געגעסן אין גאַס?" — האָט די מאַמע אים געפרעגט און אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט.

ער האָט קיינמאָל איר נישט געענטפערט. נאָר איינמאָל אין אַ שפּעטן נאָכ־מיטאָג, זענען די טירן און פענצטער אין שטוב געווען אָפן און ווי פונאַנדער־געטריבן די גרויקייט, וואָס האָט זיך שוין פונאַנדערגעזעצט אין שטוב. אַ געדיכטע פּאַרע האָט אַ זעץ געטאָן שמילען אין פּנים פון טעלער קאַרפּיעלעס, וואָס די מאַמע האָט אים דערלאַנגט.

„מאַמע, דאָס לאָז איך מיר איבער צו דער וועטשערע" — האָט ער געזאָגט נישט דרייסט.

„שמילע, פאַר וועמען קאָך איך? האָסט געגעסן אין גאַס?" — האָט זי אים געפרעגט מיט פאַרדראָס.

„אַ געבראָטענעם אָקס!" — האָט ער זיך מיט איר גערייצט.

„יאָ, יאָ תּכשיט" — האָט זי זיך געבייזערט און צוריק אַוועק מיטן טעלער אין קיך.

שמילע איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער. ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי ער דאַרף זיך באַנעמען מיט רייזלען דעם דיינס אייניקל. ער האָט נישט געוואָגט צוגיין צו איר רעדן. ער האָט כּסדר זי אָפּגעוואַרט אין גאַס און אויך ביי דער אַרבעט. נאָר ווען ער האָט זי געזען פון ווייטן איז ער שטיין געבליבן, ווי די קאַץ וואָס די מויז איז איר אַנטלאָפן. יעדעס מאָל פלעגט ער אַ מליאַסקע טאָן מיט דער צונג, ווי ער זאָל האָבן דערפילט אַ ביטערקייט אין מויל.

מיט דער צייט האָט ער זי נישט נאָר אָפּגעוואַרט, נאָר אויך איר נאָכגע־גאַנגען, אָבער מיט אַ דיסטאַנס. ער האָט זיך געהיטן, אַז ווער אין גאַס זאָל נישט מערקן, אַז ער גייט איר נאָך און זי זאָל אים נישט אַנטלויפן. אַן אומ־פאַרשטענדלעכע מורא האָט אים אָפּגעהאַלטן, נאָר זיין ווילן מיט איר צו רעדן איז פון טאָג אויף טאָג ביי אים שטאַרקער געוואָרן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער איז איר שוין אויך נאָכגעגאַנגען אין די קראָמען, ווו זי איז אַריין עפּעס קויפן. אין דער קראָם איז ער עטלעכע מאָל שטיין געבליבן הינטער איר, ווי ער זאָל וואַרטן אויף זיין אָטשערע, אָדער מיט אַ תּירוץ געפרעגט אויף אַ פּרייז פון אַ זאַך, וואָס ער האָט געוווּסט, אַז זי איז נישט בנמצא און נאָך אַלץ נישט געוואָגט זיך צו איר צו ווענדן.

זי האָט נישט איינמאָל אים באַמערקט און אַפילו אָנגעקוקט. זי האָט געוווּסט ווער ער איז, נאָר נישט געאָנט אַז דאָס גייט ער איר נאָך. אין אַן אָוונט, ווען אויפן הימל האָט זיך באַוויזן דער ערשטער שטערן, איז זי אַריין צו ברוכן אין קראָם.

„גוט אָוונט. כ'וויל אַ קוואַטערל בוימל" — האָט זי געזאָגט ברוכן.

„מען דאַרף ברענגען מאָרגן" — האָט דער ייד מיט דער ווייסער באָרד און פאַרגעלטע פון ניקאָטין פינגער, איר געענטפערט.

„ביי שמחה־בערן איז דאָ גוטער בוימל, מיין מאַמע קויפט ביי אים״ — האָט שמילע איר געזאָגט, ווי ער זאָל האָבן אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד.

רייזל האָט אים אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע פון שטוינונג אויגן.

„וואָס באַקוקסטע מיך אַזוי? איך קוק אויף דיר שוין לאַנג״ — האָט ער איר געזאָגט און זיך צעשמייכלט.

רייזל איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל.

ברוך האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי זיינע גרויסע, געדיכטע ברעמען זאָלן האָבן זיי איבערגעדעקט.

רייזל האָט ווי אַראָפּגעשלונגען איר איינגעהאַלטענעם אָטעם. זי האָט ערשט איצט פאַרשטאַנען, אַז דאָס גייט ער איר נאָך און זי איז אַרויסגעלאָפן פון קראָם.

„אַ נאַרישע קאַזע״ — האָט שמילע אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך, געוואָלט פאַר־טושן דעם אינצידענט. ווען ער איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט ברוך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל אים באַדויערן.

רייזל איז אַריין אין שטוב אַ צעטומלטע און צעשויבערטע. איר פּנים־אָנבליק האָט כסדר זיך געביטן. אַמאָל האָט עס געפלאַמט, אַמאָל איז עס געווען בלייך, ווי ס'בלוט זאָל האָבן פון איר אָפּגערונען. זי האָט קוים אַ שטאַמל געטאָן: „נישטאָ קיין בוימל״ — און אַוועקגעשטעלט דאָס בוימל־טעפּל אויפן פּיעקעליק.

די מוטער האָט זי געוואָלט פרעגן פאַרוואָס ברוך האָט נישט קיין בוימל, נאָר זעענדיק איר הולך האָט זי געפרעגט: „וואָס איז געשען?״

„גאָרנישט, בין געלאָפן״ — האָט רייזל איר געזאָגט און זיך אויסגעדרייט צו איר מיט דער פּלייצע זי זאָל נישט מוזן איר קוקן אין פּנים אַריין.

די מוטער האָט איר חושד געווען, נאָר איר געזאָגט: „נעם דיר עסן״.

רייזל האָט איר געפאָלגט, אַבי זי זאָל איר נישט דאַרפן ווידער ענטפערן. זי האָט זיך גענומען אַ מוציא ברויט באַשמירט מיט מאַרמעלאַדע, נאָר זי האָט געדזשאַמדזשעט, נישט געקאָנט פון אויפרעגונג אַראָפּשלינגען דעם ביס. ווען זי האָט געענדיקט עסן, האָט זי פאַרטרונקען מיט אַ טעפּל קאַלטע טיי. זי איז אַריין צוריק אין צימער און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף איר בעט און איינגע־ניאָרעט איר פּנים אין בעטגעוואַנט.

רייזל גייט אַרום אַ צעטראָגענע. זי האָרכט כסדר, צי מען גייט נישט און קוקט אין פענצטער, צי שמילע וואַרט זי נישט אָפּ. טאָמער האָט זי געדאַרפט גיין אין גאַס, אָדער צו דער אַרבעט, האָט זי זיך געדרייט און געגרייט, ווי זי זאָל פאָרן מעבר לים. זי האָט מורא געהאַט פאַר שמילען, נישט געוווּסט וואָס ער קאָן איר אָפּטאָן און גלייכצייטיק זיך געשראָקן די מאַמע זאָל זיך נישט דערוויסן וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי ברוכן אין קראָם. אויך אין שלאָף האָט זי זיך געוועקט און געבליבן ליגן אין בעט אַ דערשראָקענע, ווי עס זאָל דאַרפן געשען עפּעס אויסטערלישעס. די לעצטע טעג גייט זי צו דער אַרבעט פריער ווי זי דאַרף, אַבי זי זאָל וואָס ווייניקער זיך טרעפן מיט דער מוטערס בליק,

וואָס איז פאַרמרוזשעט און דורכדרינגלעך. איר יונג האַרץ טיאַכקעט, זי ווייסט נישט וואָס זי זאָל טאָן און ווי זי דאַרף זיך באַנעמען.

ווי נאָר זי גייט אַרויס פון שטוב, קוקט זי זיך אַרום אַ דערשראָקענע, צי שמילע וואַרט זי נישט אָפּ און גייט מיט אימפּעט. זי גייט אייליק פון מורא די מוטער זאָל זי נישט צוריקרופן. זי גייט און קוקט זיך נישט אום. דעם נישט ברוקירטן שטח פאַר שפּרינצעס הויז לויפט זי איבער. צו שפּרינצען אין שטוב פאַלט זי אַריין ווי אַן אַן אָטעם. זי זאָגט אייליק „גוט מאָרגן" און זעצט זיך אַוועק ביי דער ניימאַשין, נישט אַרומקוקנדיק זיך וואָס עס טוט זיך אין שטוב. זי צעקנעפּלט דאָס קלייד, וואָס זי האָט אויף זיך, פאַרשאַרצט די אַרבל און שטעפּט די שוין צוגעגרייטע שטיקלעך וועש, וואָס ליגן אונטער דער האַנט.

די נידעריקע, דיקע, בייכיקע שפּרינצע מיט די ברילן אויף דער שפּיץ נאָז און מיט אַן אַרומגעבונדענעם מיט אַ טיכל קאָפּ, איז אַ האַרציקע יידישע מאַמע. איר מאַן חיים, אַ הויכער פליייציקער ייד אַרבעט אין האָלץ־סקלאַד ביי וואָלפן דעם גביר. זי נייט די אויסשטייערן פאַר כמעט אַלע רייכע כלות אין שטעטל. אירע זין און טעכטער האָבן שוין אייגענע משפּחות. אויך איר דירה באַשטייט פון אַ גרויס צימער וואָס איז די עסשטוב, די קיך און איר וואַר־שטאַט. אַ קליין צימערל איז זייער שלאָפצימער. דער אַריינגאַנג צו זיי איז דורך דעם קליינעם פאָדערהייזל. ביי איר אין דער דירה איז שטיל, אַזוי ווי אין דער סביבה. נאָר דער נאָדלשטאָך פון רייזלס שטעפּן רייסט די שטילקייט.

די ניימאַשין נייט און רייזלס האַרץ טיאַכקעט. זי זיצט אַ געבוקטע איבער דער מאַשין און טראַכט אָן אויפהער וואָס וועט געשען. נישט איינמאָל גלייכט זי אויס איר רוקן און טוט אַ הויך „האַ!" ווי זי זאָל אויסהויכן איר איינגע־האַלטענעם אָטעם, וואָס האָט איר אַ שטיק געטאָן. דאָס יונגע, נישט דערפאַרענע מיידל ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין. זי ווייסט נישט וואָס זי זאָל טאָן און ווי זי זאָל האַנדלען.

שפּרינצע, אַ פאַרטועכע אין דער אַרבעט, האָט יעדעס מאָל ווען רייזל טוט אַ הויך, אָדער אָטעמט טיף אָפּ, אַ קוק געטאָן אויף איר ווי זי זאָל אַריבערקוקן איבער די ברילן. שפּרינצע די מאַמע און באָבע, וואָס באַציט זיך צו רייזלען ווי צו אַ טאָכטער, איז געווען באַזאָרגט מיט רייזלס איבערלעבונגען, אָבער נישט נאָר רייזל נאָר אויך שפּרינצע האָט געשוויגן. שפּרינצע האָט אָבער געשוויגן פון גענייטקייט, רייזל פון נאַיִווקייט.

אין אַ פאַרמיטאָג, די זונשיין האָט גענומען אַריינלייכטן צו שפּרינצען אין שטוב, ווי זי זאָל וועלן בייקומען די גרויקייט דאָרט. רייזל איז זיצן געבליבן אַ געבוקטע, מיט די עלנבויגנס אויף דער מאַשין, אַ פאַרקוקטע אין פענצטער, ווי זי זאָל וועמען זען. די שטילקייט אין צימער איז געווען אַ קאָמפּאַקטע. מען האָט געקאָנט זי ווי אָנטאַפּן. שפּרינצען האָט פאַרפעלט דער ריטם פון דעם מאַשינשטעפּ. זי האָט געהערט, ווי דאָס קאָכנדיקע וואַסער אינעם טאָפּ קאָר־

טאָפּל בולבלט זיך. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן פון טיש, אויף וועלכן זי האָט צוגעשניטן און אַ קוק געטאָן אויף רייזלען. זי האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און מיט אַ לייכטן טריט, ווי זי זאָל איר אונטערקומען, צוגעגאַנגען צו איר און אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף איר נאַקן. רייזל האָט אויפגעציטערט, ווי זי זאָל האָבן זיך איבערגעוועקט און געוואָלט ווייטער בייען.

„ביסט נישט מיט אַלעמען? ווילסט גיין אַהיים?" — האָט שפּרינצע זי געפרעגט.

„ניין!" — האָט רייזל איר געזאָגט מיט אַ קול און זיצן געבליבן אַ גע־פּלעפּטע, ווי געליימט, דערהערנדיק איר פראַגע.

„זאָל איך צוגיין און זיך אַדורכרעדן מיט דיין מאַמען?" — האָט שפּרינצע זי ווידער געפרעגט און אַ שאָקל געטאָן איר מיטן קאָפּ, זי באַדויערט.

„ניין!" — האָט רייזל איר געזאָגט מיט אַ קול און זיצן געבליבן אַ געפּ־לעפּטע, ווי געליימט, דערהערנדיק איר פראַגע.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט רייזל אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אָפּגעשוידערט זיך פון איר קאָשמאַר און געגומען שטעפּן. זי האָט געניית מיט אימפּעט, געוואָלט פאַרגעסן איר פּחד.

שפּרינצע איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען איבער איר, ווי זי זאָל וועלן ממשיך זיין זייער שמועס, ווייל דאָס האַרץ האָט איר וויי געטאָן, וואָס רייזל, דאָס אונטערוואַקסנדיקע מיידל, ליידט. זי האָט ווידער אַמאָל איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זי איז אַוועק צוריק צו איר אַרבעט.

## ג

ווינטן וואָס נעמען אַדורך ווייען איצט. יידן פאַרקנעפּלען די באַנדעס און שטעלן אויף די קעלנער. דער טייך ברויזט, פּאַצענעס וואַסער וויגן זיך אויף אים, ווילן אויסגיסן און פאַרגיסן דעם טראַקט, וואָס פירט קיין פּילץ. די ביימער וויגן זיך און רוישן, זייערע בלעטער פאַלן און די ווינטן טראָגן זיי אין אַ קאַראַהאָד. די ווינטן האָבן געברענגט די ערשטע רעגנס, וואָס בייטשן און פאַרגיסן דעם מאַך אויף די דעכער. זיי כלאַפּען און צוואָגן די פענצטער־שויבן און די הייזער זעען אויס ווי זיי זאָלן וויינען. די פאַרמאַכטע בייכיקע כאַטעס שטייען פאַרנעצטע, ווי זיי זאָלן פרייכן. דאָס אָנגעפּלאָסענע וואַסער פאַרגיסט די געסלעך, באַדעקט זיי מיט בלאָטע.

שמילע ווייסט, אַז רייזל גייט מיט די הינטערגעסלעך, באַהאַלט זיך פאַר אים. ער גייט איר נישט נאָך, ווייל זי נישט נאָכאַמאָל איבערשרעקן. ער געדענקט די געשעעניש ביי ברוכן אין קראָם. ער שעמט זיך פאַר איר און זיך אַליין.

ער איז זיכער, אַז ברוך האָט דעם ענין איבערגערעדט מיט די שכנים און אפשר אויך מיט איר מאַמען. ער מיידט אויס די סביבה, וווּ רייזל וווינט און וווּ ברוך האַלט זיין קראָם. ער היט זיך, וויל נישט זיין ביי די מענטשן אין מויל. דאָך האָט נישט איין יידענע זיך אַ שושקע געטאָן מיט איר שכנה, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען.

אָבער אין די שעהן, ווען רייזל גייט און קומט פון דער אַרבעט, שטייט ער פאַררוקט אין אַ ווינקל, ער זאָל זי זען. אויך איצט איז ער געשטאַנען אין ווינקל וווּ צוויי געסלעך קומען זיך צונויף, און געוואַרט. ער איז געשטאַנען מיט דעם קאַשקעט איבער די אויגן, ווי ער זאָל זיך גרייטן צו אַ מעשה נורא, געקוקט פון אונטערן שטערן אַפיר צי די פאַרבייגייער, אָדער אַ קאָפּ אין אַ פענצטער זעט אים און צי רייזל גייט. ער האָט נישט נאָר געבענקט צו איר, דעם דיינס אייניקל, דאָס שלאַנקע מיידל מיטן פעך־שוואַרצן צאָפּ, וואָס וויגט זיך אין גיין, ווי אַ שוואָן ביים שווימען. רייזל איז געווען זיין אַמביציע. זי האָט געלינדערט זיין עלנט און אים געגעבן אינהאַלט אין לעבן.

זי איז געגאַנגען איילִיק, נאָר ווי זי האָט אים דערזען פון ווייטן, האָט זי פאַרשנעלערט די שריט, ווי געלאָפן. זי האָט געשפּאַנט און אויפגעהאַרכט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט זיינע טריט הינטער זיך. איר האַרץ האָט געטיאַכקעט און זי האָט קוים געכאַפּט דעם אָטעם. אָבער נישט נאָר פון פחד און אָנשטרענגונג האָט זי געשפּאַנט, נאָר אויך פון איבערראַשונג. שמילע, דער שלאַנקער בלאָנדער בחור, דער טענצער אין שטעטל, וואָס לייענט ביכער, גייט איר נאָך, וואַרט זי אָפּ. אירע נאָזלעכלעך האָבן געפלאַטערט פון אויפ־רעגונג. אויך ווען די מאַמע האָט זיך צו איר אַ ווענד געטאָן „רייזל!" איז זי שטיין געבליבן ווי אַ געליימטע. זי האָט יעדעס מאָל געמיינט, אַז די מאַמע וויל זי פרעגן: „רייזל, וואָס פאַרא געשעפטן האָסטו מיטן ,טויבניונג'?". זי האָט ערשט אָפּגעאָטעמט, ווען די מאַמע האָט איר געזאָגט וואָס זי וויל פון איר. בלויז אויפן געדאַנק, אַז דאָס קען געשען, איז איר טרוקן געוואָרן אין מויל. אירע שפּיץ אויערן האָבן זי אַ ברי געטאָן. זי האָט אויך נישט איינמאָל פאַרמאַכט די אויגן, ביז זי האָט געהערט וואָס די מאַמע וויל פון איר.

אָפט, ווען זי האָט געדאַרפט גיין אַהיים און שפּרינצע געזען פאַרביי־גיין שמילען אין דרויסן, האָט זי איר געזאָגט: „רייזל, וואַרט אונטער, כאַפּ אָפּ דעם אָטעם" און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

רייזל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען, וואָס שפּרינצע איז אויסן. נישט זאָגנדיק קיין וואָרט האָט זי גענומען זיך פאַרען ביי עפּעס אַן אַרבעט. זי האָט אַפילו נישט געוואַגט אַ קוק טאָן אין פענצטער. ערשט ווען שפּרינצע, וואָס האָט כסדר אַרויסגעקוקט אין גאַס אַריין האָט איר געזאָגט „איצט גיי", האָט רייזל שטיל אַ זאָג געטאָן „אַ גוטן" און ווי אַ שולדיקע אַוועק צו דער טיר. ווען זי איז צוריקגעקומען דעם זעלבן טאָג אָדער צומאָרגנס האָט שפּרינצע זי אָנגעקוקט נייגעריק, צי איר איז עפּעס נישט געשען. אויך

ווען רייזל האָט אָנגעדריקט זייער טיר־סקיבל און זי איז ווי אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ צעיאַכמערטע און איבערגענומענע, איז די מאַמע שטיין געבליבן מיט צעשטעלטע פיס, אויף איר אַ קוק געטאָן פון דער זייט און נישט איינמאָל איר געזאָגט מיט איראָניע: „קעם זיך צו, דיינע האָר זענען צעפלאָשעט״. רייזל האָט זיך שנעל צוגעגלעט די האָר, אויסגעצויגן דעם צאָפּ און אַריין אין קיך. זי האָט איבערגעריסן דער מאַמעס שמועס און זיך באַפרייט פון איר קוק, וואָס האָט זי געשפּיזט. די מאַמע האָט יעדעס מאָל כמעט אָפּגעאָטעמט אַ ווײַלע, געהאָרכט, וואָס זי טוט אין קיך און גענומען טאָן ווייטער איר אַרבעט.

רייזל האָט געליטן פון פּחד און בושה און פון דערהויבנקייט. די געדאַנקען אירע זענען געווען אַ פּלאָנטער, זי האָט זיי נישט געקענט פונאַנדערנעמען. נישט איינמאָל האָט זי אַ טראַכט געטאָן, אַז זי וועט אָפּשטעלן שמילען און רעדן מיט אים, נאָר זי האָט מורא געהאַט עס צו טאָן, טאָמער וועט די מאַמע זיך דערוויסן. אין איינעם פון די אָוונטן. אין שטוב איז געווען פינצטער. די מאַמע אירע איז געלעגן אויפן בעט אין די קליידער, גערוט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. נתן, דער ברודער, איז געווען אין גאַס. רייזל איז געזעסן אין קיך ביים אויוון אַ געבוקטע איבער אירע קניען און זיי אַרומגענומען מיט די הענט. זי האָט שטיל זיך צוגעברומט אַ פאָלקס־ניגון, וואָס נאָר זי האָט געוווסט די ווערטער. ווען זי האָט אָבער אַ זינג געטאָן אויך די עטלעכע ווערטער „קום אַרויס צו מיר, מיין פּראַכט״ איז זי זיצן געבליבן אַ צעשראָ־קענע און געהאָרכט, צי די מאַמע האָט געהערט. אין דער זעלבער צייט אָבער האָט זי דערזען שמילען — זיין געשטאַלט און זי האָט אַ טראַכט געטאָן: „אפשר רעד איך מיט דער מאַמען?״ זי איז זיצן געבליבן אַ פּאַראַליזירטע. זי האָט מיט דער האַנטפלאַך זיך פאַרדעקט דאָס מויל, ווי זי זאָל האָבן אַרויס־געוועדט אירע געדאַנקען און ווידער אַמאָל זיך איינגעהאָרכט אין דער פינצ־טער, צי די מאַמע גייט נישט צו איר. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אַרויפ־געלייגט אויף דעם ברודערס בעט.

אין אַ טריבן, טרוקענעם פרימאָרגן איז רייזל אַרויס פון שטוב פריער ווי געוויינטלעך. זי האָט געוואָלט גיין צו דער אַרבעט פּאַמעלעך, זיך איבער־שפּאַצירן נאָך די עטלעכע רעגנטעג. זי איז אָפּגעגאַנגען אַ היפּשן מהלך, אָבער אויך שוין איצט איז שמילע געשטאַנען אונטער אַ וואַנט פון אַ הויז אין ראָג פון צוויי געסלעך. אין דער סביבה איז געווען שטיל, ווי מענטשן זאָלן נישט וווינען אין די הייזער, נאָר פון די קוימענס האָט זיך געדריוולט אַ בלאַסער רויך.

שמילע איז איר אונטערגעקומען פון דער זייט. זי איז שטיין געבליבן מיט אויפגעריסענע פון איבעררעשונג אויגן, נאָר אין מאָמענט האָט זי פאַר־ביסן די ליפּן און געשטעלט אַ פוס, געוואָלט גיין ווייטער.

„אַ גוט מאָרגן!״ — האָט ער געזאָגט און איר פאַרשטעלט דעם וועג. זיינע בלויע, ווי דורכזיכטיקע אויגן, האָבן זי אַדורכגענומען אָבער זיין בליק

האָט זי געגלעט. זיין פּנים איז געווען אויסגעצויגן און עס איז געווען קאַנטיק זיין נישט ראַזירטע באָרד.

„וואָס ווילסטו?" — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן אַן אויסגעשראָקענע, ווי אַ געפאַנגענער הירש, זיך אַרומגעקוקט, צי עס זעט זיי ווער און געוואָלט גיין ווייטער.

שמילע האָט זיך צעשמייכלט, נאָר דער שמייכל זיינער איז געווען אַן אומבאַהאָלפענער. ער האָט זי מיט איין בליק פון דער זייט, ווי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און איר געזאָגט אויסצי׳ענדיק די ווערטער, ווי ער זאָל זיך מיט זיי קרעכצן: „איך וויל זיך מיט דיר טרעפן און רעדן מיט דיין מאַמען".

זי האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן, ווי עס זאָל זי האָבן אַ בלענד געטאָן. זי האָט נאָר אַ שטאַמל געטאָן „מ־־אַ־מ־ע?"! און אַוועקגעלאָפן.

ער איז שטיין געבליבן מיט אַן אויסגעצויגן פּנים און פאַרמרוזשעטע אויגן. ער האָט איר נישט נאָכגעקוקט. ער האָט אַריינגעקוקט אין זיך. אַ ווײַלע שפּע־טער האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אָרעמס, ווי עס זאָל ווער אים האָבן אַרויס־גענומען ס׳פּעקל פון די הענט. אין דער סביבה איז נאָך אַלץ געווען שטיל. די געסלעך ליידיק, אָבער אים איז געווען ענג אין געסל. דער פאַרוואָלקנטער הימל איז אים ווי געלעגן אויפן קאָפּ. ווען ער האָט גענומען גיין, האָט ער געשלעפּט נאָך זיך די פּיס.

אַ סך טעג נאָך דער נישט צושטאַנד געקומענער טרעפונג האָט שמילע געשוויגן. אַפילו דער מאַמען האָט ער נעקאַרגט דאָס וואָרט. ער האָט געמיטן מענטשן און זיך נישט געטראָפן מיט זיינע ידידים. אויך צו אַלטערן אין דער ראַזורע איז ער נישט געקומען טאַנצן, נאָר אין שעהן, ווען רייזל האָט געדאַרפט פאַרבייגיין, איז ער געשטאַנען אויף זייער הויזגאַניק און אַראָפּ־געקוקט אין געסל אַריין ווו זי וווינט, אַז אפשר וועט ער זי זען. ער האָט זי אויסגעקוקט און יעדעס מאָל צוריק אַריין אין שטוב אַ דערשלאָגענער.

אין אַ פאַרנעפּלטן אָוונט, וואָס יעדע ווײַלע האָט אַ שפּריי געטאָן אַ דינער רעגן, ווי מען באַזאַלצט און באַלד אויפגעהערט, איז שמילע געבליבן אָן אַ אָטעם. ער האָט דערזען רייזלען פון ווייטן. אָן צו טראַכטן איז ער אַריבער־געשפּרונגען די גאַניק־באַריערע און געלאָזט זיך לויפן. זי איז געגאַנגען און געטראָגן אַ פּעקל אונטערן אָרעם, וואָס איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ דערקע. נישט זאָגנדיק איר אַ וואָרט, ווי זיי זאָלן האָבן זיך אָפּגערעדט, האָט ער איר אָפּירגענומען דאָס פּעקל פון אונטערן אָרעם. די באַקן אירע האָבן אַ פלאַם געטאָן און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווייל פון זינט ער האָט זי אָפּגע־שטעלט און זי איז פון אים אַנטלאָפן איז זי אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטע, זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. זי האָט געהאַט געוויסנביסן פאַרוואָס זי האָט עס געטאָן. דערפאַר איז זי אים איצט מפייס געווען.

זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי שפּאַצירט און געשוויגן. ביידע האָבן זיי נישט געפונען די ווערטער, וואָס זיי האָבן געוואָלט זיך זאָגן. זיי זענען

געגאַנגען און אַוועקגעקוקט, ווי איינער זאָל זיך שעמען פאַר דעם אַנדערן. נאָר פּלוצים איז רייזל ווי צוגעפאַלן צו אים, אַ כאַפּ געטאָן פון אים איר פּעקל און אַוועקגעלאָפן. זי האָט דערזען איר מאַמע שטיין אין אַריינגאַנגס־טויער און זי אויסגעקוקט. שמילע איז שטיין געבליבן אַ געפּלעפּטער. ער האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס? נאָר אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט האָט אויך ער דערזען מלכה־רחלען. ער האָט אויסגעגלאָצט די אויגן פון איבערראַשונג. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די מוטער איז אין כעס. ער האָט זיך אויסגעדרייט און מיט אַ שנעלן טריט אַוועק מיט דער געסל־שיפּוע אַרויף, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז די מאַמע אירע וועט אים נאָכגיין.

אויך מלכה־רחל איז באַלד צוריק אַוועק אין שטוב. אין צווישן איז רייזל אָנגעקומען און זי איז שטיין געבליבן אין דעם טיר־דורכגאַנג פון פאָדערהויז, ווי זי זאָל אויפהאַרכן. אין שטוב איז געווען שטיל. די שטילקייט איז געווען אָן אָנגעדראָלטע. זי האָט איר געקלונגען אין די אויערן. מלכה־רחל האָט געפּרייכט פון כעס און בושה, ווי זי זאָל זיך שטיקן. זי איז אָבער געשטאַנען מיט צעשטעלטע פיס אָן אָנגעצויגענע און אָנגעסדרט אַ שטייסל אויסגעמאַנגלטע האַנטעכער, ווי עס זאָל גאַרנישט האָבן געשען.

רייזל איז אַריין אין שטוב און אַוועקגעלייגט אין אַ זייט דאָס פּעקל גע־ברענגטע וועש. זי האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך די קורטקע, פאַרגלעט זיך די האָר און פון זיי אַראָפּגענומען די דיניטשקע רעגן־טראָפּנס. זי האָט דערמיט געוווּנען צייט, זיך איבערגעלייגט ווי אַזוי זי דאַרף זיך באַנעמען כלפּי דער מוטער.

די מאַמע האָט געטאָן די אַרבעט פאַמעלעך און כסדר געקוקט אויף דער טאָכטער און געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט זיך באַשטעטיקט איר חשד, וואָס זי האָט געהאַט די גאַנצע צייט, צי רייזל האָט נישט צו טאָן מיט ווּעמען פון דער גאַס. אַ צייט שפּעטער, אַז רייזל האָט געוואָלט זי פאַרבייגיין, ווי אויף די שפּיץ פינגער, האָט די מוטער זיך אַ וווענד געטאָן צו איר: „טאָכטערשי", וואָס האָט געקאָנט באַדייטן צערטלעכקייט ווי גנאי.

רייזל האָט אַ ציטער געטאָן, ווי דאָס וואָרט זאָל איר האָבן אַדורכגעשטאָכן. זי האָט זיך פאַרהאַלטן און אַראָפּגעלאָזט די הענט, ווי זי זאָל וואַרטן אויף איר פּסק דין. די מאַמע אָבער, האָט זיך באַהערשט און זי נאָר געפרעגט: „מיט אַזאַ סגאַל מענטש גיסטע זעך אָן? האָסט אַ מאָל אַ טראַכט געטאָן וואָס דו טוסט? וואָס וועלן זאָגן מענטשן? ביסט דאָך אַ דערוואַקסענע, דאַרפסט שוין אַליין פאַרשטיין, ווי קומט ער צו דיר? ער איז דיין גלייכן?" זי האָט גערעדט מיט אַן אָפן גרויס מויל, ווי זי זאָל אויסשפּייען די ווערטער.

רייזל האָט זיך צעהעשעט, געוואָלט שרייען פון ווייטיק און בונט. זי האָט זיך נאָר צעוויינט און זיך פאַרשטופּט מיט אַ פויסט דאָס מויל, געוואָלט זיך באַהערשן אָדער דערשטיקן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ שפּאַן געטאָן און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף איר בעט. זי האָט דאָס פּנים איינגעגראָבן אין

בעטגעוואַנט און אירע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט, ווי זי זאָל וועלן פון זיך אַראָפּוואַרפן אַ משׂא. זי האָט געיאָמערט.

„וויין! וויין, טאָכטערשי. ווי לאַנג דו ביסט אין דער שטוב ביי דער מאַמען. דערפאַר וועט דיר זיין גרינגער אין לעבן. טאָכטער, דיינע טרערן זענען נאָך לויטער קינדער־טרערן". זי האָט איר ווי געטרייסט און דערביי נישט איבערגעריסן איר אַרבעט. נאָר ווען זי האָט געענדיקט די אַרבעט, האָט זי זיך אויסגעדרייט און געזאָגט דער טאָכטער ווי זי זאָל זי באַלערנען: „ביסט נאָך יונג, וועסט עלטער ווערן, וועסטו פאַרשטיין ס'לעבן. האָסט טאָקע נישט קיין טאָטן אָבער דיין מאַמע זאָרגט און וועט דיך פאַרזאָרגן". רייזלס אַקסלען האָבן נאָך שטאַרקער זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי אַ קאָנוולסיע זאָל זי מאַטערן. מלכה־רחל האָט אָנגענומען דאָס שטייסל האַנטעכער און געוואָלט עס אַוועק־טראָגן. זי איז אָבער שטיין געבליבן אַ געפּלעפטע און פאַרביסן די ליפּן. אין דער טיר איז געשטאַנען פייגל.ביידע פרויען האָבן זיך אָנגעקוקט, איינע האָט געמאָסטן די אַנדערע מיטן בליק, אָבער נאָר אַ ווייל.

„אַ גוטן! מירן זיך געטראָפן אין דורכגאַנג, עפּעס וועט שוין מן־הסתם געשען גוטס" — האָט פייגל איר געזאָגט מיט איראָניע, נאָר ווי זי זאָל זיך פאַרטיידיקן.

מלכה־רחל האָט איר נישט געענטפערט. זי האָט נאָר פאַרביסן די ליפּן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיך אַ טרייסל געטאָן פון כעס און איבעררעשונג.

פייגל, די הויז־בעל־הביתטע, אַ מיטלוועקסיקע דיקע פרוי מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און בלויער שעלקע־שערץ, וואָס האָט פאַרדעקט איר בויך, ווי זי זאָל אים האָבן אַרומגעפּאַקט, איז געשטאַנען אין טיר און זיך צוגעהערט ווי מלכה־רחל טענהט איין מיט איר טאָכטער. מלכה־רחל האָט זי געשפּיזט מיט די אויגן און געוואַרט פייגל זאָל רעדן, געוואָלט וויסן, צי זי האָט געהערט וואָס זי האָט גערעדט. פייגל האָט נישט איבערגעטראָגן איר בליק. זי האָט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן, איר קיילעכיק, פליישיק פּנים האָט זיך אויסגעצויגן און געוואָרן ערנסט. זי האָט מיט דער שפּיץ צונג זיך אָפּגעווישט די ליפּן און איר געזאָגט, „האָב געבערענגט צו מאַנגלען עטלעכע שטיקלעך". זי האָט איבער־געשפּאַנט די שוועל, אַוועקגעלייגט דאָס שטייסל שטשערקעס און אָן אַ קוק צו טאָן אויף מלכה־רחלען געזאָגט: „מאָרגן, מעטשעם" (אם ירצה השם) וועל אַריין זיי אָפּנעמען" און זי איז אַרויס פון שטוב.

„אַלע וויסטע חלומות זאָלן אויסגיין צו מיינע שונאימס קעפּ" — האָט מלכה־רחל איר נאָכגעזאָגט מיט כעס, ווי זי זאָל קייען די ווערטער און צוגע־געבן אַ „טפו" ווי זי זאָל אויסשפּייען. ערשט איצט איז זי אַריבערגעגאַנגען די שוועל.

# ד

פון זינט שמילע איז אַוועקגעלאָפן פון מלכה־רחלס אויגן איז ער אַרומ־געגאַנגען אַ פאַרדאַגהטער. אַלץ איז ביי אים געווען ווי אויף דער ווייל. ער האָט זיך נישט אַוועקגעזעצט עסן, נאָר אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק ברויט און געגריזשעט. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ נישט ראַזירטער און געשוויגן. ווען ער האָט געוואָלט גיין צו צירל די בעקערין האָט ער צוערשט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, געקוקט צי יוחנא איז דאָ. יוחנא דער בעקער־געזעלן, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער מאַן מיט אַ צעכראַסטעטע העמד און מוסקולירטע הענט, אַ באָרוועסער, האָט יעדעס מאָל מיט אים אַ שפּאַס געטאָן „זי איז נישטאָ״. שמילע האָט אים נישט געענטפערט. ער איז אַריין מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז מען וועט אים אַרויסטרייבן. דאָס לעצטע מאָל האָט יוחנא אים אַ פרעג געטאָן: „שמילע, ביסט קראַנק?״ און אויך אים געענטפערט: „עס פעלט דיר אַ קרענק״. שמילע האָט אַלץ אים פאַרשוויגן און אים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַז יאָ, אַבי ער זאָל אים לאָזן צו רו.

שמילע וואָס פון דער רגע, ווען ער האָט דערזען רייזלען, האָט זיך איינ־גערעדט, אַז זיי וועלן זיין אַ פּאָר, האָט איצט שוין געוווּסט, אַז ער מוז רעזיג־נירן פון זיין טרוים, אָבער זיין תאווה האָט ער נישט געקענט בייקומען. ווי נאָר ער איז געבליבן מיט זיך, צי דאָס איז געווען, ווען ער איז געלעגן אַן אויסגעצויגענער אויפן בעט, צי געזעסן אויף אַ בענקל, אַן אָנגעלענטער, האָט ער אַריינגעקוקט אין דער נאַכט־פינצטערניש און געזען זי, דאָס שלאַנקע מיידל, מיט דעם פעך־שוואַרצן צאָפּ און איר מאַמעס אויגן, ווי זיי קוקן אויף אים, ווי זי זאָל שטיין הינטער זיי. ביי יעדער אַזאַ וויזיע, האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ער איז אויפגעשפּרונגען, גענומען שפּרייזן איבערן צימער, ווי אַ בייזע חיה, וואָס וויל אַרויס פון דער שטייג. אים האָט געפייניקט דער געדאַנק, צי אויך רייזל ליידט? צי אויך זי וויל אים זען? אָבער אים איז געווען קלאָר, אַז ער קאָן זיך איר מער נישט ווייזן אויף די אויגן.

שוין גאַנץ פרי גייט רייזל צו דער אַרבעט, ווי עס זאָל גאַרנישט האָבן געשען. אויך אין שטוב טוט זי אַלץ ווי פריִער, נאָר זי שווייגט, רעדט נישט. זי פרעגט ביי דער מאַמען נאָר וואָס איר איז נויטיק און ענטפערט אויף דער מוטערס פראַגן. אירע אויגן גלאַנצן, ווי זיי זאָלן גלאָצן, אויך אירע באַווע־גונגען זענען פּאַמעלעכע, ווי איר זאָל נאָכגיין אַ שאָטן, וואָס זי זעט נישט נאָר זי פילט אים נעבן זיך. די מאַמע גייט איר נאָך מיטן בליק יעדן טריט. זי זעט, אַז רייזלס יונגע אַקסלען זענען אַראָפּגעלאָזט. זי רעדט מיט דער

טאָכטער אַפּילו ווען עס איז איר נישט נויטיק. זי פֿאַרכט זיך די טאָכטער זאָל נישט ווערן אַפּאַטיש.

רייזל אַליין טוט אַלץ זי זאָל נישט אַרומגיין ליידיק. זי שיילט וואָס מען דאַרף שיילן. זי רייבט די טעפּ, רייניקט אַ שענקל, וואַשט אויס אַ פּאָר שטיק־לעך, אַלץ וואָס זי האָט ביז איצטער נישט געטאָן. זי רוימט די דירה. די מאַמע שטערט איר נישט. לאָזט זי אַרבעטן. זי וויל רייזלען פֿאַרגרינגערן איר געמיט. יעדעס מאָל, ווען רייזל טוט אַן אַרבעט, וואַרפֿט די מאַמע כסדר אַ בליק אויף איר פֿון דער זייט. ווי נאָר זי זעט, אַז אירע באַוועגונגען זענען געוואָרן פֿאַמע־לעכערע, צי די אויגן אירע גלעזיק, נעמט די מוטער רעדן ווי צו זיך אָפּגע־האַקטע זאַצן.

אין אַן אָוונט. אין שטוב האָט שוין געגרויט. מלכה־רחל איז געזעסן ביים פֿענצטער, כדי בעסער זען און פֿאַרריכט דעם זונס הויזן. רייזל איז געזעסן אַ געבוקטע איבער אַ בלעכענע שיסל און איבערגעקליבן באָבעלעך. אין שטוב איז געווען שטיל. די שטילקייט איז געווען אַן אָנגעדראָלטע. רייזלס האַנט איז געבליבן ליגן אין דער שיסל און זי האָט זיך פֿאַרקוקט, ווי זי זאָל וועמען אויסקוקן. מלכה־רחל האָט פֿון פֿאַרדראָס פֿאַרשנירט אירע פֿליישיקע ליפּן און געגעמען איר אויסרעדן, ווי זי זאָל רעדן צו זיך: „גאָטס וועלט איז שיין. יעדעס באַשעפֿעניש האָט זיך זיין אָרט אויף דער וועלט. דער מענטש איז דאָס אויסדערוויילטע באַשעפֿעניש אויף דער וועלט. יעדער מין צו זיין מין”. זי האָט גערעדט פֿאַמעלעך. פֿון איין זאַץ ביז דעם אַנדערן האָט געדויערט.

רייזל האָט זיך צוגעהערט צו אירע רייד און פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט זי צו איר. זי האָט אַ פֿיר געטאָן די האַנט, ווידער איבערגעקליבן די באָבעלעך און עקשנותדיק געשוויגן פֿון צער און מורא.

אויך מלכה־רחל האָט געשוויגן. זי האָט נישט דערציילט דעם זון וואָס עס איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיט שמילען און אַז זי האָט אָנגעשריגן אויף דער טאָכ־טער. זי האָט פּשוט זיך געשעמט מיט אים רעדן וועגן אַזעלכע ענינים און אַז דאָס האָט געקענט געשען מיט איר טאָכטער און זיין שוועסטער. רייזלס אויפֿפֿירן זיך אָבער איצט, נאָך דער געשעעניש, האָט זי באַזאָרגט און זי האָט באַשלאָסן יאָ דערציילן דעם זון. זאָל איר ברודער און דער מאַן אין שטוב אויך דערפֿון וויסן.

אין דרויסן, אין די געסלעך, איז שוין געזעסן דער בין השמשות. אין שטוב איז שוין געווען פֿינצטער, נאָר אין דעם פּירקאַנטיקן אייזערנעם קיך־אויוון מיט דער בלעכענער רויך־רער איבער אים, האָט געברענט אַ פֿלאַם. אויפֿן אויוון האָט זיך געוואַרעמט אַ טעפּל מיט וואַסער. די פֿלאַם־שיין אין אויוון האָט אויך באַלויכטן די דירה. מלכה־רחל איז געזעסן אויף אַ בענקל מיט צעגומענע פֿיס, ווי זי זאָל אַרויסקוקן פֿון פֿענצטער. רייזל די טאָכטער איז געזעסן ביים טיש איר אַנטקעגן, ווי זי זאָל וואַרטן אויף עפּעס. „רייזל, גיי אָבאַ צו כאַלן, נעם באַ איע דראַ ציבל אָפּן ביכל”, האָט די מוטער איר

געזאָגט. רייזל איז אויפגעשטאַנען אָן צו זאָגן אַ וואָרט. זי האָט פאַרוואָרפן אויף זיך די קורטקע און איז אַרויס פון שטוב. די מאַמע איז אַריין אין קיך. זי האָט אָפּגעדעקט דאָס שטאַרצל פון טעפּל, אַ קוק געטאָן צו ס׳וואַסער קאָכט שוין. זי האָט צוריק צוגעדעקט דאָס טעפּל און אַ קוק געטאָן אויפן זון. נתן איז געלעגן אַן אויסגעצויגענער אויפן בעט. זיין שפּענצער איז געווען צעקנע־פּלט. זיינע פיס אַרומגעוויקלט מיט די צילקעס. ער האָט גערוט נאָכן אַרומ־שמייען אַ גאַנצן טאָג אין דאָרף. אָפּגעקויפט ביי די פּויערים וואָס זיי האָבן אים אָנגעבאָטן.

„נתן, שמילע דער לאַטיק טשעפּעט זיך צו רייזלען. אַנדערש שטייט אים נישט אָן" האָט זיך אים געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף אים, צי ער האָט געהערט. נתן האָט באַלד איר נישט געענטפערט. ערשט אַ ווייל שפּעטער האָט ער איר געזאָגט: „מאַך דערפון נישט קאַ וועיזן, אַ יינגע ציג". „נתן, דאָן שוועסטע מאַנט עס בנאמנות" האָט זי אים געענטפערט. ער האָט אונטער־געהויבן דעם קאָפּ, זי אָנגעקוקט, ווי ער זאָל זיך וואונדערן. נאָר באַלד האָט ער צוריק אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ. די מוטער איז צוריק אַריין אין שטוב. זי האָט דאָך נאָר געוואָלט, אַז דער זון זאָל וויסן וועגן דעם ענין.

אויך פייגל, מלכה־רחלס בעל הביתטע, איז אַרומגעגאַנגען אַן אָנגעבלאָ־זענע, ווי אַן אינדיק. דער בויך אירער איז איצט געווען נאָך גרעסער ווי אָנגעפּלוישט, ווי זי זאָל אין אים טראָגן מלכה־רחלס רייד וואָס מלכה־רחל האָט פאַרגעהאַלטן איר טאָכטער. דעם זעלבן אָוונט שוין, ווי נאָר זי איז צוריק אַריין צו זיך אין שטוב, האָט זי שוין אין דער אָפענער טיר געזאָגט: „אַ יאַנ־דיס פון אַ יידענע, נישט דערלאָזן אַ שידוך". פון כעס האָט דער בויך אירער זיך אַ טרייסל געטאָן. דער מאַן אירער איז געזעסן אין קיך ביים אויוון אויף אַ צווייט בענקל, אים אַנטקעגן איז געשטאַנען אַ גלאָז טיי, וואָס ער האָט געטרונקען. אויפן אויוון איז געשטאַנען אַ טשייניק, וואָס האָט געפּאַרעט. ער האָט געטרונקען איין גלאָז טיי נאָך דער אַנדערער: „יונגע לייט, זיי וועלן זיך שוין פּאָלאַדען" (אויסקומען) האָט ער געענטפערט, געמיינט דעם בחור מיט דעם מיידל און אַ זופּ געטאָן פון גלאָז. ערשט איצטער האָט ער אַ פרעג געטאָן „וועמען וויל זי נישט?" און אַ קוק געטאָן אויפן ווייב. „שמילען, דער גרויסער גיטלס" האָט זי אים געענטפערט. ער האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס האָט געקענט זיין פאַרוואונדערונג, ווי אויך באַשטעטיקונג. פייגל איז אַוועק צו איר אַרבעט. ער האָט ווייטער געטרונקען די טיי.

עטלעכע טעג שפּעטער, גאַנץ פרי, איז חנה די קצבטע, אַ הויכע, דאַרע פרוי מיט אַ ברייטן בוזעם, אַריין צו פייגלען. „פייגל, אַ גוט מאָרגן, געברענגט דע פלאַש צי קאָכן" האָט זיך איר איר געזאָגט און עס איר דערלאַנגט אין האַנט. פייגל האָט אויפגעפּאַקט דאָס פלייש און עס באַקוקט פון אַלע זייטן. „פייגל, אַ מעדן, זאַלץ עס אָס און שטעל עס צי, עסט מעד בענטשן באַם עסן"

האָט זי איר געזאָגט. פייגל האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איר אַ צופרידענע אַ פרעג געטאָן „וואָס הערט זיך אַזוי ?"

„די יאָרן גייען, די קינדער וואַקסן" האָט חנה איר געענטפערט און באַלד ממשיך געווען, „חנוכה מאַך עך אַ וואָרט מיט מאַן שיינטשע די מיזינקע".

„זאָל זיין מיט מזל! זאָלן זיי זאַן גליקלעך! אַ גראַטענע טאָכטער, ווע איע באַשעטע ?" האָט פייגל געפרעגט נייגעריק.

„מענדל איסעס, דעם קצבס זון, אַ אייגענע און פון פאַך".

פייגל האָט אַוועקגעלייגט דאָס פלייש, מיט אַ פינגער זיך אַרומגעווישט די ליפּן און אַ שלונג געטאָן, ווי זי זאָל האָבן אַ פול מויל. זי האָט דערפילט, אַז איצט איז די רגע נקמה נעמען אין מלכה־רחלען. זי האָט שטענדיק געהאַט אַ הארץ אויף איר. זי האָט געפילט, אַז מלכה־רחל זאָגט איר דעם גוטמאָרגן נאָר ווייל זי איז איר בעל־הביתטע און נישט פון האַרצן, ווי אַ שכנה און זי האָט איר געזאָגט: „ווי דען, ווי מאַהן לאָקאַטאַרשע ? וואָס טראָגט זיך אַרום מיטן יחוס ?".

חנה האָט זי אָנגעקוקט אַ דערשטוינטע. געוואַרט זי זאָל רעדן ווייטער, אַלץ זיך דערוויסן.

פייגל האָט זי נישט געלאָזט וואַרטן: „שמילע, די גרויסע גיטלס שדכנט זיך צי איע טאָכטער, האָט זי איע געמאַכט אַ וויסט באַדעקן, זי וויל נישט אַזאַ איידעם. ווי דאָס האָט נישט קאַ רחמנות, עס זאָל איע נאַ געשענקט ווערן, גאַטעניו". פייגל האָט איר אַנטפּלעקט דעם סוד. פון כעס האָט איר גוידער זיך געטרייסלט.

„אַזוי ?" האָט חנה אַ זאָג געטאָן אַן איבערראַשטע.

„דאָס קומט קוים אַדאָרך דעם טאָג, אַ שטיקל פלאַש עסט מען נאַ שבת און דאָס נאַ קאָפּפלאַש" האָט פייגל איר אַרויסגעהאָלפן.

חנה האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז דאָס איז אמת און אַ זאָג געטאָן: „איי! איי! איטשע איז אַלאַן אין יאַטקע, איעך מוז לויפן, פייגל, אָמע גוט" און מיט געאייל צוריק אַוועק.

פייגל איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל, נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן, אַראָפּרעדן איר פאַרדראָס. זי האָט אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז און אַוועק זיך פאַרען.

אין איינעם אַ טאָג איז נתן אַריין צו אַלטערן אין דער ראַזורע, געוואָלט זיך אָפּשערן. ער איז דעם טאָג נישט געגאַנגען אין דאָרף, געהאַט צו טאָן אין שטאָט. ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און שטיין געבליבן, ווי ער זאָל נישט האָבן קיין חשק גיין ווייטער. אין ווינקל ביים טיש זענען געזעסן די דריי: שמילע, אַלטער און יוחנא. אַלטער האָט אויסגעקוקט אַ קליי־ענט. יוחנא איז געווען אויסגעשלאָפן נאָך אַ נאַכט אַרבעט. זיי האָבן געשפּילט אַ זעקס און זעכציק. שמילע האָט אַוועקגעלייגט די קאָרטן און זיך אויפגעי־שטעלט, ווי נתן זאָל האָבן אים געכאַפּט ביי אַ גניבה. ער איז געשטאַנען

מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און זיך איבערגעלייגט וואָס ער זאָל טאָן. צי זאָל ער זיך ווענדן צו אים? נתן האָט נישט געוואַרט און אים געזאָגט: „שמילע, לאָז אָפּ מאַהן שוועסטער. איעך רעד צו דיע ווי צי אַ יאָט אַן אייגענעם. מיע זענען געגאַנגען צוזאַם אין חדר".

אַלטער און יוחנא זענען געבליבן געפּלעפּט. די שטילקייט אין דער ראַזורע איז געוואָרן אַ געזעצטע און אַן אימהדיקע.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט שמילע אים אַ פּרעג געטאָן: „נתן, וואָס האָסטע צו מיע?"

„וואָס קען עך האָבן צי אַ מענטשן וואָס שפּילט קאָטן (קאָרטן) אין מיטן העלן טאָג", האָט ער אים געענטפערט.

אויך אַלטער און יוחנא האָבן איצט אַוועקגעלייגט די קאָרטן, ווי זיי זאָלן האָבן זיי אַרויסגעפאַלן פון די הענט. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. נתן האָט זיך אויסגעדרייט. ער האָט געעפנט און צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

די געזעצטע שטילקייט האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער אָנגעדראָלטער לופט, וואָס איז געווען אַדורכגעזאָפּט מיט זייפן־ריח, ווי זי זאָל יוירן. אויך אַלטער און יוחנא האָבן זיך אויפגעשטעלט. אַ צייט זענען אַלע דריי געשטאַנען זיך אַנטקעגן און געשוויגן. איינער האָט נישט געוואָגט אָנקוקן דעם אַנדערן, ווי זיי זאָלן שטיין ביי אַ מת. מיט אַ מאָל האָט יוחנא אַ צעפּיר געטאָן זיינע הענט, ווי ער זאָל זיך האָבן אויף ווען פאַרמאָסטן און זיך צערעדט, באַטאָ־נענדיק יעדעס וואָרט: „שמילע מיע גייען מיט דיע ביז אַראָפּ. מיע וועלן נישט לאָזן פאַלן אַן אייגענעם. ביסט אין אַ צרה, וועלן מיע דיע אַרויסהעלפן. שמילע, רעד זעך מיט איע אָפּ און שטעל אַ חופה אַרגיץ ווי אין אַ שטעטל און נתן קנאַקע עטע נאָכלויפן".

אַלטער האָט אים אָנגעקוקט אַ דערשטוינטער. שמילע האָט איינגעביסן זיין אונטערשטע ליפּ און פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי ער זאָל ווען נאָכקוקן.

„יוחנא, שוויג נישט, ביסט דאָ אַ צוגעקומענער. שמילע איז דאָ געבוירן. וואָס וועלן זאָגן די יידן אין שטעטל?" האָט אַלטער אים געענטפערט, ווי ער זאָל אים וואָרענען.

„אַהן יאָלד איז גרעסע פון אַנדערן" האָט יוחנא געזאָגט ווי צו זיך און זיין פּנים איז רויט געוואָרן פון כעס.

„דו ביסט דער גרעסטער יאָלד פון אַלע. זי איז דאָך נאָך מינדעריעריק. ווער וועט איר געבן חופּה קידושין?" האָט אַלטער אים געפרעגט.

אַ ביטול האָט אויסגעקרומט יוחנאס פּנים, אָבער איצט האָט אויך שמילע אים געזאָגט: „זי איז אַ בעל־הביתש קינד" און איז אַוועק צו דער טיר, ווי ער זאָל שלעפן די פיס. ווען ער האָט פאַרמאַכט די טיר נאָך זיך, האָבן ביידע זיך אָנגעקוקט. דער בליק זייערער איז געווען אַן אומבאַהאָלפענער.

## ה

שוין אָפּגעלאָפן אַ וואָך זינט נתן האָט געטראָפן שמילען ביי אַלטערן און אים אַריינגעזאָגט. שמילע, אַ באַלאָדנטער מיט צוויי קוישן בייגל שטייגט יעדן אָוונט איין אין צוג, וואָס קורסירט קראָקע—וואַרשע. ער שמייעט פון איין וואַגאָן אין אַנדערן און רופט אויס, לויבט זיין סחורה „גוטע, פרישע געקאָכטע מאָן־בייגל", „גוטע, פרישע, געקאָכטע מאָן־בייגל". די פאַרנודעטע און איבער געוועקטע פּאַסאַזשירן האָבן אויסגעריבן דעם שלאָף פון די אויגן און געקויפט ביי אים די בייגל. ווער פון לאַנגווייל און ווער פון הונגער.

שמילע האָט געהאַנדלט ביינאַכט. געשלאָפן ביי טאָג. דאָס איז אים געווען איצט צום געמיט. נישט געהאַט ווען קומען אין מגע מיט זיינע שטעטישע, וואָס ער האָט איצט געמיטן. ער איז געווען זיכער, אַז נישט נאָר זיין סגאַל יידן ווייסן וואָס אים איז געשען ביי אַלטערן, נאָר אַז קינד און קייט אין שטעטל ווייסן און ער איז ביי אַלע אין מויל.

ערשט אַ צייט שפּעטער איז ער אין איינעם פון די טעג אַרויס אין גאַס. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, זיך אַרומגעקוקט און יעדן פאַרבייגייער געקוקט אין פּנים אַריין. געווען גרייט הערן וואָס ער וועט אים זאָגן. דער מאָרגן איז געווען אַ קילער, די לופט טרוקן, דער הימל אַ פאַרוואָלקנטער. דער מאַרקפּלאַץ איז געווען כמעט ליידיק, נאָר דריי פורלעך זענען געשטאַנען: איינס מיט קוילן, דאָס צווייטע מיט שטשאַפּעס ברענהאָלץ. אין דעם דריטן איז דער פויער געזעסן אין וואָגן. וואָלף פישער מיט זיין ברייטער באָרד, גרויע, טיף איינגע־זעצטע אויגן, פליישיק פּנים, וואָס איז געווען פאַרצויגן מיט בלויע אָדערלעך, ווי אַ נעץ, האָט ביים פויער געדונגען אַ קיישל מייערן. ער האָט געטראָגן אַ בייגעם שפּענצער און ברייטע הויזן אַריינגעלאָזט אין זיינע יוכטענע כאַלעוועס.

שמילע האָט זיך צו אים צוגעשטעלט: „וואָלף, אַ גוטן!" האָט ער אים געזאָגט. ער האָט אים נישט געענטפערט נאָר דעם פויער געזאָגט: „איצט זאָג איך דיר דאָס לעצטע. נאָר אַ גילדן, (זלאָטע), מער נישט! דער פויער האָט געשוויגן. געזעסן סטאָיִש, רויִק ווי נישט צו אים זאָל וואָלף רעדן. וואָלף האָט דערויף נישט געלייגט קיין אַכט און אים געפרעגט: „נו, בעל הבית, וואָס זאָגסטו?" שמילע האָט זיך צוגעהערט און געוואַרט ווי אַזוי דער משׂא־ומתן וועט זיך ענדיקן, נאָר אַז דער משׂא־ומתן האָט זיך איבערגעריסן, האָט שמילע פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף אַרויסהעלפן וואָלפן. „וואָלף, גיב אים נאָך אַ האַלבן גילדן" האָט שמילע אים פאַרגעשלאָגן.

וואָלף האָט אָוועקגעבויגן דעם קאָפּ, אים אָנגעקוקט מיט איין אויג און מיט שפּאָט אים געענטפערט: „באַ מיע ביסטע אַ צעלייגע, באַ מלכה־רחלען

אַ נעבעכל״ און אַ לאַך געטאָן אים אין פּנים און שוין געפרעגט דעם פּויער:
„נו, וואָס זאָגסטו?״

שמילען האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. האַ! האָט ער אַ הויך געטאָן, ווי ער זאָל נישט קענען כאַפּן דעם אָטעם און שטיין געבליבן, ווי געליימט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק. ער איז געגאַנגען נישט קוקנדיק ווו ער גייט, נאָר לויט די ברוק־שטיינער האָט ער געוווּסט ווו אַהין ער גייט.

די גרויסע גיטל האָט מיט דער האַנט אָפּגעווישט דאָס פּאַרלאָפענע מיט פאַרע פענצטער־שייבל. זי האָט זיך שטאַרקער אַרומגעהילט מיטן טוך וואָס איז געווען איבערגעוואָרפן איבער אירע אַקסלען און זיך אַוועקגעשטעלט בײַם פענצטער אַרויסקוקן. ווי נאָר שמילע האָט געעפנט די טיר האָט זי אים גע־פרעגט: „שוין ביסטע געקומען? ניש דאָ קאָ יידן אין גאַס?״ שמילע איז אַריין, ווי מען זאָל אים נאָכיאָגן און שטיין געבליבן אין מיטן שטוב, געטראַכט וואָס ער זאָל איר ענטפערן. „מאַמע, אָסט מעך אָסגעקוקט, געבענקט נאָך מע?״ ער האָט איר געענטפערט מיט אַ פראַגע. ער האָט נישט געוואָלט זי זאָל זיך מיט אים אויסטענהן. ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף איר פון אונטערן שטערן און מיט דער צונג אַרומגעווישט די ליפּן. געוואַרט וואָס זי וועט אים זאָגן.

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און געזאָגט: „שמילע, רעד אָפּ מיט לייב פאַרמאַן, אַז ווען ער וועט האָבן אַ יאַזדע קיין פּילץ, זאָל ער מיך מיטנעמען און אַריינפירן צו ברכהן״. שמילע האָט זי אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן פון שטוינונג, מיט אַ גרימאַס אויפן פּנים, ווי ער זאָל לאַכן און זי געפרעגט: „וואָס איז געשען?״ זי האָט אָפּגעוואָרט, אַ ווײַלע געשוויגן, זיך איבערגעלייגט, צי זי זאָל אים זאָגן דעם אמת, אָבער זי האָט אים נאָר געזאָגט „ברכה איז אויך אַ טאָכטער און די עלצטע״.

„מאַמע, אָבער איך בין דיין מיזיניק״ האָט ער זיך ווי אַ רייך געטאָן מיט איר.

זי האָט מיט צוויי פינגער פון דער זעלבער האַנט זיך אַרומגעווישט אירע פאַרטריקנטע ליפּן, אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז, אירע אויגן־לעפלעך האָבן אַ ציטער געטאָן און אים געזאָגט: „שמילע, ביסט היציק. זעך פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט בילע ווענען. דו ביסט נישט געראָטן אין טאַטן, אַן אַרבעטס־ייד געווען״. זי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל וויסן, אַז זי ווייסט אַלץ.

שמילע האָט זי אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פון איבערראַשונג. די ליפּן זיינע האָבן געציטערט, ווי ער זאָל וועלן רעדן, נאָר זי האָט אים נישט געלאָזט קומען צום וואָרט: „ביסט אָסגעוואַקסן און געבליבן אַ נאַר. די מאַהנסט, אַז מיט אַ שוואַרצן צאָפּ מאַכט מען שבת״, געמיינט האָט זי רייזלען.

„מאַמע!״ האָט ער זיך ווי אַ בעט געטאָן ביי איר, נאָר אויך איצט האָט זי אים איבערגעריסן און געזאָגט, ווי געדראָט: „שמילע, וועסט געוווּ ווערן אַמאָל וואָס איך אין מיינע אַלטע יאָר ווייס שוין״ און פון אויפרעגונג האָט

זי אַ פּינטל געטאָן מיט די אויגן. נאָר זיי זענען געבליבן טרוקן. זי האָט שוין נישט געהאַט קיין טרערן אין אירע אַלטע אויגן. „שמילע, רעד אָפּ מיט לייבן, ווען ער קימט מיך נעמען אין די ווערסט דיר פירן די געשעפטן ווי דו ווילסט״ איז זי געשטאַנען אויף אירס.

„מאַמע, וועל איך אויך אַוועק״ האָט ער איר געדראָט.

„געזינטערהייט״.

שמילען האָט אַ ציי געטאָן ביים האַרץ. אים האָט פאַרדראָסן ווי די מאַמע שעצט אים גרינג און ווי לייכט זי רעזיגנירט פון אים און די לעצטע משפּחה־בינדן. ער האָט געוואָלט חתונה האָבן און געווען זיכער, אַז די מאַמע וועט בלייבן מיט אים וווינען. פון בושה אָבער, וואָס אויך די מאַמע ווייסט אַלץ, און זי איגנאָרירט אים, האָט ער איר געזאָגט: „גוט!״ ווי ער זאָל שנויפּלען און ער איז אַריין אין קיך, ווי די פיס זאָלן זיך אונטער אים ברעכן.

די מאַמע האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי דער נאַקן אירער זאָל זיך האָבן איר איבערגעבראָכן, אָבער דאָס האָט זי אים באַדויערט.

עטלעכע טעג שפּעטער. מיטן קאַיאָר איז די קאָלטע נאַכט נאָך געלעגן אויפן שטעטל. דער ערשטער שניי האָט יעדע רגע געקענט פאַלן. לייב, אין דער מיט אַ שטריק אַרומגעבונדענער באָנדע, יוכטענע שטיוול און קיטשמע איבער די אויגן, איז געקומען נעמען די גרויסע גיטל. ער האָט מיט דער ביטשיסקע לייכט אַ קלאַפּ געטאָן אין פענצטער, ווי ער זאָל פּרווון אַ פּויק. גיטל, אין אַ שוואַרצן, דיקן מענער־פּאַלטן מיט אַ קראַטן טוך איבער די אַקסלען, איז אַרויס אויפן גאַניק. שמילע האָט איר נאָכגעבערענגט און אַרויפּ־געלייגט אויפן וואָגן אַ פאַרשלאָסענעם מיט אַ שלעסל קאָשיק און אַ זעקל אָנגעפּילט ביז אין דער העלפט. דאָס זענען געווען דער מאַמעס וויעשטשעס. גיטל איז אַראָפּ פון גאַניק, זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטאָן אויף איר הויז. די אויגן אירע זענען געוואָרן טרויעריק. „דאָס איז עס״ האָט זי אַ זאָג געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך באַשטעטיקט איר זאָג.

„שנעלע!״ האָט לייב זי אונטערגעאיילט און אַליין אַרויפגעקראָכן אויפן וואָגן. דער וואָגן איז געווען געלאָדנט מיט פעסער ביר, זעק גרויפּן און באַבע־לעך און עטלעכע פּעק לעדער און זוילן.

„מאַמע!״ האָט שמילע זי אַ רוף געטאָן. זיין קול איז געווען הייזעריק פון אויפרעגונג.

„יאָ!״ האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זי האָבן איבערגעוועקט און זי איז צוגעגאַנגען צום וואָגן.

שמילע האָט זי אונטערגעהויבן, כמעט אַרויפגעזעצט. לייב האָט אַ ציי געטאָן אירע אויסגעשטרעקטע אָרעמס און זי אַוועקגעזעצט נעבן זיך.

„וויאָ!״ האָט לייב אַ זאָג געטאָן און אַ ציי געטאָן די לייצן.

„שמילע, זאַ געזונט!״ האָט זי אים אַ געשריי געטאָן מיט אַ טרוקן קול, ווי זי זאָל קייען.

„מאַמע, מע זאָל זעך זען אין פריידן!" האָט ער איר געווונטשן מיט אַ ציטעריק קול.

לייב האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער בייטש אין דער לופט. דאָס פערד האָט אַ צי געטאָן. די וואָגן־רעדער האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן. שמילע איז געשטאַנען, זיי נאָכגעקוקט ווי לאַנג ער האָט געהערט דעם אָפּקלאַנג פון די רעדער.

אַ גאַנצן מעת־לעת פון זינט גיטל איז אַוועק פון שטעטל איז געפאַלן אַ שיטערער שניי, וואָס האָט געטייעט אויפן אָרט און איבערגעדעקט די קאַצנקעפּ־שטיינער מיט אַ וואַסערדיקער בלאָטע, וואָס האָט אויסגעזעזן ווי פאַרנעצטער צוקער. גיטל האָט געלעבט ביי זיך אין הויז מיטן זון אַן אָפּגעזונדערטע אַפילו פון אירע שכנות. מער ווי אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר האָבן זיי זיך נישט געזאָגט. איר אַוועקפאָרן האָט נישט געמאַכט קיין רושם. די שכנים אירע זענען געווען זיכער, אַז זי איז געפאָרן אַלס גאַסט צו אירס אַ קינד. ערשט טעג שפּעטער זענען די טירן־ און פענצטער־לאָדן מיט די איבערגעלייגטע איבער זיי אייזערנע פּרענטן געבליבן פאַרמאַכט. די פאַרהעמערטע הייזקע איז געבליבן, ווי אַן אויסגעלאָשענער לאַמטערן. די שכנים און די פאַרבייגייער האָבן ערשט איצט פאַרשטאַנען, אַז די גרויסע גיטל מיט איר זון זענען אַוועק. נישט אייגער פון זיי האָט אַוודאי אַ טראַכט געטאָן — וואָס איז געשען? פאַרוואָס?

דעם זעלבן טאָג נאָך מיטאָג, וואָס שמילע איז אַוועק פון שטעטל, איז יוחנא, אַן אויסגעשלאָפענער נאָך אַ נאַכט אַרבעט, צוגעגאַנגען צו שמילען זען וואָס מיט אים געשעט. ער איז די גאַנצע וואָך נישט געקומען זיך זען מיט קיינעם פון זיי. יוחנא איז שטיין געבליבן אויף צעשטעלטע פיס אַ געפּלעפּטער, ווי ער זאָל האָבן אַריינגעוואַקסן אין דער ערד. אַ צייט איז ער געשטאַנען פאַר דער פאַרמאַכטער הייזקע, ווי פאַר אַ מצבה. ווען ער האָט זיך באַהערשט, האָט ער מיט נייגער זיך אַרומגעקוקט אפשר וועט אַ שכן אָדער ווער פון די פאַרבייגייער מפרש זיין די רעטעניש. אַ דערשיטערטער האָט ער גענומען שפּרייזן מיט קליינע טריט אַרום דער הייזקע. אין הויף איז ער שטיין געבליבן, געוואָרט, זיך אַרומגעקוקט. אין דער סביבה איז געווען שטיל. פון איבער־ראַשונג האָט ער געמאַכט מיטן מויל, ווי ער זאָל קייען. די טויבן האָבן זיך געהוידעט אויף זייערע פיסלעך, געוואָרקעט און געפּיקט יעדעס געפונענע קערנדל. דאָס האָט שמילע אַ נאַכט פריער פאַר זיי פונאַנדערגעשיט עסן. דאָ, דאָרט האָט אַ טויב מיט פונאַנדערגעלייגטע פליגל זיך אַ ריס געטאָן פליען, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן געשען.

מיט אַ מאָל האָט יוחנא א זאָג געטאָן מיט כעס: „אַוועק און פּטור! אַפילו אַ פּיפּס נישט געטאָן!" אים איז קלאָר געוואָרן, אַז שמילע איז אַוועק פון שטעטל. פון כעס האָט ער זיך אַראָפּגערוקט דעם קאַשקעט איבער די אויגן, באַלד אים צוריק אַרויפגערוקט, ווי עס זאָל אים זיין היים. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און אַ וואָרטשע געטאָן, ווי ער זאָל יעדעס וואָרט באַזונדער אַדורכ־

שטופּן דורך די ציין: „די נכפּה זאָל זי נעמען!" דאָס האָט ער געמיינט מלכה־רחלען. ער האָט נאָך אַ מאָל זיך אַרומגעקוקט איבער דער סביבה, ווידער אָנגעקוקט די טויבן. ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און אַוועק אין גאַס.

יוחנא האָט אויפגעפּראַלט די טיר און שוין אין דורכגאַנג געשריגן „אַלטער, שמילע איז אַוועק!" פון איבערראַשונג האָט אַלטער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. זיין געלאָקטע טשופּרינע האָט זיך צעשויבערט. ער האָט זיך איינגעקוקט אין יוחנאן. די אויגן זיינע האָבן געגלאָצט. ער האָט געוואַרט יוחנא זאָל רעדן, אים דערציילן. די אָנגעדראָלטע און אָנגעזאַפּטע מיטן זייפן־ריח לופט אין דער ראַזורע, האָט ווי געציטערט.

יוחנא האָט מיט כּעס פאַרקלאַפּט די טיר נאָך זיך. די שויב אין דער טיר האָט אַ ציטער געטאָן, ווי זי זאָל קלינגען. יוחנא איז אַוועק אָן צו זאָגן אַ גוטן. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין און איז נישט פעיִק געווען צו רעדן. ער האָט נאָר געוואָלט, אַז אויך אַלטער זאָל וויסן, וואָס שמילע האָט זיי אָנגעטאָן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז אַלטער אַרויס פאַר דער טיר, געוואָלט אים צוריק־רופן. יוחנא איז שוין אָבער געווען ווייט.

# ו

עס איז פאַרביי אַ סך צייט. די יאָר־סעזאָנען האָבן אין צווישן זיך געביטן עטלעכע מאָל. נאָר דער שטייגער אין שטעטל איז געבליבן דער זעלבער. די לופט אין די קורצע און אויסגעצויגענע געסלעך איז אויך איצט געדעמפּט. די ווי איינגעוואַקסענע אין דער ערד הילצערנע הייזער טראָגן ווייטער אויף זיך די מיט מאָך באַוואַקסענע שיפּע שינדלדעכער. דער הימל איבערן שטעטל שפּיגלט זיך ווייטער אין דעם מאָכגרין. אויך דער ייִד אין שטעטל טוט זיין טועכץ אָן געאייל. קיינער פון זיי האָט נישט וואָס צו פאַרשפּעטיקן. דער קיום זייערער ציט זיך ווי ער זאָל זיך דריוולען. אין יעדן הויז און כאַטע נעסטעט די דורותדיקע איינגעזעסנקייט.

אויך ביי מלכה־רחלען אין שטוב האָט זיך גאָרנישט געענדערט. די ברוינע לאַקירטע צווייטיריקע שאַנק מיט די צוויי שופלעדער פון אונטן און מעשענע הענטלעך, שטייט ווייטער ביי דער וואַנט אַנטקעגן דער טיר. די צוויי אייזערנע בעטן ווו זי און די טאָכטער שלאָפן, שטייען ווייטער אין ווינקל ביי די ווענט ווי אַ דלת. זיי זענען אויך איצט איבערגעדעקט מיט די גרינע, פלושענע מיט פראַנדזן איבערדעקן, נאָר זייער קאָליר איז נאָך מער אָפּגעשאָסן. אויך דער מוסטער אויף דער טיש־צעראַטע, אירס אַ חתונה דרשה־געשאַנק איז נאָך שטאַרקער אָפּגעריבן. אויך איר מאַנגל שטייט אויף דעם זעלבן אָרט. נאָר דער

מאַנגל־פּאַדיום און די וועש־וואַלקעס זענען נאָך ווייסער געוואָרן, ווי זיי זאָלן זיין אָפּגעשאָבן.

מלכה־רחל האָט זיך כמעט נישט געענדערט, אַחוץ די נאָך עטלעכע פּנים־קנייטשן און די נאָך עטלעכע אָדערן אויף אירע הענט. זי טראָגט אַפילו די זעלבע קאַמאַשן, נאָר די שפּיצן זייערע זענען איצט נאָך מער אָפּגעריבן. נאָר רייזל איר טאָכטער איז געוואָרן נאָך העכער און שלאַנקער און איר געדיכטער צאָפּ איז פאַרוויקלט אין אַ קאָקס. די האָר אירע טראָגט זי איבערגעלייגט איבער די אויערן. זיי רעמען אַרום איר אָוואַל פּנים מיט די געדיכטע שוואַרצע ברעמען און זי זעט אויס ווי אַ געמעל. איר שריט איז אַן עלאַסטישער, ווי זי זאָל שוועבן און נישט גיין. די ווייבער און די יונגעלייט אין גאַס קוקן איר נאָך. נאָר זי גייט כמעט נישט אין גאַס. נאָר אַמאָל. אַמאָל נאָך דער אַרבעט, ווען איר איז נמאס אין שטוב איר עלנט, בלייבט זי שטיין פאַרן טויער און קוקט אין גאַס אַריין. זייער פענצטער גייט דאָך אַרויס אין הויף. זי קאָן שוין ס׳פאַך, איז זעלבשטענדיק אין דער אַרבעט. שפּרינצע דערלאַנגט איר נאָר די סחורה און די מאָסן. זי שניידט צו און נייט עס אויף. די ווייבער, וואָס נייען זיך ביי שפּרינצען זאָגן איר, אַז רייזל האָט אַ שיק. שפּרינצע איז די בעסטע וועשנייערין אין שטעטל. זי נייט נאָר פאַר די פאַרמעגלעכע פרויען. די אַרבעט מאַכט איר איצט רייזל. שפּרינצע פאַרנעמט זיך מיט איר שטוב־אַרבעט און ווירטשאַפט. שפּרינצע באַציט זיך צו איר ווי צו אַ טאָכטער. זי טראָגט איר צו פאַרזוכן אַ געקעכטס און איז זי מכבד מיט אַ לאַקאָמקע. שפּרינצע פאַרגינט זיך נישט אויף איר צו קוקן. ווען איר קומט אויס רייזלען אַ קוק טאָן אין פּנים, גיבן אירע ליפּן אַ פּרעפּל: „אַ גוט אויג זאָל דיר נישט שאַטן״.

רייזל חברט זיך נישט מיט קיינעם און האָט נישט ווּ צו גיין. אַמאָל אין אַן אָוונט אָדער שבת נאָך מיטאָג קומען צו איר אַריין די שכנות טעכטער, גענענדל דעם היטלמאַכערס טאָכטער, אַ פליישיק מיידל מיט רויטע באַקן, און העלע ווי שטרוי צעוואָרפענע האָר. זי אַרבעט אַלס אַ פאַרקויפערין ביי זלמן דעם שניט־קרעמער. אויך די הויכע לאָהע מיט איר פלאַכן ווי ביי אַ קינד בוזעם, גרויסע ווייסע ציין און שוואַרצע, געלאָקטע האָר, קומט צו איר. זי פאָרט מיטן פאָטער איבער די ירידים, העלפט אים פאַרקויפן זיינע סיצענע רעשטלעך. מיט זיי קומט אויך חוה, מאָטע בעקערס טאָכטער. זי פלעכט בייגל און חלות אויף שבת און נעמט געלט ביי די קונים. זי איז מיטלוווקסיק מיט אַ פאַרריסן נעזל, האָט שוואַרצע האָר און לאַנגע פינגער, ווי די פיס ביי אַ שפּין. זיי קומען צו רייזלען אַלע צוזאַמען. אַמאָל קומט אויך ווער פון זיי אַליין. אַלע מאָל זעצן זיי זיך אַריין אין אַ ווינקל. ווען נתן איז נישטאָ אין שטוב, זעצן זיי זיך אויס אין קיך ביים אייזערנעם אויוון. שטענדיק רעדן זיי שטיל, ווי זיי זאָלן זיך שושקען, דערציילן זיך וועגן אַלץ און אַלעם וואָס יעדע פון זיי טראָגט אין האַרץ. רייזל שווייגט בדרך כלל, הערט זיך נאָר צו צו זיי.

אין אַן אָוונט. אויף דער וואַנט האָט געטליעט דאָס אַראָפּגעדרייטע נאַפט־

לעמפּל און געוואָרפן אַ שאָטנשיין אויף אַ שטיק פון פּאָל, ווי אַן אַריינגע־האַקטער אין אים קלין. מלכה־רחל איז געלעגן אַן אויסגעצויגענע אויף איר בעט, איין פוס איבערגעלייגט איבער דעם אַנדערן. די שטילקייט אין שטוב האָט ווי געיוירן. גענענדל מיט חוהן זענען אַריין אין שטוב, „אַ גוטן אָוונט!" האָבןביידע אין איינעם געזאָגט און שטיין געבליבן ביי דער טיר. זיי זענען נישט געווען זיכער, צי זיי דאַרפן גיין ווייטער. זיי האָבן נישט געוווסט, צי רייזל איז דאָ אין שטוב.

„זי איז אין קיך" האָט מלכה־רחל זיי געזאָגט, ווי זי זאָל ציילן יעדעס וואָרט. ביידע זענען זיי אַריין צו איר.

„רייזל, וואָס מאַכסטו?"

„וואָס מאַכט איר? גוט וואָס איר זענט געקומען, זעצט אייך" האָט רייזל זיי געבעטן.

זיי האָבן זיך צו איר צוגעזעצט. זי איז געזעסן אויף אַ באַנק, וואָס איז געשטאַנען ביים אייזערנעם אויוון. אין קיך איז געווען כמעט פינצטער. דאָס ביסל ליכטשיין פון שטוב איז אַהער נישט דערגאַנגען. אַ צייט לאַנג זענען זיי געזעסן און געשוויגן, ווי זיי זאָלן האָרכן.

„דערציילט, דערציילט וואָס איז זיך פּאַרלאָפן אין שטעטל. איך ווייס גאָר־נישט" האָט רייזל זיך אַ בעט געטאָן.

ביידע האָבן זיך איבערגעקוקט אין דער פינצטער. ביידע האָבן זיי פאַר־שטאַנען רייזלען. חוה האָט אָפּגעאָטעמט, ווי זי זאָל זיך האָבן באַפרייט פון אַ משׂא און איר איבערגעגעבן: „דער פעטער ראובן, דער שטאָט־חזן, איז הייזע־ריק. ער וועט שבת נישט דאַוונען פאַרן עמוד. די מאַמע איז באַזאָרגט. זיין קול איז דאָך די פּרנסה".

„סתם זיך צוגעקילט. עס וועט אים איבערגיין" האָט געגענדל זי באַרויִקט.

„מען האָט אים אַ נהאָרע (עין־הרע) געגעבן. די שטאָט וויל ברענגען אַ חזן מיט אַ שטימע פון קיעלץ. אַזאַ שטימע ווי דער פעטער ראובן האָט, דאַרף מען זוכן" האָט חוה געזאָגט מיט פאַרדראָס און זאָרג.

„ער איז געווען ביים דאָקטער?" האָט געגענדל זי געפרעגט.

„ביידע אונדזערע דאָקטוירים זענען דאָך אינערלעכע רופאים" האָט חוה איר געזאָגט.

„ער דאַרף פאָרן צו אַ ספּעציאַליסט קיין קראָקע" האָט רייזל געעצהט.

„ווו האָט ער אויף דעם?" האָט חוה אים באַדויערט.

דאָס געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסן. די פינצטערע שטילקייט איז געוואָרן נאָך אָנגעדראָלטער. גאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט געגענדל זיך איבערגעבויגן. רייזל און חוה האָבן זיך צו איר צוגעבויגן. געגענדלס ליפּן האָבן אַ פלויש געטאָן, ווי זיי זאָלן פאַרטרויען אַ סוד:

„ביילע־לאהס ראָכט זיך אין קימפּעט. איך על זעך מיט איר פאַרנעמען". רייזל און חוה האָבן זי אָנגעקוקט מיט נייגער.

„אַז זי וועט בשלום אַלעס איבערקומען וועל איך מיט איר זיין די ערשטע טעג“, האָט גענענדל זיי צו וויסן געטאָן.

„פֿאַרוואָס דו? נישטאָ ווער?“ האָט חוה זי געפרעגט.

„איר מאַמע שטייט אין קראָם אַ גאַנצן טאָג. אירע מומעס האָבן משפּחות מיט קליינע קינדער. מיר זענען דאָך נאָענטע חברטעס. איך וועל איר נאָר צונעמען די זאַכן פֿון האַנט, אין איינקויפֿן, גיין און אויסוואַשן איר אַ ווינדל. איך וועל זיך נישט איבעראַרבעטן“ האָט גענענדל זיך פֿאַרטיידיקט און מיט אַ געלעכטער צוגעגעבן „איר בערל איז אַ בריליאַנט. מיר געזאָגט אַזאַ מאַן“ און דערביי האָט זי אַ מליאַסקע געטאָן מיט די ליפּן און אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ. אירע שוין צעשויבערטע האָר האָבן זיך ווי צעשיט.

רייזל האָט אָפּגעאָטעמט, ווי זי זאָל זיפֿצן. אירע אויגן־לעפֿלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. זיי זענען געווען בלויז פֿון אָנשטרענגונג.

„אין וואָלבראָם איז נישטאָ קיין שפּיטאָל און נישט קיין וואָרטאָרינס ווי אין די גרויסע שטעט. דאָ מוז איך העלפֿן ביילען“ האָט גענענדל זיך פֿאַרענטפֿערט.

רייזל האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי איז גערעכט. חוה האָט פֿאַרמרוזשעט די אויגן, ווי זי זאָל טראַכטן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אומגעקוקט, צי אַחוץ זיי איז נאָך ווער דאָ, און שטיל, נישט דרייסט זיך פֿאַר־טרויט: „הערש דער גריוועך, וואָס פּלעגט זיך מיט מיר טרעפֿן, פֿאָרט קיין סאָסנאָוויצע, ער וויל דאָרט קריגן אַרבעט“.

גענענדל און רייזל האָבן זי אָנגעקוקט פֿון דער זייט. די אויגן פֿון אַלע דריי זענען געווען טרויעריקע. די פֿינצטערע שטילקייט האָט זיי ווי געהילט. רייזל האָט אויך אונטערגעביסן איר אונטערשטע ליפּ.

„יאָ, זיי זענען פֿאַכלייט, וועלן זיי פֿאַרדינען“, האָט חוה געזאָגט ווי צו זיך אַ דערשלאָגענע. נאָר ווי זי זאָל וועלן טרייסטן זיך און די חברטעס האָט זי צוגעגעבן: „סרולקע (ישׂראל) שטעפּער האָט געקריגן אַרבעט אין קראָקע אַלס מייסטער. ער פֿאַרדינט אַ שנאָל מיט געלט, גאַרנישט נאָכצוזאָגן“.

איצט האָט גענענדל זיך אַרומגעקוקט. זי האָט נישט נאָר געוואָלט זיך איבער־ציייגן, צי עס איז נישט נאָך ווער דאָ אַחוץ זיי, נאָר צי עס הערט זי ווער נישט אונטער. אירע ליפּן האָבן אַ פֿלויש געטאָן „שאַ“ און האָט זיך צוגעבויגן צו רייזלען. חוה צו זיי. גענענדלס באַקן האָבן אַ פֿלאַם געטאָן און זי האָט זיי פֿאַר־טרויט איר סוד: „איסר רימער האָט מיך אָפּגעוואָרט. ער וויל זיך מיט מיר טרעפֿן“. דריי פּאָר יונגע אויגן האָבן זיך דערשטוינט אָנגעקוקט.

נתן איז אַרײַן אין שטוב: „מאַמע, וואָס ליגסטו?“ — האָט ער זי אַ פֿרעג געטאָן.

„איך רו“ האָט זי אים געענטפֿערט.

ער האָט אַרויסגעדרייט דאָס לעמפּל־פֿלעמל. די אַנעמישע ליכט האָט אויך אַרײַנגעשיינט אין קיך. אויף די ווענט האָבן אַ שפּאַציר געטאָן אויסגעצויגענע

שאַטנס. חוה און גענענדל האָבן זיך אויפגעשטעלט גרייט צו גיין.ביידע האָבן זיך דערפילט נישט באַקוועם פון נתנס קומען. אויך רייזל האָט זיך אויפגעשטעלט. זיי זענען אַריין אין שטוב. חוה און גענענדל האָבן געזאָגט „אַ גוטע נאַכט". זיי זענען אַוועק אַהיים. רייזל איז צוריק אַריין אין קיך און זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. זי איז געזעסן אַ פאַרטראַכטע, ווי זי זאָל וועמען זען. מיט אַ מאָל האָט איר פּנים זיך אויסגעצויגן און זי האָט ווידער ווי אַ סך מאָל פאַרצויגן אַ ניגון פול בענקשאַפט און לייד, וואָס האָט זי פאַרנומען ביים הארצן, זי האָט געזונגען אָן ווערטער. זי האָט אָבער געפילט און איבערגעלעבט יעדעס וואָרט, נאָר נישט געוואָגט אַרויסצוזאָגן אין דער מוטערס און ברודערס אַנוועזנהייט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זיך אָפּשאָקלען. זי איז אויפגעשפּרונגען און אַוועק זיך פאַרען ביי עפּעס.

מלכה־רחל האָט געזען, ווי איר טאָכטער באַנעמט זיך און פאַרשטאַנען איר בענקשאַפט, נאָר געשוויגן. זי האָט געשעפּט נחת פון איר איינציקער טאָכטער, ווי שיין און געראָטן זי איז. זי האָט נאָר געטראַכט, ווו נעמט זי פאַר איר אַ באַשערטן און ווער וועט זיין דער באַשערטער, וואָס וועט זי צונעמען ביי איר.

דער מצב האָט זיך געביטן נאָר ביי נתנען. שוין אַ צייט ווי ער גייט נישט מער איבער די דערפער. דאָס איז געשען זומערצייט אין אַ פרייטיק נאָך מיטאָג. ער איז אַריין אין שטוב, ס'העמד צעכראַסטעט און מיט די אַלטע פאַרדאַרטע שיך, די אָפּיענטקעס אַריינגעבויגן אויף די באָרוועסע פיס. ער איז געקומען פון שוויצ־באָד אָן אויסגעפּאַרעטער מיט אַ רויט ווי אָנגעקאָכט פּנים. אַה־ה! האָט ער אָפּגע־זיפצט און אַ מידער זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, ווי עס זאָל זיך האָבן אַראָפּגע־לאָזט אַ פולער זאַק. אָן צו זאָגן אַ וואָרט האָט אים מלכה־רחל אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ ברוינע שיסל מיט ברוינע געשמאַלצענע קאַרפּיעלעס. אויך ער, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, האָט גענומען דעם לעפל אין האַנט. זיינע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן, געמאַכט די ברכה „בורא מזונות" און צוגעטראָגן זיך צום מויל אַ פולן לעפל. ער האָט געגעסן שנעל. דאָס עסן איז אים געווען צום טעם. בעתן עסן האָט ער עטלעכע מאָל אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז, איינגעאָטעמט אויך דעם ריח פון די פיש, וואָס די מוטער האָט געקאָכט. דער ריח איז זיך צעגאַנגען איבער דער שטוב.

ער האָט אויסגעליידיקט די שיסל און זי אָפּגערוקט פון זיך. ער האָט זיך אָנגעלענט אין בענקל־אָנלען, אויסגעצויגן די פיס אונטערן טיש און פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי ער זאָל דרימלען. ער איז אָבער געווען וואַך און זיך באַגינצט מיטן טעם פון עסן. אַ צייט שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל רעדן פון שלאָף: „אַ מחיה אין שוויץ, אַלע זענען נאַקעט און מען פאַרעט זיך אין איינעם", און אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן: „שוין נמאס זיך שלעפּן צווישן די גויים".

מלכה־רחל האָט אַ שפּאַן געטאָן און שטיין געבליבן אים אַנטקעגן, פון דער צווייטער זייט טיש, מיט אַ לעפל אין האַנט. „אַ טעלער יושקע מיט אַ רעפּט

ברויט און אַ מאָל אויך אַ טעלער קאַרפּיעלעס וועסטו שטענדיק באַקומען ביי דיין מאַמען ווי לאַנג גאָט וועט שענקען ס׳לעבן און די פיס וועלן מיך טראָגן״, האָט זי אים געזאָגט.

נתן האָט איינגעצויגן די פיס, זיך איינגעזעצט אין בענקל און אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, צי זי מיינט עס ערנסט און איר געענטפערט: „נישט לייכט זיך איבערוואַרפן פון אַ פרנסה אויף אַ פרנסה, אָן געלט״.

„כ׳לעבן, דעם פּראַשעוויצער דיינס אייניקל מעג זיך טאַקע פאַרנעמען מיט אַ גרינגערע פרנסה״, האָט זי אים אונטערגעהאָלפן.

„מען דאַרף אַ טראַכט טאָן״ האָט ער לאַקאָניש געענטפערט. אַ קוק געטאָן אויף איר און זיך אויפגעשטעלט פון טיש.

„זיי מצליח!״ האָט די מוטער אים געוווּנטשן און צוריק אַוועק מישן די האָדן אין טאָפּ.

נתן האָט אָנגענומען זיינע שבת־שיך, וואָס זענען געשטאַנען אין ווינקל און איז אַרויס אויפן הויף זיי פּוצן.

פון דעמאָלט אָן האַנדלט נתן מיט שיך. ער קויפט צונויף ביי די שוסטערס יוכטענע שיך און פאַרקויפט זיי די סוחרים, וואָס קומען פון די שטעט זיי קויפן. ער ווערט נישט רייך פון מסחר. זיינע פאַרדינסטן זענען מינימאַלע, אָבער ער פאַרדינט בעסער ווי פריִער און מוז נישט אויפשטיין מיטן קאַיאָר, גיין אין דאָרף צו די פּויערים און בלייבט אין שטאָט צווישן זיינע יידן. אויך זיין הולך האָט זיך געביטן. ער האָט אויסגעטאָן זיינע יוכטענע שטיוול. ער גייט געשנירטע שיך און לאַנגע הויזן.

נתן גייט אויך אַרום מיט אסתרן. נאָר געציילטע אירים אין שטעטל ווייסן דערפון. אסתר איז שמעונס שוועסטער. שמעון איז אַ שוסטער. ער אַרבעט נישט אויף באַשטעלונג. ער אַרבעט פאַר זיך. ער קויפט ווייכע יוכטן, האַרטע זוילן, גיט דעם שטעפּער שטעפּן און ער מאַכט שווערע אַרבעט־שיך. די שיך קויפט ביי אים על פּי רוב נתן. שמעון אַרבעט אין שטוב. זיינע עלטערן באַזיצן אַ הילצערן הויז, וואָס באַשטייט פון צוויי צימערן מיט אַ קיך. נאָר פון פאַרנט אין גאַס אַריין איז פאַראַן אַ צוגעמויערטער פון ציגל חדר מיט אַ טיר אין פראָנט, וואָס איז פּאַסיק פאַר אַ קראָם. דאָס געסל ווו דאָס הויז געפינט זיך איז אָפּגעלעגן, ביים סוף שטעטל, אויפן ראַנד פון די פעלדער. דערפאַר איז די קראָם נאָר שמעונס וואַרק־שטאָט.

נתן קויפט שיך ביי נאָך עטלעכע שוסטערס, וואָס זענען צעוואָרפן איבער די שטעטישע געסלעך, אָבער ביי שמעונען אין וואַרקשטאָט פאַרברענגט ער אַ סך שעהן פון טאָג. אַפילו ווען ער האָט נישט וואָס צו טאָן ביי אים. אסתר איז אויך אַ פאַרדינערין. אויפן טיש אין שטוב שטייט אַ קליין מאַשינדל, וואָס אַרבעט ווי אַ ניימאַשין און נעמט אויף די אָפּגעלאָזטע אויגן אין די זיידענע פרויען־זאָקן. אסתר איז געפעלן נתנען פון ערשטן בליק, אָבער עס האָט גענומען גענוג צייט ביז ער האָט זיך צו איר דערנענטערט. ער האָט זיך איבערגעלייגט, צי זי און

איר משפחה איז אים פּאַסיק, צי ער וועט איר געפעלן, צי זיין מאַמע וועט איינ־גיין אויף זיין אָפּקליוב און וואָס וועלן זאָגן די שטעטישע. נאָר יעדעס מאָל, ווען ער האָט זי געזען, דאָס הויכע, קאָרפּולענטע מיידל, מיט איר קיילעכיק פול פּנים, בלוט־רויטע באַקן און שוואַרץ־געלאָקטן קאָפּ, איז אים טרוקן געוואָרן אין מויל. די אויגן זיינע האָבן געברענט און ער האָט מיט זיי געפינטלט, ווי אַ שפּליטער זאָל האָבן אין זיי אַריינגעפאַלן.

נתן איז כסדר געקומען צו שמועסן און יעדעס מאָל זיך געזעצט דעם פענצטער אַנטקעגן, ער זאָל זען אסתרן ביי דער אַרבעט. אויך זי האָט שוין אים געזען. ער איז איר געפעלן. ביידע האָבן זיי אויסגעקוקט אַ שעת־הכושר זיך קענען אַדורכצושמועסן. נאָר ביידע האָבן אָפּגעשלעפּט, נישט געוואָגט. נאָר אין איינעם אַ טאָג, דער פּאַרמיטאָג איז געווען אַ זוניקער, די זון האָט אַריינ־געשיינט אין צימער דורכן אָפענעם פענצטער. אסתר האָט כסדר אַרויסגעקוקט און דערזעענדיק אים פון ווייטן האָט זי איילנדיק אַ שפּאַן געטאָן און זיך איבער־געבויגן איבערן פענצטער.

„גוט מאָרגן", האָט זי אים נישט דרייסט געזאָגט.

„גוט מאָרגן", האָט ער אַ שטאַמל געטאָן. עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ער האָט דערזען איר דעקאָלטירטן בוזעם, ווי זי זאָל האָבן אים איבערגעלייגט איבער דעם פענצטער־פאַראַפּעט. אַ צעפלאַמטע האָט זי געוואַרט. נאָר ווען זי האָט זיך אויסגעגליכן, האָט ער זי נישט דרייסט אַ פרעג געטאָן: „וואָס מאַכט איר ?" זי האָט אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, נישט געקענט רעדן און אַ פאַר־שעמטע אַוועק פון פענצטער.

אָבער עטלעכע טעג שפּעטער, ווי נאָר זי האָט אים דערזען גיין איז זי אַרויס פאַר דער טיר. ער האָט זיך פאַרהאַלטן, איר פריינטלעך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געשמייכלט.

„גוט מאָרגן", האָט זי אים געזאָגט און אָנגעצויגן אויף זיך ס׳קלייד, ווייל עטלעכע טעג איז זי אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטע פאַרוואָס זי איז אַוועק פון פענצטער, ווי אַנטלאָפן פון אים.

„אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר", האָט ער איר געענטפערט. אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן און געשוויגן, ווי זיי זאָלן נישט וויסן צוליב וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן. איבערגעריסן דאָס שווייגן האָט דווקא זי: „איך זע אייך אָפט גיין צום ברודער", האָט זי אים געזאָגט, געוואָרן רויט און צוגעגעבן:

„מיינט נישט, אַז איך קוק אייך נאָך", האָט זי זיך ווי פאַרענטפערט.

„אַז יאָ איז אויך נישט קיין עוולה", האָט ער אַ שפּאַס געטאָן און זיך צעשמייכלט.

„איר קענט נאָך אָנהייבן זיך איינרעדן", האָט זי אים ווי פאַרגעהאַלטן.

ער האָט זי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ. אירע באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן. איר בליק האָט געגליט, איר יוגנט און טעמפּעראַמענט האָט געברויזט. נתן האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און פאַרצויגן די ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער איר

געזאָגט: „אסתר, אָן צערעמאָניעס. מיר זענען אייגענע. איך וויל מיר זאָלן זיך טרעפן".

זי האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט פאַרלוירן ס'לשון. זי וואָלט אַפילו אין חלום זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז פון זייערע פאַרהוילענע בליקן וועט דערגיין צו אָט דעם שמועס. זי האָט אין געדאַנק עטלעכע מאָל זיך איבערגעחזרט די ווערטער, וואָס ער האָט איר געזאָגט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ שטאָמל געטאָן, ווי זי זאָל אים פרעגן: „מירן אַריין אין שטוב?" פון איבערראַשונג, וואָס זי האָט אים פאַרגעשלאָגן, איז זי געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי אַ פיש אויף דער יבשה.

ער האָט פאַרביסן די ציין. זיינע קינבאַקן האָבן זיך אַ ווושעל געטאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אָפּגעאָטעמט, ווי ער זאָל אויסהויכן אַ קנויל פאַרע און איר געענטפערט: „אסתר, מען דאַרף זיך היטן פאַר אויגן און מיילער" און אַ קוק געטאָן אין גאַס אַריין, צי עס זעט זיי ווער שטיין.

אסתר האָט שווער געאָטעמט. איר בוזעם האָט געכוואַליעט. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי דאַרף אים זאָגן. זי האָט געמיינט, אַז ער האָט איר אָפּגעזאָגט. נתן האָט איר אָבער אַרויסגעהאָלפן: „אסתר, געב זיך מי, מיר זאָלן זיך טרעפן ביי שמעונען אין וואַרקשטאַט" און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר אַקסל. די האַנט האָט איר אַ ברי געטאָן. איצט האָט זי אַ הויך געטאָן: אַ־ה־ה! ווי זי זאָל זיך שטיקן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי איז מסכים. זי האָט פון אויפרעגונג נישט געקאָנט אים זאָגן יאָ און איילִיק אַריין אין שטוב. ער איז אַריין צו שמעונען.

## ז

נתן מיט אסתרן טרעפן זיך כסדר. יעדע טרעפונג זייערע איז אַ געהיימע. זיי היטן זיך נישט נאָר פאַר מענטשן נאָר אויך פאַר נתנס מאַמע און פאַר אירע עלטערן. בדרך־כלל קומט נתן אין די אָוונטן און בלייבט זיצן מיט איר ביז שמעון ענדיקט די אַרבעט. ווי נאָר ער קומט, קומט אים נאָך אסתר. פון אָנפאַנג איז זי יעדעס מאָל געקומען מיט עפּעס אַן אויסרייד: די נאָדל האָט זיך מיר אויס־געקרומט, דער מאַשין־רימען האָט זיך מיר איבערגעריסן. אירע אויסריידן האָבן אָנגעהאַלטן ביז אין אַן אָוונט איז זי אַריין אין וואַרקשטאַט מיט אַ תירוץ: „אַ טשוואָק אין שוך איז מיר אַרויס און קאָן נישט גיין" און דערלאַנגט שמעונען דעם שוך. ער האָט געזוכט, געוואָלט אָנטאַפּן דעם טשוואָק און אים איז קלאָר געוואָרן, אַז אַלע אירע שטערונגען זענען נאָר אַן אויסרייד.

נתן קומט צו שמעונען כמעט יעדן טאָג אַחוץ שפּייסצונאַכט (שבת פאַר נאַכט) און זונטיק. אין די אָוונטן קויפן די געקומענע קיין וואָלבראָם סוחרים די שיך. נתן האָלט זיינע שיך אין פאַרבונדענע זעק ביי זיך אין שטוב. קיין צו פיל

סחורה האָט נתן נישט געהאַט, אָבער עטלעכע זעק שיך האָט ער געהאַלטן ביי שמעונען אין וואַרקשטאַט. דאָס האָט ער געטאָן מיט אויסרעכענונג.

נתן מיט אסתרן טרעפן זיך כסדר, זענען זיך אַפילו נאָענט, אָבער קיינמאָל נישט ביחידות. שמעון, דער ברודער, איז שטענדיק אַנוועזנדיק. שמעון זיצט אויף זיין שוסטער־בענקל ביים שוסטער־טיש און אַרבעט. אים אַנטקעגן, אויף אַ צווייט שוסטער־בענקל, זיצט נתן מיט אַן אַרבעט־כלי אין האַנט און פּאַרעט זיך דערמיט. אויף דער באַנק אין דער זייט איז געזעסן אסתר. געשמועסט האָבן נאָר די צוויי מענער, נתן מיט שמעונען. זיי האָבן איבערגערעדט אַלע שטאָט־ענינים: ווער עס האָט געמאַכט אַ מסחר, פאַרדינט, ווי דער יריד איז אויסגעפאַלן, וואָס פאַר אַ סאָרטן סחורות די סוחרים האָבן געברענגט. ווער מיט וועמען האָט זיך געקריגט און צוליב וואָס, וואָס עס איז כדאי איינהאַנדלען און וואָס פאַרקויפן. אסתר האָט נאָר אַריינגערעדט, דערגענצט די סיפּור־מעשה, אָדער אַ פרעג געטאָן, ווען זי האָט געוואָלט עפּעס וויסן דייטלעכער.

אַנומלט, די נאַכט־שטילקייט האָט געהילט די סביבה, און די פענצטער אַרום איז געווען פינצטער. שמעון האָט ביי אַ פלאַם פון אַ נאַפטלאָמפּ געפלעקלט איין שוך־זויל נאָך דער אַנדערער. נתן מיט אסתרן האָבן געשוויגן. זיי זענען געווען איינגעהאָרכט אינעם ריטם פון האַמערקלאַפּ. מיט אַ מאָל האָט שמעון זיך אַ וועגד געטאָן צו נתנען: „יאַנטשע מייצעס האָט זיך גענומען בויען. לויטן פאַרנעם דאַרף די כאַטע זיין אַ גראַמאַדנע. עטלעכע חדרים" און אַ ווילע שפּעטער אים גע־פרעגט: „אָבער ווו נעמט אַ ייד, וואָס איז ווייט צו זיין אַ גביר, געלט צו בויען זיך?"

„אַוודאי צו פאַרדינגען. נאָר אין שטאָט רעדט מען פאַרשידנס", האָט נתן אים געזאָגט.

„וואָס אַזוינס?" האָט שמעון זיך פאַרוווּנדערט.

„פאַרשידענע שמועות, קינאה, גרויסע אויגן און אויך אמת" האָט נתן געזאָגט, ווי ער זאָל אַרויסוואַרפן די ווערטער פון מויל.

„אַוודאי דאַרף מען אַ העלפט פון די שמועות וואַרפן אין וואַסער, אָבער ווייזט אויס, אַז ער האָט די גאַנצע צייט גענאַרט קהל. פון מעקלעריי בויט מען נישט אַזאַ הויז", האָט שמעון געטענהט.

„מען דאַרף האָבן ספּריט" האָט נתן אים פאַרזיכערט.

„איך פאַרשטיי זיך נישט אויף מסחר, האָק איך פלעקלעך און פון אַרבעט איז נאָך קיינער נישט רייך געוואָרן" האָט שמעון זיך ווי פאַרטרויט פאַר אים.

„איך האַנדל יאָ און האָב וויניקער ווי דו פון דער אַרבעט" האָט נתן אים געזאָגט.

„בעסער וויניקער, נאָר מיט אַ רויִקן קאָפּ" האָט שמעון אים געענטפערט און געקלאַפּט ווייטער פלעקלעך. ערשט שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: „און אַ ריין געוויסן".

נתן האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מיט אים מסכים. אסתר האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט. זי האָט נישט תופס געווען וועמען ער מיינט.

די גאַנצע צייט פון שמועס האָט שמעון נישט איבערגעריסן די אַרבעט, נאָר אויך דער שמועס האָט זיך געפירט לויטן ריטם און טעמפּאָ פון דער אַרבעט. ווען שמעון האָט געענדיקט פלעקלען די זוילן, האָט אויך דער שמועס זייערער אויפגעהערט. איצט האָט ער מיטן האַמער־הענטל געגלינעוועט די צוגעפלעקטע זוילן. אַ צייט לאַנג איז געווען שטיל. מען האָט נאָר געהערט דעם זשום פון די נאַכט־פליגן, וואָס האָבן געקרייזט אַרום דעם ברענענדיקן לאָמפּ. די קילע נאַכט־לופט האָט זיך געשפּאַרט דורכן אָפענעם פענצטער. מיט אַ מאָל האָט נתן אָנגעקוקט אסתרן און געזאָגט: „דעם יידס מצב ווערט וואָס אַ מאָל שווערער. סגאַיעס פּרוּווט האַנדלען אָן ייד".

שמעון האָט זיך אויסגעגליכן, אָפּגעריסן זיך פון שוך וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער אַרבעט, זיך פאַרקוקט אין אַ פּונקט און אים געענטפערט: „אויך אין דער בראַנזשע איז נישט פויגלדיק. דער געגריוועטער שוך שטופּט אַרויס דעם געפלעקלטן שוך".

„שמעון, זאָרג נישט. אַן אַרבעטס־שוך וועט מען שטענדיק בראַכן" האָט נתן אים פאַרזיכערט.

„נתן, דער פויער זוכט שוין אויך אַ לאַכטערן שטיוול" האָט שמעון געטענהט.

„ער וויל נאָר ביז דער פּוס וועט אים אָפּפרירן אָדער נאָס ווערן. דער פויער מוז האָבן אַ שטאַרקן שטיוול פון אַ גוטן יוכט. מיט אַזאַ שטיקל יוכט און זויל, ווי אונדזערע גאַרבער געבן אַרויס, קען מען זיך נישט שעמען" האָט נתן אים פאַרזיכערט.

אסתר, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום שמועס, זיך נישט געטרויט אַריינרעדן און די גאַנצע צייט נאָר געשפּיזט נתנען מיט אירע פייכטע פון אַנטציקונג און גאַרונג אויגן, האָט איצט מער נישט אויסגעהאַלטן און אַ פרעג געטאָן: „איז וואָס וועט זיין?" זי האָט נישט תופס געווען דעם שמועס.

נתן האָט אַרויסגעלאָזט די אָל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, אַ זאָג געטאָן „שוין שפּעט" און איז אויפגעשפּרונגען פון בענקל. ער האָט זיך איינגעקוקט אין איר. זיין ווייכער בליק האָט זי ווי אַ גלעט געטאָן און ער האָט אַ זאָג געטאָן: „מען דאַרף גיין".

אסתרס באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן. אַ היץ האָט זי באַשלאָגן און זי האָט אַ שטאַמל געטאָן „נתן", ווי דאָס וואָרט זאָל האָבן זיך אַרויסגעקייקלט פון איר מויל.

שמעון האָט אים אָנגעקוקט מיט מידע אויגן. זיי האָבן אַרויסגעקוקט פון אַ נישט ראַזירט פּנים. „נתן, פאַרמאַך ס'פענצטער" האָט ער אים געזאָגט. ער האָט אויסגעטאָן די לעדערנע שאַרץ און אַ זאָג געטאָן: „מען דאַרף היטן די כוחות" און זיך אויפגעשטעלט. נתן האָט זיך איבערגעקוקט מיט אסתרן און זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס. שמעון האָט פאַרלאָשן דעם לאָמפּ און פאַר־

שלאָסן די טיר. זיי זענען געגאַנגען אין דרייען און געשוויגן, געאָטעמט די קילע נאַכט־לופט. פאַרן הויז־אַריינגאַנג האָט נתן זיי געזאָגט „אַ גוטע נאַכט!" און געגאַנגען ווייטער. שמעון און אסתר האָבן אים געענטפערט „אַ גוטע נאַכט" און זענען אַריין אין שטוב.

אַלע זייערע טרעפונגען זענען געווען ענלעך איינע צו די אַנדערע. זיי האָבן גערעדט, געשוויגן. שמעון האָט געאַרבעט. אסתר האָט זיך צו זיי צוגע־הערט און געשפּיזט נתנען מיט אירע צעגליטע פון באַגער אויגן. כמעט יעדעס מאָל ביים אַוועקגיין האָט נתן אויך געזאָגט: „דאָס איז עס, פּאַרטיק מיר אויס די באַשטעלונג. די טעג וועל איך דיר מסלק זיין דעם חוב". אסתרן האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז אַוועק. אויך אסתר איז יעדעס מאָל געבליבן זיצן אַן אומבאַהאָלפענע, נישט געוווסט וואָס זי זאָל טאָן, ווי דאָס זאָל זיין דאָס ערשטע מאָל. אויך שמעון האָט יעדעס מאָל אַוועק־געדרייט דעם קאָפּ, נישט געוואָגט איר קוקן אין פּנים. זי האָט אים לייד געטאָן. אסתר איז נאָך אונטערגעזעסן אַ ווײַלע, זיך אויפגעשטעלט און אַוועק אין שטוב.

יעדע זייערע אָפּרעכענונג האָט געדויערט ביז זיי זענען דורכגעקומען וועגן די גרייסן און במילא שוין אויך וועגן די פּרייזן. כמעט שטענדיק האָט שמעון זיך געאַמפּערט מיט נתנען ביז ער האָט ווי מכריז געווען „נו, שוין גוט. פאַר דעם אונטערשיד וועלן מיר באַגיסן דעם משא־ומתן". „זאָל שוין זיין" האָט נתן אים נאָכגעגעבן. אסתר, וועלכע האָט בייגעוווינט זייער משא־ומתן, איז געזעסן אַן אָנגעשטרענגטע און געשוויגן, אָבער ווי נאָר זיי זענען דורכ־געקומען, זיי געזאָגט „זאָל זיין מיט ברכה" און אַוועק אין שטוב. שמעון האָט געאַרבעט ווייטער. נתן איז אַוועק ברענגען אַ פערטל קילאָ געווענדזלטע ברוסט אָדער אַ האַלבע געבראָטענע גאַנדז, נאָר שטענדיק מיט צוויי פלאַשן ביר און עטלעכע פרישע בייגל.

שמעון האָט פון מאָל צו מאָל אויך פאַרבעטן נתנען אין שטוב אַריין, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען אסתר האָט אים געגעבן אָנצוהערן. דעם טאָג האָט אסתר זיך אָפּגעריסן פון דער אַרבעט און געגרייט אַן אָוונטברויט. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון פאַרשידענע לאַקאָמקעס (מעדנים), וואָס זענען נתנען געווען צום גומען. אירע עלטערן האָבן געוווּסט פאַר וועמען זי גרייט די מאכלים. זיי האָבן אויך געוווּסט און געזען, אַז ווי נאָר נתן קומט צו שמעונען, פאַר־שווינדט זי באַלד פון שטוב. די עלטערן האָבן נישט איינמאָל אַוועקגעוואָרפן אַ וואָרט צווישן זיך אויף דער טאָכטערס חשבון: „אַ פּירינג פון אַ מויד", אָדער „וואָס דאָס טוט אָן", דאָך איז זייער באַציִונג צו איר געווען אַ ליבלעכע.

אסתר האָט צו יעדן עסן געגרייט פאַר נתנען אַנדערע מאַכלים: הערינג מיט קאַרטאָפל אין די שאָלן, אַ גריץ מיט ראַזאָווע ברויט באַשמירט מיט פּוטער, ווייסן קעז מיט האַרטע אייער און טשאַכטשעשו־(שטשאַוו) באַרשטש, אַ קלייען־באַרשטש מיט קאַרטאָפל, אַ געפּילטע מילץ און געהאַקטע לעבער

מיט ציבל, וועמפּלעך מיט געזייערטע גלעמבלעך, ברויט־פּענעצן, אַ מיקער מיט געשמאַלצענע קאַרטאָפל און ביר.

דעם אָוונט, ווען נתן האָט געדאַרפט קומען, איז דער פּאָטער נישט געגאַנגען צו מנחה אין בית־המדרש נאָר גלייך פון דער אַרבעט געקומען אין שטוב. אסתרס פאָטער, מרדכי גאַרבער, אַ הויכער ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ פּליי־שיקן קאָפּ און שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אָנגעהויבן גרויען, האָט געאַרבעט ביי יענעם. די פינגער־נעגל זיינע זענען געווען פאַרגעלטע פונעם דאָמב, אין וועלכן ער האָט געווייקט די פעלן און זיי געפּאַלדזט. איר מוטער רבקה איז געווען אַ מיטלוווקסיקע דיקע פרוי מיט נאָך אַ שיין קיילעכיק פּנים. זי האָט געטראָגן אַ בלאָנד שייטל. אסתר האָט געהאַט דער מוטערס פּנים און דעם פאָטערס געשטאַלט. שמעון דער זון איז געווען דער פאָטער מיט די ביינער און אויך אין כאַראַקטער. מרדכי, זייער פאָטער, האָט געזאָרגט, אַז ביידע זיינע קינדער זאָלן נישט בלייבן פאַרגרעבט, האָבן אַ פאַך אין האַנט און אַרבעטן גרינגער ווי ער.

מרדכי האָט געאַרבעט שווער און געווען אַ בעל־פּרנסה, פאַרמאָגט אַן אייגן הויז, נאָר זיין אָפּשטאַם איז געווען אַ נישט געהויבענער. ער האָט געשטאַמט פון אַ ווייט שטעטל. דאָרט האָט זיין פאָטער געפירט מיט אַ פערד און פעסל־וואָגן, וואַסער אין די שטיבער. דאָך איז ער נישט געווען פאַרגרעבט. ער האָט געקענט אַ פּרק משניות און אַריינגעקוקט אין עין יעקב. דער טאָכ־טערס פירן זיך, איר אָפּזיצן שעהן מיט נתנען ביי שמעונען אין וואַרקשטאַט, די געפּראַוועטע בעלער (אַזוי האָט ער גערופן די אָוונטברויטן), דעם כיבוד וואָס זי האָט צוגעטיילט נתנען, איז נישט אים און נישט דער מוטער געווען צום האַרצן. ער האָט געוואָרט עס זאָל צו איר קומען אַ שדכן, נאָר זיי האָבן געשוויגן. נישט איינמאָל ווען דער פאָטער איז אַריין אין שטוב, אָדער ווען די מוטער האָט אים דערלאַנגט אַ טעלער געקעכטס, האָט זי זיך אומגעקוקט, כאָטש זי האָט געוווסט און געווען זיכער, אַז אסתר זיצט ביי שמעונען און שטיל, אומבאַהאָלפן איז אַ פרעג געטאָן: „וואָס וועט זיין דער סוף" אָדער: „צי וועט עס זיך אַמאָל שוין ענדיקן?" מרדכי האָט איר נישט געענטפערט. אים האָט געאַרט דער ווייבס צער און דער טאָכטערס פירן זיך, נאָר ער האָט געהאַפּט. נתן איז אים געווען צום האַרצן, אַ דיינס אַן אייניקל, קען זיך אויס אין די דראָבנע אותיות. ער האָט געוואָלט אים האָבן פאַר אַן איידעם, געוואָלט מיט אים גיין שבת צום דאַוונען. ער האָט געוווסט, אַז זיין מאַמע האָט פאַרטריבן שמילען, אָבער ער האָט געהאָפט, אַז זיין אסתר וועט ביי איר נושא חן זיין, ווייל אַלע אין שטעטל ווייסן דאָך, אַז ביי אים איז נישט קיין מניעה צו קריגן פאַר זיין אסתרן אַ לייטישן חתן. אויך שמעון האָט געוואָרט נתן זאָל ווערן זיין עלטערער שוואָגער, ווער ער קאָנען אָנהייבן קלערן וועגן אַ כלה פאַר זיך, ווייל ווייפל איז דער שיעור צו וואַרטן.

דאָך האָט דער פאָטער איבערגעלעבט. ער האָט זיך נישט אָפּגעפּאַרטיקט

מיט דעם אַלעם, וואָס קומט פאָר ביי אים אין שטוב. אין איינעם אָן אָוונט איז דער פאָטער גלייך פון דער אַרבעט אַריין צום זון אין וואַרשטאַט און שטיין געבליבן דעם זון אַנטקעגן אַ פאַרשטומטער. ער האָט געוואָלט רעדן, פרעגן, נאָר נישט געוועזן זיכער, צי ער דאַרף און מעג עס טאָן. שמעונס לעפלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, ווי איבערגעדעקט זיינע אויגן. ער האָט נישט געקענט זען דעם טאַטן אָן עני בפתח. ער האָט אים אַ זאָג געטאָן „טאַטע, עס וועט זיין גוט". ער האָט געוווּסט פאַרוואָס דער פאָטער איז צו אים אַריין. ער מיט נתנען האָבן זיך פאַרטראַגן ווי אייגענע און נישט געוואָלט דער פאָטער זאָל אויף אים אויסרעדן. דער פאָטער האָט נאָר אַ קרעכץ געטאָן „אוי!" און אַוועק אין שטוב.

דער זונטיק איז געווען אַ שווערער אַרבעטסטאָג ביי אַלע, נאָר דער אָוונט ביי מרדכי גאַרבער אין שטוב איז געווען אַ משפּחהדיקער. אין שטוב האָבן זיך געפילט די ריחות פון פעטס, געבראָטענעם אייל און משקה. די פענצטער זענען געווען אָפן און אין צימער איז געווען ליכטיק. די געדיכטע פינצטער פון דרויסן האָט זיך געשפּאַרט דורך די אָפענע פענצטער און אַ ווייטער שטערן אויפן הימל האָט ווי אַריינגעקוקט אינעווייניק. ביים פירקאַנטיקן טיש איז געזעסן מרדכי מיט דער משפּחה און נתן דער גאַסט. שמעון האָט אים מיט־געברענגט, ווי שטענדיק. אַלע זענען געווען אַריינגעטאָן אין דער אַכילה. פון מאָל צו מאָל האָט זיך נאָר דערהערט אַ קלאַנג פון אַ גאָפּל אָדער מעסער, וואָס האָט אָנגעשלאָגן זיך אין אַ טעלער און אויך אַ מליאַסק פון אויסגעפּעטעסטע ליפּן. זיי האָבן געגעסן געשמאַלצענע, געהאַקטע לעבער מיט ציבל. אַלע ביים טיש זענען געווען אין זייערע טעגלעכע מלבושים, נאָר דער פאָטער האָט אויס־געטאָן ס׳כאַלאַטל און איז געזעסן מיט אַ צעקנעפּלטן שפּענצער און פאַר־שאַרצטע אַרבל. „מ׳דאַרף ניט באַלעמיטשן און נעמען נאָך אַ גלעזל זעקס־אינאַנציקע" האָט ער פאַרגעשלאָגן. ער האָט דאָס געזאָגט מיט נחת און דערביי אויפגעהויבן די אויגן פון טעלער, געוואַרט אויף אַ תשובה.

„מרדכי, פאַרשכיר נישט די בחורים" האָט די מוטער אים געזאָגט, ווי זי זאָל עס אים נעמען פאַר איבל, נאָר גוטמוטיק.

„וואָס? פון נאָך אַ גלעזל ווערט מען שכיר?" האָט דער פאָטער זיך געוווּנדערט.

„טאַטע, עסט באַלד האָבן די ספּאָסאָבנאָשטש" (געלעגנהייט), האָט אסתר אים פאַרזיכערט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, געמיינט אירע תנאים און זי איז אַוועק אין קיך.

„טאָכטער, ביסט טאַקע אַ בריה ביים טעפּל, אָבער נישט ביים פלעשל" — און אַ קוק געטאָן אויף נתנען מיט איין אויג.

נתן האָט מיט אַ שטיקל ברויזנס אויסגעווישט דעם טעלער זיינעם. אסתר האָט געברענגט אַ פאָלמיסעק און אים אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. איבערן צימער איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען דער ריח פון פעט געדונצט פלייש. די

מענער האָבן זיך איבערגעבויגן איבערן טיש, געוואָלט זען וואָס זי האָט געברענגט. „או, נאָך אַ מאָל אַ מאָגן?" האָט שמעון געפרעגט אַ צופרידענער.

„דאָס איז דאָס איבערגעבליבענע פון שבת", האָט רבקה די מאַמע אים געזאָגט. זי האָט געוואָלט נתן זאָל עס וויסן, נישט מיינען, אַז אַזוי עסט מען ביי זיי יעדן טאָג. דער פאָטער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און זיך פאַרריבן די הענט. פונעם פאַלמיסעק האָט געהאַקט אַ פאַרע, ווי פון אַ טשייניק וואָס קאָכט. אסתר, אַ צעפלאַמטע, האָט אַרומגעטיילט יעדן אַ פאָרציע. ווען זי האָט דערלאַנגט נתנען, האָט זי אים אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל שנופּלען אונטער דער נאָז: „עס געשמאַק" און פון דער זייט אַ קוק געטאָן, צי די עלטערן האָבן געהערט.

אין שטוב איז געווען שטיל. פון מאָל צו מאָל האָט די גריל אין קיך אַ גרילץ געטאָן, איבערגעריסן די שטילקייט. די עסערסביים טיש זענען געווען אַריינגעטאָן אין עסן, נאָר אַלע האָבן געגעסן פאַמעלעך. זיי זענען שוין נישט געווען הונגעריק און האָבן זיך געקוויקט מיטן טעם. ווען זיי האָבן געענדיקט עסן, האָבן אַלע זיך אָפּגעריסן פון טיש און זיצן געבליבן שלאַבריקע. די זעט האָט זיי מיד געמאַכט. דער פאָטער האָט אָן צו פרעגן איינגעגאָסן פאַר ביידע בחורים און פאַר זיך צו גלעזלעך.

„לחיים!" האָט ער זיי אַ זאָג געטאָן.

„לחיים!" האָבן שמעון מיט נתנען אים געענטפערט. אַלע דריי האָבן אויס־געטרונקען.

„לחיים טובים ושלום" האָט די מוטער זיי געווונטשן און פאַרגלאָצט די אויגן.

אסתר האָט געכאַפּט אַ קוק אויף נתנען. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט פונקט ווי דעם טאַטנס און דעם ברודערס. אסתר איז ווידער אַריין אין קיך. די מוטער איז איר נאָכגעגאַנגען. אַ צייט שפּעטער, איז די מוטער געקומען צוריק מיט צוויי טעלער גריץ אין די הענט. באַלד איז איר נאָכגעקומען אסתר. אויך זי האָט געברענגט צוויי טעלער גריץ. זיך האָט זי געברענגט שפּעטער אַ טעלער גריץ. אַלע האָבן געגעסן פאַמעלעך אַ לעפל נאָך אַ לעפל, אָן אַפּעטיט שוין. די מוטער האָט עס געזען און זיך אַ ווענד געטאָן צו נתנען: „נאָך אַזאַ מאָגן איז נייטיק אַ לעפל וואַרעמע זופּ, וואָס זאָל נאָכשווענקן".

„דער שפּיריט (שפּירט) האָט שוין אָפּגעשווענקט", האָט דער פאָטער איר געענטפערט.

נתן האָט זיך צעשמייכלט און אַ קוק געטאָן אויף אסתרן. אַלע זענען געזעסן איבערגעבויגענע איבער די טעלער. די פאַרע פון די טעלער האָט געהילט זייערע קעפּ. טראָפּנס שווייס, ווי אַ טוי, האָבן באַדעקט אַלעמענס שטערנס. מרדכי, דער פאָטער, האָט געענדיקט דער ערשטער און איז זיצן געבליבן ווי אַ מענטש, וואָס האָט פון זיך אַראָפּגעלאָזט אַ משׂא.

אַ צייט האָבן אַלע געשוויגן. די שטילקייט אין שטוב האָט זיך געזעצט,

ווי זי זאָל פּלוישן. דעם פּאָטערס געמיט איז געווען אויפגעלייגט. ער האָט דווקא יאָ געוואָלט רעדן, זיך דורכשמועסן מיט נתנען, ווערן מיט אים נאָענט. ער האָט זיך איינגעריבן די הענט, מיט צוויי פינגער פון דער זעלבער האַנט זיך אַרומגעווישט די מויל־ווינקלען און זיך צערעדט, ווי ער זאָל ממשיך זיין דעם שמועס. „אין מאַהן בראַנזשע אי דע מצב ניט שלאַכט. ס׳דאָ פעל אין ניש טאַהיע, ס׳לאָזט זעך פאַדינען, האיאָע גייט אַרום אַ שלאָפקייט צאָישן די בהמות, מוזן די פויערן פאַקויפן די קי אויף פלאַש. ווער עס באַוואָזט ניש שאַכט (שעכט) אַלאַן". אַלע ביים טיש האָבן זיך צוגעהערט צו אים. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן, געריבן זיך דעם שטערן, ווי ער זאָל טראַכטן און ממשיך געווען: „ווען כ׳וואָלט געהאַט מיט יועמען וואָלט עך אַלאַן געמאַכט צוואַ גריבער מיט קאַלעך אין דאָמב, וואָלט אַנגעוואָקט אַ פּאַרטיע פעל און זע אָפּגעשאָבן. מאַהן הויף אי גרויס" און דערביי האָט ער אַ קוק געטאָן אויף נתנען פון דער זייט, צי ער האָט געהערט זיין פאָרשלאַג.

נתן האָט פאַרשטאַנען, וואָס מרדכי איז אויסן. ער האָט נישט געוואָלט ווערן קיין גאַרבער און זיך אַ ווענד געטאָן צו דער מוטער: „אייערע מאכלים צעגייען זיך אין מויל. טעם גן עדן".

„דאָס אַלץ האָט אסתר אָהערגעשטעלט" האָט די מוטער זי גערימט.

„דעם מאָגן האָסטו געמאַכט" האָט די טאָכטער איר געענטפערט. געוואָלט זיין באַשיידן, געפעלן נתנען.

„אַ מאָגן צוגרייטן דאַרף מען קאָנען. דערצו מוז מען שוין זיין אַ געניטע בעל־הביתטע. עסט מעטשעם (אם ירצה השם) זיין אויף אייגנס, עסטע אָהך קענען, ביזט ק׳נעהאָרע (עין־הרע) אַ בריה" האָט רבקה די מאַמע זי פאַרטיידיקט און אויך גערימט.

„יאָ, יאָ אונדזער טאָכטער איז אַ געראָטענע", האָט דער פּאָטער זיך פּאַר איר אָנגענומען. ער האָט געוואָלט ענדיקן דעם שמועס, געוואָלט ממשיך זיין זיין שמועס וועגן גאַרבער־פאַך. אָבער ער איז געווען בגילופין און מיד פון דער זעט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער. „שוין שפעט" האָט ער אַ זאָג געטאָן און אַ קוק געטאָן אין פענצטער, ווי ער זאָל אין אים קאָנען זען די צייט. „מאָרגן איז ווידער אַ טאָג פון אַרבעט, ווידער דאַרף דער ייד זוכן די פּרנסה" האָט ער ווי צו וויסן געטאָן און זיך אויפגעשטעלט.

אַלע האָבן אים אָנגעקוקט דערשטוינטע פאַרוואָס ער האָט אַזוי געטאָן.

נתן האָט פאַרשטאַנען, אַז מרדכי וויל ער זאָל שוין גיין. „אַ יישר־כח פאַר אַלץ און אַ גוטע נאַכט", האָט ער געזאָגט און זיך אויך אויפגעשטעלט. אַלע מיט אים. ער האָט זיך איבערגעקוקט מיט אסתרן און נאָך אַ מאָל איר אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט".

„אַ גוטע נאַכט" האָט דער פּאָטער אים געענטפערט.

„גיי געזונט" האָט אים די מוטער געזאָגט.

נתן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו אַלע און אַוועק צו דער טיר.

„נתן, ברענג פון שטאָט אַ טיץ פלעקלעך" האָט שמעון אים נאָכגעזאָגט.

אסתר האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט איז זי נאָכגעגאַנגען נתנען.

די מאַמע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און פאַרצויגן די ליפּן. דער פאָטער האָט זיך געקראַצט אין באָרד מיט ביידע הענט. פון איבערראַשונג האָט ער שווער אָפּגעאָטעמט ווי אַ היץ זאָל אים האָבן באַשיט און זיך פאַררוקט ס'היטל אויף דער פּאַדאַכע.

שמעון איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט.

ביידע, נתן און אסתר, זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי זיי זאָלן טאַפּן די טוכלע פינצטערניש אין פּאָדערהויז. זיי האָבן געשטעלט די פיס פון אויבן אַראָפּ, זיי זאָלן נישט אַרויפגיין אויף עפּעס. פּלוצים האָט נתן זיך אַ וואַקל געטאָן. ער האָט צו הויך אויפגעהויבן דעם פוס און אַרויפגעפאַלן אויף אסתרן. אַ בגילופנדיקער, האָט ער זי אַרומגענומען. זי האָט זיך צו אים צוגעטוליעט ווי אַ קינד. ער האָט דערפילט די עלאַסטישקייט פון אירע ברוסטן און אַ רויש אין קאָפּ. ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און איר אַ קוש געטאָן. זי האָט אַ ציטער געטאָן. אירע קניען האָבן זיך אונטער איר ווי אונטערגעבראָכן. זי האָט דערפילט די לאַסט פון איר קערפּער. „אַההה!" האָט זי אַ קרעכץ געטאָן מלאה תאווה און אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל, ווי דער נאַקן אירער זאָל איר האָבן איבערגעבראָכן. אָבער אין מאָמענט האָט ער זי אָפּגע־לאָזט, ווי אָפּגעשטופּט פון זיך, ווי די היץ פון איר צעגליטן קערפּער זאָל האָבן אים אַ שטיק געטאָן. זיינע צעגליטע ליפּן האָבן אַ פלויש געטאָן: „מ'גייט". זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי זי זאָל פאַלן, נאָר ער האָט זי אַ ציי געטאָן נאָך זיך.

זי איז אים נאָכגעגאַנגען. ביידע האָבן זיי זיך געוואַקלט ווי צוויי שיכורים.

די פרישע לופט אין הויף האָט זיי אויפגעמונטערט. זי איז שטיין געבליבן אין ראָג הויז אַן אָנגעלענטע אין דער וואַנט. דאָס מילדע נאַכט־ווינטל האָט געגלעט זייערע צעפלאַמטע פּנימער און געקילט זייערע געמיטער. זי האָט עטלעכע מאָל זיך געפּרוווט אָפּרייסן פון דער וואַנט און יעדעס מאָל ווייטער געבליבן אָנגעלענט אויף איר. כאָטש דער הויף־שטח איז געווען אַ נישט פאַרבויטער, איז ער איר איצט געווען ענג. זי האָט געפילט אויף זיך נתנס הייסן אָטעם. ער האָט זי צענומען. זי האָט געיוירן, ווי אַן איבערגעיוירן שוין טייג. דאָך האָט זי זיך צוזאַמענגענומען. אַן אָנגעלענטע אין דער וואַנט, האָט זי אונטער זיך אונטערגעלייגט אירע הענט, איינגעפּעסטיקט אירע שיך־קלעצלעך פון אירע אויסגעשטרעקטע פיס אין דער ערד און אָנגעהויבן זיך פאַר אים באַקלאָגן: „נתן קרוין, וויפל אי דע שיִע (שיער)? ווי וועל איך דאָס אַלעס קאָנען איבערטראָגן? די כוחות גייען מע דאָך אָס, ווי לאַנג עלן מיע זעך אַזוי אַרומשלעפּן? איעך שעם דעך זעך שוין וואָזן ס'פּנים אין גאַס, די מענטשן לאַכן דעך אין די פּאָסטן פון מיע. טאַטע מאַמע שוואַגן, נאָ עגבערן

מיעך מיט די אויגן, איעך על עס ניש אָסהאַלטן. זיי מאַהנען אַז זייע טאָכטע איז געוואָרן אַ אָסוואָרף. נתן קרויז, ווי לאַנג אי דע שיע גיין אין קומען? וואָס עט זאַהן דע סוף?״ צום סוף האָט זי זיך ווי אַ בעט געטאָן ביי אים: „נתן, איעך גיי אָס, על עס ניש אָסהאַלטן״ און אַ פאַרשעמטע גאַנץ שטיל אים געזאָגט „איעך האָב בליט אין די אָדערן״. „נתן״ האָט זי אים נאָך באַוויזן זאָגן און זיך צעיאָמערט, ווי זי זאָל שלינגען די טרערן. פון איר האָט אַרויס־געדעדט איר באַליידיקונג, איר גאַרונג, אירע עלטערנס שטעך־ווערטער און זייערע בליקן.

די גאַנצע צייט, וואָס זי האָט זיך פאַר אים געקלאָגט איז ער געשטאַנען אַ שטומער, זי געלאָזט רעדן. די ווערטער אירע האָבן אים ווי געטאָן. ער האָט זיך געפילט שולדיק. ער איז שוין געווען ניכטער. אַ צייט האָבן ביידע געשוויגן, ווי יעדער פון זיי זאָל אויף עפּעס וואַרטן. ער איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, קיילעכיקער פלייצע, ווי ער זאָל האָבן קלענער געוואָרן. מיט אַ מאָל האָט ער אַ צעפיר געטאָן די הענט, ווי ער זאָל פאַר־טרייבן אַ שרעק, זיך באַפרייט פון אסתרס רייד. ער האָט אַרויסגעגליכן דעם רוקן און זיך אַ ווענד געטאָן צו איר: „אסתר, זאָ נישט געפאַלן באַ זיעך, איעך בין נישט פון דע גאַס״. זי האָט זיך צוגעבויגן, אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און שטיל געוויינט. ער האָט מיט אַ פינגער איר אָפּגעווישט אַ טרער. זי האָט זיך צעהעשעט שטיל ווי אַ קינד, וואָס האָט נישט קיין כוח. „אסתר, גענוג״ האָט ער זי אַ בעט געטאָן, נישט געקאָנט איבערטראָגן איר יאָמער און באַלד צוגעגעבן: „איעך על זיך די מי געבן, גיי אין שטיב״. זיינע ווערטער האָבן זי צענומען און זי האָט זיך צעוויינט אויפן קול.

„שאַ, שאַ, מע הערט״ האָט ער זי ווי געבעטן און געוואָרנט.

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון אים, אָפּגעווישט זיך די טרערן און אים גע־זאָגט „גיי געזונט״. איר קול איז געווען הייזעריק און מיט אַ שלאָבריקן טריט, ווי די פיס זאָלן זיך אונטער איר ברעכן, איז זי אַריין אין פאָדערהויז.

„אַ גוטע נאַכט״ האָט ער ווי אַ פלויש געטאָן און אַרויס אין גאַס. ער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געשטעלט קליינע טריט, ווי ער זאָל זוכן דאָס אָרט ווו אַוועקצושטעלן דעם פוס.

## ח

ווען נתן איז אַוועק פון אסתרן נאָך איר קלאָגן, איז ער געגאַנגען אַ געבוקטער און געטראַכט. ער האָט אויף זיך געהאַט די לאַסט פון עול וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. ער איז געגאַנגען און די פיס האָבן זיך אונטער אים אונטערגעבראָכן. אים איז מיט אַ מאָל קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט אסתרן

צוגעזאָגט און פון איצט אָן האָט ער פאַרפּליכטונגען נישט נאָר פאַר זיין מאַמען, נאָר אויך פאַר איר. ער איז געגאַנגען און זיך איבערגעלייגט וואָס עס איז געשען. אים האָט באַגלייט דער ריח פון אסתרס הויט און די וואַרעמקייט פון איר קערפּער. ער האָט ס׳ערשטע מאָל זי אַרומגענומען און ס׳ערשטע מאָל געקושט אַ פרוי. אים איז ערשט איצט קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט זי אויס־געוויילט, אַז זי געפעלט אים און גלייכצייטיק זיך געפרעגט, צי זי וועט זיין אַ פּאַסיקע פאַר אים פרוי און אַ מאַמע פון זיינע קינדער. אים האָט ווי אַ צי געטאָן ביים האַרצן בלויז פון געדאַנק, אַז ער וועט מוזן רעדן דאַריבער מיט דער מאַמען... ער אַליין האָט זיך געפרעגט און געענטפערט. מרדכי גאַרבער איז נישט די גרויסע גיטל, נאָר ווער וייסט צי זיין יחוס וועט פּאַסן דער מאַמען? צי אסתר וועט איר געפעלן? ער איז געגאַנגען און כסדר געוואָרן שטאַרקער געבוקט. זיינע שלייפן האָבן געהאַמערט און דער אָטעם איז אים געוואָרן שווער. ערשט אַ צייט שפּעטער האָבן זיינע ליפּן אַ פלויש געטאָן, ווי זיי זאָלן אַ גלעט טאָן די נאַכט־פינצטער: „איך וויל זי נישט דער־צערנען. יאָרן איז זי אַן אַלמנה און געזאָרגט פאַר אונדז״.

ווען ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און איז שטיין געבליבן אין דער פינצטער, האָט ער געהערט דער מאַמעס און דער שוועסטערס אָטעם. זיי זענען געשלאָפן. ער האָט זיך אַריינגעשלייכט אין קיך. ווען ער האָט דער־פילט אונטער זיך דעם שיעניק (שטרויזאַק), אָוועקגעלייגט זיינע מידע ביינער, האָט ער געזען אסתרן און געגומען זיך פאָרשטעלן אירע גלידער, נאָר באַלד האָט ער באַקומען אַ קאַשמאַר אין קאָפּ און איז איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען ווי יעדן טאָג, נאָר געפילט זיינע ביינער, ווי ער זאָל האָבן באַקומען קלעפּ. ער האָט זיך אָנגעטאָן, אַרומגעוואַשן און געלייגט תפילין. ער האָט געדאַוונט אויפן קול, נאָר דער ניגון פון זיינע תפילות האָט כסדר זיך איבערגעריסן ביז ער איז שטיין געבליבן אַ פאַרטראַכטער. די מאַמע האָט יעדעס מאָל געוואָרפן אַ קוק אויף אים פון דער זייט. זי האָט מיט איר פרויען־אינסטינקט דערפילט, אַז עפּעס קומט פאָר, געשעט ביי איר זון.

נתן האָט זיך אָוועקגעזעצט, דערנאָך געפרווּווט עסן, נאָר יעדער ביסן ברויט באַשמירט מיט מאַרמעלאַדע, איז אים ווי שטעקן געבליבן אין קעל. ער האָט נאָר אויסגעטרונקען דאָס טעפּל ציקאָריע. פאַרן אָוועקגיין, שוין אויף דער שוועל פון טיר, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „מאַמע״, אָבער נישט מער.

די מאַמע, וואָס האָט געוואַרט ער זאָל רעדן, האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון אונטערן שטערן, נאָר אויך זי האָט נאָר מיט דער צונג זיך אַרומגעווישט די ליפּן און אַוועק טאָן איר טאָג־אַרבעט. ער איז אַוועק אין גאַס האַנדלען.

נתן האָט עטלעכע יידן געזאָגט גוטמאָרגן. זיי האָבן אים געענטפערט. ער איז אַריין אין די געסלעך, ווו עס וווינען די גויים. דער ערשטער צו וועמען ער איז אַריין איז געוועזן אַדאַם. „דזשען דאָברי! (גוט מאָרגן), האָט ער אים געזאָגט, ווי ער זאָל פילן אַ ווייטיק. אַדאַם, מיט אַ גאָלן קאָפּ, פיר־

קאַנטיקער און שפּיציקער נאָז, האָט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, נאָר בלויז מיט אים אַ שאָקל געטאָן און ווייטער געפּלעקלט די שיך. ער האָט נתנען דערקענט לויטן קול. נתן איז שטיין געבליבן ביי דער טיר, ווי ער זאָל זיך איבערלייגן, וואָס ער זאָל אים זאָגן און אַ ווײַלע שפּעטער זיך אָפּגערופן: „אַדאַם, אויפן צוריקוועג וועל איך אַריין צו דיר". אַדאַם האָט ווידער אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. נתן איז צוריק אַוועק.

ער איז געגאַנגען פון איין געסל אין אַנדערן אָן אַ ציל, נאָר ווען לאָזער האָט פון ווייטן אים אַ רוף געטאָן, „נתן", איז ער שטיין געבליבן און אים אָנגעקוקט דערשטוינט און נייגעריק. לאָזער, אַ נידעריקער קרעפּטיקער ייד מיט אַ לאַנגער פליישיקער נאָז און אויסגעשטאָפּטע טאַשן איז צו אים צוגע־גאַנגען און אים געזאָגט: „נתן, כ'האָ פאַדע אַ פּאָע שטיקלעך יוכט, ברילִיאַנטן".

נתן האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אים געלאָזט שטיין. לאָזער האָט פון איבערראַשונג אַ צמאָקע געטאָן מיט דער צונג און געגאַנגען זיין וועג.

נתן האָט זיך געשלייכט איבער די געסלעך אָן צו טראַכטן און אָן צו וויסן וווּ אַהין ער גייט. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. נאָר ווען די זון אויפן הימל איז שוין געווען הויך און אים איז הייס געוואָרן איז ער צוריק אַוועק אין שטוב. ביידע טירן זענען געווען אָפּגעלענט. ער האָט זיך דורך זיי ווי אַדורכגעשטופּט. אַ פאַרמאַטערטער האָט ער זיך גענומען פּאָרען ביי אַ זאַק שיך, ווי צוליב דעם זאָל ער האָבן געקומען. אין שטוב איז געווען שטיל. די זונשיין האָט זיך געשפּיגלט אין די שמאָלע פענצטער־שויבן אין הויף און באַלויכטן אַ פּאַס אויפן פּאָל.

מלכה־רחל, אויף צעשטעלטע פיס און פאַרשאַרצטע אַרבל, האָט מיט אַ מעסער געהאַקט קליסקעלעך פון אַ לאַנגער טייג־פּלאַכט. דער מעסער־האַק אויפן לאָקשנברעט טיק, טיק האָט ווי געציילט די שטילקייט.

„געמאַכט אַ מסחר?" האָט זי אים אַ פרעג געטאָן מיט אַן אָנגעשטעלטער גלייכגילטיקייט אָן אויפצוהויבן דעם קאָפּ און נישט איבעררייסנדיק די אַרבעט.

„דער קאָפּ איז מיר נישט ביים מסחר", האָט ער איר געענטפערט אַ געבוקטער איבערן זאַק, ווי ער זאָל אַדורכרעדן דורכן אָרעם.

„וואָס איז געשען?" — האָט זי פאַרוווּנדערט אַ פרעג געטאָן, ווי זי זאָל באמת זיך נישט משער זיין און אים נישט חושד זיין.

נתן, אַ פאַרצווייפלטער, וואָס האָט נישט געאַנט, ווי אַזוי ער דאַרף רעדן מיט דער מאַמען, איר צו וויסן טאָן זיין רצון און באַשלוס, האָט ווייטער זיך געפּאָרעט ביים זאַק. ער האָט זיך אַנטשלאָסן אויסנוצן דעם מאָמענט און איר פּראַגע. ער האָט זיך אויסגעגליכן און איר געזאָגט פון צווייטן חדר, ווי אַ פאַרשעמט ייִנגל: „מאַמע, איך וויל חתונה האָבן".

מלכה־רחל האָט געוואַרט אויף זיין בקשה. זי האָט געוווּסט ווו ער פּאַרזיצט זיך אין די אָוונטן. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין טיש און פּאַמעלעך, ווי זי זאָל ציילן יעדעס וואָרט אים אָפּגעזאָגט איר שפּרוך: „ביסט טאַקע נישט דער

פּרנסה־געבער אין שטוב, אָבער ביסט דער מאַן אין דער משפּחה. יאָרן ווי דיין טאַטע עליו־השלום איז אַוועק פון דער וועלט, מיך געלאָזט אַן עלנטע אַלמנה, דו און דיין שוועסטער זענט געווען פּיצלעך און די אויגן אין מיין קאָפּ. אָבער די צייט איז געקומען און דאַרף דיר אויסזוכן אַ ווייב מיט גאָטס הילף".

פון דער מאַמעס רייד האָט נתן ווידער פאַרלוירן די דרייסטקייט. ער האָט פאַרשטאַנען איר יעדעס וואָרט און וואָס עס וואַרט אים. ער האָט געוווּסט און גוט געקענט איר פּאַרצוקט עלנט יונג לעבן און נישט געוואָלט איר אַנטקעגנ־רעדן. אָבער גלייכצייטיק האָט ער דערזען אסתרן, ווי זי שטייט ביים ראַג הויז און יאָמערט און דערהערט איר פראַגע: וואָס וועט זיין דער סוף? די ווערטער אירע האָבן אים געקלונגען אין די אויערן און ער האָט געזאָגט דער מאַמען: „איך וויל אסתרן מרדכי גאַרבערס טאָכטער פאַר אַ ווייב" און זי אַנגעקוקט מיט אויפגעריסענע פאַרגלייזטע אויגן. די שליפן זיינע האָבן געהע־מערט און געהערט דעם פּולס פון זיינע בלוטן.

אויך זי איז שטיין געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן און אַן אָפן מויל פון איבערראַשונג און אַראָפּגעלאָזט די הענט אַן אומבאַהאָלפענע. אָבער דאָס אַלץ איז געווען נאָר אַן אָנשטעל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי מיט אַ פינגער זיך אויסגעווישט די מויל־ווינקלען און אים געענטפערט. זי האָט גערעדט פּאַמעלעך, ביי יעדן וואָרט פאַרצויגן די ליפּן, ווי זי זאָל עס אויסקושן. „אַזוי? גאָר אַזוי! אַליין זיך פאַרקנסט? אָן אַ שדכן? וואָס וועלן מענטשן זאָגן? כבעדמעך שעמען ווייזן ס'פּנים". זי האָט אָפּגעאָטעמט, ווי דאָס רעדן זאָל איר אָנקומען שווער און ממשיך געווען „און מיט ווּעמען? ביסט, חלילה, אַ באָוול? ביי דיין מאַמען אַוודאי נישט! ביסט דעם אַלטן דיינס פון פּראָשעוויץ אַן אייניקל".

נתנס קינבאַקן זענען געווען אָנגעצויגן, בולט. די ליפּן זיינע האָבן געציטערט, די נאָז־לעפלעך זיינע האָבן געפּלאַטערט פון אויפרעגונג. דאָך האָט ער זיך ווי אַ בעט געטאָן: „מרדכי גאַרבער איז אויך אַ בעל־הביתישער ייד און אַ בעל־פּרנסה. זיין טאָכטער אַ גראָטענע, אַ פאַרדינערין".

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי זי זאָל אים אָנקוקן און געזאָגט נאָר איין וואָרט: „מרדכי גאַרבער". אין איר אַרט זאָגן האָט זי אויסגעדריקט איר ביטול און יחוס־אונטערשיד צווישן איר און זיין משפּחה. זי האָט אַ מליאַסקע געטאָן מיט דער צונג ווי איר זאָל זיין טרוקן אין מויל און אַז דער ענין איז פאַר איר אַ געענדיקטער און ווידער גענומען קנעטן אַ טייגל אויפן לאָקשנ־ברעט.

נתן איז געבליבן געפּלעפּט, ווי געליימט. דאָס פּנים זיינס איז געווען בלייך, אָן אַ טראָפּן בלוט. ער האָט געוווּסט, אַז יעדעס וואָרט זיינס איז איבעריק. ער האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען, ווי ער זאָל האָבן אויף זיך גענומען אַ משׂא און אַרויס פון שטוב.

פון זינט מלכה־רחל האָט צונישט געמאַכט דעם זונס ווילן, געפינט זיך נתן נישט קיין אָרט. שוין אין די פריִע מאָרגן־שעהן שלייכט ער זיך איבער די געסלעך, ווי ער זאָל וועמען נאָכגיין. ער איז אויפגערעגט און דערשלאָגן און לאַנגווייליקט זיך. ער האָט אָפּגעלאָזט זיין מסחר און האָט נישט מיט וואָס אויסצופילן זיין צייט. אין אַ זוניקן פאַרמיטאָג איז ער אַריין אין בית המדרש און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ משניות. די עטלעכע בחורים, וואָס האָבן זיך געאַמפּערט יעדער מיט זיין גמרא סוגיא האָבן דערשטוינטע אים אָנגעקוקט. אויך זרח שמש, אַ נידעריקער ייד מיט אַן אויסגעצויגן קנאָכיק פּנים, וואָס האָט צונויפגענומען און איינגעסדרט די ספרים אין די פּאָליצעס האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער זאָל אים נישט קענען.

נתן איז געזעסן איבערן אָפענעם ספר, זיך די מי געגעבן מפרש זיין די משנה: „המגדף אינו חייב עד שיפרש את השם", נאָר די אותיות האָבן זיך אים געדאָפּלט אין די אויגן און ער האָט נישט געקאָנט קאָנצענטרירן די געדאַנקען זיינע. אַ צייט שפּעטער האָט ער פאַרמאַכט דאָס ספר און אַוועק אין גאַס אַן זיך אומצוקוקן.

צומאָרגנס איז ער אַריין צו יענקל דעם שינדלמאַכער אין הויף. נתן האָט אים געזאָגט „אַ גוטן" און געבליבן שטיין, געקוקט ווי יענקל אַרבעט. יענקל, אַ מיטלוווקסיקער, ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ פול ברייט פּנים האָט אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געפרעגט: „וואָס האָט דיך אַהערגעבראַכט?"

„פאַרבייגייענדיק בין איך אַריין צו יענקלען" האָט נתן גלייכגילטיק אים געענטפערט, כאָטש ער איז געווען קרעמפּירט.

יענקל, וואָס האָט אויסגעשניצט איין שינדל נאָך דער אַנדערער, האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ פון פאַרוווּנדערונג און אים געזאָגט „געמיינט ביסט געקומען נעמען אַ פּאָר צענדליק שאָק שינדלען".

נתן האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אַ זאָג געטאָן אים „אַ גוטן!" און אַוועק צוריק אין גאַס. אַ דערשטוינטער האָט יענקל ווידער אַ מאָל אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ. אים איז נישט קלאָר געווען נתנס קומען. שוין אין גאַס האָט נתן זיך אַ זאָג געטאָן: „נאָך אַ ביסל און וועל זיין דער שטאָטנאַר" און זיך אַרומגעקוקט צי קיינער האָט נישט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט.

פון זינט נתן האָט זיך איבערגעווערטלט מיט זיין מאַמען איז ער נישט געווען ביי שמעונען. ער האָט זיך געשעמט פאַר אים, אָבער נאָך מער פאַר אסתרן. ער איז געווען זיכער, אַז זי האָט אַלץ דערציילט שמעונען און אויס־געראַדט אויף אים. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרדאַגהטער און פאַרשעמט. ער איז געגאַנגען מיט די הינטער־געסלעך מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ און אַראָפּגעלאָזטע אויגן פון פחד. אָט שפּרינגט אַרויס פון אונטער אַ הויז שמעון, צי גאָר איר פאָטער און באַפאַלט אים מיט אַ מענה־לשון און עס ווערט אַ ווילסט צוזאַמענלויף. יעדעס מאָל ווען אים איז באַפאַלן אַ פחד, האָט ער גענומען גיין שנעל, אַנטלאָפן. די ענגע געסלעך זענען אים נאָך ענגער געוואָרן,

ווי די כאַטעס פוןביידע זייטן זאָלן האָבן זיך צונויפגערוקט. נאָר די שוועסטע פאַר אים צייט זענען געווען די שעהן אין שטוב. יעדע שעה איז פאַר אים געווען אַ יאָר. ער האָט זיך געשלייכט איבער דער דירה ווי אַ שאָטן.

פון אויפרעגונג האָט ער געגעסן אָן אויפהער, ווי ער זאָל זיין הונגעריק און דערביי נישט געפילט דעם טעם פון עסן. די שטימונג אין שטוב איז געווען אַ דערשלאָגענע. אַלע האָבן געשוויגן. איינער איז דעם אַנדערן געגאַנגען פון וועג. יעדער באַזונדער האָט זיך געהיטן ער זאָל זיך נישט מוזן איבער־ווערטלען מיטן צווייטן. יעדער האָט גערעדט נאָר דאָס נויטיקע, געפרעגט אָדער געענטפערט. האָסט געברענגט ברויט? שפרה־דודס האָט געברענגט די וועש? שייל אָן צוויי צוויקל. אויך די טריט זייערע זענען געווען נישט קיין איסטע, ווי יעדער זאָל זיך היטן, נישט געוואָלט איבעררייסן די אָנגעדראָלטע שטילקייט.

נתן איז אַרומגעגאַנגען אַ געבוקטער, מיטן קאָפּ אַראָפּ און געשוויגן. ווי נאָר ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט איז ער אַריין אין קיך און אַ פאַרמאַטערטער זיך אויסגעצויגן אויף זיין בעט מיט אַראָפּהענגענדיקע פיס. זיין קאָפּ איז געווען אויסגעהוילט. ער האָט נישט געקענט צונויפנעמען די געדאַנקען. ער האָט זיך געמאַטערט, ווי ער זאָל אָנגיין אין אַנגסטן, נישט געוווסט וואָס ער זאָל טאָן. ער איז אַראָפּ פון בעט, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק ביים אויוון מיט צענומענע פיס, אַן איינגעהויקערטער. זיין קאָפּ איז ווי געהאַנגען איבער זיין ליידיקער שויס. אַ מידער פון זאָרג, פאַרדראָס און אומבאַהאָלפנקייט, האָט ער זיך אויסגעטאָן, געלייגט שלאָפן. ער האָט אָבער שעהן זיך געוואַלגערט פון איין זייט אויף דער אַנדערער ביז ער איז איינגעשלאָפן.

די שוועסטער רייזל האָט נישט געוווסט וועגן דעם פיינלעכן שמועס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן איר מאַמען און ברודער. זי איז דעמאָלט געווען ביי דער אַרבעט, נאָר פון דער אָנגעשטרענגטער אין שטוב לאַגע און דער אימה־דיקער שטילקייט, האָט זי זיך משער געווען, אַז עפּעס שרעקלעכעס איז געשען צווישן זיי. זי האָט געזען נתנס געמיט, געוווסט, אַז ער בטלט גאַנצע טעג, האַנדלט נישט און שלייכט זיך איבער די געסלעך אָן אַ ציל. איר נייגער און פאַרדראָס האָבן זי געפּייניקט. אָבער זי, דאָס מיזיניקל וואָס מוז אויספירן דער מאַמעס יעדן פאַרלאַנג, האָט נישט געוואַגט פרעגן.

## ט

מיט אַ מאָל, ווי פון דער היילער הויט, ווי די אָנגעטראָגענע ווינטן אין די לעצטע רעגנטעג זאָלן האָבן געברענגט דאָס נייעס אין שטעטל און אויפגע־טרייסלט דעם יידס געמיט, זיין טאָג־טעגלעכן שטייגער. נישט נאָר די ווייבער

און זייערע טעכטער האָבן זיך דערציילט וווּנדער. אויך די מענער. ווי נאָר עס זענען זיך צונויפגעקומען צוויי אָדער דריי יידן, האָט איינער באַלד געפרעגט: „האָסט געהערט? וואָס זאָגסטו?" דאָס האָט יעדער געמיינט שמילען דער גרויסער גיטלס. דעם יידס דמיון האָט געצאַפּלט פון פאַרגעניגן און איבער־ראַשונג. זיי האָבן זיך דערציילט גוזמאָס, וואָס זענען אין זייערע מיילער געוואָרן גרעסער פון שעה צו שעה, ווי אַ שניי־גולם פון דער געקאַלערטער שניי־קויל.

אין אַ נאָכמיטאָג. דער הימל איז געווען גרוי. אַ מילדער ווינט האָט געטרו־קנט די דורכגעזאַפּטע מיט פייכטקייט לופט. אויפן מאַרקפּלאַץ איז געשטאַנען נאָר אַ ליידיקע פור, די פערד אויסגעשפּאַנט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי זיי זאָלן דרימלען. זייער בעל־הבית, אַ דאַרפס־פויער איז געזעסן אין שענק. יידן מיט פאַרלייגטע פּאָלעס איינע איבער דער אַנדערער און אויפגעשטעלטע פּאַל־טענע־קעלנער, זענען אַרויסגעקומען, צוגעקומען און זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער פור אָן צו זאָגן אַ וואָרט. איינער האָט דעם אַנדערן נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ווען דאָס קלייזל איז שוין באַשטאַנען פון עטלעכע יידן, אַלע מיט לאַנגע בערד, האָט קסיל, אַ הויכער, דאַרער ייד מיט לאַנגע הענט געזאָגט, ווי ער זאָל צו קיינעם נישט רעדן: „אין דער גרויסער וועלט איז אַלץ מעגלעך. שמילע, דער גרויסער גיטלס — אַן אויפטוער".

יחזקאל, אַ נידעריקער, פּלייציקער ייד מיט אַ פלײשיקער נאָז און זעקסטן פינגער, אַן אָנגעדריקט הינער־אויג פון דער שער, וואָס ער פלעגט צושניידן, האָט אים מבטל געמאַכט: „איי, לאָז געמאַכט, ווייבערישע מעשהס פון אונטערן סטאָק".

קסיל האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל וועלן מכריז זיין און אים געענטפערט: „וואָס ווייסטו? דאָ אין שטעטל קענסטו מאַכן אַ זון פאַר אַ שניידער, אַ שוסטער, אָדער אַ היטלמאַכער. אין דער וועלט? שמילע האָט אַ טאַנץ־קלאַס! מיט פאַרשידענע קאָלירטע לעמפּ איז זי גרויס ווי די סטראַזש־געניאָווע (פייערלעשער) שאָפּע. די רייכסטע פּרויען קומען צו אים טאַנצן. רייכע מאַמעס, וואָס האָבן טעכטער לויפן אים נאָך, לאַדן אים צו זיך. אָבער ער גייט נישט צו קיינעם. זייערע טעכטער זיצן שעהן אין קאַפע און וואַרטן אים אָפּ". ער האָט אָפּגעאָטעמט, אַ פיר געטאָן זיין בליק איבער די אַרומשטייענדיקע, ווידער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און ממשיך געווען: „ביי אים שטייט אַ פּיאַנע, ווי ביי אונדזער שטאָט־גביר איסר. ער צאָלט אַ ספּעציאַלנע שפּילערין און זי באַגלייט זיינע טענצער. אַ פרוי, אַ פּראַכט, אַ גבירס אַ טאָכטער. איר פאָטער שטעלט צו אין די קאָפּאַלניעס, חלשט ער זאָל מיט איר חתונה האָבן, ער אַלט זעך נישט".

סענדער, אַ נידעריקער ייד מיט אַ שפּיציקער טויבן־נאָז וואָס די גאַנצע צייט, ווען קסיל האָט גערעדט האָט ער געהאַלטן די הענט אין די אַרבל, אַריינ־גערוקט ווי אין אַ מופע. סענדער, אַ טאַטע פון דערוואַקסענע טעכטער, האָט

אַרויסגענומען אַ שטרוי פון וואָגן, אַריינגעשטעלט זי אין מויל זיך, ווי אַ סיגאַ־רעט און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט איז ער אַוועק. די רעשט יידן זענען אים נאָכגעגאַנגען.

די שמועסן איבער שמילעס הצלחות האָבן אויף צעהיצט די געמיטער פון די כל מיני געזעלן. ווען אַ בעל־מלאכה האָט פאַרלאַנגט פון זיין געזעל עפּעס וואָס איז אים נישט אָנגעשטאַנען, האָט דער געזעל געוואָגט אים אָקעגנרעדן, אים אַפילו געזאָגט מיט רוגזה: „שמיע איז אַ יאָט!" דער בעל מלאכה האָט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט און אים פאַרשוויגן. אים איז נישט כדאי געווען דער געזעלן זאָל אים פאַרלאָזן אין מיטן זמן. יידן אין שטעטל האָבן איצט געלעבט פון שמועות און גוזמאס וועגן שמילען. איבערגעלעבט די שמועות האָבן די מאַמעס פון טעכטער. געווען ווייבער וואָס האָבן באַרעכטיקט מלכה־רחלען, וואָס זי האָט פאַרטריבן שמילען. געווען ווייבער וואָס האָבן איר נקמה גענומען.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ קאַלטער, ווען די צוויי הויכע לייביקע פרויען, יאַכעט און מאַכטשע, האָבן זיך געטראָפן. יאַכעט האָט געטראָגן אַן עמער וואַסער פון ברונעם. מאַכטשע איז געגאַנגען מיטן עמער צום ברונעם. ביידע האָבן זיך געאיילט אָבער זיך פאַרהאַלטן. ביידע האָבן זיך באַגריסט, איינע האָט דער אַנדערער געשאָקלט מיטן קאָפּ: „טאַקע אמת וואָס אַלץ מען רעדט אַרום וועגן שמילען?" האָט מאַכטשע געפרעגט.

„אַ שיינע ריינע! בין זי נישט מקנא. פאַרטריבן ס'גליק פון שטוב" — האָט יאַכעט איר געזאָגט מיט פרייד.

„געקענט לאַכן און לעבן" האָט מאַכטשע זי באַדויערט.

דאָס האָבן זיי באַרעדט מלכה־רחלען אויפן פרימאָרגן און שוין געגאַנגען ווייטער יעדע אין איר ריכטונג. און ווער שמועסט ווען ראַצע האָט זיך געטראָפן מיט מלכה־רחלען, האָט דער כעס אַרויסגערעדט פון ביידע, נאָר אין אַן אַנדער פאָרעם. ראַצע, אַ לייביקע יידענע מיט אַ ברייטן בוזעם, האָט זומער און ווינטער געטראָגן אַ געוואַטעטע וועסט אָן אַרבל, וואָס זומער איז זי געווען צעקנעפּלט, ווינטער אַפילו פאַרשפּילעט. ראַצע איז געווען שמילעס מומע, אין אַ דאָנער־שטיק. זי איז אַריין צו רפאלן אין יאַטקע נעמען אַ שטיקל פלייש אויף שבת, אָבער ווי נאָר זי האָט דערזען מלכה־רחלען האָט זי זיך צו איר אַ ווענד געטאָן, ווי זיי זאָלן זיין צוויי צונויפגעלעבטע שכנות: „מלכה־רחל, וואָס זאָגסטו צו אונדזער שמילען, האַ?" און אירע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי געשליפן גלאָז.

„ראַצע, יעדן איז באַשערט זיין מזל" האָט זי איר געענטפערט און איז אַרויס פון דער יאַטקע.

רפאל קצב מיטן מעסער אין האַנט האָט אַ קוק געטאָן אויף ראַצען פון אונטערן שטערן, צי ווייל זי האָט אים פאַרטריבן אַ קונה, אָדער ער איז געווען צופרידן, וואָס ראַצע האָט איר אַריינגעזאָגט.

מלכה־רחל האָט זיך נישט איבערגענומען מיט די רעדערייען אין שטעטל.

זי איז דווקא געווען צופרידן וואָס שמילע האָט מצליח געווען אין דער פרעמד און וועט זיך אָפּטשעפּען פון איר טאָכטער. זי האָט זיך איבערגענומען מיט דער טאָכטערס אויסזען. זי האָט אָפּגענומען, די באַקן זענען איר איינגעפאַלן. די בגדים זענען אויף איר ווי געהאָנגען. די מוטער האָט געשוויגן און אויך פאַרשוויגן די לעגענדעס וועגן שמילען. איר האָט נאָר געמאַטערט דער געדאַנק, צי צווישן איר רייזלען מיט שמילען איז נישט געווען קיין הסכמה, ווייל ווי קאָן אַ קלוג מיידל ווי איר טאָכטער אים נישט פאַרגעסן נאָר פון זען אים.

אין אַן אָוונט האָבן די מאַמע מיט דער טאָכטער איינגעלייגט אויפן טיש געמאַנגלטע וועש. אין שטוב איז געווען שטיל. די שטילקייט איז געווען אָנגע־דראָלט. מען האָט נאָר געהערט דעם שאָרך פון איינגעלייגטער וועש. מלכה־רחל האָט אַ פּאָכע געטאָן מיט אַ ליילעך, ווי זי זאָל זיך מיט דעם קלאַפּ פון ליילעך פאַרטרייבן די אומהיימלעכקייט פון שטוב און זיך פונאַנדערגערעדט, ווי זי זאָל רעדן צו זיך אָבער געוואָלט די טאָכטער זאָל הערן און פאַרשטיין. „אַ טויבן־כאַפּער, אַ טענצער, ס׳זעלבע גאַטונג. אַ מ׳איז אַ לאַט מימען ניש גיין זיכן גליקן אין דע פרעמד. דאָרט ווי אַ מענטש אי געבוירן, דאָרט דאַרף עה שטאַרבן". אירע אויגן־לעפלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. אירע ווי פאַרמאַכטע אויגן זענען געווען בולט ווי צוויי קנעפּ. איר פּנים — אַ מאַסקע, נאָר די הענט אירע האָבן זיך באַוועגט. רייזל איז אַוועק אין קיך. די מוטער האָט פאַר־שנירט די ליפּן פון פאַרדראָס און ווייטער צונויפגעלייגט די וועש.

די אַלע שמועסן און לעגענדעס וועגן שמילען, האָבן יוחנא און אַלטער פריזיער פונאַנדערגעטראָגן איבערן שטעטל. שמילע איז מיט זיי געשטאַנען אין קאָנטאַקט. אין זיין לעצטן בריוו צו אַלטערן האָט שמילע אים אָנגעפרעגט וואָס עס הערט זיך ביי זיי? וואָס עס הערט זיך אין שטעטל און וועמען זיי זעען. דאָס האָט ער געמיינט רייזלען, נאָר זיך נישט געטרויט און אויך געשעמט דערמאָנען איר נאָמען און זיי צווויסן געטאָן, אַז ער האָט געעפנט אַ טאַנץ־קלאַס. דער בריוו האָט נישט איבערראַשט זיינע חברים. זיי האָט איבערראַשט דער בריוו אַליין, וואָס איז געקומען מיט דער פּאָסט און פישל בריווטרעגער האָט אים אַריינגעבּרענגט.ביידע האָבן זיי לאַנג נאָכגעטראַכט פאַרוואָס שמילע האָט עס געטאָן, ביז זיי האָבן באַשלאָסן: ער האָט נישט געוואָלט באַפילן, אַז נאָך ווער אין שטעטל זאָל וויסן און דערפון פאַרשטאַנען, אַז נאָר זיי צוויי דאַרפן באַשליסן ווי צו האַנדלען.

די לעגענדעס וואָס זיי האָבן צעטראָגן זענען פאַר די יידן אין שטעטל געווען ווי אַן אָפּהילך פון אַ פויק־קלאַפּ און דאָך זיי אויפגעטרייסלט, ווי אַ זגראַיע מוראַשקעס, ווען מען שטעקט אַריין אַ שטעקן אין זייער נעסט.

עטלעכע טעג שפּעטער. דער אָוונט איז געווען אַ דעמפּיקער, ווי עס זאָל זיך קלייבן אויף אַ רעגן. אין שטוב ביי מלכה־רחלען אונטער דער נידעריקער סטעלע איז געווען דושנע, כאָטש די פענצטער זענען געווען אָפן. אויף דער וואַנט האָט געברענט דער נאַפט־לאָמפּ און געשפּרייט גרינע שיין וואָס האָט

נאָר באַוויזן די קאָנטורן פון די שטוב־זאַכן. פון מאָל צו מאָל האָט דער פלאַם זיך אַ צי געטאָן אַרויף און אַ צאַנק געטאָן און אַ באַוועג געטאָן די שאָטנס אויף די ווענט. די שיין פון לאָמפּ איז אויך געפאַלן אויף דעם טיש, וואָס איז געשטאַנען ביי דער וואַנט און באַשיינט מלכה־רחלען און רייזלען, וואָס זענען געזעסן ביי אים, זיך אַנטקעגן. מלכה־רחל האָט געצערעוועט אַ זאָק. רייזל האָט אויסגעפּאַרטיקט אַ האַלקע. די שטילקייט איז געווען אַן אָנגעדראָלטע. פון מאָל צו מאָל האָט מלכה־רחל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געהאָרכט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט טריט. זי האָט געוואַרט, אויסגעקוקט נתנען. זי האָט זיך געפירט אין שטוב, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן געשען. זי האָט געשוויגן, אָבער זיך איבערגענומען מיט דעם זונס פּיין און געזאָרגט אַז איר זאָל זיך איינגעבן איר פאַרטראַכטער פּלאַן. זי איז אויך געווען באַאומרויִקט, צי מיט איר פירן זיך כאַפּט זי נישט איבער די מאָס. זי האָט געוווּסט און פאַרשטאַנען, אַז נתן איז נישט רייזל אין כאַראַקטער, אָבער זי איז געווען אַנט־שלאָסן טאָן די שידוכים, חתונה מאַכן די קינדער.

מיט אַ מאָל האָט זי דערהערט טריט און נתן איז אַריין אַ פאַרמאַטערטער און צעקנעפּלטער. „אָה!" האָט ער אָפּגעזיפצט און שטיין געבליבן ביי דער טיר. די אַנעמישע לאָמפּנשיין האָט אים אַ בלענד געטאָן. ביידע, די מאַמע און די שוועסטער, האָבן אים אָנגעקוקט. מלכה מיט מיטלייד, רייזל פאַרוווּנ־דערט. „זעץ דיך" האָט די מוטער אים געזאָגט. זי האָט באַשלאָסן אויסנוצן זיין מצב און דער טאָכטערס אָנוועזנהייט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אַרויפגעשטעלט די עלנבויגנס אויפן טיש. אים איז געווען שווער צו טראָגן זיין פאַרמאַטערטן קערפּער.

„נתן, וויפל איז דער שיער זיך מאַטערן, ביזט שוין נישט קיין ייִנגל", האָט די מוטער אים פאַרגעוואָרפן, ווי נישט זי איז די שולדיקע אין זיין מצב.

„איך וויל אסתרן", האָט ער איר געזאָגט. דערביי האָט ער פאַרמאַכט די אויגן, פאַרהאַקט די ציין. די קינבאַקן זיינע זענען געוואָרן בולט.

רייזל איז געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן פון איבערראַשונג און אימה. איר איז קלאָר געוואָרן וואָס עס קומט פאָר צווישן אים מיט דער מאַמען.

מלכה־רחל האָט מיט דער שפּיץ צונג זיך אַרומגעווישט די ליפּן. איר לינקע האַנטפלאַך זיך אונטערגעשטעלט אונטער דער גאָמבע, ווי זי זאָל זיך אונטער־האַלטן דעם קאָפּ און אים אַ פרעג געטאָן: „נתן, דו ווייסט, אַז דו האָסט אַ שוועסטער".

ביידע, דער זון און די טאָכטער, האָבן זי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

זי האָט נישט געוואַרט און ממשיך געווען. „ביידע זענט איר מיר טייער און איר ווייסט עס, נאָר זאָג מיר, טייערער קדיש, ווו וועל איך נעמען אַ נדן פאַר דיין שוועסטער".

ביידע, נתן און רייזל, זענען געבליבן פאַרגליווערטע. די מוטער האָט געזען זייער איבערראַשונג. זי האָט אויסגענוצט די סיטואַציע און גערעדט

וויטער: „אסתר פּאַסט מיר פּאַר אַ שנור, נאָר אויך שמעון פּאַר אַן איידעם. איך ווייס נישט, ווי קיינער ווייסט נישט, וויפל יאָר איך האָב נאָך געשענקטע, אָבער איך וויל רויִק צומאַכן די אויגן". זי האָט אָפּגעאָטעמט, ווי דאָס רעדן זאָל איר שווער אָנקומען און צוגעגעבן, ווי זי זאָל זיך פאַרטיידיקן: „דערפאַר קומט מיט גאָרנישט און דערפאַר וועט מען מיך נישט שטראָפן" און אַ קוק געטאָן אויף ביידע, ווי אירע רייד האָבן אויף זיי געווירקט.

רייזלס לעפלעך האָבן איבערגעדעקט אירע אויגן. איר פּנים איז געווען שטאַר, נאָר אירע אָפענע אויגן האָבן געציטערט.

נתן איז אויפגעשפּרונגען פון בענקל, ווי אַ ווילדער. ער האָט פאַרביסן די ציין, אויסגעדעמט די גאָמבע און מיט אויסגעזעצטע אויגן באַטראַכט די מוטער. וואָס? וואָס? האָט ער אַ שטאַמל געטאָן. ער האָט נישט געגלויבט, אַז זיינע אויערן האָבן געהערט וואָס זי האָט געזאָגט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער פאַרמרוזשעט די אויגן. זיין פּנים איז ווידער געווען פול ענערגיע. ביידע, נישט ער און נישט די שוועסטער האָבן נישט געקאָנט רעדן פון איבערראַשונג. זיי אַרויסגעהאָלפן האָט זי, די מאַמע. „קינדער, איר דאַרפט נישט זיין געפאַלן ביי זיך. די מאַמע פאַרקויפט אייך נישט און נישט אייער יחוס. פאַר מרדכי גאָרבער זענט איר אַ שיינדל אין דער משפּחה. איך געב אים אַ זון און ער גיט מיר אַ זון און דאָס אַלעס". איצט האָט זי זיך אַ ווענד געטאָן צום זון. „נתן, רעד זיך אַדורך מיט זיי, נאָר אָן חניפה און נישט געפאַלן. געלט איז נישט אַלעס און מיינע קינדער זענען נישט קיין באָוול". זי האָט אָפּגעוואַרט אַ רגע און זיך געוואָנדן צו רייזלען. „טאָכטער, גלויב מיר, אַז איך וויל ביי דיר און דיין ברודער זען אַלדעס גוטס. שמעון איז אַ בחור אַ ברכה צו מאַכן און פּאַסט זיין דיין מאַן און נישט בילע ווער פון גאַס". זי האָט נישט געוואָלט דערמאָנען דעם נאָמען שמילע.

די שטילקייט אין שטוב איז געוואָרן אַן אָנגעדראָלטע, ווי מען זאָל זי קאָנען אָנטאַפּן מיט דער האַנט צוזאַמען מיט דער לופט. דער לאָמפּנפלאַם האָט פון מאָל צו מאָל אַ צאַנק געטאָן, ווי ער זאָל וועלן ליכטיקער ווערן. אָבער נאָר דער שאָטן אויף דער וואַנט האָט זיך אַ באַוועג געטאָן. אַ צייט האָבן אַלע דריי געשוויגן. יעדער באַזונדער האָט זיך איבערגעלייגט דאָס געזאָגטע און געהערטע. מיט אַ מאָל האָט נתן אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און זיך געוואָנדן צו דער שוועסטער, ווי ער זאָל זי בעטן: „רייזל, דו קענסט דאָך אים. שמעון איז שיין און איידל און אַ פאַרדינער. די מאַמע איז נישט אומגערעכט. איך וועל מיט אים רעדן. אויב דער ענין וועט זיי איינגיין, איז ער נישט פון וועג. איך האַנדל מיט אים, קען אים און זיינע חברים". ער האָט זיך אין איר איינגעקוקט און געוואַרט זי זאָל אים ענטפערן.

רייזל האָט אים נישט געענטפערט. זי, אין אירע יונגע יאָרן, האָט פאַרשטאַנען, אַז זי קען זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דער מאַמען און אים. זי איז אָבער געוואָרן פאַרשטאַרט, נישט געקאָנט רעדן. זי האָט געאָטעמט שווער,

געהערט איר אָטעם־שאָרך. געדענקט און געקענט שמילען האָט זי נאָר פון זען און געזען אים אויך איצט, אָבער גלייכצייטיק דעם הויכן, ברייטפּלייציקן שמעונען.

די מוטער האָט אויסגענוצט דעם שעת הכושר און געזאָגט זיי ווי יעדן אָוונט, ווי גאָרנישט זאָל האָבן געשען: „קינדער, מען דאַרף עסן אָוונטברויט. עס איז שוין נאַכט״ און זי איז אויפגעשטאַנען פון טיש און מיט איר די טאָכטער.

## י

נתן איז אַריין אין בעט. ער האָט דערפילט אונטערן קאָפּ דאָס קישן, אונ־טער זיך דעם שעניק און אויך די ביינער זיינע. ער איז געווען מיד און פאַר־מאַטערט פון ערגערן זיך די גאַנצע צייט. דאָך האָט ער געפּרוווט טראַכטן, צי וועט דער מאַמעס פאָרשלאַג זיך איינגעבן? וואָס וועט דערצו זאָגן שמעון? וואָס וועט זאָגן די גאַרבער־משפּחה? ווי אַזוי וועט ער דאָס אַלץ דערציילן אסתרן, אַז זי זאָל נישט ברוגז ווערן? ווי אַזוי וועט ער רעדן מיט שמעונען? נאָר די מידקייט האָט אים גובר געווען און ער איז באַלד איינגעשלאָפן.

פאַרטאָג. די מאַמע מיט דער שוועסטער זענען נאָך געשלאָפן, איז ער שטיל אַרויס פון שטוב. ער איז אַוועק אַ ניכטערער, נאָר אויסגעטרונקען אַ טעפּל ציקאָריע, וואָס ער אַליין האָט צוגעוואָרעמט.

שוין פון וויטן האָט ער דערהערט שמעונס האַמערקלאַפּ. ער איז אַריין אין זייטיקן געסל און אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט, אסתר זאָל אים נישט זען. ער האָט אָפּגעלענט די טיר, זיך אַרייַנגעשלייכט און שטיין געבליבן ביי דער טיר ווי אַ שולדיקער, אָן צו זאָגן גוטמאָרגן.

שמעון, דערזעענדיק אים, איז געבליבן מיטן האַמער אין האַנט, ווי זי זאָל אים האָבן געליימט געוואָרן: „וווּ ביסטו צו אַלדע רוחות?!״ האָט ער זיך צעשריגן און אַ דערשטוינטער און גליקלעכער, וואָס ער זעט אים און ערשט איצט אַראָפּגעלאָזט די האַנט. נתן האָט נאָר עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך באַדויערן.

„וועלכע שיפן זענען דיר אונטערגעגאַנגען?״ האָט שמעון אים נישט אָפּגע־לאָזט, כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז געשען עפּעס נישט געוויינלעכעס.

„אַן אונדזעריקער שיקט שיפן?״ האָט ער אים געענטפערט מיט אַ פראַגע.

„אסתר ווייסט שוין נישט וואָס איבערצוקלערן״ האָט שמעון אים געזאָגט און פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל איצט, וואָס ער האָט געבערענגט איבער זיינע ליפּן זייער פריינטשאַפט.

„יאָ, זי איז גערעכט״, האָט נתן ווי מכריז געווען, מיט דער פויסט זיך

אַ זעץ געטאָן אין ברוסטקאַסטן און ממשיך געווען, „שמעון, גלייב מיר, איך בין נישט שולדיק", האָט ער זיך פאַרטיידיקט.

שמעון האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון אונטערן שטערן, געוואַרט ער זאָל דערציילן, נאָר באַלד האָט ער אים אַ פרעג געטאָן: „וואָס שטייסטו?"

נתן האָט זיך אַוועקגעזעצט. שמעון האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און זיך פאַרצויגן.

אַ ווײַלע האָבן בײדע געשוויגן. שמעון האָט אַלץ געוואַרט ער זאָל רעדן. נתן האָט זיך איבערגעלייגט, ווי אַזוי ער דאַרף מיט אים רעדן, אָבער בײדע האָבן זיך פאַרשטאַנען פאַר וואָס זיי שוויגן. בײדן איז געווען פריקרע, נאָר שמעון האָט נישט אויסגעהאַלטן און אַ זאָג געטאָן: „נתן, רעד!"

נתן האָט נאָך אַלץ געשוויגן. זיין פּנים איז געווען שטאַר, אומבאַהאָלפן.

„נתן, רעד זיך אַראָפּ. מיר זענען דאָך אייגענע", האָט שמעון אים אונטער־געאיילט, געוואָלט אים פאַרגרינגערן.

נתן האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַ געשפּאַנט פערד, וואָס דאַרף אַ צי טאָן אַ געלאָדנטן וואָגן און אים געענטפערט: „אַוודאי וועל איך רעדן און אויפדעקן די קאָרטן". שמעון האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט. נתן האָט זיך אַ דריי געטאָן אויפן שוסטער־בענקל, ווי עס זאָל אים זיין צו קליין, אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיך צערעדט: „שמעון, איך טרעף זיך מיט אסתרן נישט אויף קאַטאָוועס. דו קענסט דאָך מיך, איך בין נישט פון דער גאַס אַראָפּ. אסתר געפעלט מיר, מיין מאַמען אויך. נאָר איין באַדינג האָט די מאַמע מיינע". שמעון האָט אים אויך איצט אָנגעקוקט מיט איין אויג, פון דער זייט. נתן האָט אָפּגעאָטעמט, ווי געזיפצט און ממשיך געווען, ווי ער זאָל ציילן יעדעס וואָרט: „זי וויל דו זאָלסט נעמען אונדזער רייזל". איצט האָט ער אויסגעדעמט די באַקן, פאַרמרוזשעט די אויגן און אים אָנגע־קוקט, ווי עס האָט אויף אים געווירקט די ידיעה זיינע.

שמעונען איז אַרויסגעפאַלן פון מויל דאָס אויסגעלאָשענע סיגאַרעטל. ער איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און זיך איינגעקוקט אין אים. זיינע אויגן זענען געווען שטאַר פון איבערראַשונג. ער האָט זיך נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויערן. ער האָט געוואָלט נתן זאָל רעדן ווייטער, ער זאָל זיך איבערציינגן, אַז דאָס איז אמת.

נתן איז געזעסן אים אַנטקעגן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, פול פּחד, ווי אים געפרעגט: „ביסט מסכים?"

שמעון האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, געוואָלט פאַרטרייבן זיין אומזי־כערקייט און אַ שטאַמל געטאָן: „נתן, און זי? זי וועט מיך נעמען?"

„אַז די מאַמע שטייט דערויף?", האָט ער אים געענטפערט, ווי ער זאָל אים פרעגן און דערשטוינט אים אָנגעקוקט.

אין שמעונס אויגן האָט אַ גלאַנץ געטאָן די פרייד. אַ שמייכל האָט צעצויגן זיין פּנים. „אַזוי? אַזוי!" האָט ער זיך געזאָגט אַן איבערראַשטער פון וווּנדער.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אָפּגעאָטעמט מיט דער פולער ברוסט. די פרייד האָט געשפּאַרט פון אים און ער האָט זיך פונאַנדערגערעדט: „נתן, איך האַלט זי אויפן אויג פון טאָג וואָס זי איז אויסגעוואָקסן. זי איז די שענסטע אין שטעטל! ווען שמילע וואָלט זי נישט אָפּגעלאָזט, וואָלט איך דיר אַרויסגע־האָלפן! איך נעם זי ווי זי שטייט און גייט אין איין העמד! נתן, מירן נישט נאָר בלײַבן ידידים, נאָר אויך זײַן שוואָגערס". ער האָט זיך אײַנגעריבן די הענט און זיי אײַנגעקלאַפּט. אין אים האָט געברויזט די פרייד. עד האָט אַ צעפּיר געטאָן די הענט. נתן איז אויפגעשפּרונגען. זיי זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס.

ווען זיי האָבן זיך אָפּגעלאָזט, האָבן ביידע שווער געאָטעמט און איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. ביידע האָבן געשטוינט. ביידע האָבן נישט געגלויבט, אַז איינער האָט געהערט וואָס דער צווייטער האָט געזאָגט. אַ ווײַלע שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך באַרויִקט, האָט נתן אים געזאָגט שוין דרייסט: „שמעון, מאַ מאַמע האָט נישט קאָ נדן צו געבן" און זיך אײַנגעקוקט אין אים.

„נתן, דאַן שוועסטער עט באַ מיע זאַן אַ בת־מלכה", האָט ער מיט שטאָלץ אים געזאָגט.

„שמעון, אפשר דאַרף איך רעדן מיט דײַן טאַטע־מאַמע?" האָט נתן אים געפרעגט, נישט זײַענדיק זיכער, ווי ער דאַרף האַנדלען.

שמעון האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ, אים ווי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און אים געענטפערט מיט תקיפות: „נתן, איך גיי שוין האַלבע הויזן! מיט זיי וועל איך רעדן!" און אַ לאַך געטאָן.

נתן האָט אויך אַ שמייכל געטאָן, אָבער דער שמייכל איז געווען אַן אומ־באַהאָלפענער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט אים באַליידיקט. אַן אומ־באַהאָלפענער האָט ער אים געזאָגט: „גיי איך צו אסתרן, וועל זי איבערבעטן".

שמעון האָט מיט אַ פינגער זיך אַ קראַץ געטאָן אין באַק. ער איז נישט געווען זיכער, ווי זייער טרעפונג וועט פאָרקומען. ער האָט געוווּסט ווי אסתר שאַלעיעט, קוקט אים אויס און ער האָט אים פאָרגעשלאָגן: „נתן, גיי מאַך מסחר. מיט איר וועל איך רעדן". אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן: „איך וועל מיט איר רעדן ווען טאַטע־מאַמע וועלן זײַן דערבײַ. ווען כ'וועל זיי דער־ציילן אַלעס". נתן זאָל נישט אָפּוואַרפן זײַן פאָרשלאָג האָט ער אים געזאָגט: „גיי געזונטערהייט און קום וואָס שנעלער נעמען די סחורה" און זיך אַוועק־געזעצט צוריק אויף זײַן שוסטער־בענקל.

שמעונס רייד האָבן נתנען פריטשמעלעט. ער האָט געוואָלט זען אסתרן, זי איבערבעטן, נאָר נישט געוואָגט זיך אים אַנטקעגנשטעלן: „שמעון, כ'פאָר־לאָז מעך אָף דיע! אַ גוטן!" האָט ער אים געזאָגט און אַוועק אין גאַס.

אויך איצט איז נתן איבערגעשפּרונגען דעם פּלויט.

שמעון, דער הויכער ברייטפּלייציקער מוסקולירטער מאַן, מיטן פולן לענג־לעכן פּנים, שמאָלן אויסראַזירטן וואָנסעלע, גרויע ווי שטאָל אויגן און שוואַר־

צער טשופּרינע, האָט אויך נאָך נתנס אַוועקגיין זיך נישט באַרויִקט. אין אים האָט געברויזט די פרייד. ער האָט זיך געוואָלט באַרויִקן און גענומען צו דער אַרבעט, אָבער זי איז אים נישט געגאַנגען. באַלד האָט זיך אים די אָל אויסגעבויגן, די פלעקלעך האָבן זיך אים געבראָכן און דער האַמער האָט זיך אים געדרייט אין האַנט. פון אויפרעגונג האָט ער געסאָפּעט, ווי עס זאָל אים שווער זיין צו אָטעמען. פאַר אים איז געשטאַנען די שלאַנקע, באַחנטע רייזל, זיין כלה. ער האָט זי געזען ווי אין חלום און נאָר אַלץ נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אמת, אַז די שיינע רייזל וועט זיין זיין ווייב. ער איז זיצן געבליבן אַן איינגעקוקטער אין איין פּונקט און יעדעס מאָל זיך דערמאָנט נאָך אַ פּרט: ווי זי גייט, ווי זי רעדט, ווי איר פוס זעט אויס, וואָס פאַראַ ברעמען זי האָט. כאָטש ער האָט זי ביז איצט נישט געזען פון דער נאָענט. ער האָט זי אַזוי לאַנג זיך פאַרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע, ביז ער האָט זיך מיטן האַמער דערלאַנגט אין האַנט. ער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם האַמער און דעם שוך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער אַרבעט און אויפגעשפּרונגען פון אַרבעטס־בענקל. ער האָט זיך מער נישט אומגעקערט צו דער אַרבעט. ער האָט זיך געפּאָרעט ביי פאַרשידענע זייטיקע אַרבעטן: צונויפגעלייגט די אַנגעוואָרפענע שטיקער לעדער, צונויפגעפּאָרט איינצלנע שיך, איבערגעקוקט און אויסגע־טאַפּט די זוילן־קופּאַנען און די פליישיקע יוכטן. אָבער ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. די מינוט איז אים געווען אַ שעה. ער איז כסדר שטיין געבליבן און זיך געקראַצט, אַמאָל אין קאָפּ און אַמאָל אין האַלדז, זיך איבער־געלייגט וואָס ער זאָל טאָן און אָפט צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַ קוק געטאָן, ווי ער זאָל וועמען אויסקוקן, ביז אין אַ מאָמענט האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן אַן אויפגעטרייסלטער: „וואָלט ער כאָטש געווען, וואָלט געווען מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן".

אַ צייט שפּעטער האָט ער ווידער א קוק געטאָן אין פענצטער. ווי נאָר ער האָט דערזען די מאַמען מיטן קוישל גיין אין גאַס אַריין איינקויפן און פאַר־שטאַנען, אַז אסתר איז געבליבן אַליין אין שטוב, האָט ער פאַרמאַכט ס׳פענצ־טער, פאַרשלאָסן די טיר און אַוועק אין שטוב.

ער האָט שטיל פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, ווי ער זאָל נישט וועלן איבערשרעקן אסתרן. אסתר, וועלכע האָט מיט אַ לעפל געמישט אין טאָפּ, וואָס האָט זיך געקאָכט אויפן אויוון, האָט אים אָנגעקוקט אַ דערשראָקענע מיט אויפגעריסענע אויגן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און אויסגעצויגן די פיס. אסתר איז שטיין געבליבן אים אַנטקעגן מיט צעפלאָמטע באַקן און אַן אויסגעשראָקענע אים געפרעגט: „וואָס איז געשעין?" ווי אָט, אָט צעוויינט זי זיך. זי איז געווען זיכער, אַז ער האָט אַ ידיעה וועגן נתנען.

„גאָרנישט" האָט ער גלייכגילטיק איר געענטפערט.

„עס זאָל אויסגיין אין אַלע ווּיסטע וועלדער! געמיינט, חלילה, עפּעס אויסטערלישעס. ס׳האַרץ האָט זיך מיר שיער אָפּגעריסן" האָט זי זיך געקלאָגט

פאַר אים. „ווילסט שוין כאַפּן אַ קיי?" האָט זי אים געפרעגט און געקוקט אים אין די אויגן מיט געבעט. זי איז אַלץ נישט געווען זיכער נאָך וואָס ער איז געקומען. ער האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין. זי האָט מער נישט אויסגעהאַלטן און אים געזאָגט ווי זי זאָל זיך ביי אים בעטן און פאַרוואָרפן: „רעד, איך וועל אַראָפּ פון זינען".

„כ'האָב געזען נתנען", האָט ער גלייכגילטיק איר געענטפערט.

„ווען? וווּ?" האָט זי היסטעריש אַ געשריי געטאָן און זיך צעיאָמערט. אין איר האָט געוויינט איר אָנגעקליבענער ווייטיק און בושה פון די אַלע טעג וואָס זי וואַרט אויף נתנען, קוקט אים אויס און לויפט אים זוכן אין די געסלעך.

ער האָט זי געלאָזט וויינען. געוווּסט, אַז די טרערן פאַרגרינגערן איר געמיט.

„וואָס מאַכט ער? ער איז געזונט?" האָט זי אים געפרעגט און פון אירע פאַרוויינטע אויגן האָט אַרויסגעקוקט די שרעק.

„ער איז געזונט און מאַכט אַן איינדרוק", האָט ער איר שפּאַסיק געענטפערט און אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט, צי זי שמייכלט.

זי האָט מיט דער שאַרץ זיך אויסגעווישט די אויגן און געוואָרט. זי האָט מיט איר פרויען־אינסטינקט געפילט, אַז ער האָט איר נאָך וואָס צו זאָגן.

אויך ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וואַרט ער זאָל איר דערציילן און אויך געוואָלט וואָס שנעלער מיט איר פאַרענדיקן דעם שמועס. ער האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אין בענקל־אָנלען, נאָך שטאַרקער אויסגעשטרעקט די פיס און איר דערציילט: „שוועסטער, הער מיט קאָפּ" און מיט דער האַנט איר אָנגעוויזן אַ בענקל. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, ווי אַרויפגעפאַלן אויפן בענקל און ער האָט ממשיך געווען: „נתן נעמט דיך און איך זיין שוועסטער רייזל". ער האָט געערדט פאַמעלעך, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, זי זאָל תופס זיין יעדעס וואָרט און גלייכצייטיק זי איבערצייגן.

„אוי! איך חלש!" האָט זי אַ קרעכץ געטאָן, מיטביידע הענט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ און זיך געשאָקלט, ווי זי זאָל דאַווענען.

שמעון האָט פון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן. געוואָרט.

איר שאָקלען זיך איז כסדר פאַמעלעכער געוואָרן ביז זי האָט מיט אַ ציטערדיק קול אים געפרעגט:

„ווי אַזוי איז דאָס געשען?"

„אסתר, פאַרשטיי. איך מיט נתנען וועלן מיר זיין טאָפּלטע שוואָגערלייט" האָט ער איר אויפגעקלערט מיט שטאָלץ.

זי האָט זיך ווידער צעכליפּעט און געוויינט מיט אַ ניגון.

ער האָט איר נישט געשטערט.

נאָר מיט אַ מאָל האָט זי אים אַ פרעג געטאָן, ווי זי זאָל אויך אויסוויינען די ווערטער: „ווי אַזוי קען דאָס זיין?"

„אַזוי וויל איר מאַמע מיעך פאַר איצ זיך" האָט ער איר געענטפערט מיט שטאָלץ און אויסגעשטראַמט זיין ברוסטקאַסטן.

„נתן קרוין! דיך אומזיסט און פאַר גאָרנישט חושד געווען" און זי האָט זיך צעוויינט אויפן קול.

נאָר, אַז שמעון האָט זי אַ רוף געטאָן ביים נאָמען „אסתר!" האָט זי אויפ־געהערט וויינען, אים אָנגעקוקט מיט אויסגעשראָקענע אויגן, געוואַרט וואָס נאָך ער וויל איר זאָגן.

„אסתר, אין אָוונט וועל רעדן מיט טאַטע־מאַמע, דו זאָלסט וויסן ווי זיך צו האַלטן" האָט ער זי געוואָרנט און ער איז אַוועק צו דער טיר. זי איז זיצן געבליבן ווי אַ געליימטע, נאָר אַז ער האָט נאָך זיך צוגעמאַכט די טיר, האָט זי זיך צעיאָמערט אויפן קול, זיך געפּאַטשט און געריסן זיך די האָר פון קאָפּ פון אויפרעגונג און גליק.

דער הימל איז געווען גרוי און פאַרוואָלקנט. די לופט ווי געגליווערט. דער בין השמשות האָט פריער ווי שטענדיק זיך באַזעצט אין שטעטל. דער אָוונט איז געווען אַ נישט היימלעכער. אין דעם עס־ און אויפנאַם־צימער, וואָס איז געווען דאָס זעלבע חדר, איז געווען שטיל, ווי די צייט אין אים זאָל יוירן. דער טאָג מיט דער נאַכט האָבן זיך איבערגעגאָסן. דער פלאַם פונעם הענגל־לאָמפּ איז געווען אַראָפּגעדרייט, די שיין איז נאָר געפאַלן אויפן טיש און באַשיינט די בענקלעך וואָס זענען געשטאַנען אין מיטן צימער. דער וואַנט־זייגער־אומרו האָט זיך געהוידעט און געריסן די שטילקייט. די מוטער מיט דער טאָכטער האָבן זיך געפּאָרעט אין קיך. פון מאָל האָט זיך דערהערט אַ קלאַנג פון אַן אָפּגעדעקטער שטאַרץ. מרדכי דער פאָטער, האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר: „אַ גוטן אָוונט אייך!" האָט ער זיי געזאָגט.

„אַ גוט יאָר!" האָט די מוטער אים געענטפערט. ער איז שטיין געבליבן אין דעם קיכטיר־דורכגאַנג אַ צעשמייכלטער. ער האָט געקוקט, ווי רבקה מיט אסתרן פּאָרען זיך. די אויוון־וואַרעמקייט און די טעפּ־פּאַרע האָבן אים אַדור־גענומען. „באַלד וועט זיין אַ לעפל וואַרעמס פאַר דער קישקע" האָט ער געזאָגט מיט פרייד און אַוועק אין שטוב.

אסתר האָט געשוויגן. זי איז געווען אויפגערעגט. אַלץ איז איר געפאַלן פון די הענט. זי האָט זיך געשראָקן, וואָס עס דערוואַרט איר און וואָס עס קען, חלילה, געשען. ווי לאַנג דער פאָטער איז געשטאַנען אין דורכגאַנג האָט זי כסדר צו זיך געריעדט שטיל, אַזוי אַרום זיך געוואָלט באַהערשן. „די זופּ איז פאַרטיק", „די קאַרטאָפל קאָכן", „די קאָטלעטן זענען גרייט".

דער פאָטער, ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב, האָט ער אַרויפגעדרייט דעם לאָמפּפלאַם און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. ער איז געזעסן מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט, צענומענע פּיס, זיך באַגינצט מיט דער רו נאָכן שווערן טאָג אַרבעט.

שמעון האָט געאַרבעט און אויסגעקוקט דעם פאָטער ביז ער האָט אים

געזען קומען. אַ צייט שפּעטער האָט ער איבערגעריסן די אַרבעט. ער האָט זיך מסדר געווען און אַוועק אין שטוב. ער האָט מיט רעש געעפנט און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און געזאָגט אויפן קול אַלע זאָלן הערן: „אַ גוטן פאַר אַלע" און איז אַריין צום פאָטער. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער געשטאַנען, ווי ער זאָל זיך צוהערן און באַטראַכט דעם פאָטער, אָפּגעשאַצט די לאַגע.

דערהערנדיק דעם קול האָט אסתר גענומען ציטערן מיט אַלע אירע גלידער און זי האָט אַ זיפץ געטאָן, ווי עפּעס זאָל אין איר זיך האָבן אָפּגעריסן.

שמעון האָט אָפּירגערוקט אַ בענקל און זיך צוגעזעצט צום טאַטן. זיין פּנים איז געווען ערנסט.

„וואָס איז געשעין?" האָט דער פאָטער אים געפרעגט, זעענדיק זיין ערנסטקייט.

שמעון האָט אים נישט באַלד געענטפערט. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער איט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אויסגעשטרעקט דעם האַלדז ווי אַ גאַנדז ווען זי דערפילט אַ געפאַר און אים געפרעגט און געזאָגט:

„טאַטע, דו ווייסט, אַז נתן און אסתר טרעפן זיך?"

איצט האָט דער פאָטער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל אים אָנקוקן און ווען הערן.

„יאָ! יאָ!" האָט שמעון אים ווי באַשטעטיקט זיין ידיעה און ממשיך געווען: „אָבער שוין עטלעכע טעג, ווי ער האָט זיך פאַר איר נישט געוויזן. אסתר איז אויס מענטש. זי איז אַן אַ קאָפּ".

דער פאָטער האָט נייגעריק אים אָנגעקוקט. די אויגן זיינע האָבן געגלאַנצט פון אומבאַהאָלפנקייט.

שמעון האָט געזען זיין מצב און אים געזאָגט: „נאָר הער זיך צו, טאַטע. היינט פרי איז ער געקומען צו מיר. ער וויל שטעלן אַ חופה מיט אסתרן".

אַ קוים מערקבאַרער שמייכל האָט אויסגעקרומט דעם פאָטערס פּנים. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער באָרד און געבליבן מיט אַן אָפן מויל.

„יאָ, יאָ, טאַטע" האָט שמעון ווידער אַ מאָל באַשטעטיקט זיינע רייד, נאָר באַלד אים אויך געוואָרנט: „זיין מאַמע איז מסכים, אָבער מיט אַ תנאי: איך זאָל גיין אונטער דער חופה מיט איר רייזלען".

דעם פאָטערס אונטערשטע ליפּ פון זיין אָפן מויל איז געבליבן הענגען. זיינע אויפגעריסענע אויגן זענען געווען גלייזיק. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער פאָטער אַ שלונג געטאָן, ווי ער זאָל האָבן אַ פול מויל און שטיל געפרעגט: „ווי געשיקט עס זיך?"

„יאָ, זי איז אַלע יאָרן אַן אלמנה און וויל חתונה מאַכן איר טאָכטער און אַ נדן פאַר איר האָט זי נישט", האָט שמעון אים אויפגעקלערט.

„פאַלט דער חוב אויף מיין זון?" האָט ער אים געפרעגט, ווי דער שידוך זאָל אים נישט זיין צום האַרצן.

„טאַטע, זי איז טאַקע אַ געפאַלענע, אָבער די קינדער אירע זענען לייט. זייער אָפּשטאַם איז פון למדנים. נתן איז דאָך דיר צום האַרצן. אַ בעסערן אײדעם וועסטו נישט קריגן", האָט שמעון מיט אים איינגעטענהט.

„יאָ די טאָכטער גיב איך איר, אָבער דעם זון?" האָט ער זיך געפּרוּווט אָקעגנשטעלן.

שמעון האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ און אים אָנגעקוקט מיט איין אויג. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס שטעלט דער פאָטער נאָר אָן זיין גרויסן זיך. נאָר דעם פאָטער זאָל טאַקע נישט איינפאַלן זיך גרויסן, האָט ער אים געזאָגט שטאָלץ און אַנטשלאָסן: „רייזל איז אַ מויד אַ ליכט. איך וויל זי".

דער פאָטער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך וווּנדערן. מיט ביידע הענט האָט ער אַרומגענומען זיין באָרד און געזאָגט: „כ'זע דאָך, אַז דו ווילסט זי, וועל איך דיר נישט שטיין אין וועג".

„טאַטע", האָט שמעון געזאָגט נאָר נישט ממשיך געווען. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער, נאָכן איבערלייגן זיך וואָס ער זאָל אים יאָ זאָגן, האָט ער פאַרענדיקט: „טאַטע, גענוג אָנגעשטעלט די וואָרע. אַזאַ כלה און אַזאַ יחוס וועל איך נישט קריגן".

הערנדיק דעם זונס דיבורים האָט דער פאָטער אָפּגעלאָזט די באָרד און אַ געשריי געטאָן: מזל טוב! זיי זענען אויפגעשטאַנען, זיך אַרומגענומען און געווווּנטשן מזל טוב! מזל טוב!

ביידע, די מאַמע און די טאָכטער, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט אונטער־געהאָרכט, זענען אָנגעלאָפן פאַרסאָפּעטע. פון אויפרעגונג זענען זיי שטיין גע־בליבן געפּלעפטע. אסתר האָט זיך צעוויינט, נאָר געשטיקט אין זיך די טרערן זי זאָל זיך נישט צעיאָמערן. די מוטער האָט איר נאָכגעטאָן און אָן איבער־ראַשטע געפרעגט: „וואָס? ווי אַזוי? ווען?" ווי זי זאָל נישט פאַרשטיין וואָס עס איז געשען. שמעון האָט זיך באַפרייט פון פאָטערס אָרעמס.

„רבקה, מזל טוב דיר און אונדז אַלע, אין אַ צוואַ פאַכיקן מזל טוב!" האָט דער פאָטער איר געווווּנטשן.

רבקה, זייער מאַמע, האָט זיך צעוויינט און געקוקט אויף אַלע מיט אויס־געגלאָצטע פאַרטרערטע אויגן. זי האָט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען וואָס איר מרדכי האָט איר געזאָגט: „איז וואָס?" האָט זי אים געפרעגט.

„ביידע, דער זון מיט דער טאָכטער, האָבן זיך פאַרקנסט!" האָט ער פריי־לעך, ווי מכריז געווען.

אסתר, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געשטיקט אין זיך די טרערן, האָט זיך צעוויינט.

„זאָל זיין מיט מזל! האָט די מוטער געווווּנטשן און אויפגעהויבן די הענט און די אויגן צום הימל. ערשט איצט האָט די מוטער זיך אַ פרעג געטאָן: „ווער וועט זיין אונדזער חתן און ווער די כלה?" כאָטש זי האָט געוווּסט און פאַרשטאַנען ווער זיי זענען.

„רייזל מלכה־רחלס וועט זיין דיין שניר, איר נתן — דיין איידעם. מלכה־רחל דיין מחותנתטע!" האָט דער פּאָטער איר צוווּיסן געטאָן.

„יאָ, גוט און וואויל. נתן איז געווען אַן אייגענער ביי אונדז, אָבער ווי קומט רייזל צו שמעונען?" האָט די מוטער געפרעגט בייגעריק, שוין אַ מיושבדיקע, אָבער אויך מיט פאַרדראָס צוגעגעבן: „וואָס וועלן מענטשן זאָגן. אָן אַ שדכן, די קינדער אַליין".

„מאַמע, דאגה נישט. איך וועל דיר געפינען אַ שדכן, אַ ייד אַ נצרך" — האָט שמעון איר געענטפערט און זיך צעלאַכט.

„יאָ! יאָ!" האָט זי אים געזאָגט נאָך אַלץ אַ באַליידיקטע.

מרדכי האָט זיך אָנגעצויגן די באָרד און זיך אַ ווענד געטאָן צו איר: „רבקה, פאַרשטיי, די זאַך איז פּשוט. נתן וויל אסתרן, וויל מלכה־רחל זיין מאַמע, אונדזער שמעונען פאַר רייזלען". האָט מרדכי איר אויפגעקלערט און פון פרייד זיך איינגעריבן די הענט. אַ ווײַלע האָבן אַלע געשוויגן און אַרומ־געשטאַנען, ווי זיי זאָלן נישט וויסן וואָס צו טאָן מיט זיך. מיט אַ מאָל האָט דער פּאָטער אַ זאָג געטאָן: „רבקה, נישקשה, גאָט איז אַ פּאָטער און מזווג זיווגים".

אסתר האָט אַ קרעכץ געטאָן, אוי! שמעון האָט אַ הויך געטאָן: „האַ!" ביידע האָבן זיי זיך באַפרייט פונעם פּחד, ווי וועלן רעאַגירן טאַטע־מאַמע? זי איז צוגעפאַלן צום ברודער, אים געקושט. ער האָט אונטערגעהויבן איר גאָמבע און איר געלאַכט אין פּנים.

די מוטער האָט זיך איבערגעלייגט אַ פינגער איבער די ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַראָפּגעלאָזט די הענט און זיך געזאָגט: „מלכה־רחל — אַ יידענע מיט שׂכל. אָפּגעביטערט אַ לעבן. טאַקע אַ געפאַלענע, אָבער אַ יחוסדיקע משפּחה. רייזל וועט מיר זיין אַ צווייטע טאָכטער און נתן אַ זון. ביידע יתומים פון קינדוויז" און מיט ביידע גראָבע פינגער האָט זי זיך אויסגעווישט די טרער אין אירע אויגן־ווינקלען.

אסתר איז אַרויפגעפאַלן אויף איר. זיי האָבן זיך געקושט. געהאַלדזט און געוויינט. אויך שמעון איז צו איר צוגעגאַנגען. זי האָט אים אַ קוש געטאָן און זיך צעהעשעט. דער פּאָטער האָט זיך צוגעקוקט און געשמייכלט.

די מוטער האָט זיך אָפּגערוקט אַ טריט אויף היגטערוויילעכץ און זיך געוואָנדן צום זון: „שמעון, איצט מוז אַלץ געטאָן ווערן מיט קאָפּ. רעד אָפּ מיט נתנען, וואָס ער דאַרף רעדן מיט זיין מאַמען. שבת נאָכמיטאָג קומען מיר צו איר אָפּרעדן אַלע ענינים. גאָרנישט דאַרף בלייבן הענגען און ווערן היימיש און משפּחהדיק. און דו, מיין מאַן, דאַרפסט וויסן וואָס דו האָסט צו טאָן". זי איז שוין געווען די מאַמע זייערע, וואָס פאַרלאַנגט און דעצידירט.

„גוט!" האָט שמעון איר געזאָגט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף הסכמה.

אסתר האָט זיך צעהעשעט, געוויינט אָן טרערן און זיך אַרויפגעוואָרפן

אויף דער קאַנאַפּע, איר בעט וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן: „ווי וועל איך נעמען כּוח צו דעם אַלעם". דאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צום פֿאָטער און אים אַ קוש געטאָן אין באַק. דער פֿאָטער האָט מיט ביידע הענט אַ גלעט געטאָן איר פּנים.

„קומט עסן אַ לעפֿל וואַרעמס" האָט די מוטער ווי אויסגערופֿן.

„איך קאָן נישט עסן" האָט אסתּר איר געענטפֿערט און זיך ווידער אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע.

„איך מוז שוין גיין" האָט שמעון געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, צי זי איז מסכּים.

„אָנגעקאָכט אַזוי פֿיל געקעכטס און אַלעס וועט ווערן באַשטאַנען" האָט די מוטער זיך אַ קלאָג געטאָן.

שמעון האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און איז אַרויס פֿון צימער.

„רבֿקה, מיר מוזן עסן אַליין, דזשאַד זבאַבאָם" (דער אַלטער מיט דער אַלטער), האָט ער זיך מיט איר אַ וויצל געטאָן. ביידע זענען זיי אַוועק אין קיך.

## יא

דער הויכער, ווי אַ באַלדאַכים פֿאַרצויגענער הימל, איז געווען פּיאָלעט־בלוי. די זון האָט געשימערט ווי גינגאָלד. די לופֿט — דורכזיכטיק. פֿון מאָל צו מאָל האָט אַ מילד ווינטל אַ ווייע געטאָן, ווי געגלעט. מרדכי גאַרבער מיט דער משפּחה, אַלע אויסגעסטראָצלט (אויסגעפּוצט) זענען געגאַנגען פּאַמעלעך און שטאָלץ און זיך נישט אומגעקוקט. זיי זענען געגאַנגען אָפּשטאַטן אַ וויזיט מלכּה־רחלען, זייער צוקונפֿטיקע מחותּנתטע. מרדכי, אין אַ געהאַקטער שוואַרצער טוכענער איביצע, קיילעכיק טוכן היטל מיט אַ זיידן פּאַסיקל פֿון פֿאָרנט, מיט צוויי קנעפּלעך ביי די זייטן, האָט געשפּאַנט מיט פֿאַרלייגטע הענט פֿון הינטן. זיין שוואַרצע, צעקעמטע באָרד האָט געגלאַנצט, ווי זי זאָל זיין אויסגעפּעטעסט. מיט אים, ביי דער זייט, איז געגאַנגען רבֿקה זיין ווייב. זי האָט געהאַט אויף זיך אַ ברייט, פֿאַלבירט פֿון בלויען זייד קלייד מיט לאַנגע אַרבל, אַ גאָלדענע קייט מיט אַ זייגער, וואָס איז געהאָנגען צווישן אירע פֿולע ברוסטן, ווי אַ זייגער־וואָגע. הינטער זיי זענען געגאַנגען שמעון מיט אסתּרן. ער אין אַ גראַנאַטענעם שבת־אַנצוג, זי אין אַן אָנגעצויגן העל בעזש זיידן קלייד, וואָס האָט זי געמאַכט שלאַנקער, ווי זי איז געווען. אויך אירע שיך אויף אַ הויך קלעצל און האַנט־בייטל, זענען געווען פֿון דער זעלבער קאָליר.

אין די געסלעך איז געווען שטיל. די שבת־שכינה האָט אין זיי געפּלאָ־טערט. דאָ און דאָרט האָבן צוויי, דריי מיידלעך געשפּילט קלאָס. עטלעכע יינגלעך האָבן געשפּילט מיט קנעפּ. קעפּ פֿון אויסגעשלאָפֿענע פּרויען האָבן

געכאַפּט אַ בליק דורכן פענצטער צו זען ווער גייט אין גאַס. געוועזן אויך פרויען, וואָס האָבן זיי נאָכגעקוקט. אַ יידענע איז אויך אַרויסגעלאָפן פאַר דער טיר זען ווו אַהין זיי גייען. די הויכע יידענע מיטן פאַרוואָרפענעם אויף שנעל טוך איבער די אַקסלען, האָט זיך געוווּנדערט צו ווּעמען זיי גייען אין אַ געוויינ־לעכן שבת־נאָכמיטאָג אָפּשטאַטן אַזאַ אָפיציעלן וויזיט. ביי אַן איינגאַנגס־טויער פון אַ הילצערנער כאַטע, זענען געזעסן אויף צוויי אַרויסגעשטעלטע בענקלעך צוויי פרויען: אַ דיקלעכע און אַ דאַרע. די דיקע איז געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט איבערן בויך, די צווייטע מיט אַן אַרויסגעשטרעקטן קאָפּ און מיט אַן איבערגעוואָרפענעם איבער די אַקסלען שוואַרצן שאַל. די דאַרע פרוי, ווי נאָר זי האָט דערזען די גאַרבער־משפּחה, האָט זי מיט אַן אַקסל אַ שטופּ געטאָן איר בייזיצערין. דאָס האָט זי געפרעגט: „ווו אַהין גייען זיי?" איר שכנה האָט איר געענטפערט נאָר מיט אַ קאָפּשאָקל, אַז זי ווייסט נישט. ערשט ווען די גאַרבער־משפּחה איז אָפּגעגאַנגען אַ מהלך, האָט די דאַרע יידענע געפרעגט איר בייזיצערין: „רחל, האָסט עפּעס געהערט? וואָס רעדן מענטשן?"

רחל האָט אויך איצט געענטפערט מיט אַ קאָפּשאָקל אויף ניין, נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי איר געזאָגט: „קריינדל, אַזאַ שפּאַציר איז נישט סתם. רחל, וועגט האָבן אויערן" האָט זי צוגעגעבן.

ביי מלכה־רחלען אין שטוב האָבן אַלע אויסגעקוקט די מחותנים. דער־זעענדיק זיי, האָט נתן שוין פון וויטן אויסגערופן „ברוך הבא!"

„סקאָצל קומט!" האָט מלכה־רחל אַריבערגעשריגן איבער דער שוועל.

די געסט זענען שטיין געבליבן די בעל־הבתים אַנטקעגן, ווי זיי זאָלן זיך באַטראַכטן. די צוויי משפּחות זענען געשטאַנען פאַר אַ נישט זעבאַרער מחיצה, וואָס זיי האָבן געדאַרפט איבערקומען. מרדכי גאַרבער האָט זיך איינ־געקויפט אין יחוס. מלכה־רחל האָט פאַרקויפט איר יחוס. אַלע האָבן זיך געפילט נישט באַקוועם. די אויגן ביי מרדכין און רבקהן זענען געלאָפן אַהין און צוריק, באַטראַכט ווו זיי געפינען זיך. די נידעריקע ווי איבער די קעפּ סטעליע, דער טיש מיט די בענקלעך, וואָס מען האָט אַרויסגערוקט אין מיטן שטוב, די צוויי פאַרבעטע בעטן, די אַלטע דרייטיריקע שאַנק און דאָס גלאַנציקע פון אַלטקייט טישטעך, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. די שאַנק און דאָס טישטעך האָט מלכה־רחל באַקומען בירושה.

מלכה־רחל האָט געזען, ווי זייערע אויגן נישטערן איר האָב און גוטס. זי האָט געזאָגט: „זעצט אייך, וואָס שטייט מען?" און אַליין אָפּגערוקט זיך אַ בענקל פון טיש.

„יאָ! וואָס הייסט, צו וואָס די וואַרע? מיר זענען דאָך אייגענע" האָט מרדכי איר געענטפערט. ער האָט מיט זיין זאָגן געמאַכט זיך היימיש און זיך אַוועק־געזעצט אָן צו געבן די האַנט. אַלע האָבן אים נאָכגעטאָן. אַ צייט זענען אַלע געזעסן אָנגעשטרענגטע, ווי געוואַרט אויף וועמען. די שטילקייט איז געווען אַ פיינלעכע און געקלונגען אין די אויערן. מלכה־רחל אין איר גרין טאַפטן

קלייד און ווייסן זשאַבאָט, איר חופּה־קלייד, האָט מיט איין אויג פון דער זייט באַטראַכט די מחותנים־געסט, כאָטש אַלע אין שטעטל האָבן זיך געקענט. זי האָט באַוווּנדערט דער מחותנתטעס גאָלדענע קייט און זייגער.

מרדכי מיט רבקהן האָבן כסדר זיך איבערגעקוקט. קיינער פון זיי האָט נישט געוואָגט אַ קוק טאָן אויף מלכה־רחלען. נתן, אין אַ גראַנאַטענעם אַנצוג איז געזעסן נעבן אסתרן. ווען איר איז געוואָרן איבערדריסיק דאָס שווייגן, האָט זי זיך צוגענענטערט, ער זאָל זי פּילן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און שטיל זי אַ פרעג געטאָן: „געהאַלטן וואָרט?״ זי האָט זיך אין אים איינ־געקוקט. אירע אויגן זענען געווען פול ליבע. מלכה־רחל האָט נישט געהערט וואָס איר זון האָט געפרעגט אסתרן, נאָר לויט זייער באַנעמען זיך, האָט זי פאַרשטאַנען מער ווייניק אין וואָס זיי גייט און געזאָגט: „אסתר, באַמי זעך אָפּטער קומען. ווער היימיש״. דאָס האָט זי געגעבן איר אָנצוהערן, אַז זי דאַרף וויסן, אַז זי קומט אַריין אין אַ מיוחסדיקער משפּחה. אסתר האָט נישט פאַר־שטאַנען איר מיין, אָבער די באַקן אירע זענען נאָך רויטער געוואָרן. די אויגן אירע האָבן אַ גלאַנץ געטאָן און זי האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. איר איז גרינגער געוואָרן אויף דער נשמה. שמעון איז די גאַנצע צייט געזעסן אָן איינ־געקוקטער אין רייזלען. זי האָט געפּילט זיין בליק אויף זיך. איר אָטעם איז געווען אַ צוגעאיילטער. ביז זי האָט מער נישט געקאָנט און אים געשאָנקען אַ סובטעלן שמייכל. ער האָט איר אַ קריץ געטאָן מיט אָן אויג. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

אַן אומרויִקער, האָט זיך מרדכי אַ דריי געטאָן אויפן בענקל. ער האָט באַשלאָסן אָננעמען אַ היימישן טאָן און זיך אַ ווענד געטאָן צו מלכה־רחלען: „מחותנתטע, פאַראָן צו טאָן? די מאַנגל אַרבעט, מאַכט נישט קיין צרות?״

אַלע פיר קינדער האָבן אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט און געוואַרט וואָס ער וועט ווייטער זאָגן.

אָבער מלכה־רחל האָט פאַרשטאַנען זיין נאַמיאַק. זי האָט זיך אויסגעצע־שטראָמט, ווי גרעסער געוואָרן, און מיט שטאָלץ געענטפערט: „נישט צו פאַר־זינדיקן, מען קומט אויס און ברוך השם אויפגעצויגן די קינדער״.

„און גראָטענע קינדער! ווער צו גאָט האָפט און בעט״ האָט רבקה איר אונטערגעהאָלפן, געחנפעט.

„און אַלעס מיט די צען פינגער״ האָט מלכה־רחל איר געענטפערט און געוויזן איר די הענט און צוגעגעבן: „נתן איז נישט געבליבן, חלילה, פאַר־גרעבט און רייזל האָט אַ פאַך אין האַנט״.

„מלכה־רחל, דו גיסט אונדז נישט קיין באָוול, מיר דיר אויך נישט״ האָט מרדכי באַשטעטיקט און אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז.

רבקה האָט איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„אַזוי אידעס״ האָט מלכה־רחל אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל זיך באַדויערן. רבקה האָט זיך איבערגעקוקט מיטן מאַן.ביידע האָבן זיי פאַרשטאַנען

מלכה־רחלס „אַזוי אידעס", וואָס זי מוז זיך מיט זיי משדך זיין. אויך אסתר האָט פאַרשטאַנען דאָס איבערקוקן זיך פון אירע עלטערן. ביז דעם באַזוך איז איינער נישט געקומען צום אַנדערן. די קינדער האָבן זיך געטראָפן ביי שמעונען אין וואַרקשטאַט.

אסתר האָט אַ קוק געטאָן אויף רייזלען. איר ברוינער ראָק און סעלעדינ־גרינע בלוזע, האָבן איר געקליידט ביז גאָר. רייזל, ווי אסתרס בליק זאָל זי האָבן אַדורכגענומען, זי איבערוועקט, האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ. איר דיקער צאָפּ איז אַריבערגעפאַלן איבער איר אַקסל. רייזל האָט אָנגעקוקט אסתרן.ביידע האָבן צו זיך געשמייכלט.

אויך שמעון האָט זיך אָנגעשטעקט מיט רייזלס צויבער און געזאָגט: „אסתר, רייזל איז אַ פּרינצעסין! וואָס זי טוט אָן איז שיין. זי באַשיינט די בגדים".

„שיינען זאָל איך ס'מזל" האָט רבקה זיי געוווּנטשן.

רייזל האָט זיך צעשמייכלט און באַקומען חן־גריבלעך אין די באַקן. שמעון האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט די ציין, ווי ער זאָל וועלן עפּעס איינבייסן. רייזלס אויגן האָבן זיך ווי פאַרמאַכט. איר איז נישט אָנגעשטאַנען די רימערייִ. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער. די מוטער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטע, ווי אַרייַנגעטאָן אין זיך. רייזל האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אויף אסתרן און איר געזאָגט: „אסתר, קום מיט מיר".

אסתר איז אויפגעשפּרונגען, זי אָנגעקוקט דערשטוינט און ביידע זענען זיי אַוועק אין קיך. די אַרומזיצנדיקע זענען געבליבן אָן לשון. זיי זענען נישט געווען גרייט צו דער באַנעמונג. אָן איבערראַשטע האָט רבקה אַ קוק געטאָן אויף מלכה־רחלען, וואָס זי זאָגט דערצו. מלכה־רחל האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי איר געזאָגט: „שוועגערינס", אַ שמייכל האָט אויסגעקרומט נתנס פּנים.

„גאָט זאָל העלפן אַלץ זאָל זיין כשורה", האָט רבקה זיך געוווּנטשן.

מלכה־רחל האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף הסכמה.

איצט האָט דער געבערעקלטער שמועס זיך איבערגעריסן. אַ ווײַלע איז געווען שטיל. קיינער האָט זיך נישט געטרויט רעדן. ביז מרדכי האָט באַשלאָסן זיך ווייזן פאַר מלכה־רחלען און זיך צערעדט: „אַ צייט שוין ווי איך גיי אַרום מיטן געדאַנק, וויל זיך אויסבויען, ווערן זעלבשטענדיק. דער גראָשן איז ביי מיר, חלילה, נישט אָנגעניגלט. געפּרוווט זיך אַדורכרעדן מיט אייער נתנען, נאָר ווי איך זע איז ער נישט געניגט דערצו, מיין קדיש אַוודאי נישט. ער האָט זיין פאַך".

מלכה־רחל האָט אַ קוק געטאָן אויפן זון. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי דאַרף זאָגן מרדכין. אַרויסגעהאָלפן האָט איר שמעון: „טאַטע, לאָז יעדן טון זיין טועכץ" האָט ער ווי געפּאָדערט ביי אים.

„וואָס קען מען איצט באַשליסן. מיט דער צייט וועט מען זען" האָט אויך נתן אים געזאָגט.

מרדכי האָט אים אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן אַן איבעררַאַשטער.

„מרדכי" האָט מלכה־רחל אים געזאָגט און באַלד אים אויך פאַרזיכערט „זאָרג נישט, מיט גאָטס הילף וועלן זיי זיך באַזינען". איר איז דווקא יאָ געפעלן מרדכיס פאָרשלאָג.

„מרדכי, גאָט וועט העלפן און אַלעס וועט זיין כשורה", האָט רבקה אים פאַרזיכערט און פאַרגלאָצט די אויגן.

פייגל, די בייכיקע יידענע, מלכה־רחלס בעל־הביתטע, האָט ווי נאָר זי האָט דערהערט טריט אין הויף, איבערגעריסן איר שבת־שלאָף. זי איז אַראָפּ־געשפּרונגען פון בעט און אין די זאָקן, דעם קאָפּ אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל, שטיין געבליבן ביים פענצטער מיט גרויסע פון איבעררַאַשונג אויגן און שטיל זיך אַ פרעג געטאָן: „וואָס עפּעס גייט די גאַנצע גאַרבער־משפּחה צו מלכה־רחלען? נאָר אַ מינוט שפּעטער האָט זי זיך אַליין געענטפערט: „אַהאַ!" און איר פליישיקער בויך האָט זיך איר אַ טרייסל געטאָן, ווי זי זאָל זיך האָבן באַפרייט פון אַ משא. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אַ זאָג געטאָן „אַ מין שטיק די מלכה־רחל. פאַרמאַכט ווי אַ קבר. זי זאָל דאָס לאָזן פאַלן אַ וואָרט פאַר אַ שכנה, דערצו איר בעל־הביתטע. טו איר שלעכטס, וועל איר אויסכאַפּן? האָב קינדער? האָט זי זיך געפרעגט.

זי האָט איילִיק זיך אָנגעטאָן דאָס שייטל און אַ נייגעריקע זיך איבערגע־גאַנגען עטלעכע מאָל איבערן צימער, ווי אַ פויגל וואָס קאָן נישט אַרויס פון שטייג. אין צווישנצייט איז זי אויך עטלעכע מאָל אַרויס אויפן הויף, יעדעס מאָל צוליב אַן אַנדערע סיבה: אמאָל האָט זי אויסגעשאָקלט דאָס טישטעך, אמאָל אַרויסגעהאָנגען אַ שטשערקע צו טרוקענען, אַמאָל איז זי געגאַנגען אויסשיטן דעם קיבל מיסט, נאָר יעדעס מאָל איז זי פאַרבייגעגאַנגען הינטער מלכה־רחלס פענצטער און אַריינגעקוקט. זי האָט נאָר געהערט איינצלנע ווער־טער, וואָס האָבן איר גאָרנישט געזאָגט. זי האָט עס אָבער נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים געעפנטן פענצטער און דערהערט, ווי מרדכי זאָגט „זיך משדך זיין". איר פּנים איז געוואָרן גרין. זי האָט נערוועז זיך אויס־געריבן די פינגער און אַריין צום מאַן. „אהרן! אהרן!" האָט זי אים געוועקט.

„פייגע, לאָז אַ ייד אַ דרימל געבן שבת נאָכן טשולנט" האָט ער זיך ביי איר געבעטן פון שלאָף, ווי ער זאָל דריוולען די ווערטער.

„אהרן! דו וואָהסט ניש וואָס דו לאָזט פאַרבאַ!" האָט זי אין אים אַריינ־גערעדט, נאָר ער האָט שוין ווייטער געכראָפּעט. „וויפל דע שיע כראָפּן? אַ מענטש זאָל ניט קענען אָסרעדן אַ וואָרט פאַר אַ אייגענעם מאַן", האָט זי זיך געקלאָגט און אַ צעפּלאַמטע פון כעס צוריק אַוועק צום פענצטער.

רייזל מיט אסתרן זענען צוריק געקומען און אוועקגעשטעלט אויפן טיש דעם געברענגטן כיבוד: אַ טעלער פּירקאַנטיקע מיט יאַגדעס געפילטע קיכ־לעך, אַ טעלער מיט צוקערלעך, אַ פאַלמיסעק מיט ווײַנפּערלעך און אַ גלאָז טיי פאַר יעדן.

„עסט! און מיט אַפּעטיט!" האָט מלכּה־רחל געבעטן.

„יאָ! די ערשטע שׂמחה ביי אונדז אין דער משפּחה. די שׂמחה איז גרויס און דאָפּלט", האָט מרדכי געזאָגט ווי צו זיך און אַ זופּ געטאָן פון דער טיי.

„גאָטעניו! עס זאָלן זיין שׂמחות אויף שׂמחות" האָט רבֿקה זיך געווונטשן און איינגעביסן אַ קיכל.

„גאָט זאָל געבן געזונט, געמיט און נחת אונדז און אַלע יידן" — האָט מלכּה־רחל זיך געבעטן.

„אמן! אמן!" האָבן אַלע באַשטעטיקט.

אַ צייט זענען אַלע געווען פאַרטאָן אין דער אַכילה, ווי זיי זאָלן וועלן עס אָפּקומען, אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן רבֿקהן צו זאָגן מלכּה־רחלען: „די קיכלעך צעגייען אין מויל".

„דאָס איז רייזלס בריהשקייט", האָט די מוטער זי אַ רים געטאָן.

„מאַמע, הער אויף" האָט רייזל זי געבעטן.

רבֿקה האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און פאַרפירט מיט רייזלען איר ערשטן שמועס: „רייזל, פון וואָס פאַראַ טייג זענען די קיכלעך געמאַכט", האָט זי געפרעגט.

„פון אַ געוועגדלעך הייוון־טייג", האָט זי איר געענטפערט און זיך פאַר־שעמט.

„געשמאַק ביז גאַר, ווי פון אַ צוקערניע" האָט רבֿקה זי געלויבט.

„זי האָט אין ווּעמען אַריינצוגראָטן. איר און אונדז אַלע צו לאַנגע יאָר. די באָבע אירע, זעלדע די דיינטע, האָט געשמט אַלס בריה". דאָס האָט מלכּה־רחל אַזוי פאַרגעשטעלט איר טאָכטער און דעם יחוס.

רבֿקה האָט פאַרשטאַנען איר אָנדייט און מיט דער שפּיץ צונג זיך אַרומ־געווישט די ליפּן. אויך מרדכי האָט אויסגעבלאָזן די באַקן, זיך איבערגענומען און זיך געוואַנדן צום זון: „שמעון, זע וואָס פאַראַ מאכלים זי וועט דיר גרייטן" און אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן.

שמעון, וואָס האָט פון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן און מיט יעדן ביס און שלונג מיטגעשלונגען איר חן, זיין גאווה און באַגער, האָט אים געענטפערט צעציטערנדיק יעדעס וואָרט: „ווי דען, איך וועל נעמען בילע ווּעמען".

מרדכי האָט אָפּגערוקט פון זיך זיין ליידיק גלאָז טיי און אַ זאָג געטאָן, ווי אין חלל אַריין: „נו, שוין פאַרטיק! איצט דאַרף מען רעדן תּכלית".

אַלע האָבן אים אָנגעקוקט מיט שטאַרע אויגן, ווי זיי זאָלן ערשט איצט האָבן פאַרשטאַנען צוליב וואָס זיי זענען זיך צונויפגעקומען. מלכּה־רחלס פּנים איז ווי געגליווערט געוואָרן. אירע ליפּן זענען געבליבן אָפן, ווי זי זאָל כאַפּן

אָטעם. זי איז געווען פול פּחד וואָס מרדכי קאָן פאַרלאַנגען. מרדכי, דער איסטער אויסגעאַרבעטער ייד, האָט אָפּגעוואָרט אַ ווײַלע, ווי ער זאָל זיך אָננעמען מיט כוח און זיך געווענדן צו איר: „מלכה־רחל, מירן היינט מאַכן אַ וואָרט און אַז גאָט וועט שענקען ס׳געזונט, וועט מען פאַר די פּאָרכטיקע טעג פירן די בנים מיט די טעכטער אונטער די חופּהס". ער האָט גערעדט שנעל, ווי ער זאָל שלינגען די ווערטער. אַז ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך איינגעקלאַפּט די הענט אויף קוראַזש.

רייזלס פּנים איז שטאַר געוואָרן ווי אַ מאַסקע. אסתרס אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. די טרערן אין אירע אויגן האָבן נישט געקענט זיך אַראָפּ־קייקלען. זי האָט נאָר אַ העשע געטאָן, געשטיקט אין זיך די פרייד.

די מוטער אירע, רבקה, האָט יאָ געכליפּעט און זיך געווישט די אויגן מיט די שפּיץ פינגער און געשנופּט מיט דער נאָז. מלכה־רחל און די צוויי חתנים האָבן געשוויגן, נאָר געווען אויפגעלייגט, אָבער שמעון האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך צעשריגן, ווי די פרייד זאָל פון אים אַרויסשרייען: „מזל טוב! מזל טוב! מזל טוב!"

„אמן! אמן!" האָט נתן און דער פאָטער אים געענטפערט. מלכה־רחל האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. אירע אויגן זענען געווען פאַרגלייזטע. רבקה האָט פאַרמאַכט די אויגן און געפּלוישט, ווי זיי זאָלן ציטערן.

ערשט איצט האָט מרדכי זיך צערעדט, ווי ער זאָל אַריינרעדן אין אַ לייד־דיקער פּאַס: „עס זאָל זיין מיט מזל און מיט ברכה, דער אין הימל זאָל געבן געזונט און פרנסה און יידן זאָלן האָבן מנוחה".

מלכה־רחל האָט אַ ווונק געטאָן רייזלען. רייזל האָט עס נישט באַמערקט. זי איז מיט די געדאַנקען געווען ווו אַנדערש. „רייזל" האָט די מוטער זי שטיל אַ רוף געטאָן. זי האָט זיך ווי איבערגעוועקט און אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער. בין רגע האָט זי פאַרשטאַנען וואָס די מאַמע וויל. רייזל האָט זיך צוגעבויגן און אַ קוש געטאָן רבקהן. רבקה האָט זי אַרומגענומען, זי צוגע־דריקט צו זיך און געקושט. גרויסע טרערן האָבן געקאַפּעט פון אירע אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זי אָפּגעלאָזט און זיך איינגעקוקט אין איר מיט אירע פאַרטרערטע אויגן און איר געזאָגט: „רייזל, זאָלסט מיר זיין אַ טאָכטער. וועל איך דיר זיין די צווייטע מאַמע" און זיך צעווײנט אויפן קול.

אַ ווײַלע האָט אסתר מיט זיך געקעמפט, פון אויפרעגונג האָט איר בוזעם זיך געהוידעט ווי אַ וואַסער־כוואַליע, נאָר באַלד האָט זי זיך איינגעבראָכן. זי איז צוגעגאַנגען און שטיין געבליבן פאַר מלכה־רחלען, נאָר נישט געוואַגט איר אַ קוש טאָן. מלכה־רחל האָט זי אַרומגענומען און אונטערגעשטעלט איר די באַק. אסתר האָט איר אַ קוש געטאָן. מלכה־רחל האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אויף אסתרס. מרדכי האָט אויסגעשטרעקט דעם אָרעם אַרומגענומען נתנען, מיטן צווייטן אָרעם אַ רוף געטאָן דעם זון. שמעון איז צו אים צוגעגאַנגען און אים אַרומגענומען. אויך מרדכיס אויגן זענען געוואָרן פייכט. ער האָט

עס געפילט און נישט געוואָלט זיינע נאָענטע זאָלן זען, ווי ער איז גערירט. ער האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער, אַראָפּגעלאָזט בײדע אָרעמס און געזאָגט: „שוין בין השמשות". עס ווערט שפּעט". מלכה־רחל האָט אַוועקגענומען איר קאָפּ פון אסתרן.

מרדכי האָט געוואָלט וואָס שנעלער ענדיקן די צערעמאָניע און זיך אַ ווענד געטאָן צו מלכה־רחלען: „מחותנתטע", ווי ער זאָל קייען דאָס וואָרט און אַ קוק געטאָן אויף איר פון אונטערן שטערן, נישט געווען זיכער, צי ער האָט שוין גענדאַרפט איר זאָגן מחותנתטע.

מלכה־רחל, אַן אָנגעשפּאַרטע אין בענקל־אָנלען, אַ מידע פון אויפרעגונג, האָט געקוקט פאָרויס ווי זי זאָל אויף ־ועמען וואַרטן. זי האָט אים געענטפערט „יאָ מרדכי".

דערמוטיקט, וואָס זי האָט אים גערופן בײם נאָמען, האָט ער ממשיך געווען: „היינט איז שבת קודש, ווען נישט וואָלט מען גענדאַרפט בראַכן טעלער, נאָר מיר געבן זיך ס'וואָרט, אַז מיר זענען זיך משדך. מלכה־רחל, אָפּגערעדט?! דאָס האָט ער איר געזאָגט ווי זײנס גלייכן.

„אין אַ געבענטשטער רגע און מזלדיקער שעה" האָט מלכה־רחל געווונטשן. רבקה האָט ווידער זיך צעוויינט און געווישט די אויגן. די חתנים האָבן זיך איבערגעקוקט מיט די כלות, ווי זיי זאָלן זיין אויסגעשראָקן און דערשטוינט.

„מחותנתטע, די צייט ביז די ימים־טובים איז אַ קורצע. נעמט זיך גרייטן וואָס מען דאַרף", האָט ער געזאָגט מיט קוראַזש און שטיל צוגעגעבן: „מלכה־רחל, זאָרג נישט. איך בין דאָ און גאָט אין הימל איז דאָ".

מלכה־רחל האָט אים נישט געענטפערט, ווי זי זאָל נישט האָבן געהערט וואָס ער האָט איר געזאָגט, אָבער גוט פאַרשטאַנען וואָס ער איז אויסן.

מרדכי האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן אין פענצטער און זיך אויפגעשטעלט. אַלע נאָך אים.

„אַ גוטע וואָך און אַ מזלדיקע וואָך!" — האָט מרדכי געזאָגט מלכה־רחלען.

„אמן, אמן!" האָט זי אים געענטפערט. רבקה האָט זיך צו איר ווי צוגעשאַרט און איר געזאָגט: „מלכה־רחל, פון איצט אָן זענען מיר מחותנים" און געוואַרט זי זאָל עס באַשטעטיקן.

מלכה־רחל האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז יאָ.

„אַ גוטע וואָך" האָט אסתר אַ זאָג געטאָן. זי האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי זי דאַרף טיטולירן מלכה־רחלען.

„אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָר און אַ סך מזל! גייט געזונט און קומט עפּטער", האָט מלכה־רחל געזאָגט פאַר אַלע.

„גאָט געב געזינט און מזל אונדז און אַלע יידן" האָט רבקה געבעטן און פאַרגלאָצט די אויגן און אַוועק צו דער טיר. איר משפּחה איז איר נאָכגעגאַנגען.

„רייזל, קומסט היינט נאָך צו אונדז”, האָט שמעון אַ זאָג געטאָן, שטייענדיק שוין אויף דער שוועל.

זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אים צוגעזאָגט. נתן האָט זיי אַרויסבאַגלייט.

## יב

אַז מלכּה־רחל איז זיך משדך מיט מרדכי גאַרבער איז נישט געבליבן אַ סוד פאַר די יידן אין שטעטל. ווי נאָר עס איז ווער פון די צוויי משפּחות פאַרבייגעגאַנגען, זענען די יידנס אויגן זיי נאָכגעגאַנגען. די יידן אין שטעטל האָבן אויפגענומען דעם שידוך יעדער לויט זיין אָפּשאַצונג. געווען יידן וואָס האָבן אויסגערעדט אויף מלכּה־רחלען און גערימט מרדכי גאַרבער און להיפך. נאָר בדרך כלל האָבן די יידן, באַדויערט זי, וואָס פאַרקויפט איר יחוס און גע־חוזקט פון אים, וואָס ער קויפט זיך איין איר יחוס.

אויף דעם שבת, ווען די גאַרבער־משפּחה איז געקומען צו מלכּה־רחלען „מאַכן אַ וואָרט” און פייגל האָט כסדר זיך געשלייכט איבערן הויף, געוואָלט הערן וואָס מען רעדט ביי מלכּה־רחלען, האָט מלכּה־רחל יעדעס מאָל, ווען זי האָט זי דערזען אונטערן פענצטער, גענומען רעדן הויך, פייגל זאָל הערן, זיך אין איר נוקם געווען פאַר איר אַרומפּלוישן צווישן די שכנים, ווען שמילע האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך רייזלען, ווי חלילה, עס וואָלט טאַקע געווען עפּעס געשען. נישט איינמאָל איז צווישן זיי ביידע פאַרגעקומען אַ סטיטשקע (איבער־ווערטל) צוליב דעם. ביידע האָבן נישט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט. אין אַן אָוונט, מלכּה־רחל האָט אויפן הויף צעהאָנגען עטלעכע שטיקלעך נאַסע וועש. פייגל איז אַרויס אויפהענגען אַ נאַסע שטשערקע. „מלכּה רחל, לאָז מיר אויך אַ ברעקל שטריק אויפצוהענגען די שטשערקע”, האָט זי געפאָדערט.

„פייגל, האָב נישט קיין בייזע אויגן. בין דאָך נישט אונטערשטעליק מיט קאָמאָרנע (דירה־געלט) האָט זי זיך ביי איר געבעטן.

„מלכּה־רחל קרויז, ווער קוקט און ווער זעט? האָב מיינע דאגהס”, האָט זיך פאַרטיידיקט און איז צוריק אַריין אין שטוב.

„עס זאָל אַריין אין אַלע ווּיסטע וועלדער”, האָט מלכּה־רחל איר נאָכ־געזאָגט, נאָר שטיל, פייגל זאָל נישט הערן און איז אויך אַריין אין שטוב אָבער נאָך אַלץ אַן אויפגערעגטע האָט זי געזאָגט אויפן קול נתן זאָל הערן. ער איז געלעגן אויף זיין בעט אין קיך: „דאָס איז דאָך נאָר שנאת חינם. איך האָב דאָך צו איר גאָרנישט. איך האָב נישט קיין גרויסע אויגן, וואָס זי לעבט אין רחבות. איך קום אויס, ברוך השם. זי פאַרגינט מיר נישט וואָס

אַ ווייסטע אַלמנה האָט געראַטענע קינדער און זי איז בעזדזעטנע (האָט נישט קיין קינדער).

„מאַמע, מאַמע, גענוג" האָט נתן זיך אַ בעט געטאָן ביי איר.

מאָרגן פרי, ווי נאָר פייגל האָט געזען הענען איר שכנה, אַ פרוי מיט אַ גרויסן קאָפּ, שפּיציקער נאָז און לאַנגע הענט, וואָס האָט זיך געפּאַרעט אויפן הויף, איז זי צו איר אַרויס.

„הענע, אַ גוטמאָרגן! וואָס מאַכט מען? ווי איז אַדורך דער שבת? זיך אויסגערוט? געזען דעם זון, די שנור מיטן אייניקל? געווען צו גאַסט ביי זיי?" דאָס אַלץ האָט זי איר אויסגעפּרעגט איבערן פּלויט אַריבער.

הענע האָט איר נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

פייגל האָט דערמיט זיך נישט איבערגענומען און מיטן זעלבן שוווּנג איר געזאָגט „מלכה־רחל איז זיך משדך מיט מרדכי גאַרבער".

„זאָל זיי זיין מיט מזל", האָט הענע זיי געווונטשן.

פייגל האָט צעשטעלט די פּיס, פאַרשאַרצט די אויבערשטע ליפּ און ממשיך געווען: „וואָס דען! שמילען וועט זי נעמען פאַר אַן איידעם? פאַרטריבן אַ יונג פון שטאָט. פאַר צרות איז אויך די מאַמע זיינע אַוועק צו דער טאָכטער". אירע אויגן האָבן געפינקלט פון כעס און זי האָט געוואָרט ווי אירע רייד האָבן געווירקט אויף הענען.

„קיינער ווייסט נישט וועמען עס שטייט פאַר ס'גליק. שמילע איז אַוועק אין דער וועלט, געוואָרן אַ לאַהט (לייט). וואָס וואָלט געווען פון אים דאָ געוואָרן?" האָט איר הענע אָפּגעענטפערט.

„הענע, איך גלויב נישט. דאָס זענען מלכה־רחלס דיבורים. דאָס זענען אירע גיזמעס (גוזמאות), זי זאָל נישט זיין ביי מענטשן אין די מיילער".

הענע האָט פון פאַרווונדערונג אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

„יאָ! מען דאַרף זיך נעמען עפּעס טאָן אין שטוב" האָט פייגל געזאָגט און אַוועק אין שטוב. זי האָט מער נישט אויסגעהאַלטן.

הענע האָט איר נאָכגעקוקט און באַלד ווידער גענומען צוזויפנעמען די אַנגעוואָרפענע אויפן הויף העלצער.

די רעדערייען האָבן אָנגעהאַלטן, ביז אין אַ פאַרנאַכט האָט האַרש קיבאָ געברענגט דעם גאַסט צו חמדודלען (חיים־דוד). די לופט אין שטעטל האָט אָנגעהויבן זיך קילן נאָך דער טאָג־פאַרנאַטע. האַרש קיבאָ, אַ דאַרער ייד מיט אַ שפּיציקן בערדל און שיף איינגעזעצטע שוואַרצע אויגן, האָט פון דער קאָזלע אַראָפּ אַריינגעשריגן אין דער אַכסניה אַריין: „געברענגט אַ גאַסט!"

שמילע האָט אים דערלאַנגט אַ באַנקנאָט, גענומען די וואַליזקע און אַריין אין דער אכסניה.

האַרש קיבא האָט זיך נישט געגלויבט די אייגענע אויגן. ער איז געזעסן און באַטראַכט די פינף זלאָטעס אין האַנט און געמורמלט „פינף גילדן, פינף גילדן". אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער דאָס געלט אַריינגעשטופּט אין בוזעם־

קעשענע און מיט קוראַזש אַ זאָג געטאָן דעם פערד „וויאָ!". זיין קאַרע האָט האַסטיק אַ צי געטאָן דעם וואָגן. האַרש קיבאַ האָט נישט געוווּסט וועמען ער האָט געבערענגט אין שטאָט אַריין. נאָר פאַרנדיק שוין האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: „אוי! דאָס איז דאָך שמילע!" פון איבעררעאַשונג האָט ער אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד ער זאָל גיין שנעלער.

שמילע האָט אַראָפּגעשטעלט די וואַליזקע און אַ פאַרוווּנדערטער זיך אַרומ־געקוקט, באַטראַכט די פּאָליצע מיט די פלעשער געטראַנקען, דעם קאַסע־טיש מיט דער גאַבלאַטקע מאכלים אויף אים, דאָס פעסל ביר מיט דער מעשענער פּאָמפּע און די טישלעך מיט די בענקלעך אַרום זיי. „אַלעס ווי געווען", האָט ער אַ מורמל געטאָן. אויך לאה, די קאָרפּולענטע יונגע פרוי מיט שוואַרצע אונטערגעשוירענע האָר, איינע פון די טעכטער, וואָס האָט מיטגעהאָלפן פירן די אכסניה, האָט אים נישט דערקענט. זי איז געשטאַנען און פון דער זייט נישט דרייסט באַטראַכט דעם עלעגאַנטן גאַסט. שמילע האָט געטראָגן אַ גרויען זומער־אַנצוג, אַ ווייס געשטייפט העמד מיט אַ גרויער מושקע. ער האָט געזען, אַז זי דערקענט אים נישט און זי אַ פרעג געטאָן: „לאה, דערקענסט נישט שמילען?" און געשמייכלט צו איר.

„אוי, ווי מיר! גיי ווייס, אַז דאָס איז שמילע", האָט זי געזאָגט און פון איבעררעאַשונג זיך אַ קניפּ געטאָן אין באַק. זי האָט גענומען רופן: „זונדל! בעריש! קומט זעט נאָר ווער עס איז געקומען!" ווי נאָר זיי זענען אַריין האָט זי אַ געשריי געטאָן. „דאָס איז דאָך שמילע!" ווי זי אַליין זאָל זיך וועלן איבערצייגן.

„אַוודאי איז דאָס ער", האָט בעריש, אַ הויכער, דאַרער פאַרשוין מיט אַ גאָרגלקנאָפּ און לאַנגער נאָז איר געענטפערט און זיך אַ ווענד געטאָן צו אים: „שמילע, וואָס מאַכט מען? ווי גייט עס? ביסט טאַקע אַ ייד אַ גביר, ווי מען זאָגט?"

שמילע האָט געשמייכלט און געשוויגן.

אויך זונדל, אַ דאַרער, מיטלווּקסיקער ייד מיט אַ קיילעכיק פּנים און דינער הויט, ווי ביי אַ פרוי און מיט אַ דין, קורץ שוואַרץ וואָנסעלע, ווי אַ זומער־פייגעלע זאָל אים שטיין אויף דער אויבערשטער ליפּ, איז געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע אַקסלען, ווי אַ פאַרחלומטער. דער ערשטער, וואָס איז ניכטער געוואָרן, איז געווען בעריש. ער האָט אים געפרעגט:

„שמילע, ווילסט איינשטיין ביי אונדז?"

„יאָ. וויל אָוועקשטעלן די וואַליזקע און זיך אַרומוואַשן".

„קום מיט מיר" האָט בעריש אים געזאָגט ווי אַמאָל, ווען שמילע פלעגט צו זיי אַריינקומען נאָך אַ פאַרדינסטל. ביידע זענען אַוועק.

אין דער אכסניה איז געווען אַ באַוועגונג. מענטשן זענען אַריינגעקומען און אַוועקגעגאַנגען. אַ ייד איז אַריין מאַכן אַ שנאַפּס און פאַרביסן מיט אַ שטיק טרוקענעם וורשט. אַ צווייטער ייד האָט זיך דערוואַרעמט מיט אַ קאָכע־

דיקער זופּ. איין ייד האָט געגעסן אַ פּערטל געבראָטן גענדזנס און אַן אַנדערער איז געזעסן ביי אַ גלאָז ביר און אַ טעלערל געזאָטענע אַרבעס. נאָר אַלע אין דער אכסניה, די געסט און די אייגנטימער זענען געווען אָנגעשטרענגט. אַלע האָבן געוואַרט, אויסגעקוקט שמילען.

נאָר אויסער זיך פון איבערראַשונג איז געווען שכנא, אַ הויכער געבוקטער ייד מיט גרויסע שטיוול־כאַלעוועס און מיט אַ שוואַרצער דראָטענער באָרד. ווי נאָר ער האָט דערזען שמילען, איז ער זיצן געבליבן ווי געליימט, מיט אויס־געגלאָצטע אויגן פון איבערראַשונג ביים טעלער ביינער פונעם פערטל גענדזנס וואָס ער האָט אויפגעגעסן. ווען ער איז צוגעגאַנגען באַצאָלן האָט ער געזאָגט זונדלען: „בין נישט תופס, ווי אַזוי אַ יינגל, וואָס איז אַרויס פון שטעטל נאָר מיט די צען פינגער, איז אַזוי נתעשר געוואָרן און פון וואָס? פון טאַנצן?"

זונדלס וואָנסעלע האָט ווי אַ ציטער געטאָן און ער האָט אים געענטפערט: „שכנא, די וועלט איז גרויס" און אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז.

שכנא האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן קאַסעטיש צוויי פּאַפּירענע זלאָטעס, אַ זאָג געטאָן זונדלען, ווי מיט פאַרדראָס „באָבע־מעשהס" און איז אַוועק.

דאָס נייעס, אַז שמילע איז געקומען האָט באַלד זיך צעטראָגן איבערן שטעטל. אַלע, גרויס און קליין, קינד און קייט, האָבן געוווּסט, אַז שמילע איז געקומען זיך גאָשטשען. אַפילו ברײנע, אַ יידענע מיט אַ קופקע אויפן קאָפּ און באַהאַרטן וואַרצל אויף דער גאָמבע, איז אַריין צו צירל בעקערין נעמען אַ ברויט און געזאָגט פאַר אַלע, ווי זי זאָל באַשטעטיקן די שטאָט־נייעס: „שמילע שטייט טאַקע איין ביי חמדודלען". יוחנא וואָס איז געשטאַנען פון דער צווייטער זייט קאַסעטיש איז אים אַריבערגעשפּרונגען און געלאָזט זיך לויפן, ווי אַן אויסגעצילטע פייל.

יוחנא אין זיינע גאַליפּע־הויזן און שטיוול מיט האַרטע אויסגעפּאַסטע כאַלעוועס, דאָס העמד צעכראַסטעט, איז ווי אַריינגעפאַלן אין דער אכסניה און אַ געשריי געטאָן: „ווו איז ער?"

לאה, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ביים פּאַס ביר האָט לאַקאָניש אים געענט־פערט: „אויבן" און מיט אַ קאָפּשאָקל אים געוויזן ווו.

יוחנא האָט איין גייִן געהיפּערט טרעפּ און פון דרויסן שוין געשריגן: „שמילע!"

שמילע האָט דערקענט זיין קול און אים געעפנט די טיר. זיי זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס. עס האָט געדויערט ביז זיי זענען שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן און זיך באַטראַכט: „דער זעלבער יוחנא", האָט ער אים געזאָגט.

„יאָ! אויך דו, כאָטש דו ביסט אויסגעפּוצט ווי אַ יאַלד" האָט ער אים געענטפערט.

שמילע האָט געשמייכלט און געפרעגט: „ווי איז אַלטער?"

„ער איז געפאָרן קיין שוריק, זיך שויען און וועט זיך דאָרט זוימען אַ

צוויי וואָכן. ער זעט זיך דאָרט מיט אַ ווייטער מומעס אַ טאָכטער" האָט יוחנא אים אינפאָרמירט.

„ער האָט מער גליק" האָט שמילע אים געזאָגט און געמיינט זיך.

יוחנאַ האָט פאַרשטאַנען וואָס ער איז אויסן. ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ פון ערגערניש, אויף אים אַ קוק געטאָן און געזאָגט: „האָר אונטער (וואָרט צו)".

שמילע האָט פון אים נישט אַראָפּגענומען די אויגן. געוואָרט.

אָבער יוחנאַ האָט אים נאָר געזאָגט: „שמילע, איך באַשטעל פיר פלאַשן ביר און אַ האַלבע ברוסט".

שמילע האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען און אים געפרעגט: „ווער וועט דאָס אַלץ עסן?"

„דו און איך!"

שמילע האָט זיך צעלאַכט.

יוחנא האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פול פאַרדראָס און אים געזאָגט: דאָהן חדר איז אונטערן דאַך, ס'פענצטער גייט אַריבער איבער די דעכער. קאָהנע העט ניש דאָן געלעכטע". ער האָט געעפנט די טיר, איז שטיין געבליבן אויף צעשטעלטע פיס און אַראָפּגעשריגן: „פיר פלעשער ביר! אַ האַלבע געווענדזלטע ברוסט!". ער האָט פאַרמאַכט די טיר און זיך איינגעריבן די הענט.

שמילע האָט געשפּאַנט איבערן צימער און געשמייכלט. יוחנא האָט אים באַגלייט מיטן בליק. דער מצב איז געווען אַ נישט באַקוועמער פאַר ביידע. עס האָט געפעלט דער קאָנטאַקט צווישן זיי. נאָר באַלד האָט זונדל אַרויפגע־ברענגט די באַשטעלונג און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש די פיר פלאַשן ביר מיט די צוויי הויכע גלעזער, דעם טעלער פלייש און אַוועקגעלייגט די צוויי גאָפּלען און אָן צו זאָגן אַ וואָרט איז ער אַרויס פון צימער.

די לופט אין דעם דאַך־חדר האָט ווי געטריפט. די אָנגעדראָלטע שטילקייט האָט ווי געציטערט דער גרינער עלעקטריע־שיין אַנטקעגן. נאַכט־פליטערלעך זענען אַריין און אַרויסגעפלויגן דורכן אָפענעם פענצטער. ביידע, שמילע און יוחנא, זענען געזעסן איבערגעבויגענע איבערן טיש, ווי זיי זאָלן באַטראַכטן וואָס עס געפינט זיך אויפן טיש. אַמאָל האָט ווער פון זיי אַ זופּ געטאָן פון גלאָז. אַמאָל האָט ווער איינגעשטאָכן דעם גאָפּל אין אַ פריטשע פלייש. ביידע האָבן זיי גערעדט אָפּגעהאַקטע זאַצן וואָס האָבן אָבער געהאַט אַ צוזאַמענהאַנג. זיי האָבן זיך איבערגעגעבן ענינים, געשעענישן און אויך איבערחזרט די פאַר־גאַנגענהייט. „איך האָב דיר אַלעס צו וויסן געטאָן, יעדעס מאָל מיט אַן אַנדערן שליח, קיינער זאָל נישט וויסן וואָס" האָט יוחנא מיט אים איינגעטענהט. שמילע האָט אים נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

יוחנא האָט אַרויסגעלייגט דעם גאָפּל פון האַנט, זיך צוגעבויגן צו שמילען, ווי איינגערוימט אים אַ סוד: „זיי האָבן געמאַכט אַ וואָרט. די אַלטע מכשפה, געמיינט מלכה־רחלען, האָט אַראָפּגעלאָזט פון יחוס. מרדכי גאַרבער האָט די

ממתקים (געלט). שמעון אליין איז אויך אַ פּאַרדינער" און אַ קוק געטאָן אויף שמילען פון אונטערן שטערן, ווי ער נעמט אויף זיינע רייד. שמילע האָט נאָר געביסן אַ פאַרבויגענעם פינגער.

אַ צייט האָבןביידע געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט יוחנא אַ זופ געטאָן פון דעם שוין אויסגעוועפּטן אין גלאָז ביר און זיך אַ ווענד געטאָן צו שמילען: „דו דאַרפסט זיך פירן ווי אַ גביר. וויפל עס זאָל דיך נישט קאָסטן דאַרפסטו זיך שטעלן, מאַכן אַ רושם, פאַרבלענדן די אויגן פון די יידן אין שטעטל. אַלע וויסן ווער דו ביסט איצט", האָט ער אים אָנגעזאָגט.

שמילע האָט זיך צעשמייכלט, פאַרמאַכט די אויגן און אים געפרעגט: „יאָ, אָבער ווי וועט עס מיך ברענגען צו איר?"

יוחנא האָט אים נישט באַלד געענטפערט. ער האָט אויפגעהויבן אַ פּריטש פלייש און נאָכגעטרונקען. ערשט איצט האָט ער פאַרביילט די פויסטן און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט. ער האָט געמרוזשעט די אויגן, ווי ער זאָל אויף וועמען זיך פאַרמעסטן און אים געזאָגט: „שמילע, דאַהן קימען קען נישט זאַהן אָף גאַרנישט". ער האָט אויסגעשטרעקט זיין אָרעם און מיט אַ פאַרביילטער פויסט, ווי ער זאָל דראָען מלכה־רחלען אים געזאָגט: „דו מוזט זיי ווייזן ווער שמילע איז. אַלע אין שטעטל דאַרפן עס וויסן. די פּיץ זיך אויס און מאָרגן פאַרמיטאָג שפּאַציר זיך אַדורך איבערן מאַרק".

„אין וואָס וועט זיין דערפון?" האָט שמילע אים געפרעגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

יוחנא האָט אַ קנאַק געטאָן מיט צוויי פינגער, אים אַ ווינק געטאָן מיט אַן אויג און אים צו וויסן געטאָן: „דו טו ס'דייניקע. די רעשט לאָז פאַר מיר. איך וואַרט זי אָפּ און באַשטעל דיר אַ ראַנדעוווּ מיט איר!"

שמילע האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן פון איבערראַשונג און צווייפל. ער האָט נאָר אַ שטאַמל געטאָן „און טאָמער?"

„שמילע, איך בין דאָ!" האָט יוחנא אים פאַרזיכערט און זיך אַ זעץ געטאָן מיט די פויסטן אין ברוסטקאַסטן. דער אָפּהילך איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבערן צימער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט שמילע אים אַ פרעג געטאָן: „ווי אַזוי וועסטו עס מאַכן?" און אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ, אים ווי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און אַ צופרידענער אים אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע.

שמילע האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנטזייגער, יוחנא אויף זיין טאַשן־זייגער „אוואָ! שפּעט! דו ביסט מיד. איך דאַרף זיך שוין באַלד שטעלן אַרבעטן", האָט יוחנא אים געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט. שמילע נאָך אים. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. „שמילע, דו טוסט דיינס און איך מיינס און עס וועט גיין אַ גאַנג" האָט יוחנא אים פאַרזיכערט. יוחנא האָט אים גענומען אונטערן אָרעם, ווי ער זאָל אים וועלן צופירן. ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

„שמילע, אַ גוטע נאַכט!"

„גיי געזונט!"

ווען יוחנא האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר, האָט שמילע מיט די הענט זיך פאַרדעקט די אויגן און געהערט ווי יוחנא גייט אַראָפּ פון די טרעפּ. ער איז געשטאַנען אַזוי לאַנג ביז ער האָט דערפילט, אַז ער איז מיד און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט.

## יג

די יידן אין שטעטל האָבן געלעבט זייער שטייגער. דער היינט זייערער איז געווען ווי זייער נעכטן. גאָרנישט האָט זיך געענדערט. זייער לעבנסטעמפּאָ איז געווען אויסגעשטאַנען און איינגעלעבט אין דער סביבה. די סוחרים אין די אָפענע קראָם־טירן, די בעל־מלאכהס ביי זייערע וואַרקשטאַטן האָבן אויס־געקוקט דעם קונה, געזוכט דעם טאָג חיונה, וואָס איז אָנגעקומען אַזוי שווער.

דער פאַרמיטאָג איז געווען אַ זוניקער. אַ מילד ווינטל האָט פון מאָל צו מאָל אַ ווייע געטאָן, ווי אַ גלעט געטאָן. דער הימל־געוועלב איז געווען הויך און בלוי, אָן אַ פּגם. די לופט דורכזיכטיק, די ווי צעשיטע זונשטראַלן האָבן געגלימערט ווי גינגאָלד. די הייזער מיט די טיפע דעכער האָבן געצוימט דעם פּירקאַנטיקן מאַרקפּלאַץ. די אויסגעריבענע ווי קאַצנקעפּ ברוק־שטיינער האָבן געגלאַנצט. אַ פאַסטאַראַלע שטילקייט האָט פארוויגט די געמיטער און געקלונגען אין די אויערן. מיט אַ מאָל האָבן זיך אַ באַווייז געטאָן אין די פענצטער און טירן אויסגעשטרעקטע קעפּ מיט נייגעריקע אויגן. אויף דער רעכטער פּאַטשענע אין מאַרק, די שטעטלדיקע פּראָמענאַדע, האָט מיט אַ קליינעם געמאָסטענעם טריט שפּאַצירט שמילע. ער איז געווען שלאַנק און בלאָנד ווי אַמאָל, נאָר די בגדים זיינע זענען געווען אַנדערע. ער האָט געטראָגן אַ ווייסן, געפּרעסטן אַנצוג און ווייסע שיך, אַ בלויע מושקע און אַ האַרטן, פלאַכן שטרויענעם קאַפּעליוש. אין האַנט האָט ער געדרייט אַ דין באַמבוס־שטעקעלע, ווי אַ ווינט־מיל זאָל זיך דרייען. ער האָט שפּאַצירט אַהין און צוריק און יעדן פאַרבייגייער געקוקט אין די אויגן, ווי ער זאָל צו זיי לאַכן. נאָר יעדעס מאָל, ווי נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס יוחנא האָט אים אָנגעזאָגט, האָט ער פאַרריסן דעם קאָפּ.

די סוחרים־טעכטער זענען געשטאַנען ווער הינטער אַ פאָרהאַנג, ווער ביי אַן אָפּגעדעקט פענצטער און אים באַוווּנדערט. פּערל, דעם שניט־קרעמערס טאָכטער, שוין אַ מיידל אין די יאָרן, האָט נישט אויסגעהאַלטן און אַ רוף געטאָן: „מאַמע!" אַ דיקלעכע פּרוי מיט אויסגעדעמטע באַקן, וואָס האָט גע־ווּוסט, אַז שמילע פאַראַדירט און איר פּערל באַוווּנדערט אים, איז שטיין געבליבן הינטער איר.

„מאַמע, זע אַוועק, אַ גאַרנישט און געוואָרן אַ גראַף" האָט פּערל אים געריממט.

„טאָכטער, מען דאַרף נישט זוכן קיין גליקן אין דער פרעמד. דיר און אונדז מיט דיר וועט גאָט צושיקן אַ באַשערטן ווי ס׳געבירט זיך דיר". די טאָכטער זאָל איינגיין דערויף, האָט די מוטער צוגעגעבן: „ווער ווייסט וואָס ער טוט דאָרט און געקומען זיך באַווייזן אין שטאָט" און זי איז צוריק אַוועק.

שמילע האָט שפּאַצירט גאַנץ לאַנג. ער איז אַוועק אין אַ זייטיק געסל. ערשט איצט איז ער געווען זיכער, אַז אַלע יידן אין מאַרק האָבן אים שוין געזען. ערשט איצט האָט אברהמל דער אייזנקרעמער, אַ נידעריקער, דאַרער ייד מיט אַ שיטער בערדל, וואָס איז געשטאַנען אין זיין טיר און נאָכגעקוקט שמילען, זיך אַ וווּנד געטאָן צו געצלען: „האַ! אַ גאַרנישט און אין דער פרעמד געוואָרן אַ גאַנצער יאַ טעביע דאַם".

געצל, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ ברייטער, שוואַרצער באָרד, וואָס האָט צונויפגעלייגט זעק און איז אַראָפּ אויף דער פּאָטשענע, ווען ער האָט דערזען שמילען, האָט אים געענטפערט: „יאָ אַורעמל, וואָס וואָלט פון אַזאַ איינעם דאָ געוואָרן?"

„ווער וואָלט עס זיך פאַרגעשטעלט?" האָט אַורעמל אים געפרעגט.

„אַורעמל, צוריק געשמועסט, וואָס איז ער — אַ טענצער, פירט זיך אַרום מיט מיידן. געלט? עס איז אַ גוטע זאַך, אָבער נישט דער עיקר" — האָט געצל אים געענטפערט.

„שמילע, אַן אויפטוער, אַ פיגור" האָט אַורעמל נישט אָפּגעלאָזט און דאָך געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער. געצל איז אַריין צו זיך אין קראָם.

דאָ, אין די געסלעך, איז שמילע געגאַנגען נאָך פאַמעלעכער, ווי ער זאָל זוכן דעם שטיין ווו אַוועקצושטעלן דעם פוס, אָבער נאָר געוואָלט, אַז אויך די יידן אין די געסלעך זאָלן אים זען. ער איז געגאַנגען און באַטראַכט פון אונטערן שטערן אַפיר די יידענעס, וואָס זענען אַרויס פאַר די טירן אים זען און די וואָס האָבן געקוקט אויף אים פון די פענצטער. ער האָט געוווּסט ווער יעדע פון זיי איז און געוואָלט יעדע איינע זאָגן אַ היימישן גוט מאָרגן, אָבער נישט געווען זיכער וואָס זיי וועלן אים ענטפערן. די יידענע וואָס האָט אין געאייל זיך אָנגעטאָן דאָס שייטל און די וואָס איר קאָפּ איז געווען אַרומ־געבונדן מיט אַ טיכל, זענען געקומען אים אָנקוקן און געגאַפט מיט אויס־געגלאָצטע אויגן, ווי זיי זאָלן זען עפּעס אַ ווילד פרעמד באַשעפעניש. יעדע באַזונדער איז צוריק אַריין אין שטוב מיט מידע טריט. קיינער פון זיי האָט נישט באַנומען ווי אַזוי און וואָס עס איז געשען מיט שמילען.

אָבער די אָנגעלאָפענע פון די הייף יינגלעך האָבן כאָפּטעוויז אים באַגלייט מיט געפילדער און כיכעריי פון אַנטציקונג. זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען אַזוי לאַנג ביז עס איז אָנגעקומען אַ נייע כאַפּטע יינגלעך. דעמאָלט איז די פריער־דיקע כאַפּטע יינגלעך אַוועק צוריק אין זייער הויף. נאָר ווען אַן אונטער־

געוואַקסן יינגל, שוין מיט אַן איבערגעצויגענעם איבערן שטערן קאַשקעט און מיט קיילעכיקע בעקלעך און צעפלאָשעטע פיאות, האָט אים אַ רוף געטאָן ביים נאָמען „שמילע״, האָט שמילע זיך שטיל צעלאַכט, נאָר געגאַנגען ווייטער, נישט אומקוקנדיק זיך.

נאָר איצט האָט שמילע געמאַכט אַ היפשן אומוועג. ער איז געגאַנגען ווי צוריק, נאָר ווען ער איז אַריין אין אַ געסל איז ער שטיין געבליבן אונטער אַ ראָג הויז און מיט פאַרמרוזשעטע אויגן באַטראַכט פון דער ווייטנס זייער הילצערן הויז מיט די פאַרקלאַפּטע טירן, פענצטער ווי אַן אויסגעלאָשענע לאַמטער, ביז ער איז אַוועק ווייטער. ווען ער איז אַריין אין יאַטקע־געסל האָבן די צוויי שכנות, מרים און ברוריה, ביידע הויכע, דיקלעכע פרויען זיך געשלייכט אַרום די אָפענע יאַטקע־לעדן און באַטראַכט און באַטאַפּט די אָנגע־לייגטע שטיקער פלייש. זיי זענען שטיין געבליבן אַן אָטעם, דערזעענדיק אים. נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט ברוריה אַ פאַרוווּנדערטע אַ זאָג געטאָן: „מרים, וואָס זאָגסטו? שמילע, דער גרויסער גיטלס בנאָק״ (זון).

„ברוריה, ער איז געבליבן דער זעלבער פאַרשוין, נאָר געביטן די בגדים״.

„מרים, ער איז אויך איצט נישט איי איי, אָבער ער איז נישט פאַרגרעבט״.

„יאָ, ברוריה, אָבער אַ וואָרצל רייסט מען אויס, אַן אָפּשטאַם מעקט זיך נישט אָפּ״.

„מענטשן פאָרן אַוועק אין דער וועלט מעבר־לים, ווערן לייט!״

„ער איז געפאָרן קיין סאָסנאָווצע און וואָס ער טוט דאָרט ווייסט איין גאָט״.

„דאָך האָט ער אַ יידיש האַרץ, געקומען זען די שטאָטישע״.

„ער איז געקומען זיך באַווייזן און אפשר נאָך עפּעס״. זי האָט נישט גע־וואַגט זאָגן וועגן רייזלען.

„מיין באַלטשע וואָלט איך אים נישט אַוועקגעגעבן. ער פעלט מיר נישט אין דער משפחה״.

„קען זיין, אַז מלכה־רחל דאַרף באַדויערן״ און זיך אומגעקוקט, צי קיינער האָט זי נישט געהערט.

„ווייס איך וואָס, נעמען אַ טענצער עפּעס, אַ קאָמעדיאַנט פאַר אַן איידעם״.

„יאָ, זי האָט געטאָן אַ גוטן שידוך, אַ סטאַטעטשנער (אַ געזעצטער) בחור און אַ פאַרדינער״.

„דער גאַרבער האָט זיך איינגעקויפט יחוס״.

„טשעקאַווע (אינטערעסאַנט), צי די גרויסע גיטל ווייסט דאָס אַלעס און צי ער שטיצט זי?״

„זי האָט זיך גוט ביי דער טאָכטער״.

„מרים, גענוג גערעדט, מען דאַרף אויסקלייבן אַ שטיקל פלייש און גיין צושטעלן אַ ביסל מיטאָג״.

„יאָ, קום״ האָט מרים איר געענטפערט און ביידע האָבן ווידער זיך געשלייכט

לענגאויס דער יאַטקע, ווי זיי זאָלן שפּאַצירן און באַטראַכט די אויסגעלייגטע פליישן.

אין דער צייט, וואָס שמילע האָט פּאַראַדירט איבער די געסלעך, איז אויף דעם ברייטן פּאָרמלאָזן פּלאַץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָנגעשטאָפּטער מיט שמאַטעס זאַק, געווען שטיל ווי אין אַן אויער. אַפילו די לופט דאָרט איז געווען ווי פאַרגליווערט. אין דער בייכיקער, ווי מעוברתדיקער כאַטע מיטן שיפן שינדלדאַך, ווי זי זאָל זיין אַריינגעוואַקסן אין דער ערד, איז געזעסן רייזל ביי שפּרינצען אין שטוב און פון סאַמע פרי שוין געשטעפּט אויף דער מאַשין. זי איז נישט איין מאָל אין מיטן דער אַרבעט זיצן געבליבן אַ פאַר־טראַכטע. זי, ווי אַלע אין שטעטל, האָט געוווסט, אַז שמילע איז געקומען. זי האָט פונעם ליפּנשאַרך, ווען די מאַמע מיטן ברודער האָבן זיך געשושקעט הינטער איר פּלייצע, פאַרשטאַנען, אַז זיי רעדן וועגן שמילען. איר האָט מער ווי איין מאָל אַ נאַג געטאָן ביים האַרץ, ווען זי האָט זיך דערמאָנט, אים געזען ווי ער איז צוגעקומען און איר אַרויסגענומען פון האַנט ס׳פּעקל וועש און ווי ער איז אַנטלאָפן, ווען ער האָט דערזען איר מאַמען. זי איז פון האַרץ געווען אים דאַנקבאַר און שטאָלץ, וואָס ער האָט נישט פאַרגעסן, געקומען זי זען. זי האָט עס געפילט מיט איר פרויען־אינסטינקט און פון די שמועות. זי איז שוין געווען צוגעוווינט צו שמעונען איר חתן, וואָס איז ביי לייטן אין שטאָט געווען אָנגענומען און אויך איר געפעלן. דאָך איז שמילעס קומען געווען פאַר איר אַן אָפּהילך פון דער פאַרגאַנגענהייט.

דעם זעלבן טאָג, אין די פריע פאַרמיטאָג־שעהן, האָט יוחנא מיט טריט פון אַ קאַץ ווען זי לויערט, זיך ווי פאַרגנבעט אונטער אַ געמויערטער וואַנט. דאָרט איז רייזל דורכגעגאַנגען, ווען זי איז געגאַנגען צו און פון דער אַרבעט. די וואַנט איז געווען אַ טויבע. ער איז געשטאַנען און כסדר זיך אומגעקוקט, צי עס קומט ווער. ער האָט מורא געהאַט טאָמער קומט אָן רייזל און עס וועט ווער זען, אַז ער האָט זי אָפּגעוואַרט. ער איז געשטאַנען און יעדעס מאָל פונסניי זיך אָנגעלייגט, וואָס ער וועט איר זאָגן, זי זאָל מסכים זיין זיך טרעפן מיט שמילען. ער האָט אָבער נישט באַמערקט, אַז אַ ביסל ווייטער פון אים, אונטער אַ צווייטער וואַנט, האָט זיך אַוועקגעשטעלט שמעון. שמעון מיט די הענט אין די טאַשן, האָט אים נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג.

ווען רייזל איז אַרויס אין גאַס, האָט די זון אַ בלענד געטאָן. זי האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און זיך געלאָזט גיין. אין דער סביבה איז געווען שטיל. די שטילקייט איז געווען אַן אויסגעשטאַנענע. ווי נאָר זי איז אַריין אין געסל, איז יוחנא איר אַנטקעגנגעקומען. זיי זענען שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן, ביידע איבערראַשטע. אויך איצט האָט ער אויף זיך געהאַט די גאַליפע־הויזן און די שטיוול מיט די האַרטע כאַלעוועס. ער האָט געוואָלט אויף איר מאַכן אַ רושם, אָבער דאָס לשון איז אים ווי אָפּגענומען געוואָרן און ער האָט נאָר אַ שטאַמל געטאָן: „רייזל״.

„וואָס איז?" האָט זי אַ פרעג געטאָן אַ דערשטוינטע. איר פּנים איז געוואָרן גרין און אויסגעצויגן פון שרעק. אַ צעטומלטער האָט ער געפּינטלט מיט די אויגן און געביסן די ליפּן. ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל איר זאָגן און ווי אַזוי ער זאָל עס איר זאָגן, כאָטש ער האָט זיך פריער געגרייט דערצו.

שמעון האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, פאַרביילט די פויסטן. ער האָט מיט אימפּעט איבערגעשפּאַנט דעם מרחק צווישן זיי און זיך אַרייַנגעשטעלט צווישן ביידע. אַלע זענען זיי געבליבן פאַרציטערטע. ער האָט זיך איבער־געקוקט מיט רייזלען. איר פּנים איז געווען בלייך, אַן אַ טראָפּן בלוט. אין די אַרבעטס־בגדים מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און אויסגעשמירטע הענט האָט שמעון אָן צו זאָגן אַ וואָרט זי גענומען אונטערן אָרעם און מיט איר אַוועק.

יוחנא איז געבליבן שטיין, ווי ער אַליין זאָל זיך באַטראַכטן, זיך אַליין פרעגן און אַליין זיך ענטפערן און זיך אַ זאָג געטאָן: „הע! אַזוי גאָר?!" אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין תשובה נישט פאַר זיך און אַוודאי נישט פאַר שמילען. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אומגעקוקט, צי עס האָט ווער געזען וואָס אים איז געשען. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועק אין שטוב, נישט געוואָלט זיך ווייזן פאַר שמילען.

שמעון איז געגאַנגען ביי דער זייט פון רייזלען. ביידן איז שווער געווען רעדן. ביידע האָבן זיך געהיטן נישט זאָגן אַן איבעריק וואָרט. ערשט אַ סך שפּעטער האָט רייזל אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: אַן אָנשיקעניש" און אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט. ער האָט אָפּגעאָטעמט, ווי ער זאָל האָבן אויף זיך אַ משׂא און זיינע נאָזלעפּלעך האָבן אַ פלאַטער געטאָן פון כעס. עטוואָס שפּעטער האָט ער זי אַריבערגעפירט איבער דעם ברייטן און קורצן ווי אַ זאַק געסל און איר געזאָגט: „גיי אין שטוב, איך וויל נישט דיין מאַמע זאָל אונדז זען צוזאַמען אין מיטן העלן טאָג". זי האָט אים אָנגעקוקט. אירע אויגן זענען געווען גרויס, אויפגעריסן און מאַט, ווי זיי זאָלן זיין פייכט. ער האָט אַוועק־געדרייט דעם קאָפּ, נישט געוואָלט איר קוקן אין פּנים. ער האָט געביסן די ציין, זיינע קינבאַקן זענען געווען בולט. נאָר באַלד האָט ער זי אָנגעקוקט און איר געזאָגט ווי צו אַ קינד: „גיי געזונט", זיך אויסגעדרייט און אַוועק צוריק. זי איז מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט אַוועק אין שטוב.

שמעון איז געגאַנגען שנעל און געקוקט אַראָפּ. ער האָט געטראַכט און שווער געאָטעמט. דער וועג האָט זיך אים געצויגן, ווי ער זאָל זיין אַ ווייטער. צו חמדודלען אין דער אכסניה איז ער אַריין מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, ווי ער זאָל וועמען זוכן. אין דער קראָם פון פאָרנט וואָס האָט געהאַט נאָר אַ שויבנטיר, איז די טאָגשיין געווען גרוי. דאָס ביסל העלקייט איז אַהער־געקומען פון די פענצטער אין דעם הינטערשטן חדר. די לופט אין דער אכסניה איז געווען אַדורכגעזאַפּט מיט די ריחות פון אַלקאָהאָל און געבראָטענעם אייל. אין דער קראָם זענען געזעסן עטלעכע געסט, ווער ביי אַ קופּל ביר, ווער

ביי אַ טעלער עסן און סתם געסט. אַלע האָבן געשוויגן. זינדל איז געשטאַנען פון יענער זייט קאַסעטיש, אָן אָנגעלענטער אויף עלנבויגנס און געקוקט אין איין פונקט.

„שמילע איז דאָ?" האָט שמעון אַ צעיאָכמערטער אים געפרעגט און אָן צו וואַרטן אויף אַ תשובה אַריין אין דער הינטערשטער שטוב. זונדל האָט פאַרגלאָצט די אויגן. זיין קיילעכיק פּנים איז געוואָרן שטאַר און אויסגעצויגן פון איבערראַשונג. ער האָט מיט אַ האַנט זיך אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ און געהאָרכט.

שמילע איז געזעסן אַליין ביי אַ קוים אָפּגעטרונקען, שוין אויסגעוועפּט גלאָז ביר. דערזעענדיק שמעונען, האָט אים פאַרפעלט אָטעם. שמעון איז שטיין געבליבן אים אַנטקעגן, אָן איבערגעבויגענער אויף הינטערווייִלעכץ מיט אונ־טערגעשפּאַרטע באַקעס, איינגעקוקט אין אים, ווי ער זאָל זיך וועלן אים איינ־קריצן אין זכרון. אַ ווייִלע שפּעטער האָט ער אַרויפגעלייגט זיינע פויסטן אויפן טיש און געזאָגט אים פאַמעלעך וואָרט נאָך וואָרט, נאָר אויפן קול: „שמילע, מאַך ניש קאָהן לאָהטיש געלעכטער. זי, רייזל, אי מאָה כלה. פּאַפּאָק די מאַ־נאַטקעס (די זאַכן) און טראָג זעך אָפּ, ווי לאַנג האָסט געזינטע באַהנער" און אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש. דאָס גלאָז ביר איז אונטערגעשפּרונגען און זיך איבערגעקערט. שמעון איז אַרויס אין גאַס.

די געסט מיט זונדלען בתוכם האָבן געהערט וואָס שמעון האָט געזאָגט שמילען. ער האָט יעדעס וואָרט אַרויסגעזאָגט, ווי עס זאָל קאַרצן אין זיין מויל. אַלע זענען געבליבן אָן לשון. ערשט ווען שמעון איז אַוועק האָבן אַלע אַ קוק געטאָן וואָס אין חדר איז געשען. זינדל איז שטיין געבליבן אין דער טיר אָן אומבאַהאָלפענער, נישט געוווסט וואָס ער זאָל זאָגן שמילען. זיינע אַקסלען זענען געווען אויפגעהויבן, ווי זיי זאָלן זיין שפּיציק. דער קאָפּ זיינער איז ווי געלעגן אין זיי.

שמילע איז געזעסן אַ פאַרגליווערטער. זיין פּנים איז געווען גרין און אויסגעצויגן. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט דער צער און בושה. די אָנגע־דראָלטע שטילקייט האָט אַלעמען געקלונגען אין די אויערן. מיט אַ מאָל האָט שמילע אַ זאָג געטאָן זונדלען, ווי עס זאָל פון אים אַרויסרעדן און אָן צו קוקן אויף אים: „זינדל, מאַך מיר דעם חשבון און באַשטעל אַ בעל־עגלה, ער זאָל קומען מיך נעמען. איך פאָר אָפּ מיטן ערשטן צוג".

איצט איז זונדל געבליבן אַ פאַרגליווערטער.

שמילע האָט זיך קוים אויפגעהייבן, ווי ער זאָל זיין אַ זקן. די הויזן זיינע זענען געווען פאַרגאָסן, נאַס. ער איז אַוועק צו זיך אין צימער זיך פּאַקן. ער האָט אַפילו נישט געוואַרט ביז יוחנא וועט צו אים קומען.

די טראָפּנס ביר האָבן געקאַפּעט פון טיש ווי בלוט. די שטימונג אין דער אכסניה איז געווען איצט, ווי ביי מענטשן, וואָס זענען געקומען פון אַ לוויה, אַנדערש ווי ווען שמילע איז פאַרפאָרן אין דער אכסניה.

## יד

פון זינט מרדכי גאַרבער האָט זיך דאָפּלט משדך געווען מיט מלכה־רחלען, געשטעלט צוויי חופּות אין איינעם, איז פון וואָלבראַמער טייך אָפּגעפלאָסן אַ סך וואַסער און געדרייט דאָס ראָד פון דער וואַסערמיל.

דאָס יאָר איז דער האַרבסט אַ פאַררעגנטער און אַ ווינטיקער. די טראָפּנס רעגן זענען גרויסע. אַן אַנגעיאָגטער ווינט טרייבט זיי צונויף און עס גיט אַ פלוך, ווי עס זאָלן זיך גיסן צעבערס וואַסער. די ערד איז טייגיק, ווי אויפגעיוירן. די פענצטער־לאָדנס זענען מערסטנס פאַרמאַכט. די הייזער טונקען זיך אין דער נעץ. דער מאָך אויף די דעכער איז אויפגעשוואָלן. דער הימל איז טונקל, ווי ברודיק און נידעריק, ווי ער זאָל ליגן איבער די דעכער און די קעפּ פון די מענטשן. די יידן, די דאַרפסגייער בלייבן כסדר אין שטוב. די וואָכן־ירידים זענען שיטערע. ס'גאַיעס קומט נישט אין שטאָט אַריין, ווער עס קאָן נאָר און מוז נישט שפּאָרט זיך דעם גאַנג.

דאָך, ווי נאָר עס באַווייזט זיך אין געסל אַן איינגעבאַבלטע אין אַ טוך אָדער מענער־פאַלטן יידענע, וואָס איילט אין קראָם אַריין איינקויפן, שטרעקן אַרויס פון אָפּגעלעגטע טירן אויסגעשראָקענע ווייבער־קעפּ, וואָס פרעגן מיט אַ ציטערדיק קול: „וואָס הערט זיך?" די געפרעגטע אין גאַס יידענע ענטפערט: „גאָט זאָל זיך מרחם זיין" ווי זי זאָל אַ קרעכץ טאָן און גייט ווייטער.

דעם מוצאי שבת איז דער הימל אַ פינצטערער. דאָס חשכות לויערט איבערן שטעטל. רייזל גייט צו קינד. שוין צוויי מעת־לעת ווי זי מאַטערט זיך אין ווייען און אַנגסטן און די כוחות גייען איר אויס. אין שטוב ביי איר ברענט ליכט בייטאָג און ביינאַכט. אויך אין אויוון פלאַקערט אַ פייער אַ גאַנצן מעת־לעת. מען וואַרעמט קאַסטראָלן וואַסער. ביי איר בעט געפינען זיךביידע שטאָט־הייבאַמען, מינדל מיטן אויסגעצויגענעם פּנים און פלאַכע סטאָפּעס, וואָס שטעלט די פיס, ווי זי זאָל גיין אויף גלאָז. זי איז די הייבאַם פון די יידישע מאַמעס. סאַבינע איז די אָנגעפּאַרענע פון דער פרעמדער הייבאַם. זי רעדט פויליש און טראָגט אַ ווייסע שערץ, ווען זי נעמט אָפּ ביי דער געווינערין ס'קינד.

ביידע טרעטן נישט אָפּ פון איר בעט. ביידע זענען זיך מיט איר מתעסק. מינדל פּרוווט כסדר איר אַראָפּגעבן אַ לעפעלע פּליסיקייט. סאַבינע פּרוווט פון מאָל צו מאָל זי צווינגען זי זאָל זיך דריקן, זיך צוהעלפן. אין שטוב איז פאַרנע און פייכט פונעם וואַסער, וואָס וואַרעמט זיך און פון דער נעץ וואָס דרינגט אַריין פון דרויסן. די שאָטנס אויף די ווענט באַוועגן זיך מיסטעריעז. אַן אימה פלאַטערט אין שטוב. ביידע, די מאַמע און די שוויגער, זיצן אין ווינקל מיט צענומענע פּיס. זייערע ברייטע קליידער זענען אַריינגעלאָזט אין

זייערע שויסן און הענגען אַראָפּ, ווי זיי זאָלן דאָרט האַלטן זייער האָפענונג. מלכה־רחלס אויגן זענען אונטערגעהאַקט, שוואַרץ. זי ציט און רענקט זיך אָן אויפהער אירע פינגער־געלענקען און אירע ליפּן פּרעפּלען, טרייסלען זיך. זי זאָגט די כל מיני תפילות און שפּראַכן. רבקהס אויגן זענען רויט און געשוואָלן פון וויינען און זי שאָקלט זיך ווי אַ זייגער־אומרו, ביידע זענען זיי בלייך. זייערע ליפּן בלוי און פאַרטרוקנט פון זאָרג און אימה.

אין ערשטן צימער, ביים פענצטער, זיצן די דריי מענער: מרדכי מיטן זון און איידעם און זאָגן שטיל תהילים. זיי זאָגן וואָרט נאָך וואָרט מיט אַ ניגון, נאָר ווי זיי זאָלן שלינגען די ווערטער. זיי זאָגן ווי איינער זאָל אַריינ־רעדן דעם אַנדערן, ווי איינער זאָל פרעגן ביים אַנדערן, אָדער ווי איינער זאָל ענטפערן דעם אַנדערן. זיי האָבן אויסגעזאָגט תהילים פון אָנהויב ביזן סוף. יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן געענדיקט, האָבן זיי זיך אָפּגערוט און דער פאָטער האָט אָנגעהויבן זאָגן פונסניי. יעדעס מאָל האָט די טיר זיך אָפּגעלענט און אַ שכנה האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ ווי זי זאָל אונטערהערן און פון פחד באַלד צוריק פאַרמאַכט די טיר.

אַחוץ רייזלען מיט שמעונען האָבן אין דעם הויז געוווינט נאָך צוויי משפּ־חות, שפרה און פעסיע. ביידע זענען זיי געווען נישט אַ סך עלטער פון רייזלען. שפרה, אַ מיטלווקסיקע פרוי מיט אַ פול קיילעכיק פּנים אין שוין געווען אַ מאַמע פון צוויי ייִנגלעך. איינער איז שוין געגאַנגען אין חדר. פעסיע האָט געהאַט אַ מיידעלע און געשוואַנגערט מיטן דריטן קינד. זי איז געווען אַ הויכע און געטראָגן אַ שוואַרץ שייטל מיט אַ שרינט אין מיט.

ווען שפרה האָט ס׳לעצטע מאָל אַריינגעקוקט צו רייזלען, האָט אויף איר געוואַרט פעסיע. „מען דאַרף גרויס רחמים״, האָט שפרה איר געזאָגט אָן צו וואַרטן פעסיע זאָל זי פרעגן. פעסיע האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, ווי זיי זאָלן איר האָבן אַראָפּגעפאַלן און מיט צער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. שפרה האָט זיך איבערגעלייגט די הענט איבערן בויך און שטיל, קיינער זאָל נישט הערן, אַראָפּגערעדט פאַר איר צער. „וואָס קען דער מענטש טון?״ האָט זי געפרעגט און ווי זאָל זיך ענטפערן ממשיך געווען: „שמעון טראָגט זי דאָך אויף די הענט. ער לאָזט דאָך זי נישט אַראָפּבייגן זיך. ער האָט דאָך איר איינ־געאָרדנט די דירה ווי אַ פּאַלע. אַפילו אַ קאַנאַפּע באַצויגן מיט לעדער, ווי ביי די נגידים האָט ער איר אַריינגעשטעלט. ער גיט דאָך איר פויגל־מילך. און די שוויגער רבקה ברענגט דאָך כסדר פעק. קויפט איר איין, ווי פאַר זיך. זי חלשט דאָך פאַר דער שנור און אַזאַ אומגליק, מען זאָל נישט געשטראָפט ווערן. די פּאַני סאַבינע זאָגט, אַז זי האָט אַ שמאָלן בעקן״. פעסיע, וואָס האָט זיך צוגעהאָרכט צו איר, האָט שווער אָפּגעזיפצט, אַ קוק געטאָן זיך אויפן בויך און אַוועק אין שטוב אַ צעפּלאָמטע. שפרה איז אַוועק צו זיך אין שטוב, ווי זי זאָל גיין אויף די שפּיץ פינגער.

שמעון מיט רייזלען האָבן געוווינט אין זעלבן געסל ווו זיינע עלטערן

נאָר עטלעכע הייזער ווייטער ביי יוזקעלען. ער האָט זיך אויפגעבויט דאָס הויז און די דירות פאַרדונגען צו יידן. זיי האָבן געוווינט אין צוויי קליינע צימער־לעך. דעם וואַרקשטאַט האָט ער ווייטער געהאַט ביים פאָטער אין הויף. דאָס פאַרל איז געווען צונויפגעלעבט. ער האָט געאַרבעט און פאַרדינט. זי האָט געפירט די ווירטשאַפט. פון מאָל צו מאָל, ווען שפּרינצע האָט געהאַט אַ סך אַרבעט, האָט זי מיט איר מאַן צוגעשיקט רייזלען עטלעכע שטיקלעך וועש זי זאָל זיי אויספּאַרטיקן. רייזל האָט עס געטאָן פאַר שפּרינצען און נישט פאַר פּרנסה. זייער איינציקע דאגה איז געווען — זיי האָבן געוואָלט האָבן אַ קינד. רייזל האָט צוויי מאָל געמפּילט. יעדן שבת כמעט האָבן זיי צוזאַמען מיטן צווייטן פאַרפאָלק, נתן מיט אסתרן, געגעסן ביי מרדכין אין שטוב. נאָכן עסן זענען זיי אַוועק מיט באַזוך צו מלכה־רחלען.

נישט נאָר די לייב־אייגענע און די שכנים האָבן געליטן. גרויס און קליין האָבן זיך מצער געווען, וואָס רייזל גייט אַזוי שווער צו קינד. אין יעדער יידישער שטוב האָט מען זיך מצער געווען. די אימה האָט געפּלאַטערט איבערן שטעטל. ווייבער צווישן זיך האָבן גערעדט שטיל, ווי זיי זאָלן נישט וועלן דערצערנען די אימה, נאָר זי איינשטילן. יידן האָבן גערעדט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, זיך געשעמט וואָס זיי קענען נישט אויסבעטן גענאָד פאַר דער יונגער געווינערין.

זונטיק מיטאָגצייט האָט דער רעגן אויפגעהערט. אין אָוונט האָבן עטלעכע ווייבער זיך געטראָפן ביי ברוכן אין קראָם. זיי זענען געקומען קויפן. אויך פייגל, מלכה־רחלס בעל־הביתטע איז געקומען. ברוך האָט זיך געפּאַרעט. ער האָט געגעבן און גענומען, געוויגן און געמאָסטן. פון מאָל צו מאָל האָט זיין לאַנגע, ווייסע באָרד זיך אַ שליידער געטאָן אין אַ זייט. די ווייבער זענען געשטאַנען, געוואַרט און זיך באַטראַכט. מיט אַ מאָל האָט ביילע־מינדע, אַ הויכע יידענע מיט אַ גרויסער נאָז מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ און אין אַ שווערן מענער־פּאַלטן אויף זיך, אַ פרעג געטאָן, ווי נישט דרייסט: „פייגל, וואָס הערט זיך ביי דיין שכנה?" זי האָט געמיינט מלכה־רחלען. „זי טאָגט און נאַכטיקט ביי דער טאָכטער, שוין צייט גאָטעניו זי זאָל אַלץ בשלום איבערקומען" האָט פייגל איר געענטפערט און אַ ווײַלע שפּעטער אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: „אַפילו די רעגנס ווײַנען אויף איר גורל". ברוכס געדיכטע, ווייסע ברעמען האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. זיינע איצט טריבע אויגן האָבן זי אָנגעקוקט מיט פאַרדראָס.

„יאָ, יאָ", האָט ביילע־מינדע איר באַשטעטיקט און ממשיך געווען מיט באַדויער. „אַז אַ מענטש האָט נישט קיין מזל, איז אַ שאָד וואָס ער ווערט געבוירן. זיך אָנגעמאַטערט אַ לעבן אַליין אַן אלמנה און נישט באַשערט איר אַ ביסל נחת".

„גאָט וועט העלפן", האָט ברוך ווי אַ ברום געטאָן און זיין פאַרגעלטע פון שנופּ־טאַבאַק וואָנסע, האָט זיך צוזאַמענגעצויגן.

אַ נידעריקע, דיקע פרוי מיט אַ טוך איבער די אַקסלען און אַ באַשליק

אויפן קאָפּ האָט זיי געענטפערט, ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער: „אַ מענטש טאָר זיך נישט פאַרזינדיקן. די וועלט איז נישט הפקר". די שטאָט־אימה האָט אַ פלאַטער געטאָן ביי ברוכן אין קראָם. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, וואָס די יידענע מיינט. זי איז געווען דער גרויסער גיטלס שכנה.

„ווייבער, ווייבער, איר ווידערשפעניקט", האָט ברוך זיי געזאָגט מיט תרעומות און זיך אויסגעצויגן מיט אַ פולער פויסט די באָרד. דער גרויסער גיטלס שכנה האָט שנעל אַריבערגעצויגן זיך איבערן קאָפּ דעם באַשליק, זיך אַרומגעהילט מיטן טוך און אַרויס פון קראָם. די ווייבער האָבן אָנגעקוקט ברוכן ווי זיי זאָלן ערשט איצט האָבן אַריין אין קראָם, נאָר זייערע אויגן זענען געווען מאַט, פול בושה.

„וואָס דאַרפסטו?" האָט ברוך אַ פרעג געטאָן פייגלען.

„אַ פונט האַדן", האָט זי שטיל, פאַרשעמט אים געזאָגט.

ברוך האָט גענומען זיך פאָרען. אין קראָם איז געוואָרן שטיל, נאָר די שטאָט־אימה האָט אין איר געפלאַטערט.

מאָנטיק, שוין מיטן קאַיאָר וואָס נאָר דער זייגער האָט עס אָנגעזאָגט, ווייל די נאַכט איז געווען געדיכט, פינצטער און אַ שאַרפער ווינט האָט געטרוקנט די נעץ פון די געפאַלענע רעגנס, זענען מרדכי מיטן זון און איידעם אַריין אין בית־המדרש. די דעמפיקע וואַרעמקייט אינעם פאַרמאַכטן אַ גאַנצע נאַכט בית־המדרש, האָט זיי אַרומגענומען. זיי האָבן צעקנעפּלט זייערע שווערע פאַלטענעס און אומגעלייגט זייערע שווערע קעלנער. די וואַרעמקייט האָט זיי צענומען. זיין האָבן אָפּגעדעכעט פון זייער טרויער, וואָס זיי האָבן קוים איבערגעטראָגן. די פאַראַנענע שוין יידן אין בית־המדרש, וואָס האָבן געוואַרט אויף די רעשט מתפללים צום ערשטן מנין, האָבן דערזעענדיק זיי איינגעהאַלטן דעם אָטעם פון מיטלייד פאַר זייער צער און נסיון פאַר וועלכן זיי זענען געשטעלט געוואָרן. יעדער פון די יידן, האָט זיי אַ שאָקל געטאָן מיט קאָפּ, נישט געוואַגט זיי זאָגן גוט מאָרגן און זיך אָוועקגעדרייט אָדער אַוועקגעקוקט, נישט געקענט זיי קוקן אין די אויגן.

נאָר גרוינעם שמש, אַ געבוקטער ייד אין אַ לאַנגער ביז די קנעכל איביצע, מיט אַ גרוילעך און שיטער בערדל, איז שטיין געבליבן פאַר זיי מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ. מרדכי, דער פאָטער, האָט אים דערלאַנגט אַ פעקל ליכט. זייערע בליקן האָבן זיך געקרייצט. ביידע האָבן נישט געהאַט דאָס לשון, אָבער מרדכיס אויגן האָבן געבעטן רחמים. גרוינעם האָט געוואָלט אים העלפן. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען די קעסטלעך מיט זאַמד און אין זיי געצונדן די ליכט. די ליכט־פלאַמען האָבן אַ פלאַקער געטאָן נאָר זיך נישט צונויפגעגאָסן מיט דער לאָמפּשיין. די ליכט־פלאַמען זענען געווען אימהדיקע, ווי געדראָט און געפאָדערט רחמים. די שאָטנס אויף די ווענט האָבן געוואָרנט פאַר אויסטערלישעס.

מרדכי האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן ארון קודש און דעם עמוד מיט

תהילימל אין האַנט. ער האָט אַ זאָג געטאָן ,לו', זיך אַ וויג געטאָן און געזאָגט „למנצח לעבד־יהוה לדוד": די פּאָרכטיקייט האָט זיך איינקוואַטירט אין די בית־המדרש־ווינקלען. די ליכטפּלאַמען האָבן זיך אַ צי געטאָן אין דער הויך, ווי געוואָלט דערגרייכן די הימלען, כאָטש איבער זיי איז געווען אַ הילצערנע סטעלע. צוזאַמען מיט מרדכין האָבן זיך אַ וויג געטאָן די יידן און נאָכגעזאָגט ווער פון אויסנווייניק און ווער פון זיי האָט געזוכט אַ תהילימל. איצט האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן ס"ב, למנצח על־ידותון מזמור לדוד".

אויך יעדער פון די יידן, וואָס איז אַריין אין בית־המדרש האָט זיך צוגע־שטעלט צו אַ צווייטן ייד און מיטגעזאָגט און זיך מיטגעשאָקלט. ווען מרדכי האָט געזאָגט ק"ב האָט שמעון אים ווי אויסגעכאַפּט און מיט אַ ציטערדיק קול, ווי ער זאָל קרייען, פון געוויין געזאָגט תפילה לעני כי יעטוף ולפני ה' ישפוך שיחו. צוזאַמען מיט זיין האָבן די מתפללים פאַר זיי געבעטן מיט כוונה, געווען אַריינגעטאָן אין די תפילות, געוואָלט אויסבעטן אַ ישועה פאַר מרדכיס שנור, רייזלען.

דער טאָג האָט אָנגעהויבן גרויען. אויפן ווייטן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַ דינער ווי אַ שנור ערדפאַס, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם נאַכטהימל פון דער ערד. די יידן האָבן איבערגעוואָרפן איבער זיך די טליתים, געלייגט תפילין און יעדער האָט געזאָגט פון פאַרנט. נאָר ווען דער שליח־ציבור, אַ ייד מיט אַן איבערגעצויגענעם איבערן קאָפּ טלית און אַ געבוקטער איבערן עמוד האָט גע־ענדיקט זאָגן קדיש און מיט דער האַנטפלאַך אַ קלאַפּ געטאָן אין עמוד און אויפן קול געזאָגט „הודו ליי קראו בשמו" האָבן די יידן זיך אַ וויג געטאָן ווי זיי זאָלן וועלן גיין פאַרויס און אים נאָכגעזאָגט.

נאָר ווען זוסיא, דער הויכער, דאַרער ייד מיט זיין ברייטער, רויטער באָרד, וואָס האָט ווי געגלימערט, האָט פון באַלעמער ביים אָפענעם ספר זיך אַרומ־געקוקט איבערן בית המדרש און נישט געפונען קיין כהן און ער האָט אויפגע־רופן צו דער תורה „יעמוד מרדכי בן מאיר", זענען די יידן ווי פאַרשטיינערט געוואָרן פון צער. ווען מרדכי האָט געענדיקט די ברכה „נותן התורה" און דער בעל קורא האָט געלייענט „ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה ושבע שנים" האָט מרדכי זיך איינגעבראָכן, זיך צעוויינט. ער האָט געוויינט דאָס ערשטע מאָל פון זינט רייזל איז געוואָרן מסוכן. זוסיא האָט אויך אויפגערופן איר ברודער און איר מאַן. יעדער באַזונדער האָט מנדר געווען ח"י (אַכצן בגי־מטריא). ווען שמעון האָט געענדיקט די ברכה, האָט זוסיא אויף אים אַ קוק געטאָן. שמעון האָט אים אַ זאָג געטאָן אין אויער. די אויגן זיינע זענען געוואָרן פייכט. זוסיא האָט זיך איבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ, זיך אַ וויג געטאָן איבערן ספר תורה און מיט אַ הילכיק קול, וואָס האָט געציטערט פון אויפרע־גונג געזאָגט: מי שברך אבותינו אברהם יצחק ויעקב משה ואהרן דוד ושלמה, הוא יברך וירפא את החולנית רייזל אַלטע בת מלכה־רחל בעבור שלוש פעמים ח"י נדר צדקה בעבורה.

די מתפללים, דערהערנדיק, אַז שמעון האָט פאַר סגולה צו אַריכת ימים צוגעגעבן זיין קראַנק ווייב נאָך אַ נאָמען, האָבן זיי אויפגעציטערט און אָפּגעזיפצט. דער שאָרך פונעם זיפץ האָט אַ פלאַטער געטאָן אין חלל. די יידן האָבן אַריבערגעצויגן איבער די קעפּ די טליתים, זיך אָפּגעשיידט פון דער אימה.

באַלד נאָכן לייענען איז שמעון מיט נתנען אַוועק אין שטוב. מרדכי דער פאָטער איז געבליבן דאַוונען — בעטן.

## טו

דער מאָרגן איז געווען טריביק און ווינטיק. די קעלט האָט אַדורכגענומען און אָנגעזאָגט דעם ערשטן שניי.ביידע שוואָגערס, שמעון מיט נתנען האָבן מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט געאיילט אין שטוב. שוין פון דער ווייטנס האָבן זיי דערהערט די יללהס און געוואַלדן, ווי אַן אָפּהילך פון אַן אויסגעלאָדנטן דונער. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט. זייערע פּנימער זענען געווען שטאַר און געל וואַקס, אימה האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע אויגן.

„אוי! איז מיר געשעין" האָט שמעון אַ קרעכץ געטאָן, זיך צעיאָמערט, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און אַ וואַנזיניקער זיך געלאָזט לויפן. נתן איז אים נאָכגעלאָפן אַ צעהעשעטער, אָן אָטעם.

די בייזע בשורה, פאַר וועלכער די שטעטישע האָבן זיך געשראָקן, איז כהרף־עין זיך צעגאַנגען איבערן שטעטל. די מענטשן האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, זייערע באַוועגונגען זענען געוואָרן פאַמעלעכערע, אָבלדיק. זיי האָבן גערעדט שטיל, זיך ווי געשעמט.

די טויט־אימה האָט געפלאַטערט איבערן שטעטל. דער טרויער האָט געגליווערט אין דער קעלט. ווייבער פון אַלע געסלעך, אַלטע און יונגע, פאַרבאַבלטע אין זייערע שווערע פאַלטנס און טיכער, פאַרשטומטע און געבוקטע, זענען מיט דריבנע טריט געקומען הערן, ווען און ווי אַזוי האָט דאָס אומגליק פאַסירט. זיי זענען געגאַנגען און געקוקט אַראָפּ, ווי זיי זאָלן מורא האָבן, אַז זיי קענען זיך טרעפן מיטן מלאך־המוות.

די ווייבער האָבן זיך געזאַמלט פאַרן הויז, געוואָלט זען ס׳לעצטע מאָל רייזלען — דעם מת ווען מען וועט זי אַרויסטראָגן. געווען יידענעס, וואָס זענען צוגעגאַנגען ביז דער אָפענער טיר, אַ קוק געטאָן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און פאַרגליווערטע פּנימער אויפן איבערגעדעקטן מת, וואָס איז געלעגן אויפן פאָל מיט ברענענדיקע ליכט צוקאָפּנס. פון ביידע זייטן מת זענען געזעסן אויף פּיס־בענקעלעך מלכה־רחל די מאַמע און רבקה די שוויגער. זיי זענען געזעסן אָן אַ ריר צו טאָן זיך, ווי מומיעס, מיט אויסגעגלאָצטע און אויסגעטרוקנטע אָן אַ טרער שוין אויגן. מרדכי איז געזעסן מיט אַ ספר אין האַנט. זיין קאָפּ

האָט זיך געשאָקלט, ווי פון זי אַליין. זיינע ליפּן האָבן געפּלוישט ווערטער, וואָס ער האָט נישט געהערט נאָר געזען געדרוקט. נתן איז געזעסן אויף אַ טאַבורעט, אַן איבערגעבויגענער איבער די קניען מיטן קאָפּ אין די הענט, ווי ער זאָל אַפּירקוקן און געזען דעם מת. אין שטוב איז געווען אַ קרירה. אַ ווינט האָט זיך געיאָגט איבער די חדרים. שמעון, אַ צעיושעטער מיט אַ רויט ווי אָפּגעקאָכט פּנים, פאַרמרוזשעטע אויגן, האָט געשפּאַנט אַהין און צוריק און כסדר שטיין געבליבן פאַרן מת, ווי פאַר אַן אָפּגרונט, וואָס ער האָט נישט געקענט אַריבער.

אויף שפּרינצע, די נידעריקע דיקע פרוי מיט אַ פאַרוואָרפענעם איבערן קאָפּ שוואַרצן, שפּיצנשאַל און ברוינעם מאַנטל, וואָס האָט רייזלען געלערנט ס׳פּאַך, איז געקומען צו איר ס׳לעצטע מאָל. זי איז שטיין געבליבן צופוסנס דעם מת. זי האָט עטלעכע מאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געוואָלט רעדן, טרייסטן מלכה־רחלען, נאָר אַ שטראָם טרערן האָט אַ פלייץ געטאָן פון אירע אויגן און זי געשטיקט.

יעדע יידענע, וואָס איז אַרויס פון מת און די וואָס זענען כסדר געקומען פון גאַס, האָבן שטום זיך צוגעשטעלט צו דער מחנה אבלות, געוואָרט. די מחנה ווייבער אין הויף איז געווען פונאַנדערגעטיילט אין קרענצלעך. איבערן הויף האָט זיך געטראָגן דער שאָרך פון שטיל געזאָגטע ווערטער.

הינטערן הויז איז געשטאַנען אַ קרענצל ווייבער מיט צוזאַמענגעלייגטע קעפּ, וואָס האָבן פון וויטן אויסגעזען ווי אַן אָנגעלייגטע קופּע. זיי האָבן מיט בייגער און שטוינונג געהערט ווי איינע פון זיי האָט אַ פאַרשעמטע זיי באַלערנט לויט אירע באַגריפן: „די אישה איז אַ יולדת, דערפאַר האָט דער אייבערשטער זי באַשאָנקען מיט די דברים זי זאָל קענען זיין אַ פרוי און מאַמע. רייזל, נעבעך, זי זאָל זיין אין גינאיידעם (גן־עדן) איז געגאַנגען פון דער וועלט, ווייל זי האָט געהאַט אַ שמאָלן בעקן״. די יידענע האָט אָפּגעזיפצט און צוגע־געבן: „ווייל, וויי, אַ יונגע נשמה, נעבעך״. אירע צוהערערינס זענען געבליבן ווי געליימט.

אָפּגעזונדערט פון זיי זענען געשטאַנען צוויי ווייבער אַליין, ווי איינע זאָל זיך אָנלענען אין דער אַנדערער. איינע האָט געטראָגן אַ שווערן פאַלטן און אַ גרינעם שאַל אויפן קאָפּ, די צווייטע איז געווען איינגעהילט אין אַ טוך און געטראָגן שטיוול. זי איז געווען רייזלס שכנה פון אַ נאָענט געסל. זי האָט דאָס איבערגעגעבן דער צווייטער יידענע אַוועקגייענדיק זיך און צובייגנדיק זיך צו איר כסדר. זי האָט געהאַט טענהס צו זיך אַליין. „זיך געקליבן אויפן גוטן אָרט, איינרייסן קברים. זי האָט דאָך דאָרט איר טאַטן, ער זאָל זיין אָפּגע־שיידט און נישט באַוויזן״. ערשט איצט האָט די צווייטע איר געזאָגט: „יאָ, יאָ, פראַדל, יעדעס באַשעפעניש און זיין גורל״.

ווייטער אַרויף איז געשטאַנען אַ גרויס קלייזל ווייבער. דאָרט האָט גערעדט אַ הויכע דיקע יידענע. זי האָט געטראָגן אַ געל שייטל, געהאַט אַ שוואַרצן

וואָרצל אויף דער באַק און איז געווען איינגעהילט אין אַ דערע. זי איז געווען זיינוול גלעזערס פון שולגעסל ווייב. די ווייבער, וואָס זענען אַרום איר אַרומ־געשטאַנען האָבן געגאַפּט און געשלונגען יעדעס וואָרט: „זי איז דאָך געווען אַ צדיקות. זי האָט געהאָלפן וועמען זי האָט נאָר געקענט און אַלעס בסתר. וויפל ווייבער וויסן, וואָס זי האָט געטאָן פאַרן גרויסן בער? זי האָט יעדן טאָג אים געברענגט צו וואָרעמס (מיטאָג) אַ טעפל יושקע און אַ ראַזאָוון לאַבן ברויט, אים אויסגעוואַשן אַ העמד און געגעבן עטלעכע גראָשן אין טאַש".

„איי, איי, אַזוי? גיי וויס!" דאָס האָבן די ווייבער זי באַוווּנדערט.

דער גרויסער בער איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ סטעלמאַך. די חדר־ייִנגלעך האָבן וועגן זיין גבורה זיך דערציילט וווּנדער: אַז ער איז גובר געווען דריי גזלנים, וואָס זענען אים באַפאַלן אין וואַלד און נאָך אַ סך אַזעלכע מעשׂהס. איצט אויף דער עלטער איז ער אַ סגי־נהור.

אין אַ קלייזל זיי אַנטקעגן צו דער גאַס צו, איז געשטאַנען שׂפרה, רייזלס הויז־שכנה. איר פליישיק פול פּנים איז געווען צעפּלאַמט און זי האָט געריימט שמעונען איר מאַן און די משפּחה. „ער האָט זי באַהאַנדלט ווי אַ גראַפיניע. ער איז איר פאַרלאָפן יעדן וועג. געשלעפּט איר ס'פּאַמע־שאַף און אויסגעגאָסן די באַליע. איר געברענגט און אַוועקגעטראָגן יעדעס מינדסטע פּעקל. זי געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. זי האָט אים געקעכלט און דערלאַנגט. זיי האָבן געלעבט ווי צוויי טייבעלעך. און רבקה די שוויגער? זי האָט איר געקויפט און גע־מאַכט". זי האָט אין רעדן אויסגעצויגן די ווערטער, ווי זי זאָל דערציילן פאַר קינדער אַ לעגענדע. די ווייבער האָבן איר צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און פאַר־וווּנדערונג און באַדויער.

אַראָפּ אונטן איז געשטאַנען אַ כאַפּטע ווייבער ווי זיי זאָלן אַריבערקוקן אין גאַס אַריין, אַ קליינע דאַרע יידענע מיט אַ קנאַכיק פּנים, אָן אַ ברעקל פלייש, נאָר מיט דער בלויזער הויט, מיט אַ קופּקע אויפן קאָפּ און אַ געוואַ־טעטער וועסט מיט ברייטע אַרבל האָט גערעדט אָפּגעהאַקטע זאַכן: „אַ בן־אדם דאַרף וויסן ווער ער איז. ער דאַרף נישט פאַרגעסן פון וואַנען ער איז געקומען און וווּ אַהין ער גייט. אַ מענטש דאַרף זיך נישט איבערנעמען. וואָס איז דען דער בן־אדם? מען האָט דאָך אים נאָר באַשאַפן. מיט אים רעגירט דער אויבן" און אַ ווייז געטאָן מיט אַ דאַרן פינגער צום הימל. זי האָט מיט צוויי פינגער פון דער זעלבער האַנט זיך אויסגעווישט די מויל־ווינקלען און אירע ליפּן האָבן אַ פלויש געטאָן, ווי אַ שלאַנג זאָל סיקען: „ווער ווייסט פאַר וועלכע זינד". די ווייבער זענען געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער, אויס־געגלאָצטע אויגן, ווער מיט פאַרשנורטע ליפּן און ווער מיט אַן אָפן מויל פון איבערראַשונג. זיי האָבן נישט פאַרדייעט אירע נישט דערזאָגטע ווערטער.

רויזע, וואָס האָט אויך געשטאַמט פון פּראַשעוויץ, פון דעם שטעטל ווי מלכה־רחל, האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן די ווייבער וואָס זענען געשטאַנען אין מיטן הויף, טאַקע דאָרט ווו מרדכי האָט ביי די חתונות געשטעלט די חופּה'ס

און די צוויי דיינים האָבן געגעבן חופה וקידושין. רויזע, אַ הויכע ווי אויס־געצויגענע יידענע, מיט אַ שמאָלער גאָמבע און טיף איינגעזעצטע אויגן, האָט געוואָרפן מיט די הענט און דערציילט מיט אַ קלאָג־ניגון: „קינדער קרוין, ווער האָט נישט געזען און ווער געדענקט נישט די צוויי חתונות ביי מרדכין אין הויף. דאָ אויף דעם אָרט — זי האָט באַוויזן ווו — מיט וואָס פאַראַ רחבות און פרייד, ווי ביי די גרויסע גבירים. די חופות, אונטער וועלכע מען האָט געפירט די חתנים און די כלות. ווער געדענקט דאָס נישט ווי מלכה־רחלס פנים האָט געשטראַלט פון פרייד און אירע לויטערע מאַמע־ און אַלמנה־טרערן ווי טוי־טראָפנס, אז זי האָט עס זוכה געווען", בשעת איר רעדן איז איר איינ־היל־טוך אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. זי האָט עס שנעל אויפגעהויבן, פאַר־וואָרפן זיך עס איבער די אַקסלען און ממשיך געווען:

„מרדכי דער גאַרבער האָט זיך געשטעלט, ווי דער גרעסטער גביר. ער האָט געוווסט פאַר וואָס. ער האָט זיך איינגעקויפט יחוס. דעם דיינס איניקלעך. ער האָט טאַקע אַראָפּגעבראַכט דעם לעליוועער בדחן מיט זיין גרויער ווי אַ שפיגל באָרד און קיילעכיק זיידן קאַפּעלע. און ווי אַזוי ער האָט באַזונגען חתן־כלה. א חתן איז אין טאָג פון דער חתונה געגליכן צו אַ מלך און נישט צו סתם א מלך, נאָר אַ מלך וואָס הערשט איבער יבשות און ימים. ווי אַזוי יאָשע בדחן האָט אויפגעקלערט, אַז אין דעם חתונה־טאָג ווערן פאַר חתן־כלה געעפנט אַלע טויערן פון רחמים און דער רוף — קול חתן וקול כלה, דערגרייכט דעם זיבעטן הימל ביז דעם כיסא המלכות". שוין שטיל האָט זי צוגעגעבן, ווי זי זאָל זיך פאַרענטפערן: „וואָס פאַרשטיי איך אַ זינדיקע יידענע פון אַזעלכע דברים". אָבער זי איז געווען אין טראַנס, פול עקסטאַז און ממשיך געווען. „און ווי האָט ער יאָשע בדחן געוואָרנט חתן־כלה אפילו אין דעם טאָג, וואָס זיי זענען געלאָט־זעליקט. „איר זענט יונג און איר גייט אויף אַן אייגן לעבן, אָבער איר זאָלט נישט פאַרגעסן אָפּהיטן דאָס געבאָט כבד את אביך ואת אמך", און ווי אַזוי ער האָט דערמאָנט די פריילעכע געסט, אַז רייזל די כלה איז אַ יתומה, אָבער איר אַלע זעט דאָך דאָ אַרומגיין שמואלן איר פאָטער, דעם מאָגערן ייד מיט דער לאַנגער צעקעמטער באָרד. איר זעט דאָך אים, ווי ער פרייט זיך מיט אייך די געסט און מחותנים און זיינע קינדער. ער האָט זיי געמוזט לאָזן יתומים מיט זיין זוגתו מלכה־רחל, זייער מאַמע. זי האָט זיי מגדל געווען למעשים טובים און פירט זיי צו חופה מיט מרדכי דעם גביר און נדבנס זון שמעון, וואָס איז אַ בן־טוב און זיין טאָכטער אסתר, וואָס איז אַ „צנועה". באַלד האָט זי ווידער דערמאָנט: „איר געדענקט דאָך ווי די מחותנים האָבן געוויינט און די געסט מיט זיי" אויך זי רויזע האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך איצט צעוויינט. אַ ווײַלע שפעטער האָט זי אָפּגעזיפצט און ממשיך געווען, דערציילט די חתונה־געשעענישן, ווי זיי זאָלן איצט פאָרקומען. זי האָט מיט אַ טיף הייזעריק קול זיי געפרעגט, ווי זי זאָל רעדן צו אירע טעכטער און אייניקלעך: און די מאכלים און געבעקסן האָט איר פאַרגעסן? און די הייטערע מאַרשן און טענץ געדענקען דאָך אַלע. ווער קען

דאָס פֿאַרגעסן?״ האָט זי געפֿרעגט און באַלד ממשיך געווען: „און היינט דאָס דרשה־געשאַנק, וואָס די פֿאַרבעטענע האָבן געבערענגט: די גלעזער און טעלער און די פֿאַרשידענע גלעזלעך און קאַראַפֿינקעס. די גאָפּל, מעסער און טשוהון־טעפּ האָבן דאָך אויך אַלע געזען״.

רויזע האָט אָפּגעזיפֿצט. עטלעכע מאָל אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז. מיטביידע גראָבע פֿינגער זיך אויסגעריבן די אויגן און מיט אַ פֿאַרוויינט קול גע־קלאָגט: „נאָר, אז אַ מענטש האָט נישט קיין מזל, איז וואָס איז שייך? ס׳גאַנצע לעבן אָפּגעבידעוועט (אָפּגעפּינצטערט), ־זוי אַן אלמנה און ווען זי האָט זיך שוין יאָ דערוואַרט אַ ביסל נחת, איז געקומען דער מלאך המוות און איר צוגענומען איר איינציקע טאָכטער. צווישן יאָ און ניין. זי האָט געהייסן רייזל און געווען אַ רויז נישט נאָר ביי איר מאַמע, נאָר צווישן אַלע טעכטער אין שטאָט. אַלע צו לאַנגע יאָר״. זי האָט מיט אַ פֿאַרביילטער האַנט זיך אויסגעריבן די נאָז און מיט דריבנע טריט זיך אַרויסגערוקט פֿון דער כאַפּטע ווייבער.

די באַטראָפֿעצטע ווייבער, מיט די קעפּ אין די אַקסלען, זענען געווען איבער־גענומען מיט רויזעס רייד, די פֿרייד און פּראַכט פֿון אַמאָל און דעם אומגליק און אימה איצט. זיי האָבן אויך זיך אַ וויג געטאָן, גענומען זיך פֿונאַנדערגיין. זייערע טריט זענען געווען קליינע און פּאַמעלעכע ווי נישט זיכערע, נישט געוואָלט זיך דערווייטערן, זיין אויפֿן אָרט, ווען די לוויה וועט רירן.

# גוט־שבת

(הקדמה צו „שבת״)

## א

עס איז דאָס דריטע מאָל, וואָס עס קומט מיר אויס אַריינפירן דעם לייענער אין אַ בוך פון יוסף ערליך. דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב איבערגעזעצט זיין בוך „טוב הארץ״ פון יידישן כתב־יד און האָב דעם מחבר פירגעשטעלט פאַרן העברעישן לייענער — אַן אָריגינעלער און אפשר אויך משונהדיקער מחבר: שרייבט יידיש אָבער דרוקט העברעיש — און בעיקר האָב איך אויסן געווען אָנצו־ווייזן אויף זיינע באַוווּסטע און אומבאַוווּסטע וואָרצלען, סיי אין לעבן סיי אין דער ליטעראַטור.

אין לעבן — געכאַוועט אין אַ קליין פּויליש שטעטל, וואָלבראָם, האָט ער זיך גאָר יונג אָנגעשלאָסן אין די חלוצישע רייען, איז עולה געווען, האָט געאַרבעט אין קאָלאָניעס און אין שטאָט, און האַבנדיק אַ שאַרף אויג, האָט ער טיף דורכ־געלעבט דעם פּראָצעס פון איבערפלאַנץ אין אַלט־נייעם לאַנד אונדזערן, אין אים מיטגעלעבט מיט אַנדערע, און דאָס נישט בלויז פון זיין ס׳גאַל, נאָר פון כלערליי עולים אין זייער בונטן מענטשלעכן, מענטאַלן און שטייגערישן טיפּאַזש. דער כוח פון אַזאַ זיך אַריינלעבן מערקט זיך סיי אין דעם דערמאָנטן בוך, ווו דער פּערסאָנאַזש באַשטייט בעיקר פון עולים, וואָס זענען געקומען פון מזרח־ און צענ־טראַל־איירּאָפּע, סיי אין זיין בוך „הררים״ ווו דער פּערסאָנאַזש באַשטייט בעיקר פון עולים, וואָס זענען געקומען פון מזרח, אָבער דער צענטער איז, סיי דאָרט סיי דאָ, דער געראַנגל מיט דער נאַטור פון מענטש און דער נאַטור פון לאַנד, און די דראַמאַטישע געשפּאַנטקייט און קאַמף פון די כוחות און זייער אַנטפּלעק.

אין דער ליטעראַטור — באַשאַנקען מיט אַ חוש פאַרן עלעמענטאַרן, זוכט ער עס לויט זיין נאַטורעל, אַרויסצוברענגען, און געפינט זי אויף דער ליניע פון אַ ווייסנבערגישן אָדער פוקסישן באַנעם פון מענטש און וועלט, אָבער ווי עס טרעפט זיך אויך ביי זיי, איז אַ מין חשבון, ווו אַלע פּרטים זענען רעאַליסטישע און אַפילו נאַטוראַליסטישע, אָבער דער סך־הכל איז איבעררעאַליסטיש און איבערנאַטוראַליסטיש, און אַז מען קוקט זיך גוט אַריין אין סך־הכל, דוכט מען, אַז ער איז גאָרנישט די מסקנה נאָר גיכער די הנחה פון אַלעמען.

ב

און דאָס וואָס האָט זיך געדאַכט, איז קלאָר באַשטעטיקט אין זיין בוך „וואָל־בראָם", וואָס איז אַרויס, סיי אין לשון פון מקור, דעם מחברס היימישן יידיש, סיי אין העברעיִשן נוסח פון שמאי מאַנדל און איך האָב מיך, אין אַריינפיר, אָפּגעשטעלט אויף דעם חידוש אין מחברס לעבן און טאָן — דאָס שטעטל זיינס האָט אים מחייב געווען, ער זאָל נישט בלויז אין רשות־היחיד, צווישן זיך און זיין פעדער, נאָר אויך אין רשות הרבים, צווישן זיך און דעם אויער פון זיין לייענער רעדן אין לשון פון זיין טאַטע־מאַמע. איך בין דעמאָלט זיכער געווען, אַז דאָס קליינע ביכעלע, אַ האַרציקע מצבה אויף די חורבות פון וואָלבראָם, איז אַ שפּאַרע פון אַ טיר, וואָס וועט און מוז זיך ווייט און ברייט אויפּפּראַלן, און עס האָט מיך נישט געחידושט, ווען איך האָב געהערט אַז ער גרייט צו דאָס בוך, וואָס ליגט דאָ פאַר אונדז, און וואָס נעמט אַרום וואָלבראָם, נישט ווי אַ קליין פּינטעלע אין דער פּוילישער געאָגראַפיע, נאָר ווי אַ גרויסער פלאַקער אין דער יידישער געשיכטע, איר טיפער אמונה און איר טיפער קולטור, ווי אין דער גע־שטאַלט פון איינעם פון די גרעסטע ווערק פונעם יידישן פאָלק — דעם יידישן שבת, ווי ס׳האָט זיך קאָנקרעטיזירט אין דער יידישע קהילה.

די עובדא פון ספר איז אַן עפּישער, צומאָל גאָר פּלאַסטישער דין־וחשבון איבער דעם איין־און־איינציקן טאָג פון דער וואָך, וואָס פאַר אַ שפע פון איבער־לעבענישן עס האָט אים אויסגעפּילט. אָבער עס איז מער פון אַ דין־וחשבון, עס איז אויך אַ רמז זיך צו באַקלערן, צי פאַרשטייען מיר, וואָס אונדזערע שטעט און דערפער אין אונדזער לאַנד האָבן אָנגעוווירן, וואָס דער שבת איז פאַר זיי לאַנג נישט דאָס וואָס ער איז געווען אין דער לעבעדיקער יידישער קהילה, אַן אַבסאָלוט אַנדערער טאָג, אין דעם וווּנדערלעכן סינטעז פון מנוחה און קדושה; צי פאַר־שטייען מיר, אַז איפכא מסתברא: אויב דאָרט אין דער פרעמד האָבן מיר געהאַט אַזאַ גדולה, דאָ אין דער היים לא כל שכן.

מעגלעך, אַז דאָס איז נישט די כוונה פונעם מחבר, אָבער גוטע ביכער האָבן אַ טבע, אַז זיי זענען שטאַרקער פון מחברס כוונה, און אַ גרויסער נעכטן, ווי דער יידישער שבת וואָס מיר זעען פאַר אונדז, שטרעמט צו אַ גרויסן מאָרגן.

דב סדן

לקדושים ולטהורים שנפחו
נשמתם בגהינום עלי אדמות

# א

פייוול האָט איילִיק איבערגעשפּרייזט די שוועל פון משהס תבואה־שפּייכלער. ער איז פון דער אויפגעפּראַלטער טיר ווי אַרויסגעפּאַלן אין מאַרק אַריין. פייוול איז שטיין געבליבן. ער האָט אַ דערשטוינטער זיך אַרומגעקוקט.

דער יריד אין וואָלבראָם איז געווען געענדיקט. בלויז עטלעכע לײדיקע פיר־לעך זענען נאָך געשטאַנען אין מאַרק. די אויסגעשפּאַנטע פערד זענען געשטאַנען מיט איבערגעהאָנגענע קעפּ איבער די פּולקאָשקעס, די כאָמענטן זענען געהאָנגען איבער זייערע העלדזער. דער שניי אין מאַרק איז געלעגן אַ צעטרעטענער.

מאַרדוך, דער הויכער, ברייטבייניקער גוי, האָט גערייניקט דעם מאַרק. זיינע לאַנגע, דיקע וואָנצעס זענען אים אַראָפּגעהאָנגען פוןביידע זייטן מויל, ווי צעפּלעך. ער האָט מיט אַ ברייטער הילצערנער גראַצע צונויפגעשאַרט אין אַ קופּע דאָס געבליבענע מיסט פון די פערד. מאַרדוך האָט געטראָגן אויף זיך אַ לאַנגן אויסגעריבענעם זעלנער־שינעל. זיינע לענדן זענען געווען אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק. זיינע פּולע באַקן האָבן געפלאַמט פון אַן איבעריקן טרונק. אַ פּוילער, האָט ער לאַנגזאַם געשאַרט מיט דער גראַצע און גערעדט צו זיך: „היגטישע זין, קער נאָך זיי דעם מאַרק".

דער שניי אויף די שיפּע שינדל־דעכער האָט גענומען צוריק פרירן. יידן מיט לאַנגע בערד, וואָס האָבן געטראָגן פוטערנע קיטשמעס, לאַנגע באַנדעס און טיפע שטיוול, האָבן מיט רויטע פאַרפרוירענע הענט צונויפגענומען זייערע סחו־רות, פונאַנדערגעהאָנגענע איבער די ווענט און טירן פון זייערע קראָמען: אַ רעשטל ציץ, אַ קופּאָן זוילן, אַ בלעכענע פּיילע, אַ הילצערן שעפל; די בעקער ביי זייערע סטראַגענעס האָבן צונויפגעלייגט דאָס געבליבענע ברויט.

דער צלם אויפן טומאה־טורעם אין ווינקל פון מאַרק צווישן צוויי געסלעך האָט ווי באַוואַכט דעם מאַרק־פּלאַץ. די קעלט איז כסדר שטאַרקער געוואָרן, עס האָט זיך געשטעלט אַ פראָסט. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט.

דער הימל איבער דעם שטעטל איז געווען געדיכט בלוי; ער האָט אויסגעזען ווי אַ גראַנאַטענער געוואַנט. פייוול האָט געשפּרייזט איבער די געסלעך. דער

שניי האָט געסקריפּעט אונטער אים. די שמאָלע ענגקייט אין די געסלעך האָט אים געפּירט.

פּייוול האָט אַריבערגעשטעלט אַ פוס איבער דער הילצערנער אויסגעטרע־טענער שוועל און דערפילט אונטער די פיס האַרטע אָנגעשטאָמפּעטע ערד. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי ער זאָל טאַפּן אין דער פינצטער, געמאַכט עטלעכע טריט און ער האָט אָנגעדריקט דעם סקאָבעל. די אָנגעדראָלטע טיר פון פּייכטקייט איז אָפּגעשפּרונגען. אַ פּייכטע, טוכלע וואַרעמקייט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים. ער האָט שנעל פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

—טאַטע! — האָבן דריי קינדער־קולעכלעך זיך צעשריגן: זלאַטעלע, רבקהלע און יאָסעלע האָבן זיך אַ וואָנד געטאָן צו אים. די קינדער זענען געזעסן אויפן פּאָל ביים בעט אין ווינקל און זיך געשפּילט. פּייוולס שוואַרצע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן, די רויטע האָר פון זיינע גערייכטע בראָוען זענען שטייף געוואָרן.

— שאַ! — האָט יאַכעט, זיין ווייב, אַ הויכע שטאַרקע פרוי, אַ זאָג געטאָן. זי האָט זיך איבערגעלייגט די הענט איבערן בויך. — גוט אָוונט! — און זי האָט באַלד צוגעגעבן: — זעץ זיך!

— גוט אָוונט! — האָט פּייוול איר געענטפערט. ער האָט אַוועקגערוקט אַ בענקל פון טיש און זיך אַוועקגעזעצט.

יאַכעט איז געשטאַנען און באַטראַכט פּייוולען; אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן בייגעריק געקוקט. פּייוול איז געזעסן, ווי ער זאָל וואַרטן. ער איז געווען מיד.

די קינדער האָבן ווייטער זיך געשפּילט, זיי האָבן מיט זייערע פּושקעלעך און דעקלעך געוואָזיגן און געמאַסטן; זיי האָבן געקויפט און פאַרקויפט אין זייער קראָם.

— קום עסן! — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן.

פּייוול האָט איר נישט געענטפערט, ער האָט בלויז אַ קוק געטאָן אויף איר און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

יאַכעט האָט זיך גענומען פאַרן. זי איז אַוועק צום אויוון. זי האָט מיט ביידע הענט אָנגעטאַפּט די דיניצע, וואָס האָט זיך געוואַרעמט. דערנאָך האָט זי זיך אָנגעבויגן, אַפּערגענומען אַ שטיקל קאַטרע און צוגעלייגט צום טליענדיקן פּייער. די קאַטרע האָט זיך צעפלאַקערט, די שיין פון פּייער האָט אַ בליץ געטאָן.

יאַכעט האָט אַרויפגעלייגט אויפן טיש אַ שוואַרץ נישט־אָנגעהויבן ברויט, אַ צינענעם לעפל און אַ קיך־מעסער. זי האָט אַרויפגעשטעלט דאָס זאַלץ־מעסטל, אַרויסגענומען פון שענקל אַ טיפע בלעכענע שיסל און זי אָנגעגאָסן מיט „יושקע", די פּאַרע פון דער דיניצע האָט באַדעקט איר פּנים.

— וואָש זיך! — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן. זי האָט דעם טעלער זופּ אַרויפ־געשטעלט אויפן טיש.

פּייוול האָט זיך אויפגעשטעלט, ער איז צוגעגאַנגען צום קיבעל וואַסער, ער האָט אָנגעשעפּט אַ שעפּ וואַסער, איבערגעשטרעקט די הענט איבערן שעפּל און

זיי אָנגעגאָסן. „שאו ידיכם" — האָט ער אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול. די רעשט ווערטער האָט ער געמורמלט צווישן די ליפּן, ווי ער זאָל זיי שלינגען. ער האָט די הענט אַריינגעווישט אינעם שטשערקעלע, וואָס איז געלעגן אין דער זייט און צוגעשפּאַנט צום טיש. ער האָט אָפּערגערוקט אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט לאַנגזאַם, ווי ער זאָל אַראָפּלאָזן פון זיך אַ זאַק תבואה, אַ נעם געטאָן אין איין האַנט אַריין דאָס ברויט, מיט דער אַנדערער האַנט — דאָס מעסער און אַריינגעשטאָכן אין ברויט אַריין; ער האָט דעם לאַבן ברויט אַרומגעדרייט אויפן טיש איבער דער שאַרף פון מעסער און אָפּגעשניטן זיך אַ רעפט ברויט.

— ברוך אתה... המוציא לחם מן הארץ.

— אמן! — האָט יאַכעט אים געענטפערט.

יאַכעט איז צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. זי איז געזעסן אים אַנטקעגן. איר גרוי, פלאַנעלן קליידל, וואָס איז געווען אויף איר אַ ביסל ענג, האָט זי אַריבערגעצויגן זיך איבער די קניען. אירע גלידער זענען געווען בולט.

פּיוול האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער שיסל, ער האָט יעדן לעפל זופּ זיך אַריינגעגאָסן אין מויל אַריין, זיך געקוויקט מיט דעם טעם פון די צעקאָכטע קאַרטאָפל.

יאַכעט איז געזעסן און געקוקט, ווי פּיוול עסט און קוויקט זיך. איין מאָל האָט זי אויך זיך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זי האָט אַ זאָג געטאָן: „אַ גאַנצע וואָך צווישן גויים אָן אַ לעפל וואַרעמס". אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויסגערעדט: „אַבי נישט אָסטערליש".

אין שטוב איז געווען שטיל, מער האָט נאָר געהערט דעם קלאַפּ פונעם צינערנעם לעפל אין דער שיסל, ווי אַ האָן זאָל פּיקן. פּיוול האָט צונויפגעקראַצט דאָס לעצטע ביסל זופּ אין דער שיסל און עס אַראָפּגעזופּט הילכיק. פּיוול האָט אַרויסגעלייגט דעם לעפל פון האַנט און זיך אָפּגעבויגן פון טיש. ער איז געווען זאַט, ער האָט עטלעכע מאָל זיך אַ שאָקל געטאָן איבערן טיש, ער האָט געבענטשט.

אַ ווײַלע איז פּיוול געזעסן און געמרוזשעט די אויגן. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן „אָ וואַ!". ער האָט זיך אַ הייב געטאָן פון בענקל, ווי ער זאָל וועלן גיין, ער איז אָבער זיצן געבליבן. ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף יאַכעטן.

פּיוול האָט אַרונטערגערוקט אונטערן שפּענצער זיין ברייטע האַנט — אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, געוואָלט זיין זיכער, אַז קיינער זעט נישט. ער האָט אָנגעשפּיגן זיך די שפּיץ־פינגער פון דער רעכטער האַנט און גענומען ציילן פּאַמעלעך, אויפן קול: „איינס, צוויי, דריי". די באַנקנאָטן זענען געווען אייגצלנע גילדנס. ער האָט געציילט איין באַנקנאָט נאָכן אַנדערן, ווי ער זאָל איבערמישן בלעטלעך אין אַ ספר. אָפּגעציילט פּופּציק, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אָפּגעזיפצט און אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז צום מסחר!". די עטלעכע געבליבענע אים אין האַנט באַנקנאָטן האָט ער אַרויפגעלייגט אויפן

טיש. די פּופּציק אָפּגעצײַלטע גילדן האָט ער צוריק אַרײַנגעשטופּט זיך אין בוזים־טאַש, ער האָט גענומען אין האַנט דאָס געבליבענע געלט און עס געצײַלט פון דאָס נײַ. ער האָט געצײַלט אויפן קול ביז אַכט. פּייוול איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס ער האָט נישט מער קיין באַנקנאָטן ער זאָל קאָנען צײַלן ווײַטער... אַ דערשטווינטער האָט ער אָנגעקוקט יאַכעטן:

— יאַכעט, עס פעלט צוויי גילדן צום שבת.

— פּייוול, זאָרג זיך נישט, גאָט וועט העלפן די צווייטע וואָך, — האָט זי אַ זאָג געטאָן און האַסטיק זיך אויפגעשטעלט ווי זי זאָל אַראָפּשפּרינגען פון בעט.

יאַכעט האָט אַראָפּגענומען די טעלעכע גילדן פון טיש און זיי אַרײַנגעלייגט צו זיך אין בוזעם. זי האָט אַ פאַרוואָרף געטאָן דאָס ברוין־גרינגעקראַטעוועטע טוך איבער די אַקסלען, אָפּערגענומען פון אונטערן שענקל אַ צונויפגעלייגט זעקל און עס אַרײַנגעלייגט אינעם געפלאָכטענעם קײַשל. זי איז אַוועק צו דער טיר.

אַ קאַלטער שטראָם לופט האָט זיך אַרײַנגעריסן אין שטוב. די טוכלעקייט אין שטוב איז געוואָרן שיטערער. די קינדער אויפן פאָל האָבן אַרײַנגעלאָזט די קעפּ אין די אַקסלען. אַלע דרײַ האָבן אַ ציטער געטאָן פון קעלט.

אין שטוב איז געוואָרן נאָך שטילער. אין די ווינקלען פון דער לאַנגער, נידעריקער שטוב האָבן גענומען זיך אײַנזעצן שאָטנס. פּייוול האָט אָפּערגערוקט פון אונטער זיך דאָס בענקל און לאַנגזאַם זיך אויפגעהויבן. ער איז געווען מיד, — אַ גאַנצע וואָך געגאַנגען איבער די דערפער פון דער געגנט. צוגעגאַנגען צום פענצטער, האָט ער מיט די שפּיץ פינגער אַ וויש געטאָן די פײַכטקייט פון די מיט אײַז פאַרקאָוועטע שײַבלעך. ער האָט אַוועקגעשפּרײַזט אין ווינקל אַרײַן, וווּ עס איז געשטאַנען דאָס שענקל. דאָרט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט, מיט דער האַנט פאַרשטעלט זיך די אויגן און זיך פונאַנדערגעוויגט. אַז ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך אַרויסגערוקט אויף הינטערווײַלעכץ און אויסגעשפּיגן אין ביידע זײַטן אַרום זיך.

די קינדער האָבן זיך געשפּילט.

פּייוולס אַקסלען האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. ער האָט זיך אָפּגעשווידערט; די טוכלע וואַרעמקייט אין שטוב האָט אים אַדורכגענומען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט, אַראָפּגעצויגן פון זיך די שטיוול און אַראָפּגעוויקלט די צילקעס פון די פיס. זײַנע סטאָפּעס זענען געווען רויט, ווי אָפּגעבריט.

— וואָס ווילן זי קויפן? — האָט זלאַטעלע אַ פרעג געטאָן איר שוועסטערל, איר קול האָט געהילכט.

— צוקער! — האָט רבקהלע איר אָפּגעענטפערט מיט איר דין קולעכל.

פּייוול האָט זיך אָנגעבויגן, אַ קוק געטאָן צו די קינדער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זײַן קאָפּ זיך אַ וואַקל געטאָן, זײַנע אויגן האָבן גענומען זיך פאַרמאַכן, זײַן מידע פּלייצע האָט געצויגן זיך אויף הינטערווײַלעכץ, זיך אָנגעלענט אין דער געקאַלעכטער וואַנט. פּייוול איז אײַנגעשלאָפן.

רבקהלע איז געבליבן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, זי האָט נישט גענומען פון זלאַטעלען דאָס פּאַפּירענע שקאָרמיצל. זי האָט דערהערט ווי דער טאַטע שנאָרכט, האָט זי זיך דערשראָקן:

— איך וויל אויך שלאָפן — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— קום צום טאַטן אין בעט אַריין — האָט זלאַטעלע איר אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אויפגעהויבן יאָסעלען, דאָס צווייייעריקע ברודערל. יאָסעלע איז די גאַנצע צייט געזעסן און זיך צוגעקוקט, ווי די שוועסטערן שפּילן זיך. זלאַטעלע האָט אים אַריינגעלייגט אין עק פון בעט, די פיריאָריקע רבקהלע איז אַליין אַרויפגעקראָכן אויפן בעט, זלאַטעלע האָט זיך צוגעזעצט צו יאָסעלען.

— שלאָפט, קינדער — האָט זי אַ זאָג געטאָן, נאָכגעמאַכט די מוטער.

די צוויי קינדער האָבן זיך איינגעניורעט איינער אין אַנדערן. זיי זענען באַלד איינגעשלאָפן. זלאַטעלע, דאָס אַכטיאָריקע מיידל, האָט אין דער גרויסער שטוב זיך דערפילט עלנט. זי האָט צוגעטוליעט זיך צו די קינדער און איז אויך באַלד איינגעשלאָפן. דער אָוונט אין שטוב איז כסדר גרויער געוואָרן. דער טאַטע און די קינדער זענען געשלאָפן.

## ב

אויף דער גאַס, פאַר דער טיר, איז יאַכעט שטיין געבליבן. זי האָט אַריבערגעצויגן דאָס טיכל איבערן קאָפּ. אַ ווײַלע האָט זי זיך אַרומגעקוקט. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן מיט דעם געסל אַראָפּ. דער פרירנדיקער שניי האָט געסקריפּעט אונטער אירע פיס.

דעם מאַרקפּלאַץ האָט יאַכעט איבערגעשפּרייזט אין דער קווער, ווי זי זאָל פון אים אָפּהאַקן זיין לינקן פאַרשנייעטן שפּיץ. זי איז געגאַנגען פון איין געסל אין אַנדערן. אין דעם שמאָלן אויסגעצויגענעם יאַטקע־געסל איז זי שטיין געבליבן. זי האָט אַ שניפּ געטאָן מיט איר נאָז, דערפילט דעם ריח פון בלוט, פון רוי פליישׁ. אינעם געסל אַרום די יאַטקעס זענען געשטאַנען הינט מיט פאַרבויגענע צווישן די פיס ווידלען. זיי האָבן געוואַרט אויף אַ ביין אָדער אַן אָכלאַפּ.

אַ ווײַלע האָט יאַכעט געצעגערט, זי האָט געטראַכט גיין ווייטער, אָבער אין דעם אָפענעם פענצטער־לאָדן, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף צוויי זייטיקע קייטן, האָט זיך באַוויזן דאָבעס דער קצבטעס קאָפּ, אַרומגעהילט מיט אַ דערקע, די הענט האָט זי געהאַלטן פון פאַרנט פאַררוקט אין די אַרבל פון פעלצל.

יאַכעט האָט נישט געוואַגט גיין ווייטער; זי איז אַריין צו דאָבען אין דער יאַטקע.

— וואָס הערט זיך? — האָט דאָבע זי אַ פרעג געטאָן, נישט־אַרויסנע־

מענדיק די הענט פון די אַרבל. זי האָט נאָר אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אָנגעקוקט יאַכעטן.

— נישט צום פּאַרזינדיקן! — האָט יאַכעט איר געענטפערט און זיך צוגע־רוקט צום יאַטקע־קלאָץ.

אין דער יאַטקע איז געווען האַלב פינצטער ווי אין אַ קאַמער: אָן אַ פענצ־טער, נאָר די טיר איז געווען אָפן. עס האָט זיך געפילט די זיסקייט פון פאַר־פרוירן בלוט און געסטאַיעט פעטס.

יאַכעט האָט אָפּגענומען די הענט פון אונטערן טיכל און געפירט אירע אויגן איבער די הענגענדיקע אויף דער וואַנט זייטלעך פלייש. די שאַרף פונעם לאַנגן מעסער און פון דער האַק, וואָס זענען געלעגן אויפן יאַטקע־קלאָץ, האָבן געגלאַנצט איר אַנטקעגן. יאַכעט האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ; עס האָט זיך איר אַ וויזל געטאָן אונטערן האַרץ. דאָבע, די ברייטביינעקע יידענע, איז געשטאַנען און געוואַרט.

שמילע, אַ הויכער ברייטביינעקער ייד, האָט אויסגעביינעקט אַ שטיק פלייש אויפן טיש. ער האָט איבערגעריסן די אַרבעט, אַ קוק געטאָן אויף יאַכעטן און זי אַ פרעג געטאָן:

— נו, יאַכעט, וואָס זאָל איך דיר געבן?

יאַכעט האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט נאָך נישט געהאַט באַשלאָסן.

שמילע האָט אַרויסגעצויגן פון זיין יוכטענער כאַלעווע דעם שטאָל, ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן וועטשן דאָס מעסער.

— יאַכעט, נעם דעם האַלדז. אַ פעטע בהמה — האָט דאָבע איר אַ זאָג געטאָן.

— איך וועל זיך קאָנען באַטיילן? — האָט יאַכעט זי אַ פרעג געטאָן.

— אַזאַ פלייש איז שפּאָרעוודיק — האָט דאָבע איר געענטפערט.

שמילע האָט צוריק אַריינגערוקט דעם שטאָל אין דער כאַלעווע, ער האָט מיט איין האַנט אָנגענומען דעם בהמה־קאַרק, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, און אים אַרויפגעוואָרפן אויפן יאַטקע־קלאָץ.

— וויפל? האָט ער אַ פרעג געטאָן יאַכעטן.

יאַכעטס אויגן האָבן אַ פינטל געטאָן; זי האָט שטיל און אייליק אים אַ זאָג געטאָן:

— צוויי פונט — זי האָט אַריינגעטאָן די האַנט אין בוזעם און אַרויסגענומען דאָס געלט.

שמילע האָט פונאַנדערגעשטעלט זיינע פיס, אויסגעדרייט דאָס מעסער מיט דער שאַרף פון זיך און אַ שניט געטאָן דאָס שטיק פלייש.

— דו וועסט האָבן אַ פעטע יויך, — האָט דאָבע אַ זאָג געטאָן יאַכעטן.

שמילע האָט דעם אָנגעשניטענעם פריטש פלייש אַרויפגעוואָרפן אויף דער הענגלוואָג, אויף דער צווייטער שאָל האָט ער אַרויפגעלייגט דאָס געוויכט. ער האָט זיך איינגעקוקט אין וואָגצינגל. „אַ שטאַרקע וואָג", האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— זאָל זיי זיין צום געזונט — האָט דאָבע אַ זאָג געטאָן.

יאַכעט האָט געגעבן שמילען אַ גילדן אין האַנט אַריין. ער האָט דעם באַנק־נאָט פֿאַרקנייטשט אין דער פויסט. מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אַרויס־געגראָבלט עטלעכע מטבעות פֿון טאַש אַרויס און זיי אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש, אַ רעשט געגעבן יאַכעטן.

יאַכעט האָט אַריינגעלייגט דאָס פּעקל פֿלייש אין קישל, מיט די פֿאַרפֿרוי־רענע פֿינגער צונויפֿגענומען די רעשט.

— אַ גוטן! האָט זי אַ זאָג געטאָן און זי איז אַוועק צו דער טיר, זי האָט געדריקט אין דער פויסט די פּרוטות.

— גיי געזונט! — האָט דאָבע איר נאָכגעשריגן, נישט רירנדיק זיך פֿונעם אָרט.

די קעלט האָט יאַכעטן אַ ברי געטאָן אין פּנים, אַ שטאָך געטאָן אונטער די נעגל. זי האָט ווידער אַריבערגעצויגן דאָס טיכל איבערן קאָפּ; בלויז דער שטערן און אירע אויגן זענען געבליבן אָפּגעדעקט. זי איז געגאַנגען מיט דעם לענגלעכן פֿאַרשנייטן נישט־אויסגעטרעטענעם פּלאַץ, וואָס איז געווען דער שותּפֿותדיקער הויף פֿון די כאַטעס אַרום. די פֿאַרפֿרוירענע פֿענצטער אין די כאַטעס האָבן אויס־געזען ווי צעשטעלטע לאָמטערן. זי האָט זיך פֿאַרקירצט דעם וועג, געטאַפּטשעט אין שניי און געסאָפּעט פֿון קעלט. גייענדיק האָט זי אַריינגעלייגט אינעם פֿאָ־דערשטן טעשל פֿון קלייד די עטלעכע מטבעות, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט.

יאַכעט איז אַדורכגעקראָכן דורך דער שטשאַנקע צווישן צוויי כאַטעס, זי איז אַרויס אויף דער באַרגגאַס, די גאַס איז געווען אַ קורצע און האָט זיך געצויגן באַרג־אַרויף. יאַכעט האָט זיך ווי אַריינגעלייגט צו יעקלען אין קראָם; יעקלס קראָם איז געווען אַ נידעריקע גרויסע שטוב, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שפּייכ־לער. די פּאָר קליינע פֿענצטער־שייבעלעך זענען געווען מאַט פֿאַרפֿרוירן. די לופֿט אין דער קראָם איז געווען געדיכט, ווי אַ פֿאַרפֿרוירענע פּאַרע. עס האָט זיך געפֿילט דער ריח פֿון פֿאַרפֿרוירענעם שליים.

יאַכעט האָט אָפּגעאָטעמט, די אויסגעאָטעמטע פֿון איר מויל פּאַרע איז פֿאַר־פֿרוירן געוואָרן אין דער לופֿט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט:

— אַ גוטן! — האָט זי ערשט איצט אַ זאָג געטאָן — איר קול האָט אָפּגעגע־הילכט ווי אַן עכאָ.

די ווייבער אין קראָם האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, זי אָנגעקוקט. דער נידע־ריקער ברייטביינעקער יעקל האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אַ נאַסער פֿאַר־פֿרוירענער זאַק איז געווען אַרומגעבונדן אַרום זיינע לענדן, זיינע קורצע פֿינגער זענען געווען רויט פֿון קעלט און נעץ.

עטלעכע פֿאַרבאַבלטע אין טיכער ווייבער זענען געשטאַנען ביים טיש, באַ־באַטראַכט און באַטאַפּט די פֿיש. יעקל איז געשטאַנען פֿון דער צווייטער זייט טיש, און ער האָט גערעדט געציילטע ווערטער: „וויפֿל?" „וועלכע?" האָט אָנגעג־

קליבן, געוויִיגן, פּאַרפּאַקט אין אַלטע צעקנייטשטע צייטונגען און גענומען באַצאָלט פאַר זיין סחורה.

אַ פרוי האָט אַריינגעשטעקט דורך דער טיר דעם קאָפּ, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ שוואַרצן שפּיצן־שאַל.

— איר האָט לעבעדיקע קאַרפּן? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— נאָר אָפּגעשטאַנענע לעשטשן און העכט זענען פאַראַן, די טייכן זענען פאַרפרוירן — האָט יעקל איר געענטפערט און געטאָן ווייטער זיין אַרבעט.

די פרוי, וואָס האָט געפרעגט, איז אַוועק, די ווייבער האָבן געקויפט, אַכטונג געגעבן אויף דער וואָג און באַצאָלט. יאַכעט האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, כסדר זיך צוגערוקט נענטער צום טיש. אַז זי איז צוגעקומען צום טיש, האָט יעקל אויפגעהויבן זיינע געגרינצלטע אויגן־לעפלעך.

— נעם די קאַראַשעס — האָט יעקל איר אַ זאָג געטאָן און איר אַ וויִז געטאָן מיטן קאָפּ אויפן קיישל מיט די פיש, דאָס קיישל איז געשטאַנען אויפן טיש אין דער זייט.

יאַכעט האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, זי האָט אָנגעקוקט די קליינע ברייטע, גרוי־זילבערנע פישעלעך.

יעקל האָט נישט געוואַרט אויף יאַכעטס הסכמה, אַפילו נישט געפרעגט וויפל זי וויל. ער האָט אַ נעם געטאָן אַ האַרט שטיק פּאַפּיר און יאַכעטן אָנגעוויגן אַ פונט פיש ווי יעדע וואָך. „אַ פערטעלע" — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און אַוועקגעלייגט איר דאָס פּעקל פיש. דאָס וואָרט „גילדן" האָט ער ערשט שפּעטער צוגעגעבן.

יאַכעט האָט שנעל אַרויסגענומען פון טאַש די עטלעכע מטבעות און אַרויפגעלייגט זיי אויפן טיש.

די קעלט אויף דער גאַס האָט זי דורכגענומען. זי איז אַריין אין דער פּילצער גאַס, דאָס איז געווען איינע פון די הויפּטגאַסן אין שטעטל; די גאַס האָט געפירט צום הויפּט־טראַקט. יאַכעט האָט זיך געאיילט, זי איז געגאַנגען צו זרח בעקער. זי איז אַראָפּ אין קעלער און זי האָט מיט דער האַנט דורכן טיכל אַ שטופּ געטאָן די טיר. די וואַרעמקייט פון אויוון, אין וועלכן מען האָט געבאַקן ביי נאַכט, האָט זי אַרומגענומען.

זרח האָט געדרימלט, זיין קאָפּ איז געלעגן אויפן רויען מיט מעל אויסגעשמירטן קאַסע־טישל. זרח האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

געברענגט דעם וואָכן־חוב — האָט יאַכעט אים אַ זאָג געטאָן.

זרח האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַרויפגערוקט דאָס קאַפּל.

יאַכעטס הענט האָבן אַ גראַבל געטאָן אונטערן טיכל. זי האָט פון בוזעם אַרויסגעצויגן צוויי באַנקנאָטן:

צוויי גילדן, ווי יעדע וואָך — האָט זי אַ זאָג געטאָן, זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס געלט אויפן טישל.

יאַכעט האָט אַ שפּריז געטאָן צו דער פּאַליצע אין דער זייט. אויף דער

פּאַליצע זענען געלעגן עטלעכע קיילעכיקע ברויט. יאַכעט האָט זיך אָנגעבויגן, גענומען אַ ברויט און אַריינגעלייגט צו זיך אין קיישל. זי האָט אַ קוק געטאָן צי זרח זעט. זרח האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

יאַכעט האָט צוגעקלאַפּט הינטער זיך די טיר. זי איז אַרויסגעלאָפן די פיר טרעפּ. די קעלט האָט זי ווידער אַדורכגענומען. צווײ הייזער ווייטער, ביי אַ ברייטער, נידעריקער כאַטע, האָט זי זיך פאַרהאַלטן. די טירן פון דער לאַנגער קראָם, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שאָפּע, זענען געווען אָפן. יאַכעט האָט איבער־געשפּרייזט די פלאַכע הילצערנע שוועל.

אין ווינקל ביים פענצטער, אויף אַן איבערגעדרייט קעסטל ביי אַ קאַסע־טישל, איז געזעסן אַ ברייטבייניקער ייד. זיין ווייסע, לאַנגע באָרד איז געווען אַריינגעלאָזט אין זיין פוטער, ווי זי זאָל זיין פאַרפּאַקט. דער ייד האָט אָפּגעריסן זיין בליק פונעם ספר, וואָס איז געלעגן פאַר אים אָפן, אַ קוק געטאָן אויף יאַכעטן און ווידער זיך איינגעקוקט אינעם ספר.

יאַכעט האָט פונעם בוזעם אַרויסגענומען צוויי גילדן, און אַ שפּרייז געטאָן:

— ר׳ אשר, מיין חוב! — האָט זי געזאָגט און אַוועקגעלייגט דאָס געלט אויפן טישל.

— ר׳ אשרס גרויסע, גרויע ברעמען האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן געלט, צונויפגענומען די צוויי פּאַפּירלעך און זיי אַריינגע־לייגט אין טאַש אַריין.

— נו, נו — האָט ר׳ אשר אַ ברום געטאָן און ווייטער אַריינגעקוקט אין ספר.

— ר׳ אשר, איך וועל זיך שוין אַליין באַדינען.

אין ווינקל איז געלעגן אַ קופּע קאַרטאָפל, צוגעדעקט מיט שטרוי. אַנטקעגן, ביי דער וואַנט, איז געשטאַנען אַ פעסל מיט געזאַלצטע אוגערקעס און אַ פאַס מיט זויער קרויט. אין דער זייט זענען געלעגן ציבל און אַ הויפן מייערן. יאַכעט האָט אַרויסגענומען איר זעקל פון קיישל און זיך אַראָפּגעזעצט: זי האָט נישט געוואָלט זיך אָנבייגן, כדי אשר זאָל, חלילה, נישט זען אירע קניען. זי האָט אָנגע־קליבן אַ זעקל קאַרטאָפל און דאָס זעקל אַרויפגעשטעלט אויף דער וואָג. „קוקט, ר׳ אשר, צוואַנציק פונט" — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט אָנגעקליבן און אָפּגע־וואויגן צוויי פונט ציבל. דריי מייערן האָט זי צוגעלייגט צו די קאַרטאָפל. דאָס זעקל האָט זי פאַרבונדן מיטן שטריקל, וואָס איז געווען צוגעקניפּט צום זעקל. מיט איין האַנט האָט זי אָנגענומען דאָס קיישל. דאָס זעקל קאַרטאָפל האָט זי גענומען אונטערן אָרעם פון דער צווייטער האַנט.

יאַכעט איז אַרויס פון קראָם, און נאָר איבערגעשפּרייזט די שוועל, אַריין אין דער דערבייאיקער טיר, צו שרה־לאַהן אין קראָם. יאַכעט האָט זיך אַדורכ־געשטופּט מיטן זעקל דורך דער האַלב־אָפענער טיר.

— יאַכעט, וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכן די קינדער?

— דאַנקען גאָט — האָט יאַכעט איר געענטפערט. יאַכעט האָט זיך צוגע־

זעצט אויף אַ קעסטל. איר טיכל האָט זיך איר אַראָפּגעגליטשט איבער די אַקסלען.

— שרה־לאה, גיסט זיך אַן עצה? — האָט יאַכעט זי אַ פרעג געטאָן.

שרה־לאה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: „גאָט איז אַ טאַטע" — האָט זי אַ זאָג געטאָן יאַכעטן. שרה־לאה איז געווען אַן אלמנה, איר זון, וואָס האָט יונג חתונה געהאַט, האָט איצט געדינט אין מיליטער. די שנור איז געלעגן אין קימפּעט.

— אַ געראָטן קינד? — האָט יאַכעט אַ פרעג געטאָן.

— ווער צו גאָט האָפט — האָט שרה־לאה געענטפערט.

אַ ווײַלע האָבן ביידע ווײַבער געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט אַ ווינט זיך אַרײַנגעריסן דורך דער אָפענער טיר; דער ריח פון פעסל נאָפט האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער דער קראָם.

— נו, גרייט מיר צו דעם ספּראַווונעק — האָט יאַכעט זיך אָנגערופן.

— יאָ, קרוינעשי — האָט שרה־לאה געענטפערט און זיך צוריק אויסגעדרייט צו איר מיטן פּנים.

שרה־לאה איז געווען אַ סך עלטער פון יאַכעטן. זי האָט געטראָגן אַ קופּקע מיט אַ ציטער־שפּילקע אויפן קאָפּ און אַ ברוין פּעלצל אָן אַרבל. זי האָט מיטן שפּיץ פון איר פאַרטעך אויסגעווישט די מויל־ווינקלען און זיך אַ פּאַרע געטאָן: אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ גרייט אָנגעוויגענעם טיטל מיט צוקער, אָפּגעריסן אַ גרוי, דיק ווי פּאַפּע, שטיק פּאַפּיר, און מיט אַ לעפל אַרײַנגעלייגט אין דעם פּאַפּיר רויטע פון צוויקל געמאַכטע מאַרמאָלאַדע. זי האָט אָפּגעוווֹיגן, געטראָפן די וואָג: „אַ פערטל פונט". פון אַ פּעקל האָט זי אָפּגעבראָכן אַ שטיקל ציקאָריע און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש. אין אַ שקאַרמיצל האָט זי אָפּגעוווֹיגן פינף און צוואַנציק לויט נישט־געמאָלענע קאַווע און אין אַ פּאַפּירל — פאַרוויקלט אַ זשמעניע הייזון. אירע קליינע, דיקע פינגער האָבן שנעל זיך באַוויזן.

יאַכעט איז געזעסן און געקוקט וואָס שרה־לאה טוט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן: — שרה־לאה, פאַרגעס נישט די קינדער. גיב זיי שבת־אויבסט.

שרה־לאה האָט אָנגעשיט אין אַ קליינעם טיטל אַ ביסל „רעבעלעך", אין אַ פּאַפּיר פאַרוויקלט אַ ביסל קיילעכיקע קאָלירטע צוקערלעך און עטלעכע מאַרמאָלאַדקעס.

— וויפל צאָל איך?

— אַנדערטהאַלבן גילדן מיט פינף גראָשן, — האָט שרה־לאה געזאָגט.

יאַכעט האָט זיך אײַנגעהילט אינעם טיכל און מיט צוויי שפּיצן פון טיכל זיך אַרומגעבונדן דעם האַלדז, זיך פאַרזיכערט, אַז דאָס טיכל זאָל אין גאַנג איר נישט אַראָפּפאַלן. דאָס זעקל קאַרטאָפל האָט זי גענומען צו זיך, אָנגעלעגט עס אויפן בויך, צוהאַלטנדיק מיט דער האַנט; דאָס קיישל האָט זי גענומען אין דער צווייטער האַנט. זי איז אַוועק צו דער טיר.

דאָס קיישל און דאָס זעקל קאַרטאָפל איז איר געווען שווער. זי האָט ווייט נישט געדאַרפט גיין — בלויז דריי הייזער ביז מאַכל מעלער. די לעצטע טריט

האָט זי פאַרשנעלערט, זי איז דורך דער אָפענער טיר פון מעל־שפּייכלער ווי אַריינגעפאַלן אָן אָטעם. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אַראָפּגעלאָזט די משׂא, זיך אַרויפגעזעצט אויף דעם זעקל קאַרטאָפל און אָפּגעסאָפּעט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן קיישל, צי עס איז גאָרנישט אַרויסגעפאַלן. דאָס שייטל האָט זיך איר אַרויפ־גערוקט. פעך־שוואַרצע, אונטערגעשוירענע האָר, האָבן אַפּערגעקוקט פון אונטער איר שייטל.

אין דער רעכטער זייט שפּייכלער זענען געלעגן זעק מיט קאָרנמעל, גרייט פאַר די בעקער. אויף דער וואַנט אַנטקעגן איז געשטאַנען אַ גרויסע שנעלוואָג. דאָס פענצטער פון שפּייכלער איז געווען פאַרהאַקט מיט אַן אייזערנעם לאָדן. אין ווינקל אונטערן פענצטער, ביי אַ טישל, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ טישוואָג, איז געזעסן מאַכל. הינטער אים זענען געלעגן עטלעכע זעקלעך ווייצנ־מעל. איין זעקל אין דער זייט איז געשטאַנען אויפגעשטעלט, געווען אָפן.

יאָסקע דער טרעגער, אַ נידעריקער ברייטבייניקער ייד, איז צוגעגאַנגען צו דער זעק־פּיראַמידע. ער האָט צעשטעלט די פיס און זיך אָנגעבויגן, מיט איין האַנט אָנגעכאַפּט אַן אויער פון אַ זאַק, אים אויפגעשטעלט און אַרויפגעלייגט זיך אויף דער פּלייצע.

יאָסקע איז געגאַנגען אַ געבוקטער צו דער טיר. ער האָט צוגעהאַלטן דעם זאַק מיט איין האַנט פון אויבן.

יאַכעט האָט געקוקט און געוואַרט. איצט האָט יאַכעט אַרויסגענומען פון קיישל אַ זעקעלע. זי איז צוגעגאַנגען צו מאַכלען:

— ר׳ מאַכל, פאַר אַ גילדן מעל — זי האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש דאָס זעקעלע און דאָס געלט.

מאַכל האָט זיך אויפגעשטעלט, גענומען דאָס זעקל און ער איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם זאַק מעל. מיט דער שופלע האָט ער אָנגעשיט אַ האַלב זעקעלע מעל.

— אַ געזונט אין אייך! — זי האָט גענומען דאָס זעקעלע מעל פון זיין האַנט, פאַרדרייט דעם ליידיק־געבליבענעם האַלדז פונעם זעקעלע און זי איז אַוועק צו איר קיישל.

יאַכעט איז אַרויס אויף דער גאַס. אויפן וויטן הימל האָט גענומען זיך אָפּדעקן אַ שפּיץ פון אַ בלאַס לבנה־הערנדל, פון הינטער די כאַטעס האָט זיך געשפּאַרט די נאַכט.

די נאַכט האָט זיך געשטעלט אַ פּראָסטיקע. די שינדלען אויף די דעכער האָבן געטרעשטשעט. יאַכעט איז געגאַנגען שנעל. אירע באַקן זענען געווען רויט אַדורכגעפרוירן. אַז יאַכעט איז אַריין אין דעם שמאָלן געסל, אין וועלכן זי האָט געוווינט, האָט זי נאָך פאַרשנעלערט איר שריט. דער הויכער שיפּער דאַך פון דער כאַטע איז געלעגן ווי אָנגעשפּאַרט אויף דער באַשנייטער ערד, דער אויס־געטרעטענער אין שניי שטעג האָט זי אַריינגעפירט אין איר פאָדערהויז.

אין פאָדערהויז איז געווען פינצטער. די לופט צווישן די הילצערנע נידע־ריקע ווענט איז געווען געפרוירן און טוכלע. זי האָט זיך געהיטן, זי זאָל זיך

נישט אָנשטויסן אין עפּעס. אַז זי האָט מיטן שפּיץ שוך אָנגעקלאַפּט אין איר טיר, איז זי שטיין געבליבן, זי האָט מיט דער האַנט אָנגעדריקט דעם סקאָבל, די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט.

אין שטוב איז געווען פינצטער. זי איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום אויוון. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט פון זיך דאָס זעקל קאַר־טאָפל. דאָס קיישל האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן זעקל. זי האָט אַראָפּגענומען פון זיך דאָס טיכל און עס אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט.

# ג

יאַכעט האָט אויסגעשטרעקט די הענט און ווי אַ סגי־נהור געזוכט גיין, זיך צוגעשאַרט צום שענקל. זי האָט אָנגעטאַפּט די שוועבעלעך. אַ שוועבעלע האָט זיך אָנגעריבן, אַ פלעמל האָט אַ בליץ געטאָן. אין אַלע ווינקלען האָבן אַ פלאַטער געטאָן שאָטנס. יאַכעט האָט שנעל אַראָפּגענומען דאָס גלעזל פון לאָמפּ און אַרויסגעדרייט די קנויט. עס האָט זיך דערפילט אַ נאַפּט־סוואָנד. זי האָט אַרויפגעשטעלט אויפן לאָמפּ דאָס גלעזל און אַראָפּגעדרייט דעם פלאַם. דער פלאַם האָט עטלעכע מאָל אַ צאַנק געטאָן, די זאַכן אין שטוב האָבן זיך ווי באַוועגט. איצט האָט די ליכטשיין זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער שטוב. די זאַכן אין שטוב: דער טיש, די בענקלעך, דער אויוון אין ווינקל און דאָס שענקל אַנטקעגן — האָבן זיך אַנטפּלעקט. אין ווינקל אויף אַ באַנק איז געשטאַנען דאָס שעפל, אָפּגערוקט אַ ביסל — דער קיבעל מיט וואַסער. דאָס זעקל און דער סענקאָטער שטעקן, מיט וועלכע פייוול האָט געשפּרייזט איבער די דערפער, איז געשטאַנען אין ווינקל. דער שטעקן און דאָס זעקל האָבן ווי געוואַרט, אַז אָט־אָט גיין פייוול מיט זיי אַוועק.

יאַכעט האָט געקוקט אויף די שלאָפנדיקע. דאָס בעטגעוואַנט אויפן בעט איז געווען צעקנוידערט. זי איז צוגעגאַנגען צום אויוון, אַוועקגערוקט די פייערקע, אַרויסגענומען פון הינטערן אויוון עטלעכע אָנגעבראָכענע שטיקלעך קאָטרעס, די קאָטרעס צוגעלייגט צום פייער און פאַררוקט צוריק די פייערקעס. דער פלאַם אין אויוון האָט גענומען טליִען פון דאָס ניי.

פייוול האָט זיך איבערגעוועקט. באַלד איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בעט. יאַכעט האָט גענומען פונאַנדערפּאַקן און פונאַנדערלייגן די איינגעקויפטע זאַכן. פייוול איז געשטאַנען און געקוקט וואָס זי טוט. יאַכעט האָט זיך אויסגעגליכן. זי איז שטיין געבליבן מיטן פלייש אין האַנט. זי האָט מיטן פוס אָפּגעשטופּט אין אַ זייט דאָס זעקל קאַרטאָפל, עס זאָל איר נישט שטיין אין וועג. זי איז צוגע־גאַנגען צום קיבעל וואַסער, זי האָט אַפּערגענומען די שיסל פון אונטערן בענקל,

אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער קיבעל וואַסער, אָנגעגאָסן די שיסל מיט וואַסער און איינגעווייקט דאָס פליש.

— דער „שבת" איז אין שטוב — האָט פּיוול געזאָגט.

— דאַנקען גאָט!

— מאַמעניו — האָט זלאַטעלע אַ דערשטוינטע אויסגערופן און זי איז זיצן געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. דאָס מיידל האָט זיך פאַרשטעלט מיטן עלנ־בויגן די אויגן; די לאָמפּנשיין האָט איר אַ בלענד געטאָן. זי האָט זיך געוווּנדערט. ווען זי איז איינגעשלאָפן האָט דער לאָמפּ נאָך נישט געברענט. באַלד האָבן זיך אויך איבערגעוועקט רבקהלע און יאָסעלע.

יאַכעט האָט אַריינגעווישט די הענט אין אַ שטשערקעלע, וואָס איז געלעגן אין דער זייט.

— קינדער, עסן און שלאָפן — אין איר רעדן האָט זיך געפילט, אַז זי איילט זיך. די צוויי מיידלעך האָבן זיך אָנגעקוקט,ביידע האָבן געשוויגן.

יאַכעט האָט זיך אַ פּאָרע געטאָן; זי האָט אָפּגעשניטן דריי מוציאס ברויט, באַקראַצט זיי פון אויבן מיט מאַרמעלאַדע. פון איין מוציא האָט זי אַרומגעשניטן דאָס רינדל. זי איז אַוועק צום אויוון, דאָרט אָנגעגאָסן דריי בלעכענע טעפּלעך מיט באַוואַרקע, זיי צוגעטראָגן און אויסגעשטעלט זיי אויפן טיש: „טעכטער, עסט!"

פּיוול האָט זיך אויך געזעצט צום טיש מיטן זון אויף דער שויס. ער האָט דאָס יינגל געהאַלטן אין די אָרעמס, ער זאָל האָבן פרייע הענט. פּיוול האָט זיך צוגעשאַרט דאָס אַרומגעשניטענע שטיקל ברויט און זיך געגרייט געבן דעם זון עסן.

פּיוול האָט מיט דער האַנט געריסן שטיקלעך פונעם מוציאלע ברויט און מיט צוויי פינגער זיי געלייגט דעם יינגל אין מויל אַריין. מיט אַלע פינגער פון דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן דאָס טעפּל, עס זאָל זיך אים נישט אַרויסגליטשן און געגעבן יאָסעלען צו טרינקען.

יאַכעט איז אַוועק צום בעט. זי האָט אַראָפּגענומען די אייבערשטע קאָלדרע און צענומען דאָס בעטגעוואַנט, גענומען רבקהלען אונטערן אָרעם, רבקהלע האָט זיך נישט געוועהרט. יאַכעט האָט איר אָפּגעווישט דאָס מויל און די פינגער מיטן האַנטעכל, וואָס איז געווען איבערגעהאַנגען איבערן בענקל. זי האָט אַראָפּ־געצויגן פון איר דאָס קליידל, די שטרימפּ און די שיך און זי אַריינגעלייגט אין בעט. דערנאָך האָט זי גענומען יאָסעלען, אויסגעטאָן אים און צוגעלייגט צו רבקהלען, און מיטן איבערבעט אַרומגעדעקט ביידע קינדער.

פּיוול איז געזעסן אַן איינגעבויגענער, מיט די הענט אויפן טיש. זלאַטעלע איז געשטאַנען ביים פענצטער. זי האָט מיט אַ פינגער געפירט איבער די פאַר־פרוירענע אויף די שייבלעך, אייז־מוסטערן. יעדע ווײַלע האָט זי צוגעלייגט איר קעפּל צום פענצטער, זי האָט געוואָלט זען די נאַכט, פאַר וועלכער זי האָט מורא געהאַט.

יאַכעט האָט אַרויסגערוקט אין שטוב אַריין דאָס זעקל קאַרטאָפל, דאָס קליינע קובלקעלע אָנגעגאָסן מיט וואַסער און עס צוגעשטעלט צו די קאַרטאָפל, אָפּער־גערוקט פון אונטערן בעט דאָס פּוסטבענקעלע און אַ נעם געטאָן אין האַנט אַריין דאָס קאָשיקל.

— זלאַטעלע! — האָט זי אַ רוף געטאָן די טאָכטער. די טאָכטער האָט זיך אומגעקוקט — נאַ, שייל! — און דערלאַנגט איר דאָס קאָשיקל.

זלאַטעלעס אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון פריידּ. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס מעסער פון דער מוטערס האַנט און זיך אַוועקגעזעצט אויפן בענקל.

— פּייוול, גיי אויך שלאָפן — האָט יאַכעט געזאָגט.

— איך וועל אונטערוואַרטן ביז אונדזער „קדיש" וועט קומען — האָט ער איר געענטפערט.

יאַכעטס גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן אָנגעקוקט פּייוולען:

— לייג זיך, לייג זיך, אַז ער וועט קומען, וועסטו זיך אויפכאַפּן.

זלאַטעלע איז געזעסן און געשיילט די קאַרטאָפל, אירע קליינע הענט האָבן קוים געהאַלטן דעם קאַרטאָפל און דאָס מעסער אָבער זי האָט געשיילט דין. יעדן אָפּגעשיילטן קאַרטאָפל האָט זי מיט פאַרנעם אַריינגעוואָרפן אין קיבל. נאָך יעדן אַריינגעוואָרפענעם קאַרטאָפל האָט דאָס וואַסער אַ צאַפּל געטאָן און זי באַשפּריצט.

פּייוול האָט מיט ביידע הענט זיך אויסגעצויגן די באָרד, געזאָגט „קריאת שמע". ער האָט אָפּערגערוקט אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט פאַמעלעך. ר'האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן די שטיוול, דעם שפּענצער און דערנאָך די הויזן. ער האָט אונטערגעהויבן דעם שפּיץ פון איבערבעט און זיך אַרונטערגערוקט, זיך צוגע־לייגט צו די קינדער. ער האָט דערפילט די וואַרעמקייט פון אונטערן איבערבעט. ער האָט נישט געוואָלט איינשלאָפן, אָבער די אויגן זיינע האָבן זיך פאַרמאַכט.

יאַכעט האָט אָפּערגענומען ס'זאַלץ־ברעטל פון אונטערן וואַסער־קיבעל, עס איבערגעלייגט איבערן שעפל. זי האָט געברענגט דאָס טעפל מיטן זאַלץ און זיך געשטעלט זאַלצן דאָס פלייש. געזאַלצן דאָס פלייש האָט זי פון אַלע זעקס זייטן און עס אַרויפגעלייגט אויפן ברעטל. זי האָט אָפּערגענומען פון אונטערן אויוון דעם מולטער און אים אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון, אַרויסגענומען פון שענקל דאָס זעקל מעל, אַראָפּגענומען דאָס זיפּל פון איבערן אויוון און געזיפּט דאָס מעל אין מולטער אַריין.

אַז זי איז דערמיט פאַרטיק געוואָרן, האָט זי מיט דער האַנט צעשאַרט דאָס מעל, געמאַכט אַ גריבל און דאָרט אַריינגעקרישלט דעם הייוון. זי האָט אַריינ־געשיט אַ ביסל צוקער, אַריינגעטאָן אַ זשמענקע זאַלץ, אַריינגעקלאַפּט צווי אייער, אַריינגעגאָסן אַ ביסל וואַרעם וואַסער און מיט אַ גאָפּל פאַרמישט די ראָשטשענע. זי האָט די ראָשטשענע אָפּגערוקט אין אַ זייט און איבערגעדעקט מיטן טיכל, זי זאָל יערן.

יאַכעט האָט גענומען דאָס קיך־מעסער און זי איז צוגעגאַנגען צו דער טאָכ־טער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער קופּקע שיילעכץ און אַ זאָג געטאָן:

— שייל דין!

— זע! — האָט זלאַטעלע געענטפערט דער מוטער און אַ ווייז געטאָן איר אויפן שיילעכץ. זלאַטעלע האָט זיך אויפגעשטעלט און דער מוטער אָפּגעטרעטן דאָס אָרט. אַליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפן פּאָל.

יאַכעט האָט זיך אַוועקגעזעצט. דאָס לאָמפּן־ליכט איז געווען גרין. אין די ווינקלען אַרום דעם בעט, דעם שענקל און דעם טיש האָבן געלויערט שאָטנס. אויך יאַכעט מיט דער טאַכטער האָבן פון דער ווייטנס אויסגעזען ווי שאָטנס, וואָס באַוועגן זיך. ביידע האָבן געשיילט צוזאַמען. עס האָט זיך געהערט נאָר דער וואַסערפליוך נאָך יעדן אַריינגעוואָרפענעם אין קיבעל קאַרטאָפל.

פּלוצעם האָט די טיר אַ קרעכץ געטאָן און זיך אויפגעפּראַלט. פּייוול האָט געעפנט די אויגן. יאַכעט האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ פון די קאַרטאָפל.

— דוד! — האָט זלאַטעלע אַ שריי געטאָן.

דאָס צעניעריקע ייִנגל האָט פאַרקלאַפּט די טיר. אַ ווײַלע האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב. דער קאָלנער פון פּאַלטן איז געווען אויפגעשטעלט. ס׳קאַשקעטל אַריבערגערוקט איבער די אויערן, זיי זאָלן נישט אָפּפרירן. „טאַטע!״ — האָט דוד אויסגערופן און ער איז צוגעלאָפן צום פּאָטער. דוד האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בעט, ווי ער זאָל זיך וועלן אַרויפלייגן אויפן פּאָטער.

פּייוול האָט אָנגענומען דודס האַנט און זי אַרויפגעלייגט זיך אויף דער נאַקעטער ברוסט. מיט זיין צווייטער האַנט האָט ער געגלעט דודס קיילעכיק, אויסגעפרוירן פּנים. דער זון האָט אַריינגעקוקט דעם טאַטן אין די אויגן אַריין.

— דודל, קום עסן! — האָט די מוטער געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט.

דער פּאָטער האָט אַרויסגעלאָזט דעם זונס האַנט: דוד האָט זיך צעקנעפּלט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם פּאַלטן און אים אַ וואָרף געטאָן. דער פּאַלטן איז אַרויפגעפאַלן אויף אַ בענקל. דוד האָט אַרויפגערוקט זיך דעם קאַשקעט און זיך איינגעריבן די הענט.

דוד האָט געהאַט גרויסע, שוואַרצע אויגן, ווי די מוטער. זיינע רויטע פּיאות זענען געווען שפּיציק, געלעגן צוגעפּלאַטשעט צו זיינע אָפּגעצויגענע באַקן. דוד איז צוגעגאַנגען, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים טיש און געוואַרט.

די מוטער האָט אונטערגערוקט דודן דאָס עסן, וואָס איז געווען אויפן טיש: דאָס ברויט און דאָס גלעזל מאַרמעלאַדע. זי איז אַוועק צום אויוון און זי האָט אָנגעטאַפּט דאָס טעפּל וואַסער, וואָס איז דאָרט געשטאַנען.

דער פּאָטער האָט אַרויפגערוקט זיך דאָס קאָפּל אויפן קאָפּ און ער איז זיצן געבליבן אויפן ראַנד פון בעט, די פיס אַראָפּגעלאָזט. די מוטער האָט אַוועקגעשטעלט פאַר דודן אַ וואַרעם טעפּל „באַוואַרקע״. דערנאָך האָט זי צונויפגענומען און אויפגעהאָנגען די מלבושים.

זלאַטעלע איז געזעסן שטיל און געשיילט די קאַרטאָפל. פון מאָל צו מאָל האָט זי אַ קוק געטאָן פון דער זייט; זי האָט מורא געהאַט זיך אָנצורופן, די מוטער זאָל זי נישט שיקן שלאָפן.

דוד האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש דאָס ליידיקע טעפל. ער האָט זיך אַראָפּגערוקט פון בענקל, זיך אויפגעשטעלט און ער איז אַוועק עטלעכע שריט פון טיש. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב.

— פּיווול, נעם דעם זון און גייט שלאָפן — האָט יאַכעט געזאָגט.

פּיווול האָט זיך אויפגעשטעלט און ער איז צוגעגאַנגען צו דודן. ער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן יינגלס אַקסל און אים אַוועקגעפירט מיט זיך.

דאָס אַלקערל איז געווען אַ קליין צימערל. די ווענט זענען געווען הילצערנע. די סטעליע איז געווען באַשאַלעוועט מיט סענקאָטע ברעטלעך. הויך אין דער וואַנט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין, איז געווען אַ פענצטערל. ווינטער איז דאָס פענצטערל געווען פאַרהאַקט מיט אַ הילצערנעם לאָדן.

אויף די צוויי ווענט, זיך אַנטקעגן זענען געשטאַנען צוויי אייזערנע בעטן. אויף דער וואַנט, אין וועלכער עס איז געווען די טיר, איז געשטאַנען די ברייטע, צווייטיריקע שאַנק, וואָס האָט געהאַט אַ געזימס אין דער הייך, אינעם אַלקערל איז נישט געווען קיין לאָמפּ. ביי נאַכט האָט דאָס לאָמפּנליכט פון שטוב אַריינגעשיינט דורך דעם אָפענעם טירל.

פּיווול האָט צענומען פאַמעלעך איינס פון די פאַרבעטע בעטן, ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זון. דוד איז שוין געווען אויסגעטאָן, ער האָט געציטערט פון קעלט.

— קריך אַריין! — האָט פּיווול זיך אָנגערופן.

פּיווול האָט זיך צוגעיאָגט. ער האָט איילִיק זיך אויסגעטאָן און שנעל זיך צוגעלייגט צום זון. דער זון האָט זיך געוואַרעמט אין פאָטער, דער פאָטער אין זון.

יאַכעט איז צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער, זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט און זי אַ נעם געטאָן אויף די אָרעמס. דאָס קאָשיקל איז אַרויסגעפאַלן זלאַטעלען פון דער האַנט. יאַכעט האָט פון איר אַראָפּגעצויגן דאָס בלויע פלאַנעלע קליידל, אַראָפּגעצויגן די שטרימפּ און די שיך און זי האָט זי צוגעלייגט צו די אַנדערע קינדער.

אין שטוב איז געווען וואַרעם. יאַכעט איז געזעסן אויפן בענקעלע און געשיילט די קאַרטאָפל. זי האָט געשיילט שנעל. יעדער ווילע האָט דאָס וואַסער אין קיבל אַ פּליוך געטאָן, די שיין אין שטוב איז געווען גרין. דאָס שענקל, ווו דער לאָמפּ איז געשטאַנען, האָט פון ווייטנס אויסגעזען ווי ער זאָל פלאַמען. יאַכעט האָט געשיילט און זיך איינגעהאָרכט.

— האָסט געקענט? — האָט פּיווול געפרעגט דעם זון. דער פאָטער האָט געמוזט וואַרטן ביז דאָס יינגל האָט אים געענטפערט אַ פאַרשלאָפענער:

— יאָ.

— דער רבי האָט מיט דיר איבערגעחזרט?

דער זון האָט אים שוין נישט געענטפערט. ער איז געשלאָפן.

יאַכעט האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אַ קוק געטאָן אונטערן בעט. זי

האָט דאָס קעסטל צוגעשטופּט צום פוסבענקעלע, די טשוהונענע, צוויי־אויעריקע דיניצע אָנגעגאָסן מיט וואַסער, און צוריק זיך אַוועקגעזעצט אויפן פוסבענקעלע.

יאַכעט האָט מיט אַ מאָל דערפילט, אַז זי איז אַליין, אַז אַלע שלאָפן שוין. פון מאָל צו מאָל האָט זי אויסגעבויגן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן צו די קינדער. די קלאָקעס זענען געווען פאַרמלאָז גרויס און טשערפקע. אירע פינגער זענען געוואָרן שטייף. די מייערן האָט זי געשאָבן שנעל. די קופּע שיילעכץ איז כסדר גרעסער געוואָרן. די זיסקייט פון די מייערן האָט זיך דערפילט איבער דער שטוב. אַז די דיניצע איז געוואָרן פול, האָט זי אַרויפגעלייגט דאָס מעסער אויפן פענצטער.

יאַכעט האָט זיך אויפגעשטעלט, אָפּגעטרייסלט פון זיך דאָס שאָלעכץ און זי איז צוגעגאַנגען צום אויוון. זי האָט אונטערגעהויבן דאָס טיכל, אַ קוק געטאָן צו דער ראָשטשינע און זי איז אַוועק. זי האָט זיך אָפּגעוואַשן די הענט, אַראָפּ־גענומען דאָס טיכל פון מולטער און זיך געשטעלט פאַרקנעטן.

דער אָנגעקאַלכטער אויוון, וואָס האָט געהאַט איין בלעך מיט צוויי פייער־קעס, האָט איר געדינט פאַר אַ טיש. זי איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקן און געקנעטן אין מולטער. זי האָט יעדעס מאָל צוגענומען נאָך אַ ביסל און נאָך אַ ביסל פונעם מעל, די ראָשטשינע איז כסדר הארטער און גרעסער געוואָרן, געוואָרן אַ טייג וואָס האָט זיך געצויגן און געקלעפּט. דאָס מעל אויף די ראַנדן פון מולטער האָט זי געלאָזט, זי זאָל האָבן צו פאַרקנעטן. דאָס טייג איז כסדר פעסטער געוואָרן און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קנויל. יאַכעט האָט געקנעטן ביז די קנויל טייג איז קיילעכיקער געוואָרן. זי האָט מיט די פינגער געפּרווט דאָס טייג. האַלטנדיק די הענט איבערן מולטער, האָט זי פון די פינגער אָפּגעריבן זיך דאָס צוגעקלעפּטע צו זיי טייג. דערנאָך האָט זי פון שענקל אַרויסגענומען אַ טישטעכל און מיט דעם איבערגעדעקט דאָס טייג. איצט האָט זי געבראַנגט אַ קישן און איבערגעדעקט דאָס טייג.

דער פראָסט אין דרויסן האָט דורך די שפּאַרעס זיך אַריינבאַקומען אין שטוב אַריין. יאַכעט איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. אַ ווײַלע האָט זי אויפגעהאָרכט. אין שטוב איז געווען שטיל, די קינדער האָבן געאָטעמט, פּייוול האָט געשנאָרכט. זי איז צוגעגאַנגען צום שעפּל און האָט זיך אָפּגעוואַשן די הענט. זי האָט זיך אָנגעבויגן און אויפגעהויבן די פיש; די פיש זענען געלעגן אויפן פּאָל אין ווינקל ביי דער טיר. זי האָט די פיש צוגעטראָגן צום שעפּל, אַוועקגע־שטעלט אויפן פּאָל דעם רויטן עמאַליענעם טאָפּ און גענומען דאָס מעסער פון פענצטער. זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף די קניען און גענומען זיך פאַרען ביי די פיש. יעדעס פישל גענומען אין האַנט אַריין, ביי יעדן פישל אונטערגעהויבן דאָס קעפּל און אַ קוק געטאָן, צי די קימען זענען רויט־פריש, אָפּגעשאָבן דאָס פישל, האָט זי לאַנגזאַם אויפגעשניטן דאָס בייכל, זי זאָל נישט צעקוועטשן די גאַל, און זי אַרויסגענומען. זי האָט אָפּגעשניטן דאָס קעפּל, צעשניטן דאָס פישל און עס אויסגעגרעט. אַז זי האָט געענדיקט, האָט זי דעם טאָפּ אָפּגערוקט אין

אַ זייט, אויסגעגליכן זיך דעם רוקן און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אויסגעוואַשן דאָס מעסער און די האַנט, דאָס מעסער צוריק אַרויפגעלייגט אויפן פענצטער, דעם טאָפּ מיט די פיש צוגעשטעלט צו די רעשט טעפּ, וואָס זענען געשטאַנען אונטערן פענצטער און די טעפּ אונטערן פענצטער, מיט די האַלב־צוגעגרייטע מאַכלים, איבערגעדעקט מיט אַ האַנטעך.

יאַכעט האָט פאַרלייגט זיך די הענט אונטער די אָרעמס, געוואָלט דערוואַ־רעמען אירע אַדורכגעווייקטע פינגער. די זאַכן אין שטוב זענען אינעם האַלב־טונקעלן ליכט געווען קענטיק אין אירע אויגן. זי האָט גענומען זיך אויסטאָן, אירע ליפּן האָבן זיך געטרייסלט, זי האָט געזאָגט קריאַת־שמע. זי האָט זיך אויסגעגליכן און אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס קלייד און די שיך מיט די זאָקן. אַ באָרוועסע האָט זי פאַרלאָשן דעם לאָמפּ, אין דער פינצטער אַראָפּגענומען פון קאָפּ דאָס שייטל און אַוועקגעלייגט עס אויף אַ בענקל. די האַלקע האָט זי נישט אויסגעטאָן, זי איז צוגעגאַנגען צום בעט און אַרונטערגעקראָכן אונטערן איבער־בעט. זי האָט זיך צוגעלייגט צו זלאַטעלען, דערפילט די וואַרעמקייט פון די קינדער און די מידקייט פונעם גאַנצן טאָג.

אין שטוב איז געווען קאַלט און פינצטער. אַלע זענען געשלאָפן.

# ד

יאַכעט האָט אויפגעריסן די אויגן, אין שטוב איז נאָך געווען פינצטער, אָבער די קאָנטורן פון די שטוב־זאַכן זענען שוין געווען דייטלעך. יאַכעט איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בעט. זי האָט אַ ציטער געטאָן פון קעלט, שנעל אויף זיך אַרויפגעצויגן די שטרימפּ און פאַרשנורעט אויף זיך די שיך, פאַרוואָרפן אויף זיך דאָס קלייד און עס פאַרקנעפּלט, מיט די שפּיץ־פינגער צוגעגלעט די האָר פונעם שייטל און עס זיך אָנגעטאָן. זי איז אַוועק צום שעפל, זי האָט זיך אָפּגעגאָסן די הענט, זיך אויסגעשווענקט דאָס מויל און זיך אויסגעוואַשן די אויגן. זי האָט געווישט די הענט און אַ זאָג געטאָן „מודה אני". די רעשט ווערטער פון דער ברכה האָט זי געזאָגט שטיל, זי האָט נישט געוואָלט אויפוועקן דאָס הויזגעזינט.

יאַכעט האָט זיך אָנגעבויגן, אַ קוק געטאָן אין פענצטער. די שייבלעך זענען געווען פאַרפרוירן, דאָס אייז אויף זיי איז ווידער געווען געמוסטערט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, אַלע זענען געשלאָפן. זי האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן דאָס טיכל, זי איז צוגעגאַנגען צום שענקל און זי האָט אַרויס־גענומען דעם עמייל־ווייסן מילכטאָפּ. זי האָט גענומען דאָס זעקל שיילעכץ, וואָס איז געלעגן ביי דער טיר און שטיל געעפנט די טיר. אַ פּראָסטיקע קעלט האָט זיך אַריינגעריסן אין שטוב.

יאַכעט איז אַדורכגעלאָפן דעם פינצטערן ליימיקן פאָדערהויז. אויף דער גאַס האָט זי אָפּגעאָטעמט. זי האָט זיך איינגעהילט נאָך שטאַרקער אין טיכל און זי איז געלאָפן ווייטער, אַרום דער כאַטע, ביז זי איז אַריין אין דעם אָפענעם הויף. שוין פון דער ווייטנס האָט זי דערפילט די וואַרעמע מיסט־זויערקייט, וואָס האָט זיך געטראָגן ווי אַ פּאַרע פון דעם אָפענעם שטאַל.

זאָשקע, אַ פופצן־זעכצן־יעריק שיקסל איז געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע ביים אייטער פון דער קו און געוואַרט. דאָס שיקסל האָט געהאַט רויטע קיילע־כיקע בעקלעך און העלע ווי שטרוי, האָר. די קו איז געשטאַנען אויף פריש אונטערגעשפּרייט שטרוי און אַרויסגעגעסן פון זשלויב.

— דזשען דאָברי — האָט יאַכעט איר אַ זאָג געטאָן.

— גוט מאָרגן — האָט זאָשקע איר געענטפערט אויף יידיש. דאָס שיקסל האָט געשמייכלט און געוויזן אירע גרויסע ווייסע ציין.

יאַכעט האָט אַ ווייז געטאָן איר דאָס זעקל שיילעכץ, אַוועקגעלייגט עס אין אַ זייט און דערלאַנגט זאָשקען דעם טאָפּ.

זאָשקע האָט גענומען דעם טאָפּ, אים אַריינגעלייגט צווישן די קניען און מיט צוויי פינגער אָנגענומען דער קוס אַ ציצל און אַ צי געטאָן; דער שטראָם מילך האָט אַ קלאַפּ געטאָן אינעם דנאָ פונעם ליידיקן טאָפּ.

— צוויי קוואַטירלעך! — האָט יאַכעט געזאָגט אויף יידיש און איר געוויזן צוויי פינגער.

זאָשקע האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי ווייסט. זאָשקע האָט געמאָלקן און געקוקט אין טאָפּ אַריין. זי האָט זיך געהיטן, זי זאָל נישט איבער־גיין די מאָס, די מאָס איז געווען איר אויג.

— נעמען! — האָט זי געזאָגט אויף יידיש און דערלאַנגט יאַכעטן דעם טאָפּ.

יאַכעט האָט זיך אַרומגעהילט מיטן טיכל און זי איז אַרויס פון שטאַל. פון הויף האָט זי אַריינגעשריגן:

— זאָשקע! געלט נאָך שבת! — און זי איז אייליק אַוועק.

וויַ נאָר יאַכעט האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר האָט פייוול זיך איבער־געוועקט. ער איז געבליבן ליגן מיט אויפגעריסענע אויגן. אין אַלקערל איז געווען האַלב־טונקל ווי אין אַן אָרט ווו די מאַרגנליכט איז פאַרשטעלט. פייוול האָט דערפילט לעבן זיך דעם זון. עס איז אים געווען וואַרעם, נאָר איבער די אַקסלען האָט ער געפילט קילקייט. זיי זענען געווען אויפגעדעקט. ער איז אַראָפּ פון בעט, ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זון, דאָס יינגל איז געשלאָפן.

פייוול איז צוגעגאַנגען צום בענקל, ער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן די הויזן, דערנאָך דעם שפּענצער. איצט האָט פייוול זיך אַוועקגעזעצט, אויפגעהויבן

יעדן פוס באַזונדער און אים אַרומגעוויקלט מיט דער צילקע, אַריינגעטאָן דעם פוס אין שטיוול און אים אַרויפגעצויגן אויפן פוס.

ער איז אַרויס פון אַלקערל, געגאַנגען צום שעפל. ער האָט זיך אָפּגעגאָסן די הענט, אָפּגעוואַשן דאָס פּנים, זיך אויסגעשווענקט דאָס מויל און צוגענעצט זיך די באָרד. די האָר פון זיין באָרד זענען ווי לענגער און רויטער געוואָרן. ווי נאָר ער האָט זיך אָפּגעווישט, האָט ער אַ זאָג געטאָן „מודה אני".

פּיוול איז צוגעגאַנגען צום אויוון, ער האָט אַריינגעלייגט עטלעכע שטיקלעך קאָטרעס און זיי אונטערגעצונדן. שנעל האָט זיך פונאַנדערגעברענט אַ פייערל. דער רויך האָט אים אַ ביס געטאָן אין די אויגן, דאָס פייער האָט זיך צעפלאַ־קערט.

יאַכעט איז אַריין אין שטוב. דעם טאָפּ מיט מילך האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון און זיך אַוועקגעשטעלט אַכטונג געבן די מילך זאָל נישט אויס־לויפן. פּיוול איז געשטאַנען און געקוקט ווי אויף דער מילך מאַכט זיך אַ שוים.

אַז די שוים אין טאָפּ האָט זיך אונטערגעהויבן, האָט יאַכעט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קלייד און דורך דער פאַלע אָנגענומען דעם טאָפּ ביים אויער. זי האָט דעם טאָפּ אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט.

אין שטוב איז געוואָרן העל, דאָס טאָגליכט האָט זיך געשפּאַרט אין שטוב אַריין דורך דעם פאַרפרוירענעם פענצטער. אין שטוב איז שוין געווען וואַרעם.

איצט האָט פּיוול זיך פאַרלייגט די הענט פון הינטן און גענומען שפּרייזן איבער דער שטוב; זיינע אויגן זענען געווען פייכט און רויִק, פּיוול איז געגאַנגען איבער די דערפער. טאָג נאָך טאָג, אַ גאַנצע וואָך, איז פּיוול געגאַנגען איבער די דערפער מיטן שטעקן אין האַנט און דעם זאַק אויף דער פּלייצע, יעדן טאָג איז ער מיטן קאַיאָר אַרויס פון שטוב. איצט איז אים אין שטוב געווען היימיש און גוט.

יאַכעט האָט אָנגעגאָסן דעם טייטאָפּ מיט וואַסער און אים צוגעשטעלט קאָכן. שפּעטער האָט זי זיך אָנגעבויגן און אָפּערגענומען פון אונטערן בעט אַ ציבעלע. זי האָט די ציבעלע אָפּגעשיילט און אַרויסגענומען די אָפּגעשאָבענע מייער. דעם מייער אין די ציבל האָט זי צעשניטן און זיי אַריינגעלייגט אינעם טאָפּ פלייש. זי האָט דעם טאָפּ אָנגעגאָסן מיט וואַסער ביזן ראַנד, אַריינגעשיט אַ ביסל זאַלץ און אים אַרויפגעשטעלט קאָכן אויף דער צווייטער פייערקע. איצט האָט זי פון שענקל אַרויסגענומען דאָס טעפּל מיטן צוואָרעך און צוויי לאַבן ברויט און אַרויפ־געלייגט אויפן טיש. זי האָט גענומען דאָס מעסער און געשניטן דינע, גלייכע פּענעצן, אָבער איבער דער גאַנצער ברייט פון ברויט. די פּענעצן האָט זי צעשניטן אויף דער העלפט, פון יעדן פּענעץ געמאַכט צוויי מוציאס. זי האָט צעשניטן נאָר אַ האַלב ברויט, דאָס אַנדערע האַלבע ברויט האָט זי אַוועקגעלייגט אין דער זייט. זי האָט דין באַשמירט די מוציאס מיט דעם צוואָרעך און די אָנגעשמירטע מוציאס ברויט פונאַנדערגעסדרט איבערן טיש. צוויי פון די מוציאס האָט זי אָנגעשמירט דיקער און זיי איבערגעלייגט מיט צוויי טרוקענע מוציאס.

יאַכעט האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש. זי האָט צוגערוקט זיך דעם צווייטן לאַבן ברויט. פּיוּולס אַקסלען האָבן אַ ציטער געטאָן. ער האָט דערזען דעם שליץ פון יאַכעטס ברוסטן, ער האָט זיך אויסגעדרייט און ער איז אַוועק אין אַלקערל.

דער צווייטער לאַבן ברויט איז געווען שוין נישט קיין „ראַזאָווע״ ברויט. זי האָט אַפּערגענומען פון אונטערן שענקל אַ בלעכענע געצינקטע שיסל, אָנגע־גאָסן די שיסל מיט וואַסער, צעשניטן דאָס ברויט אויף שטיקער און די שטיקער ברויט איינגעווייקט.

דוד איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בעט און ער האָט זיך אָנגעהויבן אָנטאָן. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ פוס, געוואָלט אים אַריינטאָן אין דער נאָגעוויצע, אָבער ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. דער פּאָטער האָט אים אונטערגעכאַפּט און געוואָלט העלפן אַרויפציען די הויזן.

— איך קען אַליין — האָט ער אַ פאַרשלאָפענער געזאָגט מיט פאַרדראָס און זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט.

דוד האָט זיך אָפּגעגאָסן די הענט, אָפּגעצוואָגן זיך דאָס פּנים, זיך אַרומגע־ווישט און זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן שטוב. דאָס לייוונטענע העמד האָט אַפּערגעקוקט פון הינטער זיין שפּענצער. ער איז געשטאַנען און געזאָגט אויפן קול:

— מודה אני לפניך מלך חי וקים שהחזרת בי נשמתי בחמלה, רבה אמונתך

— ער האָט געוווּסט, אַז ער פאַרשאַפט דערמיט דער מוטער נחת.

— זעץ זיך עסן! — האָט די מאַמע זיך אַ ווענד געטאָן צו אים.

זלאַטעלע האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט. די צוויי קלענערע קינדער האָבן זיך אויך איבערגעוועקט.

דוד האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש עסן, ער האָט געוווּסט, אַז די דאָפּלטע צוויי מוציאס איז זיין פאַרציע.

— עס פּאַמעלעך — האָט דער פּאָטער געזאָגט.

דאָס יינגל האָט אים נישט געענטפערט, ער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט. די מוטער האָט אים צוגעטראָגן אַ טעפּל מיט סאַכאַרין־געזיסטע „באַוואַרקע״.

זלאַטעלע האָט שנעל אַרויפגעצויגן אויף זיך אירע דיקע שוואַרצע זעקלעך און צוגעשנירט די שיך, זי האָט זיך איבערגעצויגן איבערן קאָפּ דאָס קלייד און זי איז אַוועק צום שעפּל זיך וואַשן. דערנאָך האָט זי גענומען אין האַנט דאָס קעמל און זי איז אַוועק צו דער מוטער. יאַכעט האָט צוגעקנעפּלט דער טאָכטער דאָס קלייד פון הינטן, גענומען פון איר דעם קאַם און זי פאַרקעמט, יאַכעטס פינגער זענען געווען געסטאַיעט.

די מוטער האָט אָנגעגאָסן דריי טעפּלעך באַוואַרקע און זיי אָנגעזיסט. איינס פון די דריי האָט זי דערלאַנגט זלאַטעלען, דאָס צווייטע טעפּל מיט אַ מוציא ברויט האָט זי דערלאַנגט רבקהלען אין בעט אַריין. יאַכעט איז אַוועק צום טיש, זי האָט גענומען די מוציא ברויט און אַרומגעשניטן דאָס רינדל. זי האָט גענומען

דאָס דריטע טעפּל און דאָס שטיקל ברויט און זי איז אַוועק צו יאָסעלען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט און גענומען קאַרמען יאָסעלען.

דוד האָט אָפּגערוקט דאָס ליידיקע טעפּל פון זיך, זיך אויפגעשטעלט פון טיש, אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם פּאַלטן און זיך צוגעשאַרט צום בעט. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אַפּערגעצויגן אַן אויסגעריבן שטיקל האָלץ, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן מיט צוויי שטריקלעך — אַ „ליזשווע". דוד האָט די ליזשווע שנעל אַרונטערגערוקט אונטערן פּאַלטן און אַ פּאַרלייג געטאָן איין פּאָלע איבער דער אַנדערער.

— נעם שניידן די מייערן — האָט די מוטער געזאָגט צו זלאַטעלען.

זלאַטעלע האָט אַוועקגעשטעלט אויפן פּאָל אַן אַלט אייזערן טעפּל, גענומען דאָס קאָשיקל אין האַנט, זיך אָפּגערוקט דאָס פוסבענקעלע און זיך געזעצט שניידן די מייערן.

יאַכעט האָט דערווייל איבערגעשניטן די קלאָקעס. זי האָט די דיניצע אָנגעגאָסן מיט וואַסער און אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון. איצט האָט זי אָפּערגענומען דאָס האַקברעטל פון אונטערן אויוון, עס אָפּגעווישט און אַרויפגעלייגט אויפן אויוון אין דער זייט. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט אָנגעטאַפּט דעם טאָפּ מיט די פיש. „אייז קאַלט" — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם טאָפּ פיש אויפן אויוון, אַ קוק געטאָן אין טאָפּ אַריין און גענומען איבער־לייגן די פיש. יעדעס שטיקל פיש האָט זי געהאַלטן אין האַנט, דערנאָך עס אַרויפּ־געלייגט אויפן האַקברעט. זי האָט צונויפגעטראָגן און אַוועקגעלייגט אויפן אויוון אַלע צוגאָבן, וואָס זענען געווען נייטיק צו די פיש, זי האָט אויך אַרויסגענומען פון שענקל, זיך צוגעגרייט דאָס העקל. דאָס איז געווען אַ קורץ שמאָל, שוואַרץ אייזערן העקל, וואָס האָט געהאַט אַ ווייסע טעמפּע אָפּגענוצטע שאַרף. דאָס הענטל פון העקל איז געווען קורץ, ווי אַ פויסט פון אַ מענטש. יאַכעט האָט זיך צוגע־רוקט אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט. זי האָט דאָס ברעטל מיט די פיש גענומען אויף דער שויס און מיטן העקל גענומען האַקן די פיש, די קלעפּ האָבן געהילכט הויל. די פּאַרע פונעם געקעכטס האָט גענומען אויספילן די שטוב.

די פיש זענען געווען האַלב־צעהאַקט און יאַכעט האָט גענומען אַריינטאָן די צוגאָבן. זי האָט אַריינגעהאַקט אַן איי און אַריינגעטאָן אַ היפּש ביסל פון דעם אויסגעווייקטן ברויט, אַריינגעשיט זאַלץ און פעפער און אַריינגעשניטן צוויי ציי־בעלעס. שניידנדיק די ציבעלעס, האָט זי אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, די אויגן זאָלן איר נישט טרערן, דאָך זענען זיי רויט געוואָרן. אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זי ווייטער געקלאַפּט די פיש.

אין שטוב איז שוין געווען וואַרעם און שטיל. די טוכלעקייט האָט געעוירן. מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט שווערע טריט, פיס האָבן זיך געשאַרט, אין דער אָפענער טיר פון אַלקערל איז שטיין געבליבן פּייוול. דער של־ראש איז אים אַריבערגעהאָנגען איבערן שטערן, זיין קאָפּ איז געווען אַרומגעהילט מיטן טלית, דער לינקער אַרבל פון זיין שפּענצער און פון דעם העמד זענען געווען

פאַרשאַרצט, זיין נאַקעטע האַנט איז געווען אַרומגעוויקלט מיט די רצועות, דאָס פלייש פון דער האַנט איז געווען איינגעשניטן — הודו לאדוני, קראו בשמו — — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל אַריינרעדן אין שטוב אַריין.

פייוול האָט זיך אויסגעדרייט, ער איז צוריק אַריין אין אַלקערל.

זלאַטעלע האָט געשניטן די מייערן, יעדע ווילע האָט זי זיך צוגעבויגן זען וויפל גאַנצע מייערן עס זענען נאָך איר געבליבן צום צעשניידן. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן: „איך וועל באַלד ענדיקן", און זי האָט געשניטן ווייטער.

די מוטער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טאָכטער, איר פּנים האָט געשמייכלט. יאַכעט איז צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער. זי האָט די טעלעכע מייערן צוגעלייגט צו די קאַרטאָפּל. דעם טאָפּ מיט די צעשניטענע מייערן האָט זי גענומען פון זלאַטעלען. זי האָט די מייערן איבערגעשווענקט און זי איז מיט דעם טאָפּ אַוועק צום אויוון. יאַכעט האָט אַרויפגעגאָסן אויף אַ טעלער אַ ביסל וואַרעם וואַסער, איינגעטונקען די האַנטפלאַכן אינעם טעלער וואַסער און גענומען מאַכן די פיש. אין שטוב איז געוואָרן שטיל, יאַכעט האָט געאַרבעט. עס האָט זיך נאָר געהערט, ווי די יויך אויפן אויוון בולקעט זיך.

מיט אַ מאָל האָט זיך פון אַלקערל אַרויס דערהערט פייוולס קול. ער האָט מיט זיין גראָבער שטימע ווי געבעטן זיך, שלינגענדיק די ווערטער — "אהבה רבה אהבתנו"...

יאַכעט האָט געענדיקט מאַכן די פיש, אַ דריי געטאָן מיטן טאָפּ, די פיש זאָלן זיך אָנסדרן. דערנאָך האָט זי מיט די פינגער זיי צוגעגלעט, אַ ווילע געקוקט אויף די פיש, מיט די אויגן געציילט די פּאָרציעס. זי האָט אַריינגעשניטן אַ מייער, צעשניטן אויף לאַנגע, שמאָלע שטיקלעך, אַריינגעגאָסן וואַסער און דעם טאָפּ אַוועקגערוקט אין אַ זייט. דאָס ברעטל האָט זי געלאָזט ליגן, נאָר דאָס קיכ־מעסער און די הענט האָט זי אָפּגעוואַשן.

יאַכעט האָט געהערט אַז פייוול האָט געענדיקט דאַווענען. זי איז צוגעגאַנגען צום אויוון, מיטביידע הענט אָנגעטאַפּט דעם טאָפּ מיט וואַסער. דער טאָפּ איז געווען הייס. זי האָט דעם טאָפּ אָפּגערוקט אין אַ זייט, אָפּגעדעקט די שטאַרץ פון דעם טאָפּ יויך און אָנגעבויגן דעם קאָפּ — „עס פּאַרשמעקט!" האָט זי אַ זאָג געטאָן און זיך געקוויקט. אירע נאָזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן. זי האָט צוריק צוגעדעקט דעם טאָפּ און אויך דעם טאָפּ אָפּגערוקט אין אַ זייט. פון אונטערן אויוונלאָך האָט זי אַפּערגעצויגן אַ האַרט שטיק קאָטרע, די קאָטרע צעריסן אין די הענט און אַריינגעלייגט אין אויוון. דער פלאַם אונטער דער בלעך האָט אַ פלאַקער געטאָן. יאַכעט האָט אַרויפגערוקט אויפן פייער דעם טאָפּ מיט די פיש, די דיניצע מיט קלאָקעס האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן צווייטן פייער.

פייוול האָט זיך ווי אַדורכגעשטופּט דורך דער טיר און זיינע נאָזלעכער האָבן זיך צעצויגן, ער האָט דערפילט די זיסקייט פון די מאַכלים.

— גענוג, געגנוג שוין! גיי וואַש זיך! איך דאַרף דאָס פייער — האָט יאַכעט אים אַ זאָג געטאָן.

פּייוול איז צוגעגאַנגען צום שעפל און זיך אָפּגעגאָסן די הענט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אָוועקגעלייגט דאָס שטשערקעלע און איז צוגעגאַנגען צום טיש. ער האָט אָפּגעבראָכן אַ שטיקל ברויט, געמאַכט אַ המוציא, אײַנגעטונקען אין זאַלץ און עס אײַנגעשלונגען. איצט האָט ער זיך אָנגעשניטן אַ גרעבערע מוציא ברויט און זי באַשמירט מיט צוואָרעך.

אויף אים האָט יאַכעט צוגעטראָגן אַ טעפּל אָנגעזיסטע באָוואַרקע. פּלוצעם איז זי אָפּגעשפּרונגען פון טיש: „אוי, וואָס שטיי איך?״ — האָט זי זיך אַ פרעג געטאָן. זי האָט מיטן פוס אַרונטערגערוקט דאָס פוסבענקעלע אונטערן בעט, זיך אַראָפּגעבויגן און אָפּגערוקט אין אַ זײַט די טעפּ. מיט דער שמאַטע פון אונטערן שעפל האָט זי אויסגעווישט דאָס שטיקל פּאָל. פאַרענדיק זיך, האָט זי מיטן רוקן זיך אָנגעשטויסן אין בעט, דאָס בעט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, די קינדער האָבן זיך איבערגעוועקט.

זלאַטעלע איז צוגעלאָפן און אַרויפגעקראָכן אויפן בעט. זי האָט זיך אָנגעבויגן און גענומען באַרויִקן די קינדער.

יאַכעט האָט אַרויסגעגראַבלט פון אַ טעפּל, וואָס איז געשטאַנען אין שענקל, אַ קלעצל צוקער. זי האָט דאָס קלעצל צוקער צעבראָכן אויף דריי און יעדן פון די קינדער דערלאַנגט אַ שטיקל.

זלאַטעלע האָט אַרײַנגענומען אין מויל דאָס גאַנצע שטיקל צוקער און געזאָגט צום ברודערל: „איך וועל דיך אָפּוואַשן, איך וועל דיך צוקעמען, איך וועל דיר אָנטאָן דאָס שבתדיקע אָנצוגל, איך וועל מיט דיר פאָרן שפּאַצירן אין וועגעלע, אַזוי ווי דעם קאָמענדאַנטס ווײַב פאָרט מיט איר קינד״.

יאַכעט האָט אַראָפּגענומען די שטאָרץ פון דעם טאָפּ פיש, זי האָט אונטערגעהויבן דעם טאָפּ און אַרײַנגעקוקט: „פאַרטיק!״ — האָט זי אַ זאָג געטאָן און צוריק צוגעדעקט דעם טאָפּ — „עס פאַרשמעקט״! — דעם טאָפּ האָט זיך אַרײַנגעטראָגן אין אַלקערל אַרײַן.

יאַכעט האָט געוואַרט פּייוול זאָל ענדיקן עסן; זי האָט גערדאַרפט דעם טיש. אָבער דערווײַל האָט זי זיך געפּאָרעט בײַם טשאָלנט. זי איז געשטאַנען אָן איבערגעבויגענע איבערן טאָפּ קאַרטאָפל אויפן פּאָל און מיט איין האַנט איבערגעוואָרפן די קאַרטאָפל אין וואַסער. די גרעסערע קאַרטאָפל האָט זי איבערגעשניטן אין צווייען, די גאָר גרויסע — אין פיר. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אויסגעגליכן און זי האָט אַ קרעכץ געטאָן, זי האָט דערפילט אַ ווייטיק אין די קריזשעס. איר פּנים איז געוועזן רויט, דאָס בלוט האָט די גאַנצע צײַט געשטראָמט איר אין פּנים אַרײַן. זי איז צוגעגאַנגען צום טיש, גענומען דאָס געבליבענע רעפטל ברויט און עס אײַנגעביסן.

יאַכעט האָט אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן ברויט און גענומען אָפּרייניקן דעם טיש. זי האָט אַ נעם געטאָן דאָס טעפּל פון טיש, צוגעגאַנגען צום אויוון, שנעל אויסגעטרונקען די געבליבענע אין טעפּל באָוואַרקע און אַוועקגעשטעלט דאָס טעפּל.

יאַכעט האָט אַרויסגענומען דאָס טייג פון מולטער און עס אַרויפגעלייגט אויפן טיש. דאָס איבערגעבליבענע אין מולטער מעל האָט זי אַרויפגעשיט אויפן טיש אין דער זייט. זי האָט געברענגט דאָס וואַלגערהאָלץ און דאָס קיכמעסער, פונאַנ־דערגעשיט איבערן טיש אַ ביסל מעל און זיך אַוועקגעשטעלט איבערקנעטן דאָס טייג. זי האָט געקנעטן, און מיט די פינגער פון אירע פאַרמאַכטע פויסטן גע־פרעסט דאָס טייג, עס זאָל ווערן שטייפער.

זלאַטעלע האָט אַראָפּגעשלונגען דאָס ברעקל צוקער, וואָס זי האָט נאָך גע־האַט אין מויל, און אַ זאָג געטאָן:

— מאַמע, איך וויל אויך קנעטן!

— יאָ, יאָ, — האָט רבקהלע איר צוגעהאָלפן.

יאַכעט האָט אויסגעגליכן איר רוקן, אַ קוק געטאָן אויף דעם טייג און עס פונאַנדערגעשניטן אין דריי טיילן. זי האָט מיטן אויג געמאָסטן די גרויס פון יעדער טייל און די דריי טיילן פונאַנדערגעסדרט.

פייוול איז געשטאַנען ביי דער טיר און מיטן זעקל אַרומגעוויקלט דעם שטעקן, וואָס האָט אים געפירט איבער די דערפער.

יאַכעט האָט אָפּגעריסן אַ שטיקל טייג, עס אַרויפגעלייגט אויף אַ בלעכן טעלערל און דערלאַנגט זלאַטעלען. זלאַטעלע האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טעלערל מיטביידע הענט:

— רבקהלע, קום! מיר וועלן אויך באַקן — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו דער שוועסטער.

— פאַרשאָוערץ נישט דאָס בעט — האָט יאַכעט זיי אַ זאָג געטאָן.

פייוול האָט דעם אַרומגעוויקלטן שטעקן אַרונטערגערוקט אונטערן בעט.

יאַכעט האָט אַ נעם געטאָן אַ שטיק טייג און עס אָנגעקלאַפּט אין טיש. דאָס טייג האָט זיך צעפּלאַטשט. זי האָט דאָס שטיקל טייג צעשניטן אויף פינף טיילן, יעדן טייל האָט זי צעשניטן אויף דריי.

די קינדער האָבן זיך געשפּילט. יאַכעט האָט ווייטער געאַרבעט, זי האָט גע־מאַכט די פלעכטלעך און זיי אויסגעסדרט, איינע לעבן אַנדערן. אין שטוב איז געווען שטיל, מען האָט געהערט ווי די קלאָקעס קאָכן זיך.

יאַכעט האָט פאַרטיק געמאַכט די פלעכטלעך. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט איבערן טיש און אָפּגעשאָקלט דאָס אָנגעקלעפּטע אויף זיי מעל. זי האָט גענומען פלעכטן די חלות.

זלאַטעלע האָט געקוקט, וואָס די מוטער טוט. זעענדיק, אַז די מאַמע פלעכט די חלות, האָט זי אַ זאָג געטאָן: „איצט פלעכט מען" — און זי האָט גענומען צונויפקלעפּן די צעריסענע שטיקלעך טייג.

די ערשטע אויסגעפלאָכטענע חלה האָט יאַכעט אַוועקגעלייגט אין אַ זייט, זי האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ און פון דער זייט באַטראַכט די חלה, איר יצירה האָט זי אַליין געוווּנדערט.

פייוול איז צוגעקומען. ער האָט מיט ביידע הענט געהאַלטן די פיר עקן פון

דעם צעטרענטן זאַק. דער זאַק איז געווען פול מיט קאַטרעס. ער האָט זיך אָנגעבויגן און ער האָט מיט כוח אַרונטערגעשטופּט אין אויוונגרוב דעם זאַק מיט די קאַטרעס. די עטלעכע קליינע שטיקלעך האָלץ, וואָס זענען געלעגן אויף די קאַטרעס, האָט ער אַנידערגעלייגט פון פאַרנט.

יאַכעט האָט געענדיקט פלעכטן, אויפן טיש זענען געלעגן פינף חלות. יאַכעט האָט אַראָפּגענומען פון אונטערן שענקל אַ שוואַרצע דורכגעברענטע בלעך. די בלעך אויסגעווישט מיט אַ שטשערקע און זי אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. זי האָט אָנגענומען אַ גאַרשטש מעל און עס פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער בלעך. איצט האָט זי אָנגעסדרט די חלות אויף דער בלעך.

פייוול האָט צעשטעלט די פיס אוז מיט דער פּלייצע זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט ביים אויוון. זיינע אַזוי אַרויסגעשטעלטע שטיוול האָבן אויסגעזען ווי צוויי קלאָניצעס, וואָס שפּאַרן אונטער די גאַנצע שטוב. פייוול האָט אָפּגעטשעפּעט פון זיין הויזן־רימען זיין אויסגעשאַרפט קאָזשיקל, זיך אָנגעבויגן און אַ נעם געטאָן אין האַנט אַ שטיקל האָלץ. ער האָט איינגעשניטן דאָס מעסער אין האָלץ, אויסגעשיילט די קיך־שפּענדלעך, אַז יאַכעט זאָל האָבן מיט וואָס אָנצוצינדן.

אין צווישן האָט יאַכעט צעלאָזט אין אַ ביסל וואַרעם וואַסער אויף אַ טעלער אַ פּאָר שטיקלעך צוקער. אין דער פּליסיקייט האָט זי געטונקט די פלעדערוויש און באַשמירט די חלות. זי האָט די בלעך חלות אַראָפּגעשטעלט אויפן פּאָל אין דער לינקער זייט פון אויוון.

— מאַמע, מאַמע! — האָבן די קינדער מיט אַ מאָל זיך צעשריגן. עס איז זיי שוין נמאס געווען זיך פּאַטשקען מיט דעם טייג.

— שווייגט, שווייגט. זייט ווייטער גוטע קינדער, וועל איך אייך געבן אַ גוטע זאַך — האָט יאַכעט זיי אַ זאָג געטאָן. זי האָט מורא באַקומען, אַז זיי וועלן איר שטערן אין דער אַרבעט.

יאַכעט איז צוגעגאַנגען צום שענקל. זי האָט אַרויסגענומען דאָס אַנדערע האַלבע ברויט, אָנגעשניטן אַ מוציא איבער דער ברייט פון ברויט און די מוציא באַשמירט מיט רויטער צוויקל־מאַרמעלאַדע. די מוציא האָט זי איבערגעשניטן אין דריי און יעדן קינד דערלאַנגט אַ שטיקל.

אין שטוב איז געווען שטיל. אַלע זענען געווען פאַרנומען. מיט אַ מאָל האָט פייוול אַ זאָג געטאָן: יאָ! ער האָט פאַרמאַכט דעם קאָזשיק און אים צוריק אויפגעהאָנגען אויפן רימען פון די הויזן. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן עטלעכע טריט און שטיין געבליבן אין מיטן שטוב. די פּאַרפּרווירענע פענצטער־שייבלעך זענען איצט געווען פאַרלאָפן מיט דער שטובן־פּאַרע. דאָס אייז אויף זיי איז געווען צעגאָסן און גליטשיק. „מען דאַרף גיין אין גאַס" — האָט פייוול אַ זאָג געטאָן. יאַכעט האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון טיש.

— פאַרזוים זיך נישט. קורץ פּרייטיק — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און געאַרבעט ווייטער.

פּיוול האָט זיך אַריבערגערוקט די קוטשמע איבער די אויערן. ער האָט אַראָפּגענומען די באַנדע פונעם האַק און זי אַרויפגעצויגן אויף זיך. אין דער לאַנגער, ברייטער שווערער באַנדע איז פּיוול ווי גרעסער געוואָרן.

— אַ גוטן!

— גיי געזונט! — האָט יאַכעט געענטפערט, נישט אָפּרייסנדיק די אויגן פון די טייגלעך.

פּיוול האָט געעפנט די טיר און זי שנעל הינטער זיך צוגעמאַכט.

— ווו איז געגאַנגען דער טאַטע? — האָט רבקהלע אַ פרעג געטאָן.

— אין מאַרק אַריין — האָט די מוטער איר געענטפערט. יאַכעט האָט זיך געפּאָרעט ביי די טייגלעך. זי האָט געשניטן, געקנעטן און אויסגעפּאָרעמט די קיכלעך. יאַכעט האָט אויסגעסדרט די קיכלעך אויף דער בלעך. אַ העלפט פון די טייגלעך האָט זי געלאָזט אַזוי ווי זיי זענען. קיילעכיק, פּלאַטשיק, נאָר אויסגעקנעטן. דאָס זענען געווען די קיכלעך פאַר איר און פּיוולען. די צווייטע העלפט פון די קיכלעך זענען געווען פאַר די קינדער. זי האָט יעדעס קיכל באַשיט מיט אַ פּאָר קרישקעס צוקער. אין דער מיט פון קיכל האָט זי אַריינגעדריקט אַ קליינע, דאַרע ראָזשינקע. אַז זי האָט געענדיקט, האָט זי אַ נעם געטאָן די בלעך קיכלעך און זי צוגעשטעלט צו די חלות. זי האָט אַרויסגענומען פון שענקל דעם נידעריקן און ברייטן ווי אַ פאַן אייזערנעם טאָפּ, אים אויסגעשווענקט און אָנגעגאָסן אין אים וואַסער. זי האָט איבערגעשווענקט די מייערן אינעם וואַסער, אין וועלכן זיי זענען געלעגן, דערנאָך זיי איבערגעלייגט אינעם ברייטן טאָפּ אַריין, אַריינגעטאָן אַ ביסל זאַלץ, עטלעכע קרישקעס סאַכאַרין און אַ ביסל בוימל. איצט האָט זי דעם טאָפּ מייערן אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון.

יאַכעט האָט אַ נעם געטאָן אין האַנט דאָס איבערגעבליבענע שטיקל טייג און עס אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש. זי האָט דאָס שטיקל טייג צוגעדריקט מיטביידע פויסטן צום טיש. זיך אָנגעבויגן און גענומען וואַלגערן דאָס טייג. דאָס טייג האָט זיך געצויגן, איז כסדר דינער און גרעסער געוואָרן. פון מאָל צו מאָל האָט יאַכעט איבערגעוואָרפן דאָס טייג איבערן וואַלגערהאָלץ און עס אויפגעהויבן. דאָס טייג איז געבליבן הענגען ווי אַ פּלאַכטע. זי האָט דאָס טייג איבערגעלייגט, זי זאָל קענען וואַלגערן פון אַן אַנדערער, נאָך דיקער זייט.

זי האָט דאָס טייג איבערגעשניטן אין פיר און די פיר שטיקלעך טייג צונויפגעוויקלט יעדעס באַזונדער. דריי שטיקלעך האָט זי אָפּגערוקט אין אַ זייט, דאָס געבליבענע מעל האָט זי פונאַנדערגעשפּרייט איבערן טיש און זי האָט זיך געשטעלט שניידן לאָקשן.

אין שטוב איז געווען שטיל. די קינדער אין בעט זענען געשלאָפן. עס האָבן זיך נאָר געהערט לאַנגזאַמע קלעפּ: טיק, טאַק, טאַק, ווי אַ פויגל־שנאָבל זאָל קלאַפּן אין האָלץ. דאָס האָט דאָס מעסער, וואָס האָט געשניטן דאָס טייג, געקלאַפּט אין טיש. יאַכעט האָט געשניטן די לאָקשן. ווען עס האָט זיך אָנגעקליבן ביים מעסער אַ קופּקע לאָקשן האָט זי זיי אָפּגערוקט אין אַ זייט און זיי פונאַנדער־

געשפּרייט. די הורמע לאָקשן אויפן טיש איז כסדר געוואַקסן. באַלד האָט דאָס מעסער ביי יאַכעטן אין האַנט אַ קלאַפּ געטאָן שטאַרקער: זי האָט אַדורכגעשניטן דאָס עקל פון לעצטן שטיקל טייג, געענדיקט שניידן די לאָקשן.

— שוין — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן און האָט אויסגעגליכן דעם רוקן. זי האָט איבערגעקערט איר האַנטפלאַך און מיט די שפּיץ־פינגער אַראָפּגעשאָקלט פונעם קלייד דעם אַנגעזעצטן מעלשטוב. די וואַרעמקייט אין דער שטוב איז געווען געדעמפּט. אויך יאַכעטן איז געווען וואַרעם. אירע באַקן זענען געווען צעפלאַמט. זי האָט אַנגעבויגן דעם קאָפּ, לויט דער שיין פון פענצטער געוואָלט זען ווי שפּעט עס איז. אין שטוב איז נישט געווען קיין זייגער.

— איך דאַרף אויסענדיקן דעם שבת — האָט זי זיך אַ זאָג געטאָן און זיך גענומען פאָרען ווייטער. זי האָט צעשניטן די רעשט קאַרטאָפל, זיי איבערגעוואַשן און אַריינגעלייגט אין דער גרעסערער צוויי־אויערדיקער טשוהונענער דיניצע. זי האָט די קאַרטאָפל איבערגעגאָסן מיט וואַסער און זיי באַזאַלצן. זי איז אַוועק און האָט אַרויסגענומען פון שענקל דאָס בלעכענע טעפּל מיט פעטס. זי האָט אויך אַרויסגענומען דאָס ערדענע פענדל. גייענדיק צוריק האָט זי מיטגענומען מיט זיך די שיסל מיטן צעווייקטן ברויט. די אַלע כלים האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. דאָס פעטס האָט זי צעשניטן אויף צוויי העלפטן. איין טייל האָט זי אַריינגעטאָן אין טשאָלנט. זי האָט אויסגעקוועטשט דאָס ברויט און עס אַריינ־געטאָן אין פענדל. די צווייטע טייל פעטס האָט זי אַריינגעשניטן אין ברויט אַריין. זי האָט אויך אַריינגעשיט אַ ביסל צוקער. זי האָט אַריינגעטאָן די האַנט אינעם פענדל און געקנעטן אַ מאַסע. ווען די מאַסע איז געוואָרן איין שטיק, האָט זי מיטן מעסער אַראָפּגענומען אַלץ, וואָס איז געווען אָנגעקלעפּט אויף אירע פינגער. דערנאָך האָט זי מיטן מעסער אָנגעגלעט די מאַסע אין פענדל. דאָס פענדל מיטן קוגל האָט זי איינגעעגבערט ביז דער ראַנד אין די קאַרטאָפל, כדי דאָס וואַסער זאָל זיך נישט איבערגיסן. די דיניצע מיט די קאַרטאָפל האָט זי צוגעדעקט מיט אַ שטאַרץ. זי האָט אַרויסגענומען פון שענקל עטלעכע צייטונגען, און מיט זיי אַרומגעפּאַקט די דיניצע פון אויבן. די אַרומגעפּאַקטע שטאַרץ אויף דער דיניצע האָט זי אַרומגעבונדן מיט אַ שטריקל. דער טשאָלנט איז געווען פאַרטיק. איצט האָט זי אַראָפּגענומען פון אונטערן קיבעל די טשוהונענע קרוג, וואָס האָט געהאַט איין אויער און אַ קליין,ברייט דזשאָבל. זי האָט די כלי אויס־געשווענקט און זי אָנגעגאָסן מיט וואַסער. זי האָט אין דער קרוג אַריינגעוואָרפן עטלעכע קרישקעס סאַכאַרין, אַ דריטל פונעם פּעקל ציקאָריע, עטלעכע לעפל צעשטויסענע קאַווע, וואָס זי האָט געהאַלטן אין אַ פּושקע און אַריינגעגאָסן אַ ביסל מילך. אויך די קרוג קאַווע האָט זי אַרומגעבונדן מיט אַ פּאַפּיר, פאַרבונדן מיט אַ שטריקל און אַראָפּגעשטעלט אויפן פּאָל, ווו דער טשאָלנט איז געשטאַנען. זי האָט אַרויסגענומען פון שייטל אַ האָרנאָדל, זיך אָנגעבויגן און אַדורכגעשטאָכן די אָנגעצויגענע איבער די טעפּ פּאַפּירן.

יאַכעט איז צוגעגאַנגען צום בעט. זי האָט לייכט אַ טרייסל געטאָן זלאַטעלען

ביים אָרעם. זלאַטעלע איז געבליבן ליגן מיט אויפגעריסענע און אויסגעשראָקענע אויגן.

— איך מוז גיין צום בעקער — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן.

יאַכעט האָט פאַרוואָרפן איבער זיך דאָס טיכל. די צוויי שפּיצן פונעם טיכל זיך פאַרבונדן אונטערן האַלדז, דאָס טיכל זאָל זיך איר נישט אַראָפּגליטשן פון די אַקסלען. זי האָט די בלעך מיט די חלות איבערגעשטעלט איבער דער בלעך מיט די קיכלעך. אַ טרוקענע קעלט האָט זיך אַריינגעריסן אין שטוב אַריין. יאַכעט האָט אַ נעם געטאָן די צוויי בלעכן, אַנגעלענט זיך אויפן בויך און איז איילִיק אַרויס פון שטוב.

זלאַטעלע איז געשטאַנען ביים בעט. זי האָט מיטביידע הענט זיך אָנגעהאַלטן אין איבערבעט. יאָסעלע און רבקהלע זענען געשלאָפן. זלאַטעלע האָט מורא געהאַט זיך אומקוקן. זי האָט איצט אַליין געהיטן די שטוב. די שטוב איז געווען אומ־ענדלעך גרויס. זי איז געשטאַנען און שטיל צו זיך גערעדט: „די מאַמע גייט שוין, די מאַמע גייט שוין".

יאַכעט האָט זיך נישט לאַנג געזוימט. זרחס בעקעריי איז געווען דערנעבן.

זלאַטעלע, ווען זי האָט נאָר דערזען די מוטער, איז צוריק אַרויפגעקראָכן אויפן בעט. זי האָט זיך איינגענורעט אינעם איבערבעט און איז באַלד איינגע־שלאָפן.

## ה

אויף דער גאַס, פאַר דער ברייטער, נידעריקער כאַטע איז פּיוול שטיין געבליבן. די קעלט האָט אים אַדורכגענומען. אַ ווײלע שפּעטער האָט ער אָפּגע־אָטעמט, ווי עס וואָלט אים גרינגער געוואָרן. די קעלט האָט אים אַ ברי געטאָן די נאָז. ער האָט אַריינגעטאָן די הענט אין די טאַשן און אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ אינעם קאָלנער פון דער באַנדע. דער קאָפּ זייגער איז געבליבן, ווי ליגן אויף די אַקסלען. דער שניי איז געלעגן ביז אונטער די פענצטער. ער האָט מיט די הענט אַריינגעצויגן די אַרבל אין די טאַשן, עס זאָל אים זיין וואַרעמער.

פּיוול האָט געשטעלט די פיס פון אויבן אַראָפּ. זיינע צוויי גרויסע, יוכטענע שטיוול האָבן געטאָרעוועט זיך אַ וועג. דער איינגעטרעטענער שניי האָט געסקריי־פּעט אונטער אים. דאָס קורצע געסל איז געלעגן פאַר אים ווי אַן אויפגעריסענער זאַק. קיין מענטש איז נישט פאַרבייגעגאַנגען, נאָר אַ שוואַרץ מיט ווייס געפלעקט קעלבל, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון שטאַל, האָט זיך געבלאָנקעט עלנט. אַ גרוי־האָריקער הונט מיט אַ פאַררריסענעם עק און אויסגעשפּיצטע אויערן האָט געבילט. דער הונט האָט געוואָלט פאַרטרייבן דאָס קעלבל פון גאַס. דאָס קעלבל האָט געבעקעט און געוואָרפן מיט קאָפּ פון מורא.

ביים סוף פון צווייטן געסל האָט פּיוול פאַרלאַנגזאַמט זיין טראָט. דאָ איז דער שניי געווען כמעט נישט איינגעטראָטן. פּיוול האָט געהויבן די פיס, גע־שלעפּט די שטיוול פון שניי אַרויס, די כאַטעס דאָ זענען כסדר נידעריקער און שיטערער געוואָרן, געלעגן כמעט אונטערן שניי.

— פּיוול! פּיוול! — האָט אַ קול געהילכט אין דער פרייער טרוקענער קעלט.

פּיוול איז שטיין געבליבן מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ ביי אַ שמאָלער כאַטע, מיט אַ הויכן, שיפן פאַרשנייטן דאַך. פאַר דער כאַטע, אויפן פרייען פעלד, איז געשטאַנען אַ נידעריקער ייד מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד. דער ייד האָט אים גערופן.

— פּיוול! — האָט ער נאָך אַ מאָל אַ שריי געטאָן. ער האָט מיט דער האַנט אַ וויז געטאָן פּיוולען, אַז דאָס איז ער, און ער איז צוריק אַריינגעלאָפן אין אָפּגעלענטן טויער. דער ייד איז געווען אָן אַ פּאַלטן.

פּיוול האָט אים דערקענט. ער איז אַריין אין דער כאַטע. אַ בייז בילן, ווי דער הונט זאָל זיך וואַרגן פון כעס, האָט אים באַגעגנט. די כאַטע איז געווען נישט באַוווינט. דאָס איז געווען אַ שפּייכלער מיט פעל. פּיוול האָט לאַנגזאַם און פאַרזיכטיק זיך אַדורכגעשלייכט דורכן פאָדערהויז און גייענדיק געקוקט צי דער הונט באַפאַלט אים נישט. דער ברוין־האָריקער הונט, וואָס איז געשטאַנען אויף די הינטערשטע פיס, האָט געשטשערעט די ציין, געוואָלט זיך וואַרפן אויף אים. אָבער די קייט האָט אים איינגעהאַלטן.

די צוגעלענטע טיר, באַקאָוועט מיט אַן אייזערנעם פרענט, וואָס איז אַראָפּ־געהאַנגען, האָט אַ קרעכץ געטאָן און זיך געעפנט. „קום"! — האָט דער שוואַר־צער אהרן, וואָס איז געשטאַנען אין דער טיר און געוואַרט, אים אַ רוף געטאָן.

אין שפּייכלער איז געווען טונקל. דאָס איינציקע פאַרפרוירענע פענצטער איז געווען פאַרהאַקט מיט צוויי איבערגעקרייצטע דרענגער. די געפרוירענע לופט אין שפּייכלער איז געווען אַדורכגעזאַפּט מיט געזאַלצענער פוילקייט פון גבלה, וואָס האָט זיך געטריקנט.

פּיוול איז שטיין געבליבן ביי דער טיר. דער שוואַרצער אהרן האָט אַ צעפּיר געטאָן די אָרעמס און זיך עטלעכע מאָל איינגעקלאַפּט. די קלעפּ פון די הענט זענען געווען הוילע, ווי זיי וואָלטן געקומען פון ווייטנס. דערנאָך האָט אהרן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אַרומגעשנירט מיט אַ דראָט פּעקל פעל און אויסגעשטרעקט די פיס. אויך ער האָט געטראָגן טיפע, יוכטענע שטיוול, אַ העמד פון באַיע און אַן אויסגעפּעטסט פוטערל אָן אַרבל.

פּיוול האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פּעקל פעל אהרנען אַנטקעגן. זיי זענען געזעסן אין דער שיין פון דער אָפענער טיר.

אהרן האָט מיט ביידע הענט זיך אָפּגעצויגן די באָרד. אַז ער האָט דערגרייכט דעם שפּיץ פון דער באָרד, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף פּיוולען און ער האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— רייכערסט ?

פּיװל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ניין.

אהרן האָט אַרײַנגעטאָן די האַנט אין אַ טעשל פֿונעם פּוטער־װעסטל, אַרױס־גענומען אַ ביכעלע ביבל. זײַנע פֿלײשיקע, באַװאַקסענע ליפּן האָבן אַ בלאָז געטאָן אין דער ביבל אַרײַן. ער האָט אָפּגעריסן אַ ביבלקע און צוריק אַרײַנגע־לייגט דאָס ביכעלע. ער האָט אַרײַנגעשטעקט צװײ פֿינגער אינעם טעשל פֿון דער צװײטער זײַט װעסט, אַרױסגענומען אַ גרײַפֿל טאַבאַק און דעם טאַבאַק אַרײַנ־געלייגט אין דער ביבל. זײַנע פֿינגער האָבן אַ װיקל געטאָן די ביבל איבערן טאַבאַק. ער האָט מיט דער שפּיץ צונג אָנגענעצט די ביבל און זי פֿאַרקלעפּט, פֿון דער הױזן־טאַש אַרױסגענומען די שװעבעלעך און אָנגעצונדן דאָס ציגאַרעטל. אַ געדיכטער קנױל רויך פֿון דער מאַכאָרקע, װי פֿון אונטערגעצונדענע װאָרצלען, האָט פֿאַרדעקט זײַן פּנים.

אהרן האָט פֿאַרמאַכט אָן אױג. מיטן אַנדערן אױג האָט ער אַ קוק געטאָן אױף פּיװלען. פּיװל איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אױגן. די הענט האָט ער געהאַלטן אױף די קניען. ער האָט געװאַרט.

— פּיװל — האָט אהרן אַ זאָג געטאָן.

פּיװל האָט אַ טרײסל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין אהרנען. זײַן בליק איז געװען אָן אָנגעשטרענגטער.

— שװאַכע געשעפֿטן — האָט אהרן אַ זאָג געטאָן.

פּיװל האָט זיך אײַנגעקוקט אין אים. אים איז נישט קלאָר געװען, װאָס אהרן װיל.

אהרן האָט זיך פֿאַרצױגן נאָך אַ מאָל, אױסגעשפּיגן אַ שטיקל טאַבאַק, װאָס אהרן האָט זיך געהאַט צוגעקלעפּט צו זײַן שפּיץ צונג און ממשיך געװען:

— סחורה איז דװקא דאָ. אַ שװערער װינטער. — שינדן די פּויערים די פֿערד, אָבער קײן עקספּאָרט איז נישטאָ.

פּיװל האָט אױסגעשטרעקט דעם קאָפּ און פֿאַרמרױשעט די אױגן. ער האָט אַ טרײסל געטאָן מיטן קאָפּ װי ער װאָלט זיך פֿרעגן. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, װאָס אַזעלכעס איז דאָס דער עקספּאָרט.

— די דײַטשן און די ענגלענדער האָבן אױפֿגעהערט קױפֿן — האָט אהרן װידער געזאָגט. — באַנעזײַרעס (בוענאָס־אײַרעס) פֿאַרפּלײצט די װעלט.

פּיװל האָט זיך אַרומגעקוקט. אהרנס שפּײַכלער איז געװען פֿאַרלייגט מיט פּעק פֿעל.

— אָבער צו דיר האָט עס נישט. דיר קומט דײַן מעקלגעלט — האָט אהרן אַ זאָג געטאָן.

ער האָט אַרײַנגעטאָן די האַנט אין דער הױזן־טאַש און אַרױסגענומען אַ פֿאַרמאַכטע פּױסט.

— נאַ — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

פּייוול האָט אונטערגעשטעלט די פּויסט. אַ ווײַלע האָבן די בליקן פון די צוויי יידן זיך געקרייצט. זיי האָבן זיך באַטראַכט און געשוויגן.

— אַ גוטן שבת! — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן. — ער האָט זיך אויפגע־שטעלט און גענומען גיין.

— אַ גוטן שבת! גיי געזונט! — האָט אהרן אים נאָכגעשריגן. אהרן האָט זיך אָנגעבויגן און גענומען זיך פּאָרען ביי זיינע פעל.

אויפן פעלד אין דרויסן איז פּייוול שטיין געבליבן. ערשט איצט האָט ער געעפנט די פויסט צו זען וויפל אהרן האָט אים געגעבן און אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַן איבערראַשטער. ער האָט אָנגעהויכט אויף מזל דעם האַלבן גילדן, אַדורכ־געשטופּט די האַנט דורך דער פאַרקנעפּלטער באָנדע און די מטבע אַריינגעלייגט אין דער שפּענצער־קעשענע.

פּייוול איז געגאַנגען סקאָס דורך די פעלדער צו דער צווייטער זייט פון שטעטל, צו זיין שטאָט־חבר.

די כאַטעס אין דער זייט שטאָט זענען געווען נאָך נידעריקער און ברייטער. זיי זענען געשטאַנען צעשטעלט אָן אַ סדר. יעדע כאַטע האָט געהאַט אַרום זיך אַ פּלויט און אַ פאַרשנייטן הויף. פון איין כאַטע צו דער אַנדערער איז געווען אַ מרחק. די כאַטעס אונטערן שניי זענען געווען ענלעך איינע צו דער אַנדערער, אָבער פּייוול האָט גוט געדענקט די כאַטע וווּ מרדכי האָט געוווינט.

פּייוול האָט אָפּגעקלאַפּט די שפּיצן פון זיינע שטיוול אין דער שוועל. דער אַריינגאַנג צו מרדכין איז געווען פון פאָרנט. ער האָט אָנגעדריקט דעם סקאָבל. די אָנגעדראָלטע מיט פייכטקייט טיר פון אינעווייניק איז אָפּגעשפּרונגען. פּייוול איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר. אַ וואַרעמער נעפּל האָט אים פאַר־שטעלט די ראיה.

— פאַרמאַך! — האָט אַ הייזעריקע שטימע אים אַ זאָג געטאָן.

פּייוול האָט שנעל צוגעהאַקט די טיר.

— אַריינגעפאַלן אַ קוק טאָן — האָט פּייוול געזאָגט נישט דרייסט.

— ברוך־הבא! — האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן.

מרדכי טאַנדייטער, אַ נידעריקער ברייטביייניקער ייד, איז געשטאַנען מיטן קוילן־פּרעסאייזן אין האַנט, ער זאָל נישט צוזענקען דעם מלבוש, וואָס ער האָט געפּרעסט. זיין שפּענצער איז געווען צעכראַשטשעט, די אַרבל־מאַנקעטן צעקנע־פּלט. זיין שוואַרצע באָרד איז ביים סוף געווען פאַרדרייט און אונטערגעבויגן אונטער דער גאָמבע, ווי אַ צאָפּ.

— וואָס מאַכסטו? — האָט ער געפרעגט פּייוולען.

— דאַנקען גאָט, אַבי מען זעט זיך. — האָט פּייוול אים געענטפערט. זיינע אַקסלען האָבן אַ ציטער געטאָן און ער האָט זיך צוגערוקט צום טיש, וווּ מרדכי איז געשטאַנען. די דעמפיקע וואַרעמקייט האָט אים אַדורכגענומען, אין דעם נידעריקן שמאָלן ווי אַ דורכגאַנג צימערל איז געווען וואַרעם ווי אין אַ שוויץ. דאָס צימערל איז געווען פול מיט פאַרע פון די געפּרעסטע מלבושים און מיט

דער היץ פונעם אייזערנעם אייוועלע. מרדכי האָט געגייט אָנצעגער פּאַר די סוח־רים, וואָס זענען אַרומגעפּאַרן איבער די מערק. געוווּנט האָט מרדכי אין הויף.

די צוויי אויסגעבויגענע פּלייצעס, וואָס זענען געלעגן איבער די ניימאַשינען, האָבן זיך אויסגעגליכן. איין געזעלן האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. ביידע האָבן זיך צעזונגען: „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל".

דאָס לערניינגל האָט זיי אונטערגעהאַלטן. דער דאַשיק פון זיין קאַשקעט איז געווען אויסגעדרייט אויף הינטן. ער איז געזעסן אויף אַ קעסטל אין מיטן שטוב, אַ געבוקטער, פאַרלייגט איין פוס איבערן אַנדערן און אָנגעניית קנעפּ אויף אַ מאַרינאַרקע.

— שאַ! אַ מענטש אין דאַך אַריין אין שטוב — האָט מרדכי זיך אַ ווענד געטאָן צו די געזעלן.

ביידע יידן האָבן זיך אָנגעבויגן איינער צום אַנדערן, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן פאַרטרויען אַ סוד. אַנטקעגן זיי אויף דער וואַנט איז געהאַנגען דער נאַפטלאָמפּ. דאָס גלעזל פון לאָמפּ איז געווען פאַרקאָפּטשעט.

— ווי איז דיר אַדורך די וואָך? — האָט מרדכי אַ פרעג געטאָן פּייוולען און אַרויסגעשטרעקט דעם האַלדז. זיין קאָפּ איז געבליבן הענגען ווי אַ לאָמטערן.

— ווי ביי אַ ייד, עפּעס פּעלט אים שטענדיק צו — האָט ער געענטפערט

— אָבער זי איז אַ בריה — זיינע שוואַרצע אויגן־אַפּלען האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. זיי זענען געוואָרן גלאַטיק ווי סאַמעט — און ביי דיר? — האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן.

— מען שניידט, מען שטעפּט און מען עסט אַ „יושקע".

— אַבי נישט אויסטערליש.

— מען דאַרף בעטן אויף כוח, אַז די צען פינגער זאָלן דינען — האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן.

איינער פון די געזעלן, וועמען ס'איז נמאס געוואָרן דאָס שווייגן, האָט אַ זינג געטאָן: „קליין מיידעלע, ווו אַהין גייסטו". ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן טענאָר. ער איז אָבער באַלד שטיל געבליבן. דאָס לערניינגל האָט נאָך טיפער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט אים געוואָלט פאַרשטעקן אין דער מאַרינאַרקע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

— יאָ, — מרדכי האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט און זיך אָפּגערוקט פון טיש.

— געהערט עפּעס פון שטעטל?

פּייוול האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט נאָר אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער ווייסט נישט. ביידע האָבן זיי געשטאַמט פון זשאַרנאָווצע, אַ דער־בייַיק שטעטל, קלענער נאָך פון וואָלבראָם. זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען אין חדר אַריין צום רויטן וואָלף. ביידע האָבן חתונה געהאַט קיין וואָלבראָם. מרדכי, דער ערשטער, מיט עוזר שניידערס טאָכטער. פּייוול האָט דערנאָך חתונה געהאַט קיין זשאַרנאָווצע. מרדכי האָט אים אַריבערגענומען קיין וואָלבראָם. ביידע האָבן זיי נישט געהאַט קיין קרוב אין וואָלבראָם. מרדכיס פאָטער איז געווען דער פישער

אין שטעטל. פּיוולס מוטער, די אלמנה מיט די צוויי טעכטער, האָבן אָנגעשטעלט מילך, אַז די יידן אין שטעטל זאָלן האָבן אַ שטיקל כשרע פּוטער און קעז.

— מען דאַרף מאַכן אַ שפּאַציר — האָט מרדכי געזאָגט און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף פּיוולען. דער מרחק צווישן די צוויי שטעטלעך איז געווען דרייצן וויאָרסט.

— כ'לעבן, געווען אַ יושר — און פּיוול האָט באַלד צוגעגעבן — טאָג־איין, טאָג־אויס גייט מען איבער די דערפער, „פּרנסה".

— אין אַן אויסגעשטערנטן „שפּייסצונאַכץ" — האָט מרדכי אים פאַרגעשלאָגן.

— לאָזן יאַכעטן מיט די קינדער אַליין ביי נאַכט?

— איי, איי — האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן און איינגעקלאַפּט איין האַנט אין דער אַנדערער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו פּיוולען — און וואָס הערט זיך אין שטוב?

— נישט צו זינדיקן. און ביי דיר?

— ברוך השם! — האָט מרדכי אים געענטפערט.

פּיוול האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט וועלן זיך צורוקן צו מרדכין, און שטיל, ווי ער וואָלט רעדן אונטער דער נאָז, אים אַ פרעג געטאָן:

— און ווי האַלטסטו מיטן שידוך? — מיטן קאָפּ האָט ער אָנגעוויזן אויפן געבויגענעם רוקן פונעם גאזעלן, וועלכער איז געזעסן ביי דער מאַשין אונטערן פענצטער.

— גאָט איז אַ פאָטער — האָט מרדכי אים געענטפערט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן — זי איז איצט ביים זיידן אין זשאַרנאָווצע. געבליבן מיטן קליינוואַרג אין שטוב, זאָלן זיי געזונט זיין.

— זיך פאַרהאַלטן, דיך נישט געלאָזט אַרבעטן — האָט פּיוול געזאָגט און ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אין פאַרפרוירענעם פענצטער אַריין — מען דאַרף גיין.

— אַ ביסל זיך אַדורכגערעדט.

— אַ גוטן שבת — פּיוול איז אַוועק צו דער טיר.

— אַ גוטן שבת — האָבן אַלע אים געענטפערט.

אין דרויסן איז פּיוול שטיין געבליבן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיי באַלד געעפנט צוריק. די שנייוויסקייט האָט אים איצט, נאָך דער גרויקייט פון דער שטוב, אַ בלענד געטאָן אין די אויגן.

ער איז געגאַנגען איבער די פאַרשנייטע פעלדער. דער שניי האָט זיך געצויגן, ווי אַן אומענדלעכקייט, כאָטש דער שטח אַרום איז געווען קליין.

ווען ער איז צוגעקומען צו די ערשטע צוויי כאַטעס, וואָס זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן, האָט פּיוול אָפּגעזאָמט. ער האָט דערזען דעם מאַרק פון ווייטנס.

דער הימל איז געווען פאַרנעפּלט, טונקל, געלעגן איבער די דעכער. דער מאַרק האָט אויסגעזען, ווי אַ פאַרפרוירענער קאַסטן.

אין ראָג פון מאַרק, אין דער ברייטער גאַס, אונטער דעם געמויערטן פּלויט פון דער טומאה, איז געשטאַנען אַ ליידיקער שליטן. די פּאָר ברוינע פערד זענען געווען אויסגעשפּאַנט, אַרויסגעגעסן פון דער קאָרעטע אין שליטן. דאָס פערד פון דער רעכטער זייט דישעל איז געשטאַנען אין דער ברייט און האָט געשטערט דעם דורכגאַנג אין גאַס. עטלעכע הייזער ווייטער, אין דער ברייטער פאַרגלאָזטער טיר, צו וועלכער עס האָבן געפירט פינף טרעפּ, האָט אַרויסגעקוקט מאָטל שענקער. זיין זילבער־ווייסער קאָפּ האָט אויסגעזען, ווי ער זאָל זיין איינגערעמט אין דער טיר. כאָטש די טיר איז געווען פאַרמאַכט, האָט זיך געהערט דאָס געפילדער און די געשרייען פון די שיכורים.

די קראָמען זענען געווען ליידיק: פרייטיק, ערב שבת, האָט קיינער פון די סוחרים נישט אַרויסגעשטעלט זייערע סחורות. פון צייט צו צייט האָט זיך אין דער אָפענער טיר באַוויזן אַ פאַרבאַבלטע געשטאַלט: אַ ייד אין אַ שווערן, לאַנגן פּאַלטן און אַ טיפער קוטשמע, אָדער אַ יידענע אין אַ קאַפּטן אָן אַרבל און מיט אויפגעטרענטע שטרימפּ פאַר האַנטשן.

אין מיטן מאַרק, אָנגעלענט אין אַ וואַנט, איז געשטאַנען חיימל טרעגער. ער האָט געקוקט אין הימל אַריין און זיך נישט גערירט פון אָרט. זיין פּנים איז געווען שטאַר. ביים ברונעם, וואָס האָט פון וויטנס אויסגעזען ווי אַ סאָפּלע אייז, איז געשטאַנען אַ וואָגן. אויף דעם וואָגן זענען געלעגן עטלעכע בינטן שטרוי. דאָס פערד איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעצויגענעם האַלדז, מיטן קאָפּ אַראָפּ און געשמעקט צום שניי.

— הפקר — האָט פּייוול שטיל אַ זאָג געטאָן. ער האָט אָפּגעבראָכן אַ זשדזשעבעלע פונעם שטרוי אויפן וואָגן. אַ קיי געטאָן דאָס שטיקל שטרוי און ער איז געגאַנגען ווייטער.

פון דער צווייטער זייט ברונעם איז געשטאַנען אַ קרענצל יידן. „גוט מאָרגן" — האָט ער זיי אַ זאָג געטאָן פון וויטנס און זיך איינגעקוקט אין זיי, ווי ער זאָל זיך וועלן פאַרהאַלטן, אָבער ער איז געגאַנגען ווייטער. אים איבערגעקרייצט דעם וועג האָט אַ הויכער גוי, ער האָט געטראָגן אַ ברייטע „בעקעשע". זיין היטל איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ שאַל. דער גוי האָט געהאַלטן אַ וואַנדל אין האַנט און געטריבן אַ חזיר. דער חזיר איז געלאָפן און געשנאָרצט.

— טפו! — האָט פּייוול אויסגעשפּיגן און איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט.

אין ראָג פון מאַרק, ווו עס איז געהאָנגען דער גלאָק, וואָס פלעגט קלינגען ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין וואָגן לייבל פורמאַן. ער האָט זיך געגרייט פאָרן צו דער באַן, וואָס קומט יעדן פרימאָרגן, צען אַ זייגער, פון קאַטאָוויץ און ברענגט יידן פון סאָסנאָווצע און בענדין. לייב פורמאַן איז געשטאַנען אַן אָנגעלענטער אין וואָגן און געהאַלטן די בייטש אין האַנט. ער האָט נישט געוואָרט אויף פּאַסאַזשירן. — ערב שבת איז קיינער נישט אַוועקגעפאָרן פון שטעטל. ער האָט געדאַרפט פאָרן צו דער באַן ברענגען עטלעכע יידן, וואָס קומען קיין וואַלבראָם אויף שבת.

פייוול איז צוגעגאַנגען ביז צום עק פון מאַרק און זיך אומגעקערט. ער איז געגאַנגען און געקוקט, וואָס עס טוט זיך אין דעם גרויסן, אָפענעם מאַרק. גייענדיק האָט ער זיך ווידער אַ מאָל דערנענטערט צו דעם קרענצל יידן, וואָס זענען געשטאַנען ביים ברונעם.

— גוט מאָרגן, יידן! — האָט פייוול זיי אַ זאָג געטאָן.

— אַ גוט יאָר! — האָט וועלוול, אַ הויכער, דאַרער ייד, אים געענטפערט. זיין לענגלעך, דאַר פּנים איז געווען איינגערעמט מיט אַ קליינער, שוואַרצער באָרד, וואָס איז שוין געווען אַדורכגעפלאָכטן מיט גרויע האָר.

די רעשט יידן האָבן אויפגעהויבן די אויגן. זיי האָבן ערשט איצט דערזען, אַז פייוול שטייט לעבן זיי.

— וואָס הערט זיך ביי דיר? — האָט ברוך זיך אַ ווענד געטאָן צו פייוולען.

— נישט צו פאַרזינדיקן — האָט פייוול אים געענטפערט. ברוך איז געווען אַ מומחה אויף צוריקשטעלן אויסגעלענקטע גלידער.

משה, דער אייער־קאַלכער, האָט אַ פרעג געטאָן פייוולען:

— און דיך טרייבן נישט די גויים?

פייוול האָט דערשטוינט געקוקט אויף משהן און געשוויגן.

— זאַנוולען האָבן זיינע גויים אָנגעבראָכן די ביינער — האָט שלמה דער לעדער־סוחר אַ זאָג געטאָן.

— טאַקע?! — האָט פייוול אַ דערשראָקענער אַ פרעג געטאָן.

— אַז נישט היינט, וועלן זיי אים שלאָגן מאָרגן — האָט אַ זאָג געטאָן זעליג צוקער־בעקער. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, זיין שיטער בערדל איז געוואָרן נאָך שפּיציקער. ער האָט פאַרמרוזשעט זיינע טריבע אויגן און צוגעגעבן — יידן דאַרפן פאָרן קיין ארץ־ישראל. — זיין קאַנטיקער קאָפּ איז געבליבן ליגן אין די אַקסלען.

— ווי לאַנג די גויים האָבן געשלאָגן די יידן איז מען מיט זיי אַדורכגעקומען, אָבער זינט זיי האָבן זיך גענומען צום מסחר, פאַרלייגן אין יעדן שטעטל אַ „ספּולקע", ווערט דער ענין אַנדערש — האָט אַ זאָג געטאָן וועלוול. זיין דאַר פּנים האָט זיך אויסגעצויגן און איז געוואָרן שטאַר ווי אַ מאַסקע.

— מען דאַרף זיך פאַרלאָזן אויף דער השגחה — האָט שלמה זיך צעשריגן און אויסגעשטרעקט די הענט צום הימל.

פייוול האָט פאַרשנעלערט זיין טראָט. ביים עק פון דער צווייטער זייט פון מאַרק, ווו עס איז געשטאַנען דאָס צויישטאָקיקע הויז, איז פייוול שטיין געבליבן. דער דורכגאַנג איז געווען ברוקירט און איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ. דער אויסגעטרעטענער שניי איז געווען גליטשיק. פייוול איז געגאַנגען און מיט אַ האַנט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אין דער וואַנט. אויפן הויף איז דער שניי געווען ווייס, נישט צעטרעטן, נאָר אויף איין אָרט איז געווען אַ געלער פלעק, נאָך אַן אויסגעגאָסענעם פּאַמעשאַף.

פייוולס שטיוול האָבן געלאָזט טיפע לעכער אין שניי. ער איז געגאַנגען פון

אַ הויף אין אַ הויף, ער האָט זיך פֿאַרקירצט דעם וועג. די הייף זענען געווען אָפֿן, נאָר די ווינקלען פֿון די הייזער האָבן פֿונאַנדערגעטיילט דעם שטח, געשאַפֿן די הייף. פּייוול האָט געקענט די געגנט. וואָס ווייטער, זענען די הייזער געווען נידעריקער. די ראַנדן פֿון די דעכער זענען ווי געלעגן אויפֿן שניי. אין ראָג איז ער שטיין געבליבן ביי אַ כאַטע וואָס איז געשטאַנען אין שניי. אַרום דעם פֿענצטער און דעם אַריינגאַנג איז דער שניי געווען אַוועקגעשאַרט. פּייוול איז אַריינגעלאָפֿן אין הויז. אין פֿאָדערהויז איז געווען פֿינצטער. ער האָט דערפֿילט די ליימיקע פֿייכטקייט פֿון דער ערד אונטער זיין שטיוול. ער האָט אָנגעטאָפּט דעם סקאָבעל און אים אָנגעדריקט. די טיר איז אויפֿגעשפּרונגען. אַ טוכלע וואַרעמקייט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים.

די ייִנגלעך, וואָס זענען געזעסן ביים טיש, זענען געבליבן פֿאַרגאַפֿטע, מיט אָפֿענע מיילער. זיי האָבן פֿאַרגעסן דעם רבין. דוד, פּייוולס זון, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

אַ שפּיציקער קאָפּ אויף אַ געבוקטער קיילעכדיקער פּלייצע האָט זיך אומגעקוקט. אַ לאַנגע גרויע באָרד איז אַראָפּגעהאָנגען פֿון אַ דאַר אויסגעצויגן פּנים. פֿון דעם פּנים האָבן אַרויסגעקוקט טיפֿע, זיידענע, שוואַרצע אויגן. — „ברוך הבא"! — האָט דער מלמד אַ זאָג געטאָן און זיך צעשמייכלט. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו די תּלמידים, אָנגעקוקט פּייוולען און געוואַרט.

דער מלמד האָט פּייוולען אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אויסגעשטרעקט אַ האַנט און מיט צוויי פֿינגער אַ קניפּ געטאָן דודן אין באַק.

דאָס ייִנגל האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

די שטוב איז געווען דאָס חדר און די קיך. אין איין זייט שטוב, דער טיר אַנטקעגן, איז געשטאַנען דער לאַנגער טיש מיט צוויי בענק פֿון ביידע זייטן. איבער דעם טיש איז אַראָפּגעהאָנגען פֿון אַ דראָט דער נאַפֿטלאָמפּ. ביי דעם טיש זענען געזעסן די ייִנגלעך און געלערנט. אַנטקעגן, אין ווינקל ביי דער טיר, איז אויף איין וואַנט געשטאַנען דער אויוון. אויף דער צווייטער וואַנט — דאָס פּאָמעשאַף און די באַרעלקע מיט וואַסער. די קליינע שייבעלעך פֿונעם פֿענצטער זענען געווען פֿאַרפֿרוירן. אין אויוון האָט געברענט אַ פֿייערל.

— ס׳קאַצל קומט! — האָט אַ הייזעריקע שטימע אַ זאָג געטאָן. אין דעם אָפֿענעם טירל וואָס איז געווען דורכגעטיילט מיט אַ פֿאַרהאַנג, איז שטיין געבליבן אַ הויכע פֿרוי אין אַ גרוי, לאַנג, ברייט קלייד און אַ צעקנעפּלטן וואַטענעם קאַפּטן. אויפֿן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ ברוינע, טוכענע קופּקע, ווי אַ טורבאַן.

— כי, כי, כי! — האָט זיך אַ ייִנגל צעלאַכט.

— שטיל, שקצים! — האָט דער מלמד זיך צעשריגן און אַ טופּע געטאָן מיטן פֿוס אין פּאָל.

די ייִנגלעך האָבן זיך צעשאָקלט איבער די אָפֿענע גמראָס. זייערע יונגע קולעכלעך האָבן איבערגעחזרט מיט אַ זינגענדיקן ניגון — „המית שורי את פלוני או שורו של פלוני הרי זה משלם על פי עצמו".

די ייִנגלעך האָבן זיך געשאָקלט, זיך געחזרט, אָבער יעדער פֿון זיי האָט געכאַפּט פֿון דער זייט אַ בליק אויף פּייוולען.

פּייוול האָט אויפֿגעהויבן די אויגן. ער האָט דערפֿילט, אַז מען קוקט אויף אים. אים איז געוואָרן אומהיימלעך. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אַרונטער־געשטופּט די האַנט אונטער דער באַנדע און מיט די פֿינגער אַרויסגעגראַבלט פֿון שפּענצער־טעשל דעם האַלבן גילדן.

— ר׳ אברהם — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן און דערלאַנגט דעם מלמד די מטבע.

דער מלמד האָט אים אונטערגעשטעלט אַן אָפֿענע האַנט. ער האָט אָנגעקוקט די מטבע, וואָס איז געלעגן אויף זיין האַנטפֿלאַך, אַ שאָקל געטאָן פּייוולען מיטן קאָפּ און אים אַ זאָג געטאָן: — „ישר כוחך!”

— גאָט זאָל דיר געבן כפֿלים — האָט די רביצין אַ זאָג געטאָן פּייוולען און זי איז צוריק אַריין אין אַלקערל.

דער מלמד האָט די מטבע אַריינגעלייגט אין דער הויזן־טאַש.

די ייִנגלעך האָבן זיך געשאָקלט נאָך שטאַרקער. דער ניגון זייערער איז געוואָרן הילכיקער. אַ ווייך דין קעלכל האָט אַ לערן געטאָן: „תא שמע זה הכלל” — מיט אַ ניגון וואָס באַשטעטיקט. די ייִנגלעך אַלע אין איינעם האָבן אים נאָכ־געזאָגט.

— ר׳ אברהם, גיט מיר דאָס ייִנגל — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן.

— דוד, גיי מיטן טאַטן.

דוד האָט אַ קוש געטאָן די גמרא, זי שנעל פֿאַרמאַכט און איז אַפּערגעגאַנגען פֿון טיש. אויף אַ באַנק פֿון דער זייט איז געלעגן אַ קופּע פֿאַלטענעס. דוד האָט אַ נישטער געטאָן די קופּע, אַרויסגעשלעפּט זיין פֿאַלטן און אים אָנגעטאָן. דער פֿאָטער האָט אים אַריבערגעצויגן דאָס היטל איבער די אויערן. דוד האָט אַ נעם געטאָן די גמרא אונטערן אָרעם און איז אַוועק צו דער טיר.

— אַ גוטן שבת — האָבן ביידע, דער טאַטע און דער זון, אַ זאָג געטאָן.

אין דרויסן איז פּייוול שטיין געבליבן און זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געזוכט דעם זון. דוד איז געלעגן אין שניי און געוואָרפֿן מיט די פֿיס.

— שטיי אויף, וועסט זיך דערקילן!

דוד האָט אַ כאַפּ געטאָן די גמרא. זי איז געלעגן ביי אים אויפֿן בויך, זי זאָל זיך נישט פֿאַרנעצן אין שניי, און ער איז אויפֿגעשפּרונגען. ער האָט געקוקט, צי דער פֿאָטער קומט אים כאַפּן.

פּייוול האָט חשק געהאַט זיך אַ שפּיל צו טאָן מיטן זון, אָבער פּלוצים איז זיין פּנים געוואָרן האַרב און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אַ גמרא־בחור און פֿירסט זיך אויף ווי אַ שייגעץ. קום!

דער שניי אין שולגעסל איז געווען אָנגעטרעטן. איינגעטרעטענע פֿיס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון שניי. דאָס געסל איז געווען האַלב רונדיק. פּייוול האָט געקוקט אין געסל אַריין און ער האָט זיך אַ פֿאַרנעם געטאָן אויף רעכטס. ער איז געגאַנגען

אין שטעטל אַריין און נישט אין דער ריכטונג צום קליינעם בית־המדרש. דער זון איז אים נאָכגעגאַנגען. זיי זענען געגאַנגען רונד אַרום דעם בערגל. דאָס בערגל איז געווען פלאַך. דער שניי, וואָס האָט פאַרדעקט דאָס בערגל, איז געווען נישט גערירט, אַזוי, ווי ער איז אַראָפּגעפאַלן ביי נאַכט. פון אונטערן שניי האָבן אַרויס־געשטאַרט די חורבות פון אַלטן בית־המדרש, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק. אַרום דעם בערגל איז געשטאַנען די שול, דאָס בית־המדרש, דער הקדש און די מקווה. ביי דער טויבער וואַנט פון הקדש איז געשטאַ־נען אַן אָנגעלענטע אין דער וואַנט די לאָמע ביילע. זי איז געווען אַרומגעבאַבלט מיט אירע טיכער. מען האָט אַרויסגעזען בלויז אירע אַלטע מידע אויגן און איר פאַרפרוירענע נאָז.

פּיוול האָט אַרויסגעגראַבלט פון דער טאַש אַ גראָשן און אַ קוק געטאָן אויפן זון. דאָס יינגל האָט אַ כאַפּ געטאָן די מטבע און זי דערלאַנגט דער בעטלערין. פּיוול איז אַריין אין דער שמאָלער שטשאָנקע, דעם דורכגאַנג צווישן צוויי טויבע הייזער־ווענט, וואָס האָבן געפּירט אַראָפּ.

דער טאַטע מיטן זון זענען צוגעקומען צו דער מקווה. די לאַנגע, בידעריקע, רויטע ציגלוואַנט אונטער דעם בלעכענעם דאַך אין געווען אָפּבלאַקירט. לאַנגע, שמאָלע, פענצטער האָבן פונאַנדערגעטיילט די וואַנט. די פּירקאַנטיקע שייבלעך זענען געווען פאַרלאָפן. אָנגעדראָלטע ריטשקעלעך וואַסער זענען געפלאָסן איבער זיי. די אונטערשטע מקווה־וואַנט איז געשטאַנען אויפן ראַנד פון די סטאָקלעך — די קוואַלן. פּיוול האָט אָנגענומען דעם זון ביים קאָלנער און אים אַדורכגעפירט דורך דער אָפענער טיר. דאָס פּאָדערהויז איז געווען שמאָל און לאַנג. פון די דורכגעפרוירענע וואַנדלעך, דעם שטויס בעזעמלעך, וואָס איז דאָרט געלעגן האָט זיך געפילט אַ טוכלע פוילקייט.

דוד האָט מיטן קאָפּ אָפּגעשטופּט די צוגעלענטע טיר פון דעם בעדערס וווינונג. ער האָט אַוועקגעלייגט די גמרא אויפן טישל לעבן דער טיר, צוריק צוגעלענט די טיר און זיך איינגעקוקט אין פאָטער.

העניע, די הויכע בעדערקע, איז געשטאַנען ביי די בעזעמלעך. איבער איר קיילעכדיקן בויך איז געווען אַרומגעבונדן אַ שערץ מיט אַ ברייטער טאַש.

פּיוול האָט איר אַוועקגעגעבן די פינף גראָשן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, נישט קוקנדיק אויף איר. זי האָט גענומען דאָס געלט און אים דערלאַנגט אַ בעזעמל. אויך זי האָט נישט געקוקט אויף אים.

אין פּאָדערהויז איז געווען פינצטער, ווי צווישן פיר ווענט, וואָס האָבן נישט קיין פענצטער. די שיין איז געקומען פון דער אָפענער טיר. פּיוול האָט דאָס בעזעמל באַטראַכט פון אַלע זייטן. איצט האָט ער זיך אָנגעבויגן, אָפּגעזוכט מיט די אויגן אַ שעפל צווישן די שעפלעך אויף דער ערד. פּיוול האָט אָפּגעשטופּט די טיר. מיט דער צווייטער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן דאָס בעזעמל, האָט ער אַדורכגעשטופּט דאָס יינגל און דערנאָך זיך. די טיר האָט זיך אַליין צוגעמאַכט.

אין דער גרויסער, פּירקאָנטיקער שטוב איז געווען קאַלט, ווי אין אַ ליידיקן שפּייכלער. די ווענט זענען געווען נאַס פון דער פּאַרע. אין די ווינקלען פון דער סטעלע איז די פּאַרע געווען פאַרפרוירן און גרוי, ווי אַ מאָך וואָלט דאָרט וואַקסן. אויף דעם שטיינערנעם פּאָל זענען געלעגן דורכגענעצטע ברעטער. פון די בענק, צעשטעלטע אַרום די ווענט, האָט זיך געפילט אַ פאַרפרוירענער פוילער ריח. נאַקעטע, נאַסע יידן האָבן זיך געטרייסלט פון קעלט און אייליק אַרויפגעצויגן אויף זיך די העמדער. האַלב אויסגעטוענע און האַלב אָנגעטוענע יידן האָבן באַוויגן מיט זייערע הענט און פיס, ווי זיי זאָלן מאַכן גימנאַסטיק. זיי האָבן אַרויפגעצויגן און אַראָפּגעצויגן פון זיך די מלבושים. אויסגעשטאַנענע טראָפּנס פּאַרע האָבן געקאַפּעט פון דער סטעלע. די טירן פון ביידע זייטן האָבן זיך כסדר געעפנט און צוגעמאַכט. די טיר אין פּאָדערהויז אַריין האָט געברענגט קעלט; די טיר אין שוויץ אַריין האָט יעדעס מאָל געברענגט אַ קנויל פּאַרע. די קעלט און די וואַרעמקייט האָבן זיך צונויפגעמישט.

פּייוול האָט זיך אייליק אויסגעטאָן. דוד איז געשטאַנען און באַטראַכט די נאַקעטע יידן.

— וואָס שטייסטו? — האָט פּייוול זיך אַ ווענד געטאָן צו אים.

פּייוול איז שוין געשטאַנען אַ נאַקעטער און זיך געטרייסלט פון קעלט. ער האָט גענומען אויסטאָן דעם זון. דוד האָט אים צוגעהאָלפן. דער פאָטער האָט אַראָפּגעצויגן פון אים דאָס העמד און אים אַ פּליאַסקע געטאָן אינעם נאַקעטן אונטערשטן.

דוד, וואָס האָט שוין אויך געציטערט פון קעלט, האָט זיך צעשמייכלט.

— קום! — האָט דער פאָטער אים אַ רוף געטאָן. פּייוול האָט זיך אָנגעבויגן, מיט איין האַנט אַ נעם געטאָן דאָס שעפל און דאָס בעזעמל, מיט דער אַנדערער האַנט אַ שטופּ געטאָן דאָס ייִנגל. פּייוול האָט מיט דער נאַקעטער קני אָפּגעשטופּט די טיר, דעם זון אַדורכגעלאָזט דעם ערשטן, פּייוול איז אים נאָכגעגאַנגען. זיי זענען אַריין אין דער שוויץ.

ביידע זענען זיי געבליבן שטיין ביי דער טיר. די שאַרפקייט פון דער פּאַרע האָט זיי אַ דריי געטאָן אין דער נאָז, פאַרשטעלט די ראיה. זיי האָבן נישט געזען, זיי האָבן נאָר געהערט, ווי מען שרייט פון תענוג, — אוי, אַה, אוי, אוי אַה!

אַ ווײַלע שפּעטער האָבן זייערע אויגן גענומען אונטערשיידן און זיי האָבן דערזען הענט, פיס און בערד, וואָס האָבן זיך באַוויגן. פּייוול האָט זיך אָנגעבויגן און אָנגעשעפּט אַ שעפל וואַסער פון דער הילצערנער וואַנע. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערשטער טרעפּ.

דוד איז געזעסן און געקוקט, אַ מאָל אויפן פאָטער, אַ מאָל אויף די יידן, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט די בעזעמלעך און געשוויצט. די פּאַרע האָט זיך געקנוילט אין דער הויך און די סטעלע האָט אויסגעזען, ווי אַ פאַרוואָלקנטער הימל, די קליינע פענצטער־שייבלעך זענען געווען נאַס, די היץ האָט געשטיקט.

יידן, אויסגעצויגענע אויף די שוויץ־טרעפּ, האָבן געקרעכצט; זייערע קערפּערס זענען געווען רויט, צעגליט. יידן האָבן זיך געשמיסן. געווען יידן וואָס די היץ האָט זיי נישט געסטייעט, זיי האָבן געשריגן: „משה־יוסף, גיב אויף!"

דער בעדער, אַ הויכער, ברייטביייניקער ייד, האָט געהאַט אויף זיך נאָר אַ פּאָר הויזן. די נאַגאַוויצעס פון די הויזן זענען געווען אָפּגעשניטן. פון צייט צו צייט האָט משה־יוסף אַ גאָס געטאָן אַ קאָן קאַלטע וואַסער אויף די צעגליטע קיזל־שטיינער. אַ פרישער קנויל צעהיצטע פּאַרע האָט זיך אויפגעהויבן און פונאַנדערגעטראָגן איבער דער שוויץ.

— אַההה! — האָט פּייוול אַ זיפץ געטאָן. די וואַרעמקייט איז זיך אים צעגאַנגען איבער די אברים. ער האָט אַריינגעשטעקט די הענט אינעם שעפּל וואַסער און מיט פולע הענט־גאַרשטשן באַגאָסן דאָס ייִנגל. דוד האָט געציטערט פון קעלט.

דער פאָטער האָט איינגעטונקט אין שעפּל דעם שפּיץ פון בעזעמל ווו די וואַנדלעך זענען געווען ווייך. איין האַנט האָט ער אַרויפגעלייגט אויפן זונס אַקסל, אים צוגעהאַלטן, און מיטן בעזעמל אין דער אַנדערער האַנט — אים אויסגעריבן.

— וואַרט, ריר זיך נישט פון אָרט! — האָט דער פאָטער אים באַפוילן.

פּייוול האָט גענומען דאָס שעפּל און דאָס בעזעמל און גענומען קלעטערן איבער די טרעפּ. אויף דער פערטער טרעפּ האָט ער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און פאַרמרוזשעט די אויגן. אַ טרעפּ העכער איז געלעגן אַן אויסגעצויגענער מיט דער פּלייצע אַרויף דער רב און געקרעכצט. זישע דער שטאָט־שמש, אַ נידע־ריקער דאַרער ייד מיט אַ שיטער בערדל, האָט געריבן דעם רבס רוקן.

פּייוול איז אַרויפגעשפּרונגען אויף דער זעקסטער טרעפּ. ער האָט זיך אָפּגע־רוקט אין אַ זייט, אַרויפגעגאָסן אויף זיך דאָס שעפּל וואַסער און גענומען זיך שלאָגן מיטן בעזעמל. די פּאַרע האָט אים געשטיקט, די שמיץ אויף זיין לייב האָבן אים ווי געטאָן. פון צייט צו צייט האָט ער דאָס בעזעמל איינגעטונקט אינעם געבליבענעם אין שעפּל וואַסער און דאָס אַנגענעצטע בעזעמל אַ שאָקל געטאָן איבער זיך. די אַראָפּגעפּאַלענע אויף אים וואַסער־טראָפּנס האָבן אַ ברי געטאָן זיין קערפּער ווי צעלאָזענע זון. ערשט דעמאָלט האָט אים פאַרפעלט אָטעם, אָבער אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך ווידער געשלאָגן מיטן בעזעמל. אַז דאָס שעפּל איז ליידיק געוואָרן האָט פּייוול אַוועקגעוואָרפן דאָס בעזעמל. ער איז אַראָפּגעלאָפן און זיך אונטערגעטונקט אין דער קאַלטער מקווה. דריי מאָל איז זיין קאָפּ פאַר־שוווּנדן אונטערן וואַסער און אויפגעטויכט איבערן וואַסער. ער איז צו צו די טרעפּ און צוריק אַרויפגעלאָפן. דאָס וואַסער האָט פון אים געטריפט, זיין הויט איז געווען רויט צעגליט און די האָר זיינע זענען געווען צונויפגעקלעבט.

פּייוול האָט אַ קוק געטאָן אויפן ייִנגל און צו אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דוד איז צו אים צוגעלאָפן. דער טאַטע מיטן זון זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן. פּייוול האָט אָפּגעצויגן דאָס וואַסער פון ייִנגל, דערנאָך אָפּגעשאַרט דאָס געבלי־בענע אויף אים וואַסער.

זיי זענען אַרויס פון דער שוויץ. דוד האָט געקלאַפּט מיט די ציין פון קעלט.

פּייוול האָט אים געטוליעט צו זיך. יעדער באַזונדער האָט דערפילט די נאַקעטקייט פון צווייטן. פּייוול האָט צוגעפּירט דעם זון צום אָרט, ווו זייערע מלבושים זענען געלעגן.

פּייוול האָט מיט די הענט אָפּגעצויגן זיך דאָס וואַסער פון קאָפּ און פון דער באָרד.ביידע, פּייוול און דער זון, האָבן זיך אָנגעטאָן שנעל.

— שוין — האָט דוד אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער. ער איז געשטאַנען אַן אָנגעטוענער.

— קום און פאַרגעס נישט די גמרא — האָט דער פאָטער געזאָגט און גענומען גיין.

דוד איז אים פאַרבייגעלאָפן, אַרויס דורך דער טיר, דער ערשטער.

פּייוול האָט געהאַלטן פאַרמאַכט ס׳מויל. ער האָט געאָטעמט דורך דער נאָז. זיינע נאַסע האָר זענען געוואָרן שטייף, דער פראָסט איז כסדר געוואָרן שטאַרקער.

## ו

ביי פּייוולען אין שטוב איז דער שבת שוין געשטאַנען אויף דער שוועל. די שבתדיקע מאכלים זענען געווען שוין אָפּגעקאָכט. יאַכעטס באַקן זענען געווען צעפלאַמט. דער קנייטש אויף איר שטערן און אירע ליפּן־לעפּעלעך זענען געווען נאַס, פאַרשוויצט פון דער אַרבעט.

אין דער לאַנגער נידעריקער שטוב איז געווען וואַרעם, טוכלע און פייכט. די וואַרעמקייט איז געווען אַדורכגעזאַפּט מיט די ריחות פון די מאַכלים. עס האָט זיך געפילט די האַרבע זיסקייט פון די קלאָקעס.

יאַכעט איז אַריין אין אַלקערל און אַ ווילע שפּעטער איז זי פון דאָרט אַרויס מיט אַ שטייסל וועש אין די הענט. אויף דער וועש פון אויבן איז געלעגן אַ האַנטעך. זי האָט מיט אַן עק פון קלייד אָפּגעווישט אַ שפּיץ טיש און אַהין אַרויסגעלייגט די וועש. די קאָליר פון דער וועש איז געווען קרעם. זי האָט אָפּערגענומען פון אונטערן אויוון אַ בלעכענע שיסל און אַ פלעשל נאַפט. די שיסל האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן בענקל, דאָס פלעשל נאַפט אויפן פּאָל דערנעבן.

— טרינק, טרינק קינד, וועט דיר בעסער ווערן — האָט זלאַטעלע, אַ פאַרזאָרגטע, אַ זאָג געטאָן און געשטופּט אירס אַ פינגער דער ליאַלקע אין מויל אַריין. די ליאַלקע איז געווען אַ קאָלירטע טשיטשידלע, וואָס די מוטער האָט אויפגענייט. דאָס פּנים איז געווען געמאַכט פון אַ שוואַרצן שטרימפּ.

רבקהלע איז געזעסן איר אַנטקעגן און געקוקט, וואָס די שוועסטער טוט. אויך זי האָט גענומען איינוויגן איר ליאַלקע — אַ נאַקעט שטיקל האָלץ, וואָס דער פאָטער האָט איר אויסגעשניצט.

יאָסעלע איז געזעסן צווישן די צוויי שוועסטערס און געקוקט אַ מאָל אויף

דער, און אַ מאָל אויף יענער. די קינדער זענען געזעסן אויפן פּאָל אין ווינקל ביים בעט אויף אַן אונטערגעשפּרייטע דערקע.

יאַכעט האָט אָפּגעגאָסן פון דעם אייזערנעם טאָפּ, וואָס האָט זיך געוואַרעמט אויפן אויוון, אַ ביסל וואַסער אין דער שיסל אַריין. דאָס וואַסער איז געווען לעבּ־לעך. יאַכעט האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער. זי האָט אַראָפּגע־נומען פון פענצטער־ליפּטשיק דאָס קעמל, דערנאָך האָט זי מיט דער זעלבער האַנט אַ נעם געטאָן דאָס שטיקל זייף, וואָס איז געלעגן ביים שעפל. זי האָט זיך אָנגעבויגן און מיט דער אַנדערער האַנט אַ נעם געטאָן יאָסעלען אין דער טאַליע. דאָס יינגל איז הענגען געבליבן איר אין אָרעם.ביידע שוועסטערס האָבן אויס־געדרייט די קעפּ, אים נאָכגעקוקט. ערשט איצט האָבן זיי באַמערקט, וואָס די מוטער גייט זיי טאָן. אין דעם מאָמענט האָט זלאַטעלע גענומען צוואָגן איר ליאַל־קע : „אויף שבת מוזסטו זיין ריין".

יאַכעט האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל אַנטקעגן דער שיסל. זי האָט יאָסעלען אַרויפגעזעצט זיך אויף דער שויס, אים איינגעקלעמט צווישן די קניען און פון אים אַראָפּגעצויגן די בגדים. דאָס יינגל האָט זיך געוואָרפן איר אין די הענט.

יאַכעט האָט איינגעגעצט אַ האַנט, זי איינגעזייפט און גענומען וואַשן דאָס יינגל. יאָסעלע האָט זיך צעשריגן. זיך געפּרוווט ווערן.

— שאַ, שאַ! — האָט די מוטער אים באַרויקט און אים געוואַשן. ווען יאַכעט איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זי אַ נעם געטאָן דאָס האַנטעך און אַרומגעווישט יאָסעלען. זי האָט שנעל אַרויפגעצויגן אויף אים דאָס קלאָרע העמד, אָנגעטאָן אים דאָס באַרכנטענע לייבל. זי האָט אים אַ נעם געטאָן ביי ביידע הענט, אים אויפגעהויבן אין דער הויך מיטן פּנים צו זיך. דאָס יינגל האָט אַ לאַך געטאָן צו איר. זי האָט אים אַריינגעלייגט אין בעט און איבערגעדעקט מיטן איבערבעט.

יאַכעט האָט צוגעגאָסן אַ ביסל וואַסער אין דער שיסל אַריין. איצט האָט זי אַ נעם געטאָן רבקהלען ביי דער האַנט און זי אונטערגעהויבן. די ליאַלקע איז איר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

די מוטער האָט אַראָפּגעצויגן פון רבקהלען דאָס קליידל און זי אַוועקגעזעצט אויפן בענקל, איינגעזייפט רבקהלעס האַלדז און די אויערן און זי אַרומגעוואַשן. רבקהלע איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן. טראָפּנס וואַסער האָבן געקאַפּעט פון אירע פּיס אויפן פּאָל אַרויף, די פייכטע וואַרעמקייט אין שטוב האָט זיך אַדור־געזאַפּט מיט דעם ריח פון די מידלינעס.

יאַכעט האָט זיך אָנגעגאָסן אַ גאָרשטש נאַפט און גענומען איינרייבן רבקהלעס קאָפּ, אירע האָר. דאָס מיידל האָט זיך צעשריגן און געשנופּט מיט דער נאָז. דאָס האַנטעך איז איר אַרויסגעפאַלן פון די הענט. דער ריח פון נאַפט איז זיך צעגאַנ־גען איבער דער שטוב. די מוטער האָט צעקעמט אירע האָר מיטן קעמל.

— אַ, מען קעמט דיך! — האָט זלאַטעלע זיך אַ רייץ געטאָן מיט איר.

— אַ, איך בין שוין אָפּגעוואַשן — האָט רבקהלע זיך איצט אַ רייץ געטאָן מיט דער שוועסטער. די מוטער האָט זי צוגעטראָגן צום בעט.

רבקהלע איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן איבערבעט און צוגעטוליעט צו יאָסעלען. דער ברודער מיט דער שוועסטער האָבן זיך אַרומגענומען. איינער האָט זיך געוואַרעמט אין אַנדערן. זלאַטעלע איז געשטאַנען און געקוקט אויף זיי.

— מאַמע! צוואָג מיך אויס — האָט זי זיך געבעטן. זי האָט אויך געוואָלט אַריינקריכן אין בעט אַרייַן.

— אַזאַ גרויסע מויד וואַשט זיך אַליין — האָט די מוטער איר געענטפערט. יאַכעטס מיד פּנים האָט זיך צעשמייכלט.

די מוטער האָט צונויפגענומען די דעק, אויף וועלכער די קינדער האָבן זיך פריער געשפּילט און זי אַרונטערגערוקט אונטערן שטרוי־זאַק. זי האָט אַ קוק געטאָן ווי זלאַטעלע וואַשט זיך און איז אַוועק צום אויוון. זי האָט אָפּגערוקט דעם טאָפּ, צוגעלייגט אַ שטיקל קאָטרע צום פייער און צוגערוקט דעם טאָפּ.

די מוטער האָט ווידער אַ מאָל אָנגעגאָסן זיך אַ גאָרשטש מיט נאָפט און איינגעריבן זלאַטעלען דעם קאָפּ. עס האָט זיך ווידער דערפילט דער ריח פון נאָפט.

די מוטער האָט זי געקעמט און גערעדט צו איר:

— איך האָב שוין אַ גרויסע טאָכטער. — יאַכעטס אויגן־לעפּלעך זענען געווען רויט און פייכט, אָבער אירע אויגן האָבן געשמייכלט.

זלאַטעלע האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס קלייד און גענומען בייטן די וועש. די מוטער איז געשטאַנען און געוואַרט. זלאַטעלע איז געבליבן אַ נאַקעטע. די מוטער האָט זי אָנגעקוקט. זי האָט זיך אָנגעבויגן און אַ קוש געטאָן איר אין אַן אַקסל.

— איי! — האָט די טאָכטער אַ פּישטשע געטאָן און גענומען זיך אָנטאָן. זי האָט אַריבערגעצויגן זיך איבערן קאָפּ דאָס העמד. זי האָט אָפּגעאָטעמט, דער־פילנדיק דאָס לייוונט אויפן קערפּער. דאָס העמד איז געווען אויף איר קורץ, אויסגעוואַקסן. זי האָט שנעל אויף זיך אַרויפגעצויגן די באַרכנטענע הויזן און דאָס פלאַנעלענע לייבל. דאָס לייבל איז געווען גרויס אויף איר. די מוטער האָט עס איר אויפגענייט צום ווינטער.

אויך זי האָט די מוטער אַ נעם געטאָן אויף די הענט. די טאָכטער האָט צו־געלייגט איר באַק צו דער מוטערס ליפּן. די מוטער האָט איר אַ קוש געטאָן. יאַכעט האָט זי צוגעטראָגן און זי אַריינגעלייגט אין בעט. זלאַטעלע האָט זיך אַריינגערוקט צווישןביידע. די מוטער האָט זיי איבערגעדעקט מיטן איבערבעט.

די דריי קינדער זענען געלעגן איבער דער ברייט פון בעט. איינער האָט זיך געוואַרעמט אָן אַנדערן. אין שטוב איז געווען שטיל. יאַכעט האָט צונויפגענומען און געמאַכט אַ טאַבאָליק פון דער ברודיקער וועש און עס אַרונטערגערוקט אונ־טערן בעט; יעדן זונטיק האָט זי געוואַשן וועש, זי זאָל האָבן איבערצובייטן.

די קינדער זענען געזעסן אין בעט און האָבן געהאָרכט, וואָס זלאַטעלע רעדט:

— נאָך אַ ביסל, וועט ווערן פינצטער. דעמאָלט וועט זיין שבת. די מאַמע וועט אָנצינדן ליכט. דער טאַטע וועט קומען פון דאַוונען. מען וועט עסן פיש און פלייש. דער טאַטע וועט זינגען.

יאַכעט האָט מיט דער שעפּ אָנגעשעפּט אין קיבעל עטלעכע שעפּן וואַסער און זיי אַריינגעגאָסן אין שעפּל. דאָס שעפּל איז געשטאַנען אין מיטן שטוב. אויך דאָס וואַסער, אין וועלכן זי האָט געוואַשן די קינדער, האָט זי אַריינגעגאָסן אין שעפּל אַריין. זי האָט אָפּגענומען די באַרשט אין ווינקל ביים שעפּל, איינגעטונקען די באַרשט אין שעפּל און גענומען רייבן דעם פּאָל. די שטרוי אין דער אונטער־שטער טייל באַרשט איז געווען שוין אויסגעריבן, דער שטעקן פון דער באַרשט איז געווען אַ קורצער. יאַכעט, אַ געבוקטע, האָט כסדר געטונקט די באַרשט אין וואַסער און געריבן ברעט נאָך ברעט. זי האָט געריבן און זיך דערנענטערט כסדר צו דער טיר. די ברעטער האָבן געזאָפּט אין זיך דאָס וואַסער. יעדעס אָפּגעוואַשענע ברעט איז געווען מער נאַס ווי אויסגעוואַשן. דאָס וואַסער אין שעפּל איז כסדר ווייניקער געוואָרן.

דער אימפּעט פון יאַכעטס אַרבעט איז כסדר שנעלער געוואָרן. זי האָט גע־וואָלט וואָס שנעלער אויסוואַשן דעם פּאָל. איר פּנים האָט געפלאַמט, זי האָט איצט אויסגעזען יינגער, ווי זי איז געווען. אַז זי האָט אויסגעוואַשן דאָס לעצטע ברעט ביי דער טיר, האָט זי אויסגעגליכן דעם רוקן, איינגעטונקען די באַרשט אין דעם ביסל נאָך געבליבענעם אין שעפּל וואַסער און אָפּגעטרייסלט די באַרשט איבערן שעפּל. זי האָט זיך אָנגעבויגן און אַרויסגענומען פון אויוונלאָך דאָס זעקל מיט טראַטשענעס. מיט איין האַנט האָט זי געהאַלטן דאָס אָפענע זעקל, מיט דער אַנדערער האַנט אָנגענומען אַ הויפן טראַטשענעס און זיי פונאַנדערגעשפּרייט איבערן פּאָל.

די קינדער האָבן זיך אַריבערגעצויגן איבערן בעט זיי זאָלן בעסער זען, ווי די מאַמע שפּרייזט איבער דער שטוב און שפּרייט פונאַנדער די טראַטשענעס איבערן פּאָל, ווי אַ פּויער, וואָס זייט. די ברעטער־פייכטקייט האָט אָנגענעצט די טראַטשענעס און אין דער דעמפּיקער וואַרעמקייט האָט זיך דערפילט דער ריח פון פריש צעזעגט האָלץ, ווי אין אַ טישלער־וואַרשטאַט. דער פּאָל איז איצט געווען פון קרעם־קאָליר.

יאַכעט האָט אָפּגעזיפצט און מיטביידע הענט זיך אָפּגעצויגן דאָס פּנים. זי איז געווען פאַרטיק מיט דער אַרבעט. זי איז צוגעגאַנגען און אַראָפּגענומען דעם טאָפּ פון אויוון. דאָס געבליבענע אין טאָפּ וואַסער האָט זי אַריינגעגאָסן אין דער שיסל און דעם טאָפּ אַוועקגעשטעלט אין ווינקל אונטערן אויוון. זי האָט גענומען דאָס שטיקל זייף אין האַנט, דעם האַנטעך איבערגעוואָרפן איבערן אַקסל, אויפגעהויבן דאָס בענקל מיט דער שיסל וואַסער און זי איז מיט זיי אַוועק פאַמע־לעך, אויף די שפּיץ פינגער: זי האָט זיך געהיטן נישט צו פאַרגיסן און נישט צעטרעטן די טראַטשענעס. זי איז אַריין אין אַלקערל.

יאַכעט האָט צוגעלענט דאָס טירל, אָבער זי האָט זיך מער געשעמט פאַר זיך,

ווי פאַר די קינדער. זי האָט אַראָפּגענומען דאָס שייטל פון קאָפּ. פּעך שוואַרצע אונטערגעשוירענע האָר זענען אַפּערגעפאַלן פון אונטערן שייטל. זי האָט דאָס שייטל אַרויפגעלייגט אויף איר בעט און אייליק גענומען זיך אויסטאָן. זי איז געבליבן אין בלויזן העמד. אירע אָרעמס זענען געווען פול און קיילעכדיק. אירע גרויסע ברוסטן האָבן זיך אַדורכגעגליטשט דורכן אָפענעם העמדדעקאָלט. יאַכעט האָט אַ פאַרשעמטע זיך אַרומגעקוקט איבער דעם אַלקערל. זי האָט אַדורכגע־שטופּט די הענט דורך די אָרעמס פון העמד. דאָס העמד האָט זיך אַ גליטש געטאָן און אַראָפּגעפאַלן אויפן פאָל. זי איז געבליבן אַ נאַקעטע. זי האָט אַ שפּרונג געטאָן צו דער שאַנק, אַרויסגענומען אַ העמד און אַ פּאָר זאָקן, זיך אָנגעטאָן דאָס העמד, זיך אָפּגעבויגן און אַוועקגעזעצט אויפן בעט, אָנגעטאָן די זאָקן און פאַר־שנירט די שיך. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, אַרויפגעצויגן די באַרכנטענע האַלקע און דעם גרויען באַרכנטענעם שפּענצער און אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ דאָס קלייד. אירע פינגער האָבן אייליק פאַרקנעפּלט די קנעפּ. זי האָט צונויפגענומען די האָר און זיך אָנגעטאָן צוריק דאָס שייטל.

יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אויף די בעטן און זיך גענומען פאַרען ביי זיי. זי האָט צוגעגלייכט די ליילעכער, איבערגעקלאַפּט די פעדערן אין די קישנס און אין איבערבעט. זי איז שטיין געבליבן איבער פּיוולס בעט, שפּעטער האָט זי זיך אויסגעגליכן און אירע נאָזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן. זי האָט גע־אָטעמט שנעל. פאַרענדיק זיך ביי זיין בעט האָט זיך איר געדוכט, אַז זי פילט דעם ריח פון פּיוולס קערפּער. זי האָט מיט דער צונג זיך איבערגעווישט די ליפּן און שווער אָפּגעאָטעמט. איצט האָט זי פונאַנדערגעלייגט דאָס בעטגעוואַנט און גרייט געמאַכט די בעטן צום שלאָפן. זי האָט זיך אויסגעדרייט, געעפנט די טיר פון דער שאַנק און אַרויסגענומען די צוויי מענער־העמדער, זיי אַרויפגעלייגט אויפן בעט. זי האָט אויפגעהויבן די שטשערקע פון פאָל און זי איז אַריין אין שטוב. זי האָט אַ שליידער געטאָן די שטשערקע. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער. איר בליק איז געווען שטאַר, ווי זי זאָל קוקן ווייט. איר האָט זיך גע־דוכט, אַז די קינדער ווייסן, וואָס איר איז געשען. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיך אָנגערופן:

— קינדערלעך, איך גיב אייך שוין עסן, אַ ביסל פּישיויך — און זי האָט זיך גענומען פאָרען.

די מוטער האָט מיט איין האַנט צונויפגענומען דריי אָנגעשניטענע מוציאלעך ברויט, מיט דער אַנדערער האַנט האָט זיך אָנגענומען דאָס טיפּע, קיילעכדיקע, בלעכערנע שיסעלע און זי איז אַריין אין אַלקערל. די קינדער האָבן זי באַגלייט מיט די אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער איז יאַכעט צוריקגעקומען. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך, אירע אַקסלען זענען געווען אויפגעהויבן. זי האָט אַכטונג געטאָן נישט צו פאַרגיסן.

— שוין שבת! — האָט זלאַטעלע אַ שריי געטאָן און זיך איינגעזעצט אין בעט גרייט צו עסן.

די מוטער האָט צוגעטראָגן צום בעט דאָס עסן. מיט דער האַנט האָט זי אויסגעגליכן דאָס איבערבעט און אַרויפגעלייגט דערויף די מוציאס. דאָס שיסעלע האָט זי לאַנגזאַם אַוועקגעשטעלט, צוהאַלטנדיק עס מיט די פינגער.

— גיט אַכטונג נישט צו פאַרגיסן — האָט די מוטער זיי אַ זאָג געטאָן צוהאַלטנדיק דאָס שיסעלע. יאַכעט האָט פאַרזיכטיק זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. — ייִנגעלע, אויך דו ביסט הונגעריק — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן יאָסעלען.

די מיידלעך האָבן געגעסן מיט אַפּעטיט. זיי האָבן אָפּגעבראָכן דאָס שטיקל ברויט פון דער מוציא, עס איינגעטונקט אין דער פּישיויך, דערנאָך זיך צוגע־טראָגן און אַרייַנגעלייגט אין מויל.

די מוטער האָט געקאָרמעט דאָס ייִנגל. פון מאָל צו מאָל האָט די מוטער מיט צוויי פינגער אים אַרומגעווישט זיין מויל. דאָס לעצטע מאָל האָט ער אַוועק־געדרייט דעם קאָפּ, זיך געוועדט.

מיט אַ מאָל האָט די טיר אַ שטאַרקן קאַרץ געטאָן, ווי מען זאָל זי אַראָפּ־נעמען פון די זאַוויאַסעס. די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. אין דער אָפענער טיר איז געשטאַנען פּייזול מיט אַן אונטערגעהויבענעם אָרעם: ער האָט געוואַרט דער זון זאָל אַדורכגיין.

דוד איז אַרייַנגעלאָפן אין שטוב אַריין. פּייזול האָט זיך אַדורכגעשטופּט דורך דער טיר און זי צוגעהאַקט.

— טאַטע! טאַטע! — האָבן די קינדער זיך צעשריגן אין אַ כאָר.

פּייזול איז געשטאַנען אַן אַנגעבאַנצעטער אין זיין באַנדע. די באַקן זיינע האָבן געפלאַמט, זיין שפּיץ נאָז איז געווען רויט, זיינע האָר אויפן קאָפּ, אין דער באָרד זענען געווען צוזויפגעקלעפּט, פאַרפרוירן, פון זיין געשטאַלט האָט געווייעט אַ קעלט. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, זיך צעקנעפּלט און אַראָפּגעצויגן פון זיך די באַנדע.

דוד, ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב, איז ער צוגעלאָפן צום טיש. ער האָט אַרויסגערוקט דעם שופלאָד און אַרייַנגעלייגט אַהין די גמרא. ער האָט פונאַנדער־געקנעפּלט דעם פּאַלטן און ער איז שטיין געבליבן מיט די פּאָלעס אין די הענט. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט. ער האָט געקוקט אויף די שוועסטערס. זיין מויל איז געווען אָפן, זיינע באַקן זענען געווען ראָז פון דער קעלט. ער האָט אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך דעם פּאַלטן און אים אַ שליידער געטאָן, אים אַרויפגעוואָרפן אויף אַ בענקל. ער איז געלאָפן צו דער מוטער. ער האָט זיך צו איר צוגעטוליעט און מיט די הענט אַרומגענומען איר האַלדז.

די מוטער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, דערפילנדיק זיינע קאַלטע הענט. זי האָט אַרייַנגעלייגט יאָסעלען אין מויל אַריין דעם לעצטן ביסן, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט און אירע פינגער איבערגעפירט איבער דודס קאָפּ: זיינע האָר זענען געווען שטייף.

— איך וויל עסן! — האָט דוד אַ זאָג געטאָן און זיך אַ וואַקל געטאָן ווי

די קניען זאָלן זיך אים אונטערברעכן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ ביסן ביי זלאַ־טעלען און אים איינגעשלונגען.

יאַכעט האָט אַוועקגעשטעלט דאָס שיסעלע און אַ נעם געטאָן צוויי טיפע טעלער און צוויי לעפל. זי האָט אויפגעדעקט די דיניצע און זי אַריבערגעבויגן. דער האַרבער ריח פון די צעקאָכטע קלאָקעס האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער שטוב. יאַכעט האָט מיט אַ לעפל אַרויסגעשאַרט פון דער דיניצע אויף די טעלער אַרויף די אָנגעקאָכטע קלאָקעס. זי האָט אָנגעפילט די טעלער און אין יעדן פון זיי אַריינגעלייגט אַ לעפל. זי האָט צוריק צוגעדעקט די דיניצע און זי אָפּגערוקט אין אַ זייט. זי האָט אָנגענומען און צוגעטראָגן די צוויי טעלער און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

יאַכעט האָט זיך אַוועקגערוקט אין אַ זייט, זי איז געבליבן שטיין ביים אויוון. זי האָט פאַרלייגט די הענט אויף הינטן, ווי זי זאָל זיך וואַרעמען. זי איז געשטאַנען און געקוקט.

דוד האָט שוין געגעסן. ער האָט כסדר דעם שפּיץ לעפל אַרונטערגעשטעקט אונטער די קלעצלעך קלאָקעס און איילִיק זיך אַריינגעשטופּט דעם לעפל מיט עסן אין מויל אַריין. די צוויי מיידלעך אין בעט האָבן זיך אויפגעשטעלט און געקוקט.

— מאַמע! — האָט זלאַטעלע זי אַ רוף געטאָן, אָבער זי איז באַלד שטיל געבליבן.

— מיר וועלן ביי נאַכט אויך באַקומען קלאָקעס — האָט רבקהלע אַ זאָג געטאָן זלאַטעלען, ווי זי זאָל זי טרייסטן. רעדנדיק, האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך לויף אַביי צום בעקער — האָט יאַכעט געזאָגט.

זי האָט אַריבערגעוואָרפן איבער זיך דאָס טיכל, די עקן פון טיכל אַרונטער־גענומען אונטער די אָרעמס זי זאָל די הענט האָבן פריי. זי איז צוגעגאַנגען צום אויוון, אַרויפגעשטעלט די קרוג מיט דער קאַווע אויף דער דיניצע טשאָלנט, אויפגעהויבן די טעפּ און זיי אָנגעלייגט זיך אויפן בויך און זי איז אַוועק צו דער טיר.

יאַכעט האָט מיטן עלנבויגן אָנגעדריקט דעם סקאָבעל. די טיר איז אויפ־געשפּרונגען. יאַכעט האָט זיך אַדורכגעשטופּט דורך דער טיר. אונטערהעלפנדיק זיך מיט דער קני, האָט זי פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

— די מאַמע איז געגאַנגען מיטן טשאָלנט צום בעקער. זי וועט באַלד ברענ־גען די קיכלעך — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן.

פייוול האָט אַוועקגערוקט דעם טעלער פון זיך און ער האָט זיך אויסגע־גליכן. ער האָט פון אונטער זיך אָפּערגערוקט דאָס בענקל און זיך אויפגעשטעלט, פונאַנדערגעפירט די אָרעמס און זיך אויסגערענקט די ביינער.

— טאַטע! טאַטע! — האָבן ביידע טעכטער אין איינעם זיך פונאַנדערגע־שריגן, געקוקט אויף אים, וואָס ער טוט.

פּייוול האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און אַ קוק געטאָן מיט איין אויג פון דער זייט.

— טייבעלעך! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און ער איז אַוועק צום בעט. זיין טראָט איז געווען אַ שווערער, ווי ער זאָל קלעטערן אויף אַ באַרג. אַ ווײַלע האָט פּייוול געצעגערט, אָבער ער האָט זיך באַלד אַריינגעזעצט אין בעט אַריין.
— שוועלבעלעך מיינע — האָט ער אַ זאָג געטאָן און ער האָט זיי אַרומגענומען מיט די אָרעמס.

די קינדער האָבן אויסגעשטרעקט די הענט און גענומען ציפּן אים ביי די אויערן, ביי דער נאָז און די האָר. זיינע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט. זיין אָטעם איינגעהאַלטן. פּלוצעם איז ער אויפגעשפּרונגען.

— טאַטע! טאַטע! — האָבן די קינדער אים גערופן און זיך געריסן צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

— די מאַמע קומט באַלד — ער האָט זיך אויסגעדרייט און ער איז אַוועק, די קינדער זענען געבליבן זיצן, ווי די שפּילצייג זאָל זיי האָבן אַוועקגעקומען.

— שפּעט שוין — פּייוול האָט פון אונטער דעם שענקל אַפּערגענומען דאָס בערשטל און דאָס פּושקעלע שוואַקס. דאָס בערשטל האָט ער אַריינגערוקט אין אַרבל, דאָס פּושקעלע געעפנט. דער שוואַקס אַרום די ראַנדן איז געווען פאַרטריקנט, האָט ער דאָס פּושקעלע אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון אין דער זייט. ער האָט אַפּערגענומען פון אונטערן בעט די קינדער־שיכלעך און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן אויוון.

פּייוול האָט מיט דער האַנט אויסגעריבן די האָר פון בערשטל — זיי זענען געווען צונויפגעקלעבט. ער האָט אויסגעשטרעקט צוויי פינגער, אָנגעטאָן אויף זיי אַ שיכל און גענומען עס פּוצן.

דאָס שיכל אויף זיינע פינגער האָט אויסגעזען ווי אַ שפּילעכל. ער האָט די שיכלעך געריבן מיט כוח, ווי ער זאָל טאָן אַ שווערע אַרבעט, אָבער די שיכלעך האָבן נישט געגלאַנצט, דאָס לעדער איז געווען אַלט און אַדורכגעגעסן פון שווייס. פּייוול האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ — געוואָלט זען, וואָס דער זון טוט. פאַר וואָס ער איז אַזוי שטיל.

דוד איז געשטאַנען אַן איינגעבויגענער און ער האָט מיטן מויל פונאַנדערגעבלאָזן דאָס זעגעכץ אויפן פּאָל.

— די מאַמע האָט זיך אָנגעהאָרעוועט, און דו ביסט משחית איר אַרבעט. קום אַהער, וועל איך דיר אויספּוצן די שטיוול — האָט דער פאָטער אים אַ רוף געטאָן. פּייוול האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט. דאָס אָנגעטוענע אויף זיינע פינגער שיכל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און איז שטיין געבליבן.

דוד איז צוגעגאַנגען צום פאָטער, ווי אַ שולדיקער.

— שטעל אַרויף אַ פוס — האָט דער פאָטער געזאָגט.

דוד האָט אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפן ראַנד פון אויוון. פייוול האָט איינ־געטונקען דאָס בערשטל אין שוואַקס און גענומען פוצן דודס שטיוול.

דער זון האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין לימיץ פון פּאַטערס הויזן.

— שטיי איין — האָט דער פּאַטער אים אַ זאָג געטאָן און מיטן בערשטל געריבן זיין שטיוול. דער שטיוול האָט אויף זיך נישט גענומען קיין גלאַנץ: דודס שטיוול זענען געווען געמאַכט פון פערד־געמזע.

— שטעל אַרויף דעם צווייטן פוס — האָט דער פּאַטער אים געזאָגט.

דוד האָט זיך אָנגעכאַפּט אין פּאַטערס הויזן־לימיץ מיט ביידע הענט. ער האָט אַראָפּגענומען דעם פוס און אַרויפגעשטעלט דעם אַנדערן.

דער פּאַטער האָט אַ קוק געטאָן אין פושקעלע און אַריינגעשפּיגן אין שוו־וואַקס אַריין. ער האָט געוואָלט דאָס פוצעכץ זאָל סטייען. ער האָט איינגעטונקט דאָס בערשטל און גענומען פוצן דעם שטיוול.

פייוול האָט אָנגעלענט זיין אָרעם איבער דעם זונס פּלייצע, דוד זאָל אים נישט שטערן, און ער האָט געפּוצט ווייטער. אויך דער שטיוול איז געבליבן מאַט, אָבער ער איז געווען העלער ווי דער צווייטער. דער שוואַקס איז איצט געווען שיטערער.

— שוין גענוג — האָט דוד אַ זאָג געטאָן און ער האָט אַראָפּגעכאַפּט דעם פוס.

ער איז צוגעלאָפן צו דער שוועסטער און ער האָט זי אַ צי געטאָן ביי די האָר.

— טאַטע, ער שלאָגט — האָט זלאַטעלע זיך צעשריגן.

— דוד, דו לערנסט שוין אַ שיעור — האָט דער פּאַטער אים אַ זאָג געטאָן מיט אַן אָנגעשטעלטער רוגזה.

דוד האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין, די שוועסטערס האָבן זיך אָפּגערוקט. זיי האָבן אים געמאַכט פּלאַץ.

זלאַטעלע האָט אים איבערגעדעקט מיטן איבערבעט. דודס אויגן זענען געווען פאַרמרוזשעט. ער האָט געקוקט דורך די אויגן־שפּאַרעס, ווי די שוועסטער פּאַרעט זיך אַרום אים.

פייוול האָט צונויפגענומען די שיכלעך. ער האָט זיי אָנגעטאָן זיך אויף די פינגער, ווי צונויפגענומענע ליידיקע גלעזער, און געטראָגן זיי צום בעט. ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם און געקוקט אויף די שיכלעך, ווי ער זאָל טראָגן אייער. ער האָט די שיכלעך אַוועקגעשטעלט און זיי אויסגעסדרט אין אַ ריי אונטערן בעט פון פּאָרנט.

אַ ווײַלע שפּעטער איז ער צוגעגאַנגען צום אויוון, אָפּגערוקט דעם טאָפּ און אַ קוק געטאָן צום פייער.

ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַרויסגענומען פון אויוועלע עטלעכע קליינע אָנגעהאַקטע שטיקלעך קוילן. ער האָט גענומען אַריינלייגן די קוילן אין אויוון

אַריין. יעדעס שטיקל קויל האָט ער באַזונדער אַריינגעלייגט אין דער פּייערקע, איין שטיקל אויפן אַנדערן. ער האָט פון די קוילן געבויט אַ פּיראַמידע, זיי זאָלן האַלטן וואַרעם. דער קוילן־סוואַנד האָט אַדורכגענומען די לופט. די קינדער האָבן מיט פאַרביילטע פויסטן זיך געריבן די אויגן. פּייוול האָט געשנופּט מיט זיין לאַנגער נאָז. זיין פּנים איז געווען צעקנייטשט, זיינע ברעמען זענען געווען צונויפגעצויגן — ער האָט נישט פאַרטראָגן דעם ריח.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. די מוטער, אַן איבערגעבויגענע איבער די בלעכן, וואָס זי האָט געהאַלטן אין די הענט, האָט זיך אַדורכגעשטופּט דורך דער טיר.

די קינדער אין בעט זענען אויפגעשפּרונגען און זיי האָבן גענומען שרייען:

— איך וויל אַ קיכל! איך וויל אַ קיכל! — אַפילו יאָסעלע האָט זיך אָנגע־כאַפּט אין זלאַטעלעס קלייד. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געקוקט אויף דער מוטער.

יאַכעטס פּנים איז געווען אויסגעפּרוירן. די האָר פון איר שייטל זענען געווען צונויפגעקלעפּט; אַ דינער שנייטוי איז אויף זיי געלעגן. זי האָט געסאָפּעט, אָבער די בלעכן האָט זי נישט אַוועקגעשטעלט. פּייוול איז צוגעגאַנגען און ער האָט פאַרמאַכט גוט די טיר.

— דאָס איז אויף שבת — האָט יאַכעט שטרענג אַ זאָג געטאָן די קינדער.

— זי האָט מיט די בלעכן זיך אַדורכגעשטופּט דורך דעם טירל פון אַלקערל.

— אַ קיכל, אַ קיכל, — האָבן די מיידלעך זיך געבעטן.

יאַכעט איז צוריק אַריין אין שטוב.

— אָ, האָבן די קינדער אַ שריי געטאָן און גענומען פּאַטשן מיט די הענט.

די מוטער האָט געהאַלטן אַ קיכל אין האַנט. זי האָט דאָס קיכל פאַרזיכטיק צעבראָכן אויף פיר.

דוד איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. ער האָט זיך אָנגעבויגן און זיך אַדורכ־געשלייכט אונטער דער מוטעס פּלייצע. ער איז אַריין אין אַלקערל.

דאָס ערשטע שטיקל קיכל האָט יאַכעט דערלאַנגט יאָסעלען. דאָס קינד האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס שטיקל קיכל. די מיידלעך האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט. יאַכעט האָט אויך זיי דערלאַנגט שטיקלעך קיכלעך. יאַכעט האָט אויס־געשטרעקט דעם קאָפּ, געזוכט דעם זון. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און געשוויגן. זי האָט פאַרשטאַנען ווו דוד איז. יאַכעט האָט דאָס פערטע שטיקל קיכל צעבראָכן אויף צוויי און יעדן מיידל צוגעגעבן נאָך אַ שטיקל.

דוד האָט זיך אַדורכגעשלייכט דורכן טירל פון אַלקערל און אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער נישט זיכער. ער איז צוגעגאַנגען צום אויוון און זיך אַוועק־געשטעלט עסן דאָס קיכל, וואָס ער האָט געבראַכט פאַר זיך. די מוטער האָט געמאַכט זיך נישט זען.

פּייוול איז געשטאַנען און זיך געריבן די הענט, ווי ער זאָל זיי וועלן צע־

וואַרעמען. אין שטוב איז געווען שטיל. דוד האָט מיט צוויי פינגער פון ביידע הענט געקלאַפּט איבערן ראַנד פון אויוון, ווי ער זאָל אויסקלאַפּן אַ ניגון.

די מוטער איז אַריין אין אַלקער און באַלד צוריקגעקומען, אירע הענט זענען געווען פאַרנומען. אין איין האַנט האָט זי געטראָגן וועש און אין דער אַנדערער געהאַלטן די בגדים. זי האָט די זאַכן אַרויפגעלייגט אויפן בעט.

יאַכעט האָט אַריבערגעצויגן איבער זלאַטעלעס קאָפּ איר פּרעז פלאַנעלן קליידל. פאַרקנעפּלט אירע אַרבל־מאַנקעטן. זלאַטעלע איז געשטאַנען און געגלעט איר קליידל. דאָס קליידל איז געווען פאַרמאַכט ביז אונטערן האַלדז און האָט געהאַט אַן אויסגעלייגט קיילעכדיק קעלנערל. דאָס קליידל האָט געהאַט אַ גלייכן שניט, נאָר פון הינטן איז עס געווען עטוואָס ברייטער און אָפּגעלייגט, ווי אַ קלאַש. יאַכעט האָט אויסגעדרייט די טאָכטער מיט דער פּלייצע צו זיך און גענומען פאַרקנעפּלען אירע קנעפּלעך אויפן רוקן.

יאַכעט האָט איבערגעשטעלט אַ פוס איבער דער שוועל פון אַלקערל, אויס־געשטרעקט אַ האַנט און פון ווייטנס אַראָפּגענומען פון דער שאַנק דעם קאַם. יאַכעט איז באַלד צוריקגעקומען און האָט גענומען פאַרקעמען זלאַטעלען. זי האָט געמאַכט איר אַ שרינט אין דער מיט און די האָר אירע אַריבערגעקעמט איןביידע זייטן קאָפּ.

יאַכעט איז צוגעגאַנגען צו רבקהלען. די מוטער האָט פונאַנדערגענומען די אַרבל פון „קאָווערקאַטענעם" קליידל און עס אַריבערגעצויגן איבער דער טאָכ־טערס קאָפּ. פייוול האָט געהאָלפן דעם ווייב אַראָפּציען דאָס קליידל איבער דער טאָכטער. דאָס קלייד איז געווען אַ ביסל שוין ענג אויף איר. ציִענדיק דאָס קלייד האָבן זייערע פינגער זיך געטראָפן. יאַכעט האָט באַקומען פלעקן אויף די באַקן. פייוולס אויגן זענען געוואָרן פייכט. אַז יאַכעט האָט געענדיקט, האָט זי אויס־געדרייט רבקהלען און פאַרמאַכט איר די זאַטשאַסקעס אויפן רוקן. „ס'שבת־קלייד" — האָט רבקהלע זיך אַ זאָג געטאָן און אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. זי האָט זיך אָנגעקוקט. „שיין" — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן. דאָס קליידל האָט אויך געהאַט אַ גלייכן שניט, נאָר אין דער טאַליע איז עס געווען אַ ביסל איינגענומען. דאָס קליידל איז געווען איבערגעאַרבעט. מען האָט אָנגעזען דערויף די אַלטע נעט.

יאַכעט האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו יאָסעלען. דאָס יינגל האָט זיך אַ ריס געטאָן צו איר — ער האָט געמיינט, אַז די מוטער וויל אים נעמען. די מוטער האָט צוגעלייגט אירע ליפּן צו זיין קעפּל, אים אַ קוש געטאָן און גענומען אים אָנטאָן.

יאָסעלע האָט געוואָרפן מיט די הענט, זיך געוועדט. די מוטער האָט אָוועק־געבויגן דעם קאָפּ, ער זאָל זי נישט טרעפן. זי האָט פונאַנדערגעקנעפּלט און אַראָפּגעצויגן פון אים דאָס גרינע באַרכנטענע אַנצעגל. די הייזלעך מיט דעם יעקעלע זענען געווען איין שטיק. די אַרבל און די נאָגאַוויצעס זענען געווען ברייט, אָן אַ פאָרעם. די הייזלעך האָבן געהאַט אַ לאָדן פון הינטן. — יאַכעט האָט אַליין אויפגענייט דאָס אַנצעגל פון אירס אַן אָפּגעטראָגענער האַלקע.

יאָסעלע איז געשטאַנען אַ נאַקעטער. יאַכעט האָט אייליק פונאַנדערגענומען דאָס שטיקל וועש וואָס זי האָט געהאַלטן אין די הענט. זי האָט וואָס שנעלער געוואָלט דעם קינד אָנטאָן דאָס העמדל, ער זאָל זיך, חלילה, נישט צוקילן. יאַכעט האָט נישט אויסגעהאַלטן, צוגעלייגט איר קאָפּ צו דעם יינגלס ברוסט. יאָסעלע האָט זיך צעלאַכט: דער מוטערס ליפּן האָבן אים געקיצלט.

פּייוול איז צוגעגאַנגען צום שעפל, האָט אָפּגעגאָסן זיך די שפּיץ פינגער און זיי אָפּגעווישט.

— קום! — האָט ער אַ רוף געטאָן דעם זון און ער איז אַריין אין אַל־קערל. דוד האָט זיך אויפגעשטעלט און איז נאָכגעגאַנגען דעם פאָטער.

יאָסעלע איז געבליבן שטיין מיט פונאַנדערגענומענע הענט, ווי ער זאָל מורא האָבן זיך אַ ריר טאָן פון אָרט. ער האָט איצט געטראָגן אויף זיך די שבתדיקע מלבושים: גרויע, שוואַרץ געשטרייפטע, דריי פערטל־לאַנגע הייזלעך, שוואַרצע, אין פאַסן געוועבטע, שטרימפּ און אַ ווייס באַרכאַנטן שפּענצערל. דער שפּענצער איז געווען אַריבערגעלאָזט איבער די הייזלעך.

— קום שפּילן עטל־בעטל — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן דער שוועסטער.

— פאַרשפּיל יאָסעלען — האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צו זלאַטעלען. די מוטער האָט אויפגעהויבן דאָס יינגל און אים אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל ביים טיש. זלאַטעלע האָט זיך צו אים צוגערוקט און אים אַ קניפּ געטאָן אין בעקל אַריין. יאָסעלע האָט זיך אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און מיט דער האַנט אָפּגעשטופּט די שוועסטער פון זיך.

— רבקהלע, היט אים צו, איך גיי ברענגען די שטראָלקעס — האָט זלאַ־טעלע איר אַ זאָג געטאָן און זי איז אַ לויף געטאָן.

זלאַטעלע האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער און פון דער פּושקע אויפן שענקל אַרויסגעראַבלט די שטיינדלעך. זלאַטעלע איז צוריק־געקומען און האָט אַרויסגעלייגט די פינף שטיינדלעך אויפן טיש. די שטיינד־לעך זענען געווען פירקאַנטיק, אָבער די קאַנטן זייערע זענען געווען אָפּגעריבן. פיר פון די שטיינדלעך האָט זי צערוקט איבערן טיש. דאָס פינפטע שטיינדל האָט זי אַ וואָרף געטאָן אין דער הייך.

יאַכעט איז נישט געשטאַנען ליידיק. זי האָט צונויפגענומען און איינגע־דרייט אין אַ וואַלעקל די וועש, וואָס די קינדער האָבן אויסגעטאָן און עס אַרונ־טערגעשטופּט אונטערן בעט. זי האָט צונויפגענומען די ליאַלקעס און זיי אַריינ־געלייגט אין אַ שופלעדל אין שענקל. איצט האָט זי פונאַנדערגעקלאַפּט די קישנס און פונאַנדערגעשאַרט די פעדערן אין איבערבעט. ביים פאַרבעטן דאָס בעט האָט זי אַ ביסל זיך געזוימט. זי האָט געוואָלט, אַז דאָס צונויפגעלייגטע בעטגעוואַנט זאָל האָבן אַ קאַנט. דאָס פאַרבעטע בעט האָט זי פאַרדעקט מיט אַ רויטער פליר־שענער דעק, אַרומגעזיימט מיט גרינע פראַנדזן.

זלאַטעלע האָט יעדעס מאָל פון דאָס ניי פונאַנדערגערוקט די שטיינדלעך איבערן טיש, און יעדעס מאָל ווידער אַ וואָרף געטאָן אַ שטיינדל אין דער הייך

— ביז דאָס שטײנדל איז אַרײַנגעפֿאַלן אין איר האַנט. דעמאָלט האָט זי מיט דער זעלבער האַנט געפּרוּווט כאַפּן אויך אַ שטײנדל, וואָס איז געלעגן אויפֿן טיש. איר האַנט איז געווען צו קלײן, זי זאָל קענען אַרײַננעמען בײדע שטײנדלעך מיט אַ מאָל. דאָס צוריקגעוואָרפֿענע שטײנדל איז איר כסדר געפֿאַלן אויפֿן טיש.

רבקהלע האָט געקוקט, ווי די שוועסטער קען זיך נישט קײן עצה געבן מיט די שטראָלקעס. יעדעס מאָל ווען דאָס געוואָרפֿענע שטײנדל איז אַראָפּ־געפֿאַלן אויפֿן טיש, האָט יאָסעלע אויסגעשטרעקט די האַנט און עס געוואָלט כאַפּן. זלאָטעלע האָט כסדר אָפּגעשטופּט דעם ײנגלס האַנט, אָבער זי האָט גע־שוויגן.

דאָס טירל פֿון אַלקערל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. דוד איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון דאָרט. דער פֿאָטער איז אים נאָכגעגאַנגען מיטן סידור אין האַנט. זײַן טראָט איז געווען אַ צוריקגעהאַלטענער, אַ שבתדיקער שוין, כאָטש ער האָט געטראָגן די זעלבע שווערע שטיוול. פּײַוול איז שטײן געבליבן הינטערן זון. די מײדלעך האָבן אויסגעדרײט די קעפּ, זײערע הענט זענען ליגן געבליבן אויפֿן טיש. זײ האָבן באַטראַכט דעם פֿאָטער און דעם ברודער.

יאָכעט האָט מער דערפֿילט, ווי געזען, אַז די מענער זענען אַרײַן אין שטוב. פּײַוול איז געווען שוין אָנגעטאָן אין די שבתדיקע מלבושים. ער האָט געטראָגן אַ סאַמעטן היטל, מיט אַ דענקע. פֿון אונטערן היטל האָט אַפּערגעשטאַרט אַ שטיק פֿון זײַן סאַמעטן קאַפּל. זײַן שוואַרצע, זײַדענע איביצע איז געווען צעקנעפּלט. די שוואַרצע קאָליר פֿון דער איביצע איז געווען גרינלעך פֿון אַלטקײט. זײַן באָרד איז געווען צעקעמט, זי האָט איצט אויסגעזען לענגער. זײַנע רויטע האָר האָבן געגלאַנצט.

דוד איז שוין אויך געווען אָנגעטאָן שבתדיק. ער האָט געטראָגן אַ קײלע־כיק, סאַמעטן היטל. איבערן דאַשעק פֿון היטל איז געווען אָנגעצויגן אַ זײַדן בענדל מיט צווײ קנעפּלעך אין די עקן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרוי שע־וויאָטן איבעצל. דאָס איבעצל איז געווען גרעסער ווי זײַן מאָס.

פּײַוול האָט אַ שטעל געטאָן אַ פֿוס, ווי ער זאָל וועלן גײן, אָבער ער האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אָפּגערוקט פֿון טיש אַ בענקל. ער האָט אונטערגעהויבן די פּאָלעס און זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט געעפֿנט דעם סידור, אים אַרויפֿגעלײגט זיך אויף די קניען און איבער־געמישט עטלעכע בלעטער.

דוד איז צוגעגאַנגען צום טיש. ער האָט אַרײַנגעטאָן די הענט אין די הויזן־טאַשן, אַרויסגענומען צווײ גאַרשטשן קנעפּ און זײ אַרויפֿגעלײגט אויפֿן טיש.

זלאָטעלע האָט איבערגעריסן איר שפּיל מיט די שטײנדלעך. בײדע מײדלעך האָבן זיך אײַנגעקוקט אין דודן. ער האָט געצײלט די קנעפּ, געוואָלט וויסן וויפֿל קנעפּ ער האָט געווונען במשך דער וואָך.

— יאָכעט — האָט פּײַוול געזאָגט.

פּײַוול האָט פֿאַרמאַכט דעם סידור, זיך אויפֿגעשטעלט און אַרויפֿגעלײגט דעם

סידור אויפן טיש. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן, אַריינגערוקט די האַנט אונטערן בוזעם און פון דער טאַש אַרויסגעצויגן דעם פליק געלט. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אונטערגעהויבן דעם שטרויזאַק אין בעט און אַרונטערגערוקט דאָס געלט. פּייוול האָט געוואָלט, יאַכעט זאָל זען ווו ער לייגט דאָס געלט.

— זיבעצן, דריי געווונען — האָט דוד געזאָגט און גענומען אויסצדרן די קנעפּ אויפן טיש לויט זייער גרויס.

פּייוול האָט צוגערוקט דאָס בענקל, אויף וועלכן ער איז פריער געזעסן, צום פענצטער. ער האָט אַ נעם געטאָן דעם סידור פון טיש און זיך אַוועקגע־זעצט. ער איז געזעסן מיטן רוקן צום בעט, דעם ליכט פון פענצטער אַנטקעגן. אַ ווײַלע שפּעטער זענען זײַנע פינגער ליגן געבליבן אויפן אָפענעם סידור. ער האָט זיך געוויגט און זיך צעזונגען: „שיר השירים אשר לשלמה: ישקני מנשיקות פיהו כי טובים דודיך מיין". — —

יאַכעט איז אַריין אין אַלקערל. דאָס טירל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און עס איז געבליבן האַלב אָפן נאָך איר.

אין אַלקערל האָט יאַכעט זיך געפּאָרעט. פּייוול האָט אַ קוק געטאָן דורך דער טיר אין אַלקערל אַריין: יאַכעט האָט איבערגעצויגן איבער זיך דאָס קלייד. פּייוול האָט דערזען איר אָפענעם בוזים און אירע קיילעכדיקע אָרעמס. ער האָט גענומען וויגן זיין קערפּער פון איין זייט אויף דער אַנדערער און ווייטער גע־זונגען: „יפה את רעיתי כתרצה נאוה כירושלים אימה כנדגלות: הסבי עיניך מנגדי". זיין קול איז געוואָרן טיפער און ער האָט געזונגען שנעלער: „ששים המה מלכות ושמונים פילגשים ועלמות אין מספר". אָבער איצט האָט מען גע־הערט נאָר זיין ניגון און נישט קיין ווערטער.

יאַכעט איז אַריין אַן איבערגעטוּענע. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנג ביז די קנעכל באָרדאָ קלייד. דאָס קלייד האָט געהאַט אַ גלייכן שניט. פון הינטן איז עס געווען ברייט און האָט זיך געלייגט אין קלאַשן. אויבן איז דאָס קלייד געווען פאַרמאַכט ביז אונטערן האַלדז. דאָס קלייד איז געווען פון אַ שווערן שעוויאָט. דער שרונט פון שייטל איז געווען גלייך. זי האָט געשפּרייזט לאַנגזאַם מיט פאַרלייגטע הענט אונטערן האַלדז. זי האָט געטראָגן דאָס טישטעך, די ווייס־קייט פון טישטעך האָט באַשיינט איר פּנים. זי האָט איצט אויסגעזען שלאַנקער און העכער, ווי אַלע מאָל.

יאַכעט האָט פונאַנדערגענומען דאָס טישטעך און עס פונאַנדערגעשפּרייט איבערן טיש. די טישטעך־ווייסקייט האָט זיך אָנגעשלאָגן אין די ווענט. אין שטוב איז געוואָרן העלער. דער ליידיקער, ווייס באַדעקטער טיש, האָט פאַר־כאַפּט די קינדערס אָטעם. זיי זענען געשטאַנען און געוואַרט. יאַכעט האָט צוגע־טראָגן און אַרויפגעשטעלט אויפן טיש די באַניקלטע טאַץ, און אויף איר — די מעשענע לייכטער.

זי האָט אונטערגעשאַרט דאָס פייער אין אויוון, פאַרמאַכט די פייערקע און צעשטעלט די טעפּ, זיי זאָלן זיך וואַרעמען.

פייוול האָט אַ קוש געטאָן דעם סידור און אים פאַרמאַכט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אויף די קינדער און אויף יאַכעטן און אַרויפגע־לייגט דעם סידור אויפן טיש. ער איז צוגעגאַנגען צום שענקל, גענומען דעם לאָמפּ און די שוועבעלעך. דעם לאָמפּ האָט ער אַרויפגעשטעלט אויף דעם טיש איבער די לייכטער, די שוועבעלעך האָט ער אַוועקגעלייגט אויף דער טאַץ אין דער זייט.

יאַכעט האָט געבראַכט פונעם אַלקערל צוויי חלות און דאָס טישטעכל. איבער דער ברייט פון טיש, אויבן אָן, דער טיר אַנטקעגן האָט זי אַוועקגעלייגט די חלות. איין חלה אָנגעלענט אָן דער אַנדערער און זיי איבערגעדעקט מיטן טישטעכל. דאָס טישטעכל איז געווען קרעם, קיילעכדיק און אַרומגעהעקלט מיט אַ גרינעם זיידענעם פאָדעם. אין מיטן טישטעכל איז געווען אויסגעהאָפטן מיט אַ דיקן זיידענעם פאָדעם „שבת קודש".

פייוול האָט אַרויסגענומען אַ שוועבעלע פון פושקעלע און עס אָנגעריבן. דאָס פלעמל האָט אַ פלאַקער געטאָן. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס גלעזל און אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. דאָס פלעמל האָט גענומען צאַנקען, ווי עס זאָל רופן דעם „שבת".

— יאַכעט, צינד ליכט — האָט ער געזאָגט. ער האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, זיך צוגערוקט צו דודן. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט און אַרומגענומען די קינדער פוןביידע זייטן.

יאַכעט האָט צוגעשפּרייזט צו די ליכט. זי האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע און אָנגעצונדן די ליכט. די שיין פון די ליכט האָט זיך צעגאָסן איבער דער שטוב. די ווינקלען אין שטוב זענען געוואָרן העל. די ליכטפלעמלעך האָבן זיך אַ צי געטאָן אין דער הויך. די קינדער האָבן זיך צוגעטוליעט צום פאָטער. ער האָט זיי אַרומגענומען שטאַרקער.

יאַכעט האָט אַרויפגעלייגט אויף דער טאַץ דאָס אויסגעברענטע שוועבעלע. זי האָט אויפגעהויבן די הענט און דריי מאָל זיי פונאַנדערגעפירט, ווי זי זאָל רופן די קינדער. זי האָט מיט די הענט פאַרדעקט דאָס פנים און געבענטשט: „...אשר קדשנו במצוותיו וציוונו להדליק נר של שבת"... איר קול האָט געצי־טערט. איר האַלדז איז געווען אויסגעשטרעקט. די וואַרעמקייט אין שטוב האָט אַ פלאַטער געטאָן. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען מיט די הענט איבער די אויגן און זיך לייכט געשאָקלט, דערנאָך האָט זי לאַנגזאַם אַוועקגענומען די הענט פון פנים. זי האָט פאַרזשמורעט די אויגן — די שיין האָט איר אַ שניט געטאָן אין די אויגן. מיט אַ שפּיץ פינגער האָט זי זיך אויסגעווישט די טרער אין ווינקל פון אויג. זי האָט מיט די הענט זיך אָנגעלענט אין טיש און גענומען זיך שאָק־לען. זי האָט געזאָגט און געבעטן:

„לכבוד גאָט, לכבוד אונדזער געבאָט, לכבוד דעם ליבן שבת קודש, וואָס אונדזער האַר גאָט האָט אונדז געגעבן דעם ליבן שבת קודש, און האָט

אונדז געבאָטן די ליבע מצווה, אַז איך זאָל קאָנען מקיים זיין און זי זאָל זיין ג׳יוואָגן, אַזוי ווי כל תרי״ג מצוות פון כל ישראל. אמן כן יהי רצון״.

די וואַרעמקייט אין שטוב איז געוואָרן לייכטער. עס האָט זיך דערפילט דער ריח פון די פרישע וועש און מלבושים, וואָס די שטוביקע האָבן איבערגעטאָן. אויך דער ריח פון דער יויך, וואָס האָט זיך געגומען וואַרעמען, האָט זיך דער־פילט. יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, זיך איינגעקוקט אין איר הויזגעזינד און אַ זאָג געטאָן:

— גוט שבת, קינדער! גוט שבת, בעל־הבית!

— גוט שבת, מאַמע! — האָבן אַלע אין איינעם איר געענטפערט. יאָסעלע האָט אויסגעשטרעקט די הענט. יאַכעט האָט אים אַ נעם געטאָן אויף זיך, אים געקושט די אויגן און צוגעלייגט איר קאָפּ צו זיין קעפּל.

— קום דאַוונען — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן דודן.

ביידע, דער פאָטער און דער זון, האָבן אַ שפּאַן געטאָן: דוד — צום בענקל, ווו עס איז געלעגן זיין פּאַלטן; פייוול — צום האָק ווו עס איז געהאַנגען זיין באַנדע. דער פאָטער מיטן זון האָבן אַרויפגעצויגן אויף זיך די גראָבע, וואַרעמע בגדים איבער זייערע שבתדיקע איביצעס.

דוד האָט גענומען דעם סידור פון טיש און ער איז נאָכגעלאָפן דעם פאָטער. פייוול האָט זיך אויסגעדרייט און ער האָט אַ זאָג געטאָן אין שטוב אַריין:

— גוט שבת!

— אַ גוטן שבת! — האָט יאַכעט אים געענטפערט.

פייוול האָט געעפנט די טיר. די טרוקענע אָוונטקעלט האָט זיך אַדורכגע־שטופּט דורך דער אָפענער טיר.

די שייבעלעך און די פענצטער זענען געווען איבערגעצויגן מיט אַ ווייסן פראָסט. די אָנגעלאָפענע אין שטוב קעלט האָט זיך שוין געהאַט צעשפּרייט און ס׳איז ווידער געווען וואַרעם. די מוטער מיט די טעכטער האָבן געקוקט אויף די ליכט. די אויסגעצויגענע פלעמלעך זענען געווען אַרומגענומען מיט גאָלדענע שטראַלן.

די מוטער האָט מיט איין פוס אָפּגערוקט אַ בענקל פון טיש און עס צוגע־רוקט צום אויוון. זי האָט אַ צי געטאָן נאָך זיך די טעכטער און יאָסעלען אַרויפ־געזעצט זיך אויף דער שויס. דאָס ייגגל האָט אָנגעלענט זיין קעפּל אויף דער מוטערס ברוסט.

— מאַמע, דערצייל אַ מעשה — האָט זלאַטעלע זיך געבעטן ביי איר און אַרויפגעלייגט אירע עלנבויגנס אויף דער מוטערס קני.

יאַכעט האָט מיט דער שפּיץ צונג אַרומגעווישט זיך די ליפּן און גענומען דערציילן:

— געווען איז געווען אַ נגידסטע אַמאָל. איז זי געווען באַשפּונען מיט כל־טוב. און זי האָט געהאַט געלט און צירונג. געוווינט האָט זי אין אַ פּאַלע. דינער האָבן זי באַדינט און זי האָט געהאַט אַ ברייט האַרץ, און

זי איז געווען שיין. זי האָט געגעבן צדקה און מתן בסתר. ווו אַ ניצרך אין שטעטל, האָט זי פאַר אים געדאגהט. האָט אַ געמיינער מאַן געדאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכטער, האָט זי געבראַנגט סחורה אויף אַ קלייד און געגעבן געלט צו מאַכן די חתונה. האָט ווער, לא עלינו, אין שטעטל פאַר־שלאָפט, האָט זי געהייסן אים קאָכן אַ יאַיכל. האָט אַ יתומה חתונה גע־האַט, איז זי געקומען און זיך משמח געווען. זי איז געווען רייך און גליק־לעך און ס'האָט איר נישט געפעלט קיין טויבנמילך.

פאַרלויפט זיך אַ געשיכטע: דער וואַסער־טרעגער אין שטעטל מאַכט חתונה זיין בת־יחידה. ווי געוויינטלעך, איז די נגידסטע געקומען אויף דער שמחה. אַלע, ווער עס איז דאָרט נאָר געווען האָבן איר געמאַכט אַ וואַרע. אָבער די נגידסטע איז געווען דערשלאָגן און טרויעריק. די יונגע כלה, וואָס האָט געטראָגן דאָס חופה־קלייד, וואָס די נגידסטע האָט איר גענייט, איז געווען שענער פון איר. מען האָט די נגידסטע אַוועק־געזעצט אויבן אָן. אַלע האָבן אַרום איר אַרומגעטאַנצט, זי באַדינט. די נגידסטע איז אָבער געזעסן און געשוויגן. באַלד נאָך דער חופה, ווי נאָר מען האָט צונויפגענומען די פיר דרעגנגלעך, איז זי אַוועק. זי האָט דער כלה נישט געבאָטן קיין „מזל־טוב", זי האָט פון גאָרנישט נישט טועם געווען און זי איז אַוועק אַהיים. די מחותנים האָבן געליטן צער, אָבער זיי האָבן זיך צוזאַמענגענומען און זיך משמח געווען ווי ס'פּירט זיך אויף אַ חתונה.

פון דעם טאָג אָן האָט די נגידסטע נישט גערוט. זי איז געגאַנגען איבער די קראָמען פון שטעטל, און ווו זי האָט געפונען אַ שטיקל בראָ־קאַט, זייד אָדער סאַמעט, וואָס איז איר געפעלן, האָט זי זיך געקויפט. זי האָט די נייטערין פון שטעטל פאַרלייגט מיט אַרבעט. די נייטערין האָט מער פאַר קיינעם נישט גענייט אַ פאַדעם. יעדע עטלעכע טעג איז דער נגידסטע צוגעקומען נאָך אַ קלייד. אירע שענק זענען געווען פול מיט קליידער. די נגידסטע האָט זיך אויסגעפּוצט יעדעס מאָל אין אַן אַנדער קלייד און זיך אַוועקגעשטעלט אויף שעהען פאַרן שפּיגל און געקוקט, צי זי איז אַזוי שיין, ווי דעם וואַסער־טרעגערס טאָכטער.

די נגידסטע איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין אירע פּוצן זיך אין קליידער, אַז זי האָט פאַרגעסן, אַז אַ מענטש וואָס פאַרמאָגט, דאַרף געבן צדקה. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז די נגידסטע, ווי געוויינלעך אין דער לעצטער צייט, צוגעגאַנגען צו אירס אַ שאַנק. קאַלירטע פליטערלעך האָבן גענומען טאַנצן איר פאַר די אויגן; דער קאָפּ האָט זיך איר פאַרדרייט און זי איז שיער געפאַלן אין חלשות: אַלע אירע טייערע קליידער זענען געווען צעקנאַדערט און צעריסן, אַ קופּע שמאַטעס איז געלעגן אין דער שאַנק. ווער האָט דאָס געוואַגט? — האָט די נגידסטע, אַ באַליידיקטע און דערנידעריקטע, געשריגן.

— נו, קינדער, ווער האָט דאָס געטאָן? — האָט די מוטער אַ פרעג געטאָן די טעכטער און באַלד זיי געענטפערט — די, וואָס האָבן געהאַט אויף איר די שליטה. טפו! טפו! טפו! — און זי האָט דריי מאָל אויס־געשפּיגן.

יאַכעט איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל. די גאַנצע צייט, וואָס זי האָט דערציילט די מעשה, האָט איר קול געקלונגען און געציטערט. זי איז געווען איבערגענומען מיט דער געשעעניש. זי האָט אין איר היימישער וואַרעמקייט געזען די פרעמדע וועלט.

די מיידלעך זענען געשטאַנען מיט אויפגעריסענע אויגן, די ליכט־פלעמלעך האָבן אַ צאַנק געטאָן. „אַ"! האָט יאָסעלע אַ שריי געטאָן און פאַרמאַכט אַ פויסט — ער האָט געוואָלט כאַפּן אַ פלעמל.

## ז

פּייוול איז געבליבן שטיין פאַרן הויז, דער זון — הינטער אים. פּייוול האָט געקוקט אין געסל אַריין. דאָס געסל איז געלעגן אים אַנטקעגן.

דוד איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פאַרפרוירענער שוועל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער גענומען טרעטן מיט די פיס אויפן אָרט, זיי זאָלן אים נישט פרירן. ער האָט געוואַרט אויפן פאָטער.

דער שניי אין די געסלעך אַרום איז געלעגן אַ טיפער. דער הימל איבערן שטעטל איז געווען טורקיז־בלוי. פון די פעלדער אַרום האָט געיאָגט אַ טרוי־קענע קעלט. דער הימל־ראַנד איבערן שטעטל איז געווען פאַרוואָלקנט.

די הײַזער זענען געווען פאַרשאָטן מיט שניי, בלויז זייערע דעכער האָבן אַרויסגעשטאַרט. די פענצטער־שייבלעך האָבן געגלימערט, אויסגעצויגענע ליכט־פלעמלעך האָבן געשיינט אין זיי. דער טאָג האָט גענומען זיך גרויען. שאָטנס האָבן זיך פונאַנדערגעזעצט אין די ווינקלען.

— גוט שבת, פּייוול! — אַ הילכיק קול האָט אַדורכגעשניטן די קעלט.

— גוט שבת, גדליה! וואָס מאַכט אַ שכן?

— אַבי געזונט — האָט גדליה אים געענטפערט און געגאַנגען ווייטער.

אויפן ראָג פון געסל זענען זיי אַריין אויף לינקס, אין דער דערבײַיקער גאַס. די גאַס איז געווען אַ קורצע און אַ ברייטע און האָט אויסגעזען, ווי אַן אויפגעריסענער זאַק. די הײַזער דאָ זענען אויך געווען נידעריקע, ברייטע. פון די קוימענס דאָ האָט זיך געדריוולט אַ גרויער, שיטערער רויך און שוין אויפן ראַנד פון קוימען איז דער רויך באַלד אַנטקומען — ער איז זיך צעגאַנגען אין דער קעלט. די פענצטער אין די הײַזער דאָ זענען געווען גרעסער און ברייטער און אויך געווען פאַרצויגן מיט פאַרהענגלעך. די שיין פון די שבת־ליכט אין די פענצטער איז געווען אַ העלערע; כמעט אין יעדער שטוב דאָ האָבן געברענט

פיר שבת־ליכט. אין דער מיט גאַס, צווישן צוויי הייזער, איז געשטאַנען אַ היל־צערנער סטאָלפּ, אויף וועלכן עס איז געהאַנגען אַ לאַמטער. די לאַמטער האָט נאָך נישט געברענט.

אין גאַס איז שוין געווען שבת. באַבערדטע, אויסגעצוואָגענע יידן, אין שפּ־סענע פּוטערס און דיקע פּאַלטענעס, זענען כסדר אָנגעקומען פון די הייזער אַרויס, די פּאָלעס זייערע זענען געווען איבערגעלייגט איינע אויף די אַנדערע, די הענט זייערע זענען געלעגן פאַרשטופּט אין די אַרבל. זעלטן ווען אַ ייד איז אַליין אַרויס פון אַ הויז — זיי זענען געגאַנגען זאַלבענאַנד. אָט איז געגאַנגען אַ ייד מיט אַ גרויער באָרד. אים האָט באַגלייט אַ ייד מיט אַ באָרד, וואָס האָט זיך געגרויט. זיי נאָכגעגאַנגען זענען עטלעכע יידן, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט קיין גרויער האָר. מיט זיי זענען געגאַנגען קינדער אַליין, און קינדער, וואָס מען האָט געפירט ביי די הענט. יידישע משפחות זענען געגאַנגען „מקבל־שבת" זיין. די יידן האָבן זיך געאיילט, אָבער זייער שריט איז געווען אַ בנעימותדיקער. יידן וואָס האָבן זיך באַגעגנט האָבן זיך געבאָטן „גוט שבת". דער קלאַנג פון די צוויי ווערטער האָט אָפּגעהילכט אין דער קעלט, ווי אַ ווידער־קול פון ווייטנס.

וויצעק, אַ הויכער, דאַרער גוי, אין אַ בעקעשע מיט הויכע אויסגעפּאַסטע שטיוול, איז אַריין אין דער גאַס ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער. ער איז געגאַנגען שנעל און געקוקט, צי די יידן באַמערקן אים נישט. די עקן פון זיינע וואָנצעס האָבן זיך אים געטרייסלט. ער האָט וואָס שנעלער געוואָלט זיך אַרויסקריגן פון די יידישע געסלעך.

פּיווול האָט געקוקט אין אַלע זייטן: ער האָט נישט געוואָלט פאַרפעלן זאָגן אַ ייד „גוט־שבת"! זיין „גוט־שבת" איז געווען צוויי־אַרטיק: די סוחרים און די קרעמער האָט ער געזאָגט אַ שטילן „גוט־שבת". די דאָרפסגייער, די מאַרק־פּאָרער און די בעל־מלאכות האָט ער געזאָגט אַ הויכן „גוט־שבת".

פּיווול האָט פאַרשנעלערט זיין טריט. אויך דאָס יינגל האָט פאַרריסן דעם קאָפּ — ער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן דעם פאָטער פון אויג, די סביבה האָט אים געשראָקן.

דוד האָט אָנגעכאַפּט דעם פאָטער ביי דער פּאָלע פון הינטן, אָבער ער האָט די האַנט באַלד צוריק אַריינגעשטופּט אין דער טאַש. די פינגער האָבן גענומען אים פרירן.

דוד האָט נישט געוואָלט די שטיוול זיינע זאָלן „שבת" זיין אַדורכגעווייקט. דער שניי־שטח אין דער לענג איז געווען צעפאָרן דורך רעדער פון שווערע וואָגנס. די איינגעשניטענע אין שניי קאָליעס האָבן געגלאַנצט פון גליטשיקייט. די קאָליעס האָבן פונאַנדערגעטיילט דעם שטח. געווען ערטער ווו דער שניי איז געווען פאַרטריקנט, נישט צעטרעטן און האָט געגלימערט. דאָרט, ווו דער שניי איז געווען צעטרעטן איז ער געווען שוואַרץ און האָט אויסגעזען ווי צעשי־טער זאַלץ איבערן וועג.

אַ ווילע שפּעטער האָבן ביידע גענומען גיין פּאַמעלעך. זיי האָבן זיך דער־

נענטערט צום שטעטלדיקן באַרג. דער באַרג איז געלעגן צווישן צוויי לאַנגע שמאָלע הייזער. די שינדלדעכער זייערע זענען געווען שיף. די ראַנדן פון די דעכער האָבן כמעט דערגרייכט דעם שניי.ביידע הייזער האָבן אויסגעזען ווי שייערן. די ליכטפלעמלעך אין די שמאָלע פאַרפרוירענע פענצטער האָבן געצאַנקט אַראָפּ און אַרויף, ווי זיי זאָלן רופן. דער באַרג איז געווען פלאַך, האָט אויסגעזען, ווי אַן אויסגעבויגענער רוקן פון אַ קאַץ, ווען זי לויערט. דער שניי אויפן באַרג איז געווען טיף, געדיכט און נישט צעטרעטן. זיי זענען געגאַנגען מיט אַ הינטערוועג, מיט דעם אויסגעטרעטענעם אויף סקאָס שטעג איבער דעם פאַרשנייטן פעלד. דער שטעג האָט געפירט צום קליינעם בית־המדרש.

דאָס איינשטאָקיקע, פון רויטע ציגל געמויערטע הויז מיטן פלאַכן בלעכענעם דאַך, איז געשטאַנען דעם געסל אַנטקעגן — ס׳קליינע בית־המדרש איז געשטאַנען אויף דער גרענעץ פון שטעטל.

דוד האָט זיך אַ ריס געטאָן פון פּאָטערס האַנט און זיך געלאָזט לויפן. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און פונאַנדערגעשפּרייט די הענט. האַלטנדיק דעם סידור אין האַנט, האָט ער באַלאַנסירט, ער זאָל נישט פאַרלירן די גלייכגעוויכט: ער האָט זיך געגליטשט. דאָס אַנגעשטאַנענע וואַסער אויפן אָפענעם הויף פון בית־המדרש איז געווען פאַרפרוירן.

פייוול האָט איצט געשטעלט זיינע שווערע שטיוול פאָרזיכטיק, ווי ער זאָל גיין אויף גלאָז. ער און דער זון זענען אַפּערגעקומען פון הינטערן בית־המדרש. דאָס איז אויף די שויבן פון די לאַנגע האַלב־קיילעכדיקע פענצטער איז געווען אויפגעטייעט, די שויבן זענען געווען נאַס. ריטשקעלעך וואַסער האָבן זיך געדרייוולט אויף זיי פון אינעווייניק. די ליכטשיין, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן זיך אין זיי, איז געווען געל, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעזעצט אויף די שויבן. די דריי געסלעך, וואָס האָבן זיך צונויפגעטראָפן ביים בית־המדרש, זענען געווען פול מיט יידן. דער שניי פאַרן בית־המדרש איז געווען אויסגעטרעטן, צעמאָרשט, די יידן האָבן זיך געשטופּט דורך דעם אָפענעם, אָן אַ טיר, איינגאַנג.

דוד איז אַריינגעלאָפן אינעם איינגאַנג. דער פאָטער איז אים נאָכגעגאַנגען. אין פאָדערהויז איז געווען טונקל און קאַלט. דער שטיינערנער פּאָל איז געווען באַלייגט מיט נאַסן צעגאַסענעם שניי, וועלכן די יידן האָבן אַנגעטראָגן. אין ווינקל איז געהאַנגען אַ ברייטער צאַפּן אייז, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ באָרד פון אַ זקן. דער כיור איז געווען פאַרפרוירן.

פייוול האָט אָפּגעקלאַפּט די שטיוול אין פּאָל און אַ צי געטאָן די טיר צו זיך. דאָס ליכט האָט אַ בלענד געטאָן אין די אויגן.

דאָס בית־המדרש איז געווען אַ לאַנגער הויכער היכל. די ווענט האָבן געשוויצט, דער ווייסער קאַלך אויף זיי האָט געגלאַנצט. די קיילעכיקע פענצטער־לופטשיקן אין דער הייך זענען געווען פאַרשטעלט מיט הילצערנע לייטערלעך. די לייטערלעך זענען געווען געמאַכט פון איבערגעלייגטע לייסטן. די דעמבענע פאַרשאַלעוועטע סטעליע האָט געבלישטשעט. די ברוינע פון אַלטקייט ברעטער

זענען געווען געפּוגעוועט, איין ברעט אין אַנדערן. די שוואַרצע סענקעס אין זיי האָבן אַראָפּגעקוקט אויף די מתפּללים ווי אויגן. די ליכט אין די מעשענע הענג־לייכטער האָבן זיך געטריפט און די פּלעמלעך זייערע האָבן זיך געצויגן אין דער הויך. די פלאַמען פון די צוויי נאַפטלעמפּ, וואָס זענען אַראָפּגעהאַנגען פון דער סטעליע, האָבן געפלאַקערט. די גלעזלעך איבער זיי זענען כסדר טונקעלער געוואָרן. די וואַרעמע דעמפּיקייט האָט געצויגן די שיין. אין מיטן וואַנט, ווו עס איז געווען די טיר, איז געשטאַנען אַ הויכער, אַ שמאָלער ווי אַ טורעם, דער קאָפּלאויוון.

יידן מיט צעקנעפּלטע שפּענצערס זענען געשטאַנען ביים אויוון מיט אונטער־געלייגטע הינטער זיך הענט — זיי האָבן זיך געוואַרעמט. ווייטער אַרויף, אויף דער זעלבער וואַנט, איז געשטאַנען אַ ברייטע נידעריקע ספרים־שאַנק. די לייוונט און די פּאַפּירן, אין וועלכע די ספרים זענען געווען געבונדן, זענען געווען פעט פון אַלטקייט. ביי אַ סך פון די ספרים זענען די רוקנס געווען אָפּגעריסן. אין ווינקל, צווישן דער ספרים־שאַנק און דער וואַנט, איז געלעגן אַ קופּע שמות. דער צוגאַנג צום בעלעמער אין מיטן בית־המדרש איז געווען דורך פיר טרעפּ פוןביידע זייטן. די הילצערנע שטיגן זענען געווען אויסגעטרעטן. דער טיש פון בעלעמער איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ גרין סאַמעטן טיש־טעך מיט געלע פראַנדזן.

אויף דער מזרח־וואַנט אין מיטן איז געשטאַנען דער אָרון־קודש: אַ ברוינע פּאָלירטע שאַנק מיט צוויי שוואַרצע לוחות־הברית איבער איר, די אותיות פון די עשרת־הדברות זענען געווען געל און האָבן געגלאַנצט, ווי אַ פייער. דער אָרון־קודש איז געווען פאַרצויגן מיט אַ בלויען סאַמעטענעם פּרוכת. אויף דעם פּרוכת איז געווען אויסגעהאַפטן מיט גאָלדענע פעדעם אַ מגן־דוד. אין דעם מגן־דוד איז געווען איינגעהאַפטן דאָס וואָרט „ציון", דעם מגן־דוד האָבן געהיטן צוויי לייבן, וואָס זענען געשטאַנען אויף די הינטערשטע פיס און געשטשערעט די ציין. אין דער זייט פון אָרון־קודש, רעכטס, איז געשטאַנען דער עמוד און איבערן עמוד איז געהאַנגען אַ גרויסער „שויתי". פון ביידע זייטן דעם „שויתי" זענען געשטאַנען צוויי גרויסע מעשענע לייכטער און זייערע אויסגעצויגענע ליכטפּלעמלעך האָבן באַלויכטן דאָס וואָרט.

טישן און בענק, שוואַרצע פון אַלטקייט, זענען געשטאַנען אַרום. ביי די טישן זענען געזעסן יידן מיט אונטערגעצויגענע פיס אונטער די בענק און מיט די עלנבויגנס אויף די טישן. טייל פון זיי האָבן זיך געשאָקלט און אַנדערע האָבן זיך געריבן די הענט. די עדה איז פון מינוט צו מינוט גרעסער געוואָרן.

נאָענט צום אויוון איז געשטאַנען אַ גרעסער קרענצל יידן. זיי האָבן געהאַט ברייטע פּלייצעס און קורצע בערד. די שפּיץ פינגער פון זייערע אויסגעצויגענע הענט זענען געווען איינגעשניטן און די סמאָלע אין זיי איז געווען איינגעגעסן. אויך זיי האָבן געטראָגן שטיוול, אָבער נישט אַזעלכע שווערע; זייערע שטיוול

האָבן געהאַט נידעריקע כאַלעוועס. די היטלעך ביי זיי אויף די קעפּ זענען געווען פאַררוקט אין אַ זייט.

— די שטעפּערס האָבן גענומען פּושערן — האָט אַ נידעריקער ייד וואָס איז געשטאַנען אין מיטן קרענצל אַ זאָג געטאָן. די יידן אַרום אים האָבן אים אָנגעקוקט.

— מען בייסט זיך אָפּ מיט דער צוואַנג די פינגער. זיי לאָזן נישט איבער אַ שטיקל אויף צו פאַרטשוועקעווען — האָט דער ייד ממשיך געווען. זיין קורצע שוואַרצע וואָנצע איז געווען דיק, ווי די האָר זאָלן זיין אויסגעריסן.

די יידן אַרום אים האָבן גענומען שאָקלען מיט די קעפּ, באַשטעטיקט זיינע רייד.

פאַררוקט צווישן צוויי טישן איז געשטאַנען אַ קרענצל נידעריקע, ברייט־פּלייציקע יידן. זיי זענען געשטאַנען מיט צעשטעלטע פיס, אַזוי ווי ביי זייער אַרבעט. זיי האָבן געהאַט קורצע, אונטערגעוויקלטע בערד און רויטע נעגל. איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן און געשוויגן. זייערע אויגן זענען געווען רויט פונעם קאַלך אין די גריבער, אין וועלכע זיי האָבן געווייקט די פעל.

ביים בעלעמער איז געשטאַנען אַ נאָך גרעסערע גרופּע, די האָבן געהאַט קורצע הענט און אויסגעצויגענע פינגער — פון די נאָדלען, מיט וועלכע זיי האָבן גענייט. די היטלען זענען ביי זיי געווען פאַררוקט אויף הינטן. זייערע הויזן זענען געווען אַריבערגעלאָזט איבער די שטיוול, ווי זיי זאָלן טראָגן שיך.

פייוול האָט זיך דערנענטערט צום קרייזל יידן, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון דער טיר.

— גוט־שבת, יידן! — האָט ער זיי באַגריסט שוין פון דער ווייטנס.

— גוט־שבת! — האָבן אַלע מיט אַ מאָל אים געענטפערט. דאָס זענען געווען די יידן, וואָס זענען געגאַנגען איבער די דערפער. זייערע פינגער זענען געווען אָנגעפּרוירן, רויט. אַלע האָבן זיי גערעדט שנעל — זיי האָבן געוואָלט באַווייזן זיך אַדורכצורעדן.

## ח

— הודו לאדוני כי טוב, כי לעולם חסדו — האָט אַ הייזעריק קול אַ זאָג געטאָן און די אָנגעדראָלטע לופט האָט אַ ציטער געטאָן.

— הודו לאדוני כי טוב, כי לעולם חסדו — האָבן די יידן נאָכגעזאָגט בקול רם, ווי איין ייד זאָל וועלן איבערשרייען דעם אַנדערן. די יידן האָבן זיך צעוויגט, זייערע ליפּן האָבן געמורמלט. יעדער האָט געדאַוונט פאַר זיך באַזונדער, אָבער געשאָקלט האָבן זיי זיך אין איינעם לויט איין ריטעם.

עס האָבן זיך דערהערט עטלעכע הוילע קלעפּ. פּסח שמש אָדער פּסח דער לאָמער, ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל, האָט געקלאַפּט אין טיש אַריין

און זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט. זיינע אַקסלען זענען געווען גלייך, דערפֿאַר האָט זיין געשטאַלט אויסגעזען, ווי זי זאָל זיין פּירקאַנטיק. ער האָט אונטערגעהינקט — אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה איז ער פֿאַרווונדעט געוואָרן. די פּרנסה־געבערין איז געווען זיין ווייב פּעסע. פּעסע איז געווען די שייטל־מאַכערין אין שטעטל.

די יידן האָבן געדאַוונט, זיי האָבן זיך געוויגט און געמורמלט, אָבער די טאַטעס האָבן געזוכט זייערע יינגלעך. פּייוול האָט זיך אָנגעבויגן צום זון און געמישט די בלעטלעך אין סידור.

די ליכט האָבן געצאַנקט. יעדעס פֿלעמל האָט געברענט לויט זיין שטייגער. געווען פֿלעמלעך, וואָס האָבן זיך געקאָרטשעט און געשפּריצט מיט פֿונקען, ווי זיי זאָלן רופֿן; געווען פֿלעמלעך, וואָס האָבן געהאַט לאַנגע, אויסגעצויגענע שפּיצן, ווי זיי זאָלן טרויערן; געווען אויך פֿלעמלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן און צונויפֿגעצויגן, ווי זיי זאָלן לאַכן, שטיפֿן. פֿון מאָל צו מאָל האָט זיך דערהערט אַ געלענקען־קנאַק — אַ ייד האָט פֿאַרבראָכן זיינע פֿינגער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ווער פֿון די מתפּללים אַ זיפֿץ געטאָן און צעשטערט די איינגעוויגטע שטילקייט. דאָ, דאָרט האָט אַ ייד פֿון צעוויגטן המון אויך אַ קרעכץ געטאָן, ווי עס זאָל אים ווייט טאָן.

מיט אַ מאָל איז דער אימפּעט פֿון די יידן געוואָרן אָפּגעשוואַכט. איצט האָבן די יידן זיך געשאָקלט פּאַמעלעכער. אַ ווײַלע שפּעטער זענען איינצלנע יידן שטיין געבליבן, ווי צעשטעלטע פֿיגורן אויף אַ שאַכפֿעלד. איינציקווייז האָבן יידן זיך אויסגערוקט. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, ווי זיי זאָלן זיך האָבן איבערוועקט. דער חזן האָט זיך נאָך געשאָקלט.

פּייוול האָט אויך געענדיקט די שמונה־עשרה און אַ קוק געטאָן אין סידור אַריין. ער האָט געוואָלט זען ווו דער זון האַלט.

איצט איז דער חזן שטיין געבליבן. ער האָט אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ דעם טלית — במשך דער שמונה־עשרה האָט דער טלית זיך אים אַראָפּגעגליטשט פֿון קאָפּ. ער האָט מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט אין די עקן פֿון עמוד און אַ קוק געטאָן אויף די יידן. ער האָט זיך איינגעבוקט און גענומען זאָגן:

— ברוך אתה ה׳ אלוקינו ואלוקי אבותינו, אלוקי אברהם אלוקי יצחק ואלוקי יעקב האל הגדול הגבור והנורא, אל עליון — האָבן די יידן געענטפֿערט, ווי זיי זאָלן דראָען דער גאַנצער וועלט. אָבער זיי זענען געשטאַנען און זיך נישט געשאָקלט, זיי זענען געשטאַנען און געהאָרכט די ווערטער, וואָס דער חזן זאָגט. זיי אַליין האָבן מורא געהאַט פֿאַר זייער גאָט.

די פֿענצטער־שויבן זענען געווען נאַס. דאָס אייז אויף זיי איז צעגאַנגען. די נאַכט האָט אַריינגעקוקט דורך די פֿענצטער. די פֿייכטע וואַרעמקייט אין היכל איז איצט געווען אויסגעשטאַנען. די יינגלעך האָבן גענומען זיך שלייכן צווישן די פּאָלעס פֿון די טאַטעס, זיי האָבן זיך געיאָגט איינער נאָכן אַנדערן און זיך אויסבאַהאַלטן איינער פֿאַר דעם אַנדערן. אָבער זיי האָבן דאָס געטאָן שטיל,

ווי זיי זאָלן טרעטן אויף די שפּיץ פינגער. זיי האָבן זיך געהיטן, די טאַטעס זאָלן אויף זיי נישט אָנשרייען.

אַ ייִנגל מיט צוויי בלאָנדע פּיאות איז געבליבן שטיין דודן אַנטקעגן. זיינע גרויסע, אויפגעריסענע שוואַרצע אויגן האָבן שטיפעריש אָנגעקוקט דודן. דוד האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. אַ ווײַלע האָבן די צוויי ייִנגלעך זיך באַטראַכט. דוד האָט זיך אַ ריס געטאָן. ער האָט געוואָלט לויפן מיטן ייִנגל. פּייזול האָט אויסגעשפּרייט און אַרומגעהילט דעם זון מיט דער פּאָלע, אים פאַרשטעלט דעם וועג. דאָס ייִנגל, וואָס האָט פאַרטשעפּעט דודן, איז געלאָפן ווייטער.

— ולירושלים עירך ברחמים תשוב — האָט דער חזן אַ זאָג געטאָן און ער האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין די עקן פון עמוד. זיין געשטאַלט, איינגעהילט אין טלית, איז ווי ליגן געבליבן אויפן עמוד.

ער האָט אַ פאַרוואָרף געטאָן דעם קאָפּ אויף הינטן. דער טלית האָט זיך אים אַראָפּגעגליטשט פון קאָפּ און ער האָט אַ געשריי געטאָן צו די הימלען:

— ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים...

די ייִדן האָבן זיך אַ וויג געטאָן, ווי זיי זאָלן האָבן דערפילט די הייסע מדבר־ווינטן און די קילקייט פון די הרי־יהודה. אַלע ייִדן אין איינעם האָבן הויך אויפן קול נאָכגעזאָגט דעם חזן: „ברוך אתה ה׳ המחזיר שכינתו לציון״. אַז זיי האָבן געענדיקט דעם פּסוק, האָבן זיי אַ ווײַלע נישט גערירט זיך פון אָרט. — זיי האָבן מורא געהאַט און נישט געוואָלט פאַרטרייבן זייער בטחון.

דער חזן האָט זיך צוגעיאָגט און ער האָט אויסגעלאָזט: „עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל ואמרו אמן״!

— אמן! — האָבן אַלע ייִדן אין איינעם אַ זאָג געטאָן.

דער חזן האָט זיך אויסגערוקט, ער האָט אָפּגעזיפצט און ער איז שטיין געבליבן ווי ער זאָל וועלן אָפּוואַרטן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך איינגע־בוקט, לאַנגזאַם, ווי ער זאָל אויפהייבן אַ משא, האָט ער זיך אויסגעגליכן און אַ זאָג געטאָן: — יתגדל ויתקדש שמיה רבא״.

די ייִדן האָבן אויפגעהערט זיך שאָקלען. ערשט איצט, אַז דער חזן האָט דאָס לעצטע מאָל אַ זאָג געטאָן „ואמרו אמן״, האָבן די ייִדן אים געענטפערט אַנטשלאָסן „אמן״ — זיי האָבן באַשטעטיקט און געענדיקט די תפילה.

— יתגדל ויתקדש שמיה רבא, בעלמא די ברא כרעותה — האָבן זיך דער־הערט עטלעכע שטימעס פון המון אַרויס. די מתפללים האָבן געעפנט די אויגן. זיי האָבן געקוקט דערשטוינט, דערשראָקן. — יהא שמיה רבא מברך — האָט יעדער פון די קדיש־זאָגער געזאָגט באַזונדער.

די ייִדנס פּנימער זענען געוואָרן ערנסט. אומרו און אימה האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע אויגן. פּאַמעלעך, ווי זיי זאָלן מורא האָבן, האָבן זיי אויסגעדרייט די קעפּ, זיך אומגעקוקט. די טאַטעס האָבן אַרויפגעלייגט די הענט אויף זייערע ייִנגלעך. ערשט, אַז די קדיש־זאָגער האָבן עטלעכע מאָל איבערגעחזרט די ווערטער „ואמרו אָמן״ — האָבן די ייִדן זיך באַרויִקט.

דער ניגון פון דאַוונען האָט זיך איבערגעהאַקט. אין בית־המדרש איז געוואָרן שטיל. די דעמפּיקע וואַרעמקייט איז געוואָרן פייכט. די יידן האָבן גענומען זיך פונאַנדעררוקן. זייערע טרויעריקע אויגן זענען געווען גוטמוטיק, זייערע פאַרהאָרעוועטע פּנימער — רויִק, זייער בליק איז געווען תמימותדיק. זיי האָבן זיך געפרייט, וואָס זיי זענען ווידער צוזאַמען אין בית־המדרש. די וואָכעדיקייט איז געווען הינטער זיי. זייערע הענט זענען זיי איצט געווען נישט נייטיק. יידן האָבן געוואָרט: זיי זענען געווען גרייט מקבל זיין דעם שבת.

די יינגלעך האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט: זיי האָבן זיך געשפּילט אין „באַהעלטערלעך" און אין „כאַפּערלעך"; זיי האָבן זיך געיאָגט אַרום דעם בעלעמער. איינער האָט געוואָלט כאַפּן דעם אַנדערן; זיי האָבן זיך באַהאַלטן הינטערן אָרון; זיי זענען געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע הענט און אויסגעקוקט אַ מאָמענט, ווער וועמען, ווער דער ערשטער אָנרירן. זיי זענען געלאָפן אונטער די טישן און צווישן די פיס פון די יידן. זיי האָבן זיך געיאָגט און נישט געלאָזט זיך כאַפּן. זייערע אויגן האָבן געגלאַנצט, זייערע באַקן האָבן געפלאַמט. זיי זענען געלאָפן איבערן בית־המדרש, אָבער צום אָרון־קודש האָבן זיי זיך נישט דערנענטערט.

די ליכט האָבן געפלאַקערט. די פלאַמען זענען געווען געל צעצויגן, די שיין האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין די פענצטער, ווי די זון זאָל זיך אין זיי זעצן און פאַרשטעלט די נאַכט אין דער גאַס.

דער חזן האָט צוריק אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אויפגעהויבן דעם טלית און אים אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ און אַרויפגעלייגט די הענט אויפן עמוד. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, עטלעכע מאָל אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַהין און צוריק און אַ זאָג געטאָן:

— לכו נרננה לאדוני — זיין קול איז געווען ווייך, מיט אַ נידעריקן טאָן האָט ער זיך געענטפערט — נריעה לצור ישענו —

די יידן האָבן זיך אַ וויג געטאָן, ווי אַ שטורעמווינט בייגט זאַנגען אין פעלד. הויך אויפן קול האָבן זיי איבערגעחזרט: „לכו נרננה... נריעה לצור ישענו...".

די יינגלעך האָבן איבערגעריסן זייערע שפּילן. יעדער פון זיי איז אַוועק צו זיין טאַטן.

דער חזן האָט זיך אָפּגעריסן פון עמוד און ער איז געבליבן שטיין אַ גלייכער. ער האָט אַריבערגעצויגן זיך דעם טלית איבערן קאָפּ און דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויף הינטן. ער האָט פאַרלייגט די האַנט אונטערן לינקן אויער און זיך צעזונגען: „לכה דודי לקראת כלה פני שבת נקבלה".

די יידן האָבן אויסגעשטרעקט די העלדזער. זיי האָבן פאַרריסן די קעפּ און נאָכגעזונגען דעם חזן וואָרט נאָך וואָרט. די ליכט האָבן גענומען צאַנקען, די פלעמלעך האָבן געטאַנצט אַראָפּ און אַרויף — זיי האָבן מיטגעזונגען מיט די יידן, באַגעגנט דעם שבת.

די מתפּללים האָבן אַרויסגעענדיקט זייער תפילה. די ליכטפלעמלעך און די

לאָמפּן־פלאַמען האָבן זיך צונויפגעצויגן, דאָ און דאָרט האָבן יידן פון קהל זיך פאַרנייגט און זיך אויסגערוקט צוויי־דריי טריט אויף הינטערוויילעכץ, זיך צו־גערוקט און זיי זענען שטיין געבליבן.

דער חזן האָט זיך אויסגעגלייכט און אָפּגעאָטעמט, מיט אַ פאַרבויגענעם פינגער זיך געווישט די ליפּן און מיט אַן אָפענער האַנט זיך אָפּגעצויגן די באָרד. מיט צוויי פינגער האָט ער זיך אויסגעריבן דעם שטערן, ווי ער זאָל וועלן זיך עפּעס דערמאָנען און אַ קוק געטאָן אויף קהל.

— ויכלו השמים והארץ וכל צבאם — זיין שטימע האָט געציטערט.

— ויכלו השמים והארץ וכל צבאם — האָבן די יידן נאָכגעזאָגט דעם חזן אין איין אָטעם אויסציענדיק די ווערטער. די רעשט ווערטער — האָבן די יידן געזאָגט שוין איינציקווייז. די ווערטער האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין ניגון.

מיט אַ מאָל האָבן די יידן גענומען זיך באַוועגן. זיי האָבן זיך געשטופּט, ווי זיי זאָלן טרעטן אויפן אָרט. פּייוול האָט געהאַלטן דעם זון ביי דער האַנט און צוזאַמען מיט אים זיך געשטופּט. ער האָט זיך געמאַכט אַ וועג צום טיש מיט די מלבושים: די יידן האָבן זיך געדרענגט ביים טיש. זיי האָבן איבערגעוואָרפן די קופּע מלבושים און יעדער פון זיי האָט אַרויסגעצויגן זיין בגד.

אין פּאָדערהויז איז געווען פינצטער און קאַלט. „גוט־שבת" — האָבן יידן זיך געווונטשן, נישט זעענדיק זיך אין דער פינצטער. יידן האָבן זיך געאיילט אַהיים.

פּייוול האָט פאַרקנעפּלט דעם פּאַלטן אויפן זון. דאָס אייז אויף די פענצטער־שויבן האָט נישט אַדורכגעלאָזט די ליכט. די פענצטער זענען געווען גרין. דאָס בית־המדרש פון דרויסן האָט אויסגעזען ווי אַ לאַמטער, וואָס לעשט זיך.

פּייוול האָט זיך אַרומגעוויקלט מיט זיין באַנדע. ער האָט דערפילט די קעלט.

— קום! — האָט ער אַ זאָג געטאָן דודן און זיך געאיילט גיין. דוד איז אים נאָכגעגאַנגען.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. פּייוול מיטן זון זענען געגאַנגען און גע־שוויגן. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער זייערע פיס.

## ט

יאַכעט איז געזעסן מיט יאָסעלען אין שויס. אירע הענט האָבן אים אַרומ־גענומען און גלייכצייטיק אונטערגעהאַלטן דעם קרבן־מנחה־סידור. יאָסעלעס קאָפּ איז געלעגן אָנגעלענט אויף דער מוטערס ברוסט. ער האָט געהאַלטן אַ פינגער אין מויל און געקוקט אויף די ליכט. ער האָט געזען גאָלדענע פלי־טערלעך אַרום די פלעמלעך. לעבן דער מוטער, פון ביידע זייטן, זענען געשטאַנען אָנגעלענט אין איר די צוויי מיידלעך; זיי האָבן געהאָרכט.

יאַכעט האָט דעם סידור געהאַלטן אונטער דער נאָז. אירע באַקן זענען געווען פאַררויטלט. אירע אויגן האָבן געפינטלט, זי האָט זיך אָנגעשטרענגט ביים צו־נויפשטעלן די אותיות. זי האָט געלייענט פּאַמעלעך, באַטאָנט יעדעס וואָרט, ווי זי זאָל רעדן צו זיך: „איך בין געווען פאַראירט אַזוי ווי אַ פאַרלאָזענע שאָף. בעט איך דיך, באַגער דיין קנעכט און ווייז מיר דעם וועג צו גיין. ווארעם איך האָב דיינע מצוות נישט פאַרגעסן" — יאַכעטס אויגן־לעפּלעך האָבן אַ ציטער געטאָן, זיי זענען געווען פייכט. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון סידור, אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געגלאַנצט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, ווי זי זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט.

די פלעמלעך האָבן געגליט. אין דער לאַנגער נידעריקער שטוב איז געווען ליכטיק, אָבער אין דער הייך, אונטער דער סטעליע, איז געווען טונקל. די אייז־פאַרפרוירענע פענצטער־שייבלעך זענען געווען איצט מילך־ווייס. אין שטוב איז געווען וואַרעם, די לופט — אָפּגעפרישט.

— שוין? — האָט זלאַטעלע געפרעגט די מוטער.

יאַכעט האָט אַ קוש געטאָן דעם סידור און אים פאַרמאַכט. מיט איין האַנט האָט זי געהאַלטן דעם סידור און מיט דער אַנדערער האַנט אָנגענומען דאָס ייִנגל אונטער די אָרעמס. זי האָט לאַנגזאַם זיך אונטערגעהויבן און דאָס ייִנגל אַוועקגעזעצט אויף איר אָרט, אויסגעשטרעקט די צווייטע האַנט און אַוועקגע־לייגט דעם סידור אויפן שענקל.

— היט צו דאָס קינד, איך וועל גרייטן צום טיש — איר שטימע איז געווען פייכט, ווי זי זאָל נאָר וואָס האָבן געטרונקען.

יאַכעט האָט אַרויסגענומען פון שענקל אַ שטייסל גאָפּל, לעפל און דאָס אַוועקגעלייגט אין מיטן טיש. דאָס לאַנגע קיכנמעסער האָט זי אויסגעווישט, אי־בערגעקוקט, צי עס האָט נישט קיין זשאַווערפלעק אויף דער שאַרף, און זי האָט עס אַוועקגעלייגט אונטערן חלה־טישטעכל. זי איז אַריין אין אַלקערל.

ווען יאַכעט איז אַריין צוריק, האָט זי איין האַנט געטראָגן אַ שמאָל, ווייס פלעשל מיט אַן איבערגעהאַנגענעם איבערן העלדזל בעכער. אין דער צווייטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ טשערקעלע. דאָס פלעשל האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. דאָס פלעשל איז אַ מאָל געווען אַ פאַרפום־פלאַקאָן. ביי יאַכעטן איז עס געווען די קאַראַפינקע, פון וועלכער איר מאַן האָט געמאַכט קידוש.

איין מאָל אין חודש האָט יאַכעט אָנגעשטעלט אַ ביסל ראָזשינקעס אויף וויין. איצט איז אין פלעשל געבליבן נאָר אַ ביסל פונעם וויין. יאַכעט איז ווידער אַריין אין אַלקערל און געברענגט פון דאָרט אַ קורצע באַנק און זי צוגעשטעלט צום טיש. זי האָט אַרויסגענומען פון שענקל די טעלער און זיי אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון, זי זאָל זיי האָבן גרייט. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, זי האָט אויפגעהאָרכט.

— מאַמע, דערצייל פון „עציסרול" (ארץ־ישראל) — האָט זלאַטעלע זיך גע־בעטן ביי איר.

— דער טאַטע מיט דודן קומען שוין — האָט די מוטער געענטפערט.
— דערציייל, דערצייל.
— יאָ, יאָ — האָט רבקהלע איר צוגעהאָלפן.

יאַכעט האָט זיך צוגערוקט, מיט דער פּלייצע זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט און אירע האַנטפלאַכן צוגעלייגט צו דער וואַנט, ווי זי זאָל זיך אין איר אָנהאַלטן. זי האָט זיך איינגעקוקט אין די פאַרפרוירענע פענצטער־שייבלעך, ווי זי זאָל קוקן דורך זיי, און זי האָט גענומען ברייען פאַר די קינדער:

„אַ מאָל האָבן יידן געהאַט אַ לאַנד און געהאַט אַ בית־המקדש" — יאַכעט האָט מיט דער האַנט אָפּגעווישט זיך די ליפּן און פאַרגעזעצט: „די ווענט אין בית־המקדש זענען געווען פון גאָלד און געווען אויסגעזעצט מיט איידלשטיינער. די שטיגן און די פּאָלן זענען געווען פון אַלבאַסטער. די סטעליעס זענען געווען געמאַכט פון העלפאַנטביין. אין מיטן בית־המקדש איז געווען אַ מזבח. אויף דעם מזבח האָבן די כוהנים געברענגט קרבנות צו גאָט פאַר זיין גוטסקייט צו די יידן. דער מזבח איז געווען פון קיזלשטיינער. אויף דעם מזבח האָט געפלאַקערט אַ שטענדיק פייער און ער איז קיינמאָל נישט פאַרברענט געוואָרן. די כלים פון בית־המקדש זענען געווען פון גאָלד. די בגדים פון די כוהנים זענען געווען געוועבט פון גאָלדענע פעדעם" — יאַכעטס אויגן האָבן געגלאַנצט, די אויגן ביי די צוויי מיידלעך זענען געווען אויפגעריסן. יאָסעלע איז געזעסן שטיל. ער האָט געקוקט אויף דער מוטערס ליפּן. אַ ווייַלע האָט יאַכעט געשוויגן, מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן — „יאָ" — ווי זי זאָל זיך האָבן דערמאָנט, און זי האָט דערציילט ווייטער: „ווען די יידן האָבן געהאַט אַ לאַנד האָבן זיי אויך געהאַט זעלנער. יעדער זעלנער איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אייזערנעם פּאַנצער. די זעלנער זענען געריטן אויף פייער־וועגן". בשעת יאַכעט האָט גערעדט איז איר האַלדז געווען אויסגעשטרעקט, ווי זי זאָל זען די רייטער. די קינדער האָבן פאַרגאַפט געקוקט אויף דער מוטער, זיי האָבן מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן פון אָרט.

יאַכעטס אויגן־לעפּלעך האָבן אַ ציטער געטאָן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און ווייטער דערציילט: „די קייסאָרים האָבן זיך צונויפגענומען און זיי זענען מיט זייערע זעלנער באַפאַלן די יידן און זיי פאַרטריבן פון זייער לאַנד".
— איר שטימע האָט געציטערט. זלאַטעלע האָט זיך צוגעטוליעט צום ברודערל — „די יידן זענען געוואָרן נע־ונד, זיי קומען אָפּ די זינד זייערע. אָבער דאָס לאַנד געהערט צו די יידן". — יאַכעט איז געבליבן זיצן שטיל. אַ ווייַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן: „דאָס יידישע לאַנד איז פול מיט זון, ס'וואַקסן דאָרט פּאָמעראַנצן, וויינטרויבן און מילגרוימען" — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן שוין אַ פריילעכע. — „אַז משיח וועט קומען, וועט ער צונויפנעמען די יידן פון דער גאַנצער וועלט און זיי צוריקפירן אין זייער לאַנד אַריין" — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן אַן איבערצייגטע און זי איז געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטע, זי האָט געקוקט פאַר זיך.

די טיר האָט אַ קאַרץ געטאָן. יאַכעט האָט האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר. זי האָט בכלל נישט געהערט די טריט פון די מענער.

דוד און דער פאָטער נאָך אים האָבן זיך אַדורכגעשטופּט דורך דער טיר. פּייוול האָט שנעל פאַרמאַכט די טיר נאָך זיך. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום הויזגעזינד, — גוט שבת — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך פאַרבייגט.

— גוט שבת, בעל־הבית — האָט יאַכעט אים געענטפערט.

דוד האָט אַרויפגעלייגט דעם סידור אויפן טיש. ער האָט פון זיך אַראָפּגע־צויגן דעם פּאַלטן און אים אַ שליידער געטאָן אויפן בעט אַרויף. זיינע אויגן זענען געווען רויט, זיי האָבן געגליט פון קעלט. דוד האָט זיך אויסגעריבן, צע־וואַרעמט די אויערן.

דער פאָטער האָט פּאַמעלעך אַראָפּגעצויגן פון זיך די באַנדע. די שטוביקע וואַרעמקייט איז אים געווען ליב. ער האָט אַראָפּגענומען פון בעט דעם זונס פּאַלטן אוןביידע בגדים אויפגעהאַנגען אויפן האָק.

דוד איז אונטערגעגאַנגען צו די שוועסטערן. ער האָט מיט ביידע הענט אין איינעם אַ שנעל געטאָן יעדער פון די מיידלעך אין די אויערן אַריין.

— איי! — האָבן די מיידלעך אַ שריי געטאָן און זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי די אויערן

— זונעלע, שבת! — האָט די מוטער זיך אָנגערופן.

די צוויי מיידלעך זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון בענקל. זיי זענען צוגעגאַנגען צום טיש און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. די מוטער האָט אַרי־בערגעהויבן איבער די מיידלעכס קעפּ יאָסעלען און אים אַריינגעזעצט צווישן זיי. יאָסעלע האָט גענומען קלאַפּן מיט די הענט אין טיש. זלאַטעלע האָט אים אַרומגענומען מיטן אָרעם, אים איינגעשטילט. רבקהלע האָט אייליק צוריק אויס־געגליכן דאָס טישטעך, ווו יאָסעלע האָט עס צעקנאָדערט.

יאַכעט האָט אָפּגערוקט די בענקלעך פון אויוון און זיי צוגערוקט צום טיש. זי האָט אָנגעלענט אירע שפּיץ־פינגער אויפן טיש. זי איז געשטאַנען און גע־וואַרט.

די ליכטפלעמלעך האָבן גענומען זיך באַוועגן. זיי האָבן זיך איינגעצויגן און פונאַנדערגעשפּרייט. די שיין אין שטוב האָט כסדר זיך געביטן: אַ מאָל איז זי געווען העל, אַ מאָל טונקעלער. די טישטעך־ווייסקייט האָט געבלאַנקט.

פּייוול האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל האָבן וועמען דערזען. „שלום עליכם" — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן און גענומען שפּרייזן איבער דער שטוב. ער האָט פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און געזאָגט ווייטער: „מלאכי השרת מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא" — פּייוול האָט דאָס געזאָגט, ווי די מלאכים זאָלן אַרומשפּאַצירן ביי אים אין שטוב. אַז ער איז צוגעקומען צו דער וואַנט, איז ער שטיין געבליבן.

— שלום עליכם מלאכי השרת מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים הקדוש

ברוך הוא — האָט דוד אונטערגעהאַלטן דעם פאָטער. די שטימע זיינע, דער אַלט, האָט געציטערט.

פּייוול האָט די הענט אַריינגעשטעקט פון ביידע זייטן גאַרטל און געזאָגט, ווי ער זאָל רעדן צו די מלאכים: „צאתכם לשלום מלאכי השלום מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא". פּייוול האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט דעם פּסוק. ער האָט זיך געזעגנט מיט די מלאכים, נישט רירנדיק זיך פון אָרט.

שפּעטער האָט ער אויסגעגליכן דעם רוקן און ער האָט אַ זאָג געטאָן: „אשת חיל מי ימצא" — צעציענדיק יעדעס וואָרט. יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן־לעפלעך. זיי זענען געווען רויט און זיי האָבן געציטערט. אירע באַקן האָבן גע־פלאַמט. די ליכטשיין האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין איר פּנים.

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש און ער האָט איבערגעשטרעקט די האַנט איבער די חלות. ער האָט אָנגענומען דאָס פלעשל און עס איבערגעבויגן: ער האָט געקוקט, צי עס איז פאַראַן גענוג ווייַן אויף קידוש. דעם בעכער פון פלעשל האָט ער אַראָפּגענומען מיט דער צווייטער האַנט. אויפן בעכער איז געווען אויס־גראַווירט אַ טורעם. דאָרט ווו דער טורעם האָט זיך געענדיקט, איז דער בעכער געווען איינגעקנייטשט. דער בעכער איז געווען אַ ירושה פון דורות, פּייוולס דרשה־געשאַנק. פּייוול האָט לאַנגזאַם אָנגעגאָסן דעם בעכער ביזן ראַנד. אין פלעשל איז געבליבן אַ ביסל וויין, וואָס האָט צוגעדעקט דעם אָפּזאַץ אויפן דנאָ. פּייוול האָט צוריקגעשטעלט דאָס פלעשל. ער האָט אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנט־פלאַך און פאָרזיכטיק אויף איר אַרויפגעשטעלט דעם בעכער.

די צוויי מיידלעך האָבן זיך אויפגעשטעלט. ביידע צוזאַמען האָבן אונטער געהויבן יאָסעלען. יאָסעלע איז געבליבן שטיין אויף דער באַנק. דוד איז גע־שטאַנען אין דער זייט ביים פאָטער. יאַכעט האָט אַריבערגעצויגן איבערן שטערן דאָס שייטל און אָפּגעגלעט אויף זיך דאָס קלייד. אין שטוב איז געווען שטיל. פּייוול האָט פאַרמאַכט די אויגן: „יום השישי, ויכלו השמים והארץ וכל צבאם". ער האָט געזאָגט וואָרט נאָך וואָרט. די ווערטער האָבן געהילכט אין דער שטיל־קייט.

פּייוול האָט צוגעטראָגן דעם בעכער צום מויל און אַ זופּ געטאָן. ער האָט אָפּגעטרונקען די העלפט פון וויין, אַ קוק געטאָן אויפן ווייב און איר דערלאַנגט דעם בעכער.

יאַכעט האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ און אַ זופּ געטאָן פון בעכער. זי האָט אויפגעהויבן צוריק דעם קאָפּ און זי איז שטיין געבליבן מיטן בעכער אין האַנט. אירע ליפּן זענען געווען צונויפגעשנירט. זי האָט זיך געקוויקט מיט דעם טעם פון וויין. יאַכעט האָט אונטערגעטראָגן דעם בעכער דעם זון.

— דוד, נאָר איין זופּ — האָט זי זיך ביי אים געבעטן און דעם בעכער נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט.

דוד האָט אַ זופּ געטאָן.

די מוטער האָט אַוועקגענומען פון אים דעם בעכער, זיך איבערגעבויגן איבערן טיש און צוגעטראָגן דעם בעכער זלאַטעלען צום מויל. דערנאָך איז זי אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט טיש און דערלאַנגט דעם בעכער רבקהלען.

יאַכעט האָט אַרויפגעשטעלט דעם ליידיקן בעכער אויפן טיש און אַוועק אין אַלקערל אַריין. זי איז צוריקגעגאַנגען מיט דעם טאָפּ פיש און אים אַרויפ־געשטעלט אויפן אויוון אין דער זייט.

פייוול האָט אָנגעשעפּט אַ שעפּ וואַסער, אויסגעשטרעקט אַ האַנט און זי אָפּגעגאָסן. ער האָט די שעפּ אַריבערגעפירט אין דער נאַסער האַנט און אָפּגע־גאָסן זיך די צווייטע האַנט. ער האָט אַוועקגעשטעלט די שעפּ און אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך.

יאַכעט האָט אין צווישן אַרויסגענומען פון שענקל די קליינע בלעכענע טעַ־לער, זיי אויסגעסדרט איבער דער לענג פון אויוון און פונאַנדערגעטיילט די פיש.

פייוול האָט אַוועקגעלייגט דאָס האַנטעך און ער איז צוגעגאַנגען צום טיש. ער האָט אָפּגעדעקט די חלות, דאָס טישטעכל איינגעלייגט אין צווייען און עס אַוועקגעלייגט אין אַ זייט. ער האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויף די חלות, פאַר־מאַכט די אויגן און געמאַכט די „המוציא". ער האָט ביידע חלות צוזאַמען אויפ־געהויבן אין דער הויך און זיי צוריק אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

ער האָט אָפּגערוקט ס׳בענקל פון טיש און זיך אַוועקגעזעצט, אַ נעם געטאָן דאָס קיכנמעסער אין האַנט אַריין, מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער אָנגענומען אַ חלה און זי אַוועקגעלייגט אויפן טיש. ער האָט די חלה אַדורכגעשניטן און אָנגע־שניטן פון איר אַ מוציא. דעם שפּיץ פון דער מוציא האָט ער איינגעטונקען אין זאַלץ און אים אָפּגעביסן. איצט האָט פייוול גענומען די רעשט חלה, זי צעשניטן און יעדן קינד דערלאַנגט אַ מוציא אין האַנט אַריין. יאַכעטן האָט ער אַוועק־געלייגט אַ מוציא ביי דער זייט.

יאַכעט האָט איילִיק צוגעטראָגן צוויי טעלער פיש, פאַר דעם מאַן און פאַר דעם זון. פייוולען האָט זי דערלאַנגט צוויי קוילן פיש, דודן איין קויל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי געבערענגט נאָך צוויי טעלער מיט פיש פאַר די מיידלעך. זיי האָבן געקראָגן נאָר האַלבע קוילן פיש.

יאַכעט איז אונטערגעלאָפן מיט די צוויי לעצטע טעלער פיש. זי האָט די טעלער איילִיק אַוועקגעשטעלט ביי זיך אויפן טיש און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. איילִיק האָט זי מיט אַ גאָפּל צעברעקלט דאָס שטיקל פיש אין טעלער און עס אונטערגערוקט יאָסעלען. יאָסעלע האָט איינגעטונקט דעם שפּיץ פון דער מוציא אין דער פישיויך.

פייוול האָט אונטערגערוקט יאַכעטן איר מוציא און ערשט איצט גענומען עסן. ער האָט געוואַרט יאַכעט זאָל קומען צום טיש.

אַלע אַרום דעם טיש זענען געזעסן איבערגעבויגענע איבער די טעלער און

געגעסן. דאָס ליכט האָט באַשיינט דעם טיש. די אַקסלען פון די עסערס האָבן זיך געפונען אין שאָטן.

— שבתדיקע פיש, אַ מחיה — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן אין טעלער אַריין.

יאַכעט האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זי האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן.

— ס׳זאָל אייך וווֹיל באַקומען — האָט זי אַ צופרידענע אַ זאָג געטאָן און געגעסן ווייטער.

פּייוול האָט געענדיקט. ער האָט אָפּגערוקט דאָס בענקל פון אונטער זיך און ער איז מיט אַ צוגעאײלטן שריט אַריין אין אַלקערל.

יאַכעט האָט זיך אויפגעשטעלט און זי איז אַוועק צום אויוון. אויפן טיש איז געבליבן אַ כזית פון איר מוציא. יאַכעט האָט אונטערגעהויבן די שטאַרץ און אַ קוק געטאָן צו דער יויך. זי האָט אַרויסגענומען פון שענקל די טיפע בלעכענע טעלער און זיי פונאַנדערגעסדרט אויפן שענקל.

פּייוול איז צוריקגעקומען. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט חשיבות. ער האָט געטראָגן אין האַנט אַ ווייס פּירקאַנטיק פלעשל, ווי ער זאָל עס האַלטן אויפן בויך. ער איז שטיין געבליבן ביים טיש און דאָס פלעשל איבערגעבויגן אין האַנט, עס באַטראַכט. דאָס פלעשל איז געווען פול ביז אין דער העלפט. ער האָט זיך צוגערוקט דעם בעכער, אַרויסגעצויגן דעם קאָריק פון פלעשל און גענומען איינגיסן.

פּייוול האָט זיך אָנגעגאָסן אַ האַלבן בעכער און צוגעקאָרקעוועט צוריק דאָס פלעשל. ער האָט מיט דער האַנטפלאַך איינגעהאַקט דעם קאָריק, דער „שפּירט" זאָל נישט אויסוועפּן. ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס פלעשל אויפן טיש, גענומען דעם בעכער אין האַנט און מיט די אויגן געזוכט יאַכעטן. „לחיים" — האָט ער געזאָגט.

— לחיים — האָבן די קינדער מיט דער מוטער צוזאַמען אים געענטפערט. יאַכעט איז אין צווישן צוגעקומען צום טיש.

פּייוול האָט צוגעטראָגן צום מויל דעם בעכער, געעפנט דאָס מויל און אַ פאַרוואַרף געטאָן דעם קאָפּ אויף הינטן. עס האָט זיך דערהערט אַ שלונג.

די קינדער זענען געבליבן זיצן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם.

פּייוול איז געבליבן מיט דעם ליידיקן בעכער אין האַנט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אָפּגעשווידערט. „האַ!" — האָט ער געטאָן אַ קרעכץ און ער איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל.

אַלע ביים טיש האָבן אים באַטראַכט. די קינדער זענען געזעסן און געוואַרט. פּייוול האָט אַרויפגעשטעלט דעם בעכער אויפן טיש און זיך געריבן די הענט. אַ וואַרעמקייט איז זיך אים צעגאַנגען איבער די ביינער.

פּייוול האָט זיך אונטערגעהויבן פון בענקל, אַריבערגעשטרעקט די האַנט איבערן טיש און גענומען דעם סידור. ער האָט איבערגעמישט עטלעכע בלעטלעך און זיך צעזונגען: „כל מקדש שביעי כראוי לו".

ער האָט געזונגען אַ חסידישן ניגון, וועלכן ער האָט געהערט אין שטוב ביים

טאַטן, אָבער נאָר די ערשטע פּסוקים. ווייטער האָט ער געזונגען דעם ניגון אָן ווערטער. ער האָט זיך געשאָקלט איבערן סידור און געזונגען.

אויך דער זון האָט אויפגעהויבן זיין קול. זיין אַלט האָט איבערגעשטיגן דעם פּאָטערס באַס. די שטוב איז געווען פול מיט געזאַנג. דריי פּערטל פון די שבת-ליכט זענען שוין געווען אויסגעברענט. איין ליכט האָט אָנגעהויבן טריפן. דער חלב האָט געקאַפּעט איבערן מעשענעם לייכטער.

די פּנימער פון די קינדער האָבן געשטראַלט. ביידע מיידלעך האָבן געקלאַפּט מיט די הענט אין טיש אַריין צום טאַקט. יאָסעלע האָט כסדר זיך אונטערגעהויבן און זיך צוריק אַוועקגעזעצט, ווי ער זאָל רייטן.

יאַכעט איז געגאַנגען צום טיש. זי האָט געטראָגן צוויי טעלער זופּ. יאַכעט האָט זיך אָנגעבויגן און אַוועקגעשטעלט פאַר פּייוולען אַ טעלער לאָקשן מיט יויך. דעם צווייטן טעלער האָט זיך אונטערגערוקט פון דער זייט דעם זון און זי איז אַוועק ווידער צום אויוון. פּייוול האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טעלער, אַ ווײַלע איז ער געזעסן און איינגעאָטעמט דעם געשמאַק פון עסן. די פּאַרע פון טעלער האָט באַדעקט זיין פּנים. די יויך ביי דער ראַנד פון פּייוולס טעלער איז געווען פעט. די לאָקשן האָבן אַרויסגעשטאַרט פון דער יויך ווי אַ שפּיץ באַרג. ביי דודן האָבן די לאָקשן צוגעדעקט נאָר די פלאַך פון טעלער. זיין יויך איז געווען אויס־געשטערנט מיט פעטע אויגן. דעם מאַן און דעם זון האָט יאַכעט געגעבן די ערשטע יויך.

אַלע זענען געזעסן איבערגעבויגענע איבער די טעלער און געגעסן. דער טיש און די קעפּ פון די עסערס זענען געווען, ווי מיט אַ נעפּל אַרומגענומען. די פּאַרע פון די טעלער איז געהאַנגען איבער זיי. אויפן הינטערגרונט פון דער שטוב האָבן די אַקסלען פון די מענטשן ביים טיש אויסגעזען, ווי זיי זאָלן זיך טרייסלען. יאַכעט האָט געגעסן צוזאַמען מיט יאָסעלען. זי האָט זיך גענומען אַ לעפל יויך מיט לאָקשן און אים געגעבן אַ לעפל עסן. אים האָט זי געגעבן נאָר אויפן שפּיץ פון לעפל.

יאַכעט האָט געגעסן שנעל. דעם לעפל עסן יאָסעלען האָט זי דערלאַנגט פאַמעלעך. דאָס ייִנגל האָט כסדר אויסגעשטרעקט דעם האַלדז. ער האָט אונטער־געשטעלט דאָס מויל.

פּייוול האָט מיט אַ האַנט זיך צוגערוקט דעם סידור און אים געעפנט. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, פאַרמאַכט די אויגן און זיך צעזונגען: „מנוחה ושמחה אור ליהודים". ער האָט אויך איצט געזונגען אַ חסידישן ניגון, אָבער אַ לוסטיקן מאַרש, וואָס האָט אַרויסגעפּאָדערט און זיך געריִמט. ער האָט געזונגען יעדעס וואָרט באַזונדער און יעדן פּסוק אָפּגעהאַקט. דוד האָט מיט דער פויסט געקלאַפּט אין טיש אַריין צום טאַקט און צוגעטופּעט מיטן פוס אונטערן טיש.

— בביאת גואל לחיי העולם הבא — האָט פּייוול פאַרענדיקט. ער האָט פאַרמאַכט דעם סידור און אים אַוועקגערוקט אין אַ זייט.

פונעם פּלייש אויפן טיש האָט געזעצט אַ פּאַרע. דער פלאַם פון לאָמפּ האָט

אַ צאַנק געטאָן און זיך אַרויסגעריסן פון ברענער, געברענט מיט אַ שפּיץ, פון וועלכן עס האָט זיך געדריוולט אַ דינער רויך. די טישטעך־ווייסקייט איז געוואָרן העלער. יאַכעטס פּנים איז געווען געלבלעך דער לאָמפּנשיין און דער פליישפאַרע אַנטקעגן.

יאַכעט האָט אָפּגערוקט מיטן פוס איר בענקל. זי האָט דעם טעלער פלייש אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. יאַכעט האָט צונויפגערוקט די טעלער אויפן טיש און גענומען טיילן דאָס פלייש. זי האָט געטיילט און געקוקט אויף די טעלער, אַכטונג געגעבן, זי זאָל זיך נישט פאַרטיילן. די שטיקלעך פלייש זענען געווען רויט און איינגעשרומפּן. יעדעס שטיקל האָט אויסגעזען, ווי עס זאָל זיין צונויפּ־געוויקלט.

די ליכטפלעמלעך האָבן זיך פונאַנדערגעצויגן, געווען נידעריק און ברייט. דער טריפנדיקער חלב האָט מיטגעצויגן די קנויט. די ליכטשיין איז געווען אַ פונאַנדערגעגאָסענע. די פנימער פון די מענטשן ביים טיש זענען געווען באַ־לויכטן.

פייוול האָט לאַנגזאַם זיך צוגערוקט דעם טעלער. ביי אים אין טעלער זענען געלעגן צוויי שטיקלעך פלייש און אַ לאַנג שמאָל שטיקל פלייש אויף צולאָג. פייוול האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, מיט דריי פינגער אָנגענומען אַ זשמעניע זאַלץ און באַזאַלצן זיך דאָס פלייש. בשעתן עסן האָט פייוול אַ קוק געטאָן אויפן ווייב.

יאַכעט, דערפילנדיק זיין בליק אויף זיך, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. איר פאַרציע איז געווען אַ שטיקל האַרנפלאַק, וואָס זי האָט נישט געקענט איינבייסן. פייוול האָט אויפגעשטאָכן אויפן גאָפל אַ שטיקל פלייש און עס אַריבערגעלייגט יאַכעטן אויפן טעלער.

יאַכעט האָט אַ צאַפּל געטאָן, זיך אָפּגעריסן פון טיש. זי האָט מיט איר גאָפּל אייליק אָנגענומען דאָס שטיקל פלייש און עס צוריק אַרויפגעלייגט פייוולען אויפן טעלער. איצט האָט פייוול אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ביי פייוולען אין שטוב האָט מען פלייש געגעסן נאָר „שבת".

די פלעמלעך פון די ליכט האָבן זיך איינגעשרומפּן. זייער פייערגלי איז געווען בלוי. דער חלב אַרום די קנויטן האָט געטריפט. די ליכט האָבן געהאַלטן ביי ענדיקן זיך. די שיין אויפן טיש איז געווען אַן אויסגעצויגענע. אַלץ אויפן טיש האָט געהאַט אַ געלבלעכע קאָליר.

פייוול האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, אַריינגערוקט דעם גראָבן פינגער אין סידור און זיך אים צוגערוקט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ קוק געטאָן אין סידור אַריין, איבערגעמישט עטלעכע בלעטלעך און אַ זאָג געטאָן „יה רבון עלם ועלמיא".

יאַכעט האָט צונויפגענומען פון טיש די גאָפּל און זי איז אַוועק צום אויוון. יאַכעט האָט זיך נישט געאיילט, ווי זי זאָל איבערקלייבן די טריט.

יאַכעט האָט צוגעטראָגן און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש די שיסל מיטן צי־

מעס. די פירקאַנטיקע קלעצלעך קלאָקעס זענען געווען ברוין, די קיילעכדיקע געלע מייערן־רעדלעך האָבן געגלאַנצט פון פעטקייט. די צוויי מאַכלים זענען געווען אַדורכגעמישט: אַ קלעצל איז געלעגן איבער אַ רעדל, אַ רעדל איז גע־לעגן אויף אַ קלעצל. אַ דינע פּאַרע האָט זיך געדריוולט פון דער שיסל.

— יבנה המקדש עיר ציון תמלא, ושם נשיר שיר חדש, וברננה נעלה, הרחמן הנקדש — האָט פּיוול ווייטער געזונגען. יעדן פּסוק באַזונדער, ווי ער זאָל אים אָפּהאַקן. דער ניגון זיינער איז איצט געוואָרן נאָך מער לוסטיק, אָבער פאַרפּלאָנטערט: ער האָט דעם פריערדיקן ניגון צונויפגעמישט מיט אַ מאַרש, וואָס די שטעטלדיקע פייערלעשער האָבן געשפּילט, ווען זיי פלעגן מאַכן אַ פּאַראַד.

יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אויפן טעלער צימעס, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט. דער טעלער איז געווען פול. זי האָט אים אַוועקגעשטעלט פאַר פּיוולען.

— איך וויל נישט — האָט דוד געזאָגט און זיך אָנגעלענט מיט דער פּלייצע אין בענקל־אָנלען.

יאַכעט האָט אַ דערשטוינטע אָנגעקוקט דודן:

— אוי, ווײ, ס'צימעס צעגייט אין מויל.

— איך וויל אויך נישט — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן.

— איך וויל אויך נישט — האָט רבקהלע איר נאָכגעזאָגט, ווי זי זאָל רעדן צו זיך.

די מוטער איז געבליבן שטיין מיטן לעפל אין האַנט אַן אַמובאַהאָלפּענע און האָט געקוקט אויפן צימעס. דאָס געקעכטס איז איר אַ שאָד געווען, אָבער שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן: „דאַנקען גאָט". זי איז געווען צופרידן, אַז די קינדער זענען זאַט.

— יתברך ויתעלה על כוס יין מלא כברכת ה' — האָט פּיוול שנעל פאַר־ענדיקט בקול רם צעציִענדיק יעדעס וואָרט, ווי ער זאָל צונויפשטעלן די אותיות. דער ריח פון צימעס האָט געררייצט זיין גומען. ער האָט פאַרמאַכט דעם סידור און אים אַוועקגעלייגט אין מיטן טיש. דעם פּסוק — צור משלו — האָט ער שוין נישט איבערגעחזרט. פּיוול האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט איבערן טעלער, ווי ער זאָל אים אַרומנעמען, און אים זיך צוגערוקט. ער האָט אַ נעם געטאָן אַ לעפל פון טיש און אים אַריינגעשטעקט אין צימעס.

אין שטוב איז געווען שטיל. די מענטשן אין שטוב האָבן געהערט, ווי די ליכט־קנויטן ברענען. די קינדער זענען געווען מיד פון זעט. זיי זענען געזעסן און געקוקט איינער אויפן אַנדערן.

די ליכט־פלעמלעך האָבן זיך אויסגעצויגן, זיך צוריק איינגעצויגן, געוואָרן קליין. די קנויטן האָבן זיך פאַרבויגן. די לעצטע ביסלעך חלב האָבן זיך צעגאָסן. די פלעמלעך האָבן נאָך איין מאָל זיך אויסגעצויגן, אַ קאָפּטשע געטאָן. די ליכט זענען אויסגעגאַנגען. אין שטוב האָט זיך דערפילט דער ריח פון פאַרברענטע קנויטן און צעטאָפּיעטן חלב.

אין שטוב איז געוואָרן טונקעלער. אין די ווינקלען האָבן זיך איינגעסדרט קורצע שאָטנס. פּיוול האָט אַריינגעלייגט דעם לעפל אין ליידיקן טעלער און לאַנגזאַם זיך אָפּגעצויגן פון טיש. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אויף זיינע בני־בית. — דוד — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

דוד איז אונטערגעשפּרונגען. ער האָט אַ נעם געטאָן דעם בעכער פון טיש און ער איז אַוועק צום קיבעל.

פּיוול האָט פאַרריסן דעם קאָפּ. אין דער שיין פון לאָמפּ האָט זיין רויטע באָרד געגליט. יאָסעלע האָט זיך אָפּגעריסן פון טיש. ער איז געבליבן זיצן אויפן פאָטערס שויס.

— כאַ, כאַ, כאַ — האָט יאָסעלע געלאַכט. דעם פאָטערס באָרד האָט אים געקיצלט.

— איך אויך — האָט רבקהלע אַ זאָג געטאָן און געוואָלט זיך אַרויפזעצן אויפן פאָטער.

— זיץ, זיץ רבקהלע — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן.

דוד איז צוריקגעקומען. ער האָט אַוועקגעשטעלט פאַרן פאָטער דעם בעכער אויפן טיש און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

פּיוול האָט אויסגעשטרעקט זיינע עלנבויגנס, ווי ער זאָל אַרומנעמען דאָס יינגל, וואָס איז געזעסן ביי אים אויף דער שויס, און אַ נעם געטאָן דעם בעכער אין האַנט. ער האָט די הענט איבערגעשטרעקט איבער דעם טעלער פון צימעס. מיטן וואַסער, וואָס איז געווען אין בעכער, האָט ער זיך אָנגענעצט די שפּיץ פינגער.

— אברכה את ה׳ בכל עת — האָט ער אַ זאָג געטאָן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך געוויגט. די שטילקייט אין שטוב איז געווען נאָך שטילער. דער לאָמפּן־פלאַם האָט זיך אויסגעצויגן, ווי ער זאָל זיך וועלן אַרויסרייסן פון גלעזל — הרינו מוכן ומזומן לקיים מצות עשה של ברכת המזון.

יאָסעלע איז מיד געוואָרן. ער איז געזעסן שטיל מיטן קאָפּ אויסגעדרייט צום פאָטער און מיט די פינגער אים געקראָכן אין מויל אַריין. ער האָט געוואָלט פאַר־מאַכן דעם פאָטער די ליפּן. דער פאָטער האָט כסדר אויפגעהויבן זיין קאָפּ העכער, יאָסעלע זאָל אים נישט שטערן, און געמורמלט ווייטער.

יאַכעט האָט זיך אָנגעבויגן. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום יינגל,ביידע, פּיוול און יאַכעט, האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. יאַכעט האָט אַרויסגע־נומען יאָסעלען פון פאָטערס הענט. — קום שלאָפן, — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן דעם יינגל.

יאָסעלע האָט געוואָרפן מיט די פיס, זיך קעגנגעשטעלט. די מוטער האָט זיך איבערגעבויגן אויף פאַרנט, זיך געהיטן, ער זאָל זי נישט קאָפּען אין בויך. — קינדער, שלאָפן! — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

דוד האָט געדרימלט.

— רבקהלע — האָט זיך זלאַטעלע צו איר אַ ווענד געטאָן און זיך צוגעבויגן

צו איר. — מיר וועלן זיצןביים טיש ביז שפּעט אַפילו ווען דער טאַטע מיט די מאַמע וועלן שוין שלאָפן, גוט? — אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן: — ביז דער לאָמפּ וועט אויסגיין. — זי האָט גערעדט שטיל. זי האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אַרײַנגעקוקט דער שוועסטער אין פּנים: — איך וויל דער שבת זאָל לאַנג דויערן.

רבקהלע האָט תמימותדיק געקוקט אויף איר. אירע אויגן זענען געווען רויט. זי האָט נאָך נישט פֿאַרשטאַנען דער שוועסטערס סוד.

פּייוול האָט זיך געפּאָרעט. ער האָט אַראָפּגענומען פֿון בעט די רויטע פּלושענע מיט גרינע פֿראַנדזן אַרומגעזײַמטע דעק. זי צונויפֿגעלייגט און אַוועקגעלייגט אויף דער באַנק.

— קינדער, שלאָפֿן — האָט די מוטער נאָך אַ מאָל אַ זאָג געטאָן.

דוד האָט אַ מאַך געטאָן מיטן פֿינגער. ער האָט געגעבן דעם סימן. אַלע דרײַ האָבן מיט אַ מאָל אין אײנעם אויסדעקלאַמירט — שמע ישראל אדוני אלהינו אדוני אחד — און מיט אַ צעצויגענעם ניגון מיט עטוואָס אַ נידעריקן טאָן האָבן זיי אַ זאָג געטאָן, ווי זיי זאָלן ענטפֿערן: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד — די צוויי ייִנגערע קולות האָבן געקלונגען. דער אָפּהילך פֿון די ווערטער האָט אַ לענגערע ווײַלע זיך געטראָגן איבער דער שטוב. די מיידלעך זענען געשטאַנען פֿון איין זײַט טיש. דוד פֿון דער צווייטער זײַט. — אָמן — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן. — אָמן — האָט יאַכעט נאָכגעזאָגט און זי האָט שטיל צוגעגעבן — גוטע מלאכים זאָלן שוועבן איבער אײַך.

דער לאָמפּן־פֿלאָם האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון ברענער. דאָס ליכט אין שטוב איז אויף אַ ווײַלע העלער געוואָרן. אין שטוב איז געווען וואַרעם. די קינדער האָבן אײַליק זיך אויסגעטאָן. יעדער פֿון זיי האָט געוואָלט זײַן דער ערשטער אין בעט.

יאַכעט האָט זיך געפּאָרעט. זי איז געגאַנגען פֿון איין אָרט צום אַנדערן, גלײַכ־געלייגט די קינדערס בגדים. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צום בעט. די קינדער זענען שוין געשלאָפֿן, צוויי אין יעדער זײַט בעט, די מיידלעך אין איין זײַט, די ייִנגלעך אין דער צווייטער זײַט. רבקהלעס האַנט איז געלעגן אויף דער שוועס־טערס האַלדז, זלאַטעלע האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען. דוד איז געלעגן אַן אײַנ־געגאָרעטער ווי אַ קנויל. יאָסעלע איז געלעגן מיט אַ פֿינגער אין מויל.

פּייוול האָט פֿאַרריסן דעם קאָפּ. זײַנע אויגן זענען געווען פֿאַרמרוזשעט. — קום שלאָפֿן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

— גיי, גיי, איך קום באַלד נאָך — האָט זי אים אָפּגעענטפֿערט. איר שטימע איז געווען ווייך.

פּייוול האָט זיך איבערגעדעקט די אויגן מיט דער האַנט. די צווייטע האַנט האָט ער אויפֿגעהויבן און זי פֿאַרביילט. — שמע ישראל — האָט ער אַ זאָג געטאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוריק געעפֿנט די אויגן. זײַנע ליפּן האָבן זיך גע־טרייסלט שנעל. ער האָט גענומען דאָס פֿלעשל אָקעוויט און ער איז אַוועק אין אַלקערל.

יאַכעט האָט צונויפגענומען די טעלער, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טיש און אויפן פּאָל, די גאָפּל און די לעפל פון אויוון און פון טיש האָט זי אַרויפגעלייגט אויף די טעלער. די גענוצטע כלים האָט זי אַרייַנגעשטעלט אין מולטער. אויפן טיש איז געבליבן נאָר דאָס רעפטל חלה, דאָס חלה־טישטעכל און דאָס זאַלצמעסטל.

דער סקאָבל פון דער טיר האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. די טיר האָט זיך לאַנגזאַם אָבער מיט כוח געעפנט. עס איז אַריין אַ הויכער שייגעץ. ער האָט שנעל נאָך זיך פאַרמאַכט די טיר. ער האָט יאַכעטן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, פאַר־מרוזשעט די אויגן. דאָס ליכט פון לאָמפּ האָט אים אַ בלענד געטאָן. דער פּופצן־יעריקער שייגעץ, דעם בעל־הביתס זון, האָט געטראָגן שטיוול און אַ וואַטענע קורטקע. זיין ווינטער־צאַפּע (היטל) איז געווען אַריבערגעצויגן איבער זיינע אויערן. אַ ווייסע ווי שטרוי קודלע האָר איז אים אַפּערגעהאַנגען. זיינע ווייסע בלויע אויגן האָבן נייגעריק באַטראַכט דעם לאָמפּ, די פאַרטריפטע לייכטער און דאָס ווייסע טישטעך. ער האָט מיט דער האַנט זיך אויסגעריבן זיין אָנגעפרוירענע נאָז.

ער איז צוגעגאַנגען צום אויוון און מיטן שטיקל דראָט, דאָס שאַר־אייזן, וואָס איז געלעגן אין דער זייט אויפן אויוון, פונאַנדערגעשאַרט אין אויוון די נאָך טליִענדיקע קוילן און צוריק פאַררוקט די פייערקע. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעדרייט דעם לאָמפּ.

יאַכעט איז געשטאַנען און געוואַרט. אַז ער האָט געענדיקט, האָט זי אים דערלאַנגט דאָס רעפטל חלה, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

סטאַך האָט דאָס רעפטל אַריינגערוקט אין אַרבל אַריין. — דאָבראַנאָץ (אַ גוטע נאַכט) — האָט ער אַ זאָג געטאָן יאַכעטן. ער האָט געשמייכלט און געוויזן זיינע גרויסע ווייסע ציין. ער האָט שנעל געעפנט די טיר און נאָך שנעלער זי נאָך זיך צוגעמאַכט.

דער לאָמפּן־פלאַם האָט געצאַנקט. אין שטוב איז כסדר טונקעלער געוואָרן. די שאָטנס אין די ווינקלען זענען כסדר גרעסער געוואָרן. יאַכעט איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, פאַרריגלט דעם ריגל.

אויף די שפּיץ פינגער איז זי צוגעגאַנגען צום בעט: זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער און זי איז פּאַמעלעך אַריינגעגאַנגען אין אַלקערל. דער לאָמפּן־פלאַם האָט עטלעכע מאָל אַ צאַנק געטאָן.

אין שטוב איז געווען פינצטער, שטיל און וואַרעם. פייוול האָט שוין געשנאָרכט.

ו

פייוול האָט געעפנט די אויגן. דער מאָרגן אין אַלקערל איז געווען אַ גרויער. קאָנטורן פון די שטוב־זאַכן זענען געווען שוין דייטלעך. אין שטוב איז געווען שטיל, אַלע זענען נאָך געשלאָפן. ווי שפּעט עס איז, האָט ער נישט געוווּסט.

ביי פּיוולען אין שטוב האָט מען געלעבט אָן אַ זייגער. די וואַרעמייט אין שטוב איז געווען אַן איבערקילטע. פּיוולען איז געווען וואַרעם אונטערן איבערבעט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן ווייב. יאַכעט איז געלעגן מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ. איר ברייטע ברוסט האָט אויסגעפּילט דעם דעקאָלט פון איר העמד.

פּיוול האָט דערפילט אַ טרוקנקייט אין מויל. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. — שבת פרי — האָט ער אַ זאָג געטאָן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די הויזן און ער איז מיט די נאַקעטע פיס אַריינגעשפּרונגען אין די נאַגאַוויצעס. איילניק האָט ער זיי פאַרקנעפּלט. ער האָט אַ פאַרוואָרף געטאָן איבערן אַקסל די איביצע און שטיל אַרויס פון אַלקערל.

פון דער צווייטער זייט טיר איז פּיוול שטיין געבליבן. די שיין אין שטוב איז געווען מילדער ווי אין אַלקערל. אין שטוב איז געווען שטיל. ער האָט געהערט דעם אָטעם פון די שלאָפנדיקע. אַ ווײַלע האָט ער אויפגעהאָרכט. דערנאָך האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ, זיך איינגעקוקט אין די קינדער. זייער אָטעם איז געווען אַ לייכטער. אַ וואַרעמקייט האָט זיך אים צעגאָסן אונטערן האַרץ.

פּיוול האָט אַרויפגעלייגט די שעפּ אויפן וואַסער און ער האָט זי אונטער־געטונקען פּאַמעלעך, ס'וואַסער אין קיבעל זאָל נישט כלופּען. ער האָט אויסגע־שטרעקט די הענט איבערן שעפל און זיי אָנגעגאָסן. ער האָט אָוועקגעשטעלט די שעפּ און מיט די נאַסע הענט צוויי מאָל זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים. צום סוף האָט ער זיך אָנגעצויגן די באָרד. ער האָט ווידער גענומען די שעפּ אין האַנט, אָפּגעזופּט פון איר אַ ביסל וואַסער און זי צוריק אָוועקגעשטעלט. ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן, געשוווענקט זיך די קעל, זיך אויסגעוואַשן דאָס מויל. ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס האַנטעך און זיך געווישט די הענט, יעדן פינגער באַזונדער. ער האָט שטיל געמורמלט. ערשט די לעצטע ווערטער — ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד — האָט ער געזאָגט העכער.

די וואַרעמקייט אין שטוב איז געווען מילד. די נאַכט־קילקייט האָט זי אָפּגע־פרישט. די פענצטער־שייבלעך זענען געווען פאַרקאָוועט מיט אייז. פּיוולען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער פילט די קרירה, וואָס יאָגט דורך די פענצטער. פּיוול האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ נעם געטאָן דעם סידור פון טיש. ער האָט געעפנט דאָס אויבערשטע טעוועלע, איבערגעמישט עטלעכע בלעטלעך, אַרויפגע־לייגט אויפן טיש דעם אָפענעם סידור און גענומען זאָגן פון פאַרנט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער אין בעט. זיי זענען געשלאָפן. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן, אַראָפּגענומען פון האָק זיין באַנדע און איילניק זיך אָנגעטאָן. ער האָט שטיל געעפנט די טיר, אָנגעלענט אַ קני אין דער צווייטער העלפט טיר, די געעפנטע טייל טיר זאָל זיך נאָכגעבן, אָבער אַז ער האָט די טיר צוגעמאַכט נאָך זיך, האָט זי אַ קאַרץ געטאָן.

אַלע פיר קינדער אין בעט האָבן געעפנט די אויגן. די שטוביקע מאָרגן־גרויקייט איז געהאָנגען איבער זיי. יאָסעלע האָט אַ וואָרטשע געטאָן. ער האָט געוואָלט האָבן די מוטער נעבן זיך.

— די מאַמע שלאָפט — האָט זלאַטעלע שטיל אַ זאָג געטאָן מער מיט די ליפּן, ווי מיט דעם קול.

די טיר איז אויפגעשפּרונגען. אין דער אָפענער טיר איז געשטאַנען דער פאָטער.

— גוט שבת — האָבן די מיידלעך אַרויסגעשריגן פון בעט אַרויס און אונטער־געהויבן אויף אַ ווײַלע די קעפּ.

— גוט שבת, גוט שבת, קינדערלעך — האָט פייוול זיי געענטפערט. זיין פּנים, רויט פון קעלט, האָט געגלאַנצט און געשמייכלט.

פייוול האָט שנעל פאַרמאַכט די טיר. דער טיר־סקאָבל האָט אַ שפּרונג געטאָן. פייוול האָט זיך אָנגעהויכט די פאַרפרוירענע פינגער.

— היינט איז שבת — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער.

— אַ גאַנצן טאָג ביז ביי נאַכט — האָט רבקהלע איר געענטפערט. זי האָט געוואָלט זיין זיכער.

— שבת קודש — האָט פייוול זיי אָפּגעענטפערט און מיט אַ פינגער אַ פּיק געטאָן יאָסעלען אין ברוסט.

דאָס קינד האָט אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט דעם פאָטערס פינגער.

פייוולס אויבערשטע ליפּ האָט זיך פאַרשאַרצט. ער האָט מיטן פינגער דער־פילט די וואַרעמע יאָדערדיקייט פונעם יינגלס קערפּער. פייוול האָט אַ צי געטאָן דעם פינגער און אָפּגערוקט זיך פון בעט. יאָסעלע איז ליגן געבליבן מיט אַ פאַר־מאַכטער פויסט און מיט די אויגן נאָכגעקוקט דעם פאָטער.

פייוול האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך די זיידענע איביצע, אַרויסגעצויגן דעם גאַרטל פון טאַש, אַרומגעגאַרטלט זיך מיט אים די לענדן. זיינע וואָכעדיקע בגדים זענען געווען איבערגעדעקט מיט זיין שבתדיק מלבוש.

די טיר האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און זיך אויפגעפּראַלט. דוד איז אַריין אין שטוב און פאַרהאַקט נאָך זיך די טיר.

— אויפן הויף ליגט אַ פאַרפרוירענע קראָ — האָט דוד אַ זאָג געטאָן מיט איין אָטעם. די שטילקייט אין שטוב האָט זיך ווי אַ באַוועג געטאָן. — אַלע דעכער זענען פול מיט סטאַדעס קראָען, זיי זענען הונגעריק.

זלאַטעלע האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, אַ דערשטוינטע אָנגעקוקט דעם ברודער. פּחד האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן. רבקהלע און יאָסעלע האָבן געקוקט אויף דער שוועסטער, נישט באַגריפן וואָס דוד האָט דערציילט.

— מיט וואָס אַ גמרא־בחור פאַרנעמט זיך שבת — האָט פייוול אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

ער האָט צוגעשפּרייזט צום טיש, אַרויסגערוקט דאָס שופלעדל און אַרויסגע־נומען דעם „חומש". ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אַוועקגעלייגט אויפן טיש פאַר זיך דעם ספר. דאָס חומש איז געווען געבונדן אין אַן אַלט ברוין לעדער. פייוול האָט געעפנט דעם ספר און מיטן פינגער געמישט די בלעטלעך. די שפּיצן פון יעדן בלעטל זענען געווען אויסגעפּעטעסט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער

שטוב, ווי ער זאָל אין דעם גרויען מאָרגן וועמען זוכן. — פּרשת יתרו — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך צעוויגט איבערן ספר. זיינע אויגן זענען געווען פאַר־מאַכט. אַ ווײַלע לאַנג האָט ער זיך געשאָקלט איבערן ספר. זיין רוקן איז געווען אויסגעבויגן, קיילעכיק. ער האָט געעפנט די אויגן און זיך צעזונגען — וישמע יתרון כהן מדין חתן משה את כל אשר עשה אלהים למשה ולישראל עמו, כי הוציא ה׳ את ישראל ממצרים. — פּייוול איז שוין נישט געווען ביי זיך אין שטוב. ער האָט געזען, ווי משה פירט זיין פאָלק ישראל איבער דעם מדבר.

יאַכעט האָט געעפנט די אויגן און זיי צוריק פאַרמאַכט, געפילט די גרויע טונקלקייט איבער זיך און די וואַרעמקייט פון איר גוף. זי איז געלעגן און געהאַרכט.

— ויחד יתרו על כל הטובה אשר עשה ה׳ לישראל — האָט פּייוול אַ זינג געטאָן מיט אַן אויפגעהויבן קול פון גאווה, ווייל זיין אַלמעכטיקער איז גוט געווען צו זיינע יידן. ביי די ווערטער — ויקח יתרו חתן משה עלה וזבחים לאלהים — האָט זיין שטימע געציטערט פון אויפרעגונג. ווייל יתרו האָט זיך געוואָלט איינ־קויפן ביי די יידן און מקריב געווען קרבנות צו זייער גאָט. — ויהי ממחרת וישב משה לשפט את העם — האָט פּייוול געזונגען ווייטער. זיין קאָפּ איז געלעגן צווישן די אַקסלען. פּחד האָט אים אַ שווער געטאָן פאַר די אויגן. ער האָט געקענט דעם סיפּור־המעשה פון קינדווייז אָן, אָבער יעדעס מאָל האָט ער זיך געשראָקן פאַר משהס משפּט. — מדוע אתה יושב לבדך וכל העם נצב עליך? — האָט פּייוול אַ פרעג געטאָן מיט „טראָפּ" און אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן. אים איז נישט אָנגעשטאַנען, וואָס יתרו מוסרט משהן — ויאמר משה לחתנו כי יבא אלי העם לדרש אלהים — האָט פּייוול מיטן „טראָפּ" געענטפערט. אַה! — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן ווי ער זאָל וואָרטשען. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער העזה. — ויאמר חתן משה אליו לא טוב הדבר אשר אתה עשה — איי, איי, — האָט פּייוול אַ קרעכץ געטאָן נישט קענענדיק איבערטראָגן ווי יתרו רעדט צו משהן. פּייוול האָט מקפּיד געווען אויפן „טראָפּ", אָבער אינעם ניגון זיינעם האָט זיך געפילט ווייטאָג. — יתרו לערנט משהן. אָבער די ווערטער — ויהי אלהים עמך היה אתה לעם — האָט ער געזונגען מיט אַ קרעפטיקער זיכערער שטימע.

דוד איז געשטאַנען ביים פענצטער און מיט אַ נאָגל פון פינגער געקראַצט דאָס אייז פון אַ שייבל. ער האָט געוואָלט זען דעם הויף, די קראָען אויף די דעכער.

די אָפּגעקראַצטע שייבלעך זענען באַלד צוריק פאַרלאָפן און דער פראָסט האָט זיך צוריק אָנגעזעצט אויף זיי. דודן איז געוואָרן דערעסן, ער איז אַוועק פון פענצטער און צוגעגאַנגען צו דער באַנק, וווּ עס איז געלעגן זיין איבעצל.

יאַכעטס אויגן האָבן געדרימלט, אָבער אירע חושים זענען געווען וואַך. אין מויל איז איר געווען טרוקן, אָבער אונטערן האַרץ האָט זי געפילט אַ ווייכקייט, וואָס איז זיך איר צעגאַנגען איבער אַלע אברים.

דוד האָט פאַרקנעפּלט אויף זיך דאָס איבעצל. ער האָט זיך צוגערוקט און ער איז שטיין געבליבן הינטערן פאָטער. ער האָט געקוקט אין ספר אַריין.

פּיוול האָט דערפילט, אַז דער זון שטייט הינטער אים. דוד האָט צוגעברומט מיטן „טראָפּ". פּיוול האָט אַרומגענומען דעם זון — ויאמר ה׳ אל משה לך אל העם וקדשתם היום ומחר וכבסו שמלתם — האָט דוד געזונגען. זיין דינער אַלט האָט פאַרהילכט די שטוב.

פּיוול האָט זיך געשאָקלט איבערן ספר און שטיל געזונגען. ער האָט ווידער אַ מאָל געוואָלט הערן די יידישע געבאָטן. עס האָבן זיך געהערט אָפּגעהאַקטע פּסוקים לויטן טראָפּ, ווי ער זאָל זיך שפּילן מיט די ווערטער. — לא תעשה לך פסל, אָדער — לא תשתחוה להם. ער האָט ווידער זיך צעוויגט איבערן חומש און געזונגען לויטן טראָפּ, מען האָט ווידער געהערט בלויז די נגינה און נישט די ווערטער, אָבער פון מאָל צו מאָל איז ער געבליבן זיצן מיט איינגעקוקטע אויגן אין די שורות און ער האָט הויך אויפן קול מכריז געווען האַלבע פּסוקים — כבד את אביך ואת אמך — לא תרצח — לא תגנוב — לא תחמד — נאָך יעדן רוף איז פּיוול זיצן געבליבן שטיל. זיינע אויגן זענען געווען אויפגעריסן און האָבן געגלאַנצט. זיי האָבן געפרעגט מיט גאווה — האַ? דער ניגון־אָפּקלאַנג האָט וויברירט אין דער שטוב.

יאַכעט האָט געעפנט די אויגן. אין אַלקערל איז געווען נאָך האַלב טונקל. דאָס שטובן־ליכט, וואָס האָט אַדורכגעשיינט דורכן אָפענעם טירל, איז געווען שוואַך.

דוד איז אַוועק צום שענקל. ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַפּערגענומען פון אונטערן שענקל עטלעכע צונויפגעלייגטע בייגעלעך פּאַפּיר. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער זיך אויסגעדרייט צום אויוון. דאָס פּאַפּיר האָט דוד אַמאָל גע־ברענגט פון חדר. ער האָט מיט אַ חבר געמאַכט אַ בייט: פאַר דעם פּאַפּיר געגעבן אים אַ קנאָפּ. דאָס פּאַפּיר איז געווען שוין פאַרגעלט. דוד האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. דער אויוון האָט אים געדינט אַלס אַ טיש. ער האָט געקנייטשט און צונויפגעלייגט אַ בייגעלע פּאַפּיר — זיך געמאַכט אַ „פערד".

די העלקייט אין שטוב איז געווען אַ דייטלעכע שוין. פּיוול האָט גענומען שפּרייזן איבער דער שטוב מיט פאַרלייגטע אויף הינטן הענט. ער האָט געשפּרייזט שיף אויס דער שטוב, ער זאָל האָבן אַ גרעסערן מרחק. דאָס ווייסע טישטעך איבערן טיש, די מעשענע פּאַרטריפּטע לייכטער האָבן געלינדערט דעם גרויען מאָרגן אין שטוב.

פּיוול האָט פון מאָל צו מאָל אַ זיפץ געטאָן. פאַר יעדן זיפץ האָט ער פאַר־האַלטן דעם טריט און דערנאָך געגאַנגען ווייטער. ער האָט זיך געקוויקט מיט דעם „שבת". די ציצית פון זיין טלית־קטן האָבן זיך אים געבאַמבלט אויף די פיס, ווי זיי זאָלן אים אונטערטרייבן.

— איך וויל זיך אָנטאָן — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן און זי איז אַרויסגע־שפּרונגען פון בעט.

רבקהלע איז איר נאָכגעשפּרונגען.

ביידע מיידלעך האָבן זיך אָנגעבויגן. זיי האָבן אָפּערגענומען פון אונטערן בעט זייערע שיך מיט די שטרימפּ און גענומען זיך אָנטאָן.

— איך! איך! — האָט יאָסעלע געשריגן און אויסגעשטרעקט די הענט.

די שטיקלעך באַקן איבער פּייוולס באָרד זענען איינגעשרומפּן. ער האָט געשמייכלט. ער איז צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. מיט איין האַנט האָט ער אָנגענומען יאָסעלען און אים אַרויפגעזעצט אויף דער שויס, מיט דער אַנדערער האַנט אָפּערגעצויגן פון אונטערן בעט דעם יינגלס שיכלעך.

זלאַטעלע האָט זיך אַליין אָנגעטאָן דאָס קליידל, אָבער דער שוועסטער האָט זי געמוזט העלפן. רבקהלע האָט נישט געקענט אַדורכשטופּן די הענט דורך די אַרבל.

פּייוול האָט זיך געפּאָרעט מיטן יינגל און געפּרייכט. די אַרבעט, אַרויפּציִען אויפן יינגלס פוס אַ שטרימפּ און פאַרשנירן אַ שוך, איז אים שווער אָנגעקומען. יאָסעלע האָט געוואָרפן מיט די פיס אומגעדולדיק, געוואָלט דער פאָטער זאָל וואָס שנעלער אים אַראָפּלאָזן אויפן פּאָל. פּייוולס דיקע פינגער האָבן אומגעלומפּערט זיך געפּאָרעט.

דודס „פערד" איז געלעגן אויפן אויוון פּאַרטיק. איצט האָט ער געקנייטשט אַ צווייט בייגעלע פּאַפּיר: אַ „שיף".

דאָס אָפענע טירל פון אַלקערל האָט אַ ציטער געטאָן אויף די זאַוויאַסעס.

— גוט שבת — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן פון אַלקערל אַרויס און זי איז נאָכגעקומען.

— גוט שבת, מאַמע! — האָבן די מיידלעך איר געענטפערט.

— גוט שבת, יידענע — האָט פּייוול איר אַ זאָג געטאָן. די ווערטער זענען אים אַריינגעפאַלן אין דער באָרד אַריין. זיין פּנים האָט געשמייכלט. ער האָט געטאָן ווייטער זיין אַרבעט.

יאַכעט איז געבליבן שטיין פון דער זייט טיר. אַלע קינדער חוץ דודן האָבן זי באַטראַכט. יאַכעטס פּנים איז געווען גלאַטיק, אויסגערוט. אירע באַקן זענען געווען קנאָספּיק און רויט.

פּייוול האָט פאַרביסן די וואָנצע צווישן די ליפּן. יאַכעט האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אירע אויגן־לעפּלעך זענען געווען פייכט. — גוט שבת, זון — האָט זי אַ זאָג געטאָן דודן אַ צעטומלטע און זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום אויוון. אירע רויטע, אויסגעשלאָפענע באַקן האָבן געפלאַמט.

— גוט שבת! גוט שבת! — האָט דוד זי שנעל אָפּגעפּאַרטיקט, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ און געטאָן זיין אַרבעט ווייטער.

אַלע אין שטוב האָבן ווייטער געפּאָרעט זיך. רבקהלע האָט אַוועקגעשטעלט זיך מיטן רוקן צו זלאַטעלען, זי זאָל איר פאַרמאַכן די זאַטשאָסקעס פון הינטן.

יאַכעט האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און זי איז פאַרבייגעגאַנגען פּייוולען. זי איז געגאַנגען צום שעפּל. גייענדיק האָט זי אויף זיך אָנגעצויגן דאָס קלייד.

פּיוול האָט אויסגעגליכן דעם רוקן, מיט בײדע הענט אָנגענומען יאָסעלען אונטער די אָרעמס און אים אַראָפּגעשטעלט אויפן פּאָל. ער האָט אָפּגעזיפּצט, ווי ער זאָל האָבן אָפּגעטאָן אַ שווערע אַרבעט.

— איך גיי צום בעקער — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט.

— גייסט ברענגען די קאַווע? — האָט זלאַטעלע אים אַ פרעג געטאָן און אים אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע אויגן.

פּיוול האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. ביי יעדן וויג האָט די טיר געקאַרצט. זי האָט זיך געריבן אין די זאַוויאַסעס און אין פּאָל, ווי אַן איבערגעפירטער שטעקן אויף אַן אָנגעצויגענער שטריק.

דוד האָט געקנייטשט אַ פריש בייגעלע פּאַפּיר. די קינדער האָבן נייגעריק געקוקט, וואָס ער טוט. דוד האָט געסאָפּעט, ער האָט נישט געקענט איינלייגן דאָס שטיקל פּאַפּיר. אין שטוב איז געווען שטיל. אַלע האָבן געשוויגן.

— קום זיך וואַשן — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן דער שוועסטער און זי אַ ציי געטאָן נאָך זיך. בײדע מיידלעך זענען אַוועק צום שעפל, זלאַטעלע האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער און אָנגעשעפּט אַ שעפּ וואַסער. זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער וואַסערפלאַך, און זיך דערזען. זי האָט זיך באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט, זי האָט זיך נישט געקענט האַלטן אויף די שפּיץ פינגער.

רבקהלע האָט איבערגעשטרעקט די הענט איבערן שעפל.

זלאַטעלע האָט אָנגעגאָסן דער שוועסטערס און אירע הענט.

— מיט זייף — האָט רבקהלע אַ זאָג געטאָן.

— היינט איז שבת — האָט זלאַטעלע איר געענטפערט. זי האָט אַוועקגע־שטעלט די שעפּ און מיט אירע הענט געוואַשן דער שוועסטערס הענט. דערנאָך האָט זי נאָך אַ מאָל אָפּגעגאָסן זייערע הענט און ווידער געטאָן דאָס זעלבע. ערשט איצט האָט זי אָפּגעגאָסן נאָר אירע הענט. זי האָט אָפּגעצוואָגן דער שוועסטערס פּנים און דערנאָך איר פּנים. רבקהלע איז געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן. זלאַטעלע האָט אַ נעם געטאָן דאָס האַנטעך. — נאַ! האָט זי אַ זאָג געטאָן רבקהלען.

רבקהלע האָט געעפנט די אויגן און אָנגעכאַפּט דעם צווייטן עק פון האַנטעך. בײדע מיידלעך האָבן זיך געווישט.

יאַכעט האָט אָנגענומען יאָסעלען ביי אַ האַנט, אים אונטערגעהויבן און אַן צו זאָגן אַ וואָרט, אים צוגעטראָגן צום שעפל.

יאַכעט האָט איבערגעבויגן דאָס ייִנגל. יאָסעלע איז געבליבן הענגען איבערן שעפל. זי האָט מיט אַ פרייער האַנט אָנגענעצט אַן עק פון האַנטעך און מיט דעם נאַסן האַנטעך געווישט דעם ייִנגלס הענט און פּנים.

זלאַטעלע האָט אויסגעשטרעקט אַ פינגער, געגעבן דעם צייכן. בײדע מיידלעך האָבן אין איינעם גענומען דעקלאַמירן — מודה אני לפניך מלך חי וקים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתך.

— אָמן! — האָט דוד צוזאַמען מיט דער מוטער זיי אַ זאָג געטאָן.

— רבקהלע — האָט זלאַטעלע זי אַ רוף געטאָן. זלאַטעלע האָט אויסגע־

שטרעקט די הענט. ביידע מיידלעך האָבן אָנגענומען די באַנק פון ביידע זייטן, זי אָפּגערוקט און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף איר.

די מוטער האָט יאָסעלען צוגעטראָגן צום טיש, אים אַריבערגעטראָגן איבער די מיידלעכס אַקסלען. די מיידלעך האָבן זיך פונאַנדערגערוקט און די מוטער האָט אים אַריינגעזעצט צווישן זיי.

אין שטוב איז געווען שטיל. אַרום די ווענט האָט זיך געפילט די קילקייט פון דרויסן. די קינדער זענען געווען אָנגעטאָן שבתדיק. זיי זענען געזעסן און געוואַרט דער „שבת" זאָל זיך אָנהייבן.

די מוטער איז צוגעגאַנגען צום שענקל און זיך אָנגעבויגן. זי האָט זיך צוריק אויסגעגליכן, געגאַנגען צום טיש און געטראָגן זעקס טעפלעך. די טעפלעך זענען געווען אָנגעטאָן אויף אירע פינגער. יאַכעט האָט פאַר יעדן אַוועקגעשטעלט אַ בלוי עמייל בלעכן טעפל. ביים בענקל אויבן אָן, ווו פּיווול זיצט שטענדיק, האָט זי אַוועקגעשטעלט אַ ווייס עמייל טעפל, דאָפּלט גרויס.

יאַכעט האָט אַרויסגענומען פון שענקל אַ טעלער און זי איז געגאַנגען אין אַלקערל אַריין. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי צוריק אַריין אין שטוב. אויפן טעלער זענען געלעגן עטלעכע קיכלעך. זי האָט צוגעשפּרייזט צום טיש און גענומען פונאַנדערטיילן די קיכלעך. יעדן פון די דריי קינדער האָט זי אַוועקגעלייגט אַ קיכל. דאָרט ווו דוד האָט געדאַרפט זיצן, האָט זי אַוועקגעלייגט צוויי קיכלעך. דאָרט, ווו עס איז געשטאַנען פּיוולס גרויס טעפל, האָט זי גאָרנישט אַוועקגעלייגט. ביי איר טעפל האָט זי אַוועקגעלייגט אַ קיכל מיט אַרומגעברענטע ראַנדן. די קינדערס קיכלעך האָבן געהאַט אַ ראָזשינקע אין דער מיט.

אַ ווײַלע זענען די קינדער געזעסן און זיך נישט גערירט פון אָרט. זיי האָבן געקוקט, באַטראַכט די קיכלעך. אַרום דעם טיש האָט זיך געפילט דער ריח פון געבעקס.

רבקהלע האָט אַ צמאַקע געטאָן מיט דער צונג. זי האָט געהאַט אַ פול מויל מיט שפּייעכץ. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי זי זאָל זיך שעמען, און אַראָפּגעצופּט די ראָזשינקע פון איר קיכל. די ראָזשינקע האָט זי אַריינגעכאַפּט אין מויל און גענומען מליאַסקען מיט די ליפּן.

— וואַרט! — האָט זלאַטעלע בייז איר אַ זאָג געטאָן. זי האָט מיט איר כעס פאַרשטעלט איר חשק צו טאָן דאָס זעלבע.

יאָסעלע האָט אָנגענומען דאָס קיכל מיט ביידע הענט און אָנגעביסן אַ שטיקל. ער האָט שוין געהאַט אַ פול מויל. זלאַטעלע האָט מיט צוויי פינגער אַ נעם געטאָן אַ קרישקע פון יאָסעלעס קיכל און זי אַריינגעכאַפּט אין מויל אַריין.

אויך דוד האָט דערפילט דעם ריח פון געבעקס. ער האָט שנעל צונויפגעלייגט זיינע אויסגעפּאַרטיקטע שפּילעכלעך און זיי אַריינגעלייגט אין דער הויזן־טאַש. די פּאַפּירן האָט ער שנעל אַרונטערגערוקט אונטערן שענקל און ער האָט אַ שפּרייז געטאָן צום טיש.

די טיר האָט זיך לאַנגזאַם געעפנט. אין דורכגאַנג איז געשטאַנען פּיוול,

ווי ער זאָל מיטן בויך האָבן אויפגעשטופּט די טיר. די קינדער ביים טיש האָבן זיך אין אים איינגעקוקט.

דוד האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— מען גייט עסן! — האָט ער אָנגעזאָגט און ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש, ווי ער זאָל וועלן עס זאָל זיין שטיל.

פּייוול האָט מיטן שפּיץ פון שטיוול צוגעמאַכט די טיר. ער האָט די קרוג געהאַלטן ביים אויער, ווי ער זאָל האַלטן אַ שפּענדל אין האַנט. — האַ! — האָט ער אַ בלאָז געטאָן פון זיך און זיינע באַקן האָבן זיך אויסגעדענט. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן, די קרוג קאַווע אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון און אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט. די האַנט איז געווען שטייף פון קעלט.

יאַכעט האָט זיך אָנגעבויגן און פּאַמעלעך אָפּגעריסן דאָס שטייפע צוגעדעקטע פּאַפּיר, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן איבער דער קרוג. זי האָט זיך געהיטן, זי זאָל נישט אָפּבריען די פינגער. זי האָט אונטערגעהויבן דאָס שטערצל און אַ שמעק געטאָן צו דער קאַווע. — אַ מחיה — האָט זי אַ זאָג געטאָן און צוריק צוגעדעקט די קרוג. אין שטוב האָט זיך דערפילט דער ציקאָריע־ריח.

יאַכעט האָט אָפּגעדעקט די קרוג און זי איז מיט איר אַוועק צום טיש.

פּייוול האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן די באַנדע. זיין פּנים איז געווען פייכט, האָט געטייעט, נאָר די שפּיצן פון דער נאָז און פון די אויערן זענען נאָך געווען רויט.

יאַכעט האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש, האַלטנדיק מיט איין האַנט די קרוג ביים אויער. פון די טעפּלעך און דער קרוג האָט געזעצט אַ פּאַרע. דער טיש איז געווען איבערגעדעקט, ווי מיט אַ נעפּל. די וואַרעמקייט אין שטוב האָט זיך אַדורכגענומען מיט דעם ציקאָריע־ריח.

פּייוול איז געשטאַנען אָן אָנגעלעהנטער אין בעט. ער האָט געקוקט ווי די קינדער עסן. דער גומען איז אים געווען נאַס. ער האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך דעם ריח פון דער קאָכעדיקער קאַווע.

יאַכעט האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זיך האָבן עפּעס דער־מאָנט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף פּייוולען.

— נו? — האָט זי פאַרווונדערט אים אַ פרעג געטאָן.

פּייוול האָט זיך אָנגעבויגן, אויסגעשטרעקט אַ האַנט און אָנגענומען זיין טעפּל ציקאָריע. זיינע ליפּן האָבן עטלעכע מאָל זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי זיי זאָלן ציטערן, און אַ זאָג געטאָן „נהיה בדברו״. פּייוול האָט אַ זופּ געטאָן פון טעפּל.

דוד האָט שנעל אויפגעגעסן דאָס ערשטע קיכל. ער איז געווען הונגעריק. ער האָט אָפּגעריסן דעם רוקן פון בענקל־אָנלען און זיך איבערגעבויגן איבערן טיש. מיט איין האַנט האָט ער אָנגענומען דאָס צווייטע קיכל, מיט דער אַנדערער האַנט דאָס טעפּל, און ער האָט געגעסן ווייטער. ער האָט אַ ביס געטאָן און נאָכ־געטרונקען. איצט האָט ער געגעסן לאַנגזאַם, ווי עס זאָל אים אַ שאָד זיין ענדיקן.

יאַכעט איז אַרומגעגאַנגען דעם טיש. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אויפגעהויבן

די קרוג פון פאַל און אַריינגעקוקט אין איר. זי האָט איבערגעבויגן די קרוג און די רעשט ציקאָריע אַריינגעגאָסן אין פּיוולס טעפּל. — טרינק! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און צוריק אַראָפּגעשטעלט די קרוג אויפן פאַל.

אין שטוב איז געווען שטיל. דער שאַרפער ציקאָריע־ריח האָט לאַנגזאַם געוועפּט. עס האָט זיך ווידער געפילט די אָפּגעקילטע וואַרעמקייט, נאָר אין דער נידער איבערן פאַל האָט שפּאַצירט אַ לייכטע קעלט.

פּיוול איז אַוועק צום קיבעל. ער האָט מיט דער שעפּ אָנגעשעפּט אַ ביסל וואַסער, זיך אָנגעגאָסן די פינגער און זיי אויסגעווישט אין האַנטעך. לאַנגזאַם האָט ער אויסגעדרייט זיין גוף, נישט רירנדיק זיך פון אָרט, ווי ער זאָל נישט קענען רירן מיטן קאָרק. ערשט איצט האָט ער געגומען גיין. נאָך יעדן שריט זענען זיינע פיס ווי שטיין געבליבן. גייענדיק האָט ער זיך פאַרקנעפּלט אַ קנאָפּ פון דער איביצע און ער האָט זיך אַרומגעגאַרטלט מיט דעם גאַרטל, וואָס איז געווען ביי אים אין טאַש. ער איז אַריין אין אַלקערל. די קינדער האָבן אים באַגלייט מיט די אויגן. קיינער פון זיי האָט זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט.

פּיוול איז אַריין אין אַלקער און אַריינגעבערענגט פון דאָרט דעם טלית. זיין שריט איז איצט געווען אַ געמאָסטענער. אין מיטן שטוב איז ער געבליבן שטיין. ער האָט שנעל פונאַנדערגעלאָזט דעם טלית און זיך איינגעוויקלט אין אים.

דוד איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בענקל. ער האָט מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט צוגעשפּאַנט צו דער טיר, ווו דער האָק האָט זיך געפונען און אונטער־געהויבן דעם פּאָטערס באָנדע. ער האָט אַראָפּגענומען זיין פּאַלטן, אים אָנגעטאָן און אַ נעם געטאָן דעם סידור פון טיש. ער איז געווען גרייט.

פּיוול האָט זיין באָנדע אָנגעטאָן אויפן טלית. זיין באָנדע איז געווען גענוג גרויס. ער האָט זי נישט פאַרקנעפּלט, נאָר פאַרלייגט איין פּאָלע אויף דער אַנדע־רער און זיי צוגעהאַלטן מיט די הענט.

— אַ גוטן שבת! — האָט דוד אַ זאָג געטאָן און אַ לויף געטאָן צו דער טיר.

— אַ גוטן שבת! אַ גוטן שבת! — האָט פּיוול אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך אונטערזיינגען, און ער איז נאָכגעגאַנגען דעם זון.

— אַ גוטן שבת! אַ גוט יאָר! — האָט יאַכעט געענטפערט און נאָכגעקוקט די מענער אירע.

דוד האָט מיט אַ זייט צוגעשטופּט די טיר, מיטן עלנבויגן אונטערגעהויבן דעם סקאָבל. די טיר איז אָפּגעשפּרונגען. אַ קעלט האָט זיך אַריינגעריסן אין שטוב.

— אָ! — האָבןביידע מיידלעך אַ קרעכץ געטאָן און זיך צוגעטוליעט איינע צו די אַנדערע.

אין שטוב איז געווען שטיל. דער קלאַפּ פון דער צוגעמאַכטער טיר האָט געהילכט אין חלל. די אָנגעלאָפענע קעלט האָט זיך צעשפּרייט אין דער שטובי־קער וואַרעמקייט. די צוגעטוליעטע צו זיך שוועסטערן האָבן זיך אָפּגעריסן איינע פון דער אַנדערער. זיי זענען געזעסן און געוואַרט אויף דעם שבת־המשך, ווי

יעדע וואָך. די פענצטער־שייבלעך זענען געווען פאַרפרוירן, מאַט ווייס, ווי מילך, אָבער די שיין פון דרויסן האָט זיך אַדורכגעשלאָגן דורך זיי.

דער פּאָל אונטערן פענצטער איז געווען העלער ווי אין דער רעשט שטוב. די טראָטשינעס אויפן פּאָל זענען שוין געווען אויסגעטרעטן.

דער סקאַבל אין דער טיר האָט אַ צימבל געטאָן, די טיר איז אויפגעשפּרונ־גען. סטאַך איז אַריין אין שטוב. דער הויך־אויסגעוואַקסענער שייגעץ מיטן מילכ־ווייסן פּנים איז געבליבן שטיין ביי דער טיר. ער איז געווען אָנגעטאָן אַזוי ווי נעכטן ביי נאַכט, נאָר דער קאָלנער פון זיין קורטקע איז איצט געווען אויפגע־שטעלט. אַ ווײַלע איז דער שייגעץ געשטאַנען און זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי ער זאָל נישט וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן. יעדן געוויינלעכן טאָג, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען אונטער פייוולס פענצטער, האָט ער אַריינגעשריגן „זשי־דזשע!", צי עס האָט יאָ ווער געהערט, צי נישט. אָבער שבת, ווען ער איז אַריינ־געלאָפן צו פייוולען אין שטוב אונטערצינדן דעם אויוון און ער האָט דערזען דאָס ווייסע אויסגעשפּרייטע אויפן טיש טישטעך און די מעשענע לייכטער, האָט ער פאַרלוירן זיין געוואַגטקייט. דער שייגעץ איז געשטאַנען און געקוקט מיט זיינע וואַסערבלויע אויגן אויף די שטוביקע, ווי ער זאָל זיי זען דאָס ערשטע מאָל און ער האָט צו זיי געשמייכלט. זיין שמייכל איז געווען אַן אומבאַהאָלפענער.

— פּאָדפּאַל! (צינד אונטער) — האָט זלאַטעלע אים אַ זאָג געטאָן און אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— טאַכטער, מען טאָר נישט — האָט די מוטער אַן אויפגעציטערטע איר אַ זאָג געטאָן און צוגעטוליעט יאָסעלען צו זיך.

סטאַך האָט אַ שפּרונג געטאָן צום אויוון, זיך איינגעשפּיגן די הענט און זיי אויסגעריבן אין די הויזן. ער האָט זיך אַראָפּגערוקט די צאָפּע אויף הינטן, ער זאָל זען, אַוועקגערוקט די פייערקע און מיט צוויי פינגער פונאַנדערגעשאַרט דאָס אַש. ער האָט זיך אָנגעבויגן און פון אויוון־גרוב אַרויסגענומען עטלעכע שטיק־לעך קוילן און זיי אַריינגעלייגט אין אויוון. פון דער פּושקע האָט ער אַרויסגענו־מען עטלעכע שטיקלעך קין און פונאַנדערגעסדרט אויף די קוילן.

יאַכעט האָט איבערגעזעצט יאָסעלען פון איין האַנט אויף דער אַנדערער און זי איז מיט אים אַריין אין אַלקערל.

די מיידלעכס אויגן האָבן נישט גערוט. זיי האָבן נאָכגעקוקט סטאַכן וואָס ער טוט.

דער שייגעץ האָט זיך אָנגעבויגן, אָפּערגענומען אַ גאַרשטש צעברעקלטע קוילן און זיי אַרויפגעלייגט אויף די שפּענדלעך. נאָך צוויי מאָל האָט ער געטאָן דאָס זעלבע. איצט האָט ער אַריינגעטאָן די האַנט אין טאַש און אַרויסגענומען זיינע שוועבעלעך. ער האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע און ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַק, אַ פלעמל האָט אַ פלאַקער געטאָן.

סטאַך האָט דאָס אָנגעצונדענע שוועבעלע לאַנגזאַם צוגעטראָגן צו דער פּיי־

ערקע, עס אַריינגערוקט פון דער זייט צווישן די שפּענדלעך קין, און צוריק פאַררוקט די פייערקע. אַ סוואַנד האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער שטוב.

יאַכעט איז צוריקגעקומען. זי האָט געהאַלטן אַ קיכל אין האַנט.

דער סוואַנד אין שטוב איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. די אָנגעכאַפּטע קוילן האָבן געזשוזשעט. סטאַך האָט ווידער געווישט זיך די הענט אין די הויזן.

יאַכעט האָט אים דערלאַנגט דאָס קיכל אָן צו זאָגן אים אַ וואָרט.

דער שייגעץ האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קיכל און עס אַריינגערוקט אין דער בוזעמטאַש. ער האָט צוריק אַראָפּגערוקט זיך די צאָפּע איבער די אויגן, אַריינגעשטופּט אונטער דער צאָפּע די שפּיצן פון זיינע אויערן און אַ שפּריי געטאָן צו דער טיר.

אונטער דער אויוון־בלעך איז ליכטיק געוואָרן. דאָס פייער האָט זיך פונאַנדערגעברענט.

## יא

דוד איז געלאָפן מיט אימפּעט איבערן דורכגעפרוירענעם פאָדערהויז. ער איז געלאָפן האַלטנדיק דעם קאָפּ אַראָפּ, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז ער וועט זיך אין עפּעס שטויסן. ער איז אַריבערגעשפּרונגען די שוועל און געבליבן שטיין אויף דער גאַס. ער האָט אַרונטערגעשטופּט דעם סידור אונטערן אָרעם און די הענט אַריינגעשטופּט אין די טאַשן. די קעלט האָט אים אַדורכגענומען.

דוד האָט אַרויפגעקוקט, געזוכט די קראָען אויף די דעכער. ער האָט געזוכט די קראָען און געהאָרכט, ווי די טעלעפאָן־דראָטן איבער די דעכער רוישן.

— טאַטע, ביז וואַנען דערגייען די דראָטן? — האָט דוד אַ פרעג געטאָן.

פייוול האָט נישט געענטפערט. ער האָט נישט געוווּסט. ער האָט אַריינגערוקט די הענט אין די אַרבל. די קעלט האָט אים געשטאָכן אונטער די פינגער. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן זענען געווען רויִק. ער איז געשטאַנען און געקוקט פאַר זיך.

דער טיפער שניי אויף דער ערד איז געווען איינגעפרוירן. די פאַרשנייטע דעכער זענען ווי געלעגן אויפן שניי. דער הימל האָט אויסגעזען, ווי ער זאָל זיין אַדורכגעמישט מיט מילכוויים.

דוד האָט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ געקוקט אין געסל אַריין. ער איז געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אין שטעטל.

— קום — האָט פייוול אַ זאָג געטאָן.

דער אויסגעטראָטענער שטעג האָט זיך געשלענגלט צווישן די כאַטעס, ווי אַ לענטע. זיי זענען געגאַנגען פאַרזיכטיק, ווי איבער אַ בריקל. זיי האָבן נישט געוואָלט איינטרעטן אין שניי. דער אָנגעפרוירענער שניי האָט געסקריפּעט אונטער זייערע אויסגעטריקנטע שטיוול.

די עטלעכע פאַרשנייטע כאַטעס פוןביידע זייטן געסל זענען געלעגן אויף דער פאַרשנייטער ערד, ווי קופּעס. אַ טיר האָט זיך אין ערגעץ נישט געעפנט. נאָר די דינע שנירלעך רויך, וואָס האָבן זיך געדריוולט פון די קוימענס גלייך אין הימל אַריין, זענען געווען דער סימן, אַז מענטשן וווינען דאָרט.

אין ראָג פון געסל איז געשטאַנען אַ הויכער, ברייטביינִיקער ייִד. דער ייִד, אין אַ ברוין פוטער מיט אַ שוואַרצן שעפּסענעם קאָלנער, האָט פון ווייטנס אויס־געזען, ווי ער זאָל זיין איינגעפּאַקט אין פוטער. די הענט זיינע זענען געווען פאַררוקט אין די אַרבל, ווי אין אַ מופע. זיין שוואַרצע באָרד איז געלעגן אויפן פוטער ווי אַ האַלדזטיכל.

— גוט־שבת, בעריש! — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן אים פון ווייטנס און אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

דוד האָט אַ צי געטאָן דעם פאָטער ביי דער פּאָלע. ער האָט געוואָלט דער פאָטער זאָל גיין מיט בערישן דורך די געסלעך. דאָרט האָבן געוווינט זיינע חדר־חברים.

— פּייוול, אַ גוט־שבת דיר! — האָט בעריש אים געענטפערט און זיך אַ פאַרנעם געטאָן אין געסל אַריין לינקס.

— דאָ אַרום גייסט דו? — האָט פּייוול אַ פרעג געטאָן בערישן — קום מיט מיר.

— אַ גוטן שבת! — האָט בעריש אַ זאָג געטאָן און ער איז זיך געגאַנגען זיין וועג.

פּייוול מיטן זון זענען אַרונטערגעגאַנגען אונטער אַ טויבער הילצערנער וואַנט פון אַ שטאַל. פּייוול האָט געוואָלט זען אַ סך יידן שבת אין שטעטל.

פּייוול איז געגאַנגען פּאַמעלעך, אָבער מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט. ער האָט אָפּגעלייגט וועג, ער האָט געוואָלט אַדורכגיין דעם מאַרק. ער איז געגאַנגען דורך דעם לאַנגן פאַרשנייטן פּלאַץ, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען נאָר איינ־צלנע הייזער. דער שניי אויפן שטח איז געווען ווייניק אויסגעטראָטן. אויף דעם שטח אַרום, אין די געסלעך און אין די הייף, איז די אויבערשטע שיכטע שניי געווען אָפּגעלעגן, כמעט שוואַרץ. דאָ און דאָרט האָט אַן אויסגעטרעטענער שטעג איבערגעהאַקט דעם שניי אויפן שטח. ווו נישט ווו איז אַ שטיק שניי געווען געל ווי געפאַרבט, אָדער שוואַרץ צעגאַנגען לויטן אינהאַלט פון פּאַמעשאַף, וואָס מענטשן האָבן אויסגעגאָסן. די איינצלנע פאַרשנייטע הייזער האָבן פון ווייטנס אויסגעזען ווי שטייענדיקע, אָדער ליגנדיקע פאַרפרוירענע קאַסטנס. די קעלט דאָ איז געווען שאַרפער, ווי אין די געסלעך. דער שטח איז געווען אָפן.

פּייוול האָט זיך געהאַלטן ווייט פון די הייזער, געשפּרייזט איבער דעם פּלאַץ שיף־אויס. זיין שטעג איז געווען קוים אויסגעטראָטן.

דוד איז אים נאָכגעגאַנגען פוסטריט. ער האָט זיינע פיס אַריינגעשטעלט אין דעם פאָטערס שטיוול־אָפּדרוק. אַזוי איז זיך אים געגאַנגען לייכטער. ביי יעדן טריט, וואָס דאָס ייִנגל האָט געמאַכט, האָט ער זיך אַ וויג געטאָן, ווי ער

זאָל זיין באַלאָדנט. דער שטח, ווו זיי זענען געגאַנגען, האָבן די שטעטלדיקע גערופן „דער גאָלער פּלאַץ”. די ערד דאָ איז געווען האַרט. עס איז אויף איר גאָרנישט געוואַקסן.

דוד האָט זיך אָנגעבויגן. ער האָט אָנגענומען אַ הויפן שניי און שנעל פֿאַרקנעטן אַ קויל. ער איז אונטערגעשפּרונגען און זיך פֿאַרצילעוועט, אַ שליידער געטאָן די קויל שניי. אַ סטאַדע פֿאַרביקע טויבן האָבן זיך אונטערגעריסן, זענען אָפּגעפֿלויגן פֿון דאַך. זיי האָבן געקלאַפּט מיט די פֿליגל, ווי זיי זאָלן אַדורכלופֿטערן די קעלט.

— דוד, שבת — האָט דער טאַטער מיט פֿאַרוווּרף אַ זאָג געטאָן און אַליין געקוקט ווי די טויבן פֿליען. די טויבן האָבן זיך געדרייט, זענען געפֿלויגן אויף דעם זעלבן אָרט, נישט געוואָלט אַוועקפֿליען פֿון זייער דאַך.

דוד איז געשטאַנען מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ אין דער הויך. ער האָט געוואָלט דערקענען אין פֿלי פֿון וואָס פֿאַראַ ראַסע יעדע טויב איז.

— פּאָטשטאָווע! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַנטציקונג.

פּייוול מיטן זון זענען געגאַנגען ווייטער. דאָס געסל איז געווען לאַנג און שמאָל. די כאַטעס דאָ זענען געווען נידעריקע מיט שיפּע שינדל־דעכער אַרום זיך. אַרום יעדער כאַטע איז געווען אַן אַרומגעצוימט גערטנדל, צוויי דריי הויך אויסגעוואַקסענעביימער און אַן איינגעגראָבענע אין דער ערד באַנק, פֿאַר דער טיר. דער שניי איבער די דעכער און איבער די פּלויטן איז דאָ געווען ווייכער און פּוכיקער ווי אין די ברייטע געסלעך. דער אַדורכגאַנג אינעם שמאָלן געסל האָט קוים אָפּגעטיילט איין פּלויט פֿון אַנדערן. ווען דער שניי איז נישט געלעגן אויף דער ערד האָט מען געזען, אַז דאָס געסל איז אויסגעלייגט מיט דינע, קרומע שטיינער. דער גאַסן־ברוק האָט אויסגעזען ווי אַן איבערגעקערטע וואַנט. דאָס געסל האָט נישט געהאַט קיין נאָמען. די יידן האָבן עס גערופֿן דאָס „דאָרף־געסל”.

אין דעם געסל איז פּייוול ווידער געגאַנגען מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט. דער שמאָלער דורכגאַנג האָט אים געפֿירט. דוד איז געבליבן הינטערשטעליק.

— גוט־שבת, פּייוול! — האָט אַ קול הילכיק אויסגעשריגן.

— גוט־שבת, איציק! — האָט פּייוול געענטפֿערט.

פּייוול איז אונטערגעגאַנגען און געבליבן שטיין איציקן אַנטקעגן. איין ייד האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. איינער האָט דעם אַנדערן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.ביידנס פּנימער זענען געווען אויסגעלייטערט. איציקס גרויע אויגן האָבן געגלאַנצט. דוד איז אַנטקעגנגעקומען און אויך ער איז שטיין געבליבן. איציק האָט אָנגעקוקט דאָס יינגל. ער האָט אַ ווייז געטאָן מיט אַ פֿינגער אויף דודן. פּייוול האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַשטעטיקט, אַז דוד איז זיין זון.

איציק, אַ נידעריקער, ברייטבייניקער זשוואַווער ייד, האָט געהאַט אַ קיילעכיקן קאָפּ, אַ לאַנגע שוואַרצע מיט גרויע האָר אַדורכגעוועבטע באָרד. זיינע אברים און דער קאָפּ, די אויערן, זיין נאָז, דאָס מויל און די ליפּן, זענען געווען

ווי אויסגעטאָקט. זיין בליק איז געווען שאַרף, אָבער מיט אַ שמייכל. די באַקן זיינע זענען געווען אַדורכגעוועבט מיט רויטע אָדערלעך. איציק האָט געטראָגן אַ קורץ שעפּסן־פוטער מיט אַ טכוירענעם קאָלנער, „גימזינע״ שטיוול מיט ווייכע כאָלעוועס און אַ הויך „קאַרקולן״ היטל. ער האָט אויסגעזען העכער ווי ער איז געווען.

דער פאַרנט פון איציקס הויז איז געווען אַ שמאָלער. אויף אַ טייל פון זיין זיין פּלאַץ האָט איציק געהאַט אַן „איינפאָר״. אין הויף הינטן האָט איציק געהאַט אַ פערדשטאַל. דער אַריינפאָר איז געווען פאַרצוימט מיט אַ פּאַרקן, אין וועלכן עס איז געווען אַ צווייטיריקער טויער. דאָס טויער איז געווען פאַרקלינעוועט מיט אַ בעלקע, עס זאָל נישט לייכט זיין צו עפענען. דער איינגאַנג צו איציקן אין הויז אַריין איז געווען דורך צוויי טרעפּלעך. זיין טויער איז געווען געשאַלעוועט. פון איין זייט פוטרינע איז געווען צוגעקלאַפּט אַ הילצערנע מזוזה פון אַליון־האָלץ. אַ סך יידן און יידענעס אין שטעטל האָבן זיך די מי געגעבן פאַרבייגיין איציקס הויז. יעדער האָט געוואָלט אַ קוש טאָן די מזוזה. ביי די מענטשן אין שטעטל איז געווען אָנגענומען, אַז איציק האָט די מזוזה געקויפט ביי אַן אַרץ־ישראל־שליח פאַר אַ סך געלט.

פון הינטערן הויז, פון דער לינקער זייט, וווּ דאָס הויז איז נישט געווען אַרומגעצוימט, זענען אַפּערגעקומען צוויי בחורים.

— אַט גייען מיינע תכשיטים — האָט איציק אַ זאָג געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַ צופרידענער.

די בחורים זענען געגאַנגען שנעל. אַז זיי זענען צוגעקומען צום פאָדערשטן פּלויט, האָט דער עלטערער אַ קוק געטאָן איבערן פּלויט אַריבער.

— פּייוול דער זשאַרנאָוועצער — האָט ער אַ זאָג געטאָן דעם יינגערן. אַז זיי זענען אַריין אין געסל האָבן ביידע אַ זאָג געטאָן „גוט־שבת, פּייוול״ — און זיי זענען שטיין געבליבן מיט די פּלייצעס צום פּלויט. אַ ווײַלע האָבן אַלע אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן.

— וואָס מאַכט אַ ייד? — האָט דער עלטערער בחור אַ פרעג געטאָן פּייוולען.

— געלויבט השם יתברך — האָט פּייוול געענטפערט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

דוד איז געשטאַנען מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און תמימותדיק באַטראַכט די בחורים.

ביידע, שלום דער עלטערער און ברוך דער יינגערער, זענען געווען ענלעך איינער צום אַנדערן. גבורה האָט געשפּראָצט פון זייערע אברים. שלומס פּנים איז געווען פאַרצויגן מיט אַ שוואַרצן, געדיכטן האָרשפּראָץ, ווי אַ וואַלדמאַך.

— ברוך, וועסט מיר אויפנעמען, אַז דו וועסט פאָרן מיט אַ פערד? — האָט דוד אים אַ פרעג געטאָן.

אַלע האָבן אָנגעקוקט דודן.

— יאָ, ברוך? — האָט דוד אים נישט אָפּגעלאָזט.

ברוך האָט געשוויגן, געקוקט אויף זײַנעם און דודס טאַטן.

שלום האָט מיט צוויי פינגער־שפּיצן אַ ציפּ געטאָן זיך אַ הערל פון זיין יונגער באָרד.ביידע, שלום און ברוך, האָבן געטראָגן באַצויגענע מיט גרויער סחורה שעפּסענע פוטערס. די מלבושים זענען געווען לויט זייער מאָס. זיי האָבן אויך געטראָגן „כראָמאָווע״ שטיוול מיט שמאָלע כאָלעוועס. אַ לאַנג און זאַט אויסגעצויגן פערד־געהירזשע האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער סביבה. איציקס זין האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, געהאָרכט.

— דאָס פערד איז אַנטלאָפן — האָט דוד אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך פרעגן.

איציק האָט אַ קניפּ געטאָן דודן אין בעקל. אויף דודס באַק איז געבליבן אַ בלויער צייכן. דוד האָט זיך אויסגעריבן די באַק.

פייוול האָט אָנגענומען דודן ביי דער האַנט.

— מען דאַרף גיין דאַוונען.

איציק האָט אַ שאָקל געטאָן פייוולען מיטן קאָפּ. ער און די זין זענען נאָכגעגאַנגען פייוולען. אין גאַנג האָט איציק אויסגעגליכן זיין שריט מיט פייוולס. איציק האָט געהאַט אַ קליינעם שריט, ער איז ווי נאָכגעלאָפן פייוולען. פייוול האָט נאָכגעלאָזט דודן און אַלע זין זענען געגאַנגען הינטער די טאַטעס.

— די פויערים פאַרקויפן זיך אויס ? — האָט איציק אַ פרעג געטאָן פייוולען.

— ווי יעדן ווינטער. די רייכע האַלטן די בהמות, די אָרעמע פאַרקויפן זיי — האָט פייוול אים געענטפערט.

איציק האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און זיך אומגעקוקט. דאָס געסל איז געווען ליידיק. ביי אַ האַלצערנער כאַטע מיט אַ שיפן דאַך ווי אַלע כאַטעס, צוויי הייזער ווייטער פון איציקס כאַטע, איז איציק געבליבן שטיין און אַלע הינטער אים. איציק האָט פון ווייטנס אַ קוק געטאָן אין פענצטער אַריין. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער צוגעגאַנגען צום טויער. דאָס טויער איז געווען צוגעלענט. איציק האָט אויפגעהויבן אַ פאַרמאַכטע פויסט און צוויי מאָל אָנגעקלאַפּט אין טויער. דאָס טויער האָט זיך אַ וויג געטאָן אויף די זאַוויאַסעס.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט מיט אימפּעט. אַ בלאָנד יינגעלע אין אַ גראַ־נאַטענעם פּאַלטן, שטיוועלעך און אַ וואָלן געשטריקט היטל איז אַרויסגעלאָפן פון הויז. אַ הויכער, ברייטביייניקער ייד מיט אַ קיילעכדיקער שוואַרצער באָרד, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, האָט איילִיק אַריבערגעשטעלט אַ פוס איבער דער שוועל פון הויז.

— גוט־שבת, יידן ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. ער האָט געשמייכלט און אַ דערשטוינטער זיך אומגעקוקט. דאָס יינגל איז צוגעלאָפן צו איציקן.

— גוט־שבת, זיידע — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף איציקס פוס.

איציק האָט מיט ביידע הענט געטוליעט צו זיך דעם יינגלס קאָפּ און אַ זאָג געטאָן זיך : — מיין חיות !

עזריאל, איציקס עלטסטער זון, דעם יינגלס פאָטער, איז געווען ענלעך צו זיינע ברידער. ער איז נאָר געווען גרעסער און שטאַרקער פון זיי. אויך אָנגעטאָן איז ער געווען ווי זיי. ביי די שניידערס און שוסטערס האָט מען באַשטעלט פאַר דער גאַנצער משפחה אין איינעם.

— בנים! געגאַנגען! עס איז שבת! — האָט איציק אַ באַפעל געטאָן און גענומען גיין.

פייוול איז אונטערגעגאַנגען צו איציקן און זיך מיט אים אויסגעגליכן אין גאַנג.

— שמילע, קום! — האָט דוד זיך אַ ווענד געטאָן צום יינגל און ער איז איבערגעלאָפן דעם פאָטער. שמילע איז נאָכגעלאָפן דודן.

פייוול האָט זיך אָנגעבויגן צו איציקן. ער האָט אַ קוק געטאָן מיט אַן אויג אין דער זייט, צי מען הערט אים נישט אונטער, און ער האָט אַ פרעג געטאָן איציקן:

— גרייטסט זיך צו שמחות?

— מיטן אייבערשטנס הילף — האָט איציק אים געענטפערט — איך האָב וואָס צו פאַרקנסן — האָט ער שטאָלץ צוגעגעבן.

— „מערטשישעם" (אם־ירצה־השם) מאָרגן וועל איך זיך צוכאַפּן צו מאַטשעיען קיין לאָבזיוו — האָט עזריאל אַ זאָג געטאָן די גאַנצע משפחה זאָל הערן.

— שבת — האָט איציק דער פאָטער אים אַ זאָג געטאָן. עס איז געוואָרן שטיל. די יידן זענען געגאַנגען ווייטער. מען האָט נאָר געהערט דעם שנייסקריפּ אונטער זייערע שטיוול.

עטלעכע כאַטעס ווייטער אויף דער זעלבער זייט געסל איז איציק געבליבן שטיין און אַלע — נאָך אים. ברוך האָט פלינק אַ שפּרייז געטאָן, אָפּגעשטופּט דאָס טויער און איז אַריין אין הויז. די כאַטע איז געווען ברייט און נידעריק. די ווענט אירע זענען שוין געווען קיילעכיק, ווי די כאַטע זאָל זיין מעוברתדיק. דער שפּיציק הויכער דאַך האָט מיט די ראַנדן ווי דערגרייכט דעם שניי אויף דער ערד. די כאַטע איז געווען איינע פון די ערשטע אין געסל.

ברוך האָט זיך לאַנג נישט געזוימט. אינעם טויער וואָס איז געווען גלייך מיט דער גאַס האָט זיך באַוויזן אַ נידעריקער אַלטער ייד. דער ייד איז געגאַנגען מיט דראָבנע אָבער זיכערע טריט. הינטער אים איז געגאַנגען ברוך.

— גוט־שבת, טאַטע! — האָט איציק אים אַ זאָג געטאָן. זיינע גרויע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אינעם אַלטן טאַטן.

— גוט־שבת, לאָזער! — האָט פייוול אים געענטפערט.

— גוט־שבת, זיידע! — האָבן די אייניקלעך אים געגריסט.

— גוט־שבת, גוט־שבת, קינדער — האָט דער אַלטער זיי געענטפערט. דער עכאָ פון „גוט שבת"ן האָט זיך געטראָגן איבערן געסל. דעם אַלטנס גרויע אויגן האָבן געקוקט נייגעריק, ער האָט באַטראַכט איינעם נאָכן אַנדערן. זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף די צוויי יינגלעך, וואָס זענען געשטאַנען צוזאַמען. דער אַלטער

האָט געהאַט אַ קורץ ברייט פּנים מיט אַ ברייטער גאָמבע, וואָס איז געווען באַ־וואַקסן מיט אַ לאַנגער, ווייסער, שפּיציקער באָרד. די ווייסקייט איז געווען געלב־לעך פון אַלטקייט.

— קינדער — האָט דער אַלטער אַ זאָג געטאָן און אַ רוף געטאָן די ייִנגלעך מיט אַ פינגער.

ביידע ייִנגלעך זענען צוגעגאַנגען צו אים. לאָזער האָט זיך אָנגעבויגן און מיט צוויי קורצע דיקע פינגער אַ קניפּ געטאָן שמילען אין בעקל. זיינע גרויע אַלטע אויגן זענען געוואָרן דורכזיכטיק. זיי האָבן געגלאַנצט. שמילע איז אַוועקגעלאָפן פון אַלטן. איציק האָט אים באַגלייט מיט די אויגן. דוד האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט. שמילע איז צוגעלאָפן צום פאָטער. ער האָט אָנגעלענט זיין קאָפּ אויפן פאָטערס קני. שמילע האָט זיך די מי געגעבן, ער זאָל זיך נישט צעוויינען.

— דער זיידע לאָזער האָט דיך האָלט — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן שמילען און אים אָנגענומען ביי דער האַנט.

דעם ייִנגלס אויגן האָבן געקוקט פון אונטערן שטערן אָפּער.

דוד איז געשטאַנען אין דער זייט. ער האָט געקוקט און געוואַרט, וואָס דער אַלטער לאָזער וועט איצט טאָן.

— דאָס איז דאַהנער? (דיינער) — האָט לאָזער זיך אַ ווענד געטאָן צו פייוולען אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף דודן.

— דער בכור — האָט פייוול אַ זאָג געטאָן לאָזערן.

— פאַהן, פאַהן (פיין) כן ירבו — האָט דער אַלטער געזאָגט און גענומען גיין. אַלע זענען אים נאָכגעגאַנגען. דער אַלטער האָט געטראָגן אַ ברייט לאַנג שעפּסן־פוטער. מען האָט נאָר אַרויסגעזען די פּשישוועס פון זיינע שטיוול. דער פוטער האָט געהאַט אַ ברייטן שוואַרצן פאַקענעם קאָלנער. ער האָט אויך געטראָגן אַ נידעריקע, ברייטע אַריבערגעצויגן איבערן שטערן פאַקענע קיטשמע. די אַרבל פון פוטער זענען געווען ברייט און לאַנג, אַ סך לענגער ווי זיינע הענט. אויך זיינע אַרבל זענען געווען געפוטערט און נישט געוואַטעוועט. מיט אַ מאָל איז דער אַלטער שטיין געבליבן. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אָנגעקוקט די אַלע יידן, וואָס זענען געגאַנגען נאָך אים. זיין משפּחה האָט פאַרשטאָפּט דאָס געסל. ער האָט זיך אויס־געדרייט און ער איז געגאַנגען ווייטער. ער איז געגאַנגען דער ערשטער. ער האָט געפירט זיין שבט. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער זייערע פיס.

— וואָס מאַכט די מאַמע? — האָט איציק געפרעגט דעם פאָטער און ער האָט נייגעריק אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. די אייניקלעך האָבן אָנגעשטעלט זייער געהער.

— הענע, די מאַמע, פאַרבעט דיך אויף קידוש. זי האָט פאַרמייסטרעוועט אַ מאָגן — האָט דער פאָטער געענטפערט דעם זון. דער אַלטער איז געגאַנגען און געוואָרפן מיט די הענט ווי ער זאָל זיך איילן.

— אַ שמאַלץ־מאָגן? — האָט איציק זיך אַ פרעג געטאָן און זיך פאַרריבן די הענט פון תענוג, ווי ער זאָל שוין פילן דעם טעם.

— אַוודאי, אַוודאי — האָט שלום געענטפערט דעם פאָטער.

— פייוול! — האָט דער אַלטער זיך אַ ווענד געטאָן צו אים.

פייוול איז אונטערגעגאַנגען צו אים.

— דו זאָסט אָכעט קימן — האָט דער אַלטער אים אַ זאָג געטאָן.

— אַ יישר־כוח אייך, ר' לאָזער — האָט פייוול אים געדאַנקט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט פייוול ממשיך געווען — שבת דאַרף אַ ייד זיין מיט ווייב און קינדער — פייוול האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין טריט און צוריק זיך אויסגעגליכן מיט איציקן.

דער אַלטער איז ווידער געגאַנגען דער ערשטער. די קעלט איז געוואָרן טרוקענער, די העלקייט דורכזיכטיקער. אַלע זענען געגאַנגען און געשוויגן. די יידן זענען צוגעקומען צום סוף געסל. די לעצטע צוויי הייזער פון ביידע זייטן געסל זענען געווען איינשטאָקיקע, אָבער געמויערטע. די דעכער איבער זיי זענען געווען פלאַכע און באַדעקט מיט פּאַפּע אַזוי ווי הייזער אין דער קראָקעווער גאַס.

דער אַלטער איז געבליבן שטיין, דער זון זיינער און די אייניקלעך — הינטער אים. פונעם הויף אין דער לינקער זייט, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם האַלב איינגעבראָכענעם פּלויט, האָבן זיך געטראָגן קולות. יידן האָבן געדאַוונט. דאָרט אין דער אָפּיצינע איז געווען דאָס „שטיבל" פון די קצבים און די בהמה־סוחרים.

— אַ גוטן שבת! — האָט דער אַלטער אַ זאָג געטאָן פייוולען.

— אַ גוטן שבת, אַ גוטן שבת — האָבן דער זון און די אייניקלעך אים אונטערגעהאַלטן.

— אַ גוטן שבת, יידן! — האָט פייוול אַ שריי געטאָן.

דער אַלטער האָט לאַנגזאַם זיך אויסגעדרייט און ער איז אַריין אין הויף. דער זון און די אייניקלעך זענען אים נאָכגעגאַנגען.

— גוט־שבת! — האָט שמילע אַ שריי געטאָן פון ווייטנס דודן. זיין קולעכל האָט געפּישטשעט, ווי אַ באַרירטע מיט אַ פינגער פידל־סטרונע. גייענדיק האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און נאָכגעקוקט דודן.

דאָס געסל איז געווען נידעריקער פון דער גאַס. אַ ברייטער, פאַרפרוירענער רינשטאָק האָט זיי פאַראייניקט. דוד האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און ער איז איבערגעלאָפן דעם פאָטער. ביים רינשטאָק האָט ער זיך פאַרהאַלטן. ער האָט זיך אַ וויג געטאָן אַהין און צוריק, זיך פאַרמאָסטן און זיך אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט איבער דעם שמאָלן אייזפּאַס.

— דוד! — האָט פייוול מיט כעס אים אַ רוף געטאָן און ער האָט איבערגע־שפּרייזט דעם רינשטאָק.

דוד האָט געהאַלטן פונאַנדערגעשפּרייט די הענט. ער איז מיט צעשטעלטע פיס געפאָרן איבערן אייז און זיך געוואַקלט. ער האָט געהאַלטן גלייכגעוויכט, געוואָלט זיך איבערגליטשן איבער דער גאַנצער לענג פון רינשטאָק. ביים עק פון רינשטאָק האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אין דער גאַס אַריין.

דאָס שטיקל גאַס האָט געראָיעט פון יידן. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די יידן קומען פון די אָפענע טויערן, פון אַלע געסלעך. אין דער סביבה זענען געווען

דאָס רוב בתי־מדרשים, די שטיבלעך און דער וועג צו דער שול. דער אויסגעטראָ־טענער אונטער אַזוי פיל פיס שניי האָט געגלאַנצט, ווי ער זאָל זיין אויסגעשליפן. פון די פלאַכע און שפּיציקע דעכער זענען אַראָפּגעהאָנגען צאַפּנס אייז פון פאַר־שידענע פאָרמען און גרויסן און אין די פאַרפרוירענע פענצטער־שויבן האָט דאָס טאָגליכט אָפּגעשלאָגן.

דאָס שטעטל איז געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט. דער טיפער שניי איז געלעגן איבערן שטעטל. די יידן אין שטעטל האָבן געהאַלטן שבת. — גוט־שבת! גוט־שבת! — האָבן יידן זיך געבאָטן איינער דעם אַנדערן. דער „גוט־שבת" האָט געשוועבט אין דער טרוקענער לופט, ווי פליגל־פלאַטער פון דורכגעפלויגענע פייגל.

דוד איז געגאַנגען פּאַמעלעך מיטן שטראָם און באַטראַכט די יידן. אין צווישן איז דער פאָטער אים אונטערגעקומען. זיי זענען איצט געגאַנגען צוזאַמען, קינד און קייט, גרויס און קליין. עס זענען געגאַנגען יידן, הויכע און נידעריקע, דאַרע און ברייטביייניקע. זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך און אייליק. גייענדיק האָבן זיי זיך געשלענגלט איינער אין אַנדערן. אַ קייט פון יידן האָט זיך געצויגן אין איין ריכטונג. עס האָבן זיך געוואָרפן און צונויפגעקלאַפּט פּאָלעס פון פוטערס און פּאַלטנס. פון אונטער די פּאָלעס האָבן אַפּערגעהאָנגען ציציות און שפּיצן פון טלית. שטריימלעך, סאַמעטענע און סאַטינענע היטלעך, וואָס זענען געזעסן אויף סאַמע־טענע קאַפּלעך, האָבן געשימערט. אַלטע און יונגע יידן מיט אויסגעשטרעקטע קעפּ, לאַנגע בערד, מיט גרויסע, טיף איינגעזעצטע אין פּנימער אויגן, האָבן געשפּרייזט לאַנגזאַם, מאַיעסטעטיש. זיי זענען געגאַנגען דאַווגען און דערווייל האָבן זיי באַטראַכט גאָטס וועלט.

אויך ווייבער זענען געגאַנגען דאַוונען. די ווייבער זענען געגאַנגען אָנגעטאָן אין זייערע שבתדיקע מלבושים. זיי האָבן געטראָגן מאַנטלען און זשאַקעטן פון אונטער וועלכע עס זענען אַפּערגעהאָנגען זייערע לאַנגע קליידער. עס זענען גע־גאַנגען ווייבער, וואָס האָבן געטראָגן גלאַט פאַרקעמטע שייטלעך, און ווייבער, וואָס זייער שייטל האָט געהאַט אַ שרונט אין דער מיט. עס זענען געגאַנגען באָבעס, וואָס האָבן געטראָגן סידורים. אַ סך באָבעס האָבן געטראָגן קופקעס אויף די קעפּ. די הענט זייערע האָבן זיי געהאַלטן פאַררוקט אין די אַרבל פון פאַרנט. זייערע דיקע „קרבן־מנחה"־סידורים האָבן זיי געהאַלטן אונטער די אָרעמס.

צוויי הויכע שלאַנקע פרויען,ביידע אין די דרייסיקער יאָרן, מלכה און מאַכטשע, זענען געגאַנגען אין מיטן גאַס. מלכה האָט געטראָגן אַ קלאַשן מאַנטל פון קאָווערקאָט, אַ פוטערנע מופע, אין וועלכער זי האָט געהאַלטן די הענט, און אַ סידור, וואָס האָט געהאַט צוויי מיט פּערלמוטער באַדעקטע שפּיצן. דעם סידור האָט זי געהאַלטן אונטערן אָרעם. אַ גרויער שפּיציקער שאַל איז געווען אַרומגע־וויקלט אַרום איר קאָפּ. די עקן פונעם שאַל האָבן באַדעקט אירע אַקסלען.

מאַכטשע האָט געטראָגן אַ בעזש מאַנטל, וואָס האָט געהאַט אַ געסקע און הויכע, ברוינע פאַרשנייטע שיך. זי האָט איר סידור געהאַלטן אין האַנט. איר

קרעם־בלוי געבלימטער פלאַנעלענער שאַל איז געווען בײַ איר פאַרבונדן אויפֿן קאַרק. די עקן פון איר שאַל זענען אַראָפּגעהאַנגען פון פאָרנט, ווי אַ זשאַבאָט. זיי זענען געווען חברטעס נאָך פון די מיידלשע יאָרן.

— אַזוי איז עס — האָט מלכה אַ זאָג געטאָן און באַלד דערויף צוגעגעבן — אַ שווערער ווינטער.

— קלאָג זיך נישט — האָט מאַכטשע איר אָפּגעענטפערט.

מלכהס גרויסע, בלויע אויגן האָבן זי אָנגעקוקט.

— איך באַוויז נישט צובעטן דאָס בעט, מוז איך עס צוריק אויפבעטן. אַז איינער שטייט אויף, לייגט זיך דער צווייטער אַוועק — האָט מלכה זיך פאַר־ענטפערט.

— נאָר נישט אָסטערליש — האָט מאַכטשע איר אַ זאָג געטאָן. אַ ווײַלע שפעטער האָט זי פאַרגעזעצט. — האַיאָר, גאָט צו דאַנקען, האַלטן זיך די קינדער בײַ מיר.

— איך וואַרט שוין אויף אַ ביסל זון. מען דאַרף זיך אויסוואַרעמען די ביינער.

איר אָוואַל פול פנים האָט געשמייכלט. זי האָט געקוקט אַראָפּ. די ווײַבער זענען געגאַנגען אָפּגערוקט פון די מענער. פאַראײניקט די מענער מיט די ווײַבער האָבן די ייִנגלעך. זיי, די ייִנגלעך, האָבן זיך געשלײַכט צווישן די פיס. די ייִנגלעך זענען געלאָפן פאָרויס און צוריק, האָבן זיך געגליטשט. ווער פון די ייִנגלעך איז אונטערגעשפרונגען און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אָפּגעבראָכן אַ צאַפּן אײַז, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון אַ דאַך. איין ייִנגל האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט. ער האָט פאַרקנעטן אַ קויל שניי און זיך פאַרצילעוועט. ער האָט געוואָלט טרעפן אַ צווייט ייִנגל.

אויך דוד האָט זיך פאַרהאַלטן. ער האָט געוואַרט דער פאָטער זאָל אים איבעריין. אַ ווײַלע שפעטער האָט דוד פאַרקנעטן אַ קויל שניי. ער האָט אַ קוק געטאָן צי דער פאָטער זעט נישט. ער האָט זיך פאַרצילעוועט אין אַ שוואַרצער קראָ אויף אַ דאַך. די אויסגעפּלאָשעטע קראָ האָט פונאַנדערגעשפּרייט אירע פליגל, זיך צעשריגן: קראַ! דוד איז צוגעגאַנגען צום פאָטער צוריק. ער האָט זיך אין גאַנג אויסגעגליכן מיטן פאָטער. עטלעכע שריט ווײַטער האָט פּייוול אָנגענומען דעם זון בײַ דער האַנט.

— דער סרורע (שׂררה) גייט — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן דעם זון.

אין מיטן גאַס, זיי אַנטקעגן, איז געגאַנגען דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון שטעטל — אַ הויכער, דאַרער פּאַרשוין. זײַן אַסקעטיש, אויסגעצויגן פּנים איז געווען צעצויגן און פאַרקיילעכדיקט. ער איז געגאַנגען און זיך נישט אומגעקוקט, נאָר דער ניקלנער אָדלער האָט אַפּערגעקוקט פון אונטער זײַן גראַנאַטענער קיילעכ־דיקער היטל־דענקע. ער האָט אַריבערגעקוקט איבער דעם לאַקירטן דאַשיק פון זײַן היטל.

— גוט־שבת! — האָט יעדער ייִד, וואָס איז אים פאַרבײַגעגאַנגען אַ זאָג געטאָן.

דער קאָמענדאַנט האָט געשוויגן, ער האָט קיינעם נישט געענטפערט. זיינע דינע מיט בלויע אָדערן פאַרצויגענע אויגן־לעפלעך זענען געווען אַראָפּגעלאָזט. זיי האָבן געגלאַנצט פון אויפרעגונג. זיין גראַנאַטענער שינעל מיט די ניקלנע קנעפּ איז געווען אַרומגעגאַרטלט מיט אַ לעדערנעם פּאַס, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען אַ שמאָלע, לאַנגע שווערד. ער האָט די שווערד געהאַלטן ביים הענטל און זי געשטעלט פאָרויס, ווי ער זאָל גיין מיט אַ שטעקן. ער איז געגאַנגען שטראַם, זיין שריט איז געווען אויסגעצויגן, איילּיק. ער האָט וואָס שנעלער געוואָלט אַדורכגיין דאָס שטיקל גאַס.

פּיווול האָט זיך פאַרנומען אויף רעכטס. ער מיט זיין זון זענען איילּיק אַריין אין שולגעסל. אין ראָג האָט ער אָפּגעלאָזט דעם זונס האַנט.

דוד איז אונטערגעשפּרונגען אויף אַ פוס און ער איז אַ לויף געטאָן פאָרויס. דאָס געסל איז געווען שמאָל ווי אַ שטשאָנקע. פון איין זייט געסל איז געווען אַ הילצערנער פּאַרקן, וואָס האָט געצוימט מיכאַלס קוילן־לאַגער, פון דער צווייטער זייט געסל זענען געשטאַנען צוויי שמאָלע צווײשטאָקיקע, גרויע הייזער. די פענצטער אין די ווענט זענען געלאָפן אין אַ רייע, האָבן פון ווייטנס אויסגעזען, ווי אויסגעלאָשענע לאַמטערן. נאָך דער שטשאָנקע ביים סוף איז געווען אַ האַלברונדער פּלאַץ. דער שניי אויפן פּלאַץ איז געווען איינגעטרעטן און גלאַטיק, ווי ער זאָל זיין פון איין שטיק און האָט געגלאַנצט. אַרום דעם פּלאַץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַדקאָווע, זענען געשטאַנען שמאָלע, צונויפגעדריקטע איינ־שטאָקיקע און צווײשטאָקיקע הייזער. די דעכער אויף די הייזער זענען געווען פאַרשיפּט, פלאַך און שפּיציקאַרטיק, ווי איינער זאָל וועלן אַרויפקריכן אויפן אַנדערן. די זון האָט אַריבערגעקוקט איבער די דעכער, ווי זי זאָל זיין פון בלעך. אין מיטן האַלברונד פונעם פּלאַץ, אַרויסגערוקט פון דער ווירע, איז געשטאַנען דאָס קליינע בית־המדרש.

דאָס בית־המדרש איז געווען אַ רויט ציגל הויז. אַרום דעם בית־המדרש פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען הייזער. די רויטע ציגל אין די ווענט האָבן געגלאַנצט. די לאַנגע האַלבקיילעכיקע פענצטער האָבן פונאַנדערגעטיילט די לאַנגע וואַנט. די ברייטע טיר איז געווען אָפן. דער חלל אין איר איז געווען טיף, האָט גערופן. די שמאָלע קליינע אייזנצאַפּנס, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די פענצטער ווי ליכט, האָבן לומינירט דאָס בית־המדרש.

— גוט־שבת! גוט־שבת! — האָבן דיקע האַלדז־קולות זיך געזאָגט. די קולות האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין קלאַנג, וואָס האָט געהילכט איבערן פּלאַץ. דער פּלאַץ אַרום דעם בית־המדרש האָט געווימלט מיט יידן. געשטאַלטן וואָס האָבן זיך געשלייכט זענען פאַרגאַנגען זיך דעם וועג. איינער האָט זיך פאַרפלאָכטן אין אַנדערן. יעדע ווײלע האָט זיך אַרויסגערוקט אַ געשטאַלט פונעם מענטשן־קראַנץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פלעק אויף דער שניי־ווייסקייט. אַ ווײלע האָט די גע־שטאַלט זיך באַוויזן און זי איז אַנטקעגנגעקומען אין דער אָפענער טיר.

אַ זגראַיע יינגלעך האָבן געקאָלערט אונטער די פענצטער פון די הייזער אַ

באַל שניי. אַ חברה ייִנגלעך איז אַרומגעשטאַנען אַרום אַ האַלבן שוין אויסגע־שטעלטן שניי־גולם.

פּייוול איז אונטערגעגאַנגען מיט אַ פֿאַרשנעלערטן טריט, פֿאַרבײַגייענדיק די צעשפּילטע ייִנגלעך האָט ער אָנגענומען דעם זון ביים קאָלנער. ער האָט אים געפֿירט גלײַך אין בית המדרש אַרײַן. דוד האָט זיך נישט געווערט. ער האָט נאָר מיט אַן אויסגעדרייטן קאָפּ געקוקט, וואָס די ייִנגלעך טוען.

דאָס ליכט אין פּאָדערהויז איז געווען גרוי. דער אָנגעטראָגענער שניי אויף דעם שטיינערנעם פּאָל איז געווען אײַנגעטרעטן. אַרום דער אינערלעכער אײַנ־גאַנגטיר האָבן ייִדן זיך געדרענגט. יעדעס מאָל ווען די טיר האָט זיך געעפֿנט, האָט אין פּאָדערהויז אַ שײַן געטאָן אַ בינטל ליכט. די ווייסע אייז־צאַפּנס וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פֿון כיור, האָבן איצט אויסגעזען ווי קאָזע־בערד.

פּייוול האָט אַדורכגעלאָזט דעם זון, מיט צוויי פֿינגער אַ גלעט געטאָן די מזוזה, אויסגעקושט די שפּיץ פֿינגער און צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר.

## יב

די דורכגעקילטע אין משך פֿון דער נאַכט לופֿט איז געווען אַן אויסגע־שטאַנענע, אָבער דאָך איז די לופֿט געווען אַ געדיכטע. עס האָט זיך געפֿילט דער ריח פֿון שמות. דער ווייסער קאַלך אויף די ווענט איז געווען אָפּגעטריקנט, די שויבן און די פֿענצטער פֿאַרפֿרוירן. דאָס אייז אויף די שויבן, אײַנגעפּאַסטע צווישן די קאַנטיקע און שיפֿע פֿענצטער־שפּריצן, איז געווען געבלימלט. די מעשענע הענגל־לייכטער, פֿאַרטריפֿטע מיט חלב, זענען אַראָפּגעהאָנגען פֿון דער ברוינער הילצערנער סטעליע, ווי זיי זאָלן זײַן ליידיק און זיי זענען געווען גרין פֿון אַלטקייט. די גלאַזור אויף די אויוון־קאַפֿלעס איז געווען אָפּגעריבן, מאַט, די שפּעלטלעך איבער זיי — ווי דינע שוואַרצע אָדערן.

דאָס בית־המדרש איז געווען פֿול מיט ייִדן אויסגערוטע, חדווה האָט אַראָפּ־געשײַנט פֿון זייערע פּנימער. אַ זשום פֿון קולות האָט זיך געמישט, ווי בינען זאָלן רויען אויף אַ צעבליטער צווײַג. ייִדן מיט איבערגעוואָרפֿענע איבער די אַקס־לען און איבער די קעפּ טליתים זענען געשטאַנען מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און זיך געשאָקלט. טיפֿע האַלדז־שטימעס און דינע קולות האָבן געזאָגט אָפּגעהאַקטע משפּטים: — ה׳ אהבתי מעון ביתך — אזי מלך שמו נקרא — ה׳ אחד — אַ נידעריקער ברייטבייניקער ייִד, וואָס איז געשטאַנען ביים אויוון און זיך געשאָקלט האָט אַ געשריי געטאָן — ה׳ לי ולא אירא — און ער איז שטיין געבליבן מיט אָפֿענע אויגן.

פּייוול האָט גענומען גיין, דוד איז אים נאָכגעגאַנגען. פּייוול איז געגאַנגען אויסטאָן דעם פּאַלטן. ער האָט זיך געשטופּט, געטאָרעוועט אַ וועג צווישן די ייִדן, פֿאַרבײַגייענדיק דעם אויוון האָט ער אָנגעטאַפּט די קאַפֿלעס — זיי זענען געווען

לוי.ביים טיש, ווו די יידן האָבן אַוועקגעלייגט זייערע מלבושים, איז פּייוול מיטן זון געבליבן שטיין.

פּייוול האָט זיך פונאַנדערגעקנעפּלט, איינגעצויגן די אַקסלען און אַראָפּגע־לאָזט די הענט. די באַנדע האָט זיך פון אים אַראָפּגעגליטשט ביז די עלנבויגנס. ער האָט די באַנדע אַראָפּגעצויגן און זי אַרויפגעלייגט אויף דער קופּע מלבושים אויפן טיש. די עקן פון פּייוולס טלית, אין וועלכן ער איז געווען איינגעהילט, האָבן זיך צעלאָזט. די ציצית זענען געבליבן הענגען.

— שוין צייט זאָלסט זאָגן אַ יידיש וואָרט.

פּייוול האָט אויך דעם זונס פאַלטן אַרויפגעלייגט אויף דער קופּע מלבושים. דערנאָך האָט ער גענומען זיך שטופּן צוזאַמען מיטן זון דורך די יידן.

מיט אַ מאָל איז דער געדראַנג צווישן די מתפּללים גרוימער געוואָרן. יידן, וואָס האָבן געשפּרייזט אַהין און צוריק, זענען שטיין געבליבן. זיי זענען געשטאַ־נען און געוואָרפן מיט די קעפּ און זיך געשאָקלט, ווי זיי זאָלן שטיין ביי אַ דזשיזשע און קנעטן. זייערע ליפּן האָבן זיך געטרייסלט. פון מאָל צו מאָל האָבן איינצלנע ווערטער אַ הילך געטאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זיך דערהערט אַ ווערטער־געפּלעכט, וואָס פאַרשידענע שטימעס האָבן זיי געזאָגט. דער טאָן פון זאָגן איז כסדר געשטיגן ווי איינער זאָל וועלן איבערשטייגן דעם אַנדערן: קח נא את בנך, וישכם אברהם, ויאמר אברהם, וישם אותו על המזבח, אל תשלח ידך, ויקרא מלאך ה׳ אל אברהם, וירש זרעך. אַ ווײַלע שפּעטער האָט אַ דיק קול אַ צי געטאָן די ווערטער: רבונו של עולם יהי רצון מלפניך — און עס האָט זיך דערהערט אַ פּאַטש פון צונויפגעקלאַפּטע הענט.

פּייוול האָט צוגעפירט דעם זון ביזן טיש. דער לאַנגער שמאָלער טיש איז געשטאַנען דער טיר אַנטקעגן. אַרום דעם טיש איז געווען גרוימער. דער טיש איז געווען גרוי, די אַלטקייט איז געווען איינגעגעסן אין האָלץ. פון ביידע זייטן טיש זענען געזעסן יידן און געדאַוונט.

— גוט־שבת — האָט פּייוול שטיל אַ זאָג געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו די יידן, וואָס זענען געזעסן ביים טיש. פּייוול האָט לייכט אַ שטופּ געטאָן דעם זון און אים אָנגעוויזן דאָס אָרט.

דוד האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים שפּיץ טיש אויבן אָן. ער האָט זיך אָנגע־בויגן און אַרויפגעלייגט דעם סידור אויפן טיש. פּייוול האָט זיך אויך אָנגעבויגן. ער האָט איבערגעשטרעקט די הענט, געעפנט דעם סידור און איבערגעמישט עטלעכע בלעטלעך.

— מה טובו אהליך — האָט דוד אַ זאָג געטאָן פונאַנדערציִענדיק די ווער־טער. זיין דין קול האָט אַ הילך געטאָן.

דוד האָט זיך געשאָקלט איבערן סידור שנעל און לייכט אָבער נישט לויטן ריטעם פון די יידן, וואָס זענען געזעסן ביים טיש. זיינע ליפּן האָבן שנעל זיך באַוועגן ווי ער זאָל זיפּן די ווערטער, זיי שלינגען. די ווערטער זיינע האָט מען נישט געהערט, נאָר זייער קלאַנג.

פּייוול האָט פון דער זייט באַטראַכט דעם זון. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און זיך אײַנגעקוקט אין דער עדה מתפּללים. ער האָט געזען אַ המון קעפּ, וואָס האָבן זיך באַוועגן.

יידן מיט איבערגעהאָנגענע טליתים האָבן שפּאַצירט איבערן היכל. שפּריי־זנדיק האָבן די יידן זיך געריבן די הענט, געדרענקט די פינגער. זייערע ליפּן האָבן זיך געטרייסלט.

דאָס געמורמל האָט זיך פאַרשטאַרקט, יידן האָבן זיך אונטערגעאײַלט. איבערן בית המדרש האָט זיך געטראָגן דער רעש פון די געזאָגטע ווערטער. די ווער־טער האָבן זיך צונויפגעגאָסן איבער די קעפּ פון די יידן. דער אָפּקלאַנג האָט דערגרייכט די סטעליע, זיך דאָרט אָנגעשלאָגן און אויסגעפּילט דעם היכל.

די אײַנגאַנג־טיר האָט כסדר זיך געעפנט און צוגעמאַכט. נאָך און נאָך יידן זענען געקומען דאַווענען. יעדעס מאָל, ווען די טיר האָט זיך געעפנט, האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ שטראָם קעלט, וועלכן די פייכטע וואַרעמקייט האָט באַלד פאַר־שלונגען.

דער עמוד איז געשטאַנען אַ ליידיקער, די קאַנטיקייט זײַנע איז איצט געווען בולט. די אַלטע, אײַנגעגעסענע אין האָלץ גרויקייט איז געווען באַקעט. די צוויי באַטריפטע מיט חלב לייכטער אויפן עמוד זענען געווען גרין פון אַלטקייט. זיי האָבן אויסגעזען, ווי צוויי זײַלן, וואָס האַלטן אונטער דעם „שוויתי״.

דאָס בלויע סאַמעטענע פּרוכת אויפן אָרון־קודש האָט איצט אויסגעזען ווי עס זאָל זײַן צונויפגעשטעלט פון צוויי פאַרבן. די אונטערשטע טייל איז געווען טונקעלער, די אויבערשטע טייל העלער. די צוויי אויסגעהאָפטענע אויפן פּרוכת גאָלדענע לייבן האָבן מיט זייערע אויסגעשטשערעטע ציין, ווי שטענדיק, געהיטן דעם מגן־דוד מיט דעם אײַנציקן אײַנגעהאָפטענעם וואָרט „ציון״. אָבער איצט האָבן די לייבן ווי געשמייכלט צו די מתפּללים.

פּסח שמש איז געשטאַנען אַן אָנגעלענטער מיט די עלנבויגנס אין בעלעמער. זײַן רעכטער קורצער פוס איז געווען אונטערגעצויגן, ער זאָל גיין גלײַך, דער־פאַר האָט זײַן לינקער אַקסל זיך אַראָפּגעלאָזט. די פאָדערשטע ציצית פון זײַן טלית זענען געלעגן אויף דעם גרינעם סאַמעטענעם טישטעך פון בעלעמער. דער איבערגעוואָרפענער איבער זײַנע אַקסלען געלבלעכער טלית איז געהאָנגען אויף זײַן פּלייצע, ווי אַן אָנגעצויגענער פאַרהאַנג.

יעדע ווײַלע האָט די עדה מתפּללים זיך אַ וויג געטאָן, ווי איין ייד זאָל וועלן אַוועקשטופּן דעם אַנדערן. די יידן מיט זייערע פאַרוואָרפענע איבער די קעפּ און אַקסלען טליתים זענען געשטאַנען און געגאַנגען. זיי האָבן פאַרענדיקט דאַווענען פון פאָרנט. אַ געמיש פון קולות, ווי אַ נישט אײַנגעזונגענער כאָר, האָט פאַר־הילכט דעם היכל. יעדע ווײַלע האָט אַן אַנדער קול זיך אַרויסגעריסן. אַ דיקע האַלדז־שטימע האָט אַ זאָג געטאָן: עד שיבוא הכתוב השלישי ויכריע ביניהם. ער האָט די ווערטער געזאָגט באַזונדער, ווי ער זאָל זיי אַוועקשטעלן. אַן אַלט

הייזעריק קול האָט ווידער אַ זאָג געטאָן דעם זעלבן פּסוק, ווי ער זאָל צערוקן די ווערטער.

דער רעש האָט זיך איינגעשטעלט. די יידן, וואָס האָבן געשפּרייזט איבערן היכל, זענען געבליבן שטיין. דער מורמל איז כסדר שוואַכער געוואָרן. דאָ און דאָרט האָט אַ ייד זיך נאָך געשאָקלט, אָבער קיינער האָט שוין נישט געזאָגט הויך אויפן קול.

דער היכל איז געווען געפּראַפּט. די לופט איז כסדר געדיכטער געוואָרן. די וואַרעמקייט איז געווען אַדורכגענומען מיט דעם ריח פון שמות, טליתים און מלבושים. יעדע ווײַלע האָט נאָך אַ ייד פאַרהאַלטן זיין גאַנג. די מתפּללים האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַן עדה. די עדה האָט געוואַרט.

פּסח שמש איז געשטאַנען אויף איין פוס און מיטביידע הענט זיך אָנגעהאַלטן אין בעלעמער. זיין קאָפּ האָט זיך באַוויגן לאַנגזאַם, זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן געגנישטערט אין המון: ער האָט געזוכט דעם בעל־תפילה.

אַ הויכער ייד מיט אַן איבערגעוואָרפענעם איבער די אַקסלען טלית, מאָטע בלעכער, האָט זיך געריקט צווישן המון. ער האָט געשטעלט די טריט, ווי ער זאָל מורא האָבן, זיך נישט געטרויט. יידן האָבן זיך אָפּגערוקט, געמאַכט אים וועג. נישט ווייט פון עמוד איז מאָטע שטיין געבליבן. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן זיך אַרומגעקוקט. זיין לאַנגע, שוואַרצע באָרד, וואָס איז געווען אַדורכגעפלאָכטן מיט זילבערנע פאַסן, איז אים אַראָפּגעהאָנגען ווי אַ שוץ־פאַנצער. די יידן האָבן געוואַרט. מאָטע האָט איבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ, און מיט קליינע לייכטע טריט זיך צוגעשאַרט צום עמוד.

מאָטע האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין די פאָדערשטע צוויי עקן פון עמוד. ער האָט זיך פאַרבוקט, זיין אויבערשטער טייל קערפּער האָט איבערגעדעקט דעם עמוד, שפּעטער האָט ער צוריק זיך אויסגעגליכן, אַ פאַרוואָרף געטאָן דעם קאָפּ אויפן הינטן און אַ שריי געטאָן אַרויף: מזמור שיר חנוכת הבית לדוד. זיין שטימע איז געווען דיק און ווייך.

— מזמור שיר חנוכת הבית — האָבן די יידן פריידיק אַ זאָג געטאָן. זיי זענען געווען צופרידן, וואָס זיי דאַוונען, בעטן גאָט בציבור. די עדה יידן האָט זיך געוויגט מיט התלהבות. דער מגע צווישן זייד און ציג — די מלבושים — האָט זיך געגלעטט, ווי זאַנגען פון פעלד אין זומערווינט.

— הריני מזמן את פּי להודות — האָט מאָטע שנעל געזאָגט. דאָס וואָרט „להודות" האָט ער ווי אַראָפּגעשלונגען — ברוך שאמר והיה העולם — ברוך הוא — האָט ער אויסגעשריִען, געוואָלט מען זאָל אים הערן.

— זכרו לעולם בריתו — האָט אַ הייזעריק קול זיך צעשריגן, אָנגעזאָגט.

די עדה יידן האָבן געדאַוונט, זיך געשאָקלט, ווער מיטן קאָפּ אין די אַקסלען און ווער מיטן גאַנצן גוף. דאָ, דאָרט, האָט אַ ייד אַ זאָג געטאָן אַ וואָרט־צוויי הויך.

אַ גרויסער קאָפּ, באַוואָקסן מיטן אַ לאַנגער מילכווייסער באָרד האָט זיך

גערוקט פאָרויס. ער איז געגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט. זיינע דיקע גרויע ברעמען זענען אַריבערגעהאָנגען איבער די אויגן. דער גרויסער ייד האָט מיט קליינע טריט זיך געטאָרעוועט אַ וועג צווישן המון. זיינע אויגן זענען געווען גלייזיק. ער האָט געזען נאָר דעם שאָטן פון דער שיין. ער איז געגאַנגען און געברומט, געדאַוונט. די צונויפגעדרענגטע פון דער צווייטער זייט בעלעמער יידן, האָבן זיך אָפּגערוקט, ווער אַ שריט פאָרויס און ווער אויף היבערווילעכץ, און אים אַדורכגעלאָזט. מיט אַ מאָל איז ער געבליבן שטיין. ער האָט דערזען אַ שאָטן. אַ פּלייצע פון אַ ייד האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. — לא תאונה אליך רעה — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט זיין לייבן־שטימע. דער ייד וואָס איז אים געשטאַנען אין וועג האָט זיך אָפּגערוקט. ונגע — האָט ער ווייטער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל צושטעלן דאָס וואָרט צו די פריערדיקע ווערטער און ער איז געגאַנגען ווייטער. דער פאַרוואָרפענער איבער אים טלית האָט פאַרדעקט זיינע ברייטע אַקסלען. די אונטערשטע צוויי ציצית זיינע זענען געהאָנגען אויף זיין פּלייצע.

דער גרויסוויקסיקער ייד האָט זיך געשאַרט דורכן עולם מיט אויסגעשטרעקטע הענט. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אומפאַלן. זיינע גלייזיקע אויגן זענען געווען שטאַר, זיינע דיקע ברייטע ליפּן האָבן פאַמעלעך געמורמלט.

צוויי ייִנגלעך, אין דער זעלבער גרייס כמעט, זענען אים נאָכגעגאַנגען. יעדער פון זיי האָט זיך מיט צוויי פינגער אָנגעהאַלטן אין אַ שפּיץ ציצה פון זיין טלית, וואָס איז געהאָנגען אויף זיין ברייטער פּלייצע.

איינער פון די צוויי ייִנגלעך האָט אַ זאָג געטאָן:

— צוויי גזלנים האָט ער אַליין געבונדן און זיי געבראַכט אין שטאָט אַריין.

— ניין, דריי! — האָט דאָס צווייטע ייִנגל נישט מסכים געווען.

אַרום איז געוואָרן אַ געדראַנג. די יידן האָבן זיך אומגעקוקט אויף די צוויי ייִנגלעך.

— שקצים! — האָט אַ דאַרער ייד זיך צעשריגן אויף די ייִנגלעך. זיין טלית האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון די אַקסלען.

— נו! נו! ניטע! אַך! אַך! — האָבן זיך דערהערט רופן פון המון אַרויס.

פּסח שמש איז געשטאַנען אַן אָנגעלענטער אויף זיין קורצן פוס. ער האָט אונטערגעצויגן דעם פוס, מיט איין האַנט זיך אָנגעכאַפּט אין ראַנד פונעם בעלעמער און מיט דער צווייטער געגעבן עטלעכע קלעפּ אין טיש אַריין.

— הללויה שירו לה' שיר חדש תהלתו בקהל חסידים — האָט דער בעל־תפילה אַ זאָג געטאָן מיט אַ העכערן טאָן. ער האָט פאַרשריגן דעם טומל. דער אָפּהילך פון שמשס קלעפּ האָט באַגלייט דעם בעל־תפילהס ווערטער.

די צוויי ייִנגלעך האָבן זיך אַראָפּגעבויגן ווי זיי זאָלן זיך וועלן אַראָפּזעצן. זיי האָבן אַ לויף געטאָן אין דער זייט און פאַרשוווּנדן אין קהל.

דוד האָט אַרויפגעשטעלט די פיס אויף דער אונטערשטער לייסט פון טיש. מיט איין האַנט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין שפּיץ פון טיש, מיט דער אַנדערער

האַנט האָט ער זיך אָנגעלענט אויפן אָפענעם סידור. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און ער איז שטיין געבליבן אויף די שפּיץ פינגער מיט אַ פאַררויסענעם קאָפּ. ער האָט בייגעריק אַ קוק געטאָן וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. פּיווול האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן זונס אַקסל און אים צוריק אַוועקגעזעצט. ביידע, דער טאַטע און דער זון האָבן געדאַוונט ווייטער.

מאָטע דער בעל־תפילה האָט אָפּגעהוסט. ער האָט אַריבערגערוקט זיך דעם טלית איבערן קאָפּ. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז. די באָרד זיינע איז הענגען געבליבן איבערן עמוד און ער האָט אַ זאָג געטאָן אויפן קול: האל בתעצומות עוזך הגדול בכבוד שמך הגבור לנצח והנורא בנוראותיך — זיין קול איז געווען ווייך אָבער שטאַרק — המלך היושב על כסא רם ונשא.

דער בעל־תפילה האָט קוים באַוויזן ענדיקן און עטלעכע קולות פון המון אַרויס האָבן אַ זאָג געטאָן: שוכן עד מרום — זאָגנדיק די ווערטער זענען די יידנס קולות כסדר העכער געוואָרן.

— שוכן עד מרום וקדוש שמו — האָט דער בעל־תפילה אויסגערופן אויפן קול און מיט דער הילכיקייט איבערגעשטיגן די עטלעכע מתפללים. מאָטעס דעם בעל תפילהס רוקן האָט זיך געטרייסלט איבערן עמוד. זיין קאָפּ האָט זיך געשאָקלט, ווי ער זאָל ציטערן, נאָר זיינע ליפּן האָבן שנעל געמורמלט — ובמקהלות רבבות עמך בית ישראל — האָט דער בעל־תפילה אויסגעשריגן און געדאַוונט ווייטער.

די עדה איז געשטאַנען און געוואַרט. די לופט אין היכל איז געווען געדיכט. זי איז געהאָנגען איבער די קעפּ פון דער עדה ווי אַ נעפּל. די גרויע טאָגליכט פון אַ ווינטערטאָג, וואָס האָט אַדורכגעשיינט דורך די מאַט־פאַרפרוירענע פענצטער־שייבן איז געפאַלן אויף די יידן, ווי שמאָלע אויסגעצויגענע שאָטנס. דער רעפלעקס האָט זיך אָנגעשלאָגן אין די געקאַלכטע ווענט.

דער בעל־תפילה האָט צונויפגערוקט די פיס און זיך פאַרנייגט טיף, ער האָט זיך צוריק אויסגעגליכן און גענומען זאָגן: יתגדל ויתקדש שמה רבא. זיין קול איז געווען הילכיק אָבער דין. די יידנס פּנימער זענען געווען אָפּגעצויגן, זייערע אויגן זענען געווען שטאַר. זיי האָבן געקוקט, ווי זיי זאָלן בלאָנדזשען, כאָטש דעם קדיש האָט געזאָגט זייער שליח־ציבור און עס איז געווען שבת־קודש.

אין היכל איז געוואָרן שטיל. די יידן האָבן געוואַרט. מען האָט נאָר געהערט טריט פון שווערע שטיוול, וואָס האָבן געטראָטן אויפן אָרט. יידן האָבן איבערגעשטעלט אַ פוס. די יידן ביים טיש האָבן זיך אויפגעשטעלט.

דער בעל־תפילה האָט איבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ, זיך איינגעבוקט און זיך צוריק אויסגעגליכן. זיין פּלייצע איז געבליבן אַן אויסגעבויגענע, ווי ער זאָל האָבן אויף זיך אַ משא. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ זאָג געטאָן די מתפללים: ברכו את ה׳ המבורך. די יידן האָבן זיך פאַרנייגט. דער בעל־תפילה און די עדה האָבן צוזאַמען געזאָגט: ברוך ה׳ המבורך לעולם ועד.

דאָס מורמלען האָט פּאַמעלעך זיך אויסגעלאָזט, ווי אַ פלאַם, וואָס גייט אויס.

די יידן האָבן ווייטער זיך געוויגט און געשאָקלט. דער אימפעט האָט זיי באַ־ווויגן. מיט אַ מאָל האָבן עטלעכע טיפע קולות אויסגעשריגן: ישראל באהבה. אויסגעשטרעקטע האַנט־פלאַכן האָבן זיך געפּאַטשט. די ווערטער האָבן כסדר זיך איבערגעחזרט. יעדע ווײלע האָבן אַנדערע יידן פון המון אַרויס אויסגע־שריגן די צוויי ווערטער. דער אָפּהילך פון די ווערטער האָט זיך געקאָלערט און זיך געדאָפּלט אין חלל, ווי קולות, וואָס קומען פון ווייטנס. די יידן האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, געקוקט צום בעל־תפילה. די וואַרעמע געדיכטקייט איז געלעגן איבער די קעפּ פון די מתפללים. דער בלוי פון פּרוכת איז איצט געווען איינהייטלעך העל.

מאָטע דער בעל־תפילה האָט פאַרשפּיצט די אַקסלען. נאָך מער אַריבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, פאַרמאַכט די אויגן און אויסגערופן: שמע ישראל ה׳ אלוקינו ה׳ אחד. דאָס לעצטע וואָרט פון פּסוק „אחד" האָט ער געצויגן אַזוי לאַנג ביז עס האָט אים אויסגעפעלט אָטעם.

ווייזילע, אַ נידעריקער דאַרער ייד, ווי די הויט זאָל זיין אָנגעצויגן אויף זיינע ביינער, האָט זיך אויפגעשטעלט.

ווייזילע האָט געהייסן וואָלף־זאב, אָבער די שטעטלדיקע האָבן אים גערופן מיטן צונאָמען „ווייזילע", ווייל ער איז געווען דאַר. די ייִנגלעך אין שטעטל האָבן געהאַט אַ „פּזמון": „ווייזילע איז אַריינגעפאַלן אין דער ראָשטשינע, ווען? בלילה". אַלע אין שטעטל האָבן געוווסט די מעשה: אין איינער פון די נעכט האָט ווייזילע איינגעדרימלט ביי דער אַרבעט און ער איז אַריינגעפאַלן אין דער דזשיזשע טייג.

דער בעל־תפילה האָט זיך איבערגעבויגן איבערן עמוד. ער האָט זיך צוריק אויסגעגליכן. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל לייענען אין אַן אָפענעם סידור און ער האָט אַ זאָג געטאָן: עזרת אבותינו אתה הוא מעולם מגן ומושיע.

— ולבניהם אחריהם בכל דור ודור — האָט ווייזילע שנעל געזאָגט ווייטער. ער האָט געוואָלט אַריינכאַפּן. מען האָט ווידער נאָר געהערט דעם סוף פון די ווערטער.

ווייזילע האָט יעדן שבת געברענגט חלות צו שלוש סעודות. אַן אורח פון אַ דאָרף, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן אין שטעטל, האָט איבערגענעכטיקט ביי ווייזילען אויפן אויוון. פאַר טאָג האָט ווייזילע צוגעטראָגן דעם אורח דעם טלית און תפילין. ווייזילע האָט אויך אַריינגעטראָגן אַ לאַבן ברויט אין אַ שטוב, וווּ עס איז געווען נויטיק.

ווייזילע האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל פון זיך אָפּטרייבן אַלע אַנדערע געדאַנקען. דער טלית האָט זיך אים אַראָפּגעגליטשט אויף די אַקסלען. זיין קנאָכיק דאַר פּנים מיט דער ווייס געקרייזלטער באָרד אַרום האָט אויסגע־זען, ווי ער זאָל זיין איינגעמעלט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ זאָג

געטאָן: אתה הוא ראשון ואתה הוא אחרון ומבלעדיך אין לנו מלך גואל ומושיע. ווײַזילע האָט דערפילט די שטילקייט אַרום זיך, ער האָט געעפנט די אויגן.

פסח שמש האָט הילכיק אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש פון בעלעמער. ער האָט אונטערגעהויבן זיינע קאַנטיקע אַקסלען. זיין קורצער פוס איז הענגען געבליבן. ער האָט אַ קוק געטאָן פון דער זייט, ווי ער זאָל שיקלען. אים האָט איבערראַשט דער אָפּהילך פון זיין קלאַפּ אין טיש.

דער לאַנגער היכל איז געווען פול. דער קאַלך אויף די ווענט האָט געשי־מערט, איז געווען פייכטלעך. די לופט אין היכל איז געווען געדיכט, געהאָנגען איבער דער עדה מתפללים, ווי אַ וואָלקן. די שטילקייט אין היכל האָט געשוועבט, ווי זי זאָל זיך מיטשאָקלען מיט די דאַוונערס. די מאַטע ליכטשטראַלן, וואָס זענען אַדורכגעדרונגען דורך די פאַרפרוירענע פענצטער־שויבן האָבן באַשיינט די עדה מתפללים. די קעפּ פון די יידן זענען געווען העל אין דער שיין, טונקל אין שאָטן. דער סאַמעטבלוי פון פרוכת איז געווען איצט טונקל.

פון מאָל צו מאָל האָט אַ קול זיך אויפגעהויבן, איבערגעריסן די שטילקייט. די קולות זענען געווען פריש און האָפערדיק. המברך את עמו ישראל בשלום — האָט אַ דין קול זיך צעקלונגען. דער ייד האָט געציקלט די ווערטער. צוויי אויסגעאַרבעטע הענט האָבן אַראָפּגערוקט פון קאָפּ דעם טלית. דער ייד האָט אָפּגעאָטעמט.

פייוול האָט זיך אויסגערוקט. דער טלית האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט. ער האָט זיך צוריקגערוקט. ער האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער און ער איז שטיין געבליבן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זון. דודס סידור איז געווען פאַרמאַכט. ער האָט געהאַלטן אַ פינגער צווישן די בלעטער. זיין קאָפּ איז געווען פאַרריסן. ער האָט געקוקט אין פענצטער אַריין.

די יידן זענען געשטאַנען און געוואַרט. זייערע גרויסע טרויעריקע אויגן זענען געווען רויִק, זייערע אויסגעהאָרעוועטע, פאַרדאַגהטע פנימער — אויס־געריטע.

דער בעל תפילה האָט טיפער זיך אַריבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ, און אָפּגעאָטעמט. ער האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין עמוד, זיך פאַר־נייגט און אַ זאָג געטאָן אויפן קול: אדוני שפתי תפתח ופי יגיד תהלתך.

## יג

די העלקייט אין היכל איז געווען צוגעגרויט. די מאַטע ליכטשטראַלן, וואָס האָבן אַדורכגעשיינט דורך די פאַרפרוירענע פענצטער־שויבן, האָבן געבראָכן די ליכט. אינעם געמיש פון שיין און שאָטן זענען די קעפּ פון די יידן געווען העל, ווי באַלויכטן. די פענצטערשיין איז געפאַלן אויפן אָרון־קודש. דער הינטער־

גרונט פון דער שיין, וואָס איז געפאַלן אויף דער וואַנט, איז געווען שאָטנדיק. דער אָרון־קודש האָט אויסגעזען, ווי ער זאָל זיך באַוועגן. די עקן פון פּרוכת האָבן זיך געוויגט, די געדיכטע, אָנגעדראָלטע לופט האָט אים באַוויגן, דער בלוי פון פּרוכת איז געווען אַ טיפער. די אויסגעשטשערעטע ציין פון די גילדענע לייבן, וואָס זענען געשטאַנען אויף די הינטערשטע פיס, זענען איצט געווען שאַרף.

עס האָט זיך דערהערט שטילע טריט. שכנא, אַ נידעריקער, בייכיקער ייד אין אַ לאַנגער איביצע ביז די קנעכל, איז געגאַנגען צום אָרון־קודש. שכנא האָט געהאַט קורצע הענט און קליינע פיס און ער האָט אויסגעזען, ווי אַ בעלכל, וואָס קוילערט זיך.

די יידן פון ביידע זייטן האָבן זיך אָפּגערוקט, אים אַדורכגעלאָזט. די עדה יידן האָט איצט אויסגעזען ווי צוויי מחנות.

דער איבערגעוואָרפענער טלית איבער שכנאס קאָפּ איז אַראָפּגעהאַנגען פון אים. די ציצית האָבן זיך נאָכגעשלעפּט. זיין לאַנגע, ווייסע, שפּיציקע באָרד איז געווען געבלעך ווי זי זאָל זיין פאַרזשאַווערט. אויף זיין שפּיץ נאָז זענען געזעסן אַ פּאָר שטאָלענע ברילן. איין זייט בריל איז געווען אָנגעבונדן ביים לינקן אויער מיט אַ שטריקל. די ברילן־שייבלעך זענען געווען אָפּגעריבן און מאַט און זיינע קליינע אייגלעך האָבן איבערגעקוקט איבער די ברילן. שכנא איז געווען דער איינציקער ייד אין קליינעם בית־המדרש, וואָס האָט געטראָגן אַ שטראַמל, אַ שטראַמל מיט שפּיצן. ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד און מלמד אין שטעטל. די אונטערגעוואַקסענע בחורים האָבן ביי אים געלערנט אַ בלאַט גמרא. שכנא איז געווען אַ למדן מופלג. געלערנט מיט די בחורים האָט ער אין גרויסן בית־המדרש, געדאַוונט האָט ער אין קליינעם בית־המדרש מיט „עמך". עפּענען דעם אָרון־קודש איז געווען זיין „חזקה".

מאָטע דער בעל־תפילה האָט אַרויסגענומען דעם קהלישן סידור און אים אַרויפגעלייגט אויפן עמוד. ער האָט געעפנט דעם סידור און איבערגעמישט עטלעכע בלעטער.

שכנא איז שטיין געבליבן ביים אָרון־קודש. ער האָט זיך אַריבערגערוקט דעם טלית איבערן קאָפּ, מיט די פינגער אַ וויש געטאָן דאָס פּרוכת און אויס־געקושט זיך די עקן פון די פינגער. ער האָט אַוועקגערוקט דאָס פּרוכת.

— ויהי בנסוע הארון — האָט מאָטע אויסגעשריגן. שכנא האָט מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט די צוויי טירן פון אָרון־קודש פון הינטן ביים ראַנד און זיי אויפגעפּראַלט.

— ויהי בנסוע הארון — האָבן די יידן אונטערגעכאַפּט די ווערטער און זיך צעוויגט ווי זיי זאָלן זיך בוקן איבער אַ קעגנשטאַנד. זיי האָבן זיך איינגעבויגן און צוריק אויסגעגליכן. זיי האָבן צוזאַמען מיטן בעל־תפילה געזאָגט: ברוך שנתן תורה לעמו ישראל בקדושתו. דער ווידערקול פון די ווערטער האָט זיך געטראָגן אין אָפענעם אָרון־קודש אַריין.

שכנא האָט זיך אָנגעבויגן, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין אָרון־קודש. די שאָטנדיקייט דאָרט איז אים אַנטקעגן געקומען, ווי פון אַ ווייטער טיפקייט אַרויס. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. זיינע ליפּן זענען צוגעפאַלן צום ערשטן אין דער רייע „ספר". ער האָט מיטביידע הענט אַרומגענומען און אַרויסגענומען דאָס „ספר", עס צוגעדריקט צו דער ברוסט. דאָס „ספר" איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ, סאַמעטן מענטעלע. די שוואַרצקייט איז פון אַלטקייט געווען שוין גרוי. אויף דעם מענטעלע איז מיט גאָלדענעם פאָדעם געווען אויסגעהאַפטן אַ „מגן־דוד" און אין אים — דער שם המפורש. דאָס „ספר" האָט אַריבערגעשטאַרט איבער שכנאן, זיינע אַקסלען. ער האָט זיך אויסגעגליכן און מיטן טלית אַרומגעהילט דאָס „ספר". ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און גענומען גיין, זיינע ליפּן האָבן געמורמלט. פון מאָל צו מאָל האָט ער אַ זאָג געטן אַ וואָרט הויך מיט זיין הייזעריקער שטימע, ווי ער זאָל ברומען.

די עדה מתפללים האָט זיך געשאָקלט, זייערע קעפּ זענען געווען פאַרריסן. זייערע צעגליטע אויגן האָבן געזען, ווי די לוויים טראָגן דעם אָרון־קודש, ווי דער עמוד־האש פון פאָרנט און דער עמוד־הענן פון הינטן באַגלייטן אים, ווי די גרויסע, גליענדיקע מדבר איז אָפּגערייניקט און די גאַנצע וועלט איז דער וועג.

די איינגאַנגס־טיר האָט זיך געעפנט. אַ קעלט פון דרויסן האָט זיך אַריינגעריסן און זיך אויסגעמישט אין דער אָנגעהיצטער בית־המדרש־לופט. יענקל איז איצט אָנגעקומען. יענקל, דער יידישער פעלדשער, האָט געטראָגן לאַנגע, שוואַרצע געשטרייפטע הויזן, געשנירטע שיך און געטרעס איבער זיי. זיין שוואַרצער פאַלטן מיטן פוטערנעם קאָלנער איז געווען אויף אים אויסגעפּאַסט און זיין שוואַרצער פלושענער קאַפּעלוש האָט געהאַט אַ קנייטש אין דער מיט.

— בריך שמה דמרא עלמא בריך כתרך ואתרך — האָט דער בעל־תפילה אַ זאָג געטאָן, אַריינקוקנדיק אין סידור. — בריך שמה דמרא — האָבן די יידן אים נאָכגעזאָגט.

שכנא איז געגאַנגען מיטן „ספר". זיינע קליינע טריט זענען איצט געווען אויסגעצויגן, מאַיעסטעטיש. די מתפללים האָבן זיך אָפּגערוקט, געמאַכט אַ וועג דעם „ספר". שכנאס אויגן זענען געווען צו. לויט דער גרוימקייט אַרום זיך האָט שכנא געפילט ווי ער דאַרף גיין. יידן האָבן זיך אָנגעבויגן. יעדער פון זיי האָט מיט אַ ציצה פון טלית אַ גלעט געטאָן דאָס „ספר" און מיט די ליפּן געקושט די ציצה. פון מאָל צו מאָל איז געוואָרן אַ געדראַנג אַרום דעם „ספר". אויסגעשטרעקטע איבער אַקסלען הענט, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, וואָס האָבן געהאַלטן אַ ציצה פון טלית, האָבן פון ווייטנס אַ גלעט געטאָן דאָס „ספר".

יענקל האָט איילִיק אַרויסגענומען פון טאַש אַ שוואַרץ זיידן טלית־זעקעלע. ער האָט אַרויסגענומען דעם טלית, דאָס זעקעלע האָט ער צוריק אַריינגעשטופּט אין טאַש אַריין. ער האָט פונאַנדערגעשפּרייט דעם טלית און אים אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען. ער האָט געמאַכט די ברכה. זיין טלית איז געווען

שמאָל, קורץ און איבערגעשטרייפט מיט שמאָלע, בלויע שטרייפן. דער טלית האָט געהאַט אַ שמאָלע זילבערנע „שפּאַניע". די יידן אין שטעטל האָבן דעם טלית גערופן דער „פּראָסישער" טלית.

יענקלס ליפּן האָבן מיטגעזאָגט מיט דעם עולם. די פּאָר שטופּלען אויף זיין פּנים זענען געווען גרין. זיין גלאַט און ברייט פּנים איז געווען נאַקעט, נאָר די האָר פון זיינע שוואַרצע, דיקע ברעמען זענען געווען שטייף.

די צונויפגעדרענגטע עדה האָט זיך פונאַנדערגערוקט. די אָנגעדראָלטע וואַרעמקייט איז כסדר שיטערער געוואָרן, זיך געקילט. יידן האָבן זיך געצויגן די בערד, זיך איינגעריבן די הענט. אַקסלען האָבן זיך אויסגעשפּיצט און אַראָפּגעלאָזט. קעפּ האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַקסלען. די מתפללים האָבן גערוט נאָכן „שחרית", זיי האָבן גערוט און געוואַרט.

מאָטע דער בעל־תפילה האָט אויסגעגליכן זיין רוקן. ער איז ווי אויסגעוואַקסן. ער האָט אַ קוש געטאָן דעם סידור, מיטביידע הענט אָנגענומען די פּאָלעס פון טלית און זיי אַריבערגעלייגט איבער די אַקסלען. ער האָט זיך אָפּגערוקט פון עמוד און אָפּגעזיפצט.

— שכח! שכח! (יישר כוח) — האָבן עטלעכע אויסגעשטרעקטע קעפּ אַריבערגעשריגן צו מאָטען דעם בעל־תפילה. איינער האָט איבערגעשריגן דעם אַנדערן.

יעקב חזן איז אַרויף אויפן בעלעמער אַ געבוקטער, צוהאַלטנדיק זיך די פּאָלעס פון טלית, ווי ער זאָל טראָגן אויף זיך אַ משא. ביידע, ער און שכנא, האָבן גענומען זיך מתעסק זיין מיטן „ספר" אויפן טיש. דעם חזנס אויסגעצויגענע געשטאַלט האָט איבערגעשטאַרט איבער שכנאס נידעריקער דיקלעכער געשטאַלט.

פּסח שמש, מיטן פאַרוואָרפענעם איבער זיך טלית, ווי ער זאָל זיך אין אים האָבן איינגעבאַבלט דעם האַלדז, האָט געהינקט איבער די שטיגן, ער איז אַראָפּ פון בעלעמער.

יענקל פעלדשער איז געגאַנגען ווייטער אין המון אַריין. יידן האָבן אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַוועקגערוקט, אים געמאַכט אַ וועג. יענקל איז געווען אַ שטעטלדיקער „רופא", זיין פאָטער, וועלוועלע פעלדשער, האָט שוין געשטעלט „פּיַאווקעס" און „באַנקעס" ביי קראַנקע יידן. אין אַן עת־צרה, אַז עס איז ווער אין אַ משפחה שלאַף געוואָרן, האָט מען זיך געוואָנדן צו יענקל פעלדשער. יענקל האָט געהאַלטן דעם קאָפּ פאַרריסן און צו אַלע געשמייכלט. ער איז צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט ביים שפּיץ פון טיש, דאָרט וווּ פּיוול איז געשטאַנען. דוד, דערזעענדיק יענקלען, האָט זיך אָפּגערוקט און אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער. דעם יינגלס אויגן זענען געווען אויפגעריסן, פול מורא.

דער חזן פון איין זייט, שכנא פון דער אַנדערער זייט, זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן. זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט די עצי־חיים און איבערגעוויקלט דאָס „ספר".

דער חזן האָט לייכט זיך געשאָקלט איבערן „ספר". די יידן זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. יעדער פון זיי האָט געוואַרט אויף אַן „עליה". זיי האָבן

זיך געשעמט קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. געווען יידן, וואָס האָבן פון אויפרעגונג איבערגעקליבן אַ ציצה פון טלית, אַנדערע האָבן זיך געריבן די שטערנס, ווי יעדער פון זיי זאָל זיך ווען עפּעס דערמאָנען.

דער חזן איבערן „ספר" האָט מיט אַ ציצה פון טלית צוגעהאַלטן דאָס אָרט אין „ספר", וווּ עס האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פון דער וואָך. זיין ברייטער שטערן איז געווען צעקנייטשט.

שכנא איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז און געקוקט אין המון אַריין.

— יעמוד, ר' אשר בן אפרים — האָט שכנא אויסגערופן, צעצויגן דעם יידס נאָמען. דער עולם האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. אין היכל איז געוואָרן שטיל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט די אָנגעשטרענגטע שטילקייט אָפּגעלאָזט. די עדה יידן האָט זיך אַ וויג געטאָן.

אַ גרויסער קאָפּ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. די טיפע ווי אַריינגעדריקטע אויגן אונטער זיינע בולטע באַקן־ביינער האָבן דערשטוינט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט זיך נישט געגלויבט, אַז שכנא מיינט אים. אשר האָט אַ שטופּ געטאָן אַן אַקסל פאָרויס און זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. די יידן האָבן זיך אָפּגערוקט.

אשר האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער באַריערע פון בעלעמער, אַריבערגע־שטעלט אַ פוס אויף דער לעצטער טרעפּ. ער האָט איבערגעשפּרייזט אַלע טרעפּ און ער איז ווי צוגעפאַלן צום „ספר". ער האָט איבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ און אָנגענומען מיט די פינגער אַ ציצה פון טלית. דער חזן האָט אַראָפּ־גענומען זיין ציצה פון „ספר". אשר האָט מיט זיין ציצה אַ גלעט געטאָן דאָס אָרט אין „ספר". ער האָט זיך אויסגעגליכן, פאַרמאַכט די אויגן און אַ זאָג געטאָן — ברכו את ה' המבורך — ער האָט יעדעס וואָרט געזאָגט באַזונדער און פאַ־מעלעך.

— ברוך ה' המבורך לעולם ועד — האָט די עדה יידן אים געענטפערט.

דער חזן האָט זיך איבערגעבויגן איבערן „ספר", פאַרזשמורעט די אויגן און געגנומען לייענען: — וישמע יתרו כהן מדין חותן משה. — זיין הויכע גע־שטאַלט איז געווען געבויגן אין צווייען. ער האָט זיך געשאָקלט, ווי ער זאָל גיין אַהין און צוריק, זיין אויסגעשטרעקטער קאָפּ איז איבערגעהאָנגען איבערן „ספר".

אשר, דער הויכער ברייטבייניקער ייד, איז געשטאַנען שטייף, ווי ער זאָל זיך מורא האָבן אַ ריר טאָן. זיינע גרויסע אויגן זענען נאָכגעגאַנגען נאָך די ווערטער אין „ספר", וואָס דער חזן — בעל־קורא האָט געלייענט.

די עדה יידן האָט געהאָרכט. זייערע פּנימער זענען געווען גוטמוטיק. אַ לייכטער קוים מערקבאַרער שמייכל איז געווען פונאַנדערגעצויגן איבער זייערע פּנימער. יעדער פון די יידן איז געווען איצט אויסגעטאָן פון זיינע וואָכעדיקע דאגות. אַלע זענען זיי געווען אין דער ווייטער מדבר צוזאַמען מיט דעם גרויסן שטאַרקן משה, וואָס איז געווען באַטייליקט ביי זייער גאָט. משה האָט באַפרייט זייער פאָלק ישראל און זיי האָבן זיך געפרייט, אַז יתרו איז געקומען צו משהן

און געברענגט זיין משפחה. זיי זעען ווי משה דערציילט אים גאָטס גבורה און יתרו איז געפּלעפט פון די וווּנדער פון יידישן גאָט. די יידן זענען געווען אַזוי מיטגענומען מיט די געשעענישן, ווי דאָס אַלץ זאָל האָבן איצט פּאַסירט מיט זיי.

אשר האָט מיטביידע הענט אָנגענומען די עצי־חיים פון „ספר", פאַרמאַכט די אויגן און אָן אויסגעצויגענער אַ זאָג געטאָן: ברוך אתה ה׳ נותן התורה. — ער האָט געעפנט די אויגן און אָנגעקוקט שכנאן. זיינע אויגן האָבן געגליט און זענען געווען ווייך, ער האָט אים געדאַנקט.

שכנא האָט זיך אָנגעהאַלטן מיט די הענט אין בעלעמער ווי ער זאָל זיך אויף אים אָנלענען און ער האָט געקוקט אויף דעם עולם. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און ער האָט אויסגערופן:

— יעמוד, ר׳ שרגא־פייוול בן מאיר.

פייוולס אַקסלען זענען געוואָרן שפּיציק. ער האָט אַ ציטער געטאָן, ווי ער זאָל אָפּשפּרינגען אין אַ זייט. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, זיין פּנים איז געווען ערנסט. די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום אים, האָבן זיך אָפּגערוקט.

פייוול איז געבליבן ווי אַליין. מיט איין האַנט האָט ער צונויפגענומען די ראַנד פון דעם אַראָפּהענגענדיקן טלית, מיט דער צווייטער האַנט אָנגענומען דעם זון ביי דער האַנט און אים אַ צי געטאָן נאָך זיך. פייוול האָט געשטעלט גרויסע טריט, זיך געאיילט. דאָס יינגל איז אים נאָכגעגאַנגען.

פייוול איז געבליבן שטיין פאַרן „ספר". דער טלית האָט אים פאַרשטעלט דאָס פּנים. ער האָט אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ דעם טלית און מיט דער לינ־קער האַנט איבערגעדעקט דעם זון.

דאָס יינגל, דערפילנדיק דעם פאָטערס האַנט אויף זיך, האָט פאַרמאַכט די אויגן און אָנגעלענט דעם קאָפּ אויפן פאָטער. פייוול האָט מיט אַ ציצה פון דער רעכטער זייט טלית אַ גלעט געטאָן דאָס אָרט אין „ספר", ווו עס הייבט זיך אָן „שני". ער האָט זיך צעוויגט און געמאַכט אַ ברכה. דוד האָט שטיל אים נאָכ־געזאָגט. ווי נאָר זיי האָבן געענדיקט די ברכה, האָט דער בעל־קורא גענומען לייענען:

— ויהי ממחרת וישב משה לשפוט את העם — דער בעל־קורא האָט געליי־ענט און זיך געוויגט איבערן „ספר". פייוול האָט זיך מיטגעשאָקלט מיטן בעל־קורא. ער האָט מיט די אויגן געלייענט די ווערטער.

פייוול האָט זיך אָפּגעבויגן אויף הינטערוויילעכץ, צוריק זיך אויסגעגליכן, פאַרמאַכט די אויגן און געמאַכט די ברכה.

— יעמוד, יוסף בן ירוחם — האָט שכנא מכריז געווען.

אַ דאַרער ייד, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט, ווי ער זאָל וועלן אַדורכשווימען דורכן המון. פייוול האָט אַ שליידער געטאָן מיטן קאָפּ. דער טלית האָט זיך אים אַראָפּגערוקט אויף די אַקסלען. דוד איז אַפּערגעקראָכן פון אונטערן טלית. זיינע קליינע שוואַרצע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין פאָטער. פייוול האָט צונויפגענומען

די צווי פּאָדערשטע ציצית פֿון טלית און זיך אין זיי איינגעקוקט. ער האָט נישט געוואַגט קוקן די יידן אין די אויגן.

יוסף האָט זיך געאײַלט, ער האָט אָבער געשטעלט קליינע טריט. אַז ער איז אַרויפֿגעקומען אויפֿן בעלעמער, האָט ער פֿאַרמאַכט דאָס מויל און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. פּיוול האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זײַט. פּייוול מיטן זון זענען אַראָפּ פֿון בעלעמער.

יוסף האָט זיך איבערגעבויגן איבערן „ספר". זיינע ליפּן האָבע כמעט דער־גרייכט די אותיות אויף דער יריעה. די שוואַרצע אותיות אויפֿן פּאַרגעלטן פּאַר־מעט האָבן אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. ער האָט זיך אויסגעגליכן. ער האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און געמאַכט די ברכה. די הענט זיינע זענען געווען אַראָפּגעלאָזט.

— וישלח משה את חותנו וילך לו אל ארצו — האָט דער בעל־קורא פֿאַר־ענדיקט מיט אַן אויסגעצויגן קול. דער בעל־קורא האָט זיך אויסגעגליכן. די עדה האָט זיך לייכט אַ וויג געטאָן, ווי אַ ווינט זאָל האָבן איבער זיי איבערגעגאַנגען. זיי איז גרינגער געוואָרן. זיי זענען געווען צופֿרידן וואָס משה האָט אַוועקגע־שיקט יתרון.

— יעמוד, ר' עקיבא־צבי בן מתתיהו.

אַ ווײַלע איז די שטילקייט אין היכל ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן. יידן האָבן אויסגעדרייט די קעפּ. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט. קיינער האָט זיך נישט גע־רירט פֿון אָרט.

— נו! נו! — האָבן זיך דערהערט עטלעכע שטימען פֿון המון אַרויס, וואָס האָבן גערופֿן — האַרש־קיבא!

האַרש־קיבא האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי מען זאָל אים האָבן איבער־געוועקט. ער האָט מיט ביידע הענט צונויפֿגענומען זיין צעלאָזטן טלית און איילִיק זיך אַדורכגעשטופּט דורכן עולם. ער האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז שכנא האָט אים אויפֿגערופֿן. אין שטעטל האָט מען אים גערופֿן האַרש־קיבא דער בעל־עגלה. ער האָט געפֿירט די פּאַסאַזשירן אין שטעטל צו דער באַן, געווען דער איינציקער בעל־עגלה, וואָס האָט געדאַוונט אין דעם קליינעם בית־המדרש און נישט מיט די בהמה־הענדלער אין זייער שטיבל. האַרש־קיבא האָט זיך געשטופּט דורכן עולם. די יידן האָבן געמאַכט אים אַ וועג. אויך פּייוול איז שטיין געבליבן נישט ווייט פֿון בעלעמער, געמאַכט האַרש־קיבאן אַ וועג.

דוד האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן פֿאָטער. איינגעבויגן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל אים אַריינלאָזן צווישן די אַקסלען, דער פֿאָטער זאָל אים נישט מערקן. דוד האָט אַ שפּרונג געטאָן און ער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן צווישן עולם. פּייוול האָט יאָ געזען, אַז דער זון לויפֿט אַרויס, אָבער אים נישט גערופֿן. ער אַליין איז אַוועק אויף זיין אָרט, וווּ ער איז געשטאַנען.

האַרש־קיבא איז אַרויפֿגעלאָפֿן אויפֿן בעלעמער אַ געבוקטער, ווי ער זאָל זיך נאָך וועמען יאָגן. ער איז געבליבן שטיין מיטן בעלעמער. ער האָט

אָנגעצויגן אויף זיך די שוואַרצע טוכענע געהאַקטע איביצע, מיט די גראָבע פינגער זיך אויסגעריבן די אויגן און אַריבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ.

דער בעל־קורא האָט זיך צוגערוקט צום טיש און זיך איבערגעבויגן. זיין אויבערשטער טייל קערפּער איז ווי הענגען געבליבן איבערן „ספר". ער האָט אָנגענומען דעם טלית און מיט אים אַ ווישׁ געטאָן די יריעה פון „ספר": בחודש השלישי לצאת בני ישראל מארץ מצרים — האָט ער געלייענט און געקנייטשט זיין שטערן.

די עדה יידן האָט זיך אַ וויג געטאָן, איבערגעשטעלט די פיס, ווי זיי זאָלן זיך לאָזן גיין. זיי האָבן צוזאַמען מיט דעם בעל־קורא שפּאַצירט אין דער מדבר, זיי זענען מיט אים געגאַנגען אַרום דעם באַרג „סיני".

האַרש־קיבא איז געשטאַנען ביים „ספר" מיט פאַרלייגטע הענט, די פיס צונויפגערוקט און זיך נישט גערירט. זיינע קליינע אייגעלעך זענען געווען אָנגע־שפּיצט און זיי זענען געגאַנגען אַהין און צוריק איבער די אותיות פון דער שורה. ער האָט, חלילה, נישט פאַרפעלט אַ וואָרט.

שכנא האָט אַרויפגעלייגט ביידע האַנטפלאַכן אויפן טיש־בעלעמער און אָנגע־לענט דעם קאָפּ אויף די הענט. ער איז געווען צו נידעריק ער זאָל זיך קענען אָנלענען אויפן טיש. איצט האָט ער נישט געדאַרפט זוכן ווען אויפרופן, ער האָט געהאַט גרייט אַ בעל־עליה.

שכנא האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אַהין, ווו עס איז געשטאַנען דער ייד, וואָס ער האָט געוואָלט אויפרופן:

— יעמוד — ער האָט דאָס וואָרט אַ זאָג געטאָן מיט איין אָטעם: — ר' דב־בער בן מרדכי — האָט ער מכריז געווען. די יידן הינטערן בעלעמער האָבן אייליק זיך פונאַנדערגערוקט.

די עדה יידן האָט שטיל אָפּגעאָטעמט. יעדער באַזונדער האָט דאָך געוואַרט — אפשר רופט שכנא אים אויף. די יידן האָבן זיך איינגעקוקט אין דב־בערן. אַלע אין שטעטל האָבן אים געקענט.

דב־בער האָט געוווינט מיט יעקב חזן דעם בעל־קורא אין איין כאַטע. ער מיט זיין ווייב און זיינע דריי טעכטער האָבן געענייט העמדער. זיינע צוויי זין זענען מיט די העמדער געפאָרן איבער די מערק.

ביידע שכנים האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן. זיי זענען דאָך געשטאַ־נען ביים אָפּענעם „ספר". דב־בער האָט אויסגעשטרעקט אַ פוס און זיך איבער־געבויגן איבערן „ספר".

צווישן אויוון און דעם בעלעמער פון דער צווייטער זייט זענען געשטאַנען צוויי יידן. ביידע האָבן אַריינגעקוקט אין חומש, וואָס זיי האָבן צוזאַמען געהאַלטן.

—דב־בער האָט דערהאַלטן פון זון אין עציסראָל (ארץ־ישראל) אַ בריוו — האָט דער ייד וואָס איז געשטאַנען אין דער לינקער זייט אַ זאָג געטאָן שטיל. דער ייד האָט געקוקט ווייטער אין חומש אַריין.

די יידן אַרום זיי האָבן זיך שטיל צוגערוקט צו זיי. זיי האָבן אַרומגערינגלט

די צוויי יידן. זיי האָבן אויסגעבויגן די קעפּ. יעדער פון זיי האָט אונטערגעשטעלט אַן אויער.

— דער קרן־קימת האָט אים געגעבן ערד. ער איז געוואָרן אַ פּויער — האָט דער ייד נאָך שטילער אַ זאָג געטאָן און ווייטער געקוקט אין חומש אַריין.

די יידן זענען געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער. זייערע אויפגעריסענע אויגן האָבן געגלאָנצט. זייער בליק איז געווען שטאַר אָבער ווייך. פאַר די אויגן איז געשטאַנען זייער לאַנד „זבת חלב ודבש״.

— והיו נכונים ליום השלישי כי ביום השלישי ירד ה׳ לעיני כל העם על הר סיני — האָט דער בעל־קורא געלייענט. ער האָט געצויגן די ווערטער, אָבער יעדעס וואָרט האָט ער געזאָגט באַזונדער.

די עדה האָט איינגעהאַלטן דעם אימפּעט. די יידן זענען געשטאַנען מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן אומבאַהאָלפן. זיי האָבן געהערט און געזען דעם מעמד.

דער בעל־קורא האָט זיך אָפּגעריסן פון „ספר״, אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און געלייענט: והר סיני עשן כולו. זיין קול האָט געציטערט, אַ דיקער אָדער איז געווען איינגעצויגן אויף זיין האַלדז.

די עדה יידן האָט זיך צונויפגעדרענגט, ווי זיי זאָלן האָבן שטיין געבליבן אונטערן באַרג. זיי האָבן אויסגעשטרעקט די העלדזער און פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

דב־בער האָט אַ קרעכץ געטאָן פון הנאה. ער האָט אַריבערגעקוקט איבערן בעלעמער אַריבער. זיין לינק אויג, וואָס האָט געשיקלט, האָט איצט ווי געלאַכט צו די יידן וואָס זענען דאָרט געשטאַנען. ער האָט זיך אָנגעבויגן און מיט אַ ציצה פון טלית אַ גלעט געטאָן די יריעה פון „ספר״. די ציצה צוגעלייגט זיך צו די ליפּן, זיך נישט פאַרגינען אַ קוש טאָן דאָס „ספר״. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און פאַרריסן דעם קאָפּ. זיין שוואַרצע פאַרקנוילטע באָרד איז הענגען געבליבן איבערן „ספר״. ער האָט געמאַכט די ברכה.

די עדה יידן האָט זיך אַנטשפּאַנט. זיי זענען געשטאַנען און געוואַרט. דער רוב מתפללים האָבן געוווּסט, אַז „ששי״ וועלן זיי נישט קריגן. דאַקעגן די מיוחס־דיקע יידן זענען איצט געווען אָנגעשטרענגט. עטלעכע יידן, וואָס זענען געזעסן ביים צווייטן טיש, האָבן אונטערגעהוסט.

שכנא האָט זיך אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט אין טיש פון בעלעמער און געקוקט אַראָפּ, אָבער ער האָט די יידן געזען און געהערט.

— יעמוד — האָט ער פריילעך אויסגערופן. אַ מלבושים־שאַרך האָט זיך איבערגעטראָגן איבערן היכל. די עדה יידן האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם — ר׳ דב הנחתום בן יעקב — האָט שכנא אויסגערופן. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל זיך רייצן מיט די יידן.

אַלע מוסקולן אין וויזילעס קנאַכיק פּנים האָבן אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און אַריבערגעצויגן זיך איבער די אויגן דעם טלית. ער

האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים, מען זאָל אים נישט זען און איילִיק זיך אַ לאָז געטאָן צום בעלעמער.

די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אים אין וועג, האָבן זיך אָפּגערוקט. זיי האָבן אים נאָכגעקוקט און געשמייכלט.

די יידן, וואָס האָבן געוואַרט אויף „ששי", האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און זיך איינגעקאַרטשעט. פון דרויסן, פון הינטער דער וואַנט, האָט זיך דערהערט אַ גערודער. יידן האָבן פאַרריסן די קעפּ. די פענצטער זענען געווען הויך, די שויבן פאַרפרוירן.

זלמן גאַרבער אַ הויכער ברייטבייניקער ייד האָט צוגעלייגט דעם קאָפּ צו אַ פענצטער־ווינקל, געהויכט איבער דער שויב און דערנאָך מיט די פינגער אָפּגע־ווישט דאָס שטיקל שויב. זיינע נעגל זענען געווען רויט פון צעווייקטן דאָמב.

די יינגלעך אין דרויסן האָבן אויסגעענדיקט דעם שניי־גולם.

פייוול האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער, פאַרריסן דעם קאָפּ און אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ פון פאַרדראָס. ער האָט געזען, ווי די יינגלעך האָבן געגעבן דעם גולם אַ דראָנג אין האַנט אַריין.

ווידזילע האָט אָנגענומען און אַרויפגעלייגט אַ שטיקל טלית אויפן „ספר". דערנאָך דאָס שטיקל טלית זיך צוגעטראָגן צו די ליפּן. זיינע אויסגעאַרבעטע הענט האָבן אָנגענומען די עצי־חיים. ער האָט זיך פונאַנדערגעוויגט און געמאַכט די ברכה. ער האָט געזאָגט וואָרט נאָך וואָרט, אָבער די ווערטער זענען אַרויס פון זיין מויל נישט דייטלעך.

יעקב דער בעל־קורא האָט זיך איבערגעבויגן איבערן „ספר", ווי ער זאָל אַריבערקוקן איבער ווידזילען און ער האָט גענומען לייענען — וירד ה' על הר סיני אל ראש ההר ויקרא ה' למשה — זיין קול איז געווען שטאַרק און לויטער.

צווישן אויוון און דער ספרים־שאַנק איז געשטאַנען אַ קרענצל יידן. אַלע זענען זיי געווען איינגעהילט אין טליתים. די טליתים זענען געווען איבער־געוואָרפן איבער זיי לויט יעדנס פאַנטאַזיע. ביי איינעם איז דער טלית געווען אַרומגעהילט ווי אַ טאָגע, ביי אַ צווייטן איז דער טלית געהאַנגען איבער די אַקסלען, ווי ער זאָל זיין אין אים איינגעהילט. עס זענען אויך געווען יידן, וואָס דער טלית זייערער איז אַרומגעוויקלט איבערן קאָפּ, ווי אַ קאַפּטיכל. די ציצית פון דעם טלית זענען געהאַנגען איבער דער פּלייצע.

— מען זאָגט, אַז דער נייער קאָמענדאַנט איז נישט פון די ערגסטע — האָט אַ ייד מיט אַן איבערגעהאַנגענעם טלית, ווי אַ טוך, אַ זאָג געטאָן.

— ווּעמען גייט עס אָן! — האָט דער הויכער ברייטבייניקער ייד, וואָס איז געשטאַנען און אָנגעלענטער מיט דער האַנט אין דער ספרים־שאַנק, אים אָפּגע־ענטפערט.

— ער קען אָנטאָן צרות — האָט אַ ייד מיט אַן איבערגעוואָרפענעם טלית איבערן קאָפּ אים געענטפערט.

— עשיו — האָט נאָך אַ מאָל אַ זאָג געטאָן דער הויכער ייד, וואָס איז געשטאַנען אָנגעלענט מיט דער האַנט אין דער ספרים־שאַנק.

— אנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים — האָט דער בעל־קורא געלייענט, ווי ער זאָל זיך שפּילן מיט די ווערטער. דעם בעל־קוראס קאָפּ איז געווען פאַרוואָרפן אין אַ זייט.

די יידן אינעם קרענצל האָבן זיך אַ וויג געטאָן. יעדער פון זיי האָט אייליק אויף זיך פאַרראַכטן דעם טלית. די יידן זענען שטיל געבליבן, יעדער האָט אונטערגעשטעלט אַן אויער און געהאָרכט די ווערטער, וואָס דער בעל־קורא האָט געלייענט.

דער בעל־קורא האָט זיך אַ וויג געטאָן און זיך אויסגעגליכן. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און געלייענט ווייטער: זכור את יום השבת לקדשו.

ווייזילע האָט זיך איבערגעבויגן איבערן „ספר״, פאַרמאַכט די אויגן און גע־זאָגט די ברכה. די ווערטער פון דער ברכה זענען געווען צונויפגעגאָסן, נישט דייטלעך, ווי ער זאָל קייען די וואָנצע. ער האָט געהאַט שמאָלע, נידעריקע, ווי צוגעפּיילטע, ציין.

שכנא האָט געקוקט אויף ווייזילעס אויסגעאַרבעטע הענט, וואָס האָבן נישט אָפּגעלאָזט די עצי־חיים. אויך איצט האָט שכנא נישט געזוכט וועמען אויפצורופן צו דער „תורה״. ער האָט געהאַט אַ בעל־עליה.

די יידן, וואָס האָבן זיך פריער באַמיט שכנא זאָל זיי אויפרופן צו „ששי״, האָבן זיך איצטער די מי געגעבן דער עולם זאָל אויף זיי נישט לייגן קיין אַכט. די יידן, וואָס זענען געזעסן ביים טיש, האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ נאָך טיפער, זיך אַריבערגעבויגן איבערן טיש און אַריבערגעקוקט איבער אים, ווי זיי זאָלן וועמען אויסקוקן.

עטלעכע פון די יידן האָבן געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן און געשאָקלט מיט די קעפּ ווי זיי זאָלן ממשיך זיין. די מתפללים זענען געשטאַנען און געקוקט. געווען יידן, וואָס האָבן אַראָפּגערוקט זיך די טליתים פון די קעפּ: זיי זענען געווען נייגעריק זען ווי עס האַלט מיט דעם „שביעי״.

ערשט איצט האָט ווייזילע אָפּגעלאָזט די עצי־חיים. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די יידן, ווי ער זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט.

שכנא האָט אַרויפגעלייגט די לינקע האַנט אויפן טיש פון בעלעמער און ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן. יעקב דער בעל־קורא האָט זיך איבער־געבויגן, ווי ער זאָל קוקן שכנאן אין מויל אַריין, און ער האָט זיך אָפּגעצויגן די באָרד.

— י־ע־מ־ו־ד ר׳ מנחם בן משה הכהן — האָט שכנא מכריז געווען. זיין הייזעריק קול איז געווען ווייך און גרילציק.

אַ דאַרע, פאַרהילטע אין אַ טלית געשטאַלט, אין ווינקל רעכטס, האָט זיך אויסגעדרייט. דער ייד האָט גענומען זיך שפּאַרן דורכן עולם.

מיט די הענט האָט ער זיך צוגעהאַלטן דעם טלית, ווי ער זאָל זיין איינ־

געהילט אין אַ טוך. זיין פּנים האָט אַרויסגעקוקט פון טלית. דער וועג, ווו ער איז געגאַנגען, איז געווען ליידיק. די יידן האָבן שוין פריער זיך אַוועקגערוקט, אים באַגלייט מיט די אויגן.

ווי נאָר ער איז אַרויפגעקומען אויפן בעלעמער האָט מנחם אַראָפּגעלאָזט די הענט. זיין טלית האָט זיך געעפנט. די פּאָלעס האָבן זיך אים צעפלאָשעט. מנחם האָט געהאַט אַ דאַר, אויסגעצויגן פּנים, אַ גרויסן קיילעכיקן שטערן, אַ לאַנגע, שפּיציקע, שוואַרצע, מיט גרויע האָר אַדורכגעפלאָכטענע, באָרד און צוויי דיקע, גרויע פּיאות. מנחם איז געווען דער איינציקער אין שטעטל ייד וואָס האָט געמאַכט שינדלען. יידן אין שטעטל האָבן געוווּסט אַז ער רעכט אָפּ „חצות״.

מנחם האָט פאַרמאַכט די אויגן און געמאַכט די ברכה. ער איז געשטאַנען אַן אויסגעשטראַמטער, זיך נישט גערירט פון אָרט. ער האָט די ווערטער געזאָגט שטיל, וואָרט נאָך וואָרט פאַר זיך. זיין פּנים האָט אויסגעזען ווי אַ מאַסקע, נאָר זיינע פאַרמאַכטע אויגן־לעפּלעך און זיינע באַקנביינער זענען געווען בולט.

— פּייוול! — האָט גרוינעם שטיל אַ זאָג געטאָן.

פּייוול האָט אים אָנגעקוקט.

— פאַראַן ביי מיר אין דאַרף אַ פאַרדינסטל — האָט גרוינעם שטיל אים אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל איינרוימען פּייוולען אַ סוד.

— שבת! שבת! — האָט פּייוול זיך געבייזערט און אַ שאַר געטאָן מיט די הענט. ער האָט געטריבן גרוינעמען פון זיך.

גרוינעם האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט איבערגעצויגן זיך דעם טלית איבערן שטערן און מיט אַ קליינעם טריט זיך אַוועקגערוקט אין אַ זייט. ער האָט נישט געוואָלט, אַז יידן זאָלן זען, וואָס עס האָט פּאַסירט.

שכנא האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אויסגעבויגן אויף אַ זייט, און געזוכט אַ בעל־„מפטיר״, אָבער ער האָט זיך נישט געאיילט. ער איז נאָך נישט געווען מיט זיך פאַרטיק וועמען ער דאַרף אויפרופן. ער האָט געזען די אַלע חשובע מתפּללים, וואָס האָבן פריער געוואַרט אויף אַן עליה. די יידן, וואָס האָבן זיך געפילט בכוח צו קריגן „מפטיר״, האָבן אַוועקגעקוקט, ווער אין אַ זייט און ווער אין זיין חומש אַריין. קיינער פון זיי איז נישט געווען זיכער, צי שכנא מיינט אים. זיי, די יידן, האָבן זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. זיי האָבן נישט געוואָלט די מתפּללים זאָלן עפּעס באַמערקן.

— דער סגי־נהור — האָט שכנא אַ ברום געטאָן. די צוויי ווערטער זענען פאַרפּאַלן געוואָרן אין זיין באָרד. ער האָט געמיינט דעם גרויסן בער.

אין דעם מאָמענט האָט דער בעל־קורא אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און אַ פאַרלייג געטאָן זיך די האַנט אונטערן לינקן אויער. ער האָט פאַרמאַכט אַן אויג און ער האָט מכריז געווען:

— יעמוד רבי שכנא בן צדיק הלוי — אינעם ניגון פון די ווערטער האָט זיך געפילט שטיפערישקייט. ער האָט אָפּגעטאָן. דער בעל־קורא האָט

אַראָפּגעלאָזט די הענט. דער טלית האָט זיך אים אַראָפּגעגליטשט. ער איז גע־שטאַנען געקוקט, באַטראַכט דעם עולם.

שכנא האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, זיינע ליפּן זענען געווען אָפן, זיין קיילע־כיק פּנים איז געווען אָפּגעצויגן, דערשטוינט, זיינע גרויע אויגן האָבן געגלאַנצט, געשמייכלט.

די יידן וואָס האָבן געוואַרט, אפשר רופט שכנא זיי אויף, האָבן טיף אָפּגע־אָטעמט. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און אייליק איבערגעצויגן איבער זיך די טליתים.

שכנא האָט אויפגעהויבן די אַקסלען. זיין צעלאָזטער טלית איז הענגען גע־בליבן אויף אים ווי אַ העמד. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן צום בעלעמער און מיט כוח אַנגענומען די עצי־חיים, זיין געשטאַלט האָט זיך אויסגעצויגן. ער האָט געוואָלט דערלאַנגען, קענען לייענען אין „ספר". ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, עטלעכע מאָל אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און געמאַכט די ברכה.

— לא תעשון אתי אלהי כסף ואלהי זהב לא תעשו לכם — האָט דער בעל־קורא געלייענט. ער האָט פאַרענדיקט די פּרשה. שכנא האָט פאַרמאַכט די אויגן און ער האָט אַנגענומען די עצי־חיים. ער איז ווי הענגען געבליבן אויף זיי. ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן און געמאַכט די ברכה.

ווי נאָר ער האָט געענדיקט, האָט ער אַרויפגעלייגט די הענט אויפן בעלע־מער, אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, געקוקט אין המון אַריין זשמורענדיק די אויגן. ער האָט געקוקט אָן די ברילן. די ברילן זענען אים געלעגן אויף דער וואָנצע.

די יידן פון דער זייט בעלעמער האָבן זיך אַ וויג געטאָן, זיך צערוקט. קיינער פון די יידן איז נישט געווען פאַראינטערעסירט שכנא זאָל אים זען. אַ סך פון די מתפּללים האָבן זיך אויסגעדרייט אַפילו. יידן האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

שכנא האָט זיך אָנגעלענט אויף די הענט און געעפנט דאָס מויל. די ברילן האָבן זיך אים אַ טרייסל געטאָן. ער האָט זיי אונטערגעכאַפּט, זיי אַרויפגערוקט צוריק אויף דער נאָז: יעמוד שמואל בן־יעקב — האָט שכנא מכריז געווען.

— שמילע! שמילע! — האָבן זיך דערהערט עטלעכע קולות פון המון אַרויס, ווי זיי זאָלן דעם ייד אונטערריאָגן.

באַלד דערנאָך האָט שכנא ווידער אויסגערופן: יעמוד ר' שרגא בן אלימלך. שכנא האָט די צוויי יידן אויפגערופן לויטן סדר און מנהג, אָבער ער האָט די ווערטער געזאָגט שנעל, אַריינגערעדט אין דער באָרד אַריין.

די צוויי אויפגערופענע יידן האָבן זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס. ביידע זענען געווען הויך און שטאַרק. ביידע זענען געגאַנגען אייליק, ווי זיי זאָלן זיך וועלן טרעפן. שרגא איז געגאַנגען און אַרונטערגעשטופּט זיך די פאָדערשטע טלית־עקן הינטער דעם גאַרטל אַרונטער, געגאַנגען מיט פאַרלייגטע איבער דער ברוסט עלנבויגנס.

ביידע אויפגערופענע יידן, שמואל און שרגא, האָבן מיט איין האַנט זיך אָנגעכאַפּט אין פאָרענטש פון בעלעמער. אויפן בעלעמער אין דער הויך זענען זיי

שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט. יעקב חזן דער בעל־קורא האָט זיך איבערגערוקט אויף דער צווייטער זייט בעלעמער. שמואל האָט אַ שפּרייז געטאָן, צוגעגאַנגען צום „ספר". זײַנע פינגער האָבן זיך אַרומ־געקלאַמערט אַרום די עצי־חיים. ער האָט אײַנגעבויגן די קניִען און אויפגע־הויבן דאָס „ספר" אין דער הויך. די אַרבל זײַנע האָבן זיך אים אַראָפּגערוקט, זײַנע הענט זענען געבליבן שטאַר און נאַקעט.

שרגא האָט אַרײַנגעשטופּט זײַן שפּיץ צונג צווישן די ליפּן. זײַנע גרויסע אויגן האָבן דערשראָקן געקוקט אויף שמואלן, צי ער האַלט נאָר גוט דאָס „ספר".

— וזאת התורה — האָט יעקב דער בעל־קורא אַ זאָג געטאָן און ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז.

— וזאת התורה אשר שם משה לפני בני ישראל — האָט די עדה יידן אַ זאָג געטאָן אין איינעם.

שמואל האָט מיט ביידע הענט געהאַלטן דאָס „ספר" איבערן קאָפּ. ער האָט געוויזן די יידן די „תורה".

— עץ חיים היא למחזיקים בה ותומכיה מאושר — האָבן די יידן געזאָגט ווייטער. זיי האָבן זיך געוויגט און געשאָקלט מיט אימפּעט, ווי זיי זאָלן וועלן אַ לויף טאָן, כאַפּן די „תורה". אַ סך פון די יידן האָבן פונאַנדערגעשפּרייט זייערע הענט. די טליתים אויף זיי זענען הענגען געבליבן ווי פונאַנדערגעשפּרייטע פליגל.

שמואל איז געגאַנגען מיט דעם „ספר" אויף היִנטערווײַלעכץ. ער האָט גע־שטעלט זײַנע פיס, זײַנע שווערע שטיוול, אומבאַהאָלפן, ווי ער זאָל טראָגן אַ קינד. שרגא איז אים נאָכגעגאַנגען מיט קליינע טריט, ווי ער זאָל שמואלן טרעטן אויף די שפּיץ פינגער.

שמואל, דערפילנדיק די באַנק אונטער די קניִען, האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ־געזעצט. שרגא האָט פונאַנדערגעשטעלט די פיס און זיך אַ טרייסל געטאָן. ער האָט געוואָלט זיך איבערצייגן, צי ער שטייט גוט. זײַנע גרויסע אויסגעאַרבעטע הענט, זײַנע דיקע פינגער, זענען נישט געווען געניט אין דער עבודה.

שרגא האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. יעקב דער בעל־קורא האָט זיך איבער־געבויגן. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, צונויפגענומען דעם גאַרטל און דאָס ספר־תורה מענטעלע אויפן טיש און זיי דערלאַנגט שרגאן.

שרגא האָט אַ כאַפּ געטאָן די זאַכן. דאָס מענטעלע האָט ער אַוועקגעלייגט אויף דער באַנק, מיט דעם גאַרטל האָט ער גענומען אַרומבינדן דאָס „ספר". דעם עק פון דעם רויטן זײַדענעם גאַרטל, וואָס איז געווען שוין גרינלעך פון אַלטקייט, האָט ער אַרײַנגעשטופּט צווישן די צוויי גלילים פון „ספר". לאַנגזאַם און פּאָרזיכטיק האָט ער אַרומגעבונדן דאָס „ספר". דעם צווייטן עק האָט ער אַרײַנגעשטופּט אונטער דעם אַרומגעוויקלטן גאַרטל. איצט האָט ער אָנגעטאָן דאָס מענטעלע אויפן „ספר". אַז ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך אָפּגעבויגן, באַטראַכט דאָס „ספר", צי ער האָט עס גוט אָנגעטאָן. ער האָט מיט צוויי פינגער

אַ וויש געטאָן דאָס מענטעלע אויפֿן „ספר״, צוגעלייגט זיך די פינגער צו די ליפּן און זיך צוגעזעצט צו שמואלן. שמואל האָט צוגעלייגט די ליפּן צום „ספר״ און עס צוגעטוליעט צו זיך.

יעקב האָט זיך אָנגעבויגן. ער האָט אונטערגעהויבן די דעק פון טיש, און אַרויסגענומען דאָס חומש, אַרויפגעלייגט אויפֿן טיש און עס געעפנט. לעדערנע צויטן פון דער אַלטער בינד זענען אַראָפּגעהאָנגען פון חומש.

שכנא האָט איבערגעלייגט זיך איבער די אַקסלען די פּאָלעס פונעם טלית און פֿאַרמאַכט די אויגן, ברוך אתה מלך העולם — האָט שכנא אַ זאָג געטאָן. איבערן היכל איז אַדורך אַ שאָרך פון באַרירטע מלבושים און טליתים. די עדה יידן האָט זיך צונויפגערוקט. שכנא האָט געזאָגט ווייטער: אשר בחר בנביאים טובים ורצה בדבריהם הנאמרים באמת.

ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש, אַרונטערגערוקט די האַנט אונטערן חומש, אויפגעהויבן דאָס טעוועלע פון דער לינקער זייט, די ברילן האָבן זיך אים אַראָפּגערוקט אויף דער שפּיץ נאָז. ער האָט פֿאַרמרוזשעט די אויגן און אָנגע־הויבן: — בשנת מות המלך עוזיהו...

שכנא האָט מיט איין האַנט פֿאַרמאַכט דאָס חומש און מיט דער אַנדערער האַנט אונטערגעהויבן די דעק פון טיש. ער האָט אַריינגעלייגט דאָס חומש און אַרויסגענומען דעם סידור. דער סידור איז געווען דיק, געדרוקט געוואָרן אין לובלין און אַריינגענומען דאָס דאַוונען פון אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר. די ראַנדן פון די בלעטער זענען געווען גרוי, די בלויע לייוונט, אין וועלכער דער סידור איז געווען געבונדן, איז געווען שוין טונקל, די שפּיצן פֿון די בלעטער אויס־געפּעטסט. שכנא האָט אַרויפגעלייגט דעם סידור אויפֿן טיש, אָנגעגעצט זיך אַ פינגער אויף דער ליפּ און מיט צוויי פינגער איבערגעמישט עטלעכע בלעטער.

— רחם על ציון כי הוא בית חיינו — האָט שכנא אויסגעשריגן און אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ פון איין אַקסל צום אַנדערן.

שמואל און שרגא זענען געזעסן און געקוקט אויף שכנאַן. פון מאָל צו מאָל האָט שרגאס אונטערשטע ליפּ אַ ציטער געטאָן. יעדעס מאָל האָט ער שנעל צוריק פֿאַרדריקט די ליפּ, ווי ער זאָל אַראָפּשלינגען אַ וואָרט. שמואל האָט געדריקט צו זיך דאָס „ספר״ און כסדר געקוקט, צי ער האַלט עס גוט.

שכנא האָט זיך אָפּגעריסן פון סידור, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויסגע־לאָזט: ברוך אתה ה׳ מקדש השבת.

## יד

יעקב חזן האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז. — יקום פורקן מן שמיא חינא וחסדא — האָט ער אַ זאָג געטאָן. ער, דער הויכער דאַרער ייד אויפן בעלעמער, האָט אַלע איבערגעשריגן.

אַ זשום פון צונויפגעגאָסענע קולות האָט זיך געטראָגן איבערן היכל. אויפ־געריסענע אויגן פון טאַטעס און זיידעס האָבן געזוכט אַ סידור ווו אַריינצוקוקן. יעדער ייד האָט געוווסט דעם אינהאַלט נאָך פון „חדר״, אָבער די ווערטער זענען געווען זיי פרעמד.

פייוול האָט פאַרמאַכט דעם סידור און אַראָפּגענומען פון זיך דעם טלית. איינגעוויקלט אין טלית דעם סידור און דאָס פּעקל אַרויפגעלייגט אויפן טיש. ער האָט זיך אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און איינגעצויגן די אַקסלען, ווי ער זאָל שוין פילן די קעלט. ער איז אַוועק צו דער טיר.

— עם כל ישראל אחיהם ונאמר אמן — האָט אַ שטאַרק הילכיק קול אויס־געשריגן, באַגלייט פייוולען.

יעקב חזן איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום עמוד. ער האָט אַ זאָג געטאָן בקול רם: ונקיתי דמם לא נקיתי וה׳ שוכן בציון — און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן עמוד.

שכנא האָט פאַרמאַכט דעם סידור און גענומען גיין מיט אַ קליינעם טריט צום „ספר״. ער האָט זיך אָנגעבויגן, פאַרמאַכט די אויגן און מיט ביידע הענט אַרומגענומען דאָס „ספר״. ער האָט זיך צוריק אויסגעגליכן, גענומען צו זיך דאָס „ספר״.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. פייוול האָט אַדורכגעשטופּט דורך דער אָפּע־נער טיר דעם זון און זיך נאָך אים. דודס פּנים האָט געפלאַמט, זיין שפּיץ נאָז, די שפּיץ אויערן און זיינע פינגער זענען געווען רויט פון קעלט. דוד האָט גע־קוקט אַראָפּ. גייענדיק האָט ער זיך אויסגעגליכן דאָס היטל אויפן קאָפּ.

גרוינעם האָט זיך אַוועקגערוקט. ער האָט אַדורכגעלאָזט פייוולען מיטן זון.

— קום פאַרביי נאָך אַבדלה (הבדלה) — האָט פייוול אים אַ זאָג געטאָן און ער איז געגאַנגען ווייטער.

— מלכותך מלכות כל עולמים — האָט יעקב חזן אויסגעשריגן. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און מיט ביידע פויסטן אַ זעץ געטאָן אין עמוד. אַ פאַר־טריפטער מיט חלב לייכטער איז אונטערגעשפּרונגען. עס האָט זיך דערהערט אַ לייכטער מעטאַלענער קלינג. די פּאָלעס פון זיין צעלאָזטן טלית האָבן זיך געעפנט. ער איז געשטאַנען אַן אָנגעלענטער אויף זיינע פויסטן. זיין קאָפּ האָט זיך געשאָקלט איבערן עמוד.

דוד האָט מיטן גראָבן פינגער געמישט די בלעטער אין סידור, געזוכט די ווערטער, וואָס דער חזן האָט געזאָגט.

פּייוול האָט צעלאָזט דעם טלית, מיט ביידע הענט צונויפגענומען די אויבערשטע ראַנדן פון טלית און אים איבערגעוואָרפן איבער זיך. זיינע ליפּן האָבן אייליק זיך גענומען באַוועגן. פּייוול האָט אַ קוק געטאָן אויפן זון און מיטן פינגער אָנגעוויזן די שורה אין סידור.

די טיר האָט כסדר זיך געעפנט און פאַרמאַכט. יידן זענען מיט אימפּעט ווי אַריינגעפאַלן אין בית־המדרש אַריין. די מתפּללים האָבן זיך אומגעקערט פון גאַס. יעדע ווײַלע האָט אַ פונאַנדערגעלאָזטער טלית אַ קנאַק געטאָן ווי אַן אויסגעשאָקלט געוואַנט.

— מזמור לדוד — האָט שכנא אַ זאָג געטאָן און געעפנט די אויגן. ער האָט לאַנגזאַם זיך אויסגעדרייט, ווי ער זאָל זיך אַרומדרייען אַרום זיך, און מיט קליינע טריט גענומען גיין אַראָפּ פון בעלעמער.

שכנא האָט געטראָגן דאָס „ספר". ער איז געגאַנגען מיט פאַרמאַכטע אויגן, ער האָט געוווּסט דעם וועג. דער צעלאָזטער אויף אים טלית האָט אים געשטופּט, ווי זעגלען אַ שיף אין אַ ווינט.

יידן האָבן צוגעפירט זייערע יינגלעך. די יינגלעך האָבן זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער. זייערע ליפּן האָבן געקושט דאָס מענטעלע פון „ספר". גרויסע, אויסגעהאָרעוועטע פינגער פון שטאַרקע יידן האָבן מיט אַ שטיקל טלית אַ וויש געטאָן דאָס „מענטעלע". ציטערדיקע הענט האָבן צוגעלייגט אַ ציצה צום „ספר" און אַוועקגעלייגט די ציצה אויף די אויגן, וואָס זענען געווען פאַרמאַכט.

פּייוול האָט אַריבערגערוקט זיך דעם טלית איבערן קאָפּ. זיין פּנים איז געבליבן אָפּגעדעקט. ער האָט געוואָרפן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך שאָקלען איבער זיך.

שכנא האָט אויסגעשטרעקט די הענט. ער האָט פּאַמעלעך אַריינגעשטעלט דאָס „ספר" אין אָרון אַריין. ער האָט מיט די שפּיץ פינגער אַ גלעט געטאָן לויט דער ריי יעדעס „ספר". נאָך יעדן גלעט האָט ער זיך אויסגעקושט די פינגער־שפּיצן. ער האָט פאַרמאַכט די טירן און פאַרצויגן דאָס „פּרוכת". שכנא האָט זיך אויסגעגליכן, אַריבערגעצויגן איבער זיינע אַקסלען דעם צעלאָזטן טלית. די אַרויסגעלאָזטע צונגען ביי די לייבן אויפן „פּרוכת" זענען איצט געווען קלענער. די יידן זענען געווען איבערצייגט, אַז די לייבן לאַכן איצט צו זיי.

דער חזן האָט אַראָפּגערוקט זיך דעם טלית איבער קאָפּ, אַ זאָג געטאָן: יתגדל ויתקדש שמיה רבא.

אין היכל איז געווען שטיל. יידן האָבן איבערגערוקט די קעפּ פון די טליתים און די פּאָלעס פון די טליתים איבערגעלייגט איבער די אַקסלען. זיי האָבן פונאַנדערגעבונדן זייערע גאַרטלען און זיי פאַרצויגן שטאַרקער אַרום זיך. די זיצנדיקע יידן האָבן זיך אויפגעשטעלט. די קאַנטיקייט פון די טישן איז געוואָרן בולט און טיף ווי ביי אָפּענע קאַסטנס. טאַטעס האָבן זיך אומגעקוקט,

צי די ייִנגלעך זייערע שטייען לעבן זיי. די ייִנגלעך זענען געשטאַנען איבערגע־בויגענע איבער די סידורים. די בחורים האָבן זיך געשאָקלט, ווי די טאַטעס, אָבער אָן טליתים און אויסגעזען, ווי זיי זאָלן זיין אָפּגעדעקט, נאַקעט.

דער חזן האָט אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט די אויבערשטע ראַנדן פון טלית און ער האָט זיי אָנגעצויגן, ווי ער זאָל זיך איינשפּאַנען. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ אויף ביידע זייטן און אַ זאָג געטאָן: כי שם ה׳ אקרא הבו גודל לאלוקינו — ער האָט אַרויפגעלייגט ביידע האַנטפלאַכן אויפן עמוד און ער האָט זיך צעוויגט איבערן עמוד.

די קעלט פון דרויסן שטופּט זיך דורך די שפּאַרעס און נעמט איבער די שטילקייט. די אין היכל אַדורכגעזאַפּטע מיט אָטעם וואַרעמקייט קילט זיך. יראה פלאַטערט אין חלל. די יידן שאָקלען זיך צווישן די פיר ווענט אונטער דער הילצערנער סטעליע. זיי בעטן, זייער אמונה איז גרויס. יידן וואָס האָבן אויס־געענדיקט די תפילה, רוקן זיך אויס, ווער פון זיי אַ שריט און ווער — צוויי. זיי רוקן זיך צוריק און בלייבן שטיין. יעדע ווײַלע הערט זיך אַ שטימע, וואָס רייסט זיך אַריין אין דער שטילקייט. יעדעס מאָל זאָגט אָן אַנדער קול: ועל כל ישראל ואמרו אמן.

דער חזן האָט אָפּגעהוסט זיך אָפּגעפרישט זיין פאַרטריקנטע קעל. ער האָט זיך אַ בוק געטאָן איבערן עמוד און אויסגערופן: כי שם ה׳ אקרא הבו גודל לאלוקינו. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און געזאָגט ווייטער — אדני שפתי תפתח ופי יגיד תהלתך — ער האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויפן עמוד.

אַז דער חזן האָט געזאָגט — ברוך אתה ה׳ מחיה המתים — האָבן יידן אָפּגעזיפצט. דער חזן האָט אַ הוסט געטאָן. נעריצך ונקדישך — האָט ער אַ זאָג געטאָן. די עדה יידן האָט זיך אַ וויג געטאָן. די יידן האָבן אייליק זיך איבערגעוואָרפן די פּאָלעס פון טלית איבער די אַקסלען — קדוש! קדוש! קדוש! — האָבן די יידן דריי מאָל אַ זאָג געטאָן. ביי יעדן מאָל זענען זיי אונטערגע־שפּרונגען אויף די שפּיץ פינגער.

דער חזן האָט זיך פאַרנייגט און זיך צוריק אויסגעגליכן. ער האָט אויס־געשטרעקט דעם האַלדז און אַ זאָג געטאָן: עושה שלום במרומיו — און מיט אַ נידעריקן טאָן זיך געענטפערט: — הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל — און ער האָט פאַרענדיקט — ואמרו אמן.

— אמן! — האָט די עדה מתפללים אויסגעשריגן און געדאַנקט דעם שליח־ציבור, וואָס ער האָט פאַר זיי געבעטן. די יידן האָבן אָפּגעאָטעמט. זיי האָבן זיך באַפרייט פון דער זאָרג.

דער חזן האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט אין די ראַנדן פון טלית און מכריז געווען: עלינו לשבח לאדון הכל. — עלינו לשבח — האָבן די יידן איבערגעחזרט דעם חזנס ווערטער. זיי האָבן זיך געריקט צום טיש, אויף וועלכן עס זענען געלעגן די מלבושים.

יידן האָבן אונטערגעבונדן זיך די טליתים אונטער די גאַרטלען, אייליק אויף זיך אַרויפגעצויגן די פּאַלטנס און זיך געשטופּט צו דער טיר.

— גוט־שבת! גוט־שבת! — דער דורכגאַנג אין דער טיר איז געווען פאַר־שטאָפּט מיט יידן. די קעלט פון דרויסן איז אַריינגעדרונגען אין בית־המדרש אַריין. כוואַליעס קעלט און וואַרעמקייט האָבן אין דורכגאַנג זיך צונויפגעטראָפן.

פּייוול האָט געהאַלטן דעם זון ביי דער האַנט און זיך אַדורכגעשטופּט דורכן דורכגאַנג. זיי האָבן איינגעאָטעמט די פרישע קילע לופט. די שיין אינעם אויס־גאַנג איז געווען העל פונעם שניי אין דרויסן. די טונקלקייט אינעם פאָדערהויז איז געווען גרוי. ליכט און שאָטן האָט זיך געקרייצט.

— גוט־שבת! גוט־שבת! — דער פּלאַץ אַרום דעם בית־המדרש איז געווען פול מיט ניגון פון די צוויי ווערטער. די טרוקענע קעלט האָט פונאַנדערגעטראָגן דעם ווידערקול. דער קלאַנג „שבת, שבת" האָט זיך געקאַלערט ביז אין דער ווייט.

פּייוול איז געגאַנגען שנעל. די פּאָלעס האָבן געפּלאַסקעט זיינע כאָלעוועס, אים אונטערגעאיילט. אַ שטיק טלית האָט אים אַרויסגעשטאַרט פון הינטערן קאַלנער אָפּער. אַ טלית־שפּיץ איז אים אָפּערגעהאָנגען פון הינטער דער באַנדע. דער הימל איז געווען ראָזעווע. אַ געפרוירענער נעפּל האָט פאַרשטעלט די זון. דער פאַרמיטאָג־פראָסט האָט געלאָזט. יידן זענען געגאַנגען אַהיים עסן.

## טו

עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַק, ווי נאָך אַן אַרויסגעצויגענעם קאָרק פון אַ פלעשל. יאַכעט, וואָס איז געזעסן אויף אַ בענקל אָפּגערוקט פון טיש, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אַ שאַרפער סוואָנד האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער שטוב. די צעגליטע קוילן אין אויוון האָבן זיך צעפלאַקערט.

די צוויי מיידלעך האָבן אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער און ווייטער גע־שפּילט זיך. אין ווינקל, צווישן צוויי ווענט הינטער דער טיר, האָבן זלאַטעלע און רבקהלע זיך געשפּילט אין קלאַסן. זלאַטעלע האָט פריִער מיט אַ פינגער איבערגעצויגן צוויי ליניעס איבער די טראָטשענעס צעשיטע איבער דריי ברע־טער פון פאָל. זי האָט אָנגעצייכנט די זעקס קלאַסן. יעדע איינע האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן אַריינגעשטעלט אַ פוס אין אַ קלאַס און געפרעגט די אַנדערע: גוט? דערהערנדיק דער שוועסטערס ענטפער: יאָ, האָט דאָס מיידל געשטעלט אַ פוס אין אַ ווייטערער קלאַס. יעדע האָט זיך די מי געגעבן צו קומען צום סוף אין אַ ווינקל אַריין. האָט ווער פון זיי אַרויפגעטרעטן אויף אַ ליניע פון אַ קעסטל־קלאַס, האָט זי אָנגעהויבן פון ס׳ניי.

יאַסעלע איז געשטאַנען אין דער זייט און געקוקט ווי די שוועסטערן שפּילן.

די פֿייערשיין אונטער דער פּייערקע האָט געפֿירט שאָטנס איבער דער לײ־דיקער צעוואָרעמטער אויוונבלעך. די היץ איז לאַנגזאַם זיך צעגאַנגען איבער דער שטוב. די אויסגעקילטע לופֿט איז כּסדר פֿולער און מילדער געוואָרן, די גרויקייט אין שטוב — העלער, דאָס אייז אויף די פֿענצטער־שייבלעך האָט גענומען טייען.

יאַכעט האָט געררוט. זי האָט געהערט ווי דאָס בלוט פּליסט אין אירע אָדערן, געפֿילט אין זיך די ליבע מידקייט, געהערט די שטילקייט אַרום זיך. יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער, אַרויפֿגעשטעלט אַ פֿויסט אויפֿן טיש, זיך אָנגעלענט אויף אַן עלנבויגן און לאַנגזאַם פֿויל זיך אויפֿגעשטעלט.

יאַכעט האָט צונויפֿגענומען פֿון טיש די קאַווע־טעפּלעך און אַרײַנגעשטעלט איין טעפּל אין אַנדערן. זי האָט מיט איין האַנט אָנגענומען דאָס קרומע, ווי אַ קוימען, שטייסל טעפּלעך, זיך אָנגעבויגן און מיט דער אַנדערער האַנט אָנגע־נומען ביים אויער און אויפֿגעהויבן פֿון פּאָל די ליידיקע קאַווע־קרוג. זי האָט די כּלים צוגעטראָגן און זיי אַרײַנגעשטעלט אין מולטער אַרײַן. יאַכעט האָט זיך אויסגעגליכן און זי איז אַוועק צום טירל פֿון אַלקערל מיט אַ קליינעם פּאַ־מעלעכן טריט. איר געשטאַלט האָט זיך געוויגט. זי האָט זיך נאָכגעגעבן איר געזע־טיקטער פּרויען־פֿולקייט. זי האָט אָפּגעלעגט דאָס טירל און זי איז אַרײַן אין אַלקערל, ווי זי זאָל איבערשפּרייזן אַ שוועל.

יאַכעט האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן. די טונקלקייט האָט פֿאַרטושט איר ראיה. אַ חנוודיקער שמייכל האָט זיך פֿונאַנדערגעשפּרייט איבער איר פּנים, אירע אויגן־לעפּלעך זענען געווען פּייכט. אירע לאַנגע ווימפּערן האָבן געציטערט.

— זלאַטעלע — האָט רבקהלע אַ זאָג געטאָן און זי איז שטיין געבליבן מיט אַ פֿוס אין אַ קלאַס.

די שוועסטערן האָבן זיך אָנגעקוקט. די שטילקייט אין שטוב האָט זיי אַדורכגענומען. פֿון אַלקערל אַרויס האָט זיך דערהערט אַ שאָרך פֿון אַן איבער־געלייגט איבערבעט.

— גענוג! די מאַמע וועט באַלד קומען. זי וועט שרייען — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן. זי האָט אויפֿגעהויבן די אַקסלען און זי איז אַוועק צום טיש. רבקהלע איז איר נאָכגעגאַנגען און געשוויגן. יאָסעלע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט נאָכגעקוקט די שוועסטערן.

די מיידלעך איז געוואָרן אומהיימלעך. זיי האָבן דערפֿילט דעם חלל איבער זיך.

— קום אַרויסקוקן דורכן פֿענצטער — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן דער שוועסטער.

— גוט — האָט רבקהלע איר געענטפֿערט.

ביידע מיידלעך האָבן אָנגענומען די באַנק, יעדע פֿון איין זייט, און זיי זענען מיט דער באַנק אַוועק צום פֿענצטער. יאָסעלע איז זיי נאָכגעגאַנגען.

— קום! — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן. זי האָט זיך אָנגעבויגן און אָנגע־

נומען דאָס ברודערל אונטער די אָרעמס. זי האָט אים אויפגעהויבן און אים אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק.ביידע שוועסטערן האָבן זיך צו אים צוגעזעצט. די מיידלעך האָבן אַרויפגעלייגט די עלנבויגנס אויפן פענצטער און זיך איבער־געבויגן. רבקהלע האָט צוגעדריקט איר נעזל צום שייבל. זיי האָבן אַרויסגעקוקט. יאָסעלע איז געזעסן מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און אָן אָפּן מויל. ער האָט אויך געוואָלט זען.

דאָס טירל פון אַלקערל האָט זיך אַ וויג געטאָן ווי אַ ווינט זאָל עס האָבן אַ טרייסל געטאָן. אינעם דורכגאַנג איז שטיין געבליבן יאַכעט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער. איר גרינלעך אָוואַל פּנים איז געווען דורכזיכטיק.

די קינדער האָבן זיך נישט אומגעקוקט. די מיידלעך האָבן געקוקט דורכן פענצטער. זיי זענען געזעסן שטיל: קיינע פון די מיידלעך האָט נישט געוואָלט, די מאַמע זאָל זי אַ רוף טאָן.

— טפו! טפו! — האָט די מוטער אויסגעשפּיגן צוויי מאָל. אַ ווײלע דערנאָך איז זי אַוועק אין ווינקל, צום שעפל. יאַכעט האָט אַראָפּגענומען פון קיבעל וואַסער דאָס האַנטעך. זי האָט מיטן האַנטעך זיך אַרומגענומען די לענדן און פאַרבונדן פון הינטן די שפּיצן. איר אַרומגעהילטער בויך האָט אויסגעזען, ווי ער זאָל זיין פאַרפאַקט. זי האָט געוואָלט אָפּשווינען איר שבת־קלייד.

יאַכעט האָט אָנגעגאָסן אַ האַלבע שיסל וואַסער און אַוועקגעשטעלט די טעפּ. זי האָט פונעם מולטער אַרויסגענומען די פלאַכע טעלער, דאָס באַשטעק און זיי אַריינגעלייגט אין דער שיסל מיט וואַסער, אָפּערגענומען דאָס שטשערקעלע, וואָס זי באַנוצט נאָר שבת, ווען זי רייבט נישט די כּלים מיט זאַמד. זי האָט זיך געשטעלט וואַשן די כּלים.

די פענצטער־שייבלעך זענען געווען נישט דורכזיכטיק, פאַרפרוירן, נאָר דאָס אָרט, ווו רבקהלע האָט געהאַלטן דעם קאָפּ, איז אָפּגעגאַנגען. דער פראָסט אויף די שייבלעך איז געווען געמוסטערט, די שייבלעך זענען געווען באַצירט מיט בלומען און מיט צווייגן.

— די יידן גייען פון דאַוונען. דער פּאָליציאַנט גייט איבער די גאַסן און זאָגט די גויים זיי זאָלן נישט שלאָגן די יידן. דער פּאָליציאַנט האָט אַ שווערד און אַ גרויסן שוואַרצן הונט — האָט זלאַטעלע דערציילט דער שוועסטער, ווי זי זאָל זען דורכן פענצטער, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן.

רבקהלע האָט אָפּגעריסן איר נאָז פון שייבל.

— שבת שלאָגן נישט די גויים קיין יידן. די יידן זענען אין דער היים — האָט רבקהלע איר אָפּגעענטפערט.

יעדעס מאָל, ווען יאַכעט האָט איינגעטונקען דאָס שטשערקעלע און עס צוריק אַרויסגענומען פון וואַסער, האָט זיך דערהערט אַ פּליוך. אין שטוב איז כּסדר וואַרעמער געוואָרן, די לופט — וואָס אַ מאָל מילדער. יאַכעט האָט געוואַשן די כּלים און פון מאָל צו מאָל האָט זי אויסגעגליכן איר פּלייצע. איר גרויסע

געשטאַלט איז געווען צו הויך פאַר דעם נידעריקן שעפל. די טראָפּנס וואַסער אויף אירע לאַנגע, דיקע פינגער האָבן געבלאַנקט ווי טרערן.

יאַכעט האָט אָפּגעשאָקלט די הענט איבערן שעפל. די וואַסער־טראָפּנס זענען אַריינגעפאַלן אין שעפל. זי האָט אַ נעם געטאָן די שטשערקע אין האַנט און געווישט די טעלער. יעדן אויסגעווישטן טעלער האָט זי אַרויפגעשטעלט אויפן עק באַנק.

אַז יאַכעט איז פאַרטיק געוואָרן מיט די טעלער, האָט זי אײליק גענומען אויסווישן דאָס באַשטעק. יעדן אויסגעווישטן גאָפּל אָדער לעפל האָט זיך אַרויפ־געלייגט אויפן שטייסל טעלער. אַז זי האָט געענדיקט, האָט זי דאָס שטשערקעלע אויסגעקוועטשט אין דער האַנט און עס נישט אויסגעדרייט. זי האָט נישט גע־וואָלט שבת טאָן אַן איבעריקע אַרבעט. דאָס וואַסער פון דער שיסל האָט זי אַריינגעגאָסן אין שעפל אַריין, דאָס נאַסע שטשערקעלע אַריינגעלייגט אין דער שיסל, די שיסל און דאָס ברעטל צוריק אַוועקגעשטעלט אויפן אָרט. זי האָט אַראָפּגענומען פון זיך דאָס האַנטעך און אין דעם זעלבן האַנטעך אַריינגעווישט די הענט. זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס האַנטעך און מיט ביידע הענט זיך אָפּגעצויגן דאָס שייטל. איר שרונט איז געוואָרן בולטער. זי האָט זיך אָנגעבויגן. איר בוזעם האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. זי האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען דאָס שטייסל טעלער און זיי אַוועקגעטראָגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויסגע־דרייט, געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי זי זאָל נאָך האַלטן די טעלער.

— קינדערלעך, וואָס זעט איר דאָרט? — האָט זי זיי אַ פרעג געטאָן.

— מיר גייען שפּאַצירן — האָט זלאַטעלע געענטפערט דער מוטער, נישט אָפּרייסנדיק איר קאָפּ פון פענצטער.

יאַכעט האָט זיך צעשמייכלט. אירע ווימפּערן האָבן אַ ציטער געטאָן ווי אַ טוי זאָל זיך האָבן אויף זיי אַוועקגעשטעלט. זי האָט אַ וואָרף געטאָן פון דער זײַט אַ בליק אויפן אויוון. די שײַן פון די פײַער־צונגען האָט אַדורכגעשײַנט דורך די בלעך־שפּאַרעס, די בלעכן האָבן זיך צעגליט. יאַכעט האָט זיך אַרומ־געקוקט איבער דער שטוב, גענומען גיין לאַנגזאַם. זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ פוס, און מיטן צווייטן לייכט צעשאַרט די טראָטשענעס אויפן פאָל. שבת האָט זי נישט געוואָלט נעמען דעם בעזעם אין האַנט.

— זעסט, רבקהלע! — האָט זלאַטעלע זי אַ פרעג געטאָן. זי האָט נישט געוואַרט אויף ענטפער און זי האָט גענומען דערציילן: — יענקל פעלדשער גייט מיטן רענצל. ער גייט צו אַ קראַנקן — אירע אויגן זענען געווען אויפגעריסן פון אימה. רבקהלע האָט נאָך שטאַרקער צוגעדריקט איר נאָז צו דער שויב. זי האָט געוואָלט זען דעם פעלדשער מיטן רענצל.

יאַכעט איז געבליבן שטיין ביים בעט. מיט דער האַנט האָט זי אויסגעגלײַכט דאָס בעטגעוואַנט: זי האָט געוואָלט, דאָס בעט זאָל זײַן פּירקאַנטיק. זי האָט נאָך שטאַרקער אויסגעבויגן דעם קאָפּ, אים ווי אַוועקגעלייגט אויף אַן אַקסל,

פאַרזשמורעט די אויגן און אַ קוק געטאָן אויפן בעט פון דער זייט. דער קאַנט פון בעטגעוואַנט איז געלאָפן גלייך.

די קינדער האָבן געקוקט אין די שויבן אַריין און געשוויגן. ביידע מיידלעך זענען געווען אונטערן פחד פונעם פעלדשער. זיי האָבן מורא געהאַט זיך אומקוקן.

— קום שפּילן „שטראַלקעס״ — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן דער שוועסטער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זיך אונטערגעהויבן, ווי זי זאָל וועלן גיין.

— טאַכטער, שבת? — האָט די מוטער זי אַ פרעג געטאָן.

די היץ אין אויוון האָט געשלאָגן אין שטוב אַריין. די לופט אין דער נידעריקער שטוב איז כסדר געדיכטער געוואָרן.

יאַכעט איז אַוועק צום אויוון. ביידע מיידלעך האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ. זיי האָבן נאָכגעקוקט דער מוטער. יאַכעט האָט זיך אָנגעבויגן, אַפּערגענומען דאָס האַקברעטל און דאָס העקל פון אונטערן אויוון, אַ נעם געטאָן פון שענקל אַ שטשערקעלע און דאָס אַלץ אַרויפגעלייגט אויפן טיש.

זלאַטעלע איז אַראָפּגעשפּרונגען. זי האָט אַ נעם געטאָן דאָס ברודערל אונטער די אָרעמס און אים אַראָפּגעשטעלט אויפן פּאָל. רבקהלע האָט איר נאָכגעטאָן. אויך זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער באַנק. זלאַטעלע האָט אַ שטופּ געטאָן פּאָרויס אירע אַקסלען. זי האָט געוואָלט לויפן. זי איז אָבער שטיין געבליבן.

— נעם די באַנק — האָט זי אַ באַפעל געטאָן דער שוועסטער. ביידע מיידלעך האָבן אַ נעם געטאָן די באַנק פון ביידע זייטן און זי צוריק אַוועקגעשטעלט ביים טיש.

יאַכעט האָט מיט אַ שטשערקעלע אָפּגעווישט דאָס האַקברעטל און דאָס העקל. מיט דעם העקל האָט פּייזול צעהאַקט אַ שטיקל קויל, צעשפּאָלטן אַ שטיקל קין אָדער האָלץ און אַריינגעקלאַפּט אַ טשוואַק.

די קינדער זענען געשטאַנען מיט אָפענע מײַלער און באַטראַכט דאָס „משחית״ — ס'העקל. דאָס העקל איז געווען די פרעמדע כלי אין שטוב.

— איך גיי מאַכן די ציבל — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן און אַ שמייכל געטאָן צו די קינדער. זי האָט געוואָלט זיי באַרויקן. די צוויי מיידלעך האָבן אָפּגעאָטעמט. יאַכעט איז אַוועק צום שענקל. די קינדער זענען איר נאָכגעגאַנגען און געשוויגן.

יאַכעט האָט מיט איין האַנט אָנגענומען די צינענע שיסל. די שיסל איז אויף איין אָרט געווען אײַנגעקנייטשט. מיט דער אַנדערער האַנט האָט זי אָנגענומען און אַרויפגעלייגט אויף דער שיסל צוויי אויסגעקאָכטע האַרטע אייער. זי האָט פון דער אונטערשטער פּאָליצע אַראָפּגענומען און אַרויפגעלייגט אויף דער שיסל דריי גרויסע ציבל, אַראָפּגענומען פון שענקל און אַרויפגעלייגט אויף דער שיסל דאָס טעפּל מיט זאַלץ און זי איז אַוועק צום אַלקערל.

— די מאַמעשי נעמט אַ שטיקל פלייש — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן און זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

יאַכעט איז אַרויס פון אַלקערל. דאָס טירל איז געבליבן אָפן. זי איז פאַרבייגעגאַנגען די קינדער, ווי זי זאָל זיך דורך זיי אַדורכשלייכן און איז אַוועק צום טיש. די קינדער זענען איר נאָכגעגאַנגען.

יאַכעט האָט אַרויפגעשטעלט די שיסל אויפן טיש.

זלאַטעלע האָט אויפגעהויבן דעם ברודער. זי האָט אים אַוועקגעזעצט אין מיטן דער באַנק. די שוועסטערן האָבן זיך ווידער צוגעזעצט צו אים פון ביידע זייטן.

— איר זאָלט זיצן שטיל — האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צו זיי.

דער מוטערס אויגן האָבן געשמייכלט. זי האָט דאָס שטיקל פלייש אַרויפגעלייגט אויפן ברעטל, אַנגענומען די צוויי אייער און זיי צונויפגעקלאַפּט אין דער פויסט. ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַק. די שאָלן האָבן זיך געשפּאָלטן.

יאַכעט האָט איבערגעפירט די הענט איבער דער שיסל. זי האָט מיט די פינגער געשיקט אויסגעשיילט די אייער. די שאָלן זענען אַריינגעפאַלן אין דער שיסל אַריין. יאַכעט האָט אַרויפגעלייגט די אייער אויפן ברעטל און מיטן מעסער זיי צעהאַקט. זי האָט דאָס מעסער געהאַלטן מיט דער גאַנצער האַנט און מיט שנעלע קורצע קלעפּ געהאַקט די אייער. די אייער־צויטן האָבן זיך געלייגט איבערן ברעטל.

ביידע מיידלעך האָבן אויסגעשטרעקט די קעפּ, געקוקט אויפן ברעטל. די געל־ווייסע אייער־קופּע אויפן טונקעלן ברעטל איז כסדר גרעסער געוואָרן. יאַכעט האָט אַוועקגעשטעלט דאָס מעסער מיטן שפּיץ אויפן ברעטל. דאָס מעסער האָט זיך אַריינגערוקט איר אין דער פויסט.

ביידע מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן באַוווּנדערט דער מוטערס געשיקטקייט. יאָסעלע האָט זיך אויפגעשטעלט. די מיידלעך האָבן אים אַרומגענומען, אים געהאַלטן.

יאַכעט האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ נעם געטאָן אַ ציבל. די ציבל איז געווען קיילעכיק און האָט געהאַט אַ באָרד פון פאַרטריקנטע וואָרצלען. יאַכעט האָט אָפּגעשניטן די באָרד און אָפּגעשיילט די ציבל. די שאָל פון דער ציבל האָט געשאָרכט, ווי פּאַפּיר זאָל זיך קנייטשן. אויך די צווייטע ציבל, וואָס איז געווען בייכיק, האָט זי אַזוי אָפּגעשיילט און אָפּגעשניטן דעם שפּיץ, וואָס איז געווען גרין, ווי ער זאָל נאָך וואַקסן. זי האָט די ציבל אַרויפגעלייגט אויפן ברעטל. די דריטע ציבל, וואָס איז געווען אָוואַל לענגלעך, אַ סך גרעסער ווי יענע ביידע, האָט זי אויסגעשיילט, אָבער מיט דער האַנט. די שאָל איז געווען געפּלאַצט, געהאַנגען אויף דער ציבל.

די מוטער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן הענטל פון מעסער אין ברעטל. זי האָט דאָס מעסער צוריק אַריינגערוקט אין האַנט אַריין זיך. זי האָט געוואָלט, אַז די מעסערשאַרף זאָל זיין לענגער. יאַכעט האָט אַ נעם געטאָן אַ ציבל אין

האַנט און זי געשניטן. רעדלעך ציבל זענען געפאַלן אויפן ברעטל. עס האָט זיך דערפילט דער האַרבער זאַפטיקער ציבל־ריח.

יאָסעלע האָט זיך אָנגעלענט מיט די הענט אויף די שוועסטערס אַקסלען און צוריק זיך אַוועקגעזעצט. די קינדער האָבן געקוקט. זייערע אויגן האָבן געפינטלט.

יאַכעטס אויגן זענען געוואָרן רויט. יאַכעט האָט געשניטן די צווייטע ציבל. די ציבל איז געווען פעסטער. פון דער ציבל זענען געפאַלן אויפן ברעטל גאַנצע נישט־צענומענע פלאַכן. דער ריח אין שטוב איז געוואָרן נאָך שאַרפער. די קינדער זענען געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן. יאַכעטס אויגן האָבן געטרערט, אָבער זי האָט שוין געשניטן די דריטע ציבל. די ציבל האָבן געהאַט אַ גרינעם אויסגעוואַקסענעם יאָדער. די רעדער פון דער ציבל זענען זיך צעפאַלן יאַכעטז אין דער האַנט. יאַכעט האָט זיך אויסגעווישט די אויגן מיט אַן אַרבל און אַ קוק געטאָן אויף די קינדער. לויטערע טרערן זענען גערינען איבער זייערע באַקן. יאַכעט איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט טיש. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן דאָס מעסער, וואָס האָט געגלאַנצט פון פייכטקייט, מיט דער אַנדערער האַנט האָט זי אויפגעהויבן אַ קלייד־פּאָלע און יעדן קינד אויסגעווישט די אויגן.

יאַכעט איז צוריק צוגעגאַנגען צום ברעטל. גייענדיק האָט זי ווייטער מיט די אַרבל זיך געווישט די אויגן. יאַכעט האָט זיך אַוועקגעשטעלט און גענומען שניידן דאָס שטיקל פלייש. זי האָט געשניטן דאָס פלייש, ציִענדיק דאָס מעסער צו זיך. דאָס פלייש האָט זי געשניטן אין דער לענג. אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָט זי אַוועקגעלייגט דאָס מעסער. זי האָט אויפגעהויבן די שטיקלעך פלייש און זיי אַרויפגעוואָרפן אויף דער קופּע ציבל.

— אוף! — האָט די מוטער אָפּגעזיפצט און אַ שטעל געטאָן אַ פּוס, אָבער זי איז נישט אַוועק. זי האָט מיט דער האַנט אַרויסגענומען צוויי זשמעניעס זאַלץ, איינע נאָך דער אַנדערער. דאָס זאַלץ האָט זי אַריינגעוואָרפן אויף דער קופּע אויפן ברעטל. זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעפּל זאַלץ און זי איז מיט דער שיסל אַוועק פון טיש. גייענדיק האָט זי מיט דער צווייטער האַנט צוגעהאַלטן דאָס ציבל־שאָלעכץ עס זאָל זיך נישט צעפּליִען. זי האָט די איי־ און ציבל־שאָלן אַריינגעוואָרפן אין שעפל.

יאַכעט איז צוריק אַוועק צום טיש. זי האָט אויסגעווישט די שיסל און זי אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. שפּעטער האָט זי אָנגענומען מיט דער האַנט דאָס העקל, אַריינגעהאַקט די שאַרף פון העקל אין דער קופּע אויפן ברעטל.

די ציבל־האַרבקייט איז זיך צעגאַנגען איבער דער שטוב. די קוילן אין אויוון האָבן געפלאַקערט. די ליידיקע אויוון־פייערקעס זענען געווען אָנגעגליט.

יאַכעטס רעכטער אַקסל איז געווען אויפגעהויבן. זי האָט געקלאַפּט מיטן העקל ריטמיש, אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ. די קלעפּ זענען געווען ווייכע. די שאַרף פונעם העקל איז נישט דערגאַנגען ביז דעם ברעטל.

די קינדער האָבן געקוקט, ווי די קופּע ענדערט זיך נאָך יעדן קלאַפּ מיטן העקל. אַ מאָל זענען אַ שפּרונג געטאָן עטלעכע שטיקלעך פלייש און זיי האָבן איבערגעקערט די קופּע. אַ צווייט מאָל זענען אַפּערגעקומען און זיך צעשפּרייט די געלע און ווייסע שטיקלעך איי. אַ דריט מאָל האָבן צעהאַקטע רעדלעך ציבל פאַרדעקט אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אויפן ברעטל. די שטיקלעך אויפן ברעטל זענען כסדר קלענער געוואָרן. די קלעפּ פונעם העקל זענען איצט געווען שטאַרקער און הילכיקער. די שאַרף פון העקל איז דערגאַנגען ביזן ברעטל. פון מאָל צו מאָל האָט זי מיט דער שאַרף פון העקל צונויפגעשאַרט די צעמישטע קופּע און געהאַקט ווייטער.

יאַכעט האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, געקוקט אויפן ברעטל, ווי אַ הון אויף אַ שיסל וואַסער. איצט האָט איר אָרעם זיך געוואָרפן. זי האָט מיטן העקל געהאַקט שנעל, זי האָט געוואָלט ענדיקן. די קופּע איז געווען שוין אַ גרינגטלעכע מאַסע. איצט איז דאָס ברעטל, ביי יעדן קלאַפּ מיטן העקל, אויפגעשפּרונגען, ווי עס זאָל טאַנצן.

יאָסעלע האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט. מיט דער אַנדערער האַנט איז ער געבליבן אָנגעלענט אויפן טיש. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי ער זאָל אומפאַלן, ער האָט אָבער באַוויזן אַריינשטעקן די האַנט אין די ציבל און אַרויסגעכאַפּט אַ גאָרשטש ציבל.

— יונגאַטש! — האָט די מוטער זיך צעשריגן אויף יאָסעלען אָבער אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן געגלאַנצט און געשמייכלט.

יאָסעלע האָט אַריינגעשטופּט זיך אין מויל אַרײַן די האַנט מיט די ציבל. זיינע בעקלעך האָבן זיך אויסגעדענט, געוואָרן קיילעכיק.

די וואַרעמקייט איז זיך צעגאַנגען איבער דער שטוב און צוזאַמען מיט דער וואַרעמקייט — דער ריח פון די שבתדיקע ציבל. יאַכעט האָט מיטן מעסער אַראָפּ־גענומען פונעם העקלשאַרף די אָנגעקלעפּטע ציבל און אַוועקגעלייגט אין אַ זייט דאָס העקל.

די קינדער זענען געזעסן און באַטראַכט דער מוטערס יעדע באַוועגונג. די מוטער האָט עטלעכע מאָל אָנגענומען מיטן מעסער די ציבל און זיי אַרויפגעלייגט אויף דער צינענער שיסל. צום סוף האָט זי מיטן מעסער צונויפגעקראַצט אויפן ברעטל די רעשטלעך. זי האָט מיטן מעסער צעשפּרייט די ציבל איבער דער גאַנצער פלאַך פון דער שיסל און אַדורכגעפירט דאָס מעסער איבער דער לענג און דער ברייט פון די ציבל.

די קינדער זענען געזעסן מיט פאַרריסענע קעפּ. זיי האָבן געוואָלט זען די ציבל־פלאַך, ווי די מוטער טיילט זי פונאַנדער אין קעסטלעך.

די מוטער האָט אַוועקגעלייגט דאָס מעסער, האַלטנדיק די שיסל ציבל אויף דער האַנטפלאַך. יאַכעט איז דאַן אַוועק צום אַלקערל. זי האָט די האַנט געהאַלטן ווייט פון זיך, געטראָגן די ציבל, ווי זי זאָל ווייזן. זי האָט זיך באַרימט פאַר זיך אַליין.

יאַכעט איז צוריק אַרויס פון אַלקערל. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך. זי האָט געהאַלטן אונטערן אָרעם איר „קרבן מנחה״ סידור. צוקומענדיק צום שפּיץ טיש האָט זי זיך אָנגעבויגן. זי האָט געעפנט דעם אָרעם. דער סידור האָט זיך אַראָפּגע־גליטשט אויפן טיש. זי האָט נישט געוואָלט מיט די אויסגעפּעטסטע הענט אָנרירן דעם סידור.

יאַכעט איז אַוועק צום שעפל. זי האָט אויסגעווישט די הענט, יעדן פינגער באַזונדער, אין דער שטשערקע. איצט איז זי אַוועק צום טיש. זי האָט מיט צוויי פינגער אָנגענומען און אַראָפּגעצויגן זיך דאָס שייטל. אַ נעם געטאָן דעם סידור, אים אַ קוש געטאָן און אַ שפּרייז געטאָן צום פענצטער.

די מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. זלאַטעלע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער באַנק. זי האָט אָנגענומען יאָסעלען אונטער די אָרעמס און אים אַראָפּגעשטעלט אויפן פּאָל. רבקהלע איז איר נאָכגעשפּרונגען. אַלע דריי זענען אַ לויף געטאָן צו דער מוטער. זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום דער מוטער אין אַ האַלברונד.

יאַכעט האָט מיטן גראָבן פינגער אָנגענומען די מיט פון סידור און אים געעפנט. זי האָט אָפּגעלעקט זיך די פינגער און גענומען מישן די בלעטער. די עקן פון די בלעטלעך, וועלכע זי האָט געמישט מיטן פינגער זענען געווען אויס־געפּעטסט. אירע אויסגעשפּיצטע אויגן האָבן געקוקט אין סידור אַריין. זי האָט געזוכט. זי האָט מיט צוויי פינגער אַרומגעווישט זיך די מוילווינקלען און זי האָט גענומען זאָגן:

— יהי, עס זאָל זיין דער ווילן פאַר דיר, גאָט, אונדזער גאָט און דער גאָט פון אונדזערע עלטערן, דו גרויסער און שטאַרקער און פאָרכטיקער גאָט, אַז דו זאָלסט דערפילט ווערן מיט דערבאַרעמקייט אויף אונדז פון דיינעטוועגן, און וועגן דעם הייליקן מזמור און די הייליקע שמות, וואָס ווערן דערמאָנט אין אים, און דאָס הייליקייט פון זיינע פּסוקים און ווערטער און אותיות און טראָפּ פון רמזים און סודות. און דאָס הייליקייט פון דיין הייליקן נאָמען, וואָס גייט אַרויס פון דעם פּסוק.

די קינדער זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און פאַרגאַפטע געקוקט אויף דער מוטער. יאַכטעס פּנים איז געווען אָפּגעצויגן, פאַרגליווערט, נאָר אירע ברעמען און ווימפּערן האָבן זיך באַוויגן. איר שטערן האָט זיך געקנייטשט און זיך צוריק אויסגעגליכן. זי האָט זיך אונטערגערוקט דעם סידור אונטער די אויגן און זי האָט געזאָגט ווייטער:

— והריקותי לכם ברכה עד בלי די — דאָס איז טייטש, גאָט זאָגט: איך וועל אייך ליידיקן מיט ברכות ביז גענוג. און פון דעם פּסוק נסה עלינו אור פּניך ה׳, צי אויף אונדז דאָס ליכטיקייט פון דיין פּנים, וכתבנו און שרייב אונדז אין ספר פון פּרנסה און שפּייז הייגטיקס יאָר און אַלע יאָר. אונדז און אַלע אונדזערע בני בית ביז וואַנען מיר וועלן לעבן — יאַכעט האָט געהאַלטן דעם קאָפּ פאַרריסן, ווי זי זאָל אַריבערקוקן איבערן סידור. איר קערפּער איז געווען שטייף אויסגעצויגן. יאַכעט האָט געבעטן, אָבער איר געבעט איז גלייכצייטיק געווען לויב. זי האָט

נאָך העכער אויפגעהויבן דעם סידור, אים צוגעטראָגן צו די אויגן זיך און זי האָט געטענהט — און ווען איך בין נישט ווערט, אַז איך זאָל מתפּלל זיין על עצמי, מכל שכן אויף מיין מאַן און מיינע קינדער, פאַרזיכער איך מיך אויף דיר, דו טוסט חסד לאלפים, דיין גענאָד קער צו פיל.

יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. זי האָט איצט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אין סידור אַריין. זי האָט אַ צעשפּרייט געטאָן די עלנבויגנס און זי האָט געזאָגט ווייטער:

— לאָזן מיינע טרערן ניט לער אָפּלויפן. דער מידת־הדין זאָל ווערן געאייני־ציקט מיט מידת־הרחמים, און עס זאָל דאָס יאָר קומען דער גואל־צדק און גאָט זאָל געבן, מיר זאָלן אויך דערלעבן, אַז אין אונדזערע טעג און אין אונדזערע קינדערס טעג זאָל דער בית המקדש געבויט ווערן. און איך, יאַכעט בת פּראַדל, מיט אַלע נשים צדקניות, זאָלן מיר דערלעבן דאָרטן מתפּלל זיין בזכות די אמהות שרה, רבקה, רחל ולאה, און מיין מוטער לאה זאָל אויך בעטן פאַר מיר און פאַר כל ישראל.

יאַכעט האָט זיך צוגעלייגט דעם סידור צום פּנים. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און זי האָט פאַרענדיקט: במהרה בימינו אמן סלה.

יאַכעט האָט זיך אַ וויג געטאָן, געעפנט די אויגן און אַוועקגענומען דעם סידור פון פּנים. די הויט אויף איר פול פּנים איז געווען אָנגעצויגן. אַ ווײַלע האָט זי געקוקט און נישט געזען. זי האָט איבערגעפירט די צונג איבערן גומען, עס איז איר געווען טרוקן אין מויל. יאַכעט האָט אַ קוש געטאָן דעם סידור און אים פאַרמאַכט, אויסגעשטרעקט די האַנט און דעם סידור אַרויפגעלייגט אויפן פענצטער. זי האָט זיך אויסגעדרייט און זי איז צוגעפאַלן צו די קינדער, זיי אַרומגענומען. די קינדער האָבן זיך צוגעטוליעט צו איר, זיך געשטופּט, ווי זיי זאָלן ווען אַריינקריכן צו איר אין שויס.

רבקהלע האָט פאַרוואָרפן איר קאָפּ אין אַ זייט:

— מאַמע, קום מיט אונדז אין גאַס אַריין.

יאַכעט האָט מיט ביידע הענט אָנגעצויגן פון אַלע זייטן דאָס טישטעך איבערן טיש.

— שפּאַצירן — האָט זלאַטעלע אונטערגעהאַלטן די שוועסטער, צעצי‌ענדיק דאָס וואָרט.

— קינדערלעך — האָט די מוטער זיי אַ זאָג געטאָן און זיך אויסגעדרייט צו זיי. זי איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט — אין דרויסן איז אַ קרירה, קינדער טאָרן נישט אַרויס אין גאַס. עס איז אַ קעלט, אַז די אויערן און די נעז פרירן אָפּ — האָט זי געוואָרנט די קינדער. זי אַליין האָט זיך איינגע־קאָרטשעט ווי זי זאָל פילן די קעלט אויף זיך. איצט איז יאַכעט אַוועק צום שענקל.

די מוטער האָט זיך אָנגעבויגן און פון שענקל אַרויסגענומען צוויי חלות. זי האָט פאַרמאַכט צוריק די טירלעך פון שענקל, אַ נעם געטאָן פון שענקל דאָס

חלה־טישטעכל און זי איז געגאַנגען צום טיש. גייענדיק האָט זי זיי אַ זאָג געטאָן:
— שבת מאַכט גאָט גרויסע פּרעסט.

די קינדער האָבן געקוקט איר אין פּנים אַריין און זענען איר נאָכגעגאַנגען.

— שבת זענען די יידן אין שטוב. מען האַנדלט נישט און מען וואַנדלט נישט — האָט יאַכעט ממשיך געווען. די חלות האָט זי געהאַלטן פון פאָרנט, ווי זי זאָל זיי אָנלענען אויף דער ברוסט.

אויבן אָן, ווו פּיוול זיצט, האָט יאַכעט אַוועקגעלייגט די חלות אין דער ברייט. זי האָט פונאַנדערגעשפּרייט דאָס טישטעכל און איבערגעדעקט די חלות. יאַכעט האָט זיך אָפּגערוקט אַ שריט פון טיש, אַוועקגעצויגן דעם קאָפּ — זי האָט באַטראַכט דעם אויסגעהאָפטענעם מיט זיידענעם אָראַנזש־פאָדעם „שבת־קודש" אויפן טישטעכל.

— דאַנקען גאָט — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן און זי איז צוריק אַוועק צום שענקל.

די מיידלעך האָבן זיך אַ ריס געטאָן נאָך איר, זיך אויסגעגליכן מיט דער מוטער. זיי האָבן ווייטער געוואָלט הערן, וואָס די מוטער וועט זיי דערציילן.

די מוטער האָט צוגערוקט צום ראַנד פון שענקל דאָס שטייסל טעלער, צונויפגענומען די גאָפּל, לעפל און דאָס קיכמעסער און זיי אַרויפגעלייגט אויף די טעלער. זי האָט אויך אַרויפגעשטעלט דאָס זאַלצמעסטל און אַ נעם געטאָן דאָס שטייסל טעלער אויף זיך. זי איז געגאַנגען צום טיש. גייענדיק, האָט זי ממשיך געווען רעדן. זי האָט באַלערנט די קינדער, אַז ווען ס'איז אַ שטאַרקער ווינטער מיט אַ סך שניי, איז זומער אַ געראָטעניש.

יאַכעט האָט פאָרזיכטיק אַרויפגעשטעלט די טעלער אויפן טיש, אַ שטיקל באַשטעק זאָל נישט אַראָפּפאַלן. זי האָט זיך אויסגעדרייט און אַ זאָג געטאָן: — דער שניי וואַרעמט אויס די פעלדער.

די מוטער האָט דאָס שטייסל טעלער אַריינגערוקט אין מיטן טיש. דעם קיכמעסער האָט זי אַרונטערגערוקט אונטערן חלה־טישטעכל, דאָס זאַלצמעסטל אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. זי האָט מיט אַלע פינגער פון דער האַנט אָנגענומען דעם באַשטעק און עס אַוועקגעלייגט ביי די טעלער. דער מעטאַלקלונג פון די צעשיטע גאָפּל־לעפל איבערן טיש האָט אָפּגעהילכט איבער דער שטוב.

— מאַמע! מאַמע! — האָט יאָסעלע זיך צעשריגן און געוואָרפן מיט די הענט. ער האָט געוואָלט די מוטער זאָל אים נעמען אויף זיך.

יאַכעט האָט זיך אָנגעבויגן, אַ קוש געטאָן יאָסעלען אין די אויגן, זיך אויסגעגליכן און מיט ביידע הענט אַ גלעט געטאָן די מיידלעך איבער די קעפּ.

— קינדער, איך גיי ברענגען דעם טשאָלנט, זלאַטעלע, איר זאָלט נישט צוגיין צום אויוון, צום פייער — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן, ווערלנדיק זיין זיכער, האָט די מוטער צוגעגעבן: היינט איז שבת.

יאַכעט האָט זיך אַרומגעהילט מיטן טיכל. זי האָט אויפגעהויבן די אַקסלען. זיי זענען געוואָרן שפּיציק, ווי זי זאָל שוין פילן די קעלט אין די גלידער. —

טאָכטערשי, היט די שטוב — האָט זי אַ זאָג געטאָן זלאַטעלען און זי איז אַוועק צו דער טיר. זי איז אַרויס פון שטוב און אייליק נאָך זיך פאַרמאַכט די טיר.

יאָסעלע האָט זיך צעוויינט: — מאַמע, מאַמע — האָט ער נאָכגעשריגן דער מוטער. זיינע אויגן זענען געווען פול מיט טרערן. אַ טרער איז אים אַראָפּגעפאַלן און הענגען געבליבן אויף אַ באַק.

זלאַטעלע איז צוגעגאַנגען צו אים. זי האָט אָנגעלענט אויף זיך זיין קאָפּ. — שאַ, שאַ, — האָט זי אים באַרויִקט, אַזוי ווי די מוטער פריִער.

רבקהלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער שוועסטער אַנטקעגן און געקוקט אויףביידן.

— קום זיך שפּילן, זלאַטעלע — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט אַ טראַכט געטאָן און צוגעגעבן — אין באַהעלטערלעך. זי האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט און אַ שלעפּ געטאָן דאָס ברודערל צו זיך.

יאָסעלע האָט אַ קוק געטאָן אויף זלאַטעלען און זיך באַרויִקט. רבקהלע האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. זי האָט נאָר געקוקט אויף דער שוועסטער. זלאַטעלע האָט צוגעפירט יאָסעלען ביזן ווינקל, צווישן בעט און דעם פענצטער און אים אָפּגעלאָזט.

— איך שלאָף, באַהאַלט אייך — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זלאַטעלע האָט אַ שטופּ געטאָן יאָסעלען, אים געשיקט זיך באַהאַלטן. זי האָט איבערגעלייגט זיך דעם עלנבויגן איבער די אויגן, אָנגעלענט דעם קאָפּ אין ווינקל און זיך אַ פרעג געטאָן — שוין? שוין?

יאָסעלע איז אַריינגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט בעט. ער האָט זיך אַריינ־גערוקט אין ווינקל.

רבקהלע איז אַריינגעקראָכן אין ווינקל פון יענער זייט אויוון. זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט און אַ שריי געטאָן — שוין!

זלאַטעלע איז אַפּערגעגאַנגען לאַנגזאַם און זיך געוויגט, ווי זי זאָל מורא האָבן שטעלן די פיס. אין מיטן שטוב איז זי שטיין געבליבן, אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, געזוכט.

רבקהלע האָט אונטערגעהויבן איר קאָפּ.

— רבקהלע! — האָט זלאַטעלע אַ שריי געטאָן. זי איז צוגעלאָפן און אָנגע־קלאַפּט אין בעט מיט דער האַנט און דערביי געציילט: איינס, צוויי, דריי.

ביידע, רבקהלע און יאָסעלע, זענען אַפּערגעקראָכן פון די באַהעלטענישן. יאָסעלע איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב. רבקהלע איז צוגעגאַנגען ביז דעם בעט. איצט האָט זי זיך פאַרשטעלט די אויגן מיטן עלנבויגן און זיך אַריינגע־שטעלט אין דעם זעלבן ווינקל, וווּ זלאַטעלע איז געשטאַנען.

זלאַטעלע האָט אַ צי געטאָן דאָס ברודערל ביי דער האַנט און זי האָט אים שטיל אַ זאָג געטאָן: — קריך אַרונטער. יאָסעלע איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש.

— שוין? — האָט רבקהלע אַ פרעג געטאָן.

זלאַטעלע איז צוגעלאָפן אויף די שפּיץ פינגער אין ווינקל אַריין ביים שענקל און זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט.

רבקהלע האָט געהערט אירע טריט. זי האָט זיך אויסגעדרייט.

— זלאַטעלע! — האָט זי אַ שריי געטאָן און מיט דער האַנט זיך אָנגעקלאַפּט אין בעט.

זלאַטעלע איז אַפּערגעלאָפן און זי איז שטיין געבליבן אין מיטן שטוב.

— האָסט געמאַכט שקרות, איך וויל ניט — האָט זי געשריגן צו דער שוועסטער און געהויבן די אַקסלען, אַז זי באַשטייט נישט.

רבקהלע האָט געקוקט אויף איר מיט אויסגעשראָקענע אויגן. זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס די שוועסטער וויל פון איר. יאָסעלע איז געזעסן אונטערן טיש און אַפּערגעקוקט.

— האָסט געזען יאָסעלען דעם ערשטן — האָט זלאַטעלע איר פאַרגעוואָרפן. זי איז געשטאַנען מיט אַן אויפגעהויבענעם אַקסל, ווי זי זאָל זיך פאַרשטעלן פאַר דער שוועסטער.

— דיך האָב איך געזען! דיך האָב איך געזען! — האָט רבקהלע זיך צעשריגן און אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט.

יאָסעלע איז שטיין געבליבן אויף אַלע פיר און אַזוי אַפּערגעקראָכן פון אונטערן טיש. די דריי קינדער זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן און זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן. די וואַרעמקייט איז געלעגן איבער זיי. זיי האָבן זיך דער־מאָנט, אַז זיי זענען אַליין. זייער נידעריקע שטוב איז פאַר זיי איצט געוועזן ריזיק און ליידיק.

אַ ווײַלע זענען די קינדער געשטאַנען און געהאָרכט. די צייט איז פאַר זיי געווען אומענדלעך, פול מיט זאָרג. זיי האָבן געוואַרט די מוטער זאָל שוין צוריק־קומען. רבקהלע האָט געשוויגן. זי האָט באַטראַכט די שוועסטער. איר בליק איז געווען קינדיש, תמימותדיק, פול מורא. אויך זלאַטעלע איז געוואָרן אומרויִק. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טיר און אַ זאָג געטאָן:

— מירן זיך שפּילן אין כאַפּערלעך.

— יאָ, — האָט רבקהלע שטיל און אומגערן איר געענטפערט און גענומען לויפן אַרום די בענקלעך, אַרום דעם טיש. זלאַטעלע האָט זי נאָכגעיאָגט. יאָסעלע איז געשטאַנען און גענאַגט דעם פינגער. ער האָט געקוקט ווי די שוועסטערן לויפן.

די מיידלעך האָבן זיך געיאָגט. יעדעס מאָל ווען רבקהלע איז פאַרבייגעלאָפן אַ בענקל, האָט זי אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַנלען. זי האָט אַזוי אַרום זיך געהאָלפן לויפן. פון אָנפאַנג זענען זיי געלאָפן פאַמעלעך, אָבער נאָך דעם, ווי זיי האָבן עטלעכע מאָל אַרומגעקרייזט דעם טיש, האָבן זיי פאַרשנעלערט דעם טעמפּאָ פון לויפן. זיי זענען געלאָפן מיט אימפּעט, נישט ווייל זיי האָבן געוואָלט, נאָר פאַר מורא וואָס זיי זענען אַליין. זיי זענען געלאָפן און געסאָפּעט. זלאַטעלע איז געלאָפן הינטער דער שוועסטער, אָבער זי האָט נישט אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו כאַפּן. זיי האָבן נישט געוואָלט דאָס געיעג זאָל זיך איינשטעלן.

מיט אַ מאָל איז רבקהלע שטיין געבליבן אַ פאַרסאַפּעטע. זלאַטעלע איז אַרויפ־געלאָפן אויף איר אויך אַ פאַרסאַפּעטע. רבקהלע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ. דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט.

אַז זיי האָבן איבערגעכאַפּט דעם אָטעם האָט רבקהלע אַ זאָג געטאָן:

— לויף! איצט וועל איך דיך יאָגן.

זלאַטעלע האָט זיך געלאָזט לויפן. זיי זענען געלאָפן אין דער פאַרקערטער ריכטונג און לאַנגזאַם. די ראיה אין שטוב איז געווען גרוי, נאָר דעם פענצטער אַנטקעגן איז די שיין געווען העלער. די מיידלעך האָבן זיך געיאָגט, אָבער אָן כּוח, דער אימפּעט האָט זיי געטריבן. לויפנדיק האָט פון מאָל צו מאָל ווער פון זיי איינגעבויגן אַ קני ווי זיי זאָלן פאַלן און געלאָפן ווייטער.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. דורך דער אָפענער טיר, צוזאַמען מיט דער קעלט, האָט זיך אַדורכגעשטופּט יאַכעט. זי האָט מיטן פוס פאַרהאַקט די טיר און זי איז שטיין געבליבן אַ פאַרסאַפּעטע. זי איז אויך געלאָפן. איר פּנים איז געווען אויסגעפרוירן. זי האָט אַ קוק געטאָן, וואָס די קינדער טוען. איין זייט טיכל איז פון איר אַראָפּגעהאָנגען, נאָר איר צווייטער אַקסל איז געווען איבערדעקט. אירע שפּיץ אויערן האָבן געגליט פון קעלט. אירעביידע הענט האָבן געהאַלטן די אויערן פון דער דיניצע.

— שבת! — האָט זי כעסיק אַ שריי געטאָן.

יאָסעלע האָט אַרויסגענומען דעם פינגער פון מויל. די מיידלעך זענען שטיין געבליבן. פאַרשעמטע האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. אַ ווײַלע שפּעטער האָבן זיי זיך איבערגעקוקט. זייערע אויגן האָבן געלאַכט. זיי האָבן זיך געפרייט, וואָס די מוטער איז שוין געקומען. די טראַטשענעס אַרום דעם טיש זענען געווען איינגע־טרעטן. דער טיש מיט די בענקלעך זענען געווען אַרומגעקרייזט מיט אַ ראָד ווי אַן אויסגעטרעטענער שטעג.

יאַכעט איז צוגעגאַנגען און זי האָט אַוועקגעשטעלט אויפן שפּיץ פון אויוון די דיניצע מיט טשאָלנט. זי האָט נישט געוואָלט ס׳טשאָלנט זאָל זיך, חלילה, וואַ־רעמען אויפן שבתדיקן פייער.

די מיידלעך האָבן דערפילט דעם ריח פון טשאָלנט און זיי זענען אונטער־געלאָפן צו דער מוטער.

יאַכעט האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער דיניצע. אַ ווײַלע האָבן אירע פינגער זיך געפּאָרעט. זי האָט געוואָלט אָפּבינדן דאָס שטריקל פון דער דיניצע. די קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר. דער קניפּ איז געווען פאַרטריקנט, ער האָט זיך נישט געלאָזט אויפבינדן. יאַכעט האָט אַראָפּגענומען פון דער דיניצע די שטאַרק מיטן פּאַפּיר צוזאַמען ווי אַ קאַפּל. יאַכעט האָט אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז און אַ זאָג געטאָן:

— מיין מזל זאָל מיר אַזוי גראָטן, ווי דאָס טשאָלנט איז געגראָטן.

אַ זיסלעכער, פעטער ריח פון אויסגעבאַקענע קאַרטאָפל איז זיך צעגאַנגען איבער דער שטוב. יאָסעלע האָט גענומען מלאַסקען מיט די ליפּן. זלאַטעלע האָט

זיך אָנגעכאַפּט מיט די פינגער אין ראַנד פון אויוון, זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער און אַ קוק געטאָן אין דער דיניצע אַריין.

יאַכעטס נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּרייט. יאַכעט האָט שנעל צוריק איבער־געדעקט די דיניצע מיטן פּאַפּירענעם קאָפּל. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט און אַרומגענומען די קינדער. די קינדער האָבן זיך צוגעטוליעט צו איר.

עס האָבן זיך דערהערט שווערע שטיוול־טריט און לייכטע טריט, וואָס זענען ווי נאָכגעלאָפן.

די מוטער האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס טיכל, עס אײליק צונויפגעלייגט און אַ שליידער געטאָן אויפן בעט אַרויף. דאָס טיכל איז ליגן געבליבן אויפן עק בעט מיט אַן איבערגעוואָרפענעם שפּיץ איבערן בעט־אָנלען.

## טז

די טיר האָט אַ קאַרץ געטאָן, ווי זי זאָל זיך קעגנשטעלן, און זי האָט זיך אויפגעפּראַלט. דוד איז אַריין אין שטוב דער ערשטער און צוזאַמען מיט אים — די קעלט. די קעלט האָט אַ שפּאַציר געטאָן איבער דער שטוב, ווי זי זאָל פונאַנ־דערטרייבן די וואַרעמקייט.

פייוול איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר, האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל אַריינקוקן אין שטוב אַריין. זעענדיק די משפּחה, ווי זי שטייט ביים אויוון, האָבן זיינע שוואַרצע אויגן אַ גלאַנץ געטאָן, ער האָט אויפגעהויבן און אָוועקגעשטעלט דעם פוס, ווי ער זאָל אַריינשפּרינגען אין שטוב אַריין, און פאַר־האַקט הינטער זיך די טיר.

ביידע, דער טאַטע און דער זון, האָבן אויסגעזען אין זייערע לאַנגע, דיקע פּאַלטענעס אָנגעבאָנצעט. זייערע אָנגעפרוירענע אויערן און נאָז זענען געווען רויט און האָבן געגליט.

יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אויף פייוולען פון אונטערן שטערן אַפער. נישט פילנדיק האָט זי אָנגעצויגן אויף זיך איר קלייד און זי האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן. די קינדער זענען צוגעפאַלן צום פאָטער. זיי האָבן זיך געטוליעט צו די פּאָלעס פון זיין באָנדע.

— קינדער, גענוג! — האָט דער פאָטער זיי אַ זאָג געטאָן און פאַמעלעך זיך אָפּגערוקט פון זיי. די קינדער זענען שטיין געבליבן אין אַ ליידיקייט מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט.

ביידע מענער האָבן זיך צעקנעפּלט, אַ טאַנץ געטאָן, אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט און אַראָפּגעלאָזט אַן אַקסל. אונטערשפּרינגענדיק האָבן זיי פון זיך געצויגן די ווינטער־בגדים.

פייוול האָט זיך אויסגעדרייט. זיין פּנים האָט געגלאַנצט. די קעלט האָט גע־

טאַיעט אויף אים. פּיווּל איז געשטאַנען אַן אַרומגעהילטער אין טלית. זיין באָרד איז געלעגן איבערן טלית.

— מאַך קידוש, ס'האַרץ חלשט דיר — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן פּיוולען. פּיווּל האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן צוויי טריט, אויסגעשטרעקט די הענט, אַראָפּגענומען פון זיך דעם טלית און אים אַריבערגעהאָנגען איבערן בענקל. ער האָט זיך אויסגעדרייט און ער איז אַוועק צום שעפּל.

פּיווּל האָט אָנגענומען די שעפּ און זי איינגעטונקט אין קיבעל. די שעפּ איז ליגן געבליבן אויף דער וואַסערפלאַך. עס האָט זיך דערהערט אַ טויבער וואַסער־פליוך.

יאַכעט האָט אַדורכגעשטופּט אַן אַקסל דורך דעם דורכגאַנג און זי איז איילִיק אַרויס פון אַלקערל. זי האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש דאָס טעפּל און די שיסל ציבל אויפן טאָפּ.

פּיווּל האָט אָנגענומען מיט דריי פינגער דאָס חלה־טישטעכל אין דער מיט און עס אויפגעהויבן אין דער הייך. דאָס טישטעכל האָט זיך צוונויפגעלייגט ווי אַ שערעם. ער האָט דאָס טישטעכל אַוועקגעלייגט אין אַ זייט, אויסגעשטרעקט די הענט און מיט די האַנטפלאַכן איבערגעדעקט די חלות. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, זיך אַ וויג געטאָן איבער די חלות און אָנגעהויבן: זכור את יום השבת לקדשו —

ער האָט אויפגעהויבן בײדע חלות אין דער הייך, ווי ער זאָל זיי וועגן, דערנאָך האָט ער זיי צוריק אַוועקגעלייגט. איינע פון די חלות האָט ער אויפגעשטעלט אויפן טיש. ער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער שפּיץ חלה, אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער אין דער חלה און די חלה אַרומגעדרייט איבער דער שאַרף פון מעסער. די חלה האָט זיך איבערגעשניטן, פון דער אונטערשטער טייל וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט האָט ער אָפּגעשניטן אַ מוציא. אויך די טייל חלה איז ליגן געבליבן אויפן טיש. ער האָט אַרויסגעלייגט דאָס מעסער פון האַנט, דעם שפּיץ פון דער מוציא איינגעטונקט אין זאַלץ און אים איינגעביסן.

זלאַטעלע האָט אויפגעהויבן יאָסעלען און אים אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. דוד מיט די מיידלעך האָבן זיך אויך אַוועקגעזעצט, יעדער אויף זיין אָרט, אַזוי ווי זיי זענען געזעסן פרייטיק צו נאַכטס.

יאַכעט האָט זיך געפּאַרעט אַ געבוקטע איבערן טיש. זי האָט מיט אַ גאָפּל, וואָס זי האָט געהאַלטן אונטן ביי די ציין, אויסגעטיילט די פיש. זי האָט געטיילט אין די טעלער אַריין, וואָס זי האָט צעשטעלט פריִער.

פּיווּל האָט געגעסן און געשניטן מוציאס. ער האָט אָנגעשניטן אַ מוציא, זי איינגעטונקען אין זאַלץ און זי אַוועקגעלייגט דעם ווייב. דערנאָך האָט ער אָנגעשניטן פיר מוציאס און זיי אָנגעלייגט איינע אויף דער אַנדערער אַ שטייסל. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער יעדן קינד אונטערגעטראָגן אַ מוציא.

יאַכעט האָט זיך אויסגעגליכן. אַ ווײלע האָט זי באַטראַכט די פּאַרציעס אויף די טעלער. אירע ליפּן זענען געווען פאַרצויגן. יאַכעט האָט מיט איין האַנט

אָנגעבויגן דעם טאָפּ מיט די פּיש. אַלץ, וואָס איז נאָך געווען אינעם טאָפּ, האָט זי צוגעלייגט צו איינעם פון די טעלער. זי האָט אָפּגעלאָזט דעם טאָפּ, אַרויסגעלייגט דעם גאָפּל פון האַנט און גענומען דערלאַנגען די פּיש. דעם ערשטן טעלער פון פאָרנט האָט זי צוגערוקט פּייוולען. פּייוול האָט אַ קוק געטאָן אויפן טעלער, דערנאָך אויף יאַכעטן. יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אירע לאַנגע ווימפּערן האָבן אַ ציטער געטאָן און זי האָט געטיילט די פּאָרציעס ווייטער.

אין שטוב איז געווען שטיל. מען האָט גאָר געהערט דעם קלאַפּ פון די צינענע גאָפּל, ווען זיי האָבן אָנגערירט די עמייל־טעלער. די צוויי ליידיקע מיט חלב באַטריפטע לייכטער זענען געשטאַנען אויף דער טאַץ, זיי האָבן באַוואַכט דעם שבת־טיש.

פּייוול האָט אַ קוק געטאָן אויף יאַכעטן און ער האָט זיך אָנגעבויגן. ער האָט אָפּגערוקט פון הינטער זיך דאָס בענקל און זיך אויפגעשטעלט. פּייוול האָט אַראָפּ־גענומען דאָס היטל פון קאָפּ, ווי ער זאָל זיך וועמען גריסן, מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער אַראָפּגערוקט דאָס קאַפּל אויף דער פּאַזעכע און ער איז אַוועק אין אַלקערל. די קינדער זענען זיצן געבליבן שטיל. זיי האָבן געוווּסט נאָך וואָס דער פּאָטער איז אַוועק אין אַלקערל.

פּייוול איז געגאַנגען פּאַמעלעך און געטראָגן דאָס פלעשל אָקאָוויט. דאָס גלעזל אויפן פלעשל האָט זיך געשאָקלט, געקלונגען. דאָס היטל האָט פּייוול געלאָזט אין אַלקערל.

די מיידלעך האָבן געשמייכלט. דער גלאָזקלאַנג האָט זיי געמאַכט פריילעך.

פּייוול האָט אַראָפּגענומען דאָס גלעזל פון פלעשל און עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. ער האָט אויפגעשטאָפּט דאָס פלעשל און עס איבערגעבויגן איבערן גלעזל. עס האָט זיך דערהערט אַ דינער כלופּ. ער האָט אונטערגעשטעלט דאָס מויל, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ צוזאַמען מיט דעם גלעזל אויף הינטן.

פּייוול האָט אָנגענומען מיט דער האַנט דאָס קנעפּל פון קאַפּל און עטלעכע מאָל עס אונטערגעהויבן, ער האָט זיך געקילט דעם קאָפּ. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אָנגעבראָכן אַ כזית חלה, אַריינגעלייגט זיך אין מויל און דעם ביסן אַראָפּ־געשלונגען אַ גאַנצן. ער האָט זיך פאַרריבן די הענט און געשמייכלט צו אַלע.

פּייוול האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך איבער־געבויגן איבערן סידור און זיך צעזונגען: — ברוך אדוני יום יום יעמס לנו ישע ופדיום — טאָג־טעגלעך ווען מיר דיך בענטשן, גאָט. דו ווּעסט אויף אונדז אָנלאָדענען פרייד און דערלייזונג, און אין דיין נאָמען וועלן מיר זיך פרייען.

דוד האָט זיך צוגעבויגן צום פאָטער. דאָס בענקל איז שטיין געבליבן אויף די צוויי זייטיקע פיס. דוד האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט אין שפּיץ טיש. דער פאָטער האָט אים אונטערגערוקט דעם סידור. קרן לעמו ירים תהלה לכל חסידיו — האָט דוד אונטערגעכאַפּט דעם פאָטערס ניגון. זיין אַלט האָט געקלונגען, זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער שטוב.

— נאַ, נאַ, נאַ, נאַ, — האָט אַ ווייכע פרויען־שטימע מיטגעברומט. דאָס האָט

די מוטער, וואָס איז געשטאַנעןביים שעפּל, מיטגעזונגען מיטן זון. אַ דין ריטש־קעלע האָט פון מאָל צו מאָל זיך אַ גאָס געטאָן אין שעפּל אַריין. יאַכעט האָט געוואַשן יעדן טעלער באַזונדער.

זלאַטעלע האָט אָנגעקוקט דודן. זי האָט אַ ווייז געטאָן רבקהלען מיטן פינגער, ווי זי זאָל דיריגירן. די מיידלעך האָבן געעפנט די מיילער און זיך צעזונגען צוזאַ־מען מיטן פאָטער.

יאַכעט האָט איבערגעהאַנגען די שטשערקע איבערן קיבל. זי האָט אַ נעם געטאָן פון עק באַנק די אָפּגעוואַשענע כלים. דאָס שטייסל טעלער מיט די גאָפּל אויף זיי האָט זי ווי אָנגעלענט אויפן בויך זיך. זי איז מיט זיי אַוועק צום טיש. איר טריט איז געווען אַ קורצער און לייכטער.

די מוטער האָט אויסגעטיילט די ציבל און יעדן אונטערגערוקט אַ טעלער. די קינדער האָבן זיך איבערגעבויגן איבער די טעלער און גענומען עסן.

יאַכעט האָט אָנגענומען די שיסל ביי דער ראַנד. זי האָט אַ שטעל געטאָן אַ פוס. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבערן פוס און זי האָט אַ שליידער געטאָן די שיסל אין מולטער אַריין. זי האָט זיך אויסגעגליכן און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש.

נאָכן אויפעסן די ציבל איז יאַכעט אַוועק צום אויוון. זי האָט זיך אָנגעבויגן און מיט ביידע הענט אָנגענומען די איינגעפּאַקטע אין פּאַפּיר שטאַרץ. דאָס פּאַפּיר איז געווען פאַרברוינט און טרוקן פון דער היץ. אַ געדיכטע טונקעלע פּאַרע האָט אַ זעץ געטאָן פון דער דיניצע. יאַכעט האָט אַוועקגעבויגן דאָס פּנים און באַלד זיך צוריק איבערגעבויגן איבער דער דיניצע.

— אַ גביריש טשאָלנט — האָט זי אַ זאָג געטאָן און פאַרמרוזשעט די אויגן. זי האָט מיט צוויי פינגער פון ביידע הענט אָנגעכאַפּט די ראַנדן פון קוגל־פּענדל און עס אַ צי געטאָן אַרויף. זי האָט אַרויסגעצויגן דעם קוגל פון טשאָלנט און אים אַוועקגעשטעלט אין דער זייט אויפן אויוון.

יאַכעט איז געגאַנגען צום טיש און געטראָגן די דיניצע ביי די אויערן, איר ברוסט אָנטקעגן, ווי זי זאָל טראָגן אַ בעכער. מיט אַ מאָל האָט זי אַראָפּגעלאָזט איין האַנט. די דיניצע איז ווי הענגען געבליבן איר אין דער צווייטער האַנט. זי האָט זיך אָנגעבויגן, איבערגעוואָרפן אַ שטיקל טישטעך און אַוועקגעשטעלט די דיניצע אויפן שפּיץ טיש. די טשאָלנט־פּאַרע איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, געבליבן הענגען איבערן טיש.

יאַכעט האָט גענומען איר לעפל און אים אַריינגעשטעקט אין דער שפּאַרע צווישן דער דיניצע און דעם טשאָלנט. מיט דער אַנדערער האַנט האָט זי אַ נעם געטאָן פּיוולס טעלער. זי האָט אונטערגעהויבן דעם לעפל, אָנגענומען און אַרויפ־געלייגט אויפן טעלער דעם טשאָלנט. יעדער קאַרטאָפל האָט געהאַט אַן אַנדערע צורה, לויט ער איז געווען אויסגעשיילט. געווען קאַנטיקע און קיילעכיקע קאַרטאָפל, וואָס זענען געווען אַדורכגעשניטן, האָבן אויסגעזען ווי פּיראַמידן און טראַפּעזן. די גאַנצע און געשניטענע קאַרטאָפל האָבן זיך געפּאַסט איינער צום אַנדערן און זיי האָבן געבויט די פּאַרציע אויפן טעלער. יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אויפן טעלער

און זי האָט אים אַוועקגעשטעלט פּיוולען. די גאַנצע טיף פון טעלער ביז דער ראַנד איז געווען אָנגעפילט מיט אַן אויפגעשטאַפּלטע, ברוינע און גלאַנציקע קאַר־טאָפל־פּיראַמידע.

יאַכעט האָט צונויפגערוקט אַלע טעלער אין מיטן טיש אַריין און זי האָט געטיילט וויטער.

פון דער פאַרע פון דער דיניצע איז יאַכעטס פּנים געווען פייכט. איר הויט האָט געגלאַנצט. זי איז שטיין געבליבן מיטן לעפל אין האַנט. זי האָט אַ קוק געטאָן. צי אַלע עסן. איצט האָט זי גענומען אָנלייגן אויפן טעלער אַ פּאָרציע פאַר זיך.

פּיוול האָט געגעסן שנעל. יעדעס מאָל, ווען ער האָט אַריינגענומען דעם לעפל מיטן עסן אין מויל, האָט ער זיך געוואָרפן. ער האָט דעם הייסן קאַרטאָפל געקוי־לערט אין מויל, אים געקילט, צעקייעט און אַראָפּגעשלונגען. זיין טעלער איז געווען כמעט שוין ליידיק, נאָך עטלעכע קאַרטאָפל זענען געלעגן אויפן טעלער אין דער זייט.

די קינדער זענען געזעסן מיט איבערגעבויגענע אַקסלען איבער זייערע טע־לער. זיי האָבן געזוכט די קליינע קאַרטאָפל, זיי זאָלן קענען זיי אַריינעמען אין מויל גאַנצע. זיי האָבן יעדן קאַרטאָפל אַרויפגענומען אויפן לעפל, אים אַראָפּ־גענומען מיט די ציין און געקוילערט אין מויל. דער הייסער קאַרטאָפל האָט זיי געבריט. זיי האָבן די קאַרטאָפל נישט צעקייעט, נאָר צעריבן מיט די ציין. ביי יעדן שלונג האָבן זיי אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, ווי זיי זאָלן זיך שטיקן.

יאָסעלע האָט געהאַלטן אין האַנט דעם לעפל איבערן טעלער. אַן איבער־געבויגענער האָט ער אַרומגעביסן פון אַלע זייטן דעם קאַרטאָפל, וואָס ער האָט געהאַלטן אויפן לעפל. יעדע ווײַלע האָט ער צוגעלייגט דעם קאָפּ. ער האָט אַ ביס געטאָן און זיין מויל האָט זיך געטרייסלט, ווי ער זאָל בלאָזן. ער האָט געשלונגען און זיך געקרעקט. עס האָט אים געבריט.

יאַכעט האָט געגעסן לאַנגזאַם. זי האָט זיך גענומען די גרויסע איבערגעשני־טענע קאַרטאָפל. זי האָט זיך אָנגעזעטיקט מיטן טעם ווען זי האָט געטיילט.

דער טיש מיט די קעפּ פון די מענטשן אַרום אים זענען געווען פאַרהילט אינעם פּעטן, זיסן, געבאַקענעם פאַרע־נעפּל. די שטוב, דער חלל הינטער זיי איז געווען ווי ליידיק.

פּיוול האָט אַרויסגעלייגט דעם לעפל פון האַנט און זיך אַוועקגעבויגן פון טיש. ער האָט זיך צוגעבויגן צום טיש און אויסגעשטרעקט די האַנט. מיט איין האַנט האָט ער אַראָפּגענומען דאָס איבערגעהאַנגענע גלעזל איבערן פלעשל און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער אויפגעשטאָפּט דאָס פלעשל. דער אָקאָוויט האָט געבלופּעט. ער האָט דאָס גלעזל זיך צוגעטראָגן צום מויל, אַ פאַרוואָרף געטאָן דעם קאָפּ אויף הינטן און פאַרמאַכט די אויגן.

יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן: זי האָט נישט געוואָלט פּיוול זאָל זען איר שמייכל. פּיוול האָט צוריק אָנגעטאָן דאָס גלעזל אויפן פלעשל. ער האָט איינ־

געקלאַפּט זיך איין האַנט אין דער אַנדערער און איינגעריבן זיך די הענט, ווי עס זאָל אים קאַלט זיין.

פּיוול האָט גענומען דעם סידור און אַוועקגעלייגט אים פּאַר זיך. ער האָט מיטן גראָבן פינגער אים געעפנט אין דער מיט. פּיוול האָט זיך צעזונגען. ער האָט געזונגען אַ ניגון פון אַ מאַרש מיט צוויי טענער, וואָס האָבן געהילכט ווי פּויקן־קלעפּ: טאַם! טאַם! זיין קול איז געווען דיק, עטוואָס הייזעריק.

יאַכעט האָט צונויפגענומען די טעלער פון טיש. די געבליבענע קאַרטאָפל האָט זי צוריק אַריינגעלייגט אין דער דיניצע. פאַרענדיק זיך האָט זי מיטגעברומט מיט פּיוולען. זי האָט מיט איין האַנט אָנגענומען די דיניצע און זי איז אַוועק מיט איר אין אַלקערל אַריין.

יאַכעט איז צוריק אַריין. זי האָט דאָס טעפּל מיט פלייש אַוועקגעשטעלט אויפן שפּיץ טיש, אויף דעם זעלבן אָרט, ווו עס איז געשטאַנען די דיניצע.

יאַכעט האָט טיפער אַריינגעשטאָכן דעם גאָפּל און אַרויסגעצויגן פון טאָפּ דריי אויפגעשטאָכענע שטיקלעך פלייש, איינס אויף דעם אַנדערן. יאַכעט האָט איבער־געפירט איר האַנט. זי האָט אַראָפּגעשטופּט די שטיקלעך פלייש אויף פּיוולס טעלער און מיטן גאָפּל פונאַנדערגעסדרט איבערן טעלער די שטיקלעך פלייש. זי האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט און אַ קוק געטאָן אויף דער פּאַרציע. די דינע, שמאָלע, ווי צויטן שטיקלעך האַלדזפלייש זענען געווען שוואַרץ אויסגעע־טריקנט, די זייטן פון די שטיקלעך פלייש זענען געווען פאַרבויגן.

יאַכעט האָט געטיילט, אויף יעדן טעלער אַוועקגעלייגט אַ שטיקל פלייש. די קינדער האָבן געוואַרט און זיך נישט גערירט פון אָרט. זיי זענען געווען מיד, זייערע אויגן זענען געווען פאַרלאָפן און קליין. די וואַרעמקייט אין שטוב איז געווען אָנגעדראָלן מיט די ריחות פון די מאַכלים.

— קינדער, עסט! — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן. זי איז שטיין געבליבן מיט פאַרלייגטע הענט פון פאָרנט, ווי זי זאָל זיך ווערן מיטן גאָפּל וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט.

זלאַטעלע האָט אַ זיפץ געטאָן און אויסגעשטופּט איר בויך. ער איז געווען קיילעכיק און גרויס. דוד האָט אָפּגעפרייכט. קיינער פון די קינדער האָט נישט אויס־געשטרעקט די האַנט. די טעלער זענען געשטאַנען, די גאָפּל זענען געלעגן אויפן טיש.

— וואָס, איר ווילט נישט? — האָט די מוטער אַ פאַרציטערטע אָנגעקוקט די קינדער. אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן זענען איצט געווען נאָך גרעסער.

די מיידלעך האָבן אָנגעקוקט די מוטער פון אונטערן שטערן אַפּער. זייער קוק איז געווען פול געבעט די מוטער זאָל זיי לאָזן גיין.

— גאָטס גוב — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן. — אַן עבירה — האָט זי צוגעגעבן. זי האָט אָנגעקוקט די מיידלעך. — גאָט צו דאַנקען — האָט זי אַ ווײלע שפּעטער זיך שטיל אַ זאָג געטאָן און זי האָט אָפּגעזיפצט. זי איז געווען גליקלעך, וואָס אירע

קינדער זענען זאַט. די שטיקלעך פלייש אין טעלער זענען געלעגן און געוואַרט, אַ האַנט זאָל זיך צו זיי צורירן.

פּיוול האָט אויפגעשטאָכן אויפן גאָפּל אַ שטיקל פלייש און עס צוגעטראָגן יאָסעלען צום מויל. דאָס יינגל האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

יאַכעט האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט די פיס אין דער זייט, ווי זי זאָל זיצן אויף דערווייל. זי האָט אַריינגעשטעקט איר גאָפּל אין טאָפּ, אים איינגעשטאָכן און אים צוריק אַרויסגעצויגן מיט אַ שטיקל פלייש. זי האָט איבערגעדרייט דעם גאָפּל מיט די ציין אַרויף. די עקן פון דעם שטיקל פלייש האָבן זיך איבערגעלייגט, ווי אויערן ביי אַ שטוב־חיה. יאַכעט האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש און איינגעביסן דאָס שטיקל פלייש. דעם גאָפּל האָט זי געהאַלטן איבערן טעלער. זי האָט געגעסן לאַנגזאַם, אָבער מיט חשק. נישט נאָר אירע קינבאַקן האָבן געביסן, נאָר אויך אירע שלייפן האָבן זיך באַוועגן.

יאַכעט איז געבליבן זיצן מיטן עלנבויגן איבערן טיש. זי האָט זיך אַ הייב געטאָן פון בענקל ווי זי זאָל זיך איילן. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש און אַרויסגעלאָזט דעם גאָפּל פון האַנט. „מ׳זאָלס דערלעבן, מאָרגן וועט איר זיך בעטן״ — האָט זי געזאָגט און אויסגעשטרעקט די הענט. זי האָט צונויפגענומען פון איין טעלער נאָכן אַנדערן דאָס פלייש און עס צוריק אַריינגעלייגט אין טאָפּ אַריין. זי האָט יעדן צוריק אַוועקגעשטעלט זיין טעלער און די מיידלעך האָבן געקוקט אויף דער מוטער. זייערע אויגן זענען געווען גרויס, קיילעכיק און האָבן געגלאַנצט.

— ווער עס האָט נישט געגעסן קיין פלייש, דער וועט נישט באַקומען קיין קוגל — זי האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, זיך גערייצט מיט די קינדער.

די קינדער האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט.

— יאָ, יאָ, דער טאַטע וועט קריגן דעם גאַנצן קוגל — האָט זי זיי אַ זאָג געטאָן און זי איז אַוועק פון טיש.

יאַכעט איז נישט צוגעגאַנגען ביז צום אויוון. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און פון ווייטנס אָנגענומעןביים אויער דאָס קוגל־פענדל. די קוילן אין אויוון האָבן געגליט. דער פלאַם איז שוין געהאַט אויסגעגאַנגען.

— אַ קוגל ווי ביים קייסער — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן.

— דו ביסט די מלכה — האָט פּיוול איר אָפּגעענטפערט אונטער דער נאָז, ווי ער זאָל אַריינרעדן אין דער באָרד אַריין.

ביידע האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אַ ווילע שפּעטער האָט יאַכעט אַ נעם געטאָן איר גאָפּל אין האַנט און אַ קוק געטאָן אויף פּיוולען. זי האָט אַריינ־געשטאָכן דעם גאָפּל אין דער שפּאַרע צווישן דעם פענדל און דעם קוגל.

דוד און די מיידלעך האָבן אונטערגערוקט דער מוטער זייערע טעלער, צו־האַלטנדיק זיי.

יאַכעט האָט אַרומגעפירט דעם גאָפּל אַרום דעם קוגל. זי האָט אַ קוק געטאָן אין פענדל אַריין צו זען וויפל זי האָט און ווי זי זאָל טיילן. זי האָט אָנגענומען

אַ גאָפּל מיט קוגל און אים אַרויפגעלייגט אויף יאָסעלעס טעלער. יאָסעלע האָט אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אַ קרישקע קוגל און אַריינגעשטופּט זי אין מויל זיך. יאַכעט האָט אים צוגעלייגט נאָך צוויי גאָפּל קוגל. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם יינגלס טעלער און זי האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו די טעלער, וועלכע די קינדער האָבן געהאַלטן. איצט האָט זי געגעבן דודן. זי האָט זיך צוגעאײַלט: זי האָט שוין געהאַט אַ מאָס.

די מוטער האָט געטראָגן פּאַרזיכטיק די פולע גאָפּל צו די טעלער, אַ ברעקל זאָל נישט אַראָפּפאַלן, און איינגעטיילט אַלעמען די פּאַרציעס.

יאַכעט האָט זיך אָפּגעבויגן פון פּענדל. זי האָט אויף איר טעלער אַרויפגע־לייגט צוויי גאָפּל קוגל און אַ קוק געטאָן אין פּענדל אַריין. זי האָט געוואָלט זען וויפל עס איז איר געבליבן. צו יעדן טעלער האָט זי צוגעלייגט אַ ווייך שטיקל רענדל. יאַכעט האָט אַנגענומען מיט איין האַנט דאָס פּענדל, מיט דער צווייטער האַנט האָט זי מיטן גאָפּל אויסגעקראַצט אַלץ, וואָס עס איז געבליבן אין פּענדל. זי האָט דאָס פּענדל איבערגעדרייט איבער פּיוולס טעלער.

אַלע קינדער האָבן געגעסן לאַנגזאַם און געקוקט אין די טעלער אַריין. עס איז זיי אַ שאָד, זיי ווילן וואָס לענגער עסן, יעדער פון זיי נישטערט מיט די אויגן זיין פּאַרציע, יעדער וויל געפינען אַ ראָזשינקע. די וואַרעמקייט אין שטוב איז געדיכט, די היץ און ריחות פון די מאכלים מישן זיך צונויף, די לופט איז פייכטלעך.

אַלע ביים טיש זענען געווען פויל פון זעט. פּיוול האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ ציי געטאָן דעם סידור צו זיך. אויך ער איז פויל געווען אויפצוהייבן דעם סידור. ער האָט מיט ביידע הענט געעפנט דעם סידור, געמישט לאַנגזאַם, איבערגעלייגט איין בלעטל נאָכן אַנדערן, ווי יעדעס בלעטל זאָל זיין אַ משׂא. מיט אַ מאָל איז ער זיצן געבליבן. זיינע אַקסלען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אויסגערענקט. ער האָט זיך אַ וויג געטאָן איבערן טיש און זיך צעזונגען: יום זה מכבד מכל ימים.

די קינדער האָבן אונטערגעכאַפּט דעם פּאָטערס טאָן און אים באַגלייט. דוד האָט געצויגן דעם ניגון מיט זיין אַלט. די מיידלעך האָבן אים נאָכגעזונגען. יאַכעט האָט מיט איין האַנט זיך אונטערגעהאַלטן ס׳האַרץ, מיט די פינגער פון דער צוויי־טער האַנט — געקלאַפּט אין טיש אַריין צום טאַקט.

— יום זה מכבד מכל ימים — האָט פּיוול ווידער איבערגעחזרט.

— הא! הא! הא! הא! — האָט דוד געצויגן הויך דעם ניגון מיט זיין אַלט. ער האָט געזונגען העכער, ווי דער פּאָטער. זיין אָנגעשטרענגט קול האָט געציטערט. יום זה מכבד מכל ימים — האָבן ביידע, דער טאַטע מיטן זון אויסגעלאָזט.

יאַכעט האָט זיך אָנגעלענט אויפן עלנבויגן און פּאַמעלעך זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אַ שטעל געטאָן אַ טראָט אויף הינטערוויילעכץ, זיך אָנגעלענט מיט אַ האַנט אין איר בענקל־אָנלען און אַ קוק געטאָן אויף די קינדער: זייערע באַקן האָבן געפלאַמט, די אויגן זייערע האָבן געגלאַנצט, זייערע פּנימער זענען געווען פייכט.

— טפו! — האָט יאַכעט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל אויסשפּייען: אַ סגולה קעגן אַ נעהאָרע (עין רע). זי האָט זיך צוריק צוגערוקט צום טיש.

יאַכעט האָט גענומען זיך פּאָרען. מיט איין האַנט האָט זי צונויפגענומען די גאָפּל, מיט דער אַנדערער האַנט האָט זי צונויפגענומען אויף אַ שטייסל די טעלער. זי האָט דאָס שטייסל כלים געהאַלטן ווייט פון זיך: זי האָט זיך נישט געוואָלט אויסשמירן דאָס שבת־קלייד. זי האָט געשטעלט קליינע טריט, נישט איינבייגנדיק די קניען, געקוקט אויף די גאָפּל, זיי זאָלן זיך נישט צעשיטן. יאַכעט האָט זיך אַראָפּגעזעצט, די כלים אַריינגעשטעלט אין מולטער אַריין און זיך צוריק אויס־געגליכן. זי איז צוריק אַוועק צום טיש און זי האָט גענומען צונויפשטעלן די טעפּ.

די קינדער ביים טיש האָבן געלאַכט.

— קינדערלעך, קינדערלעך, איר האָט ערשט אָפּגעגעסן — האָט די מוטער זיך ביי זיי געבעטן.

יאַכעט האָט אַ נעם געטאָן דאָס טעפּל מיט פליייש און זי איז דערמיט אַוועק אין אַלקערל. דוד האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן טיש און ער האָט זי אונטער־גערוקט דעם פאָטער. דוד האָט אים געררייצט. פּיוול האָט פאַרזשמורעט די אויגן באַטראַכט דעם זונס האַנט און באַלד האָט זיך דערהערט אַ הוילער קלאַפּ פון אַ האַנטפלאַך, וואָס האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ ברעט. דוד האָט באַוויזן אַוועקכאַפּן די האַנט, פּיוול האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אַריין.

— אָ! — האָט זלאַטעלע אויסגעשריגן; זי האָט געמיינט, אַז דער קלאַפּ טוט וויי דעם פאָטער.

— איצט דו — האָט דוד אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער, און ער האָט זיך צוגע־בויגן צום טיש. פּיוול האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן טיש און ער האָט אַוועקגעקוקט. דוד האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן דעם פאָטער איבער דער האַנט. פּיוול האָט נישט אַוועקגעכאַפּט די האַנט; ער האָט געוואָלט דער זון זאָל מצליח זיין.

זלאַטעלע האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, געקוקט, ווי דעם ברודערס קליינע האַנט ליגט אויף דעם פאָטערס גרויסע האַנט.

— טאַטע, נאָך אַ מאָל — האָט דוד אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער.

פּיוול האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש דעם עלנבויגן און געוואָלט אַוועקלייגן די האַנט.

דאָס טירל פון אַלקערל האָט אַ קאַרץ געטאָן. יאַכעט איז מיט אַ שנעלן טריט אַריין אין שטוב. „גענוג" — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַן אָנגעשטעלטן טאָן. אַלע ביים טיש האָבן זיך אָנגעבויגן ווי זיי זאָלן זיך האָבן דערשראָקן פאַר איר. יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— איך דאַרף ריין מאַכן דעם טיש, מען דאַרף גיין שלאָפן — האָט זי זיך פאַר זיי פאַרענטפערט און זי האָט זיך גענומען פּאָרען. זי האָט צונויפגענומען די ליידיקע טעפּ אויפן אויוון און אויפן פאָל ביים טיש. אַז זי האָט זיך צוריק אויס־

געגליכן, איז איר פּנים געווען רויט. דאָס בלוט איז איר געקומען אין קאָפּ אַרייַן מער פון פאַרדראָס צו זיך, ווי פון אָנשטרענגונג: פאַר וואָס האָט זי זיך געבייזערט אויף די קינדער? זי האָט די טעפּ אַוועקגעטראָגן, אַרונטערגערוקט אונטערן שעפּל אַרונטער, זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטאָן נישט דרייסט צי די קינדער קוקן אויף איר. זי איז אַוועק צוריק צום טיש.

פּייוול האָט אָפּערגערוקט מיט די פיס דאָס בענקל פון אונטער זיך, זיך אויפגעשטעלט. ער איז אַריבערגעגאַנגען פון דער צווייטער זייט בענקל אין מיטן שטוב אַרייַן. דוד האָט אים נאָכגעטאָן. יאָסעלע האָט זיך אַראָפּגעקאַטשעט פון דער באַנק. ער איז אויך צוגעלאָפן צום פאָטער. פּייוול האָט זיך אָנגעבויגן און ער האָט אַ נעם געטאָן אויף זיך יאָסעלען. די מיידלעך האָבן זיך אויך אויפגעשטעלט, אויך זיי זענען צוגעגאַנגען צום פאָטער. דוד האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין פאָטערס אָרעמס, זלאַטעלע האָט געטאָן דאָס זעלבע: זי האָט זיך אויפגעהאָנגען אויפן פאָטערס צווייטן אָרעם. רבקהלע איז געשטאַנען דעם פאָטער אַנטקעגן און געקוקט אויף אים. זי האָט נישט געהאַט שוין ווו זיך אויפצוהענגען אויפן פאָטער. דער פאָטער האָט זיך אָנגעבויגן און ער האָט אויך רבקהלען אַ נעם געטאָן אויף זיך.

— קינדער, איר האַלט זעך?! — האָט פּייוול זיי אַ פרעג געטאָן און ער האָט געגומען זיך אַרומדרייען. ער האָט מיט זיי געמאַכט אַ קאַרוזעלע.

זלאַטעלע האָט געקוויטשעט פון מורא. יאָסעלע האָט געצויגן דעם פאָטער ביי דער באָרד און געלאַכט.

פּייוול האָט זיך אַרויפגערוקט דאָס קאַפּל אויפן קאָפּ און זיך אָפּגעצויגן, גלייך געמאַכט די באָרד. דער פאָטער איז ביי די קינדער געווען דער גבֿרן.

— דוד! מים אחרונים — האָט דער פאָטער אים אַ זאָג געטאָן.

דוד האָט אויסגעשפּיצט די אַקסלען, ער האָט זיך געפּוילט גיין. די מוטער האָט אַ קוק געטאָן אויף דודן: זיין פּנים איז געווען אָנגעדראָלן, ער איז געווען מיד. יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און אַ שפּרייז געטאָן צום טיש.

— איך גיי שוין ברענגען — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט אַ נעם געטאָן דאָס גלעזל אין האַנט און זי איז אַוועק צום קיבעל.

פּייוול האָט אַ נעם געטאָן דאָס גלעזל, זיך אָפּגעגאָסן די שפּיץ פינגער. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַ זאָג געטאָן: ברוך הוא וברוך שמו — און ער האָט צונויפגעקלאַפּט די הענט. דער קלאַפּ האָט פונאַנדערגעריסן די שטילקייט אין שטוב.

יאָסעלע און זלאַטעלע האָבן געקוקט אויפן פאָטער. יאָסעלע האָט געשמייכלט, ער האָט געמיינט, אַז דער פאָטער שפּילט זיך מיט אים. זלאַטעלע האָט געקוקט אויפן פאָטערס ליפּן, ווי זיי מורמלען. זי האָט געוואָלט פאַרשטיין, וואָס דער פאָטער זאָגט.

יאַכעט האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן טיש, זיך אָנגעלענט אויף איר און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש, פונאַנדערגעלייגט

דאָס חלה־טישטעכל און אַריינגעלייגט דערין די געבליבענע חלה. זי האָט פאַר־פּאַקט אַ פּעקל. אויף דעם פּעקל האָט זי אַרויפגעלייגט דאָס מעסער. זי האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען דאָס פּעקל, צוהאַלטנדיק דאָס מעסער, און זי, איז אַוועק צום שענקל.

— דוד, קום שלאָפן — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן. דוד איז צוגעלאָפן און אויפגעפּראַלט דאָס טירל — ער איז אַריין אין אַלקערל.

יאַכעט האָט צונויפגעלייגט די בעט־איבערדעק. דעק־טראָלדן האָבן געגלעט אירע באַקן. זי האָט אַרויפגעלייגט די צונויפגעלייגטע דעק אויף דער באַנק, איבערגעקלאַפּט און איבערגעלייגט די קישנס פון ביידע זייטן בעט און פונאַנדער־געלייגט דאָס איבערבעט.

— נו, ווער פון אייך וועט זיין דער ערשטער? — האָט ער אַ פרעג געטאָן די קינדער. פּייוול האָט זיך אויסגעדרייט פּאַמעלעך. זיין קערפּער איז געווען שווער און פול. ער איז אַוועק אין אַלקערל מיט קליינע און שווערע טריט.

די קינדער האָבן נאָכגעטאָן דעם פּאָטער, זיי האָבן זיך געאיילט.

— יעדער לייגט זיינע זאַכן באַזונדער — האָט יאַכעט זיי אַ זאָג געטאָן.

רבקהלע האָט אַרויפגעוואָרפן איר קלייד אויף אַ בענקל.

איצט איז יאַכעט צוגעגאַנגען צו יאָסעלען. זי האָט אים אַרומגעווישט דאָס פּנים, דערנאָך די הענט, און דאָס האַנטעך אַוועקגעלייגט אויפן שפּיץ פון טיש. זי האָט יאָסעלען אַרויפגעשטעלט אויף דער באַנק, פון אים אַראָפּגעצויגן דעם שפּענצער און אים אַוועקגעזעצט.

זלאַטעלע און רבקהלע זענען געזעסן יעדע אויף איר בענקל און האָבן אויס־געטאָן זיך די שיך. יאָסעלע האָט געגראַבלט מיט די פינגער ביי די שיך. ער האָט געוואָלט העלפן דער מוטער, עס האָבן זיך דערהערט קלעפּ: צוויי שיך זענען אַראָפּגעפאַלן. ביידע מיידלעך זענען געשטאַנען אין דעם אונטערוועש און אין די שטרימפּ. אַ ווייַלע שפּעטער זענען זיי אין איינעם אַריינגעשפּרונגען אין בעט.

יאַכעט האָט אויפגעהויבן יאָסעלען און צוגעלייגט איר באַק צו זיין קאָפּ. זי האָט אים צוגעטראָגן און צוגעלייגט צו זלאַטעלען.

— מאַמע, קום שלאָפן — האָט זלאַטעלע איר אַ זאָג געטאָן און זיך איינגעלייגט עס זאָל איר זיין באַקוועם און וואַרעם.

רבקהלע האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט געקוקט, צי די מוטער גרייט שוין צו דאָס חלק לײדיקע בעט אין דער זייט ביי איר.

יאָסעלע האָט זיך צוגעטוליעט צו זלאַטעלען. ער האָט אַרויפגעלייגט אויף איר די הענט. די אויגן זיינע האָבן גענומען זיך קלעפּן. פּאַמעלעך, אַ שפּאַרע נאָך אַ שפּאַרע, האָבן זיי זיך פאַרמאַכט.

יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער: זיי האָבן רויִק געאָטעמט, זיי זענען געשלאָפן. יאַכעט האָט אַפּערגענומען זיך פון אונטערן קישן אַ ווייס קאָפּ־טיכל, אַראָפּגענומען פון קאָפּ דאָס שייטל. אירע פעך־שוואַרצע קורצע האָר האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. זי איז געבליבן שטיין מיטן שייטל אין האַנט און האָט

געקוקט, צי קיינער זעט נישט. זי האָט דאָס שייטל שנעל אַוועקגעלייגט אויף אַ בענקל און עס אַרונטערגערוקט אונטערן טיש, מען זאָל עס נישט זען. זי האָט שנעל אַרומגעבונדן דאָס טיכל איבערן קאָפּ, פונאַנדערגעקנעפּלט און אונטער־געהויבן זיך דאָס קלייד און אַריבערגעצויגן עס איבערן קאָפּ. דאָס קלייד האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט מיט די צוויי נונטן אין דער ברייט און זי האָט עס איבער־געהאָנגען איבער אַ בענקל־אָנלען. איצט האָט זי זיך אויסגעטאָן ווייטער. אָנהאַל־טנדיק זיך מיט אַ האַנט אין בענקל, האָט זי יעדעס מאָל אויפגעהויבן אַ פוס און מיט דער אַנדערער האַנט זיך אויפגעשנורט און אויסגעטאָן די שיך. גייענדיק אויף די פּיאַטעס, איז זי צוגעקראָכן צום בעט. זי האָט אונטערגעהויבן דעם עק פון איבערבעט און פּאַמעלעך זיך צוגעלייגט צו רבקהלען. זי איז געבליבן ליגן אַ גלייכע און געקוקט אויף דער סטעליע. זי האָט דערהערט די שטילקייט אין שטוב און געפילט די וואַרעמקייט אין אירע גלידער. לאַנגזאַם האָט זי זיך איבער־געדרייט אויף אַ זייט.

פּייוול איז שטיין געבליבן ביים טירל מיט אַן אויסגעצויגן פּנים און אויפ־געריסענע אויגן. ער האָט געמיינט, אַז דער זון טוט זיך ערשט אויס.

דוד איז שוין געלעגן אין בעט. ער האָט געוואָרפן מיט די פיס, ווי ער זאָל שליידערן, זיך שפּילן מיטן איבערבעט און געלאַכט.

פּייוול האָט פונאַנדערגעבונדן דעם גאַרטל, צעקנעפּלט די איביצע און דעם שפּענצער און אין איינעם אַראָפּגעצויגן פון זיך די צוויי מלבושים.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט, אַראָפּגעצויגן די שטיוול, אָפּגעוויקלט די צילקעס און זיך אַרונטערגערוקט אונטערן איבערבעט. ער האָט דערפילט אנטער זיך דעם שעניק. פּייוול האָט אַרויפגעלייגט די באָרד אויפן אי־בערבעט. די רויטע האָר זיינע אויף דעם ווייסן איבערבעט האָבן געגליט.

פּייוול האָט זיך אַריבערגערוקט דאָס קאָפּל איבערן קאָפּ. ער האָט פאַרלייגט זיך די הענט אונטערן קאָפּ און פאַרמאַכט די אויגן. די וואַרעמקייט האָט אַרומגע־נומען זיין גוף. די שטילקייט און די גרויקייט אין אַלקערל האָט אים איינגע־שלעפערט.

די לעצטע קוילן אין אויוון האָבן געקנאַקט, זיי זענען זיך צעפאַלן אין אַש. די וואַרעמע שטילקייט אין שטוב האָט געציירן אין חלל אונטער דער נידעריקער סטעליע. די שיין אין שטוב איז געווען גרוי. אין דער שטוב, וווּ עס איז נישט געווען קיין זייגער, האָט געהויזט דער שבת־נאָכמיטאָג. אַלע זענען געשלאָפן.

## יז

יאַכעט איז געבליבן ליגן מיט אָפענע אויגן. זי האָט אַפּערגענומען און אַריבערגעלייגט איבערן איבערבעט אירעביידע הענט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן צום אויוון. ס׳פייער איז געווען אויסגעלאָשן, די לופט אין שטוב איז געווען דעמפיק, גרוילעך, כאָטש ס׳איז געווען ערשט פריִע נאָכמיטאָג־שעה. די פאַרפרוירענע פענצטער־שויבן האָבן פאַרשטעלט דאָס טאָגליכט. מען האָט געהערט ווי די שלאָפנדיקע אָטעמען.

יאַכעט האָט אונטערגעהויבן דעם עק פון איבערבעט, מיט וועלכן זי איז געווען צוגעדעקט, און זי איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. זי האָט פונאַנדערגענומען דאָס קלייד און עס זיך איבערגעצויגן איבערן קאָפּ, אַראָפּגענומען פון קאָפּ דאָס טיכל און זיך אָנגעטאָן דאָס שייטל. זי האָט אָפּגעשעפּט אַ ביסל וואַסער, זיך אָפּגעגאָסן די פינגער און זי איז מיט קליינע טריט אַוועק אין מיטן שטוב. פאַרבייגייענדיק דאָס בעט, האָט זי אַ נעם געטאָן דאָס טיכל, עס פונאַנדערגעלאָזט און זיך איבער־געוואָרפן איבער די אַקסלען.

זי איז צוגעגאַנגען צום שענקל, אַ נעם געטאָן די פון פריִער שוין צוגעגרייטע כלי. דאָס איז געווען אַ הויכער און שמאָלער בלעך־געצינקטער טאָפּ, דער באָדעם איז געווען אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצער, אייזערנער רייף. זי האָט זיך אַרומ־געהילט מיטן טיכל און זי איז אַוועק צו דער טיר. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין שטוב אַריין: אַלע זענען געשלאָפן. זי האָט אָנגעדריקט דעם סקאָבל, די טיר איז אויפגעשפּרונגען.

רבקהלע האָט זיך אויפגעזעצט. אירע אויפגעריסענע פאַרשלאָפענע אויגן האָבן דערשטוינט געקוקט. זי האָט איבערגעוועקט זלאַטעלען.

יאָסעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט און ער האָט זיך צעשריגן: מאַמע! ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין בעט און זי געזוכט. רבקהלע האָט אים אַרומגענעמען, אים געטוליעט צו זיך און אים באַרויִקט:

— די מאַמע קומט שוין, זי איז געגאַנגען צום בעקער ברענגען טיי.

זלאַטעלע האָט זיך אויפגעזעצט. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בעט אַראָפּ, און זיך צוגעשאַרט די שיך. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די פיס, זיי אַריינגעשטעלט אין די שיך און זי איז געבליבן שטיין אין זיי.

זלאַטעלע האָט אַ נעם געטאָן יאָסעלען אונטער די אָרעמס, אים אַרויפגעלייגט אויף זיך און אים צוגעטראָגן צו דער באַנק. זי האָט אים אַוועקגעזעצט און גע־נומען אים אָנטאָן. רבקהלע איז אַראָפּגעקראָכן פון בעט, געגאַנגען צום טיש, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שפּיץ בענקל זי זאָל זיך נישט צעקנייטשן דאָס קליידל און גענומען זיך אָנטאָן.

זלאַטעלע האָט געלאָזט זיצן יאָסעלען און זי איז צוגעגאַנגען צו דער שוועס־טער. אָן צו זאָגן אַ וואָרט האָט זי רבקהלען אונטערגעהויבן די פּיס און מיט דער האַנט אַראָפּגעשאַרט פון אירע סטאָפּעס די אָנגעקלעפּטע אויף זיי טראַטשענעס, איצט איז זי צוריק אַוועק אַנטאַן דעם ברודער.

פּייוול האָט גענומען זיך אַנטאָן. דעם בעט צופוסנס האָט זיך אָנגעטאָן דוד. ער האָט מיט ביידע הענט אַ כאַפּ געטאָן די הויזן, זיי פונאַנדערגענומען און ער איז אַריינגעשפּרונגען אין די נאָגאַוויצעס.

דוד איז אַוועק צום קיבעל. ער האָט אָנגענומען די שעפּ און זיך אָפּגעגאָסן די פינגער מיט דעם ביסל וואַסער, וואָס איז דאָרט געווען. ער איז צוגעגאַנגען צום בעט, זיך אַראָפּגעבויגן און אַ ווײַלע זיך דאָרט געפּאָרעט. די שוועסטערן האָבן ווייטער זיך אָנגעטאָן. זיי האָבן געוווסט וואָס דוד זוכט. דוד האָט זיך אויס־געגליכן. זיין פּנים איז געווען רויט פון אָנשטרענגונג, זיין לינקע פויסט איז געווען פול. ער איז אַוועק צום טיש.

פּייוול האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעשטרעקט די אָרעמס, זיך איבערגעבויגן און מיט די הענט געגלייכט דאָס בעטגעוואַנט אויפן בעט. ער האָט אונטערגעהויבן די קישנס און אָנגעצויגן די איבערבעטן, געצויגן אַהין און צוריק אומבאַלומפּערט. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער שאַנק, אַראָפּגענומען פון דער שאַנק דאָס היטל, מיט דער האַנט אָפּגעווישט דעם ראַנד פון היטל און עס זיך אָנגעטאָן.

פּייוול איז געבליבן שטיין פון דער זייט טיר, און האָט געקוקט, וואָס עס קומט פאָר אין שטוב.

— ווו איז די מאַמע? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, כאָטש ער האָט געוווסט, אַז זי איז ביים בעקער, ווי יעדן שבת נאָך מיטאָג.

— זי איז געגאַנגען צום בעקער ברענגען טיי — האָט דוד אים געענטפערט און געפּאָרעט זיך ווייטער ביים טיש. דאָס טישטעך אויפן שפּיץ טיש איז געווען איבערגעוואָרפן. ער האָט ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל געפּרוווט אַוועקלאָזן דעם „באָנק". דער „באָנק" איז געווען קרום, נישט פּאַרקיילעכיקט. דוד אַליין האָט אים אויסגעשניצט. יעדעס מאָל, ווען ער האָט אים געלאָזט אין גאַנג, איז ער גלייך אומגעפאַלן.

פּייוול האָט אָנגענומען די שעפּ ביים אויער און זי אַרויפגעלייגט אויף דער וואַסערפלאַך אין קיבעל. ער האָט די שעפּ לאַנגזאַם אונטערגעטונקען. דאָס וואַסער האָט אַ ריזל געטאָן, אָנגעפילט די שעפּ. דערפילנדיק די שווערקייט פון דער פולער שעפּ, האָט ער זי אַרויסגעצויגן. דאָס איבערגיסנדיקע זיך וואַסער איבער דער שעפּ האָט אַ פליוך געטאָן.

זלאַטעלע האָט אַ קוק געטאָן אויף די צוויי קינדער — זייערע קעפּ זענען געווען צעשויבערט. זי איז צוגעגאַנגען צו יאָסעלען און זי האָט מיט די פינגער אים צעקעמט, איינגעלייגט די האָר. יאָסעלע האָט כסדר געדרייט מיטן קאָפּ — ער האָט געוואָלט זען וואָס דער ברודער טוט. זלאַטעלע איז צוגעגאַנגען צו רבקהלען. זי האָט דאָס זעלבע איצט געטאָן מיט דער שוועסטערס האָר. רבקהלע האָט אַראָפּ־

געלאָזט דעם קאָפּ עס זאָל דער שוועסטער זיין באַקוועמער. רבקהלעס לענגלעכע האָר האָבן זיך איבערגעלייגט, ווי צעפּעלעך.

זלאַטעלע האָט מיט די פינגער פוןביידע הענט פונאַנדערגענומען זיך די האָר — אום שבת האָט מען ביי פּיוולען אין שטוב זיך נישט באַנוצט מיט קיין קאַם. זלאַטעלע האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. זי האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זוכן אַ שפּיגל. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי צוגעגאַנגען צום בעט. זי האָט זיך אונטער־געהויבן אויף די שפּיץ פינגער, זי זאָל דערגרייכן וואָס העכער. זי איז געלאָפן פון איין עק בעט צום אַנדערן, זי האָט פונאַנדערגעסדרט די קישנס, דערנאָך אויסגעצויגן און איבערגעוואָרפן איין העלפט איבערבעט איבערן אַנדערן, אָבער נישט גלייך — אירע הענט זענען געווען צו קורץ. זי האָט זיך אומגעקוקט, געזוכט הילף. רבקהלע, קום — האָט זלאַטעלע זי אַ רוף געטאָן.

ביידע מיידלעך האָבן אָנגענומען די באַנק פון ביידע זייטן און זי צוגעטראָגן צום בעט. זלאַטעלע איז אַרויפגעקראָכן אויף דער באַנק און גענומען אָנגלייכן דאָס איבערבעט. זי האָט זיך געמאַטערט און געסאַפּעט, געצויגן אַהין און צוריק דאָס איבערבעט. דער פאָטער האָט פון מאָל צו מאָל אַ צי געטאָן, ווי בגניבה, דאָס איבערבעט, איר געהאָלפן.

די טיר איז אויפגעשפּרונגען. אינעם דורכגאַנג איז געשטאַנען יאַכעט. אירע באַקן זענען געווען רויט, אַדורכגעפרוירן, דאָס פאַרוואָרפענע אויף איר טיכל פונאַנדערגעלאָזט, אירע הענט זענען געווען פאַרנומען, זי האָט געהאַלטן אַ פולן טאָפּ.

יאָסעלע האָט זיך צוגערוקט צו דער מוטער.

— עס בריט — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און אים אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויפן טאָפּ. זי איז אַוועק צום שענקל. זי האָט געבערענגט און אַוועקגעלייגט אויפן טיש צוויי טיטלען. זי האָט אָפּגעדעקט דעם טאָפּ און שנעל, ווי זי זאָל זאַלצן פלייש, האָט זי אַריינגעוואָרפן אין טאָפּ אַריין עטלעכע זשמענקעס טיי. דערנאָך האָט זי געעפנט דאָס צווייטע טיטל, אַ קוק געטאָן מיט איין אויג אין טיטל אַריין, אויסגעבויגן און אַ טרייסל געטאָן דאָס טיטל. זי האָט צונויפגעשיט אין ווינקל אַריין דאָס ביסל צוקער, איבערגעקערט איבערן טאָפּ און אים שנעל צוריק צוגעדעקט.

יאַכעט האָט צוגעטראָגן און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש די טעפּלעך און אַוועק־געלייגט אַ גרויסן לעפל. דער לעפל האָט אַ קלינג געטאָן, ער איז אַרויפגעפאַלן אויפן טיש.

— שוועלבעלעך, קומט צום טיש — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן.

יאַכעט האָט עטלעכע מאָל איבערגעמישט מיטן לעפל די טיי אין טאָפּ. זי האָט אָנגעגאָסן דאָס ערשטע טעפּל טיי און צוגעטראָגן דאָס טעפּל זיך צום מויל. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן מיטן קאָפּ — די טיי האָט איר געשמעקט. זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעפּל טיי און אַרויסגענומען דעם לעפל פון טאָפּ.

יאַכעט האָט אויפגעהויבן דעם טאָפּ ביים אויער און מיט דער צווייטער האַנט האָט זי צוגעהאַלטן דאָס שטאַרצל, עס זאָל נישט אַראָפּפאַלן. צוזאַמען מיטן טאָפּ האָט זי איבערגעבויגן איבערן טיש און איינגעגאָסן פיר טעפּלעך טיי, איינס נאָכן אַנדערן.

— ווער וויל אַ קיכל? — האָט זי אַ פרעג געטאָן נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון טיש.

קיינער האָט איר נישט געענטפערט.

די טיי איז געווען העל ברוין. גיסנדיק די טיי, האָבן כסדר זיך מיטגעגאָסן מיט דעם טיי־שטראָם אויפגעשוואָלענע טייבלעטלעך. יאַכעט האָט אויפגעהויבן דעם טאָפּ און אים איבערגעבויגן — ער איז געווען שוין גרינגער. זי האָט געגאָסן פון דער הויך, אָנגעפילט פייוולס גרויס טעפל.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אַרונטערגערוקט די פיס אונטערן טיש. זיינע ליפּן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן: „שהכל נהיה בדברו״. ער האָט צוגעטראָגן דאָס טעפל צום מויל, גלייכצייטיק האָט ער דערנענטערט זיין מויל צום טעפל.

יאַכעטס ליפּן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי זיי זאָלן ציטערן. זי האָט שטיל געמאַכט די ברכה. זי האָט צוגעטראָגן זיך דאָס טעפל צום מויל און זי האָט אַ זופּ געטאָן און ערשט איצט האָט זי זיך אַוועקגעזעצט. יעדעס קינד האָט געהאַלטן זיין טעפל, זייערע אויגן האָבן ווי אַריבערגעקוקט איבער די טעפּלעך. זיי האָבן געטרונקען הויך, געזופּט און געשלונגען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. פון מאָל צו מאָל, אַז עס האָט ווען פון זיי פאַרפעלט אָטעם, האָט ער אויף אַ ווײַלע איבער־געריסן ס׳טרינקען. דעמאָלט האָט דאָס קינד אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון טעפל.

פייוול האָט אַריינגעשטעלט אַ האַנט אין דער באָרד אַריין און די פינגער אַדורכגעפירט דורך דער באָרד, ווי ער זאָל זי קעמען.

— יאַכעט — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זי רופן.

יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט געוווּסט וואָס פייוול וויל, ווי יעדן שבת נאָך דער טיי. זי האָט צונויפגענומען די טעפּלעך אויפן טיש, איין האַנט פינגער אַריינגעשטעקט אין דריי טעפּלעך און זיי צונויפ־געקלאַפּט אין דער האַנט, די אַנדערע האַנט פינגער האָט זי אַריינגעשטעקט אין די אַנדערע דריי טעפּלעך, אַוועק צום שעפּל און די טעפּלעך אַריינגעשטעלט אין מולטער.

— קדיש מיינער! פאַרהער זיך — האָט פייוול זיך געווענדט צו דודן.

דוד האָט זיך אָנגעבויגן, אַרויסגעצויגן דאָס שופלאָד פון טיש און אַרויס־גענומען דעם חומש. דאָס חומש איז געווען געבונדן אין אַ ברוינעם לעדער, וואָס איז געווען אָפּגעריבן און האָט אויסגעזען ווי זאַמש.

יאַכעט האָט אָפּגעריייניקט מיט די הענט דאָס טישטעך, די עטלעכע קרישקעס אויפן טיש אַראָפּגעשאַרט, אַ נעם געטאָן אין האַנט דעם טאָפּ און די צוויי טיטלען און זי איז אַוועק מיט זיי צום שענקל.

דוד האָט אָנגענומען מיטן גראָבן פינגער דעם טאָוול פון חומש צוזאַמען מיט עטלעכע בלעטער און געעפנט דאָס ספר. ער האָט אָפּגעזוכט דאָס אָרט, ווו עס האָט זיך געפונען „שני" פון דער וואָך־סדרה. די בלעטער פון חומש זענען געווען געל, די אותיות — שוואַרץ איינגעגעסן אין פּאַפּיר, דאָס פּאַפּיר האָט געגלאַנצט פון אַלטקייט, דער אונטערשטער שפּיץ בלעטל איז געווען איינגעקנייטשט אַ פינגער ברייט.

דוד האָט זיך איבערגעבויגן איבער דעם חומש, זיין יונגע פּלייצע האָט זיך אויסגעבויגן: ויהי ממחרת וישב משה לשפט את העם ויעמד העם על משה מן הבקר עד הערב — ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער, ווי ער זאָל אים פרעגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אָפּגעבויגן פון חומש און ער האָט געטייטשט דעם פּסוק: איז געווען אויף מאָרגן, האָט משה זיך אַוועקגעזעצט משפּטן דאָס פאָלק, איז דאָס פאָלק געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג. מאַכט רש"י, דאָס איז געווען מוצאי יום הכיפור, ווען ער איז אַראָפּ פון באַרג צומאָרגנס.

דוד האָט זיך ווידער איבערגעבויגן איבערן חומש. שאָקלענדיק זיך איבערן ספר אַזוי ווי דער טאַטע שאָקלט זיך האָט ער געלערנט ווייטער: וירא חתן משה את כל אשר הוא עשה לעם, און משהס שווער האָט געזען אַלץ, וואָס ער טוט מיט זיין פאָלק, — האָט דוד געטייטשט און ער האָט אַ פרעג געטאָן — פאַר וואָס פירסט דו זיך אַזוי קעגן דיין פאָלק? פאַר וואָס זיצסט דו, און דאָס פאָלק שטייט? מאַכט רש"י — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט זיין גראָבן פינגער, ווי דער רבי אין חדר — דער דיין, וואָס משפּט דאָס פאָלק איז גאָטס שליח.

יאַכעט האָט זיך צוגערוקט. זי איז שטיין געבליבן הינטער דודן.

— ויאמר משה לחתנו כי יבא אלי העם לדרש אלהים — האָט דוד געלערנט און זיך געשאָקלט איבערן חומש. באַלד דערנאָך האָט ער זיך פאַרטייטשט — האָט משה געזאָגט צו זיין פאָלק, אַזוי צו זאָגן, — ווען ס'פאָלק קומט צו מיר פאָדערן גאָט זאָל זיך פאַר זיי אָנטפּלעקן.

פּייוול האָט זיך אָנגעבויגן. ער האָט אַרײַנגעכאַפּט צווישן צוויי פינגער דודס באַק, אים אַ קניפּ געטאָן.

דוד האָט אַ קוויטש געטאָן און זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט. ער האָט מיט דער האַנט געריבן זיך די באַק, זי איז געווען רויט.

יאַכעט האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און דריי מאָל אויסגעשפּיגן. ביי יעדן שפּיי האָט זי אויסגעריבן די אויגן מיט די גראָבע פינגער. אירע ליפּן האָבן געצי־טערט. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און שטיל, אָן ווערטער, געבעטן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף פּייוולען — צוויי לויטערע טרערן זענען געהאָנגען אין אירע אויגן־ווינקלען.

— גיב אים שבת־אויבס — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן פול גאווה. ער האָט זיך אָנגעבויגן צום טיש און פאַרמאַכט דאָס חומש.

— שבת־אויבס, שבת־אויבס! — האָבן די מיידלעך געשריגן.

יאַכעט האָט לאַנגזאַם זיך אויסגעדרייט, ווי די פיס זאָלן זי נישט טראָגן און זי איז אַוועק צום שענקל.

דוד האָט אַרויסגעצויגן דעם שופלאָד, אַריינגעלייגט דאָס חומש און צוריק פאַרמאַכט דעם שופלאָד. פּיוול האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַוועקגעלייגט דעם סידור פאַר זיך. ער האָט אויף דער אונטערשטער ליפּ איינגענעצט זיין רעכטן גראָבן פינגער און געמישט די בלעטער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך איבער־געבויגן, אַ קוק געטאָן אין סידור אַריין: ברכי נפשי — ער האָט זיך צעוויגט איבערן סידור.

די מוטער איז געגאַנגען צוריק, אירע הענט זענען געווען פאַרנומען. זי האָט אין איין האַנט געהאַלטן אַ פּעקעלע, פאַרפּאַקט אין אַ גרין פּאַפּיר, אין דער צווייטער האַנט אַ פאַרוויקלטן טיטל.

יאַכעט האָט פונאַנדערגעפּאַקט דאָס פּעקעלע. אויפן צעקנייטשטן פּאַפּיר זענען געבליבן ליגן אַכט קאָלירטע צוקערלעך און פיר מאַרמאַלאַדקעס. דאָס איז געווען די פּאָרציע וואָס די קרעמערקע האָט איר איינגעפּאַקט יעדן דאָנערשטיק ערב־שבת. זי האָט גענומען דאָס טיטל אין האַנט, פונאַנדערגעפּאַקט און אַרויפגעשיט אויף דער האַנט זיך די רעבעלעך.

יאַכעט האָט אָנגעבויגן איר קאָפּ און פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף די פונאַנדערגעטיילטע פּאָרציעס. יעדע פון די פיר פּאָרציעס איז באַשטאַנען פון צוויי צוקערלעך, איין מאַרמאַלאַדקע און פיר רעבעלעך.

— נעמט — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו די קינדער.

— מיין מאַרמאַלאַדקע איז גרעסער. זי האָט זעקס שפּיצן. דיינע האָט נאָר פיר — האָט רבקהלע זיך געריצט מיט דודן.

— די שענסטע קאָלירן האָבן מיינע צוקערלעך — האָט זלאַטעלע אַ זאָג געטאָן.

— מיינע זענען שענער — האָט רבקהלע איר אָפּגעענטפערט.

זלאַטעלע האָט גערעדט צו רבקהלען, אָבער זי האָט געמיינט דודן.

יאָסעלע האָט גענאַגט אַ צוקערל, דאָס צווייטע האָט ער געהאַלטן אין האַנט. זיינע ליפּן זענען געווען אַרומגעקלעפּט מיט זיסקייט.

די קינדער האָבן געקנאַקט די רעבעלעך, אָבער זיי האָבן נאָך געהאַט דעם זיסן טעם אין מויל. די שאָלן פון די רעבעלעך זענען געווען גריז, די יאָדערן ברוין.

דוד האָט זיך אויפגעשטעלט און ער איז אַוועק צום אויוון. ער האָט אַרויס־גענומען דעם „באַנק" פון טאַש און מיט צוויי פינגער אים אַ לאָז געטאָן. דער „באַנק" האָט זיך צוויי מאָל אַרומגעדרייט און ער איז געבליבן ליגן אויף דער בלעך פון אויוון. דוד האָט איילִיק אַוועקגעשטעלט דעם „באַנק" אויפן אויוון און אים באַטראַכט. זיינע אויגן זענען געווען שטאַר. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דער „באַנק" דרייט זיך נישט, פאַלט אום, ווייל ער איז נישט קיילעכיק.

— פע! — האָט פּיוול אַ זאָג געטאָן דודן און געקוקט ווייטער אין סידור אַריין. ער האָט נישט געוואָלט איבעררייסן.

דוד האָט גענומען דעם „באַנק״ און ער איז אַ פאַרשעמטער אַוועק צום פענצ־טער. ער האָט דעם „באַנק״ באַטראַכט אין ליכט, צי ער איז טאַקע נישט קיילעכיק.

— דוד, קום צו מנחה — האָט פּייוול אַ זאָג געטאָן דעם זון.

ביידע, דער טאַטע און דער זון, זענען צוגעגאַנגען צו דער טיר. דער פאָטער האָט אַראָפּגענומען די פּאַלטנס פון האָק.

דוד האָט אַ נעם געטאָן דעם סידור פון טיש. ער האָט אויפגעקנעפּלט אַ קנאָפּ פון פּאַלטן און אַ האַלבער סידור איז געבליבן אין דרויסן, אַ האַלבער אונטערן פּאַלטן.

— אַ גוטן שבת! — פּייוול האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו יאַכעטן און איז אַוועק צו דער טיר.

— אַ גוטן שבת, אַ גוט יאָר! — האָט יאַכעט געענטפערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

די שטילע וואַרעמקייט אונטער דער נידעריקער סטעליע האָט אויסגעפילט דעם חלל פון די פיר ווענט. די וואַרעמקייט האָט מען געקענט אָנטאַפּן מיט דער האַנט, אָבער די שטוב איז געבליבן ווי ליידיק.

## יח

דוד איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס דער ערשטער. די קעלט האָט אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט אַ צעפּיר געטאָן די הענט, ווי ער זאָל זיך גרייטן אַ פלי טאָן, און ער איז געלאָפן ווייטער.

פּייוול האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער פוטרינע און ער האָט איבערגעשטעלט דעם פוס איבער דער שוועל. זיינע נאָזלעפּלעך האָבן אַ פלאַטער געטאָן. דער איבערגאַנג פון דער שטוביקער וואַרעמקייט צו דער קעלט אויף דער גאַס האָט אים פונאַנדערגעשפּרייט די לונגען. פּייוול האָט זיך אומגעקוקט, זיינע אויגן זענען געווען פאַרלאָפן. ער איז נאָכגעגאַנגען דעם זון.

דוד איז געלאָפן און געוואָרפן מיטן קאָפּ, ווי אַ זשרעבאַק, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער צוים. דער שניי אונטער זיינע פיס האָט געסקריפּעט.

— דוד! — האָט פּייוול אַ שריי געטאָן. די טרוקענע קעלט האָט פונאַנדער־געטראָגן דעם אָפּהילך, דער ווידערקול האָט זיך געקאָלערט איבער דער שטילקייט פון דער גאַס.

פּייוול האָט פאַרשנעלערט זיין טראָט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אונטער־געיאָגט דעם זון. דאָס געסל איז געווען ליידיק. דער פראָסט איז כסדר שטאַרקער געוואָרן. די קעלט האָט דאָס געסל ווי אויסגעצויגן, פאַרשמעלערט. די פאַרשנייטע

כאַטעס זענען געשטאַנען אַריינגעוואַקסן אין שניי. די קעלט האָט זיי געקלעמט, ווי זי זאָל די כאַטעס האַלטן אויף דער פלאַך.

פייוול האָט זיך פאַרנומען אויף לינקס. ער איז אַריינגעגאַנגען צווישן צוויי כאַטעס און אַרויס אויף אַ גרוימען, פאַרשנייטן פלאַץ — פייוול האָט זיך פאַר־קירצט דעם וועג. דוד איז אים נאָכגעגאַנגען.

דער פלאַץ איז געווען שמאָל און לאַנג. נידעריקע, בייכיקע כאַטעס זענען געשטאַנען פון ביידע זייטן פלאַץ. דער פלאַץ איז געווען דער דורכגאַנגסהויף פאַר די איינוווינער פון די כאַטעס. די פאַרשנייטע דעכער האָבן געבלאַנקט. דער הימל איבער דעם הויפפלאַץ האָט אויסגעזען ווי אַ דורכגעלעכערטער זאַק.

— גוט־שבת! — האָט אַ שפּיציקע פרויען־שטימע פונאַנדערגעריסן די קאַלטע שטילקייט.

— גוט־שבת! — האָט פייוול איילִיק אָפּגעענטפערט.

אַ נידעריקע דאַרע ייִדענע, אַרומגעהילט מיט אַ שווער טוך, האָט אַדורכ־געקרייצט פייוולען דעם וועג. דאָס טוך איז געלעגן אויף אירע שמאָלע אַקסלען ווי אַ משׂא. פייוול האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין טראָט און אַדורכגעלאָזט די ייִדענע. די ייִדענע איז אַריין אין טויער אַנטקעגן.

דער פעלדשער! — האָט דוד אַ זאָג געטאָן. זיין קול איז געווען אויסגעשראָקן. דאָס ייִנגל האָט זיך צוגעטוליעט צום פאָטער.

פון ווייטנס איז געגאַנגען מיט אַ לאַנגזאַמען אויסגעצויגענעם טראָט יענקל פעלדשער. ער האָט געטראָגן אין האַנט אַ לענגלעך קײַלעכיק רענצל מיט אַ ניקלענעם שלאָס.

— גוט־שבת — האָט פייוול אַ זאָג געטאָן די ייִדן, וואָס זענען אים אַנטקעגנ־געקומען.

די גאַס האָט געווימלט מיט ייִדן. דיקע, אויסגערוטע האָפערדיקע קולות האָבן זיך איבערגערופן: „גוט־שבת! — גוט־שבת״! דער פריילעכער אָפּהילך פון די ווערטער האָט געריסן די גרויע קעלט. פון אַלע טויערן און געסלעך זענען געקומען ייִדן, זיי זענען זיך אַנטקעגנגעקומען און זיך איבערגעיאָגט. אַלע זענען זיי געגאַנגען אין איין ריכטונג — צו שאַלעשידעס (שלוש סעודות).

— אַהה — האָט פייוול אַ זיפץ געטאָן פון נחת — ייִדן, ייִדן! האָט ער פריידיק אַ זאָג געטאָן. אַ טריט ווייטער האָט ער צוגעגעבן — עס זאָל נישט פאַרשטערט ווערן.

דער טאַטע מיטן זון זענען געגאַנגען צוזאַמען מיטן שטראָם ייִדן, דאָ און דאָרט, לענג־אויס דער גאַס האָט דורך אַ שפּאַרע פון אַ פאַרפרוירענע פענצטער־שויב בייגעריק אַרויסגעקוקט אַ פרויען־קאָפּ. געקוקט האָט אַ באָבע, אַ מאַמע אָדער אַ טאָכטער — אַ מיידל.

ייִדן מיט פאַרקנעפּלטע פוטערס אָדער פאַלטענעס, מיט אַרויפגערוקטע איבער די קעפּ היטלען, האָבן געשפּרייזט בנעימותדיק. זיי איז נישט קאַלט געווען: די מיטגענומענע פון שטוב שבתדיקע וואַרעמקייט האָט זיי אויך געוואַרעמט אין גאַס.

יעדער ייִד האָט געשפּרייזט איבער דער ברייט פון דער גאַס ווי אַלץ זאָל אים געהערן. זייערע בערד זענען געווען אויסגעצויגן, צעקעמט. זיי האָבן זיך נישט געאײַלט. זיי האָבן דעם שבת, מיט וועלכן זיי זענען געגאַנגען זיך גרוזגענען, געפירט דורך דער גאַס.

די גאַס, דורך וועלכער די ייִדן האָבן געשטראָמט אין די בתי־מדרשים אַריין, איז געווען די ברייטע גאַס אין שטעטל. זי איז געווען דאָפּלט ברייט, ווי אַ שטעטיש געסל. פּייוול איז נישט אַריין אין שולגעסל, ער איז געגאַנגען ווייטער, ער האָט וואָס לענגער געוואָלט זיך געפינען אינעם ייִדן־שטראָם. ערשט ביים צווייטן געסל אין וועלכן עס זענען געווען כאַטעס מיט שטרויענע דעכער, איז ער אַריין. דאָס סטאָקגעסל איז געלאָפן באַרג אַראָפּ. אויבן, אויפן באַרג, איז דאָס געסל געווען ברייט; אונטן, ביים אויסגאַנג, איז דאָס געסל געווען שמאָל. ווער עס האָט אַראָפּגעקוקט, האָט דאָס געסל געזען ווי דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז. ביים אַריינגאַנג אין געסל אין דער לינקער זייט האָבן זיך געפונען די „סטאָקלעך". פּירקאַנטיקע, צונויפגעשלאָגענע געטעסעטע פאַרפרוירענע בעלקעס, האָבן געצוימט דעם שטח פון אַ חדר גרויס. דער שניי אויף די בעלקעס האָט געשימערט ווי פּערל אויף אַ פּרויען־האַלדז.

דוד האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די סטאָקלעך. ביים ראַנד פון די סטאָקלעך האָט ער פאַרקלענערט זיין אימפּעט. זיינע פּלייצעס האָבן זיך איבערגעבויגן אויף פאָרנט, ווי ער זאָל קלעטערן אויף טרעפּ. די פּלאָשטשאַדקע אַרום די סטאָקלעך איז געווען באַלייגט מיט אייז, דאָס אייז דורכזיכטיק און גליטשיק. דוד האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט אינעם ראַנד וווּ דער פּלויט איז געווען אָפּן, זיך צוגעצויגן, צוגעדראַפּעט ביזן פּלויט, געבליבן שטיין און געקוקט. דאָס וואַסער פון די זיבן קליינע אָבער טיפע קוואַלן האָט געררוזשלט.

דאָ אַהער זענען געקומען די איינוווינער פון דער סביבה נעמען וואַסער צום טרינקען. ווינטער איז דאָס וואַסער געווען קאַלט און דורכזיכטיק. ייִדן מיט אָנגעווייטיקטע אויגן זענען געקומען אַהער און זיך געלייגט קאָמפּרעסן פון סטאָקאָווע וואַסער. דאָס וואַסער איז געפלאָסן שטעג־אַראָפּ אין טייך אַריין פאַרביי־פליסנדיק די מקווה.

פּייוול איז געשטאַנען און געוואַרט אויפן זון. — דוד! האָט פּייוול אים ווידער אַ רוף געטאָן און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן גיין.

דוד איז פאַמעלעך אַראָפּגעקראָכן פונעם אייז, ווי ער זאָל גיין אויף די שפּיץ פינגער און נאָכגעגאַנגען דעם פאָטער.

דער שניי אויף דער ערד איז געווען צעשניטן מיט רעדער־קאָליעס, אָנגעלעגן און איינגעטרעטן, אָבער אין די זייטן איז ער געבליבן נישט באַרירט, ווייס. אויף דער רעכטער זייט פון געסל זענען געשטאַנען נידעריקע, שמאָלע ווי אויסגעדאַרטע הייזלעך. דער פראָנט פון די הייזלעך, די ווענט אין געסל אַריין, זענען געווען באַלייגט מיט שניי. ווינטן פון די אָפענע פעלדער האָבן אָנגעטראָגן דעם שניי. די ווענט פון אונטן זענען געווען פאַרפרוירן. צווישן הויז און הויז האָבן געטאַנצט די

ווינטן, געפּיפּן, ווי זיי זאָלן וועלן אַראָפּטראָגן די שיפּע, שטרויענע דעכער. פֿון מאָל צו מאָל האָט דער אימפּעט פֿון אַן אָנגעלאָפֿענעם ווינט אַ קלאַפּ געטאָן אין די שמאָלע, נידעריקע פֿענצטער, ווי אַ הונגעריקער פֿויגל מיטן שנאָבל. פֿון דער צווייטער זייט געסל לענג־אויס דעם וואַסער־פֿלוס האָבן זיך געפֿונען די געשמידטע פֿאַרשלאָסענע קאַסטנס, דורך וואַנען דאָס וואַסער איז געפֿלאָסן. די „סאַדזעס״, אין וועלכע די ייִדישע פֿישערס אין שטעטל האָבן געהאַלטן זייערע קאַרפּן פֿאַר די ייִדן אויף שבת. נאָך די סאַדזעס, אויף דעם שיפּן ברעג פֿונעם וואַסער־פֿלוס, האָט זיך געפֿונען איסרס גאַרבאַרניע. דער ריח פֿון געווייקטע לעדער האָט זיך געפֿילט אויף ווי ווייט. די פֿאַרבייגייער האָבן נאָר געזען דעם שיפּן שינדל־דאַך פֿון זיין גאַרבאַרניע. אַריבער, איבער די סטאָקלעך, אויף דער צווייטער זייט, האָט געשטאַרט אַ פֿאַרשנייטער הילצערנער פּאַרקן. דאָס איז געווען דער פּאַרקן פֿון אַלטן בית־הקברות.

דאָס געסל איז געלאָפֿן אַראָפּ דעם בית־המדרש אַנטקעגן. אויף דער רחבה, דעם גלייכן ליידיקן שטח פֿאַרן בית־המדרש, האָט פּיוול אָפּגעאָטעמט און זיך אויסגעגליכן. אַרום דעם בית־המדרש האָט געווימלט מיט ייִדן. די ייִדן זענען געקומען מיט אַלע געסלעך.

די ייִדן אײַלן זיך, ווי איינער זאָל אַרומגיין דעם אַנדערן. דער אויסגע־טרעטענער שניי גרויט זיך, דער געדיכטער הימל ווערט כסדר טונקעלער, די קאַנטורן פֿון די דעכער גייען זיך שוין צונויף. ייִדן שאָקלען מיט די קעפּ, זיי זאָגן זיך איליק „גוט שבת״!, די טרוקענע לופֿט נעמט אויף דעם ניגון. די ייִדן פֿאַרשווינדן אינעם אַריינגאַנג פֿון בית־המדרש.

אינעם אָנגעפּרוירענעם פֿאָדערהויז האָבן זיך באַוויגן אויסגעצויגענע שאָטנס. פּיוול האָט מיטביידע הענט אָנגעטאַפּט דעם סקאָבל אין דער טיר, אויפֿגעפּראַלט די טיר און אַ שטופּ געטאָן דעם זון פֿאָרויס. טוכלע וואַרעמקייט האָט זיי אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין.

## יט

דער הויכער לאַנגער היכל איז געווען פֿול מיט ייִדן. פֿון אַלע עקן האָבן זיך געטראָגן קולות. די קולות האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן אין דער הויך, זיך אָנגעשלאָגן אין דער סטעליע. דער ווידערקול האָט זיך געקאָלערט, געקלונגען אין די אויערן פֿון די מענטשן. אַ גרויער, פֿייכטלעכער, דינער נעפּל האָט געשוועבט איבער די ייִדנס קעפּ.

קורצע און דינע ליכטשטראַלן האָבן אַדורכגעשיינט דורך די האַלב־רונדע פֿאַרפֿרוירענע פֿענצטער, ווי זיי זאָלן זיך ראַנגלען מיט דעם אויסגייענדיקן ליכט.

אין חלל האָט די העלקייט זיך געמישט מיט גרוי — דער טאָג האָט זיך געאַמפּערט מיטן אָוונט. די ברוינע הילצערנע סטעליע איז געווען נאָענט, ווי זי זאָל ליגן אויף די קעפּ פון די ייִדן. די בענק און די טישן אַרום האָבן אויסגעזען, ווי זיי זאָלן אַרויסשטאַרן פון אַ טיפעניש. נאָר דער הויכער, שמאָלער קאַפּל־איוון איז אויפן הינטערגרונט פון די ווייס־געקאַלעכטע ווענט געווען נאָך בולט.

די לופט איז געווען אַדורכגעוואָרעמט מיט דער וואַרעמקייט פון מענטשלעכן אָטעם. נישט אַלע ייִדן האָבן אויסגעטאָן די פּאַלטנס. געווען ייִדן, וואָס האָבן זיך אַרומגעגאַרטלט מיט דעם גאַרטל איבער דעם פּאַלטן. פון מאָל צו מאָל האָט דורך אַ שפּאַרע אין טיר אָדער פענצטער זיך אַדורכגעשטופּט די קעלט.

אַ ייִד איז געשטאַנען לעבן אַ ייִד, ווי איינער זאָל זיך אָנלענען אין אַנדערן. אַלע צוזאַמען האָבן געשאַפן די עדה. איינצלנע ייִדן האָבן געטאָרעוועט זיך אַ וועג. געבוקטע געשטאַלטן האָבן געזוכט אַן אָרט, ווו זיי זאָלן קענען אַוועקשטעלן דעם פוס. ייִדן האָבן זיך געשלייכט דורך דער עדה, ייִדן האָבן זיך אָפּגערוקט, אַדורכ־געלאָזט די, וואָס האָבן זיך געשלייכט.

די עדה האָט געזאָגט „תהילים". דינע און דיקע קולות פון איינצלנע ייִדן האָבן געזאָגט צעצויגענע און אָפּגעהאַקטע פסוקים ווי די ייִדן זאָלן זיך איבעררעדן — שבטי יה עדות לישראל — עזרנו בשם ה' — אשרי כל ירא ה' ההלך בדרכיו.

אַ ייִד האָט זיך אַ שאָקל געטאָן איבער אַ ספרל אָן טאָוולען און אַ זאָג געטאָן: על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו. אַ שטאַרק און דיק קול וואָס האָט זיך אַרי־בערגעריסן איבער אַ סך קולות האָט ממשיך געווען: בזכרנו את ציון — — —

פייוול האָט אָפּערגענומען דעם סידור פון אונטער דעם זונס פּאַלטן. ווי נאָר דער פאָטער האָט געענדיקט זיין טרחה, האָט דוד זיך אַ שליידער געטאָן, אַריינ־געלאָפן אין המון אַריין. פייוול האָט אים נאָכגעקוקט, געוואָלט זען ווו אַהין דער זון גייט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט פייוול זיך געשטופּט דורכן עולם, זיך דערנענטערט צו דעם זעלבן טיש, ביי וועלכן ער האָט געדאַוונט פאַר מיטאָג.

דוד האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין ווינקל צווישן איוון און דער ספרים־שאַנק.

— אים צי דראָעט? — האָט אַ ייִנגל מיט אַ פאַרמאַכטער פויסט אַ פרעג געטאָן. די אויגן ביי די עלטערע ייִנגלעך אַרום האָבן אַ גלי געטאָן.

דאָס ייִנגל, וואָס האָט געפרעגט, האָט אויפגעמאַכט די פויסט. ער האָט געוויזן דעם צווייטן ייִנגל דאָס איינציקע קנעפּל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער פאַר־מאַכטער האַנט.

דוד איז געשטאַנען און געקוקט. ער האָט זיינע קנעפּ געהאַט אין שטוב.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. ווייזילע האָט אַריינגעטאַנצט אין בית־המדרש אַריין. די טיר האָט זיך אַליין צוגעמאַכט. ווייזילע האָט געסאָפּעט פון קעלט און איילעניש. זיין דאַר קנאָכיק פּנים איז געווען גרין פון קעלט. זיין שוואַרץ אָבער שוין גרוי פון אַלטקייט פוטער איז געווען צעקנעפּלט. מעלשטויב פון יאָרן איז געווען איינגעגעסן אין דעם מלבוש. די שפּיצן פון די פּאָלעס האָט ער געהאַלטן אין די הענט מיט דער שפּסן־פּעל אַרויף. זיין אויבערשטע ליפּ איז געווען פאַר־

שאַרצט, מען האָט געזען זײַנע נידעריקע ציין. זײַן ווײַסע, שפּיציקע באָרד האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

פּסח שמש איז געשטאַנען אָן אָנגעלענטער אין דער טיר און געוואַרט אויף אים. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן, אַרויפגעצויגן זײַן קורצן פּוס און אונטערגעשטעלט די הענט.

ווײַזילע האָט אָפּגעלאָזט די פּאָלעס. די פינף חלות וואָס ער האָט געברענגט, האָבן זיך אַרײַנגעשיט אין פּסחס הענט. ביידע ייִדן, ווײַזילע און דער שמש, זענען אַוועק אין דער זעלבער ריכטונג.

ייִדן האָבן געזאָגט „תהילים״. די ווערטער האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ ניגון־זשום. אַ מאָל איז דער ניגון געוואָרן העכער און שטאַרקער, אַ מאָל איז דער ניגון געוואָרן שטילער. די ענגשאַפט אין היכל איז געווען אַ גרויסע, דאָך זענען נישט אַלע ייִדן אײַנגעשטאַנען אויף אַן אָרט: די ייִדן האָבן געשפּרייזט און זיך געזעטיקט מיט דעם אינהאַלט פון די ווערטער.

ווײַזילע איז געשטאַנען אַ געבוקטער אויפן בעלעמער. זײַן לאַנגע, ווײַסע באָרד איז געלעגן אויפן בעלעמער. די פאַרזשמורעטע אויגן האָבן געקוקט אינעם עין־יעקב אַרײַן. ער האָט זיך אונטערגעברומט, ווי ער זאָל נישט וועלן שטערן די תהילים־זאָגער.

ווײַזילע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זײַן ברייטע, אויסגעאַרבעטע האַנטפלאַך אַ זעץ געטאָן אין בעלעמער און ער האָט פאַרמאַכט דאָס ספר. דער אָפּהילך פונעם קלאַפּ האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער היכל־וואַרעמקייט.

די ייִדן, וואָס האָבן געשפּרייזט, זענען שטיין געבליבן, די וואָס זענען געזעסן, האָבן אויפגעהויבן די קעפּ. זייערע הענט האָבן פאַרמאַכט די תהילימלעך. דער זשום פון די ווערטער האָט זיך אײַנגעשטעלט.

דער ייִד נישט ווײַט פון עמוד האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אומגעקוקט, אַ ווײַלע שפּעטער געמאַכט אַ שריט אין דער ברייט, זיך צוגערוקט צום עמוד, דער עולם זאָל נישט באַמערקן.

ער האָט אַרויסגענומען פון אונטער דער עמוד־פּאָליצע דעם טלית, אים אָנגענומען מיט ביידע הענט און פונאַנדערגעלאָזט. ער האָט דעם טלית איבער־געוואָרפן זיך איבער די אַקסלען און זיך אָנגעלענט אויפן עמוד. דאָס איז געווען ישראל דוד דער זייגערמאַכער.

— אַשרי יושבי ביתך — האָט ישראל דוד אַ זאָג געטאָן הויך, די עדה זאָל הערן, אַז ער איז דער בעל־תפילה. ער האָט געהאַט אַ קול, וואָס איז געקומען פון דער טיף. ער האָט איבערגעלייגט זיך די פּאָלעס פון טלית איבער די אַקסלען.

די ליכטשײַן אין די פענצטער איז געווען אַ שיטערע. זי איז הענגען געבליבן אויף דער וואַנט הינטערן פענצטער. די גרויקייט אין היכל איז געדיכטער געוואָרן.

דער בעל־תפילה איז געשטאַנען אַ שטראַמער פאַרן עמוד מיט אַ פאַרריסענעם

קאַפּ, געקוקט אַרויף, מיטביידע פויסטן געהאַלטן די ראַנדן פון טלית, ווי ער זאָל דעם טלית ציִען אַראָפּ.

דער מורמל איז כסדר שטילער געוואָרן, ביז מען האָט געהערט נאָר דעם ליפּן־פּלויש. דער פּלויש האָט זיך געשלייכט איבערן היכל און געשאַרט אין אַלע ווינקלען.

שכנא איז צוגעגאַנגען צום אָרון־קודש. דער בעל־תפילה האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף דער עדה. ער האָט געזען נאָר די קעפּ פון די ייִדן. דער בעל־תפילה האָט זיך איבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ.

שכנא האָט פונאַנדערגערוקט דאָס פּרוכת.

— הערש צבי! — האָט ער אַ שריי געטאָן און שטיל האָט ער צוגעגעבן — דער רימער. שכנא האָט זיך אָנגעבויגן. ער האָט אַראָפּגענומען פון אונטערן אָרון־קודש אַ טלית.

אַ ייִד מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָט זיך גערוקט דורך קהל. ביים אָרון־קודש איז הערש־צבי שטיין געבליבן. שכנא האָט אים דערלאַנגט דעם טלית.

שכנא האָט מיט ביידע הענט אויפגעפּראַלט די טירלעך פון אָרון־קודש און זיך אָנגעבויגן. ער האָט אַ קוש געטאָן דאָס קלענסטע אין דער רייע „ספר". דאָס „ספר" איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רויט סאַמעטן מענטעלע, אַרומגעלאַמעוועט מיט אַ גאָלדענער טאַשמע.

הערש־צבי האָט אויסגעשטרעקט זיינע לאַנגע הענט און גענומען דאָס „ספר" צו זיך. ער האָט צוגעלייגט דעם קאָפּ צום ספר, צוגעטוליעט צו זיך און האָט גענומען גיין.

— בריך שמה דמרא עלמא — האָט דער בעל־תפילה אַ זאָג געטאָן דער עדה.

הערש־צבי איז אַרויף אויף די טרעפּ פון בעלעמער. שכנא איז אים נאָכ־געגאַנגען. זיין קורצער קערפּער, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ פולער זאַק, האָט זיך געטרייסלט, ער איז געגאַנגען און מיט ביידע הענט זיך אָנגעהאַלטן אין די באַריערעס, ווי ער זאָל פאַרשטעלן דעם וועג. זיין שטאָלענע בריל איז געזעסן אים אויף דער שפּיץ נאָז.

הערש־צבי האָט זיך אָנגעבויגן און ער האָט פאַרזיכטיק, פּאַמעלעך, ווי ער זאָל זיך היטן, ער זאָל עפּעס נישט צעברעכן, אַרויפגעלייגט דאָס ספר אויפן טיש. שכנא און וויזילע האָבן זיך דערנענטערט, זיך אָנגעבויגן און אַ קוש געטאָן דאָס ספר. אָנגענומען די עצי־חיים פון ביידע זייטן און געוויקלט דאָס ספר, געוויקלט און געקוקט אין ספר אַריין.

— דאָ! — האָט שכנא אַ זאָג געטאָן און ער האָט אַ וויז געטאָן מיטן פינגער.

— יעמוד! רב עוזר בן מנשה — האָט ער אויסגערופן. ער האָט שוין פריִער געהאַט זיך צוגעגרייט די דריי ייִדן, וואָס האָבן געדאַרפט עולה לתורה זיין.

דער בעל־עליה האָט איילנדיק פאַרוואָרפן אויף זיך דעם טלית, וואָס איז געהאַנגען אויף דער באַריערע. ער האָט מיט די הענט אָנגענומען די לאַצן פון טלית,

אַ שפּרייז געטאָן צום „ספר״. ער האָט צוגויפגערוקט די פיס, פאַרמאַכט די אויגן און שנעל געזאָגט: ברכו את ה׳ המבורך...

ווייזילע האָט שנעל אַ קוש געטאָן די ציצה פון טלית, וואָס ער האָט געהאַלטן אויפן „ספר״. ער האָט זיך אַוועקגעבויגן אין אַ זייט, ער זאָל נישט שטערן דעם בעל־עליה, ער זאָל קענען זען.

—אם בגפו יבא בגפו יצא אם בעל אשה הוא ויצאה אשתו עמו — האָט ווייזילע געלייענט.

נישט ווייט פון בעלעמער איז געשטאַנען אַ קרענצל יידן. זיי האָבן געהאָרכט.

— אַ ייד אין גלות איז ערגער ווי אַן עבד אַ מאָל — האָט אַ זאָג געטאָן חיים, אַ ייד מיט אַ לאַנג קנאָכיק פּנים און טיפע שוואַרצע אויגן. די יידן האָבן זיך איבערגעקוקט. זייערע פּנימער זענען געווען מאַט.

— נישט צו פאַרזינדיקן — האָט אָפּגעענטפערט אים אלי, אַ הויכער ברייט־בייניקער ייד.

— ס׳גייעס האָט אונדז פאַנט — האָט חיים ממשיך געווען. די יידן אין קרענצל האָבן זיך ווידער איבערגעקוקט.

— אַ ייד מוז האָבן בטחון — האָט אלי אַ זאָג געטאָן. די יידן האָבן אַ שאָקל געטאָן מיט די קעפּ.

דער בעל־עליה האָט אָנגעכאַפּט מיט די הענט די עצי־חיים. ער האָט זיך איבערגעבויגן ווי ער זאָל אַריינקוקן אין „ספר״ און ער האָט געמאַכט די ברכה.

שכנא האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויסגערופן:

— יעמוד רב חנוך בן יעקב.

אַ דיקער ייד איז אַרויפגעלאָפן אויפן בעלעמער. עוזר האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם טלית און דערלאַנגט אים חנוכן. חנוך האָט זיך איינגעהילט אין טלית און געמאַכט די ברכה.

ווייזילע האָט זיך איבערגעבויגן איבערן „ספר״. דער בעל־עליה האָט זיך אַוועקגעבויגן. ווייזילע האָט געלייענט.

דער בעל־עליה האָט מיט אַ ציצה פון טלית אַ גלעט געטאָן די שטעלע פון דער פּרשה אין „ספר״, אַ קוש געטאָן די ציצה, פאַרמאַכט די אויגן און געמאַכט די ברכה.

— יעמוד! — האָט שכנא אויסגערופן — רב אשר בן משה הכהן — דעם טראָפּ האָט ער געלייגט אויף דעם לעצטן וואָרט.

אשר, אַ דאַרער מיטלוווקסיקער ייד מיט אַ גרויסער שיטערער באָרד, איז געגאַנגען אַ טראָפּ נאָך אַ טראָפּ אויפן בעלעמער אַרויף פול מיט חשיבות. מיט איין האַנט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אין דער באַריערע. אויבן אויפן בעלעמער האָט אשר זיך אַ דריי געטאָן, אַלע זאָלן אים זען.

דער פריִערדיקער בעל־עליה האָט דעם טלית דערלאַנגט אשרן און ער האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט.

אשר דער כהן האָט זיך איינגעהילט אין טלית און פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן צום „ספר״, זיך אויסגעגליכן און געמאַכט די ברכה.

ווײַזילע האָט אָפּגעהוסט. ער האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען די עצי־חיים. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן „ספר״ און געלייענט: מכה איש ומת מות יומת — — —

צווישן דעם אויוון און דער טיר זענען געשטאַנען יידן און געהאָרכט ווי דער בעל־קורא לייענט.

אַ ייד מיט אַ לאַנג אויסגעצויגן פּנים האָט געזאָגט:

— אַ ייד איז הפקר, לית דין ולית דיין.

די יידן אַרום אים האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו אים.

— ברוכס פּריץ האָט אַנומלט אָנגערייצט זיין הונט אויף אים — האָט דער ייד צוגעגעבן.

דער ייד האָט מיט דער צונג זיך איבערגעווישט די ליפּן און דערציילט:

— דער הונט האָט צעריסן אויף אים די איביצע. קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. דער פּריץ איז געשטאַנען און געלאַכט — דער ייד האָט גערעדט פּאַמעלעך, שטיל, ער זאָל נישט שטערן דעם בעל־קורא.

ווײַזילע האָט געלייענט: וגנב איש ומכרו ונמצא בידו מות יומת. אשר, דער כהן, איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט פון אָרט.

שמערל דער קירזשנער, וואָס האָט דערציילט וועגן ברוכן, האָט ווייטער גערעדט:

— דער פּריץ האָט געשיקט דעם „קאַרבאַטש״ צו ברוכן אין שטוב אַריין. ער האָט אים געשיקט געלט, געוואָלט אים באַצאָלן — שמערל האָט איצט גערעדט נאָך שטילער ווי ער זאָל די יידן איינרוימען אַ סוד — ברוך האָט דאָס געלט נישט גענומען.

ווײַזילע האָט פאַרענדיקט. דער בעל־עליה האָט געמאַכט די ברכה. ווײַזילע האָט זיך אָפּגעווישט די האַנטפלאַכן אין דער איביצע, אָנגענומען די עצי־חיים און אויפגעהויבן דאָס „ספר״ הויך איבערן קאָפּ. דער טלית האָט זיך אַראָפּגע־גליטשט אויף זיינע אַקסלען: „וזאת התורה״...

ער האָט געטראָגן דאָס „ספר״ צו דער באַנק. שכנא איז אים נאָכגעגאַנגען. ווײַזילע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. שכנא האָט אויפגעהויבן זיינע קורצע הענט, גענומען צונויפוויקלען דאָס „ספר״.

ווײַזילע האָט גענומען דאָס ספר אין די אָרעמס און אַראָפּ פון בעלעמער. שכנא האָט צוגערוקט זיך די ברילן צו די אויגן און ער איז אים נאָכגעגאַנגען.

עטלעכע שווערע, אויסגעאַרבעטע הענט האָבן זיך צוגעלייגט צום „ספר״, איין האַנט אויף דער אַנדערער, ווי זיי זאָלן זיך געבן שלום. ווײַזילע האָט זיך אָנגעבויגן, אַריינגעשטעלט דאָס ספר אין אָרון־קודש.

שכנא האָט פונאַנדערגערוקט דאָס פּרוכת איבער דער ברייט פון אָרון־קודש.

דער בלוי פון פּרוכת איז געוועזן טונקל, דער אָוונטגרוי איז געלעגן אויף אים. די גילדענע לייבן האָבן געשימערט.

אַ שטאַרקע האַנט האָט עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אין אַ טיש. די שטילקייט האָט געציטערט, ווי פינגער זאָלן זי האָבן אָנגערירט. דער בעל־תפילה האָט זיך אַריבערגערוקט דעם טלית איבערן קאָפּ.

שווערע שטיוול האָבן זיך אַ שאַר געטאָן איבערן פּאָל. פיס האָבן זיך צונויפגערוקט. דער בעל־תפילה האָט זיך פאַרנייגט און צעוויגט איבערן עמוד.

די שטילקייט האָט זיך געוועלבט איבער די קעפּ פון די מתפללים. די שבת־שכינה האָט געשוועבט איבער זיי. זיי האָבן געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן.

באַלד האָבן שווערע שטיוול זיך פונאַנדערגערוקט פאַמעלעך, ווי זיי זאָלן זיך היטן נישט צו צעשטערן די שטילקייט. יידן האָבן אַ וואָרף געטאָן מיט די קעפּ אין די זייטן, ווי זיי זאָלן זיך אומקוקן, כאָטש זייערע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט. זיי האָבן זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער און געעפנט די אויגן.

אין היכל איז ווידער געוואָרן שטיל. די עדה האָט געוואַרט. די שאָטנס אין די ווינקלען זענען כסדר גרעסער געוואָרן. די געלע אותיות פון די לוחות־הברית אויפן אָרון־קודש האָבן אַריינגעלויכטן אין דעם אָוונטגרוי.

## כ

דער בעל־תפילה האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם טלית, אים פונאַנדערגעשפּרייט, דערנאָך האָט ער אים צונויפגעלייגט אין פיר און אַריינגערוקט אין דער פּאָליצע אין עמוד. ער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען גיין. ער איז אַוועק מיט די יידן וואָס האָבן זיך געאײַלט אין איין ריכטונג. די טיר האָט כסדר זיך געעפנט און צוגעמאַכט: יידן זענען געגאַנגען זיך וואַשן.

עטלעכע יידן מיט גרויסע בערד האָבן זיך פונאַנדערגעזעצט ביי די טישן, אָבער זיי האָבן געלאָזט פרייע פּלעצער פאַר די יידן, וואָס זענען זיך געגאַנגען וואַשן. יידן, וואָס האָבן געטראָגן לאַנגע פּאַלטענעס, טוכענע איביצעס, האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק אַרום דעם בעלעמער. יידן מיט פאַרלייגטע הענט אויף הינטן האָבן געשפּרייזט איבערן היכל, אַנדערע זענען געשטאַנען אָנגעלענטע אין די ווענט לעבן אויוון און געוואַרט.

פּסח שמש איז געשטאַנען ביי דער טישוואַנט און צונויפגענומען די ספרים פון טיש. דאָס שטייסל צונויפגענומענע ספרים האָט ער אַוועקגעטראָגן און אַריינגעשטעלט אין דער ספרים־שאַנק. דאָס נידעריקע בענקל, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, האָט ער צוגערוקט צום טיש אויבן אָן.

פּיוול האָט זיך אַדורכגעשטופּט דורך דער אָפענער טיר און איז איבערגע־לאָפן דאָס פינצטערע שוין פּאָדערהויז. אויף דער גאַס, דער טיר אַנטקעגן, איז געשטאַנען איינגעפּרעסט אין שניי אַ ברייטע הילצערנע קאַן, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט דריי אייזערנע רייפלעך. די גען אַרום דער קאַן איז געווען שוין איינגעפרוירן.

פּסח שמש האָט זיך דערנענטערט צום טיש. אין זיין רעכטן אָרעם האָט ער געטראָגן די חלות, אין דער צווייטער האַנט האָט ער געטראָגן אַ גאָפּן זאַלץ. צוקומענדיק צום טיש האָט ער געעפנט דעם אָרעם. די חלות זענען אַרויפגעפאַלן אויפן טיש. דעם גאָפּן זאַלץ האָט ער אַרויפגעשיט אויפן טישטעך נאָענט צום ראַנד פון טיש. ער האָט זיך אָנגעבויגן און פון דער כאָלעווע אַרויסגעצויגן צוויי קיכמעסערס.

יינגלעך האָבן מיט שנעלע טריט און צעפלאָשענע פּאָלעס זיך געשלייכט צווישן די יידן. זיי האָבן באַוויזן, אַז זיי זענען פלינק, אַז זיי שטויסן זיך נישט אָן אין קיינעם. אַנדערע יינגלעך האָבן געשפּרייזט אַרום די טישן — זיי האָבן זיך געזוכט, איינער האָט געוואָלט כאַפּן דעם אַנדערן. עטלעכע יינגלעך האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם טיש. זיי האָבן געוואָלט זען ווי פּסח גרייט דאָס שאַלעשידעס.

אַ יינגל מיט אַ קיילעכיק פּנים און צעפלאַמטע באַקן האָט אַ זאָג געטאָן: „פּסח!" פּסח האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם יינגל. דאָס יינגל האָט אים אַ ווייז געטאָן מיט אַ פינגער: — „דאָ!"

— שייגאָץ! — האָט ווייזילע, וואָס איז גראָד אונטערגעקומען, אָנגעשריגן אויפן יינגל. דאָס יינגל איז אַוועקגעלאָפן.

— פּ־ס־ח! — האָט ווייזילע גערופן, ווי ער זאָל צעדריקן דעם שמשס נאָמען צווישן זיינע נידעריקע ציין.

פּסח האָט זיך נישט אומגעקוקט. ער איז געשטאַנען און געשניטן די חלות אויף מוציאס. יעדע מוציא האָט ער צעשניטן אויף כזיתן. אין מיטן טיש איז שוין געלעגן אַ קופּע מיט שטיקלעך חלה.

ווייזילע האָט אויפגעהויבן און אַוועקגעלייגט אויפן טיש אויבן אָן צוויי חלות. די חלות האָט ער איבערגעדעקט מיט אַן עק פון טישטעך. דאָס צווייטע מעסער האָט ער אַוועקגעלייגט אין דער זייט ביי די חלות.

די טיר האָט זיך כסדר געעפנט און צוגעמאַכט. די יידן זענען צוריקגעקומען, געבראַכט מיט זיך די קעלט. די וואַרעמקייט אין היכל איז געוואָרן שיטערער, אַדורכגעלופטערט. די צוריקגעקומענע פון גאַס יידן האָבן געטאַפּטשעט אויפן אָרט און געוואָרפן מיט די הענט. ס'איז זיי געווען קאַלט. זיי האָבן זיך דערוואַרעמט די פינגער, אַריינגעווישט די הענט אין האַנטעך, וואָס איז געהאַנגען אין דער זייט ביי דער טיר. דאָס גרויע האַנטעך איז געווען שטייף און נאַס. אַ סך יידן האָבן נאָר אויסגעריבן זיך איין האַנט אין דער אַנדערער, ווי זיי זאָלן אַראָפּציִען הענטשקעס פון די פינגער.

אויך פּיוול איז צוריק אַריין. ער האָט די טיר נישט געדאַרפט פאַרמאַכן — אַ ייד איז אים נאָכגעגאַנגען. פּיוול האָט אויסגעאָטעמט די קעלט פון זיך. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און זיך געווישט איין האַנט אין דער אַנדערער.

די יידן און פּיוול זענען פאַרבייגעגאַנגען פּסחן. יעדער ייד האָט אַ נעם געטאָן אַ כּזית חלה. די יידן האָבן דעם כּזית איינגעטונקען אין זאַלץ און זיי זענען אַוועק אויף זייער פּלאַץ. יעדער ייד האָט געטראָגן פאַרזיכטיק זיין כּזית, געקוקט אויף אים ווי אויף אַן אבן־טוב.

פּיוול האָט געשפּרייזט לאַנגזאַם, געשטופּט אַן אַקסל פאָרויס, ער זאָל נישט דאַרפן באַנוצן די הענט. ער האָט געקוקט אין ווינקל אַריין, געזוכט דעם זון. פּיוול האָט אין יעדער פון זיינע הענט געהאַלטן אַ כּזית, אַן איינגעטונקטן אין זאַלץ. איין כּזית האָט ער דערלאַנגט דעם זון. דוד האָט אַרונטערגענומען דעם סידור אונטערן אָרעם. מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אַנגענומען דעם כּזית. פּיוול האָט זיך צו אים צוגעשטעלט און געשוויגן.

דער שמש איז געשטאַנען און געשניטן די חלות.

— יואל! — האָט ווייזילע אַ שריי געטאָן. ער האָט פאַרביסן די ליפּן, ווי ער זאָל איינשלינגען זיין אויבערשטע ליפּ.

ווייזילע האָט זיך אַוועקגעזעצט. די יידן וואָס זענען געשטאַנען נישט ווייט פון יואלן, האָבן אים אַנגעקוקט.

יואל האָט זיך אַריינגערוקט צווישן דעם טיש אין דעם ליידיקן בענקל אויבן אָן און זיך אַוועקגעזעצט. די יידן האָבן געוואַרט.

יואל האָט אונטערגעהויבן דעם עק פון טישטעך און אָפּגעדעקט די חלות, אַרויפגעלייגט די הענט אויף די חלות און געמאַכט די ברכה „המוציא לחם מן הארץ".

געלענקען האָבן געקנאַקט. מיילער האָבן זיך געעפנט און פאַרמאַכט. יידן האָבן געגעסן.

יואל האָט איבערגעשניטן די חלה, זיך אַנגעשניטן אַ קליינע, דיקע שפּיציקע מוציא. אַ שפּיץ פון דער מוציא האָט ער איינגעטונקען אין זאַלץ און אָפּגעביסן. יואל האָט געקייעט, זיין ברייטע, געדיכטע באָרד האָט זיך געטרייסלט. ער האָט געשניטן די חלה און געטיילט מוציאָס. ער האָט יעדעס מאָל אַ דריי געטאָן די חלה איבערן מעסער. די אַנגעשניטענע מוציא האָט ער דערלאַנגט צוזאַמען מיטן מעסער. ער, יואל דער טיטמאַכער, וואָס וווינט אין אַ קעלערשטוב, ער, דער ייד, וואָס זעט דורכן פענצטער נאָר די שיך פון די פאַרבייגייער — פּירט „טיש". ער האָט דערלאַנגט אַ „מוציא" שכנא מלמד, יעקב חזן, ווייזילע בעקער און מנחמען, דעם ייד וואָס רעכט אָפּ „חצות". אויך מאָטע בלעכער, זיין שכן פון אַנטקעגן, האָט ער געגעבן אַ מוציא. די רעשט חלה האָט ער פונאַנדערגעשניטן אויף קלענערע שטיקלעך און זיי אַריבערגעלייגט אין מיטן טיש אַריין. גרויסע, אויסגעאַרבעטע, מיט אָדערן באַצויגענע הענט, האָבן זיך געשטרעקט איבער די קעפּ פון די טישזיצערס.

דער שמש האָט צוגעטראָגן יואלן אַ קליין בלעכן שיסעלע. אינעם שיסעלע איז געווען אַ ביסל וואַסער, וואָס האָט קוים איבערגעדעקט די פלאַך. יואל האָט איינגעטונקען זיינע שפּיץ פינגער אין שיסעלע און ער האָט אויסגעריבן איין האַנט אין דער אַנדערער.

— רבותי, מיר וועלן בענטשן.

— יהי שם ה׳ מבורך מעתה ועד עולם — האָט קהל אים געענטפערט אין איינעם. פייוול האָט איבערגעשריגן אַלע — ער האָט דעם שבת ס׳ערשטע מאָל געבענטשט מיט מזומן.

יואל האָט פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט איבערגעחזרט קהלס ווערטער און אַ זאָג געטאָן — ברשות מרנן ורבנן ורבותי נברך שאכלנו משלנו.

די עדה יידן האָט זיך אַ וויג געטאָן און געענטפערט:

— ברוך שאכלנו משלו ובטובו חיינו.

יואל האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש. ער האָט ווידער איבערגעחזרט קהלס ווערטער און ער האָט זיי געענטפערט — נברך אלהינו שאכלנו משלו.

קהל האָט געענטפערט:

— ברוך אלהינו שאכלנו משלו ובטובו חיינו.

דער בין־השמשות איז כסדר גרויער געוואָרן, פון די ווינקלען אין דער הויך האָבן גענומען אַפּערקריכן שאָטנס. יואל האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און אַ זאָג געטאָן — עשה שלום במרומיו, הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל ואמרו אָמן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן חזן, ער האָט געענדיקט בענטשן.

יעקב חזן האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש אַריין און ער האָט זיך צעזונגען: יגדל אלהים חי וישתבח נמצא ואין עת אל מציאותו — זיין הייזעריק קול איז געווען ווייך, האַרציק. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און אויסגע־שטרעקט די הענט אין דער הויך.

יידן האָבן זיך געשטופּט צום טיש, זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם חזן.

דער חזן האָט אַ צעפּיר געטאָן זיין האַנט ווי ער זאָל מיט איר אָנווייזן און ער האָט געזונגען: אין לו דמות הגוף ואינו גוף. דער ניגון איז באַשטאַנען פון פיר טאַקטן, איין טאַקט העכער פון אַנדערן. ביי אַ קורצן פסוק האָט ער פונאַנדערגע־טיילט די טאַקטן, ביי אַ לענגערן פסוק האָט ער צוגעגעבן אַ טאַקט. דער ניגון האָט אויסגעזונגען טיפע בענקשאַפט, אומבאַגרענעצטן בטחון און געצוימטע גאווה.

דאָס געזאַנג האָט געשאַלט. די עדה האָט געזונגען אָן ווערטער. עס האָבן געזונגען די זיידעס, די טאַטעס, די אייניקלעך און די אור־אייניקלעך. איינער האָט געוואָלט איבערשטייגן דעם אַנדערן, אָבער דער ניגון איז געווען איינהייטלעך.

די יידן האָבן געזונגען דעם ניגון אָן ווערטער, דער ניגון האָט זיי געוויגט. דער אָפּהילך האָט זיך געטראָגן איבערן היכל, זיך אָנגעשלאָגן אין די ווענט, די ווענט האָבן אים צוריק אָפּגעשלאָגן. די טאָגשיין איז פאַרגאַנגען, דער אָוונטגרוי האָט זיך אַרויסגערוקט, די העלקייט און די טונקלקייט האָבן זיך צונויפגעגאָסן.

פּסח דער שמש האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין ווינקל הינטערן אויוון. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געשטעלט דאַווענען מעריב ביחידות.

איצט האָט דער חזן און די עדה גענומען אַ העכערן טאָן. זיי האָבן געזונגען: לפדות מחכי קץ מתים וחיה אל ברוב חסדו ברוך עדי עד שם תהלתו. דער חלל איז געווען פול מיט זייער געזאַנג. די יידן האָבן געזונגען דעם ניגון, דער חזן האָט געצויגן די ווערטער. געזונגען מיט קורצע טאַקטן און זיך באַגלייט. מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן. דער ניגון האָט זיך איבערגעהאַקט, זיך געענדיקט. די שטיל־קייט האָט אַ ציטער געטאָן, אין היכל האָט אָנגעהויבן ווערן פינצטער. אויפן הינטערגרונט פון די ווייס־געקאַלכטע ווענט האָבן די קעפּ פון די יידן זיך גע־שאָקלט, געטאַנצט זיך אַנטקעגן. מיט אַ מאָל האָט אַ ווייך קול פון המון אַרויס אַ צי געטאָן אַ ניגון:

— איי, איי, איי, איי!

די עדה האָט זיך פונאַנדערגעזונגען: איי, איי, איי!

די עדה האָט זיך געשאָקלט. דער ניגון, דאָס געזאַנג, האָט זיי געוויגט. יעדער ייד איז געווען אין זיין פאַרבענקטער וועלט, אָבער צוזאַמען איז זיי געווען גוט. אַ ייד האָט געפילט לעבן זיך אַ ייד. דאָ און דאָרט האָט אַ קול פון המון אַרויס איבערגעשטיגן דעם ניגון פון דער עדה, געזונגען ביחידות. די איינצלנע קולות זענען געווען פול בענקשאַפט, יידן האָבן געוויינט אָן טרערן, זיי האָבן געזעגנט דעם שבת. פון מאָל צו מאָל האָבן אַ פּאָר שטאַרקע הענט זיך צונויפגעקלאַפּט — דער האַנטפּלאַך האָט באַגלייט די בענקשאַפט. פייוול איז געשטאַנען מיט פאַר־מאַכטע אויגן און זיך געוויגט. ער האָט געברומט דעם ניגון אַליין, באַזונדער. דוד איז געשטאַנען אָן איבערגעבויגענער, זיין קאָפּ איז געלעגן אָנגעלענט אין פאָטער, פייוול האָט זיך געוויגט און דוד האָט זיך מיט אים מיטגעוויגט.

פּסח האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ אַהין און אַהער און זיך אויסגערוקט. די נאַכט האָט אַריינגעקוקט דורך די פענצטער. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט, אַפּערגענומען פון הינטערן אויוון די שוועבעלעך און זיך געלאָזט גיין.

די עדה האָט זיך געוויגט און געזונגען. דער ניגון איז איצט געווען נידעריקער, אָבער נאָך טיפער.

פּסח איז געבליבן שטיין ביים עמוד. ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַק — פּסח האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע. דאָס דינע פלעמל האָט אַ פלאַקער געטאָן, די פינצ־טערקייט אין היכל האָט אַ ציטער געטאָן, זיך פונאַנדערגערוקט. פּסח האָט גע־מרוזשעט די אויגן, זיי כסדר געעפנט און צוגעמאַכט. ער האָט אַפּערגענומען פון אונטערן עמוד די צוויי צוגעגרייטע ליכט און זיי אָנגעצונדן. ער האָט אָנגעטריפט די ליכט און זיי אַריינגעשטעלט אין די לייכטער אויפן עמוד. פּסח האָט זיך דורכגעשטופּט דורכן עולם און אַרויפגעקלעטערט אויף אַ באַנק, אַראָפּגענומען דאָס גלעזל און אָנגעצונדן דעם נאַפטלאָמפּ, וואָס איז געהאָנגען אין מיטן היכל.

די יידן האָבן פֿאַרמרוזשעט די אויגן — די שיין האָט זיי אַ בלענד געטאָן. אויף די ווענט האָבן גענומען זיך באַוועגן אויסגעצויגענע שאָטנס.

נישט ווייט פֿון עמוד איז געשטאַנען בערעלע גרייגער, דער איינציקער טאָפּעצירער אין דער געגנט. בערעלע האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און אויסגערופֿן: ברכו את ה׳ המבורך.

— ברוך ה׳ המבורך לעולם ועד — האָט קהל אים געענטפֿערט, כאָטש ער איז געשטאַנען ווייט פֿון עמוד.

די ליכטפּלעמלעך אויפֿן עמוד האָבן אַ צאַנק געטאָן. די שאָטנס אויף די ווענט אַרום האָבן זיך איינגעקאָרטשעט און באַלד זיך צוריק אויסגעצויגן.

די יידן האָבן זיך געוויגט איינער צום אַנדערן, ווי די עדה זאָל גיין. דער שאָרך פֿון זייערע בגדים האָט זיי באַגלייט. דער לאָמפּנפּלאָם האָט זיך געצויגן אַרויף, ווי ער זאָל זיך וועלן אַרויסבאַקומען פֿון גלעזל.

דער בעל־תפילה האָט אָפּגעהוסט. ער האָט זיך אָנגעלענט אויף די הענט: יתגדל ויתקדש שמיה רבא — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

די עדה האָט זיך לייכט געוויגט, ווי זיי זאָלן וועלן גיין, אָבער זיי זענען געשטאַנען, געגאַנגען זענען נאָר די שאָטנס אויף די ווענט אַהין און צוריק; די טונקעלע ליכטפּלאָמען האָבן זיי געפֿירט. אַ שוואַרצער שפּיץ האָט זיך אַרויסגע־ריסן פֿונעם לאָמפּנפּלאָם, אַ שאָטן האָט זיך אַריבערגעשלייכט איבערן אויוון. די קעפּ פֿון די יידן האָבן זיך געשאָקלט, ווי זיי זאָלן נישט האָבן קיין ווידערשטאַנד, אויך זייערע אַקסלען זענען געווען אַראָפּגעלאָזט. פּייוולס אויגן זענען געווען שטאַר, ער האָט געקוקט אין דער ווייט: ער האָט געזען די דערפֿער, איבער וועלכע ער וועט שפּרייזן די גאַנצע וואָך, טאָג נאָך טאָג.

די וואָכעדיקייט איז געשטאַנען שוין אין דער טיר. יידן אויף די בענק אַרום דעם בעלעמער האָבן זיך געוויגט לאַנגזאַם, זייערע קני̇ען זענען געווען צענומען, די פּאָלעס פֿון זייערע איביצעס זענען אַראָפּגעהאַנגען. זיי זענען געזעסן, ווי מען זאָל פֿון זיי האָבן אַוועקגענומען די טישן. די טיר האָט זיך אויפֿגעפּראַלט. די קעלט פֿון דער גאַס האָט זיך אַריינגעריסן אין היכל אַריין. די קעלט פֿון דער גאַס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך די וואָכעדיקייט.

— גוטוואָך! גוטוואָך! — האָבן יידן זיך געבאָטן און זיך געשטופּט צו דער טיר.

— גוטוואָך! גוטוואָך! — האָט פּייוול געזאָגט און געענטפֿערט די יידן. ער האָט דעם זון אַ צי געטאָן ביי דער האַנט. אינעם פּאָדערהויז איז געווען פֿינצטער ווי אין אַ הייל. פּייוול מיטן זון האָבן איבערגעשפּאַנט דאָס פּאָדערהויז, פֿון איין טיר ביז דער אַנדערער.

זיי זענען שטיין געבליבן אויף דער גאַס. די העלקייט פֿונעם שניי אויף דער ערד האָט זיי אַ האַק געטאָן אין די אויגן.

— קום! — פּייוול האָט דעם זון אַ צי געטאָן ביי דער האַנט.

דער טאַטע מיטן זון זענען אַוועק אַהיים. אַ מאָמענט האָבן צוויי שאָטנס, דער גרויסער און דער קליינער, זיך באַוויזן אין דער פֿינצטער. שפּעטער זענען בײדע געשטאַלטן פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין דער פֿינצטער.

## כא

יאַכעט איז געשטאַנען נישט ווייט פֿון אויוון. די קינדער האָבן זיך געטוליעט צו דער מוטער און יאַכעט צו זיי. דאָס גרויסע, לאַנגע, נידעריקע צימער איז געווען ווי ליידיק. דאָס אייז אויף די פֿענצטער־שויבן איז כסדר האַרטער און גלאָזיקער געוואָרן. אין דער נידעריקער שטוב האָט זיך אָנגעהויבן פֿונאַנדער־זעצן דער אָוונטגרוי, כאָטש אויף דער גאַס איז געווען נאָך טאָג.

יאַכעט האָט אויסגעגליכן איר פּלייצע, זי איז ווי גרעסער געוואָרן. זי האָט אַ קוק געטאָן פֿאַר זיך. זי האָט דערפֿילט לעבן זיך די קינדער.

— קינדערלעך — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן.

די מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. יאַכעט האָט זיך געלאָזט לויפֿן. די מיידלעך האָבן זיך צעשמייכלט.

— זלאַטעלע — האָט רבקהלע איר אַ זאָג געטאָן און געלאָפֿן די ערשטע.

יאַכעט האָט געהאַלטן יאָסעלען אויף די הענט און זי איז געלאָפֿן אַרום דעם טיש. די מיידלעך האָבן זי געיאָגט. יאָסעלע האָט געלאַכט צו זיי. זיין האַנט איז געווען איינגעקניפּט אין דער מוטערס האַלדז.

די מוטער איז עטלעכע מאָל אַרומגעלאָפֿן דעם טיש. די מיידלעך האָבן זי געיאָגט און נישט געכאַפּט. מיט אַ מאָל האָט זלאַטעלע זיך אויסגעדרייט, אַנט־קעגנגעלאָפֿן דער מוטער און זי געכאַפּט.

די מוטער איז שטיין געבליבן אַ פֿאַרסאָפּעטע. די מיידלעך האָבן געאָטעמט שווער און געקוקט אויף איר. יאַכעט האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. די מיידלעך האָבן זיך צוגערוקט צום טיש. זיי זענען שטיין געבליבן איר אַנטקעגן.

— מאַמע, דערציייל אונדז אַ מעשה — האָט זלאַטעלע זי אַ בעט געטאָן.

די מוטער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און יאָסעלען אַוועקגעזעצט אין דער שויס. די מיידלעך האָבן אַרויפֿגעלייגט די עלנבויגנס אויפֿן טיש.

— קינדער — האָט יאַכעט זיך אַ ווענד געטאָן צו זיי — איך וועל אייך דער־ציילן די מעשה מיטן פֿיש אויף שבת.

ביידע מיידלעך האָבן פֿון פֿרייד אַ קלאַפּ געטאָן מיט די הענט אין טיש.

יאַכעט האָט זיך פֿונאַנדערגעוויגט, ווי זי זאָל זיך שאָקלען ביים דאַווענען, און זי האָט דערציילט:

— פֿרייטיק פֿאַר נאַכט האָט אַ ייד זיך געדרייט אין מאַרק אַהין און צוריק. ער

האָט געקוקט און געזוכט. אַלע יידן אין שטעטל האָבן אים געקענט און ער האָט געקענט אַלע. די יידן האָבן אים אַ פרעג געטאָן: נחום, וואָס מאַכסטו? — דאַנקען גאָט — האָט ער יעדן געענטפערט און אַוועקגעקוקט אין אַ זייט. ער האָט נישט געוואָלט די יידן זאָלן זען זיין פּנים. ער איז געווען שוואַך. אַלע יידן אין שטעטל האָבן געוווּסט, אַז ער איז נאָך אַ דערקילונג. די קינדער זיינע זענען געווען מעבר לים.

דער ייד איז געגאַנגען און געקוקט ביז ער איז צוגעקומען צו אַ פישער־קראָם. — נחום, שטיי! — האָט מאיר פישער אויף דער שוועל פון זיין קראָם אים אַ זאָג געטאָן. מאיר פישער האָט זיך אויסגעדרייט און ער איז אַריין אין קראָם. נחום איז שטיין געבליבן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער פישער איז באַלד צוריקגעקומען און ער האָט נחומען אַריינגעשטופּט אין האַנט אַ פּעקל. — אַ גוטן שבת! — האָט ער אַ זאָג געטאָן נחומען און ער איז צוריק אַריין אין קראָם.

— מאיר! אַ גוטן שבת! גאָט זאָל דיר באַצאָלן! — האָט נחום אים אַ זאָג געטאָן. — אַ גוטן שבת! — האָט דער פישער אים געענטפערט פון קראָם אַרויס. נחום האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און ער איז אַוועק אַ פאַרשעמטער. נחום איז געגאַנגען אַהיים. ער האָט זיך גענומען אונטעראיילן. נחום האָט צוגעשפּאַנט צום בעקער. פאַר די לעצטע פּרוטות, וואָס ער האָט געהאַט אין טאַש האָט ער געקויפט חלות און ער איז געלאָפן אַהיים. אַ צופרידענער איז דער ייד אַריינגעלאָפן אין שטוב. ביילע, זיין ווייב, איז געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און געוואַרט אויף אים. — ביילע! געברענגט פיש און חלות! מאַך שבת! — האָט ער געשריגן אַ גליקלעכער. ביילע איז אויפגעשפּרונגען פון דער באַנק — דערבאַרעמדיקער גאָט! — האָט זי אַ זאָג געטאָן און זי האָט פאַרבראָכן די הענט. — ביילע, שטיי נישט! דער שבת איז הינטער דער טיר שוין — האָט נחום דער מאַן איר אַ זאָג געטאָן — — —

די טיר האָט אַ ציטער געטאָן און זיך געעפנט. אין שטוב איז אַריין אַ פרוי. זי האָט שנעל פאַרמאַכט די טיר. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף יאַכעטן און די קינדער און זי איז שטיין געבליבן ביי דער טיר.

— ביילע האָט זיך גענומען פאַרען — האָט יאַכעט ווייטער דערציילט. נישט יאַכעט און נישט די קינדער האָבן געהערט, אַז עס איז ווער אַריין אין שטוב.

די פרוי וואָס איז אַריין, איז געשטאַנען און געקוקט אויף יאַכעטן און די קינדער. אירע גרויסע אויגן האָבן געשמייכלט. איר קאָפּ איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ ברוינער קופקע. אין דער קופקע איבערן שטערן האָט געשטעקט אַ שפּילקע אַן אויסגעזעצטע מיט שוואַרצע שטיינער. די פרוי איז געווען אַרומגע־הילט מיט אַ גרוי טוך אָן פראַנדזן, אַרומגעזיימט מיט אַ טאַשמע. זי האָט גע־טראָגן אַ לאַנג שוואַרץ קלייד און שוואַרצע, געשנירטע שיך.

יאַכעט האָט זיך אַ וויג געטאָן און זי האָט דערציילט ווייטער:

— דער פיש איז געווען אַ העכט פון אַ גרויסן טייך. ביילע האָט זיך געפּאָ־

רעט. זי האָט אָפּגעשאָבן דעם פיש, אויפגעשניטן דעם בויך פון פיש און אַרויס־גענומען פון פיש די קישקעס. אַ שטיינדל איז אַרויסגעפאַלן אויף איר טיש — — —

די יידענע לעבן דער טיר האָט אַראָפּגעלאָזט די ראַנדן פון טוך, אין וועלכן זי איז געווען איינגעהילט. יאַכעט האָט זיך אָפּגעבויגן פון טיש. ציִענדיק די ווערטער האָט זי דערציילט:

— ביילע האָט אויפגעהויבן דאָס שטיינדל און עס אָנגעקוקט. — נחום, אַ בריליאַנט! — האָט זי זיך צעשריגן אַ דערשראָקענע...

— אַ בריליאַנט? — האָט נחום זי אַ פרעג געטאָן. ער האָט זיך נישט געגלויבט. ביידע, נחום און זיין ווייב, זענען געבליבן אָן לשון. אָבער עס איז שוין געווען ערב שבת. — ביילע, מאַך שבת — האָט נחום אַ באַפעל געטאָן דעם ווייב — מוציא שבת וועל איך אָוועקטראָגן דעם אוצר דעם פישער.

יאַכעט האָט פאַרענדיקט:

— נחום און ביילע האָבן געהאַט אַ פריילעכן שבת.

זלאַטעלע האָט אַ גליקלעכע אַ שריי געטאָן. ביידע מיידלעך האָבן פון פרייד אַ קלאַפּ געטאָן מיט די הענט אין טיש. רבקהלע האָט נישט פאַרשטאַנען דעם מוסר־השכל. זי האָט נאָר נאָכגעטאָן דער שוועסטער.

די יידענע, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געהאָרכט, האָט געשטעלט אַ פוס, ווי זי זאָל זיך אונטערגנבענען.

— גוט שבת! — האָט זי אַ זאָג געטאָן און זי האָט זיך צעלאַכט — איר קול איז געווען ווייך און הילכיק.

יאַכעט האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און די קינדער נאָך איר.

— רעכע! גוט־שבת! וואָס מאַכט איר? קומט, זעצט אייך, ווען זענט איר אַריין? — האָט יאַכעט זיך געוווּנדערט.

— מומע! מומע! — האָבן ביידע מיידלעך זיך מיט איר געפרייט. יאָסעלע האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו איר, ווי ער זאָל וועלן זי זאָל אים נעמען.

רעכע איז געווען די שכנה פון אַנטקעגן איבער דער גאַס.

רעכע האָט צו אַלע געשאָקלט מיטן קאָפּ, מיט אַלע זיך געפרייט. די פאַלעס פון רעכעס טוך האָבן זיך פונאַנדערגעלאָזט. דאָס דיקע, קורצע ספר, וואָס זי האָט געהאַלטן אונטערן טיכל, האָט זי אַרויפגעלייגט אויפן טיש. דאָס ספר איז געווען געבונדן אין אַ שוואַרץ לעדער.

רעכע האָט אַראָפּגענומען פון זיך דאָס טוך, עס צונויפגעלייגט און עס איבער־געהאָנגען איבער אַ בענקל. זי האָט זיך צוגעזעצט צו יאַכעטן.

יאַכעט האָט זיך אויסגעדרייט צו איר. זי האָט אָנגעקוקט רעכען פון דער נאָענט. רעכע האָט אָפּגעזיפצט. די וואַרעמקייט האָט זי אַדורכגענומען. רעכע האָט זיך אויסגעדרייט צו יאַכעטן און יאָסעלען אַ גלעט געטאָן איבער דער באַק. יאָסעלע האָט געוואָלט אַ כאַפּ טאָן איר האַנט.

רעכע האָט זיך אָנגעבויגן צו יאַכעטן און געפרעגט:

— די קינדער זענען געזונט?

— דאַנקען גאָט — האָט יאַכעט איר געענטפערט.

— אַ פריילעכער שבת? — האָט רעכע זיך געפרעגט ווייטער.

— מיטן מלך גלייך — האָט יאַכעט איר אַ זאָג געטאָן.

רעכע האָט זיך איינגעקוקט אין יאַכעטן. יאַכעט האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זי האָט צוגעטוליעט צו זיך יאָסעלען.

רעכע האָט מיטביידע הענט זיך אַרומגעווישט די ליפּן פון איר אָפן מויל, אַ שמייכל האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער רעכעס פּנים: זי האָט פאַרשטאַנען יאַכעטס צניעות.

— איך האָב אויך נייעס — האָט רעכע געזאָגט, ווי זי זאָל יאַכעטן פאַרטרויען אַ סוד — דערהאַלטן אַ בריוו פון מיין הערש־דודן.

— אַזוי! — האָט יאַכעט אויסגעשריגן פון פאַרוווּנדערונג און נייגעריק זי אָנגעקוקט.

אויך די מיידלעך האָבן באַטראַכט רעכען. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס די מוטער רעדט מיט רעכען.

— ער פאַרדינט גוט און האַלט יידישקייט. ער האָט אַרויסגעשיקט אַ פּאַסילקע — האָט רעכע זיך פאַרטרויט פאַר יאַכעטן.

— נחת פון קינדער.

— גאָט זאָל העלפן אַלע יידן — אַ ווײַלע שפּעטער האָט רעכע פאַרגלאָצט די אויגן. — איצט דאַרף איך בשלום חתונה מאַכן לאהן — זי האָט זיך אַ שאָקל געטאָן איבערן טיש און זי האָט צוגעגעבן — פראַים, איר חתן, איז אַ וואַשנער פאַרדינער. ער איז אַ ספּעציעלער שוסטער, אַלע גבירים מאַכן זיך ביי אים.

ביידע ווייבער האָבן געשוויגן און זיי האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט רעכע אַ זאָג געטאָן:

— מאַאַנער איז שוין געווען אויף דער פּאָטשט פרעגן ווי לאַנג עס גייט אַ פּאַסילקע פון אַמעריקע... יאַכעט, האָסט שוין געזאָגט די סדרה? — רעכע האָט נישט געוואַרט אויף ענטפער. זי אַליין האָט געענטפערט — איך האָב שוין יאָ געזאָגט. איך וועל מיט דיר איבערחזרן אַ שטיקל, וויפל מיר וועלן באַווייזן. די נאַכט פאַלט צו.

די שיין פון גאַס איז געבליבן הענגען אויפן פענצטער. רעכע האָט אַ צי געטאָן דאָס בענדל וואָס איז אַרויסגעהאַנגען פון חומש, געעפנט דאָס ספר און עס אונטערגערוקט יאַכעטן. ביידע האָבן זיי זיך איבערגעבויגן איבערן חומש. רעכע האָט זיך צעוויגט און זיך צעזונגען:

— „וישמע יתרו", שלמה המלך זאָגט אין משלי „מרפא לשון עץ חיים", די צונג איז אַ גרויסע רפואה צו דער נשמה, ווען זי זינדיקט, און אַ קרענק איז צו דער נשמה די עבירה, ווען מען גלייבט נישט רעכט אין גאָט, און מיט דער צונג קען ער היילן די נשמה ווען ער רעדט, אַז גאָט איז אַ גאָט איבער אַלע געטער, און איז אַן אמתער גאָט, און באַצאָלט איטלעכן זיין שכר ווי רעכט איז...

יאַכעט האָט געהאַלטן יאָסעלען אויף דער שויס און זי האָט זיך געשאָקלט

איבער אים. די מיידלעך זענען געשטאַנען איינע ביי דער אַנדערער: זלאַטעלע מיט אַן אונטערגעלענטן עלנבויגן אונטער דער באַק, רבקהלע אַן אָנגעלענטע מיטן קאָפּ אויף דער שוועסטערס אַקסל.

רעכעס אויגן־הייטלעך זענען געווען פאַרשרומפּן. זי האָט געקוקט אַרויף, ווי די הייטלעך זאָלן זיין איבערגעדרייט. רעכע האָט זיך ווידער צעוויגט און זי האָט געזאָגט ווייטער:

— אַזוי ווי מיר געפינען ביי אברהם, דאָס אונדזערע חכמים זאָגן: אַן אבן־טוב איז געהאָנגען אויף זיין האַלדז, און ווען אַ חולה האָט אים געזען, איז ער געזונט געוואָרן, און ווען אברהם איז געשטאָרבן, האָט ער אויפגעהאָנגען דעם אבן־טוב אויף דער זון. כלומר, אונדזערע חכמים האָבן אונדז מרמז געווען דאָס גוטע רייד איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין האַלדז, דען אברהם האָט אָנגערעדט לייטן און האָט זיי דערצו געבראַכט, זיי זאָלן דינען גאָט ———

יאַכעט איז געזעסן מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז און געאָטעמט שווער. יאָסעלע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש. זלאַטעלע האָט אַוועקגע־ריסן איר קאָפּ פון עלנבויגן. שאַ! — האָט זי געזאָגט צום ברודער. די מוטער האָט אַ כאַפּ געטאָן יאָסעלעס האַנט און זי געהאַלטן. רבקהלע האָט דערשטוינט געקוקט אויף רעכען.

רעכע האָט זיך צוגעבויגן צום חומש. טייטלענדיק זיך מיט אַ פינגער, האָט זי געזאָגט:

— און אַז אברהם איז געשטאָרבן, האָט ער קיינעם נישט איבערגעלאָזט ער זאָל אָנרעדן צו דינען דעם אמתן גאָט, האָט ער דעם אבן־טוב אָנגעהאָנגען אין דער זון. כלומר, ווען מען וויל וויסן, דאָס עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, זאָל מען זען פון דער זון, וואָס גייט אויף אין מזרח און פאַרגייט אין מערב. דאַרום מוז זיין אַ גאָט, וואָס פירט די זון.

רעכע האָט געצויגן איר ניגון, זי האָט זיך אונטערגעזונגען, איר קול האָט געציטערט.

די מיידלעך האָבן געהאַלטן די הענט אויפן טיש. זיי האָבן געקוקט אויף רעכען און געהאָרכט. רעכע האָט פאַרמרוזשעט די אויגן. זיך איבערגעלייגט איבערן חומש און געזאָגט:

— אַזוי אויך די גוטע רייד פון משה, וואָס ער האָט דערציילט צו יתרו אַלע וווּנדער פון גאָט, האָט זיך יתרו באַקענט צום אל אמת. דאָס זאָגט דער פּסוק „וישמע יתרו את כל אשר עשה אלהים למשה ולישראל" — די לעצטע ווערטער האָט זי געזאָגט וואָרט נאָך וואָרט, זי זאָל נישט גרייזן. ביי יעדן וואָרט האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. רעכע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון חומש, זי האָט שוין נישט דערזען די אותיות.

די פלוצלונגדיקע שטילקייט האָט איבערגעריסן דעם פאַרלויף פון דער סדרה. אַרום די ווענט האָט זיך געשפּאַרט די נאַכט־פינצטערניש. אויפן טישטעך איבערן

טיש איז פֿאַרגאַנגען דער טאָג, די זאַכן אין שטוב זענען געווען צעפּלאָסן, אַ פּיאָלעטע געפּרווירענע שיין האָט באַדעקט דאָס פענצטער.

— איך גיי, איידער עס ווערט נאַכט — האָט רעכע אַ זאָג געטאָן. זי האָט זיך צוגעטראָגן דאָס ספר צו די ליפּן, פֿאַרמאַכט דאָס ספר און זיך אויפגעשטעלט.

רעכע איז אַוועק צו דער טיר. יאַכעט און די מיידלעך זענען איר נאָכגעגאַנגען. נאָענט צו דער טיר האָט יאַכעט אַ שפּרייז געטאָן, פֿאַרלאָפן דעם וועג און איר געעפֿנט די טיר. אַ טרוקענע פינצטערע קעלט פון פֿאָדערהויז האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן דורך דער אָפענער טיר.

— גאָט זאָל זיך אויף אייך דערבאַרעמען — האָט רעכע אַ זאָג געטאָן.

— גאָט זאָל העלפן אַלע יידן — האָט יאַכעט געענטפערט.

רעכע האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ ווי זי זאָל אַנטקעגן גיין אַ שטערונג. זי איז אייליק אַדורך דעם דורכגאַנג.

— איר זעט? — האָט יאַכעט איר נאָכגעשריגן.

— יאָ, יאָ! פֿאַרמאַך די טיר!

— קינדער! קומט! — האָט יאַכעט אַ רוף געטאָן. זי איז מיט זיי צוגעגאַנגען צום טיש. די אָנגעלאָפענע קעלט האָט זיך געטראָגן איבער דער שטוב, זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין דער שטוביקער וואַרעמקייט.

— מאַמע — האָט זלאַטעלע אַ רוף געטאָן און זי אַ ציי געטאָן ביים קלייד. אַלע זענען שטיין געבליבן ביים טיש פון פֿאַרנט, דאָרט וווּ די טאַץ מיט די לייכטער זענען געשטאַנען — מאַמע, וואָס האָט די מומע רעכע דיר געלייענט?

— טאָכטער מיינע, אַז עס איז דאָ אַ יידישער גאָט און אַ ייד מוז שטענדיק אין אים גלייבן — האָט יאַכעט איר אויסגעטייטשט.

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זלאַטעלע זיך ווידער אַ ווענד געטאָן צו דער מוטער:

— און ווער האָט איר געשריבן דעם בריוו?

— איר זון אין אַמעריקע. ער איז דאָרט אַ שמידער. ער שיקט זיי פּריצישע מלבושים. מומע רעכע מאַכט חתונה איר טאָכטער לאה.

— ס׳איז פינצטער — האָט רבקהלע אַ שריי געטאָן.

— אויס שבת! — האָט זלאַטעלע געזאָגט מיט באַדויער. זי האָט זיך ווידער אָנגעכאַפּט אין דער מוטערס קלייד.

יאַכעט האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער. זי האָט מיט דער האַנט אַרומגענומען די קעפּ פון די מיידלעך און גענומען זאָגן:

— גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, באַהיט דיין ליב פֿאָלק ישראל פון אַלעם בייזן. און באַשיק זיי מיט דיין לויז, דאָס די זיבן טעג זאָלן אונדז קומען צו געזונט און גליק, צו אַלעם גוטן, צו תורה, צו יראת שמים, צו מעשים טובים, צו בשורות טובות, ישועות ונחמות. אונדזער ליבער שבת־קודש גייט אַוועק. די וואָך זאָל קומען אויף אונדז צו מזל און ברכה און צו אַלעם גוטן געווינן, אָמן —

איר קול האָט געהילכט און געציטערט. דער אָפּהילך פון די ווערטער האָט גע־קלונגען אין דער פינצטער.

יאָסעלע האָט אַרומגענומען דער מוטערס האַלדז און זיך געטוליעט צו איר. די מיידלעך האָבן זיך אָנגעהאַלטן אין איר קלייד און אַרויפגעקוקט צו איר.

— קינדער, זעצט אייך אַוועק — האָט יאַכעט אַ זאָג געטאָן און זי האָט זיך גענומען באַוועגן. זי האָט געשאַרט מיט די פיס איבערן פאָל און מיט דער האַנט געטאַפּט דעם טיש, זיך געהיטן, זי זאָל זיך נישט אָנשטויסן אין עפּעס. זי האָט מיט די קניען געפירט די מיידלעך צו דער באַנק. ביי דער באַנק איז זי שטיין געבליבן. זי האָט אויפגעהויבן יאָסעלען און אים אַוועקגעזעצט. — טעכטערלעך, היט אים צו — האָט זי זיי אָנגעזאָגט.

די מיידלעך האָבן זיך צוגערוקט צו אים און יעדע האָט אים אָנגענומען ביי אַ האַנט.

די מוטער איז אַוועק פון טיש. אין שטוב איז געווען פינצטער. די מיידלעך האָבן פאַרמאַכט די אויגן. זלאַטעלע האָט זיך צעזונגען:

אונטער יאָסעלעס וויגעלע,
שטייט אַ גאָלדן ציגעלע,
ס'ציגעלע איז געגאַנגען האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

די מוטער איז צוגעגאַנגען צום שענקל און אָנגעצונדן אַ ליכט. יאַכעט האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און זיך אָנגערופן צו די קינדער: גוטוואָך!

ביידע מיידלעך האָבן זיך פאַרשטעלט די אויגן. גוטוואָך! — האָבן די מיידלעך געענטפערט דער מוטער.

יאַכעט האָט אַראָפּגענומען דאָס גלעזל פון לאָמפּ און אַרויפגעדרייט די קנויט. דינע, אויסגעצויגענע שאָטנס האָבן אַ טאַנץ געטאָן אויף די ווענט. אַלע האָבן געמרוזשעט די אויגן און געקוקט אויפן פלאַם.

— גוטוואָך! גוטוואָך! גוטוואָך! — האָט יאַכעט דריי מאָל אַ זאָג געטאָן שטיל און אַ זיפץ געטאָן. זי האָט זיך אָנגעבויגן, צוריק גענומען אויף די הענט יאָסעלען.

יאַכעט און די קינדער האָבן אויסגעדרייט די קעפּ און געהאָרכט. שווערע טריט האָבן געזוכט דעם וועג, לייכטע טריט זענען זיי נאָכגעגאַנגען. דער סקאָבל האָט אַ קלונג געטאָן, די טיר איז אָפּגעשפּרונגען, זיך אויפגעפּראַלט.

יאַכעט האָט מיט דער האַנט אַ פאַרשטעל געטאָן דעם פלאַם און זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר, און די קינדער — צוזאַמען מיט איר. אַ קעלט האָט זיך ווידער אַריינגעריסן אין שטוב.

פּייוול האָט דודן אַדורכגעשטופּט דורכן דורכגאַנג און איילִיק הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר.

— גוטוואָך! — האָט ער אויסגערופן און פאַרמרוזשעט די אויגן.

— גוטוואָך! — האָט דוד אים נאָכגעשריגן. זיין אויסגעבויגענע האַנטפלאַך

האָט ער געהאַלטן איבער די אויגן, ווי אַ דעכל. דאָס ליכט האָט אים געבלענדט.

— גוטוואָך! גוטוואָך! — האָט די מאַמע מיט די טעכטער זיי געענטפערט.

— אַ גוט יאָר — האָט יאַכעט צוגעגעבן.

דוד איז אַ שפּרונג געטאָן, ווי ער זאָל פון זיך אַראָפּלאָזן אַ משׂא. ער האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן דעם פּאַלטן און אים אַ שליידער געטאָן אויפן בעט אַרויף. פּייוול האָט פונאַנדערגעקנעפּלט די באַנדע, צוגעגאַנגען צו דער וואַנט און אויפגעהאַנגען זי אויפן האָק. ער האָט זיך אויסגעדרייט, אַ שפּאַן געטאָן אין מיטן שטוב אַריין און אַנגעקוקט זיינע בני־בית.

דוד האָט געבראַנגט דאָס פלעשל מיטן ביסל וויין, דעם בעכער און די הבדלה.

פּייוול האָט צוגעשפּאַנט צום טיש. ער האָט אונטערגעהויבן און איבערגע־לייגט אַ שפּיץ פון טישטעך. ער האָט איבערגעשטעלט דעם בעכער אויפן גאָלן טיש, גענומען דאָס פלעשל אין האַנט און עס איבערגעבויגן. ער האָט געקוקט, צי עס וועט סטייען. יאַכעט איז אַוועק פון טיש.

יאַכעט האָט זיך אומגעקערט. ביידע אירע הענט זענען געווען פאַרנומען: אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן די שעפּ, אויף דער אַנדערער האָט זי געהאַלטן יאָסעלען.

פּייוול האָט אַוועקגעשטעלט דאָס ליידיקע פלעשל און ער האָט גענומען פון יאַכעטן די שעפּ. ער האָט צוגעגאָסן אַ ביסל וואַסער, ער האָט אָנגעפילט דעם בעכער.

דוד האָט אַראָפּגענומען די שוועבעלעך פון דער טאַץ און אָנגעריבן אַ שוועבעלע. ער האָט אָנגעצונדן די הבדלה און צוריק אַוועקגעלייגט די שוועבעלעך.

יאַכעט האָט אויפגעהויבן אירע אָרעמס, אונטערגעהויבן יאָסעלען, ער זאָל זען.

פּייוול האָט אַרויפגעשטעלט זיך דעם בעכער אויף דער רעכטער האַנט, זיך אַ וויג געטאָן און גענומען זאָגן: הנה אל ישועתי אבטח ולא אפחד. דער ניגון איז געווען אַ הייטערער, אָבער מיט אַ טאָן פון זאָרג און געבעט. ער האָט זיך געשאָקלט איבערן בעכער דער הבדלה אַנטקעגן.

דוד האָט די הבדלה געהאַלטן הויך איבערן קאָפּ, ווי אַ פאַקל. די פלעמעלעך פון לאָמפּ אין דער הבדלה האָבן געצאַנקט. פּייוולס און יאַכעטס שאָטנס האָבן געטאַנצט אויף דער וואַנט, זיי האָבן אַנטקעגנגעטאַנצט די קלענערע שאָטנס פון די קינדער, וואָס זענען אַרום זיי געשטאַנען.

די הבדלה האָט געטריפט. עס האָט זיך געפילט דער ריח פון צעטאָפּיעטן וואַקס. פּייוול האָט זיך אַ וויג געטאָן, ווי ער זאָל מיט זיך איבערדעקן דעם בעכער. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און מבשׂר געווען: ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר.

פּייוול האָט אָפּגעגאָסן פון בעכער אַ ביסל וויין אויפן טיש אַרויף און געמאַכט די ברכה בורא מיני בשׂמים. פּייוול האָט נישט פאַרמאָגט קיין בשׂמים־ביקסל צו שמעקן. ער האָט צוגעטראָגן זיינע הענט צו דער הבדלה און איינגעבויגן די פינגער. ער האָט ווי אָפּגעדעקט זיינע נעגל און אַ זאָג געטאָן: בורא מאורי האש.

דוד האָט איינגעטונקען די הבדלה אין דעם צעגאָסענעם אויפֿן טיש וויין. דער הבדלה־פֿלאַם האָט עטלעכע מאָל געטאָן אַ קנאַק און עס האָבן זיך פֿונאַנדערגעשפּריצט עטלעכע פֿונקען ווי פֿון אַ פֿייערווערק.

פּייוול האָט אַרויפֿגעגאָסן אויף דער הבדלה דאָס לעצטע ביסל געבליבענע אין בעכער וויין. דער פֿלאַם האָט זיך פֿאַרלאָשן און אין שטוב האָט זיך דערפֿילט אַ סוואָנד פֿון אַ פֿאַרברענטער קנויט. ער האָט איינגעטונקען די פֿינגער אינעם צעגאָסענעם וויין אויפֿן טיש און מיט די פֿייכטע פֿינגער זיך אויסגעריבן די ראַנדן פֿון די הויזן־טאַשן.

איצט האָט פּייוול זיך צעזונגען: המבדיל בין קודש לחול. חטאתינו הוא ימחול. דער ניגון איז געווען איינטאָניק, נאָר דאָס לעצטע וואָרט פֿון פּסוק האָט ער אויסגעצויגן. ער האָט געזונגען, ווי ער זאָל זיך אונטערברומען, און געשפּרייזט איבערן צימער: יום פנה כצל תומר. דוד האָט געזונגען צוזאַמען מיטן פֿאָטער: אקרא לאל עלי גומר.

די מיידלעך האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, זייערע שמאָלע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט. פּייוול מיט זיין משפּחה האָבן געזונגען „המבדיל״: פּייוול מיטן זון — די ווערטער; יאַכעט מיט די טעכטער — דעם ניגון.

— אמר שומר אתא בוקר וגם לילה.

נישט נאָר פּייוול, אויך יאַכעט האָט געוואָלט, ער זאָל וואָס שפּעטער אָפּערנעמען פֿון אונטערן בעט זיין שטעקן, מיט וועלכן ער גייט איבער די דערפֿער.

פּייוולס פּנים האָט געלויכטן, זיין רויטע באָרד האָט געגליט, אָבער די צוויי פֿאַלדן אויף זיין ברייטן שטערן זענען ווידער געוואָרן בולט — ווי יעדן וואָכעדיקן טאָג.



אינהאַלט :